# ייִדישע שריפטן

פערטליאָריקע זאַמלהעפטן

פאַר ייִדיש-עטישער קולטור, ווירטשאַפט און צייט-פראַגעס

רעדאַקטירט פון

אבא גאָרדין

באַנד 5, העפטן 17—20

ארויסגעגעבן פון דער

ייִדיש-עטישער געזעלשאַפט

ניו-יאָרק, 1945

# אינהאַלט

באַנד 5 1945




# יידישע שריפטן


## י. ל. פרץ — דער מאָדערנער אין אַלע צייטן

(צום דרייסיקסטן יאָרצייט פון גרויסן דיכטער)

(דעראינערונגען און שטריכן צו דער גרויסער דיכטערישער פערזענלעכקייט)


פון
אברהם רייזען


אין אָנהויב פון די ניינציקער יאָרן, ווען פרץ איז שוין געוואָרן דער יידישער שרייבער, איז אין מיין שטעטל, וואָס האָט געציילט ביי פיר טויזנט יידן — כמעט דער איינציקער לעזער פון פרץ׳ס זאַמלביכער, יום־טוב בלעטלעך און ווערק — געווען בלויז דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות. קיין אַנדערע לעזער האָט פרץ אין יענער צייט אין מיין שטעטל און מסתם אויך אין אַנדערע שטעטלעך — ניט געהאַט. ווען ניט זיינע עטלעכע דערציילונגען און שירים ביז יענער צייט, אין העבּ־רעאישע זאַמלביכער, וואָס האָבן זיך ביי אַ מאַנכן משכיל אין אונדזער שטעטל יאָ געפונען — וואָלט זעלטן ווער דעם נאָמען פרץ געוואוסט ביי אונדז בכלל.

איז מיר עד היום אַ וואונדער, ווי אַזוי האָב איך שוין אַפילו דאַן אַזוי עקשנות׳דיק געקעמפט פאַר פרץ׳ן און פאַר זיינע נייע ווערק ?... פון וואַנען, הייסט עס, האָט זיך צו מיר, דאַן אַ יונג בחור׳ל, גענומען די מבינות אויף פרץ׳ס שפּאָגל־נייעם סטיל, וואָס האָט מיך אַזוי אַנטציקט ?

אַפילו מיינע פּאָר חברים, וואָס איך האָב געהאַט אין מיין שטעטל — האָבן פּרצ׳ן אין יידיש, ניט געקענט באַנעמען. וויפיל איך האָב זיך מיט זיי ניט אַרומ־געקריגט פאַר פּרצ׳ס יידישע שאַפונגען האָט ניט געהאָלפן: „ווייס איך וואָס? — אַ ווילדער שרייבער...״

דערצוויגן אויף די רוסישע קלאַסיקער און אויף די דאַמאָלטיקע שוין אייניקע יידישע, ווי לינעצקי און מענדעלע און טיילוויז פרוג — שלום עליכם איז נאָך ניט געווען באַרימט, — האָבן זיי דעם נייעם טאָן אין פּרצ׳עס שאַפן סיי אין זיינע דערציילונגען און סיי אין זיינע לידער ניט געקענט באַגרייפן . . .

ווייל אין יענער צייט איז פּרץ ניט נאָר אין דער יידישער ליטעראַטור געווען אַ „טאָוואַטאָר״, נאָר ער וואָלט דאָס אויך געווען אין דער רוסישער ליטעראַטור, אין וועלכער עס האָט נאָך אין יענער צייט געהערשט די קלאַסישע פאָרם.

האָב איך אודאי גייסטיק געגוג אויסגעליטן, וואָס דער מיר דעמאָלט (און ביז היינטיקן טאָג) באַליבטער דיכטער איז אַזוי ניט אָנערקענט געוואָרן פון די דע־מאָלטיקע יוגנטלעכע חברים מיינע און אַפילו ניט פון די פאָר עלטערע, מיינע באַ־קאַנטע שטעטלשע משכילים . . .

געוואָלט קומען צו הילף פּרצ׳ן אין זיין קאַמף מיט זיינע קעגנער אין יענער צייט — בכלל — האָב איך זיך אונטערגענומען צו פאַרשפּרייטן אין מיין שטעטל „די יום טוב בלעטלעך״, וואָס ער האָט דעמאָלט אַרויסגעגעבן אין וואַרשע אונטער דעם זעלביקן טיטל — פּרצ׳עס יום־טוב בלעטלעך. די בלעטלעך זיינען דערשינען ווי אַן אומפּעריאָדישער זשורנאַל, ווייל פאַר אַ פּעריאָדישן זשורנאַל האָט מען דעמאָלט קיין דערלויבעניש ניט געקענט באַקומען — די אייציקע יידישע וואָכנ־שריפט פאַר גאַנץ רוסלאַנד „דאָס יידישע פאָלקס־בלאַט״ איז שוין געווען זייט פיר יאָר פאַרמאַכט פון דער רעגירונג. האָט זיך פּרץ געקליגט און אַרויסגעגעבן אַ זאַמלבוך אויף יעדן יום טוב, און „תשעה באב״ איז אויך געווען אַ יום טוב — אַבי עס זאָל אַרויס אַ העפט. און אַפילו אויף שבעה עשר בתמוז איז דער־שינען אַ בלעטל — אַ העפט און דוקא מיט כל טוב... און אַלץ אונטערן טיטל „יום טוב בלעטלעך״...

באַקומען ביי אַ דרייסיק העפטן — צו עטלעכע עקזעמפּליאַרן פון יעדן „יום טוב בלעטל״ און צווישן זיי אַפילו אַ „פייל און בויגן״ — אַ בלעטל לכבוד ל״ג בעומר — צוליב אַ נייעם העפט איז אַפילו ל״ג־בעומר געוואָרן פּרצ׳ס אַ יום־טוב, ניט צו שפּילן זיך מיט שווערדלעך, נאָר צו באַלערנען און צו בילדן די מאַסן — האָב איך זיך גענומען צו פאַרשפּרייטן זיי. אויסן בין איך געווען אויך די מאַטעריעלע זייט — פאַר אַ דרייסיק העפטן האָב איך לויט דעם פּרייז פון יעדן העפט — ביי

אַ צוועלף קאָפּיקעס — געקענט אָפּליזן איבער דריי רובל, און די זכיה צו העלפן פּרצ'ן מיט אַזאַ סומע, ער זאָל קענען דרוקן די ווייטערדיקע העפטן זיינע — ווי איך האָב מיר פאָרגעשטעלט, וואָלט געווען זעהר גרויס... בפרט, אַז אין יענעם זומער האָט נאָך געדאַרפט דערשיינען זיינס אַ גרעסער זאַמלבוך — „ליטע־ראַטור און לעבן", אין דעם האָבן שוין געדאַרפט אַריינגיין און זיינען טאַקע אַריינגעגאַנגען ביי פיר לידער מיינע. קען מען זיך שוין פאָרשטעלן, ווי אַזוי איך האָב „געברענט" צו פאַרקויפן די דאָזיקע העפטן.

דערצו האָט מיר נאָך געררירט פּרצעס אַן אויסדרוק אין אַ קורץ בריוועלע צו מיר: „העלפט, מען יאָגט פון אַלע זייטן!" האָב איך שוין דערפילט, צי פאַר־שטאַנען, אַז דער מיר אַזוי באַליבטער פּרץ, וואָס איז מיר שוין געוואָרן נאָענט ווי אַן עלטערער ברודער וואָס איז פאַרוואָגלט ערגעץ אין דער ווייט, אַזש אין פּוילן — האָט געענוג אויסצושטיין פון זיינע דאָרטיקע קעגנער, די חסידים און די כלומר'שטע משכילים — און דאָס געפיל צי דער געדאַנק האָט מיך ניט גע־לאָזט רוען, און איך בין געגאַנגען מיט די העפטן „יום־טוב בלעטלעך" צו מיינע חברים, באַקאַנטע און רייכע יונגע לייט, פאָרלייגן זיי צו קויפן, אָבער, ווי מיר דאַכט, האָט קיין איינציקער פון זיי קיין איינציק העפט ניט געקויפט.

מחשבותן, צוזאַמען מיט די העפטן „יום טוב בלעטלעך" האָט ער מיר אויך געשיקט עטלעכע עקזעמפּליאַרן פון אַ העברעאישן קליינעם זאַמלביכל מיט דעם נאָמען „החץ" — דער פייל — דאָס איינציקע רעוואָלוציאָנעריש זאַמלביכל אין העברעאיש אין יענעם פּעריאָד — און אויך עטלעכע עקזעמפּליאַרן פון אַ „זאַמלונג העברעאישע שירים", שוין פון פּרצ'ן אַליין — מיטן טיטל „העוגב".

האָב איך שוין געהאַפּט, אויף די צוויי העברעאישע ביכלעך קריגן אַ בעלן. דער זיכערער לויט מיין פאָרשטעלונג האָט געדאַרפט זיין דער שטאָטישער דאָק־טאָר גאַרמייזע, מיט וועמען איך בין געווען פּערזענלעך באַקאַנט און ער האָט געוואוסט, אַז איך שנייד זיך אויף אַ שרייבער, און אַז איך פּלעג זיך מיט אים באַגעגענען אין גאַס און אים באַגריסן, פּלעגט ער אַראָפּכאַפּן זיין צילינדער, וועלכן ער האָט אַפילו אין די וואָכעדיקע טעג געטראָגן אויפן קאָפּ, און ער פּלעגט מיטן צילענדער פאָכן אין דער לופט. דאָס האָט געזאָלט זיין אַן אויסדרוק פון אָנער־קענונג. האָב איך ביי אַזאַ מין באַגריסן מיך באַקומען מוט, אים — דעם ד"ר גאַרמייזע אָפּגעשטעלט ביי אַ ראָג, ווען ער האָט זיך געדאַרפט פאַרקירעווען אין אַ קליין געסל אויף אַ וויזיט ערגעץ — און איך האָב אים פאָרגעלייגט די צוויי העברעאישע ביכלעך. ער האָט אַ בלעטער געטאָן דעם „החץ, דעם „העוגב", פריינט־לעך געשמייכלט, נאָכדעם זיי אַריינגעלייגט אין אַ טאַש אונטער זיין ברייטער פּאַלערי־

נע, וואָס ער האָט געטראָגן אויף זײַנע ברייטע אַקסלען, ווידער אַ שמייכל גע־טאָן, ווי איינער זאָגט: מ׳וועט נאָך זען; און איז אַוועק צו אַ קראַנקן... מיך איבערגעלאָזן אַ פאַרווירטן, ניט ווױסנדיק, צי הייסט עס געקויפט אויף באָרג, צי באַקומען אַ מתנה — מיינט ער . . .

עס פאַרשטייט זיך, אַז קיין געלט מאָנען ביי אים האָב איך ניט געהאַט קיין העזה, און אַזוי איז עס טאַקע מיט דער צייט געוואָרן פאַררעכנט אַלס מתנה — ניט פון פּרץ׳ן, נאָר פון מיר אַליין, צו ד״ר גאַרמייזע, וואָס האָט געקענט העברעאיש...

די איינציקע באַלוינונג איז געווען וואָס מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָב איך פון אים אַרויסגעקריגן וועגן פּרץ׳ן אַ מיינונג; ווי דער שטייגער זיינער — איז די מיינונג געזאָגט געוואָרן אין רוסיש:

— דאַ, ניטשעווא... ביע דורנא... און געבעטן מיך אַמאָל אַרויפקומען צו אים. ס׳האָט געזאָלט הייסן, אַז אין גאַס קען ער צופיל וועגן דעם ניט ריידן — ניט וועגן חוב, ניט וועגן פּרץ׳ן אַליין . . .

אָבער אַרויפגעקומען צו אים בין איך ניט — האָב איך שוין געמוזט זיך מודה זיין אין אַ בריוועלע צו פּרץ׳ן, אַז מיין שטעטל איז ליידער ניט קיין ליטעראַרישע — ניטאָ קיין סך בעלנים אויף גוטע ליטעראַטור, און דאָך אים פאַרזיכערט, אַז דאָס געלט וועל איך אים נאָך אָפּשיקן... האָט פּרץ שוין קענטיק פאַרשטאַנען און גע־שריבן מיר, אַז איך זאָל ניט אָפּעסן זיך דאָס האַרץ — ער איז ניט אַזוי אויסן געווען דאָס געלט, ווי די פאַרשפּרייטונג פון די יום טוב בלעטלעך בכלל — אויפ־צוקלערן און צו בילדן די מאַסן. און סיי ווי סיי, — שרייבט ער ווייטער אין בריוו — אויב אָפּילו איר וועט זיי פאַרקויפן — קענט איר דאָס געלט נעמען אַלס האָנאָראַר פאַר אייערע לידער „אין ליטעראַטור און לעבן״ וואָס וועט באַלד דערשיינען.

אויב אַזוי איז שוין אַ טאָפּלטע פרייד — ערשטנס האָנאָראַר — דער ערשטער האָנאָראַר... האָב איך שוין די יום טוב בלעטלעך געטיילט, ווי מיין פאַרמעגן... און עס האָבן זיך געפונען מער בעלנים אויף צו נעמען זיי, ווי פריער . . .

קיין גוט וואָרט וועגן זיי האָב איך נאָך אַלץ ניט באַקומען. מען פאַרשטייט ניט!...

פאַרשטאַנען און אָפּגעשעצט פּרץ׳ן — ניט געקוקט אויף זיין מאָדערניזם, אויף דער נייער פאָרמע, און אויף אַ נייעם טאָן — האָבן ערשט די יידישע אַרבעטער, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די סאָציאַליסטישע און פרייהייטס באַוועגונג צווישן די יידישע אַרבעטער מאַסן — פריער אין די גרעסערע שטעט און נאָכדעם ערשט אין די פאַרוואָרפנסטע שטעטלעך . . .

ווען איך בין אין 1895—6 געקומען אין קאָוונע, אַלס „יונגער סאָלדאַט״, און דאָרטן — אין די פרייע טעג פון „דינסט״ — זיך באַקאַנט מיט איינעם פון די אַר־בעטער פירער אין קאָוונע — קליבאַנאָוו (אין אַמעריקע — וואוהין ער איז אין יאָר 1897 געקומען האָט ער דאָ שוין אַלס דאָקטאָר מעדיצין זיך גערופן ד״ר קלע־באַנס און איז געבליבן טריי דער אַרבעטער־באַוועגונג ביז דעם לעצטן טאָג פון זיין שיינעם לעבן. ער איז געשטאָרבן מיט אַ פּאָר יאָר צוריק אין זיינע בעסטע יאָרן) און דער קליבאַנאָוו האָט מיך נאָכדעם באַקענט מיט אייניקע באַוואוסטזיניקע אַרבעטער, האָבן זיי שוין — טאַקע אַ דאַנק דער ווירקונג פון פרץ׳ס „יום טוב בלעטער״, „ליטעראַטור און לעבן״ און פון זיינע דריי בענד „יידישע ביבליאָטעק״ — גערעדט וועגן פרצ׳ן ווי וועגן זייער באַליבסטן שרייבער און ווי זייער גרויסן פריינט און זייער אויפקלערער. פרצ׳ס „יום טוב בלעטלעך״ און נאָך פריער זיינע זאַמלביכער „די יידישע ביבליאָטעק״ — דריי בענד — האָבן זיי אויפגעקלערט. דערפאַר האָט מען אים שוין אין יענער צייט באַקעמפט.

פרצ׳ס יום טוב בלעטער האָט מען שוין ניט געקענט באַקומען צו קויפן אין דער קאָוונער יידישער בוכהאַנדלונג, וואָס איר אייגנטימער איז געווען דער אָרטאָ־דאָקסישער מ. האַרוויץ. עס האָט דאָן, ווי איך האָב שוין שפּעטער דערפאָרען — גע־הערשט אַ חרם אויף די יום טוב בלעטלעך און אויף די אַנדערע פרצ׳ס דע־מאָלטדיקע אויסגאַבן. נאָר וועגן דעם קאַמף קעגן פרצ׳ס בלעטלעך און קעגן זיין „די שטריימל״ — אַ סאַטירע אויפן יידישן דעמאָלטדיקן קלעריקאַליזם — פאָ־דערט זיך אַ באַזונדער קאַפּיטל, אויב ניט אַ גאַנצעס בוך.

דערפאַר האָט מען פרצ׳ס בלעטלעך געקענט קריגן ביי די אַרבעטער גופא, אין די אַרבעטער קרייזלעך, הגם געדרוקט לעגאַל, האָבן די בלעטלעך געדינט אַלס אַגיטאַציע צוגלייך מיט די אומלעגאַלע העפטן, — ווי „די מעשה פון די פיר ברידער״, „פון וואָס איינער לעבט״, „דער גן עדן התחתון״ פון מ. פייגנבוים און אַנדערע.

ביי אַ רעוויזיע ביי אַן אַרבעטער האָט מען שטענדיק געפונען פרצ׳ס בלעט־לעך צוזאַמען מיט די אומלעגאַלע העפטן — און צוליב דעם איז פרץ מיט דער צייט געוואָרן פאַרדעכטיק ביי דער „אָכראַנע״, פון וואָס פרץ האָט געהאַט גענוג אויסצושטיין, אַפילו מיט יאָרן שפּעטער. אָבער ניט דאָ איז דער פּלאַץ צו אָפּשטעלן זיך לענגער וועגן דעם.

וואָס איך בין אויסן, איז, אַז דעם מאָדערנעם פרצ׳ן האָט ניט דער דעמאָלטדי־קער יידישער אינטעליגענט און ניט דער משכיל אָפּגעשעצט, נאָר דוקא דער יידישער אַרבעטער. ניט נאָר די אויפקלערונג, וואָס ער האָט אַרויסבאַקומען פון פרצ׳ס אַרטיקלען, לידער און דערציילונגען, נאָר אויך — און אפשר דער עיקר —

פּרץ׳ס קונסט, פּרץ׳ס פּאָעזיע... דער אַרבעטער האָט דערפילט פּרץ׳ס שיינ־קייט, פרישקייט פון אויסדרוק און מייסטערשאַפט פון פאָרם: קורץ — פּרץ׳ס אָריגינאַליטעט, אייגנאַרטיקייט.

ער, דער יידישער אַרבעטער, האָט ניט נאָר ניט ווי דער משכיל, דער דעמאָלסדי־קער קורא נכבד, דער בעסטער לעזער, הייסט עס — זיך ניט געקלאָגט אויף פּרץ׳ס אַזוי גערופענע פינטעלעך — נאָר פאַרקערט פון די דאָזיקע פינטעלעך געלערנט, זיך אַנטוויקלט גייסטיק, געשעפּט פון זיי מוט אין זיין עקאָנאָמישן און רעוואָלו־ציאָנערן קאַמף און אין דער זעלביקער צייט — עסטעטיש זיך געקוויקט מיט פּרץ׳ס ווערק.

און ניט נאָר דוקא פון דער „שטריימעל״, פון „באַנציע שוויג״ וואָס האָבן די־רעקט דעם אַרבעטער באַלערנט און פאַרט־יידיקט און געוועקט זיין מוט, נאָר אַפילו אַזעלכע ריין ־ קינסטלערישע דערציילונגען, ווי „מקובלים״, „הכנסת כלה״, „אין פּאָסט וואָגען״, „האשה מרת חנה״ (אין יידיש, נאַטירלעך) און זיינע פּאָעמען, ווי „מאָניש״, דער „בעל העגלה״, זיינען אַריין אין דעם דעמאָלטדיקן רעפּערטואַר פון די פאַרלעזונגען צווישן אַרבעטער, ביי אַרבעטער און פאַר אַרבעטער, ווי אין דער אַלטער היים אַזוי דאָ אין אַמעריקע, שוין אין די ערשטע יאָרן פון צוואַנציקסטן יאָר הונדערט, ווען דאָ זיינען שוין געווען גרויסע יידישע אַרבעטער מאַסן.

איבריקנס האָט די יידישע אַרבעטער באַוועגונג אין אַמעריקע נאָך אפשר פריי־ער, ווי די אַרבעטער באַוועגונג אין רוסלאַנד, פּוילן, ליטא — געהאַט די מעג־לעכקייט זיך צו באַקענען מיט פּרץ׳ס ערשטע שאַפונגען, וואָס האָבן געדינט ניט נאָר אַלס קינסטלערישער לייען־שטאָף, נאָר אויך אַלס מאַטעריאַל פאַר אַגיטאַציע, פּראָפּאַגאַנדע און אויפקלערונג. אַזוי איז פריער אין אַמעריקע — געווען פאַר־עפנטלעכט די ריין אומלעגאַלע דערציילונגען, לידער און פּרץ׳ס שאַפונגען אין אַנדערע פאָרמען — אין די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישע אויסגאַבן, ווי אין די ערשטע העפטן פון דער „צוקונפט״, „נייע צייט״ און אַנדערע דעמאָלסטדיקע פּער־יאָדישע אויסגאַבן, ווי למשל, פּרץ׳ס וואונדערלעכע שאַפונג „וועבער־ליבע״, דאָס הויך פּאַטעטיש רעוואָלוציאָנערע ליד „מיין נישט...״ און נאָך אַנדערע שאַ־פונגען פון זיין ערשטן רעוואָלוציאָנערן שאַפונגס־פּעריאָד.

אַ דאַנק דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג, אַ דאַנק אירע פירער און די מאַסן גופא — איז מיט דער צייט פּרץ אנערקענט געוואָרן ביין גאַנצן פאָלק, אַלס איינער פון די דריי גרעסטע דיכטער אין דער יידישער ליטעראַטור, מיט דעם פאַר־צוג, וואָס ער, פּרץ איז אַפילו נאָך זיין צוואַנציקסטן יאָרצייט — געבליבן דער מאָדערנער דיכטער סיי אין פאָרמע, סיי אין דער אידייע. מאָדערנע אין דעם זין,

וואָס די ווערק פון דעם דיכטער זיינען אין יעדער צייט פאַרשטענדלעך און וועקן דעם געדאַנק.

ניט נאָר זיינע קינסטלערישע געשטאַלטן, וואָס בלייבן אַלעמאָל פריש, פרעזערווירט פון דער קונסט גופא, ווי די שוין פריער דערמאָנטע — „מקובלים", „מענדל דלות" און עוזר האָפּענשטאַנד אין „הכנסת כלה" און די געשטאַלטן פון זיינע רייזע - בילדער, ווי דער „משכיל", „די סקולער רביצין" און אַנדערע, נאָר אויך זיינע פובליציסטישע אויפזאַצן וועגן ליטעראַטור, קולטור און נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען קען מען נאָך איצט — אין אַזעלכע טעג פון שנעל זיך ענדערנדיקע מיינונגען — לייענען מיט גרויס אינטערעס און אַנטציקן זיך מיט דער גרויסער קראַפט פון אויסדרוק, מיט דעם שיינעם בוי פון זאַץ, מיט דער געטאָקטער לאַקאָנישער ווענדונג.

פרץ איז געווען דער ערשטער מאָדערנער יידישער מענטש, און דערפאַר האָט ער ביי זיין לעבן געדאַרפט דורכגיין אַזאַ שווערן וועג צו באַקומען זיין אָנערקענונג, און אויך דערפאַר האָט ער אַזוי ביי זיין לעבן צוגעצויגן צו זיך אַלע דאָרשטיקע נאָך אַ נייעם, מענטשלעך וואָרט, נאָך אַ ניי יידיש לעבן, נאָך אַ באַנייטער ליטעראַטור, און נאָך אַ נייער וועלט-אָרדנונג.

דאָס אָנערקענען פרצ'ן האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער דערוואַכונג פון דעם יידישן אַרבעטער, וואָס צו זיין דערוואַכונג אַליין האָט פרץ מיט זיינע ווערק פון זיין ערשטן שאַפונגס פעריאָד — זייער פיל מיטגעווירקט. און מיט די שפּעטערדיקע שאַפונגען, וואו ער האָט זיך שוין פאַרנומען אויך אויף אַנדערע וועגן — איז ער אַלץ געווען דער פאַרויסגייער, דער אָנזאָגער און אַפילו דער פאָן-טרעגער אין דעם מאַרש צו אַ נייער מענטשהייט, און צו אַן אַרבעטנדיקער געזעלשאַפט . . .

און די פרץ-פאָן פלאַטערט נאָך איצט . . .





# זעלבסט־פּרינציפּ *

(זעלבסט־גלויבן, בוך צוויי)

פון

## אבא גאָרדין

5

## אינטעלעקטואַליזאַציע

ב

### באַשטאַנד און פאַרשטאַנד

דער אידעאַל פון דער מענטשהייט איז דער אידעאַל פון באַשטאַנד. דער גאַנצער באַשאַף איז אַ פּראָצעס. דער אוניווערס האַלט אין איין אַנטוויקלען זיך, אין פּערפעקטירן זיך. מחשבה איז ניט קיין קאָנסטאַנטע גרויס, נייערט אַן איי־ביק זיך־פאַרגרעסערנדיקע סומע. די מענטשהייט פאַרנעמט די ערשטע פּאָזי־ציע אין דעם אוניווערס בנוגע מחשבה. אָבער דער מקור פון מחשבה געפינט זיך אין זיכטום־פאַר־זיכטום. עס פאָדערט זיך בלויז אַן אויג, אַ שכל־אויג, בכדי צו דערזען אַז באַשטאַנד איז געדאַנק. דער אידעאַל איז צו שאַפן אַ ריינעם, מער אצילות׳דיקן געדאַנק־כוח און אַ מער סאָלידן שטאָף און דערנאָך גובר־זיין אָט־די צעטיילונג און שאַפן אַזאַ אידייע, וואָס געפינט זיך אויף יענער זייט פון אָט־דער צעטיילונג אויף אידייע און מאַטעריע, אויף „זיך" און „זאַך", און זוכה־זיין צו באַגרייפן, צו „דערזען" די ריינע אַנטפּלעקונג פון יהוה, פון אהיה אשר אהיה, פון זיך אין זיך אַליין.

*) זע יי״ש, העפט 16 ז״ז 342 — 329.

דער אידעאַל פון דעם אוניווערס איז צו ווערן טראַנספיגורירט אין אַן אינטעלעקטועלן אמת, אַן אמת, וואָס איז אַדעקוואַט צו אַ אוניווערס פון ריי־נעם פאַרשטאַנד, פון ריינער מחשבה. דאָס איז געווען דער טרוים און די באַ־שטרעבונג פון די בעסטע זין פון דער מענטשהייט, און דאָס וועט זיין די ווירקלעכע וואָר. זיי האָבן געזאָגט אַז די וועלט איז אַ שפּרוך, אַ מימרא, אַ „טעזיס", ניט קיין „פיזיס", אַ סוגעסטיע, אַן אויטאָ־סוגעסטיע, דאָס איז דער גרעסטער אמת בנוגע דער וועלט. דער וועלט־ אַלץ געפינט זיך אין זיך־טום, אין זיך־אין־זיך־זעלבסט. די וועלט בלויז אַנטדעקט זיך, כסדר אַנטדעקט זיך איבעראַנייס. זי ווערט אַרויסגעשפּונען פון איכהייט אַרויס.

דער שליסל צום פּאַלאַץ פון אוניווערס געפינט זיך אין דעם קעסטעלע וואָס הייסט רעליגיע־פילאָזאָפיע. רעליגיע־פילאָזאָפיע איז דער וועג און דער ציל־פּונקט, דער אידעאַל מיט דער רעאַליזאַציע קומען דאָ אויף איין מאָל. אין רעליגיע־פילאָזאָפיע געפינט זיך דער דענקער ביי דער סאַמע גרענעץ פון דעם אידעאַל. ווען רעליגיע־פילאָזאָפיע וועט ווערן פאַרשטאַנען און פאַרשפּרייט, דע־מאָלט וועט די תורה, דער בוך פון אוניווערס, געגעבן ווערן אין דער פּשוט׳ער מוטער־שפּראַך. רעליגיע־פילאָזאָפיע איז די „וויסנשאַפט" מכוח די פאַרהעל־טענישן, וועלכע עקזיסטירן צווישן דעם מענטשן און אנוכי יהוה, צווישן דעם קליין איך און גרויס איך.

וועלטן זיינען פאַראַן אָן אַ שיעור. עס איז אָבער פאַראַן בלויז איין איך, וועלכער באַלעבט זיי אַלע, באַוואוינט זיי, שאַפט זיי און מאַכט זיי חרוב, שאַפט אַנדערע וועלטן. צו עטאַבלירן די פאַרבינדונג ניט בלויז מיט דער עקזיסטירנ־דיקער באַשטאַנד־סיסטעם, נייערט מיט אַלע מעגלעכקייט־סיסטעמען, אויסדוכט־אויסטראַכט, איינבילדונג־קאָסמאָסן, מיט דעם גאַנצן מענטאַליזם, מיט דעם אנוכי־יהוה׳טום איז דער דראַנג און וואונטש פון דער מענטשהייט, וועלכער געפינט זיין אויסדרוק אין רעליגיע־פילאָזאָפיע. מיר בלאָנדזשען אויף אונדזער וועג, וועלכער איז דער דרך פון די עולי־לרגל. אָבער, סוף כל סוף, וועלן מיר קומען צום טויער פון דעם פּאַלאַץ, וואָס הייסט אייביקע וואָרהייט, וואו עס וואוינט די שכינה. דער וועג איז אַ לאַנגער. דער מרחק איז כמעט ווי ענדלאָז. אָבער, זיך ניט געשראָקן, מיר וועלן קומען צו אונדזער ציל־פּונקט. די טראַנסמוטאַ־ציעס פון די אידעאַליטעטן אין מאַטעריאַליטעטן און פאַרקערט האָבן ניט קיין צאָל. אָבער צום סוף וועט דערגרייכט ווערן די שטופע פון ריינער מחשבה, ווען די „פאַרקערפּערונג" וועט זיין אַ „באַזעלונג".

איך געברויך דאָ דעם פאַרפירערישן ווערטל „סוף". עס איז ניטאָ קיין אָנהייב און עס איז ניטאָ קיין סוף. אנוכי־יהוה אנוכי־יהוה׳זירט זיך פון איי־ביקייט צו אייביקייט. ווייל אנוכי יהוה איז פאַר דער צייט, נאָך דער צייט, ד"ה אונטער און איבער דער צייט. ער איז אַ זעלבסט־צייט ווי אויך אַ זעלבסט־רוים, ד"ה ער איז דער מקום פון מקום און דער זמן פון זמן; ער איז רוים גע־טאָפּלט אויף דער צייט־פאָרם און די צייט ־ פאָרם געטאָפּלט אויף דער רוים־פאָרם.

האַמלעט מאָנאָלאָגיזירט: „צו זיין אָדער ניט צו זיין? דאָס איז די פראַ־גע". אָבער ווען ער אַנטוויקלט זיין געדאַנק נעמט ער באַגרייפן, אַז ער גע־ברויכט אַ פּוסטע פראַזע. ווייל „ניט צו זיין" אין פולן פּשט פון וואָרט איז אַן אוממעגלעכקייט און אַן אומדענקלעכקייט. מחמת אַפילו געדאַנק איז אַ וואַריאַ־טעט פון זיין. געדאַנק איז איינער פון די אייגנשאַפטן פון דעם אַלצמיטאַנאַנדער וועלכער איז געשאַפן פון אנוכי. צו דענקען מיינט צו זיין אויף אַ געוויסער שטופע. צו פילאָזאָפירן מיינט צו שטיין אויף איינעם פון די העכסטע שטאַפלען אין לייטער פון אינסיסטענץ. צו זיין אַ רעליגיע־פילאָזאָף (און יעדער רעליגיאָניסט איז אַ מינימאַלער פילאָזאָף) מיינט צו געפינען זיך אין איינעם פון די אויבערשטע צימערן אין הויז פון דאַזיין־דאַמיין.

דער תם (פון דער הגדה פון אַ גאַנצן יאָר) פרעגט גאַנץ אָפט דעם רע־ליגיע־פילאָזאָף, צי די וועלט, ווי זי ווערט אויפגענומען פון די חושים, עק־זיסטירט טאַקע באמת? די פראַגע איז אַ שטיק נאַאיוויטעט. ווייל די וועלט ווי זי ווערט אויפגענומען פון די חושים עקזיסטירט פאַר די חושים און פאַר דעם מענטשן, דעם בעל־החושים, אין יענע ספערן, וואו די חושים דיקטירן די מאָ־דוסן פון האַנדלונג. די וועלט, ווי זי ווערט פאַרשטאַנען, באַנומען פון שכל, פון אינטעלעקט „עקזיסטירט", האָט אמת׳עווירקלעכע ממשות פאַר דעם שכל און פאַר דעם בעל־השכל און זי איז אָפּעראַטיוו אין יענע ספערן, וואו דער שכל באַלעבאַטעוועט. עקזיסטענץ איז ניט קיין הויז, וואָס פאַרמאָגט בלויז איין שטאָק. אין דעם בנין פון דאַזיין־דאַמיין זיינען פאַראַן פילע עטאַזשן און פילע צימערן. עס זיינען פאַראַן פאַרשיידענע אַספּעקטן פון דאַזיין. רעליגיע־פילאָזאָפיע האָט איר וועלט, ווי די חושים האָבן זייער וועלט.

אַ מאַטעריאַליסט האָט אַמאָל געפרעגט זיין אָפּאָנענט אידעאַליסט אין מיטן אַ הייסער דעבאַטע: אָט גייט אַ מענטש און אַן פליט אַ צוג. דער צוג פאָרט איבער דעם מענטשן און דער מענטש שטאַרבט. ביט שוין־זשע האָט די אי־דייע וואָס הייסט באַן, וואַגאָן, רעדער, דער׳הרג׳עט דעם מענטשן?

דער ענטפער איז פשוט: אין פילאָזאָפיע גייען ניט אַרום קיין מענטשן און עס פליען דאָרטן ניט קיין באַנען. בכלל איז פילאָזאָפיע ניט קיין דיסציפּלין פון אַזעלכע קאָנקרעטע פאַסירונגען. זי אַנטהאַלט ניט אין אירע תחומים אַזעלכע קאָנוועגציאָנאַליטעטן ווי מענטש, גאַנג, באַן אין די אַנגענומענע באַגריף־היקפים, וועלכע זיינען גילטיק פאַר דער טעכניק, פאַר דער מענטשלעכער אַלטעג־לעכער פּראַקטיק אָדער פאַר דעם פשוט׳ן ביאָלאָגישן און סאָציאַלן צוזאַמענלעבן. אין פילאָזאָפיע עקזיסטירן געדאַנקען, אידייען, קאָנצעפּציעס, פּאָסטולאַטן, אַק־סיאָמעס וכדומה. אַזוי ווי אין די גאַסן אין פשוט׳ן „עולם־התחתון", ד"ה אין אַט־דער וועלט, ווי זי ווערט אויפגעפאַסט פון די חושים, גייען ניט אַרום איבער די גאַסן קיינע פילאָזאָפישע הקירות, אינטעלעקטואַליזאַציעס, נייערט בשר ודם׳ס; פונקט אַזוי גייען ניט אַרום איבער די „פילאָזאָפיע"־וועגן קיין קאָנקרעטע אָב־יעקטן. אָבער דאָס מיינט בשום אופן ניט אַז די אָדער יענע האָבן ניט קיין פּלאַץ אין דער מציאות, אין דער ווירקלעכקייט, וועלכע קען זיין אַן „עמפּינדלעכ־קייט" אַ „דבר־שבהרגשה" ווי אויך אַ „דענקלעכקייט", אַ „דבר שבמחשבה". זי קען באַשטיין פון פשוטע קאָנקרעטע זאַכן און אַבסטראַקטע אידייען. און אַט־די צוויי וועלטען און טויזנטער אַנדערע אין זיי, אונטער זיי און איבער זיי, אַן אַ זייט פון זיי קענען זיך לעבן בשלום ושלוה. זיי מוזן ניט פאַרלייקענען, פאַר־ניינען איינע די אַנדערע. אויב עס קומען פאַר „קריגערייען" צווישן די פאַרשיי־דענע אויפפאַסונגען איז עס בלויז דערפאַר, וואָס „נאַאיווע דענקער" באַהאַנדלען פילאָזאָפישע פּראָבלעמען, ווי זיי וואָלטן געווען ענינים פון פּאָליטיק אָדער פון עקאָנאָמיק, דיסציפּלינען וועלכע האָבן צו טאָן מיט אָביעקטן, וואָס זיינען באַ־גרענעצט און בנוגע וועלכע שטרייטיקייט איז אַ געוויינטלעכע דערשיינונג. אין יענע תחומים הערשט די איינרעדעניש אַז ווען איינער האָט, באַהערשט, פאַר־מאָגט, מוז דער צווייטער, צו אַ געוויסער מאָס, ניט האָבן, זיין באַצוואונגען, פאַרדרענגט. לכן מוזן די צוויי זיך צוזאַמענקלאַמערן אין אַ געפעכט פאַר דער אוזורפּירונג אָדער עקספּראָפּריאירונג פון דעם געגעבענעם קעגנשטאַנד אָדער ענערגיע־קוואַל.

די מאָדוסן פון אינסיסטענץ־עקזיסטענץ זיינען אַזוי מאָדעלירט אַז זיי קע־נען זיך איינלעבן בשלום. זיי מוזן ניט באַקעמפן איינער דעם אַנדערן. זיי אָפּע־רירן אויף אַן אַלמעגלעכקייט באַזיס. עס איז בלויז אַ פראַגע פון רייפקייט, פון וואַקסן, פון גיין פאָרויס. די חושים האָבן זייערע ספערן. דער געדאַנק האָט זיין ספער. די מיספאַרשטענדעניש הייבט זיך אָן דעמאָלט, ווען דער נאַאי־וויסט וויל נעמען די חושים און זיי דורכאינטעלעקטואַליזירן, דורכטראַכטן זייערע

פונקציעס און מהותן און מיינען אַז נאָך דער דאָזיקער אָפּעראַציע זיינען זיי נאָך אַלץ געבליבן ביי אים פּראָסטע, פאַרשטאַנדלאָזע חושים. די מיספאַרשטענדעניש צייגט זיך אַרויס ווען איינער נעמט דעם באַשטאַנד און ראַציאָנאַליזירט אים, פילאָזאָפירט וועגן אים, ניט באַשטאַנדשוועט אים, ניט לעבט זיך אַריין באַשטאַנד־מעסיק אין אים, נייערט נעמט אים אַרויף אויף זיינע מענטאַלע כלים, ד״ה שאַפט אים אויפדאַסניי אַלס אַ סכום פון קאָנצעפּציעס, אַלס אַ פאַרטיפונג פון אַ שכל׳דיקן כאַראַקטער און, צום סוף, ניט באַמערקנדיק אַליין וואָס ער טוט, לייקענען שטיק און ביין, טענהן אַז ער נעמט די וועלט אויף מיט די גאַנצע חושים און ער וויל זי באַנעמען בלויז אַלס שטאָף און אַקציעס פון שטאָף. די וועלט קען זיך זיין אַ מאַ־טעריעלע, אָבער ניט ווען מע פילאָזאָפירט וועגן זי, ווען מע אורטיילט וועגן איר. ווי נאָר מען נעמט זי באַמשפּטן, קאָנצעפּטואַליזירן, ווערט זי אַ נייע וועלט. זי איז שוין מער ניט די יעניקע וועלכע זי איז געווען פאַרדעם אַן די קאָנצעפּטואַלי־זירונגען.

דער פּשוט׳ער חושים־מענטש (אויב אַזאַ באַשעפעניש איז נאָך פאַרבליבן ערגעץ אין אַ ווינקל און איז ניט אָנגעשטעקט מיט ראַציאָנאַליסטיק, מיט רעלי־גיע, מיט וויסנשאַפט, מיט געוויסנשאַפט, מיט פאַרשטענדלעכונגען) לעבט אין אַן אַנדער וועלט ווי דער פילאָזאָף, בשעת דער לעצטער איז טאַקע פילאָזאָף. ווייל אויך דער פילאָזאָף איז דאָך ס׳רוב פון זיין לעבן, פון זיינע טעג און נעכט, אַ פּראָסטער מענטש, וועלכער לעבט אין אַ וועלט פון חושים און אינסטינקטן און איז גאָר ניט קיין פילאָזאָף, קיין דענקער. ער איז אַ פּראָסטער טוער, אַ לעבעדיקע באַשעפעניש. דעם „שויתי יהוה לנגדי תמיד״ איז ניט לייכט מקיים־צו־זיין...

די רעליגיע־פילאָזאָפיע שאַפט זיך איר וועלט, איר קאָסמאָס, איר באַשטאַנד. זי שטייט און זאָגט עדות, אַז מיט דער צייט וועט איר וועלט (די עולם־הבאַ, די אויסרעליגיאָניזירטע־אויסגעפילאָזאָפירטע אַנשטאָט אויסגעשפּירטע וועלט) ווערן צוגענגלעך פאַר אַלע מענטשן, אויך פאַר די חושים־מענטשן, ניט בלויז פאַר די דענקער. אַלע רעליגיעס זאָגן עדות מכוח דעם, אַז דער מענטש גייט אויף אַ וויטן וועג, וועלכער פירט אַוועק פון דער חושים־וועלט, וואו די חיות, בהמות, עופות לעבן, און פירט צו צו דער אידייען־וועלט, אין וועלכער עס געפינען זיך די געטער, אָדער דער גאָט, דער מאקרא־עגאָ, די העכסטע פאַראַלגעמיינערונג, דער זיך־אין־זיך־זעלבסט. דער קיים איז געמוסטערט נאָך דער „ענלעכקייט פון טע־ראַסן״... יעדע פלאַך, יעדע עלעוואַציע האָט זיך איר מאָדוס פון דאָזיין־דאַמיין. מחמת דער אַלצטום איז אַ גאַנצטום, אַן אַלצמיטאַנאַנדערטום, ד״ה אַ כל־יכולדיקייט

בפועל ממש, אַ כל־יכולדיקייט וועלכע אידעאַליזירט־רעאַליזירט זיך אויף אַלע איינ־בילדבאַרע אופנים.

רעליגיע־פילאָזאָפיע איז די אידעאָלאָגיע פון דער וועלט, פון באַשטאַנד. זי איז פאַרנומען מיט דער פאָרמולירונג פון דער טעלעאָלאָגיע פון דעם קאָסמאָס. רעליגיע ־ פילאָזאָפיע צייגט אָן די ריכטונג וואוהין די וועלט רוקט זיך, וואוהין זי וויל און וועט גייז, לויט דעם רעליגיעז־פילאָזאָפישן געדאַנק. ווייל רעליגיע־פי־לאָזאָפיע, ווי יעדע דיסציפּלין, איז ניט גילטיק אויסער איר תחום. אָבער אַזוי ווי איר תחום, פאַר די וועלכע פאַרנעמען זיך מיט איר, איז דער גאַנצער באַשאַף איז זי באַפולמעכטיקט צו זאָגן אַ דעה איבער אַלץ.

פיזיק איז אַ דעסקריפּטיווע דיסציפּלין, אַ באַשרייבנדיקע וויסעניש פון דער וועלט, פון געוויסע דערשיינונגען פון דער „נאַטור". זי געפינט אויס געוויסע דאַטן פון דער וועלט־עטיק, פון סדר־העולם, פון דעם וועלט־אויפפיר. די סומע פון דערפינדונגען וועלכע ווערן געמאַכט אין דעם תחום פון מעכאַניק פאַר־פאַלגט דעם צוועק פון פאַרשאַרפן דעם מענטשלעכן שכל דורך דעם אָנשטרענג פון אָט־די אויפטואונגען ווי אויך צו ענדערן, אין געוויסע פּרטים, דעם קיום. אַלע מעכאַנישע אינוועציעס, דערהויפּט די אויטאָמאַטן האָבן איין תכלית און דאָס איז איינצושאַפן שקלאַפן, וועלכע וועלן באַפרייען דעם מענטשן פון מוסקולן־אַר־בעט און אים שענקען וואָס מער פרייע צייט. די פרייע צייט דאַרף דער מענטש אָנווענדן אויף דענקען, אויף זוכן דעם רעליגיעז־פילאָזאָפישן אמת, ד"ה אויף שאַפן און איבערשאַפן דעם קאָסמאָס, ריכטיקער, דעם מענטשן, אים אַרויסהייבן פון דעם חושים־תחום און אים אַריינפירן אין שכל־קיניגרייך. ווי נאָר דער מענטש פאַרלאָזט די פלאַך פון די חושים, ד"ה די נידעריקע שטופע פון ביאָלאָגיע, שיידט ער זיך מיט דער קאַטאַסטראָפע, וואָס דערוואַרט יעדן בלויז־לעבעדיקן אָרגאַניזם, בעמלעך, טויט. אומשטערבלעכקייט איז אַן אייגנשאַפט פון דעם אנוכי און זי ווערט מאַניפעסטירט אין געדאַנק, אין דענקען, אין לערנען, אין שטודירן, אין אורטיילן און פילאָזאָפירן. אין דעם מאָמענט ווען דער מענטש הערט אויף צו זיין בלויז אַ לעבעדיקע באַשעפעניש, נייערט ווערט אַ דענקענדיקע בריה, ד"ה אַ באַדענקע־ניש, אין דעם מאָמענט פאַרלאָזט ער דעם תחום פון דעם פּאָרל „לעבן און טויט" און ציט זיך אַריבער אין אַ נייעם געביט, וואו אָט־די קאַטעגאָריעס פון לעבן און אויפהערן צו לעבן, טויט, זיינען גאָר ניט שייך. צו זיין באַשעפטיקט מיט רעַ־ליגיע־פילאָזאָפיע, ניט צופעליק אַמאָל, נייערט טאָקע זיך מתעסק זיין מיט איר באַשטענדיק, מיינט צו רעאַליזירן איינעם פון די גרעסטע אידעאַלן, צו דער־גרייכן דעם עולם־האצילות, זיך געפינען ניט אין „באַשטאַנד", נייערט אין דעם

„באַפאַרשטאַנד”. דער רעליגיע־פילאָזאָף זוכט און געפינט דעם אמת וועלכער איז דער זעלבסט־צוועק פון מאָראַל און געדאַנק, פון אויפפיר ניט בלויז פון מענטשנ־קינד, נייערט פון גאַנצן פאַרנעם פון דער אַלווירקלעכקייט.

ג

## די אומלייזונג פון דער לייזונג

איבערשאַצונג און אונטערשאַצונג גייען האַנט אין האַנט. וויבאַלד אַזוי וואָלטן מיר געקאָנט מיינען אַז זיי קאָנטער־באַלאַנסירן איינע די אַנדערע און אַזוי אַרום נויטראַליזירן זיי זייערע קעגנזייטיקע טעות׳ן, פעלערן. דער אמת איז אָבער אַז זיי כפל׳ען זייערע אירטימער. זיי פאַרווירן זייערע מיסבאַהויפּטונגען. און זייער קעגנ־זייטיקע הילף דריקט זיך אויס מיטן רוסישן שפּרוך: טוסטו מיר שאָדן אין אַרבעס, וועל איך דיר אָנטאָן שאָדן אין קרויט. זייער אַסיסטענץ נעמט אָן די פאָרם פון צעמישן אַ צעמישעניש, פאַרווירן אַ פאַרווירעניש, אינטענסיפיצירן די פאַלשקייטן, וועלכע זיי האָבן געשאַפן. אַלס ביישפּיל פאַר דאָס געזאָגטע קען דינען די אָפּשאַצונג פון מענטשן. דעם מענטשן האָט מען כאַראַקטעריזירט אַלס קרוין פון באַשאַף. צו דער אייגענער צייט האָט מען, אָבער, באַהויפּט, אַז דער מענטש מיט זיין גאַנצן כּוח פון פאַרשטאַנד, מיט זיין וואונדערבאַרן דענקנס־אַפּאַראַט איז ניט בכּוח צו באַגרייפן די לייכסטע, די פּשוט׳סטע דערשיינונגען. ער איז ניט אימ־שטאַנד אויפצופּאַסן דעם אויפפיר פון דעם איינפאַכסטן אָביעקט, וועלכער געפינט זיך איינגעשלאָסן אין דער פעסטונג פון זיין „פאַר־זיך” און איז אַרומגערינגלט מיט אומבאַזיגבאַרע פאָרטן. דער מענטש מיט זיין גאַנצער סאָוועריניטעט, ער איז דאָך אַ געקרוינטער פון באַשאַף און די קרוין דאַרף דאָך אים געבן אויבער־מאַכט־פּרעראָגאַטיוון, מיט זיין גאַנצער קיניגלעכער מאַיעסטעט קען ניט, איז ניט באַרעכטיקט איבערצוטרעטן דעם שוועל פון דעם נידעריקסט סיטואירטן אונטערטאַן, פון דעם איינפאַכסטן אָביעקט. אַזאַ קרוין – טראַגעדיי! מע הייבט אויף דעם מענטשן בכדי אים צו לאָזן פאַלן און וואָס טיפער און וואָס מער אומדערוואַרט. די פּשוט׳סטע זאַך באַזיצט עפּעס אַ מיסטעריע, וועלכע זי וועט קיינמאָל ניט אַנטדעקן צום מענטשן. נאָך מער, זי וועט זיך פלייסן מיט כּל הכּוחות צו מאַכן אַלע זיינע באַמיאונגען זי דורכצודרינגען — צו גאָרנישט און נישט. די זאַך פאַר זיך זעלבסט איז אומדורכדרינגבאַר. אַלע אָנשטרענגונגען פון מענטשן וועלן ניט בייקומען די עקשנות פון קעגנשטאַנד, די אומאיבערריידבאַרקייט פון דעם אָביעקט אין זיך זעלבסט. נאָך ערגער, דער מענטש פאַר זיך און אין זיך אַליין איז

אַרומגערינגלט מיט אַ פיינטלעכער סביבה פון זיין אייגענער באַשאַפונג, ווייל ער אַליין צו זיך אַליין, אַלס אַן אָביעקט וועלכער האָט זיך געשיידט פון זיין סוביעקט, איז אַ פרעמדער, איז אַ טעררא אינקאָגניטאַ. ער אַלס סוביעקט איז זיך איינער, ער אַלס אָביעקט איז שוין גאָר אַן אַנדערער. און קיינע קאָמוניקאַציע־ליניעס אַפּערירן ניט צווישן זיי. ניטאָ קיין וועגן, קיין שטעגן, וועלכע זאָלן פירן דעם איינעם צום צווייטן. אַ תהום ליגט צווישן זיי. אָט־דער בית־הבליעה שלינגט אַראָפּ אַלע פאַרזוכן, וואָס ווערן געמאַכט פון איינעם אַזוי גוט ווי פון צווייטן צו קומען אין באַרירונג איינער מיטן אַנדערן.

יעדע רעליגיע אַלס אַזעלכע, ווי פּרימיטיוו זי זאָל ניט זיין, איז פאַרנומען מיט דער קריסטאַליזירונג און ראַפינירונג פון דעם זעלבסט, פון דעם איך. רע־ליגיע זאָגט עדות אַז מיט דער צייט, און מעג עס נעמען קרוב צו אַן אייביקייט, וועט די אויסערלעכקייט אינגאַנצן פאַרשווינדן, איר פּלאַץ וועט פאַרנומען ווערן פון דער ממשות׳דיקער, כל־יכול׳דיקער אינערלעכקייט. דאָס הייסט עס וועט קו־מען צו אַ נייער אַנטפּלעקונג פון דעם זיך־אין־זיך־זעלבסט אָן דער פאַרמיטלונג פון באַשטאַנד. די רעליגיעזע דיסציפּלין איז די עכסט־דרייסטע, די העכסט אומ־דערשראָקענע. זי איז אויך די העכסט־באַליבטע ביי דעם גרעסטן און בעסטן טייל, ביי דעם רוב מנין און רוב בנין, פון דער מענטשהייט. דער דערפאַלג פון דער רעליגיעזער געזינונג, די פּאָפּולאַריטעט פון דער רעליגיעזער אַנשויאונג ווייזט אונדז, אַז די דערהייבנסטע אידעאַלן קענען געפינען די גרעסטע צאָל אַנהענגער. די דערקלערונג פאַר דעם איז אַן איינפאַכע. די־דאָזיקע רעליגיע־אידעאַלן זיינען דער גייסט פון גייסט, די נשמה פון דער נשמה פון דער מענטשנראַסע, פון דער וועלט. זיי זיינען עס דער סאַמע עצם מהות, דער מאַרך און קליאַק פון די ביינער פון דאַזיין אַלס אַזעלכן. מאַגנאָעגאטיק, זעלבסט־אידעאַליזירונג־רעאַליזירונג, אוי־טאָמאָראַל איז די עטיק, וועלכע עס האָט פאַרמולירט גאָט פאַר גאָט, ד״ה דער זיך פאַר זיך אַליין. מאַגנאָעגאָאיזירן מיינט אַריבערצושפּרייזן רוים מיט זיין לאַמער־קרומער אומענדלעכקייט און אַריבערצוטראָגן צייט און ווערן דער אמת׳ער אבסאָ־לוט, אָן קיין שום השגה מכוח רעלאַציאָנאַליטעט און אירע קאָרעלאַטיוון. מאַגנאָ־עגאָאיזירן מיינט פאַרווירקלעכן דעם „יהוה אחד ושמו אחד״. אָט־דער אידעאַל איז געשאַפן געוואָרן פון דער גאַנצער מענטשהייט, ער האָט אָבער געקראָגן זיין קלאָרסטן אויסדרוק אין יידישקייט־פילאָזאָפיע, אין יהוה־חכמה. אין אָט־דער ווי־זיע האָט די מענטשהייט אַריינגעטאָן אירע דערהויבנסטע אַספּיראַציעס, די סוב־לימסטע דרייסטונגען, די שטאַרקסטע ליידנשאַפטן־געלוסטונגען. אָט־דער אידעאַל איז געווען, איז און וועט זיין די גרעסטע אַטראַקציע, וועלכע די מענטשהייט פאַר־

מאָגט. דער דאָזיקער אידעאַל איז איינגעוואָרצלט אין די סאַמע מעמקים פון דאָ־זיין. ער האָט געזויגן און זויגט עד־היום, ווייל ער וועט קיינמאָל ניט אַנט־וואוינט ווערן, די ברוסט פון דער אַל־מוטער, פון שדי. דער דאָזיקער אידעאַל פון אני־יהוה, פון מאַנאָטעאַטיק איז ניט אַן אידעאַל, וועלכער געפינט זיך אין אויס־שליסלעכן באַזיץ פון מענטשן. ניין! יעדער פענאָמען, יעדער פּראָצעס, האָט אין אים אַ חלק. ער שפּראָצט און יוירט אין יעדן אָביעקט, וועלכער געפינט זיך נאָר אין דער וועלט. מער ניט וואָס זיי, די נעבאַכדיקע אָביעקטן פון דער וועלט, וועט עס נעמען אַביסל לענגער צו דערגרייכן, זיך צו דערהייבן צו אָט־יענער דרגא.* אויב בכלל מען קען גאָר ריידן וועגן נענטער און ווייטער, ווען עס האַנדלט זיך מכוח אַזוינע מרחקים פון צייט.

צווישן דעם „יידישן־מענטשן" און די איבעריקע דערשיינונגען פון דער גרויסער וועלט ליגט ניט קיין אָפּגרונט. די פּערזענלעכקייט אין דיסטינקציע פון חיה־מענטש אַלס אַזעלכן איז איינער פון די דעסטינאַציע פונקטן אויפן ווייטן אומענדלעכן וועג פון פּילגרימונג צו דער פּערפעקציע פון אני־יהוה׳טום. מיר זיינען טאָקע קינדער פון יהוה, בנים אתם ליהוה... אָבער עס זיינען ניטאָ קיי־נע שטיפקינדער ביי דעם רבון העולמים. בנוגע אינסיסטענץ־עקזיסטענץ הערשט פולשטענדיקע גלייכהייט. קיינער איז ניט הינטערשטעליק. קיינער האָט קיינעם ניט פאַרלאָפן דעם וועג. אָט־דער רייכסטער געשאַנק ווערט אויסגעטיילט צווישן אַלע ברואים און אָביעקטן, אָן קיין שום דיסקרימינאַציע, אָן קיין שום איבער־היפּ. אַלע מיני אויסצייכענונגען ליגן העכער, אין די אויבערשטע שיכטן. דעם דעק זיינען זיי ניט נוגע. אין דעם פּרט איז מענטש און וואָרים גלייך, גאָון און שטייבעלע, וואָס עס טראָגט אַרום און וואַרפט אַרום דער גרינגסטער ווינטל, זיי־נען אידענטיש. צייט האָט מיט דעם אויך ניט וואָס צו טאָן. מחמת די מאַניפּולאַציע פון מאַטעמאַטיק, פון חבור און חיסור פעולה, האָט ניט קיין דעה, קיין שטים־רעכט אין דער פאַרזאַמלונג פון ריינעם דאָזיין־דאַמיין. אינסיסטענץ־עקזיסטענץ איז אַ קוואַליטעט. צו אינסיסטירן איין מאָמענט אָדער אַ לענגערע צייט, ווי באַלד עס גייט ניט אַרויס פון דער צייט־רוים־ראַם, איז איין און די זעלביקע זאַך.

דער מענטש איז ניט ריין־מענטשלעך. ער איז, צו דער זעלביקער צייט, אויך אַ שטיק דאָזיין, אַ שטיק חומר עכור, אַן אָרגאַניזם, אַ פּשוט׳ער קערפּער. אין פיעלע פּרטים איז ער אַפילו הינטערשטעליקער פון דעם איינפאַכסטן שטיינדל,

* אַבא גאָרדין, יודאאיזם אַלס מאָנאָטעאַיזם אין די „יידישע שריפטן" ז״ז 120—121, 1941.

וואָס וואָלגערט זיך ערגעץ אין פעלד. מע דאַרף האָבן אין זינען אַז דער קלענסטער טייל, דער עכסט אומבאַדייטנדיקסטער חלק פון דאַזיין פּאַרטיציפּירט, נעמט אַ די־רעקטן אַנטייל אין איינעם פון די גרעסטע ניסים, וועלכער הייסט דער קיום. דער יש איז טאַקע אַ פאַל פון „ניסים ונפלאות״, אויב מע וויל זיך אויסדריקן איבערפּלעכלעך. באמת איז דער יש, דער באַשטאַנד הן נאַטירלעך און הן איבער־נאַטירלעך, צו דער זעלביקער צייט. וואָרים וואָס מיינט איבערנאַטירלעך? עס מיינט וואָס עס זאָגט פילאָלאָגיש. עס איז אַן אַרויפבוי, וועלכער איז אויפגעריכט אויף די יסודות פון דאָס נאַטירלעכע, וואָס איז אַליין טיף איבערנאַטירלעך. ווייל די נאַטור אַליין איז אַ מין איבער־און אויבער־נאַטור. זי איז אַ מין רעפלעקסיע פון דעם מיסטעריעזן זיך־זעלבסטום. ווייל דאָס, אַזויגערופענע, געוויינלעכע איז פלאי־פלאים׳דיק לויט זיין עצם מהות נאָך.

לענגער פון אַלץ איז דער מאָמענט. וואָרים וואָלט ניט געווען בנמצא אַ מאָמענט, עפּעס אַ מין דוראַציע, ווי קורץ זי זאָל ניט אויסזען, ווען געמאָסטן אויף אַ שאַבלאָנישן שטייגער, וואָלט ניט געקענט זיין קיין אייביקייט, קיין פאַרגאַנגנ־הייט, קיין צוקונפט. אין דעם מאָמענט, וועלכער איז אַ קרושל, אָפּגעבראָכן פון לאַבן־אייביקייט, ליגט דער גרויסער סוד פון דער גאַנצער דוראַציע, וועלכע איז אַן אומאויסשעפלעכער זעלבסט ־ שפּרודלדיקער קוואַל, וואָס קוועלט אַן פון זיין אייגענעם נחת, פון זיין אייגענעם כוח. דער מאָמענט ליגט אין דער אייביקייט און די אייביקייט איז איינגעשלאָסן אין איין מאָמענט. אַן מאָמענט וואָלט ניט געווען קיין אייביקייט, ווייל ער שטאַמט דאָך אָפּ פון דער אייביקייט. ער איז בלויז אַ טיילכל אירער. און ווען דאָס טיילכל אַלס אַזעלכעס וואָלט ניט האָבן קיין ממשות, וואָלט פאַלן אַ חשד אויף דער ממשות׳דיקייט פון דעם גאַנצטום פון אייביקייט.

די סומע פון רעטענישדיקייט ווערט קיינמאָל ניט קלענער. להפך, זי ווערט אַלע מאָל גרעסער. זי האַלט אין איין וואַקסן, צוואוואַקסן און צעוואַקסן זיך. דאָס וואָס דאַזיין קען זיך ניט שיידן מיט זיין פלאי־פלאים׳דיקייט, וואָס מיינט אַז מיר קענען ניט פאַנאַנדערפלאָנטערן דעם עקזיסטענץ ־ פלאָנטער, איז ניט קיין סימן דלות פאַר אונדזער מענטאַליטעט, פאַר אונדזער דענקנס־פעאיקייט. גיכער פאַר־קערט. ערשטנס, אין דעם געפיל פון אונדזער איגנאָראַנץ, פון אונדזער כלומר׳־שטער עם־הארצות, ליגט דער אייגענער אומגעדאַנק ווי אין אונדזער נאַאיוו־אויפגעפּאַסטער שולדיקייט־דערקלערונג. די נאַאיווקייט באַשטייט אין דעם: אויב מיר פלאָגן זיך אַזוי מיט דעם וואָס מיר זיינען בעבאָך שולדיק־זינדיק, מיינט דאָך עס אַז מיר זיינען בעלי־תשובה, און מיר שטייען העכער, לויט דער טיפער טעאָלאָגיש־עטישער אויפפאַסונג, פון צדיק גמור. ווייל אין שולדיקייט־געפיל

ליגט דאָך פאַרבאַהאַלטענערהייט די זיכערקייט פון צדקות און אומשולדיקייט. און דאָס מיינט דער תלמוד, ווען ער דערקלערט אַז אני־יהוה איז זינדיק, און זאָגט: ברענגט פאַר מיר אַ קרבן ווייל איך האָב געזינדיקט. די חכמי התלמוד האָבן ניט געוואָלט אַז דער רבונו של עולם זאָל פאַרלירן אַזאַ גאָלדענע געלעגנהייט ווי צו זיין אַ חוזר־בתשובה. אונדזער אַזוי געררופענע איגנאָרענץ איז אַ באַווייז פון אונדזער טיף־וויסעניש, פון אונדזער קרעאַטיווער לומדות, פּאַנסאָפּיזם. ווייל די דאָזיקע באַהויפּטונג אַז מיר וויסן גאָרניט, איז אַ צייגעניש, אַז מיר פאַרמאָגן ערגעץ אַ בעסערעס וויסן. אָדער מיר שפּירן עס פאַרויס, אָדער מיר האָבן אַן אָנונג מכוח אָט־דעם וויסן. אַן דעם וואָלטן מיר ניט געהאַט די העזה אָפּ־צוואַרפן דעם סך־הכל פון אונדזערע ידיעות און זיי באַצייכענען אַלס ניט צו־פרידנשטעלנדיק.

דאָס אַנטדעקן רעטענישן און לייזן זיי, דערנאָך געפינען רעטענישן אין די סאָמע לייזונגען איז אַן אומענדלעכער פּראָצעס, איז אַ ראָטאַציע אָדער אַ וועב־שיפל האַנדלונג. די פּראָבלעמען זיינען פאַרוויקלטע. די ענטפערס אויף די פּראָבלעמען זיינען דאָך, זיכער, מער פאַרוויקלט ווי די פּרעגענישן, וועלכע זיי פאָלגן נאָך. אַזוי אַרום איז יעדע תשובה מער עניגמאַטיש, ווי די שאלה, וועלכע איז איר פאַרויסגעגאַנגען. און אַנשטאָט צו פאַרקלענערן די סומע פון דאָס רעטזלהאַפטע פאַרגרעסערט זי עס. און דער דאָזיקער אומשטאַנד דאַרף ניט דינען פאַר אַ סמך פון פאַרצווייפלונג, נייערט דינען אַלס אַ דערמוטיקונג, שטאַרקן דעם גלויבן אין מענטשלעכן פאַרשטאַנד. די ענטפערס מאַכן דעם ענין, נאָ־טירלעך, ניט פּשוט׳ער, נייערט קאָמפּליצירטער, מער וואונדערבאַר און דערקלע־רונג־מאַנענדיק. דאָס פּעסימיסטישע קלאָגן זיך אויף דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד, וואָס האָט זיך אַ נאָמען געגעבן „אגנאסטיציזם״, איז, אין תוך גענומען, אינ־גאַנצן גרונטלאָז. דער אַגנאָסטיק זעט אויף זייט פון דעם וויסן־פּראָצעס. ער אור־טיילט איבערפלעכלעך וועגן דעם גאַנצן ענין. די וועלט איז פול מיט רעטענישן און אַזוי אַרום גייען די רעטענישן ניט אַרויס פון אונדזער ספּעקולאַציע־הויז, זיי ווערן ניט אַראָפּגענומען פון טאָג־אָרדענונג, אַזוי טענהן די וואָס קלאָגן זיך אויף אונדזער שכל. די נאַאיוויטעט ליגט אין דעם, וואָס די קלאָגעניש־באַקלאָגע־ניש מאַכט די שטילע באַהויפּטונג, אַז אַ לייזונג, וועלכע פאַרמאָגט ניט קיינע עניגמאַטישע עלעמענטן איז בעסער, העכער־קוואַליפיצירט פון דער לייזונג, וועל־כע פאַרמאָגט יאָ דאָס אייביק עניגמאַטישע. אַזוי ווי אַן עקרה וואָלט זיין גע־הייבענער פון אַ פּרוכטבאַרער פרוי.

אַ סאָלוציע, וועלכע פאַרמאַכט די טראַכט און לאָזט ניט אַז נייע געדאַנ־קען זאָלן אַרויפשווימען אין באַוואוסטזיין און זאָלן געבוירן נייע־פרישע ספּע־קולאַטיוויטעטן, איז סטעריל און דאַרף אָפּגעוואָרפן ווערן. ווייל זי רייסט אי־בער די קייט פון דעם אייביקן אויסטויש פון פּרעגעניש און ענטפערניש.*) מען דאַרף באַגרייפן אַז יעדע פראַגע פאַרפאָלגט איין צוועק און דאָס איז צו פאַרגרע־סערן און פאַרטיפן דאָס עניגמאַטישע אין באַשטאַנד, באַגריף און באַטראַכט.

די פּאָזיטיווע כוחות פון דער מענטאַליטעט דאַרפן וואַקסן. דאָס מיינט מיר דאַרפן געבן אַזעלכע ענטפערס, וועלכע וועלן אימשטאַנד זיין אויסצוואַקסן אין גאַנצע סיסטעמען פון טראַכטן און אַלס אַזעלכע וועלן זיי שטיין העכער אין ספּעקולאַטיווער חשיבות פון זייערע געבוירער, פון זייערע טאַטע־מאַמע. דאָס מיינט זיי וועלן זיין מער סודות׳דיק, מער נסתרות׳דיק, מער רעטזלהאַפט.

---

*) אבא גאָרדין, זעלבסט גלויבן, יידישע שריפטן, נומער 5, 1942, זי 7.





# אבראהמס נסיון

פון
## מאיר אסתרס

י״ב.
## אברהמעלע גייט רייסן ליליעס

א טאג, ווי אלע טעג, נאכמיטאג ברענענדיקער הייסער.
בפרהסיא האט אברהמעלע געקארמעט הינער, צוגעווארפן קערנער.
די ליבע פערד ער׳ט צוגעשארט א נאש, א מתן־בסתר,
בגניבה טאן א זאך איז לאקענדיק, עס טוט זיך גערנער.

אברהמעלע געהאלטן האט, אז די דיעטע פון די שווארצע אגערס,
וואס שטייען אין דער הילצערנער, מיט טשערעפיצעס צוגעדעקט, קאניושנע,
איז לכל־ הדעות ניט צופרידנשטעלנדיק, צו ארים און צו מאגער.
ס׳איז, אגב, דארט פון מיסט מיט שטרוי פארקנאטענעם, הייך אנגעבעט, צו דושנע.

אזוי צו שפייזן בעלי־חיים אין א יאר פון זעט,
ווען צוגעהערט עס ווערט דעם פויערס הארציקעס געבעט !
אברהמל איז משער, אז ווען אים מע געבן זאל,
טאג איין טאג אויס, אזעלכע עסעכץ אין א יאר פון זול,

וואלט ער פון די מאכלים, זיכער, ד׳פינגער ניט געלעקט.
געוואלד ! וואס זשאלעוועט מען, ווען פאר אלעמען עס קלעקט.
אזא גערעטעניש אויף קארן, האבער, גערשטן, ווייץ,
כאטש נעם דאס גאנצע געגנט און מיט תבואה עס פארפלייץ.

פון זיך געלערנט האָט אַ גזירה שווה און געדרונגען,
אַז זיינע סוסים די פּאַטראָוועס קענען ניט פאַרטראָגן.
אלא וואָס דען? ניט האָבן אויף דער צונג, וואָס אויף די לונגען:
זיי שווייגן בהכרח, מחמת נויט: קיין דיבור ניט פאַרמאָגן.

וואָס וועט זיי העלפן, ווען זיי טוען פּראָטעסטירן, געוואַלדעווען און שרייען?!
ווער וועט אויסוואָזשען זייערע תרעומות, אויסגעדריקט אין פערדיש לשון?
די מענטשן וואָלטן זיך ניט ווינסדיק געמאַכט: „נו, מאַלע, וואָס פערד ברייען!
ס׳געפעלט ניט די מפונקים אונדזער קעסט, טאָ זאָלן זיי אַליין גיין קאָשען"...

— אָן שפּראַך פון פאָרם איז ניטאָ קיין תוך.
מע גיט זיי האָבער, פּאַילע, קלייען, היי
אַ פולע נודנע און מאַרודנע וואָך
אויך שבת - קודש, יום-טוב, — קייען זיי.

כסדר האָבער מאַלצייטן און וואַסערדיק געטראַנק!
עס קריכט זיי אַזש, מסתמא, דורכן נאָז,
און איידער אָנצוגיין מיט דער רוטין פון סעודה-גאַנג,
זיי וואָלטן ליבערשט, טראַכט ער, שלינגען גלאָז.

און מהאי טעמא, ווען ער קומט אַריין, פאַראומערט קוקן זיי אים אָן,
עס זאָגן זייערע בקשה בליקן:
„ווי קענסטו צוזען שטומען צער, האָסט אַ האַרץ, טא מוזטו עפּעס טאָן,
צו דיר מיר אונטערטעניק ביטעס שיקן".

ער זעט, ווי מע טוט זיי
פרי פירן צו דעם ברונעם,
וואָס טיפע עמערס צווייי
מיט קייט און ראָד משונה׳ם.

און לאַנגע אָנטרינק-קאַריטע, — פאַרמאָגט.
— פאַרוואָס לעבסטו אין רחבות און אין כאַליע
— געוויסן שיער ניט מיט אַ פאַרוואורף זאָגט —
בעת פינצטער-חושכ׳דיק איז זייער דאָליע!

איז ער צום טרויעריקן שלוס געקומען,
אַז די דערוואַקסענע, סיי יידן און סיי גויים,
זיין זיידן אין דעם כלל אריינגענומען,
אויך באָבען, זיינען שלעכטע מענטשן — רשעים . . .

באמת, ס'איז דאָך צער בעלי־חיים,
אַ גרויס רחמנות אויף די הינט, און קעץ, פערד, קי און אָקסן.
וואָס טויגן מצוות זיידע איז מקיים!
אנשטאָט אַ האָרץ, אין ברוסט ביי אים אַ שטיין ז'אַריינגעוואַקסן.

מיט כל הכוחות ער באַמיט זיך דן־זיין לכף זכות.
ער וויל ניט טראָגן קיין בייז האַרץ, אויף אייגענע ניט ריידן.
צופיל פאַרנומען און דערפאַר אַלץ טוט, ווי אויף איין פוס.
דאָס איז דער תירוץ און דערמיט אנטשולדיקט ער דעם זיידן.

זיך שלייכט אַריין, ווי גנב במחתרת נאָך פאַרמעג,
פון הויף דורך הינטער־טירל אין סטאַדאָלע.
אַ נאַשוואַרג פאַר דעם מויל צו פערדיש האַרץ עס טרעט אַ שטעג,
טראָגט שטיקער ברויט און צוקערקעס אין פאָלע.

די אָגערס, גרויסע בעלי־שכל, האָבן גוט געקענט
דעם פריינט פון אַנימאַלן, דעם בעל־טובה און בעל־צדקה.
זיי וואָלטן פריינטלעך זיך מיט אים צעוויטעט מיט די הענט.
בלית ברירה, נעבאָך, האָבן זיי אים אָנגעקוקט קוסאָקע.

און מיט די נעזלעכער אַ בלאָז געטאָן,
און צוגענומען אָן מחזקות עסנוואַרג־מתנות.
געסטייעט האָט עס זיי קוים אויף איין צאָן,
פאַרצערט מיט אַפּעטיט ווי נאָך מעת־לעת'עדיקן תענית.

געטאָן אַ פירקע איינמאָל, נאָך אַמאָל,
אים אָפּגעגעבן זייער יישר־כוח,
ניט דייטלעך קלאָר, דעריבער אויפן קול.
געבענטשט מיט גוסט, מיט פערדיש טעם און ריח.

און צוגעשאָקלט מיט די שטאָלצע קעפּ,
אָן גדלות, אָבער אויך אָן אָרים־בחור׳שער ענוות.
דער קאַניוך האָט פאַרפלאָכטן היינט אין צעפּ
אָט־די צעוואַקסענע און גוט־צעקאַמטע שוואַרצע גריוועס.

אברהמל פון די ספּריטנע אַגערס — הויפנס נחת שעפּט.
ס׳איז צוגעקומען אים געזונט אין שווערע פולע פונטן
פון דעם באַוואוסטזיין: ער קען מאַכן עמיצן וואָס לעבט
זיך פילן בעסער אויפגעלייגט, צי אויבן צי גאָר אונטן,

צי מענטש, צי בהמה, חיה, עוף, עס איז קיין אונטערשייד.
אַרויס פון שטאָל מיט שיינענדיקן פּנים, מראה כהן.
אַ שמחת־מצווה האָט אין האָרץ זיך יום־טוב׳דיק געפרייט.
וואָס איז דער גרעסטער פאַרגעניגן? גוטע מעשים זייען.

און שפּעטער האָט אברהמעלע אַוועקגעזעצט זיך אונטערן באַרנעבוים,
וואָס הינטער דער לדאָוונע ; מקום־מנוחה־ווינקל גוט איז פאַר התבודדות.
כאָטש פלאַץ איז אָפן, זיכערט ער אים פון אַ חוצניק בעסער פון אַ צוים.
און אַלע זיינען חוצניקעס, בלויז ביט זיין סטאָסע און „מיראָן הקדוש״.

געשטעלט האָט גבול און גדר צווישן זיך און מענטשלעכן אַרום גאַנץ פרי.
און ווייל ער ווייכט פון מענטשן, טוליעט ער זיך צו נאַטור, ווי צו אַ מוטער. —
מיט האָניק טריפט זיס איבעררופן זיך פון פייגעלעך, פון „ער״ און „זי״.
אין ענגן קרייז פון אַנימאַלן שטוביקע, ווי שבת קודש, רוט ער.

ווי יונג און שוואַך, און נישטיק־מאַנטשיקע זיין נפש׳ל איז ניט געוועזן,
אויף יעדן טראַט ער גיט זיך אָפּ אַ חשבון־נפש אויף זיין קינדיש שטייגער.
ער וועגט און מעסט, באַטראַכט זיין פיר, צי האָט ער עפּעס ניט פאַרפעלט, פאַרזען.
צי לויפט פאַרויס, און, אפשר גאָר, עס שפּעטיקט זיך זיין נשמה׳דיקער זייגער.

געשפּרונגען שטיפעריש פון צווייג צו צווייג,
די פייגעלעך געפּישטשעט האָבן פריילעך.
אַ שפּרונג, אַ טאַנץ, פאַרהויל זיך און זיך צייג,
אָט־דאָס איז זייער פליגלדיקער הילוך.

דאָס פליען איז אַ וואונדערבאַרע זאַך.
די פּטאַשקעלעך זיך שפּילן אין באַהעלטעניש, אַפּנים.
זייך האַרץ פאַרדריקט, — אַ שאַנדע און אַ שמאַך!
און טאַמער לויפן זיי באַהאַלטן זיך פון רוצחים־שונאים?!

דערהערט אַ פּישטש. די קינדיש טענער האָבן זייך נשמה׳לע געריירט.
בפועל־ממש זיך פאַררעכנט פאַר אַ קרוב, רעכט א לייבלעך ברודער.
אַזאַ פאַרוואַנדשאַפט באַענטע, אַן אויסגעבונדנקייט האָט ער געשפּירט.
מיט קלאַפּנדיקן האַרץ אַנטדעקט אַ נעסט, אין אים געפּילדער און גערודער.

די עופה׳לעך, די קוים־באַפּוכטע האָבן זיך געדרענגט ביים סאַמע ראַנד
פון עפּענונג־אַריינגאַנג, זיך געשטופּט, איינס איבער אַנדערן געקראַכן.
אַ וואַרע מאַכן פאַרן טאַטן, וואָס געקומען איז מיט פּראָוויאַנט
פון ווערימלעך אין שנאָבל, קוויקנדיקער מאכל, ווי פאַר הינט אַ קנאַכן.

ער זיכער איז געוועזן,
אַז דער מפרנס, ברויט־געבער, איז פּאַטער.
עס שיקט זיך אַנדערש דען?
אַ מוטער פון די זאַכן איז דאָך פּטור.

ער קען דעם פונקציעס־איינטייל קוים פאַרשטיין,
דאָך ווייסט, אַ „זי״ לייגט אייעלעך, שאפט לעבן.
עס איז איר עובדא נעסט צו האַלטן ריין,
ווי אויך אויף יונגוואַרג־שטיפערס אכטונג געבן.

שפּייז־עקספּעדיציעס זיינען ריזיקאַליש:
עס לויערן אויף פויגעלעך די שלאַנגען,
דערצו איז עס ניט איבעריק מאָראַליש:
מ׳דאַרף כאַפּן ווערימלעך, איבזעקטן פאַנגען.

די פויגלען שוואַכע עסערס,
ניט הונגעריק, ניט זאַטע.
די סעודה אויף שפּיץ־מעסער
געבראַכט האָט זיי דער טאַטע.

די פויגעלשע משפחה
דערמאָנט אים זיין מערכה:
די אייניקלעך וואָס מאַכן,
זיי ווייַנען צי זיי לאַכן?

עס לויפט די צייט, זינט ער האָט זיי געזען פאַראיבער זייַנען שוין צוויי וואָכן.
וואָס איז מיט אים דער מער? ביט שוין־זשע וועט זיי ביט באַזוכן, היתכן?!
צו סטאָסעלען אים ציט מיט צוואַנגען, דאָך פאַר פרעמדער סביבה האָט ער מורא.
ווייסט, באָבע, זיידע קוקן קרום אויף די באַזוכן, ווי אויף אַן עבירה.

מע טאָר אַ שלום־בית ניט צעשטערן, אַ משפחה ניט צעשפּאַלטן,
דער באָבע׳ן, אמת, אויך דעם זיידן זייַנען די וויזיטן גאָר ניט ניחא.
דאָך דאָס אַליין, געגומען אַנאונפאַרזיך וועט אברהמלען ניט אָפּהאַלטן.
עס איז אַ ריס אין האַרצן, בלוטיק־שרייענדיקער וויטאָק, אַ רציחה...

ט׳אַריבערלויפן, ברענגען זייַנע אייניקלעך געשאַנקען.
ער פאַרשט זיין האַרץ, זיין אינערלעכן שורש איז ער בודק.
געפילן צו זיין סטאָסען פלאַמען אויף און צאַנקען.
„עס איז אַן עוולה גדולה, דיין געפאַסט באַשלוס פאַרטיידיק!"

וועט ברענגען אייניקלעך און באָבען טייערע פּרעזענטן.
ער כאַפּט זיך, אַז ס׳איז לייכט צו זאָגן, שווער עס דורכצופירן.
מתנות ברענגען, דהיינו, וואָס? אַ קוילעטש, אַ פאַרברענטן?!
ס׳איז צרות, ווען מע דאַרף אי זיך, אי אַלעמען האַווירן.

פון עסנוואַרג עס קען ניט זיין קיין רייד, ס׳איז אויסגעשלאָסן!
ער האָט דערפאַר צוויי ריכטיקע אומאָפּשלאָגבאַרע טעמים.
אַ טאָפּלט בוכהאַלטעריע פירן? ער קען ניט אַנווענדן צוויי מאָסן:
ס׳איז אַ געפאַר, מע דאַרף אין זיך ניט זיין קיין גרויסער מאַמין.

אויב ער, אַ ידיש יינגל, טרפות טאָר אין מויל ניט נעמען,
דאַן דאַרף־זשע סטאָסלען זיין פאַרבאָטן כשרות צו פאַרזוכן,
פונקט ווי צו האַלטן שבת; אַלצדינג וועגדט זיך דאָך פאַר וועמען...
פאַר איר איז חלה אסור, ווי פאַר אים פת־עכו״ם־קוכן.

וואָס זיינע, ניט אין שייכות צו דעם אַפּשטאַם, — אייניקלעך עס איז נוגע,
ער זעט אין זיי, טראָץ זייער ברכות נאָכזאָגן, פּולבלוטיקע פּינף גוי׳עס.
ער איבער זיי, גערעדט גאַנץ אָפן, האָט אַ קנאַפּע אָדער גאָר קיין דעה.
צו האַלטן זיך פאַר זייער ממש׳דיקן זיידן וואָלט געווען אַ טעות . . .

אַ גרויע באָרד אַפילו, ווען ער טראָגט,
פון זיידנערד ער איז דער דינער זאַלץ
און אַטריבוטן זיידישע פאַרמאָגט,
אויך דאַן איז ער אַ שטיף־זיידע, דאָס אַלץ.

כאָטש וואָס איז שייך מהות, סאַמע־עצם זאַך פון זיידיש־יידיש חן,
ווי גדולה, חשיבות, הדרת־פּנים, שטאַלץ, פּרעסטיזש און ווערט,
אַברהמל איז אַ שני בלויז צום זיידן, ר׳ ישראל׳ן, אַליין.
דער זיידנטום מיט אַלע פּינטעלעך צו אים געהערט.

דאָס, אָבער, מיט דעם ענין אַפּשטאַם זייערן האָט גאָרניט וואָס צו טאָן.
ער איז אַ שטיף־זיידע, בשום אופן ועניו קיין זאַך מער.
זיי זיינען אירע. ער האָט זיי ביי איר געפונען גלייך פונאַנהויב־אָן.
געוואָרן איז אַ זיידע, ווייל ער איז אַ קאַוואַליער . . .

האָט זיי געבוירן זייער מאַמע ? אין די פּרטים וויל ער ניט אַריין.
אוודאי זי . . . נאָך איידער ער מיט סטאַסעלען געווען איז באַקענט.
עס איז אים קלאָר די סדרה „אלה תולדות ליאלקעס״, ווי פון טאָג די שיין,
עס האַנדלט זיך מכוח ראַסיש אַנגעהעריקייט, ניט סענטימענט.

קיין ברעקל ספק איז ביי אים געווען,
זיי זיינען ערל׳טעס, און ניט פאַר זיי איז יידיש שפּייז.
און וואָס מיט זיי און אים זאָל ניט געשען,
ער וועט ניט גיין אין דיעטעטיק אויף אַ דינעם אייז.

און צווייטנס, אַ זאטשיעפּקע בלויז, דורך „תרתי לריעותא״ ווערט זי סאָליד,
און איגנאָרירן עס אינגאַנצן האָט ער בשום אופן ניט געקענט.
כאָטש עס האָט ניט געהאַט קיין שייכות צו באַציאונגען פון גוי און ייד:
אין אַלגעמיין, דער ענין „קאַרמענען״ איז האַרב, אַ „שווערלעכער מאָמענט״...

ער איז כמעט מסופק אין „ראַיעלקייט” פון די קוקלעס־אַפּעטיטן.
שטעלט אונטער פראַגע זייער גוט באַהאַוונטקייט אין הלכות פון אכילה.
ווער קען באַגרייפן דמיונ׳ס דרכים און פאַנטאַזיע׳ס אויסטערלישע זיטן,
זיך דווקא אָפּגעשטעלט ביי דעם באַריער, פאַר׳עקשנ׳ט זיך, ווי אַ גערילע.

זיי זיינען אייניקלעך לכל־דבר, כדת וכדין, קיין חששים, קיין פאַרדאַכטן,
קיין קאַליקעס, ברוך השם, צוגליך מיט לייטן, וועזנס גאַנץ נאַרמאַלע.
זיי זיינען שלעפּערקעס גאָר איינע אין אַ מדינה... בעסערע ניט צוצוטראַכטן.
ס׳איז, אָבער, ווייטער מהלך צווישן שלאָפן און דאָס קענען עסן חלה...

ווי שלעפערקעס אַריבערשטייגן ר׳ ישמעאלן, זיין זייד׳ן,
וואָס פלעגט אין שלאָף זיין ליולקע פּיפּקעווען, דעם לאַנגן טשיבעק שמאָקטשען, זויגן.
פון זיי מע הערט קיין פּיפּס... ס׳איז מקנא זיי צו זיין! פון שלאָף זיי קיינמאָל ריידן,
און קענען שלאָפן דעמאָלט, ווען זיי האַלטן אָפן, ווי בעת וואָר, די אויגן.

זיי קענען פּישטשען אויף די הייכע טענער, יעלה׳ן, גוואַלדעווען און שרייען,
און בריות אויף די פיס צו שטיין פאַר שעהן נאָכאַנאַנד און מיד ניט ווערן.
מיט סטאַסעלן, פאַרפוצט אין עסיק און אין האָניק, פאָרן זיך קאַטאַיען.
דאָס אַלץ איז אמת ויציב, דאָך שטאַרק פּראָבלעמאַטיש איז דער ענין נערן.

ער איז געגוויגט צו האַלטן, אַז זיך שפּייזן זיינען זיי ניט ביכולת.
דאָס וועט זיי צו אַשידוד־טאָן ניט שאַטן, עס איז גאָרניט קיין חסרון.
עס איז אַ מעלה דאָ דערביי, כאָטש גויות, עסן ניט קיין טריפות און נבילות.
די באָבע... מילא... אבער ניט זיי, ניט די מוטער, וואָס האָט זיי געבוירן.

געבליבן איז די שאלה פאַר אַ היפּשער צייט אויף פראַגע־צייכן הענגען.
צום סאַמע סוף און לאחר עיון גדול ער באַשלאָסן האָט צו קומען . . .
(נו, טרעפט מיט וואָס, אַז ניט קיין עסנווארג, טאָ וואָס קען ער זיי טאַקע ברענגען ?)
מיט געטלעכן געשאַנק פון זעלטענע עקזאָטישע געוויקסן — בלומען,

אַזעלכע וואָס ניט אָפּט מע קען זיי זען.
„אַנטיקן” איינצושאַפן וועט זיך פּלייסן.
עס וואָלט ביי זיי ניט אָנגעלייגט געווען
אָט־דאָס, וואָס יעדערער קען גיין און רייסן.

זיך איינצושאַפן יענע בלומען פאָדערן זיך זאָל אַ העלדנטאַט.
ניט רויז, פיאָלקע, אויך ניט קיין פאַרגעס־מיך־ניט, אַפילו ניט קיין לאַנדיש,
אַפשיטא שוין קיין פעלד־בלימלעך, וואָס יעדער איז מיט זיי אַ פּאַני־בראַט.
זיין אויסוואַל איז געמאַכט, וועט ברענגען וואַסער־ליליעס און ניט עפּעס אַנדערש.

אַט־דאָס וועט זיין שוין איינמאָל אַ בוקעט!
די ווייסע ליליעס מיט די דינע שטענגלעך פאַר מתנות רייכע פּאַסן.
ווער קען אויף זיי זיך אָנקוקן צוזעט?!
זיי שווימען אויף דער וואַסער־פלאַך, ניט וואוינען צווישן די געוויקסן־מאַסן...

די ווייסע ליליעס מיט די ברייטע, גרינע, פרישע בלעטער... אַ בוקעט!
שוין איינמאָל אַ בוקעט! פּראַסט אַ דערקוויקונג פאַר די אויגן, אַ מחיה!
ביי אים איז אומר ועושה, וועט עס טאָן און באַלד, ניט אָפּלייגן ביז שפּעט.
די ליליעס רייסן מעג ער, זיי געהערן ניט צו קיינעם, הפקר פרייע.

פּריוואַטן אייגנטום ער רעספּעקטירט, כאָטש אין פּראָבלעם זיך ניט געגריבלט.
מיט שמחה פון התרת־ספיקות טוט אַ פּאַטש אַברהמל אין די הענטלעך,
און צו דער סאַזשעלקע איז גלייך אַוועק. דאָס שטילע וואַסער האָט געשוויבלט
מיט שטאָלצע גענדז און גאָנערס, מיט אַ גאַנצער מחנה גענדזעלעך און ענטלעך.

לגבי בעלי־חיים האָט ניט מענטשנקינד מיט וואָס זיך צו באַרימען.
ער'ט ליב געהאַט צו שטיין באַשיידן אויפן ראַנד, באַאָבאַכטן פאַר שטונדן,
ווי אַלטוואַרג נורקען קונציק, יונגוואַרג לערנען זיי די גרויסע קונסט פון שווימען.
פאַר זיי דאָס וואַסער איז קיין מניעה, ער — צום ברעג, ווי תפוס ז'צוגעבונדן.

די גענדזעלעך, דערהויפּט די ענטלעך זיינען ברואים מאָדנע, גאָר טשיקאַווע.
דער פוס איז בלענדלעך־ווייס, ווי שניי און געלבלעך־רויטלעך זייערע צוויי פיסלעך.
אַזעלכע שרעקעדיקע אויף־דער־ערד און אויפן וואַסער — העלדינס בראַווע.
זיי זיינען רייך און מלא־חן און דאָך אַביסל אומגעלומפּערט, מיאוס'לעך.

און האַלבע זיך צעוואַקסנדיקע־איבערהאַקנדיקע וואַסער־קרייזן
מיט נאַסער קילער רואיקייט די גראַציעז באַוועגונגען באַגלייטן.
ער איז זיי שטאַרק מקנא; ס'ווילט זיך גריילעך אים זיין קענטשאַפט זיי באַווייזן.
וואָס קען ער, אינגל נעבאַך, טאָן! יבשה האַלט אים צוגעשמידט מיט קייטן.

אַ געבאַך איז דער מענטש ! דאָך ווער פאַר וועמען האָט אַ שלאַכטהויז און אַ יאַטקע !
פון אַנימאלן שינדט דאָס פעל, פאַרצערט דאָס פליישׁ, וואַרפט צו דעם הונט די ביינער.
ניט ווייט פון אָרט, וואו גוי׳עס קלאַפּן גרעט מיט פּראַלניקעס, זיך ליגט אַ קליאַדקע.
זי רוט מיט אָפּגעסמאַליעט־אָנגעסמאַליעט עקן אויף צוויי פלאַכע שטיינער.

איין שטיין געלעגן איז מיושב׳דיק, אַלס אונטערשטיץ, אין זאַמד גאַנץ־נאָסלעך וויכן,
אַ צווייטער שטיין בראשו ורובו איינגעפּאַסט אין סאזעלקע׳ס געלעגער,
אַרויסגעשטעקט פון וואַסער האַלט אַ הוילע פּלייצע, לפּנים איז זיך מכין
אַרויסצוקריכן . . . ווען וועט זיך באַפרייען, ציילט אַ רגע צו אַ רגע ער.

אברהמל שטעלט זיך אויפן ברעטל, האַלט אין האַנט אַ שטעקן.
אַריינגעשלאָגן איז אין אים אַ גראָבער טשוואָק, פאַרבויגן,
פאַר אַט־דער אונטערנעמונג וועט די אויסשטאַטונג אים קלעקן:
אויף צו פאַרטשעפּען דינע שטענגלעך דאַרף זיך טשוואָק אויסטויגן.

די ליליעס ברייט צעוואַקסן, פריי און פראַנק זיך שפּרייטן שיער ניט ביזן ברעג.
אַן קוויינקלעניש פלאַנירט, פול מיט באַגייסטערונג, פאַרזיכערט מיט הצלחה.
ער׳ט אויפטאָן אין אַ שעה דאָס, וואָס אַן אַנדערן וואָלט נעמען גאַנצע טעג.
ער זעט מיט גייסטיק אויג אַט־דעם בוקעט . . . אויף אים וויל מאַכן שוין אַ ברכה ...

באַטרעט די קליאַדקע, שפּרייזט מיט לייכטע פלינקע טריט.
פון זיין געוויכט עס שאָקלט זיך דאָס ברעטל,
ער וויל דערפון ניט וויסן, ס׳לויטערט זיין געמיט.
ער איז קיין פּחדן, קען באַשטיין זיין שטעטל.

ער גייט זיך ווייטער. רעכטן מיטן האָט ער באַלד דערגרייכט,
די קליאַדקע האָט זיך אונטער זיינע פיסלעך אויסגעבויגן, ווי אַן אַרקע.
ער ווערט דערשראָקן אימת־מות און, ווי טויט, פאַרבלייכט.
ער גיט אַ ציטער — אינגל איז געוואוינט צו שטייפן גרונט, צו פעסטער קרקע.

אויף לינקס אַ בויג —
אַרויסגעשלאָגן פון באַלאַנס,
אויף רעכטס אַ בויג —

פאַרלאָרן שוין זיין לעצטן שאַנס!
אין וואַסער זיך אַ בוכטע געטאָן —
אַזוי פון תמיד גייט עס אָן:
ביסט ניט געניט,
מאַכסט פאַלשן שריט,
באַשטראָפט ווערסט אויפן אָרט,
און פּטור, ניט קיין וואָרט:
נאַטור קען ניט פאַרצייען. —
נאָך הילף וויל רופן, שרייען.
דאָס שטילע, קלאָרע וואַסער
איז קעגן דעם פאַר׳מוסר,
זיין מויל און שלונג, און נעזלעכער פילט אָן.
ווי קען ער קריגן שטימע׳ס הילכיק טאָן?
זיין רוף וואָלט סיי ווי סיי געבליבן
אַ קול, וואָס די מדבריות ליבן,
זיין אָפּקלאַנג גייט אין שטילקייט קרועה־בלואה.
פון אַלע שערי רחמים און ישועה,
אין דעם מאָמענט, שטייט אָפן בלויז איין טויער,
דאָס איז מיראַנ׳ס פול־וואַכזאַם אויג און אויער.
קיין האַלבע רגע האָט עס אים גענומען,
אין אויגנבליק צולויפן איז געקומען.
די קאַטאַסטראָפע זעט —אַ שרעק! אַ גרויל!
ער לאָזט אַרויס אַ הימל שפּאַלטנד הויל.
איז איבערגעגעבן ניט בלויז מיט דער צונג, —
אָן טראַכטעניש, אין וואַסער גיט אַ שפּרונג!
כאַפּט אָן אַברהמלען ביי די פאות,
וויל יוצא־זיין לכל הדעות:
צום נאָנטן ברעג מיט קינד גלייך צוגעשוואומען;
וויל זאָגן עפּעס, קען ניט, נעמט ער ברומען.
אים צוגעשלעפּט צו דער באַגראָזטער פּאַשיק.
אַ כאַפּ געטאָן זיין היטל, פליק — דעם דאַשעק.
אברהמעלען געגעבן האָט אַ שטאַרקן טרייסל,
ווי להבדיל גאָגעלעך אין סטופּע אָדער שטויסל.

אברהמעלע דערוואַכט, קריגט כח,
דערשמעקט פון גראָז דעם פרישן ריח...
אַ גדולה! ער דערפרייט זיך.
נאָר גלייך דער קאָפּ פאַרדרייט זיך:
דער הונט אין וויזיע־פעלד זיך טאָפּלט, הינטלט,
און פאַר די אויגן מיניעט ,ליניעט, פינטלט.
עס קאַרוסעלעווען די שייערס, שטאַלן.
אַ שלאפקייט־שלעפערקייט איז אים באַפאַלן.



# ידיד נפש

(אַ תפילה)

יידיש פון
## צבי שטאָק

מיין פאָטער, משה ליב.

י — זעלישער פריינט, דערבאַרימדיקער פאָטער,
צי צו דיין קנעכט צו דיין ווילן. —
זאָל לויפן דיין קנעכט ווי אַ הינד,
זאָל ער זיך בוקן אנטקעגן דיין פראַכט
זיין דורשט צו שטילן. —
זאָל אים זיין אָנגענעמער דיין פריינטשאַפט
פון זיס־טריפיקן האָניק און פון יעדן
גוטן טעם. —

ה — פראַכטיקער, שיינער, לויטערקייט פון דער וועלט, —
מיין זעל איז קראַנק פון ליבשאַפט צו דיר,
איך בעט דיך, גאָט, הייל זי אויס
באַווייזנדיק איר די ליבלעכקייט פון דיין וועזן;
דאַן וועט זי זיך שטאַרקן און ווערן געזונט
און האָבן די אייביקע פרייד וואָס איר פעלט. —

ו — געטרייער, זאָל זשע דיין רחמים ברומען.
באַשיץ, איך בעט דיך, דיין געליבטן זון, דיין וואוילן;
שוין לאַנג אַז איך האָב געטאָן גלוסטן
צו זען דעם רום פון דיין שטאַרקער מאַכט.
צו דעם אַלעמען טוט מיין האַרץ גאַרן
טאָ האָב זשע רחמנות און טו זיך ניט פאַרהוילן.

ה — אַנטפּלעק זיך, איך בעט, און פאַרשפּרייט
מיך געליבטער, איבער מיר, דיין סוכה פון שלום;
זאָל די ערד באַלויכטן ווערן פון דיין פּראַכט,
און לאָמיר זיך פרייען מיט דיר אין גרויס פרייד.
איל זיך, געליבטער, שוין געקומען די צייט
מיר קוקן אַרויס אויף דיר אויף איטלעכן וועג,
לייטזעליק אונדז ווי אין די אַמאָליקע טעג.

דער מחבר פון ידיד נפש, מיטן אקאָסטריך פון שם־הויה איז געווען ר׳ אליעזר (אלעזר) אזכרי (אזקרי) רב, מקובל און מחבר פון ספר „חרדים״, וועלכער האָט געלעבט אין 15טן יאָרהונ־דערט, ער איז געווען אַ מיטצייטלער פון אר״י. איז אויך געווען אַ תלמיד פון יוסף סאגיס און אַ מוסמך פון ר׳ יעקב בי־רב, א צייט לאַנג האָט מען עפ״י טעות מיחס געווען די דאָזיקע שיינע תפילה צו ר׳ יהודה הלוי אָדער צו ר׳ ישראל ניאגרה.

צ. ש.





# דער אַלטער בונד און יונגער „בונד"

(אין באַצוג צו י. י. טרונקס עסיי „בונד" און „בונדיזם", אונדזער צייט, סעפּט. 1944)

פון

## א. מחבר

.1

י. י. טרונק שרייבט:

„ווען יידן אין אַמעריקע וועלן זיך סוף־כל־סוף באַשליסן צו גיין אויפן וועג פון פולער יידישער קאָנטינואיטעט, וועט דער בונדיזם אין זיך האָבן גרויסע שאַנסן צו זיין אַ וועג־ווייזער און אַ קאָנסטרוקטיווער אידעאַל פון יידישקייט אין אַ דערהויבענער מענטשלעכער צוקונפט" (ז' 36)

עס שטעלט זיך די פראַגע: האָט דער בונד אין זיין ליטעראַטור אַרויסגע־וויזן געוויס יידישן זעלבסטשטענדיקן דענקען אַרויסצוקומען צו דער ראַדיקאַלער וועלט מיט ראַדיקאַל־יידישע פאָדערונגען? דער בונד האָט זיך באַגנוגענט מיט אַן אויטאָנאָמיע פאַר די יידישע מאַסן, בשעת די ניט־יידישע פאַרמאָגן אימ־פּעריעס. איז דאָס, דער נעבאַכדיקער אויטאָנאָמיע־פּרינציפּ, אַ ראַדיקאַלע ליי־זונג פון דער יידן־פראַגע וואָס איז בעיקר אַ שטאַט און טעריטאָריע פראַגע? בנוגע יידן האָט דער בונד פאַרגעשטעלט מיט זיך קיין שום ראַדיקאַליזם, נייערט אויסגעשפּראָכענעם רעפאָרמיזם. ווען עס איז געקומען צו יידישע פּאָזיטיווע קאָנ־סטרוקטיווע ענינים איז דער „בונד" כמעט תמיד געבליבן אָן לשון, ער האָט גע־שטאַמלט, סיידן עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן שאַרף פּאָלעמיזירן מיט זיינע קעגנערס אָדער סתם אַלגעמיינע סאָציאַליסטישע אַנגעלעגנהייטן. בכלל דאַרף מען נאָך צו־געבן, למען האמת, אַז דער „בונד" איז קיינמאָל ניט געווען מאַקסימאַליסטיש

אַפילו וואָס איז שייך אַלגעמיינע פראַגן פון סאָציאַלן איבערבוי פון דער געזעל־שאַפט, אַ פשיטא שוין וועגן יידישן פאָלקס־אויפריכט, יידישן גאולה־גלויבן.

חוץ דעם איז אונדז מער ווי אַ ביסל קשה דאָס וואָס קאָלעגע י. י. טרונק וויל דווקא אידענטיפיצירן בונדיזם מיט „שעפעריש יידישקייט״, סיידן זיינע פער־זענלעכע סימפּאַטיעס פירן אים אַראָפּ פון דרך הישר פון לאָגיק, און עס איז דאָך באַוואוסט אַז „אהבה מקלקלת את השורה״.[1] פּאַרליבטקייט פאַרווירט די גראַדע ליניע... אדער ווי זאָגט דער שפּרוך פון פאָלק: ליבע איז בלינד אויףביידע אויגן. מיר ווילן קיינעם ניט ווייטאָן. אָבער אַן אמת מעג מען דאָך זאָגן אַפילו וועגן אייגענעם טאַטן: „בונד״, בונדיזם און שעפערישקייט זיינען ניט קיין „פּאָר קליידער״. בכלל האָט דער ראַדיקאַליזם אויף דער יידישער גאַס זיך ניט געקענט איבערנעמען מיט אָט־דער טוגנט וואָס הייסט „קרעאַטיוויקייט.״

צו וואָס זאָלן מיר זיך נאַרן! דער הויפּט־פעלער פון ראַדיקאַליזם אויף דער יידישער גאַס איז געווען דאָס, וואָס ער איז ניט געווען קיין יידישער ראַדי־קאַליזם, נייערט אַ ראַדיקאַליזם ביי יידן. די ראַדיקאַלן בנוגע יידישע פּראָבלעמען זיינען געווען אָפּאַרטוניסטן, פּראָסטע פיליסטערס, אָדער גלאַט „באַלעבאַטישע״ יונגעלייט, אָן מוט, אָן דרייסט, אָן אונטערנעמערישקייט. „די יידן־ראַדיקאַלן זיי־נען געווען קעמפער, העלדן, אָבער אַלץ אויף דעם אַלגעמיינעם געביט פון סאָציאַ־לער איבערקערעניש, איבערבויעניש, ווען זיי זיינען געווען זיכער אַז דער „גוי״ גייט מיט מיט זיי, אָדער וועט מיטגיין, ריכטיקער אַז דער „גוי״ גייט פאָרויס, אַז די ניט־יידישע פּראָגרעסיווע וועלט האַלט מיט זיי. בנוגע אָבער יידישן אויפ־ריכט, יידישקייט־אויפלעב, אויסקריסטאַליזירונג פון יידישער אידעאָלאָגיע און פאָרמולירונג פון סאָציאַל־פּאָליטישע אידעאַלן אַזוי אַז זיי זאָלן קענען דינען לטובת דער יידנשאַפט אין קאָנטראַסט, אין קאָנפליקט מיט דער רשעות׳דיקער גוי׳־אישער וועלט, זיינען די יידן־ראַדיקאַלן געווען אָפּהענטיק, אומבאַהאָלפן און פאַר־לאָרן. אויף אייגענער אחריות און גייסטיקער ריזיקע האָבן זיי מורא געהאַט עפּעס צו זאָגן און אפשיטא שוין עפּעס צו אונטערנעמען. אָן דעם הסכם און סאַנקציע פון דער גוי׳אישער פּראָגרעסיווער וועלט האָבן זיי ניט דערוואַגט זיך צו שטעלן אַ טראָט.

ווי אַנדערש האָבן זיך געהאַלטן אונדזערע גייסטיק שטאַלצע טאַטעס. זיי האָבן קיין מורא ניט געהאַט צו פאַרמשפּטן די גאַנצע געצנדינערישע וועלט פון אַלטער־טום און די קוואַזי קריסטלעכע ציוויליזאַציע פון מיטלאַלטער. די שכנים, ריכ־טיקער די בעלי־בתים, די הערשער האָבן באַהויפּט אַז ישו איז אַ גאָט, אַ זון פון אַ גאָט און דער בזוי ומבוזה יידל האָט געהאַט אין זיך גענוג אינערלעכע גאווה

אַרויסצוקומען און זאָגן, אַז אַט־דער גאָט און זון פון אַ גאָט איז געווען ניט מער און ניט ווייניקער ווי אַ פּשוט׳ער „ממזר׳וק". איך גיי ניט אַריין אין דעם צי אַט־דער „גלות־ייד", וואָס האָט זיך כלומר׳שט געלאָזט טרעטן מיט די פיס, איז געווען גערעכט אין זיין עקסטרעמען ביטול־פּסק. אָבער קרעדיט פאַר זיין „אומאָפּהענגיקייט פון מיינונג", דרייסט פון איבערצייגונג מוז מען אים געבן. דאָס פאַרדינט ער, לכל־הדעות.

דער ראַדיקאַליזם אויף דער יידישער גאַס איז געווען עפּעס פרעמדס, אַנטליענס. מ׳האָט עס געבראַכט ווי, פון ערגעץ, צושלעפּן. אַ נייער סאָרט „מיסיאָנערן" האָבן געבראַכט אַ נייע תורה. די ראַדיקאַלן, סיי די סאָציאַליסטן און סיי די אַנאַרכיסטן, האָבן ניט געשאַפן, צו אונדזער שאַנדע, קיין איין יידיש אָריגינעלן געדאַנק. זיי האָבן, פּשוט, געמאַלפּעוועט, נאָכגעזאָגט וואָס זייערע קלוגע „גענאָסן" ניט־יידן האָבן געזאָגט. זיי האָבן איבערגעע׳חזר׳ט פרעמדע תורות ווי געטרייע חוזר׳ס ביי די רביים. ווי גוטע פלאַסטינקעס אויף אַ נייעם גראַמאָפאָן האָבן זיי איבערגעגעבן ניט נאָר די ווערטער פון די פרעמדע זאָגערס, נייערט אַפילו יעדן בויג און נויג, יעדע וויבראַציע פון דער שטים. די ראַדיקאַלן אויף דער יידישער גאַס זיינען עפּעס ווי געשטראָפט געוואָרן פון אונדזער אל קנא ונוקם און זיי זיינען געווען אָדער עקר׳ס, אָדער סריסים, אָדער גלאַט אַזוי זיך אָן קיין שום כוח גברא. אַזאַ סטעריליטעט, רחמנא ליצלן, האָט מען גאָר קיינמאָל ניט געזען אין דער יידישער קולטור־משפּחה.

ווי אומגעלומפּערט, באַגרענעצט, נאַאיוו, שטות׳עוואַטע און היפּש טעם׳לאָז און עם־הארצות׳דיק אונדזערע „פּיעכאָטנע" מגידים זיינען ניט געווען, האָבן זיי פאָרט באַוויזן צו שאַפן אַן אייגענעם נוסח, אַ זאַגעכץ פאַרווירצט מיט אַ ציור, מיט אַ משל און נמשל. ווי אומוויסנדיק, אין הלכות האַרמאָניע, אונדזערע חזנים זיינען ניט געווען, האָבן זיי פאָרט באַוויזן צו שאַפן אַן אייגענע נגינה, אַן אייגנאַרטיקן קרעכץ און ציקל. ווי אָפּגעשטאַנען, פאַרקנאָכערט, פאַרגליווערט אונדזערע רבנים זיינען ניט געווען אין זייער אומלאָגישער פּילפּוליסטיק, איך זייער „אויסרייסן בערג און צעמאָלן זיי מיט אַ סברא", האָבן זיי פאָרט געשאַפן אַן אייגנאַרטיקע דיסציפּלין, אַ יידישע קאָפּ־גימנאַסטיק, אַ חריפותדיקן אינטעלעקט־שפּיל און אַן אייגענע געלערזאַמקייט, אַן אייגענע ערודיציע, אַן אייגענעם שאַרפזין, — ניט קיין אַנטליענע, ניט גענומענע אויף פּראָקאַט ביי דער אַרומיקער אַקאַדעמישער סביבה.

דער ראַדיקאַליזם אויף דער יידישער גאַס האָט ניט געהאַט צו זיין קרעדיט קיין איינאיינציקן אָריגינעלן בייטראָג. ער האָט זיך גענערט מיט איבערזעצונגען אַפילו דעמאָלט, ווען ער האָט כלומר׳שט פאַרפאַסט אייגענע ווערק.

עס איז אָנגעגאַנגען אַ דערעסלעכע, פאַרדריסלעכע צום־בריעכן־קערנדיקע מעלה־גרה׳ניש. מ׳האָט געהאַלטן אין איין פּאָפּולאַריזירן און וואולגאַריזירן ווילד־פרעמדע היפּש־פּלאַטשיקע אידייען, אויסגעדראָשענע אויסגעבאָרגטע רעיונות. אַזוי אַז די יידישע מאַסע האָט געקראָגן איבערגעקייטע איבערקייעניש און מיט דעם האָט זי עס געמוזט זיך קוויקן. דער יידישער היסטאָריקער, אויב ער וועט זיין אומ־פּאַרטייאיש און אויסגעשפּראָכן, וועט באַצייכענען אָט די עפּאָכע פון אויפגעבלאָזענעם כלומר׳שט ראַדיקאַליזם אַלס די צייט, ווען די שאַפונגס־שכינה האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעטאָן פון דער יידישער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ, וועלכע איז געוואָרן ניט נאָר גוי׳איזירט, נאָר אויך פאַרטעמפּט, פאַרפּאָפּוגאַיעוועט... [3])

.2

קאָלעגע י. י. טרונק שאַצט אָפּ דעם יידישן גלות־בייטראָג צו דער אַלגעמיי־נער אָנגעוואָנדטער סאָציאָלאָגיע, דעריבער איז אונדז אומפאַרשטענדלעך ווי אַזוי ער קען זיך דערלויבן אַוועקצושטעלן יידישקייט און אַמעריקאַניזם אויף איין ברעטל. אָט וואָס ער שרייבט:

„צי דאַרפן יידן אַזוי ווי זיי זיינען אין זייער וועזן אַלס עקספּערימענט פון אַ נאַציאָנאַלער וועלט־נאַציע זיך אָפּזאָגן פון זיך צוליב אַן אַנדערן עקספּערימענט פון אַ נאַציאָנאַלער וועלט־נאַציע, אַ וועג אויף וועלכן עס הויבט אָן צו גיין אַמעריקע. אָבער אַמעריקע טוט עס נישט אין אַזאַ אויסגעשפּראָכענער און געוואָגטער פאָרם, ווי עס האָבן באַוויזן צו זיין יידן אין זייער מהות און אין זייער קאָנטינואיטעט”. (ז׳ 32.)

איך באַגרייף קוים, ווי מ׳קען זיך אויסדריקן אַזוי טויטאָלאָגיש און זאָגן אַז אַ „נאַציע” איז „נאַציאָנאַל”. דאָס מיינט דאָך לאָזן הערן, אַז וואַסער איז וואַסער־דיק. אַזאַ באַשרייבונג איז לער און פּוסט, זאָגט גאָרניט, דעקט ניט אויף דעם פאַר־הוילענעם מהות פון דעם אָביעקט. און אויב די אַדיעקטיוויזירונג פון אַ „וועלט־נאַציע” אַלס „נאַציאָנאַל” איז ניט קיין פּשוט׳ע טויטאָלאָגיע, נייערט וויל דווקא עפּעס זאָגן און אַנטהאַלט טאַקע באמת עפּעס יאָ אַ מיין, איז עס אין פאַרבינדונג מיט דעם צוויי־וואָרט „וועלט־נאַציע” אַ קאָנטראַדיקציע אין טערמינען. מחמת אַ „וועלט־נאַציע” קען ווירקלעך ניט זיין „נאַציאָנאַל” אין געוויינטלעכן טייטש פון אָט־דעם אַדיעקטיוו. זי מוז זיין עפּעס מער. זי מוז זיך אַריבערהויבן איבער דעם באַגרעניצטן איינגנוצלעך־פּאַטריאָטישן נאַציאָנאַליזם פון אַ דורכשניטלעך טעררי־טאָריעלער־שטאָטלעכער נאַציע. מ׳קען ניט אין איין אָטעם באַשרייבן יידן אַלס אַ „וועלט־נאַציע” און זיי צושרייבן דעם אַטריבוט פון „נאַציאָנאַל” אָן באַשטימטע קוואַליפיקאַציעס.

ווען מ׳האָט געפרעגט י. ל. פרצן צי ער איז אַ נאַציאָנאַליסט, האָט ער גע־ענטפערט: „נאַציאָנאַליזם איז דער אויסגאַנג־פונקט, דער צוועק איז דער מענטש, איבערשטאַטלעכער נאַציאָנאַליזם איז דער ייִדישער נאַציאָנאַליזם.״ [3] און אַפילו ער האָט זיך אויך ניט פּינקטלעך אויסגעדריקט, ווייל ער באַצייכענט דעם חילוק צווישן כנסת־ישראל און די אומות העולם בלויז מיט אַן אַדיעקטיוו, און דאָס איז ניט גענוג. דער טערמין „נאַציאָנאַליזם״ בנוגע דער יידנשאַפט איז ניט אָנווענדבאַר.

דער פרומער טראַדיציאָנעל פאַרוואָרצלטער ייד איז געווען איבערצייגט, אַז די יידנשאַפט איז אַן אויסנאַם, אַ חד בדרא. זי איז ניט געבויט, ווי אַלע אַנדערע נאַציעס. די יידן זיינען אַנדערש פון די גוים, ישראל פאָלק איז ניט גלייך צו די איבעריקע אומות. „הבדלת וקדשת את עמך ישראל בקדושתך״ (הבדלה פון יום־טוב).

די נאַציאָנאַלע אָנשויאונגען אויף דער יידישער גאַס, וועלכע זיינען עס גע־קומען צו פאַרבייטן מיט זיך די רעליגיעז־פרומע אויפפאַסונגען וועגן דער יידישער אומה, זיינען רעאַקציאָנער, שעדלעך, האַפטלאָז און דערצו נאָך לחלוטין אויסערן פלאַץ. די אַלטע טראַדיציאָנעלע יידישע אָנשויאונגען האָבן זיך אָריענטירט אויף דעם יחיד און זיין גלויבן, זיין אָנדערקענונג, זיין צושטימונג, זיין אָנגענומונג פון דער תורה, זיין באַוואוסטזיניקעס אַרויפליגן אויף זיינע פּליצעס דעם יאָך פון די מצוות, פון געוויסע התחייבותן און פאַרבאָטן. יעדער יחיד אַלס אַזעלכער איז גע־ווען אַ מחוייב במצוות, איז געווען אַ בר־עונשין, אַ סוביעקט פון רעכט און פון פליכט. זיינען געקומען די אַז אַך־און־ווי „פּראָגרעסיסטן״ און האָבן אַריינגע־בראַכט אין יידנשאַפט באַגריפן פון אַפּשטאַם, פון נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקייט, פון בלוט־לאָיאַליטעט. דאָס זיינען אַלץ השגות וואָס האָבן מיט דער פּערזענלעכקייט אין איר רייפקייט, אין איר געוואוירזיין, גאָר ניט וואָס צו טאָן. און אָט־די אָבסקו־ראַנטישע, פינצטערלינגישע אויפפאַסונגען האָבן עס פאַראַדירט, געפּראַנטעוועט אויף דער יידישער גאַס, אין אונדזער תהו ובהו און בלבול־המוחות, אַלס דאָס לעצטע וואָרט פון „ציוויליזאַציע״, אַלס דער שפּיץ פון וויסנשאַפטלעכער „חכמה״. [4]

און בכלל פאַרוואָס געברויכן דעם טערמין „נאַציע״ און ניט דעם וואָרט „פאָלק״, „וועלט־פאָלק״, ווי י. ל. פרץ האָט געברויכט. [5] מעגלעך אַז ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט איינגעפירט דעם וואָרט, הגם דער באַגריף האָט עקזיסטירט פון לאַנג־אַן און האָט געפונען זיין פּאַרטייטש אין „עם־עולם״. אַן אָנוואונק אויף דער „אַלוועלטישקייט״ פון ישראל געפינען מיר אין זאָג פון תלמוד: אַ טובה האָט דער קדוש־ברוך־הוא געטאָן די יידן מיט דעם וואָס ער האָט זיי פאַרשפּרייט צווישן די פעלקער. [6]

איך הויב אויך ניט אָן צו פאַרשטיין וועלכן געגוי־ממשות׳דיקן סאָציאַל־פּאָליטישן אינהאַלט קאָלעגע י. י. טרונק לייגט אַריין אין טערמין „וועלט־נאַציע". מיינט עס אַ פאָלק, וואָס געפינט זיך אין דער וועלט, ד"ה מחוץ פון די באַשטימטע געאָגראַפישע גרעניצן פון אַ פאָטערלאַנד, פון אַ טעריטאָריעלער באַזע, טאָ ווי אַזוי שיקט זיך עס אַנגעווענדט צו ווערן ווי אַ באַצייכענונג פון „אַמעריקאַנער פאָלק". לויט י. י. טרונקן זיינען די אַמעריקאַנער אויך אַ „וועלט־נאַציע", איז אַמעריקע ניט קיין דעפיניטיווער געאָגראַפישער טערמין? געפינען זיך די „פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון אַמעריקע" מחוץ פון אַ טעריטאָריעלער מלוכה׳שער באַזע?

ווי אַזוי קען אַמעריקע שאַפן אַ „וועלט־נאַציע" וואָס זאָל זיין ענלעך צו דער יידישער „וועלט־נאַציע"?!... דאָס האָט אַפּנים ווי צו זאָגן אַז העברי פאַרד און אַ פּראָלעטאַריער, אַ זון פון אַ פּראָלעטאַריער זיינען ביידע גלייך אין דעם וואָס די באַזיצן ניט קיין פּריוואַט־אייגנטום רעכט אויף די אינדוסטריע־מכשירים. אַלץ וואָס מיר קענען זען איז אַז אַמעריקע ווערט אַלץ בולט׳ער אויסגעקריסטאַליזירט ווי אַן אימפּעריע, אַ מעכטיקער שטאַט, וואָס וועט זיך מסתמא אויסציען אויפן גאַנצן שטח פון דעם אַמעריקאַנעם קאָנטינענט אַריינגעמענדיק אי דעם צענטער צענטראַל־אַמעריקע און אי דעם דרום, דרום־אַמעריקע. אָבער דאָס אַלץ ווערט געשאַפן אויפן אַלטן יסוד פון „טעריטאָריאַליזם", פּאַטריאָטיזם; דער שטאַט איז פאַרפונדעוועט און האַלט זיך און פונקציאָנירט אויפן פּרינציפּ פון באָדן, לאַנד.

אין וואָס אייגנטלעך באַשטייט דער אַמעריקאַנער אויפטו, ווען מע שליסט אויס דעם פּרינציפּ פון דעמאָקראַטיע, וועלכער איז דאָך אויסגעאַרבעט געוואָרן טעאָרעטיש אין איראָפּע און וועלכער איז אויך דאָרט אַנגעווענדט געוואָרן? אין דעם וואָס דאָ ווערן צונויפגעשמאָלצן פאַרשיידענע עלעמענטן, ברוכשטיקער פון פאַרשיידענע פעלקער, אין איין פאָלקס־סובסטאַנץ? איז דאָס טאַקע אַזאַ נייעס? און איז עס אַזאַ וויכטיקער סאָציאָלאָגיש פּאָזיטיווער „עקספּערימענט"? דאָס מיינט דאָך בלויז אַז די אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע, וועלכע איז פאַרמירט און פאָרמולירט געוואָרן אין אַ צייט, ווען מ׳האָט ווייניק וואָס געוואוסט וועגן דער נאַציאָנאַל־פּראַגע און מינדערהייט־רעכט, איגנאָרירט די דאָזיקע פּראָבלעם און גיט ניט קיין אויטאָנאָמישע רעכט צו די נאַציאָנאַליטעט־טייל־קערפּערשאַפטן וואָס געפינען זיך אין דער ספער פון איר טעריטאָריעלער יוריסדיקציע. אמת, די עמיגראַנטן קומען אָן אַלס יחידים. אָבער די יחידים צייגן אַרויס גאַנץ קלאָר אויסגעשפּראָכענע טענדענצן זיך צו אגלוטינירן, זיך באַהעפטן סאָציאַל־פּאָליטיש מיט זייערע „לאַנדסלייט", פאָלקס־לייט, נאָר דער אַמעריקאַנער שטאַט

מאַכט זיך פון דעם ניט ווויסנדיק, אונטערדריקט אַט־די טענדענצן און פלייסט זיך מיט כל־הכוחות צו שאַפן פון זיי איין פאַלקסטום־וועזן. איז דאָס אַ פּראָגרע־סיווע דערשיינונג ? מיינט עס ניט צעברעכן און צעדרוזגען אויסגעפּרעגטע נאַ־ציאָנאַל־כאַראַקטעריסטיקס פון באַשטימטע קערפּערשאַפטן ?! איך פאַרשטיי ניט ווי אַזוי אַ פּראָגרעס־מענטש וואָס האַלט אַז פּערזענלעכקייט־אויסקריסטאַליזי־רונג, אינדיווידואַליטעט־קולטיווירונג איז די גרעסטע דערגרייכונג פון ציווי־ליזאַציע, קען פון אַט־דעם אַמעריקאַניזם, פון אַט־דער וואולגאַרער ניוועלירונג און צעשמירונג פון פאַלקסטימלעכע פּנים׳ער און קולטור־פיזיאָנאָמיעס, נתפעל ווערן, און אפילו מער, שפּרינגען קדוש פאַר דעם :

און אין וואָס האָט דאָ י. י. טרונק דערזען דעם גרויסן חידוש ? אין שמעלץ־טאָפּ און שמאַלץ־גרוב ? איז דאָס אַ נייעס אין דער געשיכטע, איז דאָס אַ נייער סאָציאָלאָגישער עקספּערימענט ? אַלע צאַלרייכע פעלקער זיינען אַמאַלגאַמס און זיינען בערך אַזוי גרויס געוואָרן דורך די אַסימילירטע, אבזאָרבירטע מענגעס. דער גאַנצער אונטערשייד באַשטייט בלויז אין דעם, וואָס בנוגע אַנדערע פעל־קער איז עס פאַרגעקומען מיט הונדערטער יאָרן צוריק, בנוגע אייניקע נאָך אין דער פאַרגעשיכטע, און דאָ אין אַמעריקע האָבן מיר די זכיה צו באַאָבאַכטן דעם געוויינטלעך פעלקער־שאַפנדיקן פּראָצעס מיט אונדזערע אייגענע אויגן, אַנשטאָט צו לייענען וועגן דעם אַ באַריכט אין עטנאָגראַפישער היסטאָריע.

אַט־די אַמאַלגאַמירונגען זיינען אַלט ווי דער אַלטערטום און נאָך עלטער.

„אין בית מדרש איז אַריין אַ גר אַן עמוני און ער האָט געפרעגט : מעג מען מיך אַריינעמען אין דער יידישער געמיינדע. רבן גמליאל האָט געענטפערט : דו טאָרסט ניט אַריינגענומען ווערן. האָט רבי יהושע געזאָגט : דו מעגסט אַריינ־קומען אין דער יידישער געמיינדע. האָט געזאָגט צו אים (צו רבי יהושע) רבן גמליאל : עס איז דאָך אָבער געזאָגט געוואָרן ׳אַן עמוני און א מואבי זאָל ניט קומען אין דער עדה׳ (דברים כ״ג, ד׳), האָט אים רבי יהושע געענטפערט : עמון און מואב זיצן דען אויף זייערע פלעצער, סנחירב, דער קעניג פון אשור, איז דאָך אויפגעשטאַנען און ער האָט אויסגעמישט אַלע פעלקער, ווי עס איז געזאָגט גע־וואָרן: ׳און איך שאַף אָפּ די געמאַרקן פון די פעלקער און זייערע רייכטימער האָב איך צערויבט און מיט מאַכט טו איך דערנידערן די איינוואוינער׳ (ישעיה י׳, י״ג), און ווער עס שיידט זיך אָפּ, שיידט זיך אָפּ פון דער מערהייט . . .״)

אַט־די עטנאָ־כעמישע פאַרשמעלצונגען פלעגן פאָרקומען דורך מלחמות, אין אַמעריקע קומט עס פאָר דורך עמיגראַציע, אַ טראַנספּערענץ וואָס האָט איר צוואַנגס־קראַפט אין עקאָנאָמישן נויט, בעיקר, ניט אין פּאָליטישן קאַטאַסטראָ־

פאַלן אומגליק. הגם דער פּאָליטישער דרוק און פאַרפאָלגונגען אין די לענדער פון דער אויסוואַנדערונג האבן אויך אין די פאַלן געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע.

אידעאַליזירן אַט־דעם אַמאַלגאַמירונג־פּראָצעס דאַרף מען ניט און מ׳קען ניט, ווען מע האָט אַן אויג פאַר דאָס טראַגישע, וואָס דאָ שפּילט זיך אָפּ, אײַ־בערהויפּט אין דעם מלוכה־שול־וועזן.

„צבועיאַקעס! אין דער זעלביקער אַמעריקע, וואו מ׳איז מכלומרשט פּראָג־רעסיוו, מ׳רעכנט זיך מיט דער אינדיווידואַליטעט פון קינד, מ׳פּירט איין נײַע מיטלען פון קינדער־קלאַסיפיקאַציע, אויסטײַלן די פעאיקע, איבערזעצן אין מיטן יאָר, — אַט־די אַמעריקע גיסט ווי אין אַ הוטע־אויוון אַלע נאַציאָנאַל־קאָלעקטי־ווע פּסיכיקעס, וואָס פאַלן אין איר אַרײַן. און נאַרישער און עוולה׳דיקער, חרפּה׳־דיקער און בזיונ׳דיקער און קאָמישער זעט אויס די גויאיזאַציע דאָרטן, וואו זיי אַליין, די תושבים כביכול, האָבן ניט קיין אייגענע נאַציאָנאַל־שפּראַך, קיין נאַציאָנאַל־פּסיכיק, קיין נאַציאָנאַל־קולטור. זיי זײַנען בכלל דערוויל קיין נאַ־ציאָן ניט. הגם די גוי׳אישקע פּאָליטאָלאָגיע האַלט דעם שטאָט פאַר אַ סימן מובהק פון אַ נאַציע און, על־כן, מוזן נעבאַך די אַמעריקאַנער פּראָפעסאָרן דורך כל המיני סאָפיזמען „אַרויסדרינגען״ אַז עס איז שוין פאַראַן אַן אַמעריקאַנער אנטראָפּאָלאָגישער און נאַציאָנאַלער טיפּ, וואָס קען בײַשטיין קעגן ווילן פון אַ פּראָפעסאָר!״ [8])

„אַמעריקאַניזם״ וואָלט געווען אַ גרויסע אינאָוואַציע, ווען די פאַראייניקטע שטאַטן וואָלטן פאַרשטעלן מיט זיך פאַראייניקטע נאַציאָנאַליטעטן מיט זייערע אייגענע קולטורן, שטאַטן וואָס באַזירן זיך אויפן פּרינציפּ פון פּערזענלעכער אָנ־געהעריקייט און ניט אויפן יסוד פון לאַנד. די איינציקע מדינה וואָס אין איר נאָמען, ניט אין דער סטרוקטור, ווערט איגנאָרירט דער טעריטאָריאַלער פּרינ־ציפּ איז דער „פאַרבאַנד פון סאָוועטישע און סאָציאַליסטישע רעפּובליקן״.

3

אונדז קומט פאַר אַז אויך די פּראָבלעם פון קיום ־ האומה, און זיין קעגנזאַץ, אומקום פון דער אומה דורך אַסימילאַציע, איז ניט אָוועקגעשטעלט אין דער ריכטיקער פּאָזיציע אין י. י. טרונקס גײַסטרײַכן עסיי.

אַט וואָס ער שרייבט:

״יידן זאָלן בשותפות מיט אַנדערע נאַציאָנאַלע גרופּעס באַשאַפן די צוקונפ־טיקע אַמעריקאַנישע נאַציאָנאַל־היסטאָרישע געשטאַלט״. (ז׳ 32).

ניט די יידן אַלס אַן אַגרעגאַט, ניט די איבעריקע נאַציאָנאַלע גרופּעס באַשאַפן אַן אַמעריקאַנישן געשטאַלט. אין פּראָצעס פון אַסימילאַציע באַטייליקן

זיך יחידים, וואָס רייסן זיך אָפּ, שיידן זיך אַרויס פון זייערע גרופּעס, און בשום אופן ניט די „נאַציאָנאַלע גרופּעס" אַלס אַזעלכע. דער יחיד דיסלאָיאַליזירט זיך, לייזט אויף דעם קנופּ וואָס האַלט אים צוגעקניפּט צו זיין פאָלק, ער זאָגט זיך אָפּ פון זיין אידענטיטעט אַלס אַ מיטגליד פון אַ באַשטימטן קאָלעקטיוו, און טרעט אַריין, ביסלעכווייז, בהדרגה וואָס קען געדויערן אַמאָל אַ דור אָדער צוויי דורות, אַלס אַ טייל אין אַ נייעם „אָרגאַניזם". די יידן קענען זיך ניט אַסימי־לירן „בשותפות". אין אַסימילאַציע איז ניט פאַראַן קיין „שותפות". דער באַגריף שותפות שיקט זיך דאָרטן, וואו יעדער פּאַרטיציפּאַנט באַזונדער פאַרמאָגט אַ געוויסן חלק אין אַלגעמיינעם פאַרמעגן, אַ חלק וואָס איז באַשטימט זיינער און וועלכן ער קען אַרויסבאַקומען צוריק, ווען עס לייזט זיך אויף די בשותפות'דיקע קאָמפּאַניע און ער פאָדערט זיין אינוועסטירונג צוריק. מע קען זיך אַזוי אַסימי־לירן בשותפות, ווי מ'קען שטאַרבן בשותפות. טויטע קענען ניט זיין קיין שותפים, ווייל זיי זיינען ניט קיין סוביעקטן, נייערט אָביעקטן.

„יידישע אַסימילאַציע אין אַמעריקע וואָלט אבסאָלוט ניט געהאַט דאָס פּנים פון נאַציאָנאַלן מינדערווערטיקייט־געפיל, ווי עס האָט געהאַט אויף די ערטער, וואו אַלע נאַציאָנאַלע געשטאַלטן האָבן זיך געהאַלטן ביי זייער מהות און ביי זיי־ער קאָנטינואיטעט." (דאָרט).

איך צווייפל זייער צי סטיליסטיש איז פּאַסיק צו ריידן וועגן דעם „פּנים פון אַ געפיל". אָבער יעדנפאַלס איז די פראַגע פון זיין אָדער ניט זיין, פאַרצו־זעצן דעם קיום אַלס פאָלק אָדער אונטערגיין, אַראָפּגיין פון דער אַרענע פון דער געשיכטע אַלס אַן אַקטיווער כוח, ניט קיין פראַגע פון אַ יאָ שפלות ־ געפיל אָדער ניט שיפלות ־ געפיל. עס האַנדלט זיך וועגן דאָס קאַרדינאַלסטע, לעבן און טויט, לעבנס־לוסט און עקזיסטענץ־דראַנג. אַסימילאַציע מיינט פאַנאַנדער־פאַל אויף יחידים־אַטאָמען און אַ צונויפנעם אין אַן אַנדער געשטאַלטיקונג, אין אינגאַנצן אַן אַנדערער פאַרמאַציע. און ווי זאָגט דער רוסישער שפּרוך: „אַז מע נעמט אַראָפּ דעם קאָפּ וויינט מען ניט איבער די האָר"...

אַסימילאַציע מיינט פאַרניכטונג הגם די דאָזיקע פאַרטיליקונג אָדער זעלבסט־פאַרטיליקונג איז ניט פון אַ ביאָלאָגישן כאַראַקטער, נייערט פון אַ פּסיכאָלאָגיש־קולטורעלן און סאָציאַל־פּאָליטישן.

די דאָזיקע געפאַר פון גייסטיק קולטורעלן אומקום פון יידישן געזעמל איז גרויס דווקא דאָרטן, וואו דער ייד אַלס יחיד, אַלס בירגער, פילט זיך גוט, כלומרשט גלייכבאַרעכטיקט, און אפילו געשמייכלט פון דעם וואָס די ניט־יידישע

סביבה איבלט זיך ניט פון אים, האַלט אים ניט פאַר עפּעס, וואָס איז „מוקצה מחמת מיאוס". עס איז זאָגאַר דאָ אַזאַ מין ייד וואָס איז נאָך דאַנקבאַר פאַר דער גוטסקייט און פריינטשאַפט פון די ניט־יידן, וועלכע זיי ווייזן אַרויס צו אים דורך דעם וואָס זיי זיינען באַרייט אים אַראָפּצושלינגען נאָכדעם ווי זיי האָבן אים גוט צעקייט; איבערהויפּט נאָך, ווען דעם יידן דוכט זיך, אַז ער וועט אין פרעמדן מאָגן איבערגעקאָכט און פאַרדייט ווערן צוזאַמען מיט אַנדערע פּראָג־מענטן פון אַנדערע אָרגאַניזמען; און נאָך מער ווען ער קען זיך אָפּנאַרן און לייכט איינריידן, אַז ניט ער אַליין ווערט אויס ייד, נאָר אַז אַלע קינדער פון אַלע פעלקער זאָגן זיך אָפּ פון זייער נאַציאָנאַלן אָפּשטאַם און דערקלערן זיך פאַר לאָי־יאַלע זין און טעכטער פון דער גאַרער מענטשהייט, אָדער פון עפּעס אַ ניי־אויפקומענדיקער נאַציע. [9]

על־כל־פּנים ווען אין קאָן שטייט דער עצם קיום, דער געפיל און ווילן צו לעבן און זיך באַהויפּטן ווי אַ געזעלשאַפטלעכער און קולטורעלער מהות און פאַקטאָר האַנדלט זיך דעמאָלט ניט וועגן אַזעלכע סובטילע ענינים ווי אַ גלייכ־ווערטיקייט אָדער אַ מינדערווערטיקייט־געפיל. דער תהלים־ייד שרייט מיט זיין גאַנצן וועזן „לא אמות כי אחיה"... איך וויל לעבן און וועל לעבן אויף צו־להכעיס מיינע דם־שונאים און אונטער די קריטישסטע אומשטענדן, אין וועלכע איך געפין זיך דורך זייער רשעות און שולד.

---

אין אַט־דעם גלענצנדיקן עסיי פון י. י. טרונק פילט זיך עפּעס ווי אַן אָפּ־קלאַנג פון אַ ראַנגלעניש, וואָס קומט פאָר אין טרונקן גופא. ער ראַנגלט זיך דורך נאַכט מיט אַ שלעכטן מלאך. ער האַלט ביי אַן אַריבערגאַנג. ער זיגט, אָבער, ווי יעקב אבינו, קומט ער אַרויס פון געפעכט הינקענדיק... הגם אַן אַ נייעם נאָמען...

איבערפראַזירנדיק אַ שפרוך פון גמרא [10]), וואָלטן מיר זאָגן:

די פוטער פון יידישקייט וועט דער חשוב'ער קאָלעגע י. י. טרונק געפינען נאָך דעם, ווי ער וועט אויס'מקיא'נען די מילך, וואָס ער האָט געזויגן פון זיין בונדיסטישער גייסטיקער מאַמע'ן אָדער אַם . . .

אמת, יידישקייט האַלט זיך אויף אַ בונד. אָבער דאָס איז דער גאָר אַלטער בונד וואָס איז געשלאָסן געוואָרן בשעת'ן אַרויסגיין פון מצרים און גיין קיין ארץ־ישראל. דאָס איז באין - אופן ניט דער „בונד" וואָס האָט זיך קוים געראַטעוועט פון פוילן און איז געבליבן זיצן אין אַמעריקע...

**יידישקייט איז אַלט איבער דריי טויזנט יאָר, דער „בונד" — איבער פער־ציק. בלויז אַזאַ „אומפּראַקטישן" שדכן, ווי טרונק, קען איינפאַלן צו ריידן זיי אַ שידוך...**

22טן סעפּט. 1944

## מראה מקומות


1) סנהדרין, ק"ה, ע"ב.
2) אבא גאָרדין, די סאָציאַלע פראַגע ז"ז 6—5 1940.
3) נחמן מייזל, בריוו און רעדעס פון י. ל. פרץ, ז' 408.
4) אבא גאָרדין, מאָראַל ז"ז 70—161.
5) נחמן מייזל, בריוו און רעדעס פון י. ל. פרץ ז' 352.
6) פּסחים, פ"ז, ע"ב.
7) ברכות, כ"ח, ע"א.
8) ברידער גאָרדין, פּעדאַגאָגיק, ערשטער טייל ז"ז 50—49 (רוסיש) מאָסקווע 1918.
9) אבא גאָרדין, 'אונדזערע אויפגאַבן', יידישע שריפטן באַנד איינס, העפט איינס, ז' 3, 1941.
10) ברכות, קמ"ה.






# א רפואה פאַר דעם חולה, סאָציאַליזם...

(אַן ענטפער א. מענעסן אויף זיין עסיי „פּאַרוואָס רעליגיעזער סאָציאַליזם?"
אין „יידישן קעמפער", מערץ 30, 1945).

פון

## ג. ר. דיין

1

סאָציאַליזם, אין זיין בחינה פון אַן אַלמענטשלעכן אידעאַל, האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דער אויפריכטונג פון דער צוקונפט־געבײדע פון דער געזעלשאַפט. ער האָט געפאָדערט דאָס איינפירן פון אַן אָרדענונג אין ציבור־לעבן, וואָס דערלאָזט ניט קיין שום שמץ פּסול פון קלאַסן־צעטיילונג, קנאה, שנאה, האַס און שטרייט. ער האָט געטרוימט פון אַ סדר־העולם, וואָס האַלט זיך אויף הונדערט־פּראָצענטיקער סאָלידאַריטעט, דורכאויסיקער אחדות און פּולקלאַנגיקער האַרמאָניע פון אינטערעסן. מיט אַנדערע ווערטער, סאָציאַליזם אַלס אַ שטרעבונג נאָך סאָציאַלער שלימות איז געווען אחרית־הימים׳דיק, משיחיות׳דיק, ד"ה רעליגיעז.

אָט־דער טייל פון סאָציאַליזם האָט אַנדערש ניט געקענט זיין. ווייל בלויז רעליגיע קען זיך פאַרגינען צו טרייסטן די מענטשנקינדער מיט אָט־די פּראָפעטישע אויסלייזערישע זעאונגען. גאולה וישועה אספּיראַציעס געהערן, לויט זייער מהות נאָך, אין תחום פון רעליגיעזן דענקען, טראַכטן און פאַראויסטראַכטן. די וויסנשאַפטלעכע דיסציפּלין איז צו באַשיידן, צו ערדיש בעל־גופיש, אַז זי זאָל זיך קענען אויפהויבן אויף אָט־די רעגנבויגנדיק געפאַרבטע פליגלען פון עסכאַטאָלאָגישע פאַנטאַזיעס.

מ׳דאַרף אָבער באַגרייפן אַז אויף אָט־די לעתיד־לבוא׳דיקע וויזיעס און פּראָפעצייאונגען האָט דער סאָציאַליזם ניט געהאַט קיין מאָנאָפּאָליע און אפילו ניט קיין פּאַטענט־רעכט. דער ליבעראַליזם האָט עס געטאָן פאַר אים. [1])

אָבער סאָציאַליזם באַשטייט ניט אויסשליסלעך פון פוטור־וויזיעס, ער פאַר־מאָגט אַ פּלאַן און אַ טעאָריע, און אַלס אַזעלכער האָט ער מיט דער רעליגיעזער צוקונפט־מוזיק, וואָס וועט זיך לאָזן הערן איבער דער זינדיקער רשעות־וועלט אַרויסגעבלאָזן פון דעם שופר־של־משיח, גאָר ווייניק וואָס צו טאָן. סאָציאַל־דע־מאָקראַטיזם האָט באַדייט אויף פּראָזאַאיש לשון, דאָס איבערגעבן די ווירטשאַפט, פּראָדוקציע און דיסטריבוציע, אין רשות פון דעם שטאַט. אַנשטאָט פּריוואַט־אייגנ־טום רעכט אויף די פּראָדוציר־מיטלען האָבן די שטאַט־סאָציאַליסטן זיך פאַרמאָסטן איינצופירן, און האָבן באַוויזן איינצופירן אין אייניקע לענדער, שטאַט־אייגנטום, אַזוי אַז דער מלוכה־אַפּאַראַט אין דער פּערזאָן פון באַאַמטע, ביוראָקראַטן האָט קאָנ־טראָלירט ניט בלויז די פּאָליצייאישע און פּאָליטישע, נאָר אויך די עקאָנאָמישע פונקציעס פון דער געזעלשאַפט.

וואָס האָט זיך פון דעם באַקומען? עס האָט זיך באַקומען דאָס וואָס מענטשן מיט אַ היסטאָרישער פאַרויסזע־קראַפט האָבן פאַרויסגעזען און פאַרויסגע־זאָגט צענדליקער יאָרן צוריק, אַז עס וועט זיך באַקומען, קיין ישועות ונחמות זי־כער ניט. מע האָט פאַרביטן איין קלאַס אויף אַ צווייטן, אין אייניקע הינזיכטן אויף אַ בעסערן קלאַס פון הערשערס, אין אַנדערע הינזיכטן — אויף אַן ערגערן.[2]

הערבערט ספּענסער אין זיינע עסייען האָט געוואָרנט, האָט אַלאַרמירט, אַז מיר דערנענטערן זיך, אַ דאַנק די באַמיאונגען פון די שטאַט־סאָציאַליסטן, צו אַ צושטאַנד, וואָס ער האָט באַצייכנט ווי די „צוקונפט שקלאַפעריי." דאָס אייגענע, הגם מיט אַנדערע ווערטער, האָט געזאָגט מיכאיל באַקונין, און אויך פילע אַנדע־רע. ספּענסערס נביאות און וואָרנונג האָבן די שטאַט־סאָציאַליסטן אָפּגעפּטור׳ט מיט דער באַשולדיקונג, אַז ער האָט זיך פאַרקויפט צו די געלט־מאַגנאַטן, וואָס האָבן פינאַנסירט די אויסגאַבע פון זיינע ווערק. באַקונינס וואָרנונגען האָט מען דאָך אוודאי געמעגט איגנאָרירן, מחמת ער איז דאָך גלאַט געווען פּסול שוין מחמת דעם אַליין, וואָס ער איז געווען אַן אַנאַרכיסט, ד״ה אַ „קליין־בירגערלעכער" אידעאָלאָג. איז טאַקע אמת, אַז באַקונינס פּלענער, וואָס ער האָט פאָרגעלייגט פאַר דער לייזונג פון דעם אַנגעווייטיקטן סאָציאַלן פּראָבלעם, האָבן זיך ניט אויסגעצייכנט מיט קיין איבעריקער פּראַקטישקייט, אָבער דאָס מיינט לחלוטין ניט אַז די פיילן פון זיין קריטיק וואָס ער האָט געצילט אין שטאַט־סאָציאַליזם האָבן ניט געטראָפן אין סאַמע פינטל אַריין. באַקונינס פּאָזיטיוו געפינט זיך אין זיין נעגאַטיוו, אין זיין נעגאַטיווער שטעלונג צום מלוכה׳שן, יונקערישן סאָציאַליזם.

אַ נייער הערשנדיקער קלאַס איז אויפגעקומען מיט דער פאַרווירקלעכונג פון שטאַט־סאָציאַליזם אָדער שטאַט־קאַפּיטאַליזם, ווי מע וויל מעג מען עס רופן. אָב־

דערש האָט עס גאָרניט געקענט זיין. דאָס איז דאָס איינציקע וואָס מ'האָט גע־קענט, ניכטערערהייט, דערוואַרטן פון שטאַט־סאָציאַליזם אַלס אַ פּראַקטישן פּלאַן און אונטערנעמונג, וואָס מ'האָט דורכגעפירט אין פאַרשיידענע נוסחאות אין איי־ניקע לענדער. [3])

איצט וועלן מיר זען וואָס האָט א. מענעס צו זאָגן מכוח אָט־דער אַנגעלעגנ־הייט.

אָט־וואָס ער שרייבט:

„די צרה איז אָבער, וואָס מיר זיינען ניט איבעריק גליקלעך פון דעם סאָ־ציאַליזם, וואָס קומט ווי אַ היסטאָרישע בויטוועבדיקייט. איינער פון די וואַריאַנטן פון סאָציאַליזם, וואָס די געשיכטע האָט אונדז 'געשענקט' איז דאָך דער היטלעריס־טישער נאַציאָנאַל סאָציאַליזם. און אַפילו דער סאָציאַליסטישער עקספּערימענט אין רוסלאַנד, ניט געקוקט אויף אַלע מיליטערישע דערפאָלגן פון דער רוסישער אַרמיי, איז אייגנטלעך נאָר אַ מוסטער פון פאַרפעלשטן און דעגענערירטן סאָציאַליס־טישן אידעאַליזם". (יידישער קעמפער" ז' 85 ג', פסח תש"ה).

איך זע ניט די פעלשונג פון סאָציאַליסטישן אידעאַליזם. דער סאָציאַליזם האָט דאָך ניט געקענט בליבן דער אייגענער נאָך זיין טיילווייזער רעאַליזאַציע, ווי ער איז געווען, ווי ער האָט אויסגעזען צו זיך, פאַר זיין רעאַליזאַציע, בשעת מ'האָט אים פּראָפּאַגאַנדירט און מ'האָט צעצונדן און צעפלאַקערט די פאַנטאַזיע פון די מאַסן מיט צוזאָגונגען, וואָס האָבן דערמאָנט אָן די וואולגאַרע לעגענדעס וועלכע דערציילן די נסים ונפלאות, וואָס וועלן פּאַסירן אין די טעג פון נאָך־משיח־קומען. מ'מוז דאָך באַגרייפן (אויב מ'איז אַ שטיקל בר־דעת און מ'איז באַהאַוונט אין דער געשיכטע פון די טראַנספאָרמאַציעס וואָס מאַכן דורך פּאַרטייען אָדער סעקטעס צוזאַמען מיט זייערע פּראָגראַמען און גלויבערייען), אַז די פאַרווירקלע־כונג קען קיינמאָל ניט זיין אַזוי אָטעם־פאַרכאַפּנדיק און אויג־פאַרנעמענדיק, ווי די וויזיאָנערישע צעגליטע דערוואַרטונגען און פאַרשטעלונגען.

שטאַט־סאָציאַליזם האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין דאָס, וואָס עס האָבן וועגן אים געזאָגט די וואָס זיינען ניט געווען פאַר'שיכור'ט און פאַרטשאַדזשעט פון דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון אַ קלאַס פון צוקונפטיקע, פּראָספּעקטיווע הערשערס, די „פּראַצע־פּריצים". [4])

א. מענעס וויל, אָבער, פון דעם אַלעם ניט וויסן. ער שרייבט:

„די מאַטעריאַליסטישע עולם־הזה'דיקע אידעאָלאָגיע איז געוואָרן איינע פון די גרעסטע סכנות פון אונדזער צייט. וואָס גרעסער עס זיינען געוואָרן די מעג־לעכקייטן פון „אַרויפאַרבעטן" זיך, פון פאַרנעמען מער פּריווילעגירטע שטעלעס

און פאָזיציעס אין דעם פאַרצווייגטן אַפּאַראַט פון דער פּאַרטיי און מלוכה אַלץ בולט'ער האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי ווייניק דער מאָדערנער סאָציאַליסט איז צו־געגרייט צו פירן די מלחמה קעגן דעם יצר־הרע פון געלט, מאַכט און כבוד" (דאָרט ז' 86 ג'.)

עס איז שווער צו פאַרשטיין אין וואָס איז דאָ שולדיק די מאַטעריאַליסטישע אידעאָלאָגיע, אויב א. מענעס האָט אין זינען דעם אַזוי גערופענעם „היסטאָרישן מאַטעריאַליזם". די מאַניסטיש־עקאָנאָמישע אינטערפּרעטאַציע פון געשיכטע האָט קיינמאָל ניט געלערנט, אַז די יחידים דאַרפן זיך ניט מוסר־נפש זיין פאַרן כלל. אַט־די פילאָזאָפישע אויסטייטשונג פון געשיכטע האָט בלויז באַהויפּט, אַז די געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן ווי אויך אַלע אידעאָלאָגישע און גייסטיקע ווערטן זייַנען אַן אַרויפבוי אויף דעם יסוד פון דעם עקאָנאָמישן וואוילזיין פון ציבור. און ווי אַזוי אַזאַ אומשולדיקע, הגם לויט אונדזער פאַרשטיין נאָך אינגאַנצן ניט ריכטיקע, פילאָזאָפישע לערע האָט געקענט פאַרדאַרבן די מידות פון די אויפריכטיקע קעמ־פערס יחידים פאַרן סאָציאַליזם איז אַ רעטעניש. בכלל גלויבט זיך קוים אַז פי־לאָזאָפישע אויסטייטשונגען, וואָס פאַרזיכערן אַז אַלע עטישע געבאָטן באַצוועקן איין ציל און דאָס איז דער „למען ייטב לך והארכת ימים", אויפגעפּאַסט אין קאָלעקטיווע טערמינען, זאָלן קענען אויסאייבן אַ פאַרדאַרבנדיקע השפעה אויף דעם אויפפיר פון דעם איינצלנעם מענטשן.

און נאָך מער איז די זאַך קשה: די בורזשואזע פּאַרטייען אַלס רעפּרעזענטאַנטן פון הערשנדיקן קאַפּיטאַליסטן־קלאַס האָבן שוין דווקא באַגרינדעט זייערע באַ־שטרעבונגען אויפן יסוד פון אַן אידעאַליסטישער אינטערפּרעטאַציע פון דער גע־שיכטע ווי אויך פון דער געזעלשאַפט און וועלט בכלל. האָט זיי אַט־דער פילאָזאָ־פישער אידעאַליזם געראַטעוועט פון קאָרופּציע, פון אייגננוץ, פון גראָבן און האַרטן עגאָאיזם, האָט זיי זייער מעטאַפיזישער אידעאַליזם באַוואָרנט קעגן „יצר־הרע פון געלט, מאַכט און כבוד"?! ניט שוין־זשע מיינט א. מענעס, אַז סאָציאַליסטן אַלס מענטשן זייַנען געקנאַטן פון גאָר אַן אַנדער טייג, און דער „אידעאַליזם" וואָס האָט אויף די „בורזשואַזנע פאַרדאָרבענע קערלעך" ניט געווירקט צום גוטן וואָלט יאָ מחזיר־למוטב זיין די „סאָציאַליסטן"... און מאַכן פון זיי פולוואַגיקע צדיקים, וואָס האָבן ניט קיין יצר־הרע צו מאַכט, כבוד און געלט...

א. מענעס רעדט אין טערמינען פון יחידים סאָציאַליסטן און זייער פּערזענלעכן יצר־הרע, פּערזענלעכע אַמביציעס. ער וויל ניט באַגרייפן, אַז מיר האָבן דאָ פאַר זיך אַ נייעם קלאַס, אַ נייע סאָציאַלאָגישע פאָרמאַציע. שטאַט־סאָציאַליזם איז די אידעאָלאָגיע פון אַן אויפקומענדיקן קלאַס, דער קלאַס פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון

דער אַרבעטערשאַפט. ווען זיי וואָלטן ניט באַזיצן קיין יצר־הרע פאַר מאַכט, כבוד און גדולה, עקאָנאָמישן וואוילזיין און פּאָליטישער הערשאַפט, וואָלטן זיי ניט אַרויפגעטויכט צו דער אויבערפלאַך פון דער געזעלשאַפטלעכקייט און וואָלטן ניט פאַרנומען דעם אויבנאָן ביי דעם טיש פון עקאָנאָמישער און פּאָליטישער פירער־שאַפט. אַט־דאָס „אַרויפאַרבעטן זיך" און פאַרנעמען פּריווילעגירטע פּאָזיציעס ווערט ניט געטאָן ביחידות, נייערט בציבור. אַ גאַנצער קלאַס האָט זיך אַרויפגעאַרבעט, אַ נייער הערשנדיקער קלאַס האָט פאַרנומען די אוואַנסצענע פון דער געשיכטע.

„אַ דריי סאָציאַליסטישע עקספּערימענטן און דורכפאַלן במשך פון די לעצטע פאַר צענדליק יאָר צווינגט אונדז צו באַטראַכטן דעם גאַנצן ענין פון דאָס ניי. דער תחילת׳דיקער נאַאיווער סאָציאַליסטישער אָפּטימיזם האָט זיך שוין לאַנג אויסגע־וועפּט, זיין אָרט פאַרנעמען שווערע ספיקות און די טיפסטע אנטוישונגען". (א. מענעס דאָרט ז׳ 86).

יאָ, דעם ענין דאַרף מען באַטראַכטן. דער אמת איז, אַז דער ענין איז שוין זייער פיל מאָל באַטראַכט געוואָרן, ווי מיר האָבן שוין אויבן אָנגעוויזן. די לעצטע פאַר צענדליק יאָר האָבן באַשטעטיקט די פּראָגנאָזן פון די „אמת׳ע נביאים", ד״ה פון די פּאָרויסזאָגערס און פאַרויסשילדערערס, וואָס האָבן געזען און באַשריבן דעם שטאַט־סאָציאַליסטישן גן־עדן ווייט ניט אין ראָזע קאָלירן. די זאַך איז אָבער אַזוי: צו די „פאַלשע נביאים" פון סאָציאַליזם האָט זיך דער ברייטער עולם צוגעהערט, צו די אמת׳ע נביאים — ניט. פאַרוואָס? ווייל דער עולם־גולם וויל מ׳זאָל אים אָפּנאַרן. ער וויל הערן זאַכן וואָס זיינען אָנגענעם. איבערהויפּט נאָך ווען די צוזאָגענישן זיינען שוין גאָר ניט קיין פּוסטער אָפּנאַר פאַר אַ באַשטימטן קלאַס מענטשן, וועלכע גיבן דעם טאָן, פירן אָן מיט די מאַסן, באַצווינגען זייער ווילן און פאַרשטאַנד. די סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדיסטן האָבן אויסגענוצט די רעליגיעזע שטימונגען און נויגונגען פון די באַדרענגטע און באַ׳עוולה׳טע שיכטן פון פאָלק, וואָס גאַרן נאָך גאולה, וואָס לעכצן נאָך אויסלייזונג.

דענקערס וואָס זיינען באַשאָנקען מיט אַ דורכדרינגענדיקן בליק, מיט אַ פאָרויסזע־באַגאַבטקייט האָבן געזען ווי די קאַטאַסטראָפע רוקט זיך, קומט צו מיט יעדן יאָר פון סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע און פּאָליטישער טעטיקייט אַלץ נעענ־טער און נענטער. אָבער ווי עס ווייזט אויס האָט א. מענעס ניט געהערט צו אָט־יענעם קרייז יחידים, פאַרשערס. האָט ער עס איצט ערשט דערזען און האָט זיך דערשראָקן. ער לעבט איבער, ווי ער דריקט זיך אויס, „שווערע ספיקות און די טיפסטע אַנטוישונגען". דערזעענדיק די „סאָציאַלע צרה" אַזוי שפּעט, ווען עס איז

שוין כמעט נאָך אַלעמען, געוויסערמאַסן, איז ער ניט בכוח אינטעלעקטועל זיך צו פאַנאַנדערקלייבן ווי געהעריק אין דער סאָציאַלער פאַרווירעניש וואָס באַדייט אַ ניי־עם באַשאַף פון אַ הערשנדיקן קלאַס. ער טראַקטירט דעם סכום פון סאָציאַלע פּערטורבאַציעס ווי ער וואָלט זיין עפּעס צופעליקעס וואָס איז פאַראורזאַכט פון די „שלעכטע סאָציאַליסטן" וואָס זיינען ניט געשיקט אין געפּעכט מיטן יצר־הרע... ווען עס וואָלטן געווען גוטע פרומע סאָציאַליסטן וואָלט דער סאָציאַליזם אַרויסגעקומען גאָר אַן אַנדערער... ער וויל ניט זען אַז דער שטאַט־סאָציאַליזם אַלס אַזעלכער איז שולדיק אין דעם וואָס די סאָציאַליסטן זיינען דאָס וואָס זיי זיינען. ער באַגרייפט ניט אַז דער סאָציאַליזם האָט זיך פאַרשפּרייט דווקא דערפאַר וואָס ער איז „שלעכט", ד"ה דערפאַר וואָס אַ יונגער, שטאַרקער, ענערגעטישער קלאַס איז געווען פאַראינטערעסירט סיי עקאָנאָמיש און סיי פּאָליטיש אין זיין, לכתחילה, פאַרשפּרייטונג און, דערנאָך, פאַרווירקלעכונג.

פאָלגלעך, אַזוי ווי דער דיאַגנאָז פון א. מענעסן איז ניט ריכטיק דעריבער איז גאַנץ נאַטירלעך וואָס דער רעצעפּט, וועלכן ער פאַרשרייבט, געהערט צו דער קאַטעגאָריע פון „קאַלטע רפואות", צו געברויכן אַ פּשוטן פאַלקסאויסדרוק.

סאָציאַליזם ווי נאָר ער האָט זיך צוגערירט צו דער געמיינער און אומריי־נער סאָציאַלער ווירקלעכקייט אַזוי האָט ער גלייך פאַרלאָרן, רחמנא ליצלן, זיין נשמה־זויבערקייט, זיין אידעאַליסטישע אומשולד. שטעלט זיך די פראַגע, ווי זאָלן מיר אים רייניקן פון דער טומאה, ווי זאָל מען דעם סאָציאַליזם כשר'ן ??

א. מענעס האָט אַ מיטל און ער לייגט אים פאָר:

„און היינט קענען מיר ווידער אויפלעבן דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל נאָר דאַן, ווען מיר וועלן זיך אומקערן צום קוואַל פון אידעאַליזם, צו דער אידייע פון אין־סוף." (דאָרט ז' 87)

דאָס איז אַ טשיקאַווע תרופה! די אבסטראַקטע אידייע פון אין־סוף וועט היילן אונדזערע סאָציאַלע חולאת'ן, ווי אַזוי? קיין קאָנקרעטן סאָציאַליסטישן טעזיס קען מען ניט באַווייזן אויפן סמך פון אַזאַ ניט־דאַאיקער אידייע ווי דער אין־סוף. און אַז עס איז פאַראַן אַ אין־סוף, איז וואָס? צו וואָס איז עס מחייב אין תחום פון אינטערפּערזענלעכע מענטשלעכע פאַרהעלטענישן? בכדי צו באַווייזן די ריכטיקייט אָדער די פאַלשקייט, די דערגרייכבאַרקייט אָדער ניט־דערגרייכבאַר־קייט, די ווינטשנסווערטיקייט אָדער ניט־ווינטשנסווערטיקייט פון דעם סאָציאַליס־טישן פּלאַן און דאָקטרין מוז מען זיך ווענדן צו דער עקאָנאָמישער, פּאָליטישער, סאָציאָלאָגישער וויסנשאַפט, בשום אופן ניט צו דער לערע מכוח אין סוף, אַפילו בשעת ער איז אַ סינאָנים פאַר דעם טערמין „גאָט". נו, אַז די סאָציאַליסטן וועלן

גלויבן אין גאָט, איז וואָס וועט דעמאָלט פּאַסירן?! מענטשן האָבן געגלויבט אין גאָט און געהאָט אַ שקלאַפּן סיסטעם. מענטשן האָבן געגלויבט אין גאָט און גע־האָט אַ פעאָדאַלן אײנשטעל. מענטשן גלויבן אין גאָט און האָבן אַ קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם, אויב קאַפּיטאַליזם איז אַ סיסטעם. און אַז סאָציאַליסטן וועלן גלויבן אין גאָט וועט זייער גלויבן נויטווענדיקערווייז קאָריגירן זייער סאָציאַליזם און מאַכן אים פאַר אַ „כלו טוב"?! מענטשן האָבן געגלויבט און גלויבן און וועלן גלויבן. איז גלויבן אַליין גענוג? איז גאָט אַליין פאַר זיך גענוג? גאָט קען דאָך זיין אַ געץ און אַ גרויסער רשע. דאַרף מען דאָך האָבן אַ גאָט וואָס איז אין דער בחינה פון „לא יגורך רע", וואָס איז דער קוואַל פון גוטסקייט, מיט אַנדערע ווערטער, אַן עטישער פּרינציפּ. איז דאָס אַנערקענען פון פּרינציפּ פון עטיק אַלס אַ קאָסמישן פּאָסטולאָט דען גענוג? עס פאָדערט זיך דאָך דאָס אָפּהיטן פון די געבאָטן פון עטיק. מע דאַרף מקיים־זיין דעם „והלכת בדרכיו, מה הוא חנון אף אתה חנון"... און פאַר דעם צוועק פאָדערט זיך אַ שטאַרקער ווילן, אַ גוט דיסציפּלינירטער מענטש. בלויז אַ צדיק, ווען ער איז שוין אַ צדיק, קען זיך באַגענוגענען מיט גלויבן אַליין, צדיק באמונתו יחיה... אָבער אמונה אַליין, אַנערקענונג פון אַן אַבסטראַקטן פּרינציפּ מאַכט קיינעם ניט פאַר קיין צדיק, פאַר קיין עטישע פּער־זענלעכקייט.

און אַז די סאָציאַליסטן וואָס האָבן פאַרכאַפּט די מאַכט און די ווירטשאַפט פון לאַנד וועלן זיך דערקלערן פאַר רעליגיעזע מענטשן און זייער סאָציאַליזם פאַר אַ רעליגיעזן איז וואָס וועט פּאַסירן, וועט אַט־די לעפּל האָניק פאַרזיסן דאָס גאַנצע פעסל פון דזשעגאַכץ?! „רעליגיעז" אויב דאָס באַדייט פרומקייט האָט עס בכלל קיין באַדייט ניט. אַ איד וועט בדאי זיין אַ יאָר פרום אידער איין טאָג גוט. ביסמאַרק, „דער קאַנצלער פון בלוט און אייזן" איז געווען „רעליגיעז". אין זיינע טאָגביכער וועט איר געפינען אַריינשרייבונגען, וואָס זענען עדות אַז ער האָט גאַנץ פרום מתפלל געווען אין דעם טאָג, ווען ער האָט געצוואונגען די פראַנ־צויזן, אַז זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פון עלזאַס־לאָריין און צאָלן אַ היפּשע קאָנטריבוציע נאָך זייער מפלה ביי סעדאַן אין 1871. גענעראַל פאָש איז געווען אַ פרומער קאַ־טאָליק און זיינע סטראַטעגישע איינפאַלן האָט ער צוגעטראַכט שטייענדיק אויף די קני אין קירך בשעת געבעט. און גענעראַל הינדענבורג איז געווען ניט ווייניקער „רעליגיעז". איז פאָביעדאָנאָסצעוו, דער הויפּט פון הייליקן סינאָד ניט געווען רעליגיעז? זיינען די אינקוויזיטאָרן, וואָס האָבן געפּייניקט די יידן און די אפּיקורסים, ניט געווען רעליגיעז? זיינען די רבנים וואָס האָבן אַריינגעלייגט ספּינאָזאַ'ן אין חרם ניט געווען „רעליגיעז"? אַלע מענטשן, אַריינגערעכנט די

גרויזאַמסטע טיראַנען און פעלקער־רוצחים, זיינען „רעליגיעז", האַלט זיי זייער „רעליגיאָזיטעט" אָפּ פון זייערע מעשים תעתועים? און וואָס גיט א. מענעס'ן די זיכערקייט אַז ווען די „סאָציאַליסטן" וועלן ווערן „רעליגיעז" וועלן זיי ווערן מיט מלאכים צוגלייך און וועלן גלייך פאַרלירן זייער „יצר הרע צו געלט, מאַכט און כבוד". וואָס מיינט ער, אַז „רעליגיעזע" מענטשן האָבן קיין יצר הרע ניט, אדער אַז זיי זיינען אַלע רייך אָן זינד?! איז „איוואַן דער שרעקלעכער" ניט געווען רעליגיעז, און נאָך ווי „רעליגיעז"?!

רעליגיאָזיטעט, אמונה, גלויבעריי איז ניט אַ זאַך וואָס מ'דאַרף מענטשן לערנען אָדער עס פאַרשפּרייטן. וואָס מ'דאַרף טאָן בנוגע רעליגיע איז לייטערן עס, רייניקן עס פון פסולת, פון אַבערגלויבעריי, קולטוס און ריטואַליסטיק. רעליגיע איז אַ נאַטירלעך געוויקס וואָס וואַקסט אויפן פעלד פון מענטשלעכן באַוואוסט־זיין. עס האָט גאָר טיפע וואָרצלען אין דער מענטשלעכער נשמה. אַלע פאַרזוכן עס אַרויסצורייסן פון דער זעל פון די יחידים אָדער מאַסן האָבן זיך אויסגע־לאָזט מיט דעם, וואָס דאָס געוויקס וואָס הייסט אמונה איז געוואָרן גרעבער, וויל־דער, דאָרנדיקער. רעליגיע דאַרף מען ראַפינירן, פאַראידעלען, פאַרשענערן, מיט איין וואָרט, קולטיווירן. אין דעם איז אייגנטלעך באַשטאַנען די אומגעהויער וויכטיקע אַרבעט פון די נביאים.[5] דער אַנטוויקלונגס־גאַנג פון רעליגיע איז פון מאַגיק צו עטיק, פון ריטואַל צו מאָראַל.

## 2

איך קען פאַרשטיין די יעניקע וואָס שטעלן אַרויס דעם דעמאָקראַטישן סאָ־ציאַליזם קעגן דעם דיקטאַטאָרישן, הגם איך בין מיט זיי ניט מסכים. די צרה מיט דעם דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם איז דאָס, וואָס ער איז אין ערגעץ ניט אויסגע־פּרובירט געוואָרן הלכה למעשה. ער געפינט זיך נאָך אַלץ אין זיין יוגנטלעכן אומ־שולדיקן פּעריאָד פון אַגיטאַציע. דעמאָקראַטיע, אין דער פאָרם אין וועלכער זי ווערט פּראַקטיצירט, איז אַ פּאָליטישער איינשטעל וואָס איז אויסגעוואַקסן אויפן באָדן פון פרייער קאָנקורענץ און פּריוואַט אייגנטום. דער יחיד קען זיין אַ טרע־גער פון באַשטימטע פּאָליטישע רעכט כל־זמן ער איז אַ פרייער עקאָנאָמישער סוביעקט. ווען דער יחיד פאַרמאָגט גאָרניט, האָט ניט אין זיין רשות און צו זיין דינסט די אינסטיטוציע פון פּריוואַט אייגנטום פאַרלירט ער זיין חשיבות אַלס ווירט־שאַפטלעכער אַגענט און ממילא ווערט געמינערט זיין ווערדע אַלס בירגער. איך גלויב ניט אַז דעמאָקראַטיע איז בכוח איינצוצאַמען די מאַכט־אַפּעטיטן וועלכע אַנטוויקלען זיך ביי די זין פון דעם הערשנדיקן קלאַס אונטער דעם שטאַט־סאָציאַליסטישן רעז־

שים. בכדי צו פאַרהיטן די היינטיקע געזעלשאַפט פון דער אָנקומענדיקער שטאַט־סאָציאַליסטישער שקלאַפעריי פאָדערט זיך עפּעס מער, עפּעס מער עפעקטיוועס ווי בלויז דעמאָקראַטיע. איך בין שטאַרק מסופק צי אַ דעמאָקראַטישער סאָציאַליזם איז דורכפירבאַר און צי ער וואָלט זיין גילטיק, צי די דעמאָקראַטישע דאַמבע וואָלט קענען איינהאַלטן, איינטאַמעווען דעם שטראָם פון טאָטאַליטאַרישן דעספּאָטיזם, וועלכער פאַרפלייצט דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן מיטן איינפיר פון שטאַטיזאַציע פון דערווירטשאַפט. אָבער דאָס לאָזט זיך דיסקוטירן. מיינען אָבער אַז מיט דעם צושטעל צום וואָרט „סאָציאַליזם" דעם אַדיעקטיוו „רעליגיעזער" קען מען ראַטעווען די סיטואַציע, ווי א. מענעס טוט, איז עפּעס אַזעלכעס, וואָס געפינט זיך, לפי עניות דעתי, מחוץ פון תחום פון רעאַליסטישן דענקען.

אַזעלכע אויסטערלישע געדאַנקען ווי „אַז דער אמת'ער צדיק ווייס ניט פון קיין צורת מטבע. דערפאַר טאָר מען אויך שבת קיין געלט ניט האַלטן"... (ז' 85) קענען, לויט מיין פאַרשטיין נאָך, וואַרפן ווינציק ליכט און אַריינברענגען גאָר ווייניק קלאָרקייט אין דעם פאַרוויקלטן און פאַרפלאָנטערטן סאָציאַל־עקאָנאָמישן פּראָבלעם פון אונדזער צייט. צו אָט־די אמת'ע צדיקים־בטלנים האָט מען ניט גאָר זיך ניט געווענדט צו לייזן „וועלט"־פּראָבלעמען, נייערט אַפילו אַ פשוט'ע דין־תורה אָדער אַ בוררות האָט מען זיי ניט אָנגעטרויט אַפילו אין די פיטשימאַנטשיקע ישובים אין וועלכע זיי האָבן זיך געפונען.

אויב אָבער, א. מענעס מיינט צו שטעלן דעם גאַנצן טראָפּ אויף ריינער עטיק און אויף דער אָן־שפּרינקל־ציכטיקער עטישער פּערזענלעכקייט; און שטעלנדיק מאַכט טאַקע זיין עסיי דעם איינדרוק ווי ער וואָלט וועלן אַפּעלירן בלויז צו די יחידי־סגולה, זיי דערמונטערן און דערמוטיקן אַז זיי זאָלן זיך „גרויסן און היילִיקן" אין זייער פענאָמענאַלער צידקות אַזוי אַז זיי זאָלן זיך אַריבערהויבן איבער אַלע הבלי־עולם־הזה; אויב דאָס איז טאַקע זיין לויבנסווערטע כשר'ע כוונה, האָט ער באַדאַרפט משיג־זיין אַז פאַר אָט־די „קדושים וטהורים", פאַר אָט־די זעלטענע יחידים איז דער ענין „סאָציאַליזם", ווי יעדע אַנדערע סאָציאַלע שיטה אָדער איינשטעל, ניט פון ערשטער חשיבות און, אפשר, פון קיין חשיבות. פאַר אמת גוטע וואוילע מענטשן, וואָס האָבן גענומען זייער „יצר־הרע פון געלט, מאַכט און כבוד" און אים געשאָכטן און זיך אויף אים מתוודה געווען איז גאָר ניט שייך קיין שלעכטער סאָציאַלער איינשטעל. אַ גוטער מענטש וועט אין זיינע ד' אמות, אין דעם ענגן קרייז פון זיינע דירעקטע פּערזענלעכע באַציאונגען מיט זיינע מיט־מענטשן שאַפן אַ גוטן סדר פון דער ערגסטער סאָציאַלער אָרדענונג, אויף אַזוי וויַיט ווי זיינע האַנדלונגען און מעשים טובים דערגרייכן.

„דער פּאָליטישער קאַמף איז ווייט ניט די בעסטע שול פאַר מאָראַלישער דערציאונג. אין פּאָליטישן לעבן ווערן אָפט באַנוצט מיטלען און מעטאָדן, וואָס אַנשטענדיקע מענטשן וואָלטן זיך געשעמט זיי אָנצואווענדן אין פּערזענלעכן לעבן" (דאָרט, ז' 86).

דאָס איז אמת. אָבער עס איז דאָך באַקאַנט די טאַטזאַך, אַז כל־זמן סאָציאַליזם איז געפּריידיקט געוואָרן אַלס אַן עטישע לערע, ד"ה כל־זמן ער האָט זיך גע־ווענדט צו די וואָס האָבן פאַרמעגנס און עשירות, און האָט געפאָדערט פון זיי, אַז זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פון זייערע נכסים און רייכטימער און צעטיילן עס צווישן די וואָס האָבן ניט אָדער האָבן ווייניקער, האָט די פּריידיקט, ווי ערנסט זי איז ניט געווען, ניט געהאַט קיין גרויסע פּעולה, ניט געשאַפן קיין גרויסע, אין צאָל, נאָכ־פאָלגערשאַפט. סאָציאַליזם האָט געקראָגן זיינע אָנהענגערס אין די שווערע הונ־דערט־טויזנטער און מיליאָנען ערשט דעמאָלט, ווען ער האָט זיך געווענדט צו די וואָס האָבן ניט און זיי פאַרגעלייגט דעם אָנלאָקנדיקן פּלאַן פון צונעמען די רייכ־טימער ביי די וואָס האָבן און ניט וואַרטן ביז זיי וועלן ווערן גוט און פרום און אַליין עס אָפּגעבן. אָבער אָט־די ווענדונג, וואָס אויף פּראָפּאַגאַנדע־לשון האָט גע־הייסן, געפינען דעם „טרעגער" פאַרן אידעאַל, האָט געמאַכט פון סאָציאַליזם אַ פּאָליטישע לערע און אַ פּאָליטישע באַוועגונג.[c]) סאָציאַליזם ווען ער ווערט געפּריי־דיקט פון אַרימעלייט צו אַרימעלייט, אָדער פון פאָרשטייער פון אַרבעטערשאַפט צו פּראָלעטאַריער קען ניט זיין קיין ריין עטישע לערע. מחמת פאַר אַן אָרימאַן גענומען אַלס אַ קאָלעקטיוו, צוצונעמען, קאָנפיסקירן דעם רייכטום פון רייכן איז ניט קיין ריין עטישער אַקט, נייערט אַ וויכטיקע, מיט קאָנסעקווענטן אָנגעלאָדענע, פּאָליטישע אַקציע.

„דער סאָציאַליזם פון אינטערעסן מוז בכן אָפּטרעטן דעם פּלאַץ פאַר אַ סאָ־ציאַליזם פון קרבנות און פרישות" (דאָרט ז' 87).

עס איז אינטערעסאַנט צו וויסן, ווען דאַרפן עס קומען די „קרבנות און פרישות" פאַרן סאָציאַליזם, פאַר דער רעאַליזאַציע פון סאָציאַליזם, בשעת עס גייט אַן דער קאַמף פאַרן סאָציאַליזם, אָדער נאָך דעם, נאָך דער רעאַליזאַציע. אויב פאַר־דעם האָבן די רוסישע קאָמוניסטן מקיים געווען דאָס וואָס א. מענעס לייגט פאָר אין זיין עסיי אַלס אַ רפואה בדוקה ווי אַזוי כשר צו מאַכן דעם סאָציאַליזם. די רוסישע באָלשעוויקעס האָבן געבראַכט געוואַלדיקע קרבנות אויפן מזבח פון דעם דיק־טאַטאָרישן נוסח פון שטאַט־סאָציאַליזם. זיי זיינען אויסגעשטאַנען געוואַלדיקע רדיפות מצד פון צאַרישן רעזשים, זיי האָבן געקעמפט אויף די באַריקאַדן, זיי זיינען דורכגעגאַנגען דורכן פייער פון אַ פאַרצערנדיקן בירגער־קריג אַפילו אין זייערע

איגענע רייען. און דאָך האַלט א. מענעס אַז זייער „סאָציאַליזם" איז ווייט ניט באַ־ פרידיקנדיק, ווי ער דריקט זיך אויס, „דער סאָציאַליסטישער עקספּערימענט אין רוסלאַנד... איז אייגנטלעך נאָר אַ מוסטער פון פאַרפעלשטן און דעגענערירטן סאָציאַליסטישן אידעאַליזם". און די „קרבנות" האָבן גאָרניט אויפגעטאָן: צום אַנהויב זיינען זיי אַליין, די באָלשעוויקעס, געווען „קרבנות", דערנאָך האָבן זיי אַנ־ דערע געמאַכט פאַר „קרבנות", אַנדערע מיינט אַלע די וואָס זיינען ניט געווען איינ־ שטימיק מיט זיי. האָבן די ערשטע קריסטן געבראַכט ווייניק קרבנות אויפן אַלטאַר פון זייערע אידייען, איז דאָס זיי בייגעשטאַנען בשעת'ן און נאָכן איבערגאַנג פון פאַר־ פאָלגטע צו הערשערס, נאָכן פאַרכאַפּן די מאַכט אין רוים, ווען די קירך איז גע־ וואָרן טריאומפירנדיק?! לכן, וואָס לייגט א. מענעס פאָר?? מיינט ער, אפשר, קרבנות נאָך דער רעאַליזאַציע פון סאָציאַליזם; אויב דאָס איז זיין געדאַנק, דאַרף ער זיך ווענדן מיט דער פּראָפּאַגאַנדע פון סאָציאַליזם צו די רייכע און מעכ־ טיקע, ווייל זיי זיינען דאָך די איינציקע וואָס האָבן צו פאַרלירן פון דער פאַר־ ווירקלעכונג פון סאָציאַליזם, לויט דער השגה פון אַ סאָציאַליסט. מע קען דאָך ניט פאָדערן קיין קרבנות פאַרן סאָציאַליזם נאָך זיין רעאַליזאַציע פון די מאַסן, וואָס דערוואַרטן עפּעס צו קריגן פון סאָציאַליזם, ניט צו דערלייגן צו אים. סאָ־ ציאַליזם קומט דאָך אויפצוהויבן דעם לעבנס־סטאַנדאַרד פון די פאָלקס־שיכטן, ניט אַראָפּדריקן עס נאָך נידעריקער.

אַלזאָ וואָס פאַר אַ מין סאָציאַליזם איז עס דערדאָזיקער, וואָס א. מענעס לייגט אונדז פאָר?

א. מענעס מישט פּאָליטיק, עקאָנאָמיק מיט מיסטיק, און פון אַזאַ געמיש באַ־ קומט זיך אַ מיסטיפיקאַציע און ניט קיין מיסט וואָס קען פאַרמיסטיקן דעם פעלד פון פרוכטבאַרן סאָציאַלן דענקען.

## מראה־מקומות.


1) אבא גאָרדין, סאָציאַלע אבערגלויבעריי, ז' 19.

2) דאָרט, ז' 66.

3) פון אייגענעם מחבר, יסודות פון דער געזעלשאַפט, ז' 128.

4) דאָרט ז' 143.

פון אייגענעם מחבר, קאָמוניזם דעמאַסקירט (ענגליש) ז"ז 164—68.

5) פון אייגענעם מחבר, מאָראַל ז"ז 9—10.

6) פון זעלביקן מחבר, די סאָציאַלע פראַגע, ז"ז 114—16.



# „בראשית׳ אין מיטן״...

(אַן ענטפּער אויף חיים גרינבערג׳ס עסיי „צעשפּרייטונג אָדער אויפזאַמלונג״ אין „צוקונפט״, מערץ, 1945)

פון
## א. ב. ריכטער

חיים גרינבערג שרייבט :

„מיר האָבן געהאַט כוח אַ סך הונדערטער יאָרן צו עקזיסטירן אָן ארץ ישראל, אָן אַ יידיש לאַנד, ווייל מיר זיינען ניט געווען בלויז ישראל, נאָר כנסת ישראל. ווען מיר וואָלטן אין דער פאַרגאַנגענהייט געווען בלויז אַן עטנישע גרופּע מיט איר נאַטורמעסיקן סאָציאַלן צוזאַמענהאַנג, מיט איר ביסל פאָלקלאָר און היסטאָרישע זכרונות פון דורכשניטלעכער אינטענסיווקייט, וואָלטן מיר שוין לאַנג אונטערגעגאַנגען״. (ז׳ 44 ד׳)

דער נס פון אונדזער קיום פאַקוסט ניט אין דעם פאַקט, וואָס מיר האָבן באַוויזן זיך צו באַגיין אָן אַן אייגן יידיש לאַנד און דאָך בלייבן לעבן, ווי עס קען אויסזען פון דער נאָר וואָס געבראַכטער ציטאַט. דער וואונדער באַשטייט אין דעם, וואָס מיר האָבן אָנגעהאַלטן אונדזער שעפערישן המשך, וואָס מיר האָבן ניט בלויז וועגעטירט, אויפגעהאַלטן ווי ניט ווי, מיט גרויסע חסדים, די נשמה פון פאָלק אין גוף פון פאָלק, נייערט פאַרגעזעצט אונדזער קולטור־טעטיקייט, אונדזער גייסטיקע שעפערישקייט אָן איבעררייס. דערצו האָבן מיר נאָך באַוויזן אויך אויסצואיבן אַ באַדייטנדיקע עטיש־אויפבויענדיקע השפעה אויף דער אַרום־מיקער סביבה, אויף אונדזערע מיטפעלקער די „באַלעבאַטים״ אָדער בעל־גופס צווישן וועלכע מיר האָבן זיך געפונען, זעלטן ווי קוים איינגעבעטענע געסט, ס׳רוב טאָקע ווי פאַרהאַסטע און פאַראַכטע פרעמדע, וועלכע מ׳יאָגט, טרייבט

און מאַרדעוועט, פון וועלכע מ׳מיט זיך פטור צו ווערן און מ׳שטעלט זיך ניט אָפּ פאַר קיינע אכזריות׳דיקע מיטלען. אונדזער אונאויפהערלעכע אינטענסיווע עטיש־קרעאַטיווע טעטיקייט איז פאַרגעקומען אונטער דעם בייטש פון אומגע־הויערע נגישות, רדיפות, גירושים און שחיטות, מיט וועלכע עס איז פּונקטואירט דער לאַנגער פּאַסאַזש פון אונדזער צוויי־טויזנטיאָריקן וואנדער־לעבן.

ניט בלויז דעם נעגאַטיוו, דעם חסר פון אייגן לאַנד און שטאַט, נייערט דעם קלאַגעדיקן פּאָזיטיוו, דעם מלא פון צרות און פורעניות האָבן מיר באַוויזן ביי־צוקומען.

דער גרעסטער חידוש פון אונדזער טראַגיק־רייכער געשיכטע איז דאָס, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט אַ גרויסע צאָל פון אונדזערע דם־שונאים, וואָס האָבן אונדז גע׳רודפ׳ט עד־חרמה, שיער, שיער ניט אומגעבראַכט. ניט מיר, די שוואַכע און אומרחמנות׳דיק־געשלאָגענע, זיינען אַראָפּ פון דער אַרענע פון דער געשיכ־טע, נייערט אַ היפּשער טייל פון די שבטים און פעלקער וואָס זיינען געווען שטאַרק, רייך און גליקלעך, וואָס האָבן אונדז געטראָטן אונטער די פיס, אונדז גע׳־הורג׳ט און גע׳ביזוק׳ט, דווקא זיי די „טריאומפירנדיקע העלדן״ זיינען פאַר־שלונגען געוואָרן פון הונגעריקן בית־הבליעה, וואָס הייסט אומקום.

די יידישע געשיכטע שטייט און זאָגט עדות מיטן פולן מויל, פון וועלכן עס פליסט אייגן בלוט, אַז דער גייסטיקער, עטישער פאַקטאָר איז אַ מעכטיקער לעבנשענקענדיקער כוח, אַז די געוואוירעניש פון גערעכטיקייט איז אַ געוויכט, וואָס לייגט זיך שווער אוועק אויף די משקולת אויף וועלכע די מערכות פון שטאַמען און פעלקער ווערן געוואויגן.

חיים גרינבערג זאָגט אונדז, אַז מיר זיינען געווען ניט בלויז אַ ישראל, נייערט אַ כנסת ישראל.

ריכטיק. אָבער וואָס מיינט אַ כנסת־ישראל? דאָס איז אַ קהל וואָס באַגרינ־דעט זיין צוזאַמענהאַלט, זיין אחדות ניט אויף אַ געפיל פון אָפּשטאַמלעכער צוגע־העריקייט, נייערט אויף אַ דעפיניטיווער אידייע, אויף אַ באַשטימטער אידעאָלאָ־גיע, ניט אויף אַ „פיזיס״, נייערט אויף אַ „טעזיס״, *) מיט אנדערע און אָנגענו־מענע ווערטער, אויף אַ תורה.

אַזאַ זעלבסט־באַשטימונג, אַזאַ זעלבסט־אויפּפאַס ליידט פון אַ געוויסן חסרון, האָט אין זיך עפּעס פון „סוד־הצמצום״. אַזאַ ציבור־לעבן פאָדערט פון יחיד אַן אונטערגעוואָרפנקייט אונטער אַ שטרענגער מענטאַלער דיסציפּלין, אַן אָקצעפּ־טירונג פון אַ געוויסער קערפערשאַפט פון דאָקטאָרינעס, פון חוקים און משפטים, פון „דבר אל בני ישראל״, „צו את בני ישראל״, (קעגן וואָס עס האָט זיך כלומר׳שט

געקלאָגט ר' לוי יצחק דער באַרדיטשעווער). אַזאַ איינשטעל שליסט אויס, „פאַר־שניידט" די יעניקע יחידים וואָס זאָגן זיך אָפּ אָפּצוהיטן יענע געזעצן און פאַר־אָרדענונגען און צו אַנערקענען די פּרינציפּן אויף וועלכע זיי זיינען באַזירט, הגם ליבלעך, אַנטראָפּאָלאָגיש געהערן אָט־די ווידערשפּעניקע צום אייגענעם שטאַם. פון דעם עטנאָגראַפישן הויט קענען זיי דאָך ניט אַרויסשפּרינגען, ווען זיי זאָלן עס אַפילו וועלן מיטן גאַנצן האַרצן. אָבער אָט־דער חסרון ווערט פילמאָל, כפלי־כפלים, אויסגעקויפט מיט דער גרויסער מעלה, וואָס אָט־דער צוזאַמענ־באַהעפט הענגט אָפּ פון יחיד'ס הסכם, פון זיין וואָלונטאַרישן צושטים און מענ־טאַלער לאָיאַליטעט. דעם יחיד'ס באַלאַנגשאַפט צום קהל ווערט ניט באַשטימט איין מאָל פאַר אַלע מאָל אינפאַרויס דורך זיינע בלוטן, דורך דער ראַסע, דורך די עלטער־עלטערן, איבער דעם אויסקלייב פון וועלכע קיינער קען ניט האָבן קיין פּריוויליקע דעה.

כנסת איז אַן עקלעזיע. דאָס איז אַ יידישער אויפטו. דער שטאַט איז אַ גויישע דערפינדונג. דער בית־מדרש, דער „מאן מלכי רבנן", נביא'שאַפט אַלס אַ סאָציאַל־עטישע אינסטיטוציע איז אַ יידישע סאָציאָלאָגישע אינווענציע. „אַ נביא וועל איך דיר אויפשטעלן פון דיינע ברידער ווי דו". דער באַגריף פון „עם חכם ונבון" ווען ער ווערט פאַרטייטשט אויף אַ פּאָליטישן לשון מיינט אַ פאָלק וואָס האַלט אויף זיין אחדות, זיין סאָלידאַריטעט און אידענטיטעט אויף דעם יסוד פון אַ באַשטימטער חכמה, וואָס פאָרט זיך מיט א „יראת ה'", און ניט אויף אַן אָפּשטאַם אָדער אַ געאָגראַפישער, טעריטאָריאַלער שכנ'שאַפט.

אַלס אַ פּאָליטיש־שטאַטיסטישע פאָרמאַציע זיינען מיר, בני־ישראל, געווען זייער שוואַך, אַפילו אין די גוטע יאָרן, ווען מיר זיינען געזעסן אויף אונדזער אייגן לאַנד, געווען פאַרוואָרצלט אין אייגענעם באָדן. אַלס אַ נביאים־פאָלק, אַ תורה־פאָלק, זיינען מיר געווען אַן אויסנאַם צווישן די פעלקער, אַן עם סגולה, און אין דעם איז באַשטאַנען, באַשטייט און וועט באַשטיין אונדזער אומבאַזיג־באַרע גבורה. אויף אָט־דעם פונקט קאָנצענטרירן זיך די דערהויבענע אַמבי־ציעס פון פאָלק ישראל, פון די אידעאָלאָגן פון יידנטום, פון אַלע די, וואָס האָבן בייגעשטייערט צו דער פאָרמירונג פון פאָלק ישראל אַלס אַ „גוי קדוש", אַלס אַן עטנישע פאָרמאַציע וואָס איז אַרויפגעבויט אויף אַן עטיק, אויף אַן עטישער באַזע, אין קאָנטראַדיסטינקציע פון די אומות־העולם ביי וועמען די באַזע איז די געאָגראַפישע און עקאָנאָמישע סביבה און די אידעאָלאָגיע איז אַן אַרויפבוי, אַן אויבנשטיבל.

ווייטער, איך וואָלט ניט זאָגן, אַז מיר האָבן עקזיסטירט הונדערטער יאָרן אָן ארץ ישראל, סיידן איך וואָלט מאַכן אַ־די קוואַליפיקאַציע. מיר האָבן גע־טראָגן אַרום זיך און אין זיך אונדזער ארץ ישראל, וואָס איז געוואָרן פון אַ שטיק לאַנד — אַ שטיק פּסיכאָלאָגיע. „פון פּסיכאָלאָגישע ברילִיאַנטן איז דיין גע־אָלאָגישער זאַמד־זשוויר". מיר האָבן געלעבט פּסיכאָלאָגיש אין ארץ ישראל, וואָס איז געוואָרן אונדזער „ארץ־החיים", אַ הימלאַנד פאַר דער יידישער נשמה, דורך דער גאַנצער צייט פון אונדזער גלות־קיום.

דער ייד האָט ניט געשוואָרן אויף די „טייכן פון בבל", אַז ער וועט זיך אומקערן קיין ירושלים פיזיש־פאַקטיש. ער האָט געשוואָרן, אַז ער וועט זיין לאַנד קיינמאָל ניט פאַרגעסן, ד"ה ניט פאַרלאָזן עס גייסטיק. דאָס מיינט אַז ניט אַכטנדיק אויף דעם, וואָס דעם יידנס גוף וועט זיך געפינען ערגעץ אין דער פרעמד, וועט זיין נשמה וואוינען אין ארץ ישראל, טרעטן אויף ארץ ישראל באָדן און אָטעמען מיט ארץ־ישראל־לופט. די סאַסנע אין ווייטן פאַר־פראָרענעם צפון האָט געבענקט און געטרוימט, האָט געהאַלטן איינגעקלאַמערט אין איר האַרצן די געדעכעניש פון דער פאַלמע און דעם פאַלמען־לאַנד, מיט די מילדע ווינטן און בלויע לויטערע הימלען. דער ייד האָט זיך אַרומגערינגלט מיט אַן אייגן־לאַנדלעכער אַטמאָספער. דער ייד האָט זיך געקענט באַגיין אָן דעם ערדיקן ארץ־ישראל, כל־זמן ער האָט אָנגעהאַלטן זיין תורה און ער האָט ירושלים של מטה סובלימירט אין אַ ירושלים של מעלה, וואָס קיין רשע, קיין רוצח האָט ביי אים ניט געקענט צונעמען. [2]

דאָס מיינט אָבער ניט צו זאָגן, אַז דער ייד האָט ניט געטראַכט זיך אומ־צוקערן אויך צו דעם געאָגראַפישן ארץ־ישראל, ווען עס וועט זיך שאַפן אַ שעת־הכושר, אַ גינציקער היסטאָרישער מאָמענט. צוליב וואָס האָט דער ייד געלעכצט נאָך „שיבת ציון", ווייל ער איז געווען פּעסימיסטיש־דעפּיטיסטיש און האָט געהאַלטן אַז אין דער פאַרשפּרייטונג וועט עם־ישראל אומקומען, פאַר־טיליקט ווערן אָדער זיך דעם לעבן נעמען בידים, וועט זיך פאַרלייקענען און זיך פאַרפרעמדן ביז זעלבסט־ניט־דערקענען? ניין. ער האָט ניט געצווייפלט אין זיינע כוחות פון אויסדויער. ער האָט זיך ניט מייאש־געווען. ער האָט גע־גלויבט אין זיינע סבלנות־קרעפטן. ער האָט געגאַרט נאָך „שיבת ציון" ווייל ער האָט געוואָלט אויסגעלייזט ווערן פון די צרות וואָס די רשעים טוען אים אָן, ער האָט געוואָלט פּטור ווערן פון דער קללה „ובגויים ההם לא תרגיע ולא תמצא מנוח לכף רגלך", „צווישן די פעלקער וועסטו קיין רו ניט האָבן און קיין מנוחה וועט ניט זיין פאַר דיין פוספלאַך" (דברים כ"ח, ס"ה). דער ייד האָט אויך געוואָלט לעבן

מער אין איינקלאַנג מיט זיינע איבערציי‏גונגען, מיט זיינע פּרינציפּן, ווייל אויף געוויסע הנחות האָט ער געמוזט איבערגעוואלד איינגיין אין דער פרעמד. דער פלוך פון „ועבדת שם אלהים אחרים... עץ ואבן" האָט אים געשראָקן. ער האָט אויך געלעכצט נאָך גאולה אַלס ישועה פאַר זיך און פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. ער האָט געוואַרט און זיך קוים געקענט דערוואַרטן אויף דעם טאָג וואָן משיח וועט קומען במהרה בימינו און די זון פון גערעכטיקייט, וואָס טראָגט אין אירע שטראַלן־פליגלען א רפואה פאַר אַלע נשמה־קראַנקהייטן, וועט באַשיינען זיין לעבן און דעם לעבן פון פעלקער, און דאַן וועט מען אים אומקערן זיין צוגע׳גזל׳ט לאַנד.

דער ייד האָט ניט באַגרינדעט זיין אויסלייזונג־טרוים אויף דעם פּחד אָדער נאָך ערגער אויף דער באַהויפּטונג, אַז אין גלות וועט ער צעמאַלן ווערן און צעשטויבט ווערן, אַזוי אַז אַ שטויבעלע וועט אַ שטויבעלע ניט דערקענען. ער האָט געגלויבט אַז דער בונד וועט קיינמאָל ניט צעשטערט ווערן (ויקרא כ"ו, מ"ד). ער האָט געגלויבט באמונה שלמה, אַז נצח ישראל לא ישקר, אַז די יידישע אייביקייט וועט ניט לייגן, אַז די יידישע אומה וועט ניט אונטערגיין אַפילו אונטער די ערגסטע און שווערסטע אומשטענדן פון אַן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן כאַראַקטער, און צו דער אייגענער צייט, כאָטש ער האָט זיך ניט געשראָקן פאַרן אומקום, האָט ער געגלויבט, ניט ווייניקער געווען זיכער, אַז די גאולה וועט קומען, מוז קומען, ווי לאַנג זי זאָל זיך ניט זאַמען. ער האָט אָבער זיין גאולה דערוואַרטונג ניט באַזירט אויף אַ נעגאַטיוו, אויף יידישן כליון, און אויך ניט אויף דער ווילדער רשעות פון די גויים, אויף קאַניבאַלישער יידן־שנאה.

ביי דעם יידן איז עס געווען אַן אַקסיאָמע, אַז אונטערגיין וועט ער ניט, אָבער זיך איינלעבן אין דער פרעמד צווישן די אומות־העולם, זיך איינאָרדענען באַקוועם און גליקלעך, וועט ער אויך ניט. ער האָט ביידע זאַכן געהאַלטן פאַר אַן אוממעגלעכקייט.

איך געדענק ביי אונדז אין שטעטל, יאגוסטאוו, איז געווען אַן אַלטער קינדער־דאָקטאָר. האָט ער זיך אַזוי געפירט: ער האָט כסדר געשטראָשעט זיינע קינדער־פּאַציענטן מיטן טויט. אַז איך בין קראַנק געוואָרן און מ׳האָט אים געבראַכט צו מיר, האָט ער מיר דווקא געוואָלט איינגעבן עפּעס אַ ביטערע רפואה, וואָס איך האָב נאַטירלעך ניט געהאַט קיין גרויסן חשק עס צו נעמען. זעענדיק מיין ווידערשטאַנד האָט ער גענומען טאַפּטשען מיט די פיס און מלא־חמה גענומען שרייען: אויב דו נעמסט עס ניט, וועסטו שטאַרבן... מ׳וועט

אויסגראָבן אַ טיפע גרוב און מ׳וועט דיך אין איר באַגראָבן און די ווערים וועלן דיך אויפעסן.

די יידן האָבן קיינמאָל אַזוי צו זיך ניט גערעדט ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן „שיבת ציון". זיי האָבן יאָ אַזוי גערעדט און געשריבן אין די הייליקע ספרים בלויז ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אויפגעבן פון דער תורה־קולטור און אָפּגעהיט פון אירע געבאָטן: אָדער איר נעמט די תורה, אָדער איר ווערט דאָ גלייך באַגראָבן; אָדער איר היט אָפּ די תורה, אָדער עס וועט פון אייך קיין שריד ופליט ניט בלייבן. פאַרוואָס בנוגע דער תורה — יאָ, און בנוגע ארץ־ישראל און גאולה — ניט? ווייל אָפּהיטן די תורה איז אַ ריין סוביעקטיווער ענין, וואָס ווענדט זיך אינגאַנצן אין גוטן ווילן פון פאָלק, בשעת לאַנד־אויסלייז איז עפּעס אָביעקטיווס אויסערלעכעס און עס הענגט ניט אָפּ אינגאַנצן פון פערזענלעך - נאַציאָנאַלן וואונטש און פאַרלאַנג. יידן האָבן ניט געוואָלט און ניט געטאָרט שטעלן זייער עקזיסטענץ אויף אַ באַדינג, וואָס געפינט זיך ניט אויסשליסלעך אין זייער רשות, נייערט האָט צו טאָן מיט אויסערלעכע אָביעקטיווע אומשטענדן.

„אין דער מאָס, אין וועלכער מיר ווערן אויס כנסת־ישראל, מוזן מיר, האָב איך מורא, אָדער ווערן אויס ישראל, אָדער זיך ווידער־אויפבויען אַלס עם־ישראל". (ז׳ 145, ג׳)

אויב עס וואָלט אמת געווען אַז מיר ווערן אויס כנסת־ישראל וואָלטן מיר בשום אופן ניט געקענט ווערן קיין עם ישראל, ווייל די צוויי באַגריפן געפינען זיך אין איין קרייז. דער עם ישראל איז אַ כנסת־ישראל, איז אַ פאָלק־געזעמל. אַזוי זאָגט אונדז בפירוש די יידיש־טראַדיציאָנעלע (אָנהויבנדיק פון חומש און דורכגייענדיק דורך די נביאים און אָנקומענדיק צו ביידע תלמודס און אויסלאָזנדיק מיט די ראשונים און אחרונים) זעלבסט־אויפפאַסונג פון יידישן פאָלק. מיר האָבן קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו זיין אַן „עם ישראל חי". און ווען מיר וואָלטן אויפגעהערט צו זיין אַ פאָלק וואָלטן מיר צוריק קיין פאָלק ניט געקענט ווערן דורך דעם שם־המפורש, דורך אַ מאגישן שפרונג פון אַ קאָנגרעס און אימיטאַטיווער האַפּטלאָזער דיפּלאָמאַטיע. טויטע שטייען ניט אויף קיין תחית המתים מחוץ פון דער יעווואַנגעלישער לעגענדע און אַנדערע ענלעכע סיפורי־נפלאות. זייענדיק אַן עם־ישראל, זיינען מיר געווען, זיינען איצט און וועלן זיין אין אַלער אייביקייט, אַ כנסת־ישראל. דורך דעם וואָס מיר וועלן זיך אויפזאַמלען, שאַפן אַ „קיבוץ גליות" וועלן מיר ניט אויפהערן צו זיין אַ כנסת־ישראל, אַ פאָלק וואָס באַזירט זיין פאָלקטום, זיין ציבור־אייניקייט, זיין צוזאַמענגעהעריקייט

אויף דער יידישער תורה, אויף יידישער געוויסנשאַפט. די „ארץ״ געהערט צו „ישראל״, דערפאַר איז עס ארץ־ישראל, און ניט ישראל געהערט צו דער „ארץ״.

„אונדזער דעגראַדאַציע באַשטייט ניט אַזוי אין דעם, וואָס אַנדערע קוקן אויף אונדז פון אויבן אַראָפּ, ווי אין דעם וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן קוקן אויף אַנדערע פון אונטן אַרויף״. (דאַרט)

ריכטיק. אָבער עסייען פון אַט־דעם מין און גייסט, גלויב איך ניט, אַז זיי זאָלן קענען זיין קאָנדוציוו צו דעם אַז מיר זאָלן אויפהויבן אונדזערע קעפּ מיט אינערלעכע גייסטיקער גאווה און נעמען קוקן אויף די אימפּעריאַליסטישע פעל־קער, אויף די „משפחות־הארצות״, פון אויבן אַראָפּ. וויבאַלד מיר שטייען, לויט דער אויפפאַסונג פון חיים גרינבערגן, מיט איין פוס אין קבר און קענען זיך קוים אַרויסראַטעווען פון דער קאַלטער פייכטער גרוב דורך דעם וואָס מיר וועלן זיך איינשאַפן אַ היימלאַנד, די גרויס פון דעם „טל ומטר״ אין דעם אימ־פּעריאַליסטישן סידור, איז אויף וועלכן סמך זאָלן מיר זיך פאַרגינען קוקן אויף אַנדערע פעלקער, וואָס זיינען טויזנט מאָל חשוב׳ער פון אונדז, מחמת זיי זיינען רייך, שטאַרק און קלוג, קענען זיך בעסער שלאָגן פון אונדז, פון אויבן אַראָפּ. מיר דערגרייכן ניט צו זייערע קנעכלעך אין הלכות־מדינה, זייער קלענ־סטער פינגער איז גרעבער פון אונדזערע לענדן ווען עס קומט צו מלוכה־וועזן, און דאָס איז דאָך אַלץ מיט אַן אַנדער, דאָס איז דער עיקר העיקרים אין אַ פאָלקס לעבן און געדייען, און מיר זאָלן זיך נאָך איבערנעמען! מיט וואָס? מיט דעם וואָס מיר זיינען באַנקראָט, מיט דעם וואָס מיר זיינען לא־יוצלח׳ס און מיר גיבן עס אַליין צו?! זיי, די גרויסע מעכטיקע פעלקער האָבן געמאַכט גרויסע שטאַט־קאַריערעס, און מיר זיינען אַ פולשטענדיקער פּאָליטישער דורכ־פאַל, זאָלן מיר זיך נאָך גרויס האַלטן! מיט וואָס, מיט אונדזערע טראַנטעס, מיט אונדזערע „שמות״, וואָס האָבן ניט קיין ווערט און קיין ממשות און פון וועלכע מיר אַליין ווילן ניט וויסן, וועלכע מיר אַליין זיינען גרייט אויסצוקערן ווי מיסט פון הויז! מע קען ניט קוקן פון אויבן אַראָפּ אויף דעם ווענען מ׳איז מקנא, ווענען מ׳האַלט פאַר אַ מוסטער, ווענען מ׳דאַרף נאָכטאָן, פון ווענען מ׳דאַרף זיך אַראָפּנעמען אַ מוסר, זיך לערנען שכל און גוטע הנהגות... ווען מ׳דערקלערט זיך פאַר אַ טויגעניכטס וואָס איז ניט צו גאָט און ניט צו לייט, טאָ ווי אַזוי, האַר פון אברהם׳ען, קען מען קוקן, ניט נאָר פון אויבן אַראָפּ נאָר אַפילו גלייך אין די אויגן יענעם וואָס איז אַ גרויסער אויפטוער, אַ גרויסער בר־מזל, גייט אין גאָלד, באָדט זיך אין מילך, וויין און בוימל און דערצו אין זון...

ווי באַגרייפט מען עס ניט אַז אַזאַ אידעאָלאָגישע באַגרינדונג פון אונדזער אויסלייז־אידעאַל ברעכט אונדזער מוט, בויגט אונדזער גייסט אין דרייען, דער נידערט אונדז אין אונדזערע אייגענע אויגן, טרעט אונדז מיט בלאָטע צו גלייך, מאַכט אונדז פילן אַז מיר האָבן פאַרשפּילט די וועלט און זיך ניט איינגעקויפט יע־נע וועלט... אַז מיר זיינען פאַרלאָרענע.

„אָפּטמאָל ווילט זיך מיר דענקען, אַז גלות איז געווען, פאַר אַלעמען, אַ געניאַל פאַראַדאָקסאַלער פאַרזוך אָפּצושאַפן די הערשאַפט פון רוים... גלייך ווי רוים וואָלט געווען דער סינאָנים פון גשמיות". (דאָרט, א')

ווען מיר וועלן זיך באַמיען צו דערקלערן די העראָאישע דערשיינונג פון ייִדישער עקזיסטענץ אין גלות און ריידן דערביי פּראָסטע פּראָזע וועלן מיר טאַקע פאַרלירן אין עלאָקווענץ אָבער דערפאַר געווינען אין פאַרשטענדעניש פון אָט־דעם העכסט אינטערעסאַנטן פענאָמען.

דער ענין איז גאָרניט פאַראַדאָקסאַל, הגם אפשר געניאַל ראַדיקאַל. דער ייד אין גלות האָט ניט פאַרביינט רוים אַלס אַ געאָמעטרישע השגה און אויך ניט אַלס פּשוט'ן וואוינפּלאַץ. נאָך אַלעמען האָט זיך דאָך דער ייד געפונען פיזיש אויף דער ערד הגם עקאָנאָמיש און פּאָליטיש גאַנץ אָפּט אינדערלופטן. וואָס דער ייד האָט יאָ פאַרביינט איז דעם פּרינציפּ פון טעריטאָריע. ער האָט ניט באַ־טראַכט דאָס פאָלק ישראל פאַר אַ „מחובר לקרקע", און דעריבער ווי נאָר עס פאַרלאָזט דעם באָדן, ווערט אויסגעוואָרצלט, מוז עס גלייך פאַרדאָרט ווערן. דער ייד האָט גע'טענה'ט מיט זיין גאַנצן מהות אַז ער איז ניט מחויב מאָראַליש זיך אונטערצוואַרפן אונטער דער גײַסטיקער השפעה און יוריסדיקציע פון דער געאָגראַפיש־פּאָליטישער סביבה אין וועלכער ער האָט זיך אַריינגעצויגן. ער איז ניט פאַרפליכטעט אויפצונעמען די שטייגערס, מנהגים, פאָלקס־וועגן, הנהגות און השגות פון דער פאָלק־קערפּערשאַפט וואָס באַוואוינט פּרעדאָמינירנדיק יע־נעם טעריטאָריאַלן שטח. דער ייד האָט באַהויפּט און באַשטאַנען אויף דעם, אַז ער באַזיצט אַ באַשטימטן, דייטלעך אָנגעצייכנטן פּסיכאָלאָגיש - קולטורעלן פּרצוף־פּנים און קיינער האָט קיין רעכט ניט אַרויפצוצווינגען אויף אים אַ פרעמ־דע פיזיאָנאָמיע אויף דעם סמך וואָס ער געפינט זיך כלומר'שט אויף יענעמס לאַנד, אויף יענעמס פּאָליטישן באָדן, דהיינו שטאַטלעכער באַזע, וואָס הייסט טעריטאָ־ריע. טעריטאָריע איז ניט קיין ריין געאָגראַפישער נייערט אַ פּאָליטיש־געאָגראַפי־שער טערמין און באַגריף. דער ייד האָט געלערנט (און האָט דורכגעפיהרט זיין לערע אין לעבן אויף וויפיל ער איז נאָר געווען אימשטאַנד, צייטנווייז געהאָרכנ־דיק דעם אָנזאָג „יהרג ואל יעבור", זיך לאָזן הרג'ענען אָבער ניט נאָכגעבן) אַז דער

פאָליטישער פלאַץ טאָר ניט אבזארבירן דאָס פאָלק, טאָר ניט אַרויפצווינגען אויף דעם פאָלקס־ציבור און אויף זיינע יחידים קיין באַשטימטן לעבנס־שטאַט, מחוץ פון די באַגרעניצטע צופאַסונגען וואָס ווערן דיקטירט פון וואוינפלאַץ, ד״ה פון די באַדינגונגען פון געאָגראַפישער און קלימאַטישער סביבה, פון דער פלאָרא און פוינא.

און אויב דאָס איז געווען די יידישע השגה, וואָס האָט געקראַגן איר אַנ־זעעוודיקע אַנווענדונג אין גלות־לעבן, זע איך ניט אין פאַרוואָס דער היינטציי־טיקער ייד, ריכטיקער, דער ראַדיקאַלער ייד זאָל זיך דאַרפן אָפּזאָגן פון אָט־דער גוט־דורכגעטראַכטער יידישקייט־לערע, פון אָט־דעם הייך פּראָגרעסיוון יידישן געדאַנק נאָך דעם ווי ישראל האָט געקעמפט פאַר אים מיט אַזויפיל מסירת־נפש אין אַ משך פון אַזויפיל יאָרן.

„און אָט יענער מיסטעריעז יחוס׳דיקער פּעריאָד אין אונדזער עקזיסטענץ שעפּט זיך ביסלעכווייז אויס״ (דאָרט ב׳).

איך צווייפל שטאַרק צי אַ געשיכטע פון בערך אַ צוויי טויזנט יאָר קען מען אַוועקמאַכן מיט דער האַנט דורך דאָס באַצייכענען עס מיט דעם ביטול־טערמין ׳פּעריאָד׳. אָט־דער ׳פּעריאָד׳ איז מער ווי אַ העלפט פון אונדזער גאַנצער גע־שיכטע מיט אַ שמיטשעק פון דער פאַרגעשיכטע. איך בין אויך שטאַרק מסופק צי עס איז דערלאָזבאַר צו קוואַליפיצירן אַ סאָלידע פולגעדאַנקלעכע געזונטע, ניכטערע פּאָליטישע דאָקטרין מיטן אַדיעקטיוו „מיסטעריעז״, וואָס וויל אונדז געבן ווי אַן אַנצוהערעניש אַז עס איז עפּעס אַזעלכעס וואָס האָט מורא פאַר דער שיין פון שכל־הישר און שלייכט אַרום אין טונקעלן בין־השמשות פון אונטער־באַ־וואוסטזיין, וואו עס ווידמען זיך די ניט־דאַאיקייטן און די ניטפונדערוועלטיקייטן.

„אַ גייסטרייכער רב אין אַ פּויליש קליין שטעטל האָט מיר צוריק מיט אַ יאָר פופצן געשריבן אַ בריוו: ׳איר דענקט אין טערמינען פון געאָמעטריע און סטאַטיסטיק — קאָנצענטראַציע און צעשפּרייטונג, גרעסערע צאָלן און קלענערע צאָלן, נאַציאָנאַלע מאַיאָריטעט און נאַציאָנאַלע מינאָריטעט; אָבער איך בין זי־כער, אַז אַ ייד, אַ יחיד, מיטן טלית און תפילין אין איין האַנט און מיטן וואַנדער־שטעקן אין דער אַנדערער האַנט, איז אין לעצטן חשבון אומבאַזיגבאַר, אַפילו ווען ער זאָל פאַרוואָגלט ווערן צווישן אַ גרויסער מעהרהייט פון אַ שבט רוצחים אָדער פון אַ סטאַדע וועלף׳. יענער רב, אין טערמינען פון זיין דענקן, איז גע־ווען גערעכט. מיר דוכט אָבער, אַז די טענדענץ אין אונדזער לעבן איז צו פּראָ־דוצירן אָדער אַ יידן מיט לײדיקן אין דער האַנט, אָדער, אַמבעסטן, אַ יידן בלויז מיט אַ טלית און תפילין־זעקל. און וואָס איז אַ זעקל אָן אַ טלית און תפילין?

אויב איר ווילט — אַן אָרנאַמענט, אַ סואווענירט... און אויב איר ווילט — און דאָס וועט זיין ריכטיקער — אַ פשוט'ע טאָרבע". (דאָרט, ב' ג').

איך בין איבערצייגט, אַז דער רב איז געווען גערעכט אין אַלע טערמינען פון געזונטן יידישן דענקען, ווייל אין יענעם רב רעדט דער יידישער בטחון, די זיכערקייט אַז אַ כנסת־ישראל, וואָס האָט געקעמפט אַזוי העלדנמוטיק היפשע הונדערטער יאָרן פאַר אַן אידייע, וואָס איז ניט אויסגעשעפּט און קען ניט ווערן אַזוי לייכט און שנעל אויסגעלייזט פון איר דינאַמישקייט און פּאַטאָס, וועט ניט אויפגעבן זיין עקזיסטענץ, וועט ניט באַגיין קיין זעלבסט־מאָרד אין מיטן קאַמף, וועט ניט פאַרשווערכן אַ גלאָררייכע טויזנטיאָריקע געשיכטע פון אַ מלחמת־מצווה קעגן דער פּאָליטישער רשעות פון דער וועלט.

אַ געאָגראַפישער „כינוס", ווען דער כינוס זאָל אַפילו פאַרקומען אין לאַנד פון ישראל וועט ניט האָבן קיין געשיכטע־באַצווינגענדיקע ווירקונג אויף כל־ישראל און ר' ישראל אויב אָט־דעם „כינוס" וועט ניט פאַרויסגיין, מיטגיין און נאָכגיין א גייסטיק־קולטורעלער, עטישער „כינוס".

די וועלטלעכע גלות־נאַציאָנאַליסטן האָבן געטראַכט און גערעדט אין טער־מינען פון יוריספּרודענץ, פון קאָנסטיטוציאָנעלן רעכט. זיי האָבן געפאָדערט אַן אויטאָנאָמיע, אַ שטאַט־בודזשעט פאַר דער יידישער שול אאז"וו. זיי האָבן אי־בערגעלעבט אַ דערשיטערנדיקע אַנטוישונג. ניט דאָס געשאנקענע אָדער אויסגער־לעך פּאָליטיש אויסגעקעמפטע רעכט איז דעצידירנדיק, נייערט די אינערלעכע רעליגיעז־עטישע סאַנקציע, דער אבסאָלוטער אימפּעראַטיוו. די מצווה, וואָס קען באַזעלן דאָס פאָלק, אים מאַכן דורשטיק און הונגעריק פאַר זיין „דבר־תורה", פאַר זיין קולטור־וואָרט און קולטור־לשון. די וועלטלעכע ארץ־ישראל נאַציאָנאַליסטן דערוואַרט די זעלביקע ביטערע אַנטוישונג. זיי טראַכטן,ריידן און שרייבן אין טערמינען פון וואָכיקער געאָגראַפיע, חולין'דיקער עטנאָגראַפיע און רויער, גראָ־בער מלוכה'שאַפט.

אַ ייד מיט ליידיקן אין האַנט... איז אַ קנאַפּע צרה, דער עיקרשט ער זאָל ניט זיין מיט אַ ליידיקן האַרצן און אַ פּוסטן קאָפּ. אַ ייד מיט אַן אַלוועלט־לעכער גרויס־ראַדיקאַלער אידייע איז אַ כוח, איז אַ גבורה. יידישקייט אַלס אַ טרעגערין פון פראָגרעס איז נאָך ווייט ניט אויסגעשפּילט. אַזוי לאַנג צוריק ווי אין יחזקאל הנביא'ס צייטן האָבן שוין אונדזערע פּעסימיסטן פאַרזיכערט, אַז מיר האַלטן ביי דעם לעצטן אטעמצוג, אַז אָט־אָט און מיר ציען אויס די פיס, פאַר־פאַרפן דעם קאָפּ אנאַזייט, און גייען אויס, — און זיי האָבן זיך אָפּגענאַרט, און נאָך ווי אָפּגענאַרט. דער גוואַלדאָוונער כוח פון יידן איז געלעגן ניט אין

טלית אַלס אַ געוועב געשטרייפט מיט פּאַסעקלעך און פאַרפלאָכטן מיט פעדים אויף זיינע פיר עקן, און ניט אין די תפילין, אַלס שטיבעלעך געמאַכט פון פעל. און ניט אין די רצועות ווי לעדערנע לענטעס, נייערט אין דער גרויסער רעוואָלוציאָנערער רעליגיעז־עטישער אידייע, פון וועלכער דער טלית און תפילין זיינען געווען בלויז אַ גשמיות׳דיקער לבוש גילטיק פאַר אַ געוויסער צייטלעננג. און כל־זמן די אידייע פון יידישקייט, סיי פילאָזאָפיש רעליגיעז, סיי סאָציאַל־פּאָליטיש, לעבט, וועט דאָס יידישע פאָלק, אַלס אַ כנסת־ישראל, לעבן. אונדזער דור איז ניט שלאַבערדיקער, כשל־ברכ׳דיקער פון די פאַרדעמדיקע דורות יידן. אונדז קומט אויס דורכצומאַכן אַ שווער־אחריות׳דיקן איבערגאַנגס־פעריאָד. אָבער דאָס איז אַ זכות און אַ זכיה, ניט קיין לאָסטיקע אומאָנגענעמע פליכט. אונדז קומט אויס, צו געברויכן אַ פּראָסטן ביישפּיל, צו בייטן די פערד אין מיטן דורכבראָדזשען דורך אַ שטראָמיקן, שנעל־פליסיקן וואַסער. מיר וועלן עס אָבער באַוויזן.

איך האָב אַמאָל, אין היץ פון אַ וויכוח, געזאָגט צו מיין טאַטן: „ווען דו וואָלסט געהאַט געבראַכט משיח׳ן, וואָלט איך מוזן צוגעבן מיין נישטיקייט, ווייל איך וויס אַז איך קען עס ניט באַווייזן. אָבער ניט־ברענגען משיח׳ן קען איך אַזוי גוט ווי דו".

מיט אַנדערע ווערטער, קעמפן פאַר יידישער עקזיסטענץ און שעפערישן המשכ׳דיקן קיום, ניט פאַרלירן דעם יידישן בטחון, אָנהאַלטן די יידישע פּראָווערביאַלע עקשנות קען אונדזער דור ניט ערגער פון אַלע פריערדיקע דורות. ווייל די גייסטיקע ווערטן, פאַר וועלכע אונדזערע טאַטעס האָבן זיך איינגעשטעלט ביז צו מסירת־נפש, ביז צו קידוש־השם, באַזיצן זייער וואַלידיטעט און פולע גילטיקייט פאַר אונדזער צייט ניט ווייניקער ווי פאַר זייערע צייטן און, ממילא, אויך פאַר אונדז אַזוי ווי פאַר זיי.

„דער קריזיס פון היסטאָריש־רעליגיעזן באַוואוסטזיין אין דער וועלט און דער כמעט באַנקראָט פונעם ספּעציפיש יידישען רעליגיעזן באַוואוסטזיין אין זיין היסטאָרישער אייגנאַרטיקייט, ביי גרויסע טיילן פון אונדזער פאָלק, נעמט ביי אונדז צו אַלץ מער און מער יענע אחיזה אין זיך אַליין, און דורך איר יענע אחיזה אין דער וועלט, וואָס מיר האָבן פריער פאַרמאָגט". (דאָרט, ד׳).

דער דיאַגנאָז און, ממילא, דער פּראָגנאָז איז צופיל געניגט צו שוואַרצזעערישקייט. עס איז אמת אַז די קירכלעכע און סינאַגאָגאַלע פאָרמען פון רעליגיע לעבן איבער אַ טיפן קריזיס, אָבער אָט־דער איבערבראָך נעמט זיך ניט פון דעם וואָס מענטשן ווערן ווייניקער רעליגיעז־באַוואוסטזיניק, נייערט פונקט

פאַרקערט, זייער רעליגיעזער באַוואוסטזיין ווערט טיפער, מער אויסגעקריסטאַ־ לידירט, מער אויטאָ־רעפלעקטיוו. זיי נעמען אַלץ מער און מער קומען צו דער יידיש־נביאישער פאַרשטענדעניש און שפּירעניש אַז רעליגיע, געדרייניקטע פון אָפּפאַל פון אָבערגלויבעריי, איז הויפּטזעכלעך עטיק, גוטסקייט און ניט פלאַכע און וואלוועלע ריטואַליסטיק און צערעמאָניאַליסטיק, וואָס גייט אונטערן נאָמען פון „פרומקייט". דער גוף פון רעליגיע, די סומע פון אַדיסערלעכע רוטינערע, מעכאַניזירטע קולטמעסיקע מעשים, ווערט איינגעשרומפּענער, ווייל איר גייסט ווערט ברייטער. אַלץ גרעסערע טיילן פון דער מענטשהייט פאַרוואַרפן די איבער־ בלייבענישן פון כישוף, מאַגיק וואָס געפינען זיך נאָך אין דער רעליגיעזער עבודה. אָבער דאָס זאָגט עדות, ניט ווי עס מיינט דער נאַאיוו־איבערפלעכלעכער באַאָב־ אַכטער, וועגן אַן אַראָפּזינק פון רעליגיעזן געדאַנק און געפיל, בייערט, להפך, וועגן אַ דערהויב און אַן אויפשוואונג פון רעליגיעזן באַוואוסטזיין. די אָפּנייגונג און אָפּווייכונג פון דער אַלטמאָדישער רעליגיעזער פּראַקטיק איז קיין סימפּטאָם פון חולשת־הדעת, פון אַלטקייט און אָפּגעלעבטקייט פון דעם עצם רעליגיאָזי־ טעט. דער נביא וועגן ער האָט אָפּגעשפּאָט פון דער פוסטער פאָרמאַליסטיק ווי קרבנות, תעניתים, יום־טובים, האָט עס געטאָן ניט דערפאַר וואָס ער איז גע־ ווען ווייניקער רעליגיעז, נייערט פאַרקערט, ווייל ער איז געווען מער אַדורכגע־ דרונגען מיט רעליגיעזן באַוואוסטזיין ווי דער דורכשניטלעכער פרומאַק, דער אדוק פון יענער צייט, וואָס האָט אָפּגעהיט מיט גרויס שטרענגקייט און זהירות דעם אות פון זיין פאַגאַניסטישן פעדאַנטישן דינסט. עס איז אָבער אמת, אַז אָט־ דער געצנדינערישער הבל'ניק האָט געמיינט אַז דער נביא לעסטערט גאָט און גראָבט אונטער די יסודות פון אמונה, און ווען די צוהערערס פון נביא וועלן זיך לאָזן גיין אויף זיינע וועגן, וועט רעליגיע אינגאַנצן קומען צו אַ טויט־שטאַנד.

„דער יידיש רעליגיעזער געפיל און געדאַנק וועלן זיך מזדווג זיין און געבוירן נייע אומאָפּשעצבאַרע ווערטן. די יידיש־רעליגיעזע קולטור וועט זיך פאַנאַנדערשטראַלן, ווי די זון ווען זי גייט אַרויס אין איר גבורה, און וועט צע־ יאָגן און צעטרייבן די שוואַרץ־שווערע שאָטנס פון פחד און פּאַניק, וועלכע באַטריבן דעם יידישן געמיט, פאַר'חושכ'ן די יידיש לויטערע פּערספּעקטיוון, און הענגען ווי בלייענע וואָלקנס איבער די הימלדיקע שטרעבונגען פון די בעס־ טע זין פון אָט ־ דעם געקרייציקטן, שיער ־ ניט פאַרצוקטן מענטשהייט־פאָלק, וועלט־פאָלק.

מיר שטייען ניט פאַר אַ וואָסערפאַל, נייערט פאַר אַ פייערהויב פון יידיש־רעליגיעזן באַוואוסטזיין. אַ נייע האָפענונג טויכט אַרויף פון די תהומות

פון די יידישע יסורים, אַ נייער בטחון קוקט אַרויף פון די אָפּגרונטן פון פאַר־צווייפלונג״. [3]

**חיים גרינבערג שרייבט:**

„פאַדערט פון אונדז די געשיכטע ׳כינוס׳, זאַמלונג, קאָנצענטראַציע — נאָך־אַמאָל ווי צוריק מיט טויזנט יאָרן, איידער מיר האָבן זיך פאַרמירט אַלס אַ פאָלק... דער ציוניזם איז, פון דעם שטאַנדפּונקט, אַ נייער ׳בראשית׳״. (ז׳ 146, א׳).

דער ציוניזם, אויף וויפל ער איז אַ „שיבת־ציון״, אַ צוריקקער און אַן אומקער צום היסטאָרישן וויגעלע פון ישראל, גייט אויף די אַלטע אויסגעטראָטענע געשיכטע־וועגן און ער געפינט זיך אין פולן אײַנקלאַנג מיט יידישער פאַרהייליקטער טראַדיציע, מיט יידישע נביאישע אַספּיראַציעס. דער „פּאָליטישער ציוניזם״, אָבער, אויף וויפל ער וויל זיך דערקלערן פאַר אַ ׳בראשית׳, פאַר אַ נייעם אומבאַקאַנטן אָנפאַנג, אויף אַזויפיל ליגט ער מחוץ פון דער ספר פון די יידישקייט־אָנגעזעטיקטע באַשטרעבונגען. ער איז צעעסן מיט אינערלעכע ווידערשפּרוכן. אויב עס איז באמת מעגלעך פאַר אַ פאָלק, מיט אַזאַ וואונדערבאַר רייכער, טראַגיש־דערהויבענער געשיכטע, ווי ישראל סבא, אַנצופאַנגען אַלץ פון דאָס ניי, איז וואָס טוט דאָ ציון, פאַרוואָס ניט אַן אַנדער לאַנד? ווי קען, בכלל, שיבת־ציון זיין א ׳בראשית׳, ווען אַפילו בוכשטעבלעך מיינט עס אַ צוריקקער צו אַ שטיק לעבעדיקער, מיט געשיכטע אָטעמענדיקער פאַרגאַנגענהייט וואָס שטרעבט זיך צו באַנייען אין אַ צוקונפט. דער באַפעל „לך לך... אל הארץ אשר אראך״ (גיי צו דעם לאַנד, וואָס איך וועל דיר ציינגן), וואָס איז געזאָגט געוואָרן צו אברהם אבינו געפינט זיך, אמת, אין ׳בראשית׳, אָבער אַפילו „יציאת מצרים״ געפינט זיך שוין אין ׳שמות׳ און האַלט זיך שוין אויף טראַדיציע, אויף אַ צוזאָג, וואָס וואַרפט אַ בריק איבער דעם תהום פון אַ קעגנוואַרט און פאַרבינדט אַן עבר מיט אַן עתיד. „שיבת ציון״ מוז זיין באַגרינדעט אויף אַ מסורה׳דיק פאַרהייליקטן המשך, בשום אופן ניט אויף אַ נייעם ׳בראשית׳.

און דווקא דערפאַר וואָס ציוניזם, ווען ער ווערט פאַרווירקלעכט, וואָלט פאַרורזאַכן געוויסע שינויים אין סטאַטוס און פּאָזיציע ווי אויך אין דעם סאַמע געבוי פון דער יידישער קערפּערשאַפט, דווקא דערפאַר איז ער מחוייב, אום צו פאַרהיטן עס זאָל ניט קומען צו אַן איבעררייס אין דעם אידענטיטעט־באַוואוסטזיין פון פאָלקס איך, צו שטעלן דעם פולן טראָפּ אויף ירושה׳דיקער גייסטיקער קאָנטינואיטעט. דער חוט המשולש פון הייגט, נעכטן און מאָרגן דאַרפן ווערן שטאַרק פאַרקניפּט, אַניט קען חס־וחלילה קומען צו אַן איבערבראָך אין דעם גאַנצקייט־געפיל פון יידישן פאָלקס באַוואוסטזיין און דאָס וואָלט זיין קאַטאַסטראָ־

פאַל פאַרן קיום פון עם ישראל, אַלס אַ פאַרגעשיכטלעכע, געשיכטלעכע און איבערגעשיכטלעכע אומה, אַן אייביקייט־קאַטעגאָריע.

און חיים גרינבערג פילט אַליין אַז 'ארץ ישראל' און 'בראשית' שטימען ניט, קאָנפליקטירן. און ער מוז צוגעבן אַ מין פאַרענטפער, וואָס ענטפערט ניט, נייערט מאַכט האַרבער די קשיא.

„עס קען זיין אַז פאַר אַזאַ 'בראשית' איז דאָס לאַנד וואָס מיר רופן ארץ ישראל ניט דאָס בעסטע... און ווען געשיכטע וואָלט פּלאַנירט געוואָרן 'ראַציאָנאַל', אפשר אין אַנדער לאַנד און אויף אַן אַנדער קאָנטינענט וואָלט געקאָנט ווערן אַ סך לייכטער דער זאַמלפּונקט פון ישראל. אָבער אַזוי האָט עס פּאַסירט. געשיכטע האָט אירע דעטערמינאַנטן. (דאָרט).

אויב מיר האַלטן ערשט פאַר 'בראשית' איז וואָס טוט דאָ די געשיכטע, און אויב מיר האַלטן אין מיטן פון אונדזער געשיכטע, און די געשיכטע פאַרמאָגט שוין אירע באַשטימטע דעטערמינאַנטן, וואָס זיינען שטייף פעסטגעשטעלט, טאָ ווי אַזוי איז עס אַ 'בראשית'? איך גלויב קוים אַז חיים גרינבערג באַהויפּט אַז דער נייער יידישער ישוב אין ארץ ישראל באַזיצט שוין אַזאַ „אַלטע" געשיכטע וואָס איז אַזוי טיף פאַראַנקערט אין אונדזער פאַרגאַנגענהייט אַז מיר קענען זיך שוין פון איר אָרעמס ניט אַרויסרייסן, ווי שטאַרק מיר זאָלן ניט וועלן און ווי נויטיק עס זאָל ניט זיין פאַר דער געדייאונג פון אונדזער צוקונפט, וואָס דאַרף זיך אָנפאַנגען פון סאַמע אָנהויב. גרעסערע ישובים און עלטערע ישובים זיינען חרוב געוואָרן און יידן האָבן זיי פאַרלאָזן און זיך געלאָזן מיטן שטעקן אין האַנט אין וואַנדער־וועג. איז וואָס איז דער יחוס מיט אָט־דעם קליינעם ישוב וואָס האָט אַ געשיכטע הינטער זיך וואָס איז יינגער פון אַ הונדערט יאָר? פאַר־וואָס איז אָט דער ישוב דער געשיכטלעך־דעטערמינירטער? עס קען זיין בלויז איין ענטפער און דאָס איז ווייל אָט־דער ישוב איז ניט קיין 'בראשית', נייערט אַן אַלטער, גרייז־גרויער המשך.

„די מאָדערנע שיבת־ציון... האָט... דעם צויבער און די סטימולירנדיקע קראַפט פון אומבאַקאַנטן, פון רעטזלהאַפטן, פון 'בראשית', פון נייער געבורט". (דאָרט).

דער אמת איז פונקט פאַרקערט. דער צויבער און צוצי־קראַפט פון שיבת־ציון איז דאָס וואָס דאָס לאַנד איז אָנגעטרונקען מיט זכרונות פון הונדערטער יאָרן פון יידישן באַוואוינען עס און הונדערטער יאָרן פון בענקען און לעכצן נאָך אים און באַוויינען זיין פאַרוויסטונג און חורבן.

דער טעריטאָריאַליזם האָט זיך ניט אַנגענומען, האָט ניט געשלאָגן קיין וואָרצלען אין הארץ און מוח פון דעם יידן דווקא דערפאַר וואָס עס האָט זיך דעם יידן אויסגעוויזן, אַז דער טעריטאָריאַליזם וויל אָנהויבן פון דאָס ניי, פון אַ ׳בראשית׳ בשעת ישראל האָלט שוין ווייט ווייט נאָך „לעיני כל ישראל״, און ר׳ ישראל און כל ישראל האָבן בשום אופן זיך ניט געוואָלט שיידן מיט זייער טויזנטיאָריקער געשיכטע.

דער ייד גייט קיין ארץ ישראל ניט מיט דער כוונה אָנצוהויבן פון ׳בראשית׳, נייערט מיט דער קלאָרער און דייטלעך אויסגעשפּראָכענער אָבזיכט צו שמידן ווייטער די גאָלדענע קייט פון הייליקער עטישער מסורה, צו שפּינען ווייטער דעם זוניקן פאָדים פון געשיכטע וואָס איז ניט איבערגעריסן געוואָרן אין משך פון קאַרגע פיר טויזנט יאָר פון תורה־טראַדיציע.

מיר קענען אָנפאַנגען פון ׳בראשית׳ בלויז ווען ׳בראשית׳ וועט מיינען אין מיטן . . .

## מראה מקומות

1) אבא גאָרדין, יידישער וועלט־באַנעם, ז״ז 199—197.

2) דער אייגענער מחבר, מאָראַל אין יידישן לעבן, ז״ז 110—109.

3) דאָרט, ז״ז 14—13.





# מאָדערנע געדאַנקען וועגן תפילה

פון

## אברהם ביק

איינע פון די הויפּט־פּראָבלעמען אין דער טעאָלאָגיע איז דער ענין פון פּע־טיציע און תפילה ד"ה געבעט פּאַר באַשטימטע קאָנקרעטע זאַכן.

אין דער מאָדערנער פּראָטעסטאַנטישער טעאָלאָגיע איז דערפאַר אָפּגעפרעגט געוואָרן דאָס רעכט און דער זין פון פּערזענלעכע תחנונים און בקשות.

וואָס פאַר אַ זינען האָט, פרעגן מאָדערנע טעאָלאָגן, צו בעטן ביי אַ גערעכטן און אַלץ וויסנדיקן גאָט, וועמען עס איז סיי ווי באַקאַנט אַלץ וואָס עס פעלט יעדער איינצלנער באַשעפעניש? און וואָס, פרעגן זיי, זאָל דער רבונו של עולם טאָן מיט אַזויפיל אינדיווידועלע און בצבור׳דיקע תפילות וואָס זיינען סותר איי־נע די אַנדערע? און פאַרוואָס זאָל גאָט ענדערן דעם סדר פון דער וועלט צוליבן ווילן פון אַ יחיד?

וואָס פאַר אַ זין, וואָס קען זיין דער מאָטיוו פון דאַוונען ביי אַ מענטשן פון אונדזער דור, וואָס אַלץ איינס וואָס זיין סכום פון וויסן זאָל ניט זיין, איז ער אַן אָנהענגער פון דעם נאַטור־וויסנשאַפטלעכן נוסח פון דענקען?

דער רוסיש שפּינאָזאאיסטיש געשטימטער טורגעניעוו האָט שוין אַמאָל (אין זיינע „לידער אין פּראָזע"), זיך אויסגעדריקט, אַז דאַוונען הייסט דאָס זעלבע וואָס זאָגן: „ליבער גאָט, טו עפּעס אַזוינס אַז צוויי מאָל צוויי זאָל זיין... ניט פיר" — צערייס די קייט פון נויטווענדיקייט, ברעך דורך די ווירקלעכקייט, וואָס

באַוועגט זיך לויט אייביקע, אייזערנע געזעצן, מיט עפּעס אַן אויסנאַם, מיט אַ וואונדער, אין גרונט, הייסט עס, מיט אַ שטיק געזעצלאָזיקייט. זיי משנה דעם יסוד פון מעשה־בראשית צוליב מיר. צו אַזאַ גאָט, וואָס איז אַליין געבונדן אין אַן אייביקער סיסטעם פון געזעצן, וואָס איז אפשר מער ניט ווי יענע סיסטעם גופא, וואָס פאַר אַ טעם האָט אויסצושטרעקן צו אים די הענט, אויסגיסן פאַר אים דאָס האַרץ, רופן אים צו הילף? דעם זעלבן טעם וואָס בעטן זיך ביי אַ צירקל, אז ער זאָל צוליב מיין באַקוועמלעכקייט וועגן ווערן אַ קוואַדראַט, כאָטש אויף אַ שעה, כאָטש אויף אַ מינוט...

וויכטיקע פאַרשטייער פון מאָדערנעם פּראָטעסטאַנטיזם און גרויסע טיילן פון ליבעראַלן קריסטענטום, ווי די אוניווערסאַלע און יוניטאַרישע סעקטעס זיי־נען דערפאַר געניגט אויסצושליסן פון תפילה דעם עלעמענט פון „פּעטיציע". בעטן דעם האַר פון דער וועלט פאַר באַשטימטע פּערזענלעכע צוועקן, האַלטן זיי, האָט זיך אַריינגעפּאַסט אין פּאַגאַניסטישן גאָט־סיסטעם אָבער אַ מאָנאָטעאיסטישע רעליגיע קען ניט האַלטן פון געבעט, פון פּעטיציע. (זע, דאָס אינטערעסאַנטע בוך PRAYER JAMES G. BUTRICK) באַזונדערס פּראָבלעמאַטיש איז דער ענין תפילה אין די מלחמה יאָרן. אין אַ מלחמה־צייט הייסן יידישע רבנים, פּראָטעסטאַנ־טישע פּאַסטאָרס און קאַטוילישע גלחים דעם עולם דאַווענען פאַרן דערפאָלג פון זייערע חיילות און די רעליגיעזע אויטאָריטעטן פון שונא׳ס לאַגער הייסן אויך דאַווענען צום זעלבן גאָט — ניט ווי אין די געצענדינערישע צייטן צו פאַרשיי־דענע געטער — פאַר זייער נצחון, וואָס מיינט די מפּלה פון שונא. יידן האָבן אין זייער „הנותן תשועה" אויך אַריינגעשטעלט דעם נאָמען פון „זייער" קיסר. דאָס איז אַ געזונטער אַרגומענט פאַר די מאָדערנע טעאָלאָגן אַז דירעקטע בקשה איז אַ נאַרישער ענין.

די ליבעראַלע קריסטלעכע טעאָלאָגיע (ביי די יידישע רעפאָרמער האָב איך וועגן דעם ענין גאָרניט געפונען), האַלט דערפאַר אַז תפילה דאַרף ניט האָבן פאַר איר צוועק קיין פּראַקטישע רעזולטאַטן; זי איז בלויז „קאָמוניקאַציע" מיטן באַשעפער, באַהעפטונג מיטן אין־סוף, ווידער־צענויפגיס אינם גאַנצן; און איר ציל דאַרף זיין אַ סוביעקטיווער, ניט קיין אָביעקטיווער. „התפשטות הנפש", דבקות, דאָס לייטערן די אייגענע פּערזענלעכקייט, גאַנץ מאַכן די ריסן פון דער נשמה, רעזיגנאַציע אָן ביטערקייט, דאָס אָננעמען באהבה אַלץ וואָס מוז קומען, דאָס אבסאָלוטע פאַרטרויען. דאָס זיינען די הויפּט־עקרים וואָס די מאָדערנע טעאָלאָגן אונטערשטרייכן אין תפילה.

מיט דעם פראָבלעם האָבן זיך באַשעפטיקט צוויי רבנים, וואָרט זאָגער פון דער אָרטאָדאָקסיע פון לעצטן דור, הרב שמואל מאהליווער און הרב אברהם יצחק הכהן קוק.

ר׳ שמואל מאַהליוועך ערקלערט דעם ענין אַזוי: פאַר דעם מתפלל ווערט דער איינגעשטעלטער סיסטעם ניט געענדערט. „דער דאַוועגער אָבער מיט זיין תפילה, דבקות און ליבע איז עלול זיך צו פאַרקניפּן מיט גאָט און זיך אויסמישן אין סדר פון זיין באַשאַף, און דורכדעם זיך דערשלאָגן צו גאָטס ווילן״. תפילה איז הייסט עס, לויט הרב מאַהליוועך, אַ מין פאַרבאַרייטונג פון אייגענעם גייסט, אַ ריייניקונג פון דער נשמה זי זאָל זיין פעאיק אויפצונעמען דעם העכערן חסד ד״ה. אז אין תוך ענדערט דער מענטש גאָרניט מיט זיין תפילה, ער ענדערט בלויז זיך אַליין און „ס׳איז פונקט ווי אַ מענטש וואָס פאַרמאַכט די אויגן מוז גייך אין דער פינצטערניש, כאָטש די זון הערט ניט אויף דערפאַר צו שיינען אַזוי איז גאָטס גענאַד פול די וועלט נאָר דער מענטש מוז דורכמאַכן אַ גייס־טיקע פאַרבאַרייטערונג ער זאָל קענען מקבל זיין די שפע פון ליכט, פון גוטס״.

אין זיין „באַרג דרשה״ האָט ישו געלערנט זיינע תלמידים זיי „זאָלן ניט פלאַפּלען ווי די געצנדינער״, „וואָרום אייער פאָטער אין הימל ווייסט אין וואָס איר נויטיקט זיך נאָך איידער איר בעט אים״. ער האָט פונדעסטוועגן גלייך נאָכ־דעם זיי געלערנט צו זאָגן אין זייער טעגלעכער תפילה „אונדזער טעגלעך ברויט גיב אונדז היינט״. אויך אין זיינע לעצטע מינוטן האָט ער אָנגעווענדט דעם פעטיציע - מעטאָד און אין יענער נאַכט־תפילה אין איילבירט־גאָרטן אויפן הר הזיתים איז „ער געפאַלן אויף זיין פנים און האָט תפילה געטאָן זאָגנדיק: „פאָ־טער מיינער, אויב עס איז מעגלעך, זאָל דער דאָזיקער בעכער אַוועקגיין פון מיר״. ער האָט זיך אָבער באַלד געכאַפּט אַז דער רבוש״ע ווייסט סיי ווי אַלץ און האָט פאַרענדיקט מיט די ווערטער: „פאָטער מיינער, אויב דאָס דאָזיקע קען ניט אַוועקגיין, נאָר איך מוז איך טרינקען, זאָל דיין ווילן געשען״. ער האָט פאַרענדיקט מיט הכנעה: „זאָל דיין ווילן געשען״. אַלץ איינס וואָס דער ווילן איז און וואָהין ער פירט.

אַן ענלעכע קלאָרע באַציאונג צו תפילה געפינען מיר ביים ר׳ אברהם יצחק הכהן קוק ז״ל: „דער באַדייט פון דער טעאָרעטישער פאָרמולע איז, אַז ווען אַ מיצער טוט תפילה און וויל זי מכוון זיין צו עפּעס וואָס ער וויל ביי גאָט בעטן, דאַרף די כוונה זיין (ניט אויף אַ באַשטימטער אָדער קאָנקרעטער זאַך, וואָס קען זיין פאַר איינעם גוט און פאַרן אַנדערן שלעכט, היינט גוט און מאָרגן שלעכט) —

„אויף באַזייטיקן דאָס בייזע און דאָס פינצטערע פון דער וועלט, דאָס פאַר־שטאַרקן פון גוטן און ליכטיקן, דאָס געטלעכע אין לעבן אין זיין פולקייט, וואָרים ווען דאָס קומט, באַזייטיקט עס ניט נאָר איין מאַנגל, נאָר עס באַזייטיקט אַלע מאַנגלען און ברענגט די פולשטענדיקע אבסאָלוטע גאַנצקייט".

אַזוי שרייבט הרב קוק אין „סדר התפילה", אַ פּאָעטישער און טיף־מיסטישער פּירוש אויפן סדור.

ער הייסט דאַוונען פאַר דער שלימות פון דער וועלט, פאַר דער דערליי־זונג פון צעריסנקייט, אָדער אין אַנדערע ווערטער, פאַר דער וואָס שנעלער פאַר־ווירקלעכונג פון גאָטס ווילן — „זאָל דיין ווילן געשען".



# ברויזיקער ים און דאָס שטילע וואַסער

(אַ פאַבל)

פון
## וו. י. גרינשטיין

דער ברויזיקער ים האָט זיך צעשפּילט מיט די כוואַליעס . . .
(פאַרוואָס ברויזט ער? — פרעגט ניט קיין שאַלות!
אַלץ וואָס דער ים טוט איז ניצלעך,
אַפילו אַ כאַפּ טאָן אַ כוואַליע און איר צעברעכן אויף פּיצלעך...)
מיט רעש געהאַלטן האָט ער אין איין לויפן (ער האָט קיינמאָל קיין צייט!)
האָט ער באַמערקט אַ קוואַלכעל ערגעץ ניט ווייט.
אַ שטיל וואַסערל, אַ קליינס,
אַ דורכזיכטיקעס, אַ ריינס.
טוט ער אַ פּאַטש די כוואַליעס, מיט כח, ווי ער קען
און גיט דאָס קוואַלכעל אַ פרעג: — זייט ווען
ביסטו דאָ, דו „טל־ומטר"?

דיך פֿאַרמעגן גרויסער „גביר“
באַשטייט פֿון עטלעכע עמערלעך וואַסער און פּטור,
אפשר וואָלסטו זיך פֿון דאַנען פֿאַרנומען?
די וועלט קען גאַנץ גוט אויך אָן דיר אויסקומען!
אָבער איך ים, מיין וואַסער איז גרויס אָן אַ שיעור!
אויף מיין ברוסט שווימען אָנגעלאָדענע שיפֿן
און פֿיש אַלערליי — אויף מייך תהום דעם טיפֿן, —
און צו וואָס באַדאַרף מען דיר?!
ענטפֿערט דאָס קוואַלכעל גאַנץ באַזאכט:
— דיין רייכקייט איך טו ניט פֿאַרמאָגען,
אויך ניט דיין כח די כוואַלעס צו שלאָגן.
דאָך פֿון מיר טוט פֿליסן,
וואַסער ריינס פֿון זיסן,
און ווער ס׳איז פֿאַרשמאַכט
און דאַרשטיק — קומט צו מיר געניסן!
דיך וואַסער, גרויסער ים, איז ניט פֿאַרן גומען:
ביסט איבערגעזאַלצן און דערצו האַלטסטו תמיד אין ברומען...

### מאָראַל:

אָפּטמאָל ווען איך טו אין מיינע מחשבות פֿאַרזינקען,
זאָג איך צו זיך: אַזוי איז געווען, איז און וועט זיין מן הסתם:
שטיל איז דאָס וואַסער פֿון וואַנען מיר טרינקען;
און ברויזן, טוט ברויזן דער ים . . .





# אַרויס פון גן־עדן

(אַ מיסטעריע אין בילדער און דיאַלאָגן)

פון

## פ. מעלער

### בילד פינף

### ב.

### דער ישוב־הדעת

קב"ה (בלייבט אליין אין צוויפלונג נאָענט צו פאַרצווייפלונג. זיין פנים פאַרטונקלט. דער שטערן צעקנייטשט. טיף אין מחשבות. רעדט צו זיך) ווען די שכינה וואָלט זיך באַוויזן. איך דאַרף זיך מיט איר מיישב־זיין. די מאַמע האָט מיר צעשלאָגן די רעיונות. איצט זע איך אַז דער ענין מעשה־בראשית איז ניט אַזוי איינפאַך, ווי איך האָב געמיינט. אמת, זי האָט מיר ניט געלאָזן עפענען די מויל, זי האָט מאָמאָפּאָליזירט די גאַנצע צייט און פון דעם דיאַלאָג געמאַכט שיער ניט אַ מאָנאָלאָג. אָבער ווען זי לאָזט מיר אַפילו יע ריידן, וואָלט איך ניט געהאַט קיין סך וואָס צו ריידן, וואָס צו זאָגן. הערנדיק אירע אויסזעצונגען קעגן מיינע פּלענער, האָב איך געפילט בחוש, אַז זי איז ניט גערעכט, אָבער ווי אַזוי צו באַווייזן, אַז זי איז אומגערעכט, ווי אַזוי צו פאַרטיידיקן מיין קוק אויף זאַכן, איבערהויפּט בנוגע דעם פּראָבלעם פון תכלית־הבריאה, אויף אַ שכל'דיקן אופן, האָב איך בשעת מעשה ניט געוואוסט, און איך האָב איינגעזען, אַז די טרוקענע לאָגיק איז אויף איר זייט. אָבער לאָגיק איז ווייט ניט אַלץ. אינטואיציע איז פיל וויכטיקער. לאָגיק איז אַן עקרה. זי אַליין געבוירט ניט. זי קען בלויז דערציען יענעמס אַ קינד... איך דאַרף גוט

באַטראַכטן וואָס זי האָט געזאָגט און זען ווי אַזוי מ'קען אירע אַרגומענטן אָפּשלאָגן. ווען די שכינה קומט, וואָלט זי מיר געהאָלפן זיך פֿאַנאַנדערצוקלײַבן אין די אַר־גומענטן קעגן און פֿאַר דעם באַשאַף.

שכינה קומט צו.

שכינה. וואָס ביסטו אַזוי פֿאַרטרויערט?

קב"ה (דערהערט איר שטים, ווערט פֿריילעכער) גאָרניט...

שכינה. זאָג מיר ניט 'גאָרניט'. די מאַמע מיט איר צינגעלע, וואָס גייט אויף רעדלעך, איז שוין דאָ געווען. אַלץ וויל זי פֿאַר זיך. עס איז איר ווייניק דער טאַטע, די עלטערע ברידער. זי וויל דיך אויך האָבן. און איך — איך דאַרף גאָרניט האָבן. איינער דאַרף קריגן אַלץ, דער אַנדערער — גאָרניט. איך בין ניט בנמצא. 'איך' איז בכלל ניט פֿאַראַן, טאָר ניט זײַן, דאַרף ניט זײַן. דאָס איז דער מעטאָד. און וויבאַלד קיינער איז ניטאָ, בלײַבט זי, די קדמוניתא, און ער, דער קדמון. ווײַל זיי בלײַבן בנמצא אַפֿילו דעמאָלט ווען זיי זײַנען ניט אין גדר פֿון זײַן, אין תחום פֿון מציאות. זיי זײַנען במילא פֿאַראַן. זיי זײַנען די סתם־זייענדיקע, די גלאַט־אַזוי־זיך פֿאַראַנע־נע. בשעת איך און דו מוזן זיך באַהעפֿטן בכדי צו זײַן בנמצא. מיר מוזן זיך דערפֿינדן אום צו זײַן דערפֿונדן, צו עקזיסטירן. זיי דאַרפֿן אַפֿילו צו עקזיסטענץ ניט אָנקומען. זיי דאַרפֿן קיין באַשאַף, קיין זעלבסט־באַשאַף ניט, קיין זיך און קיין זאַך דאַרפֿן זיי ניט האָבן. זיי זײַנען לכתחילה, מעיקרא פֿאַראַנען. זיי האָבן אין טענה, מ'דאַרף זײַן צוזאַמען, אַלע אינאיינעם און איינער אין אַלעמען. און ווען אַלע זײַנען צוזאַמען אינאיינעם, איז ווער פֿראַוועט די כשר'ע צוזאַמעניש, די הייליקע אינאיינעמעניש? ווער איז די צוזאַמענגעמערין, די צוזאַמענהאַלטערין? די אורמוטער, די קדמוניתא...

קב"ה. דו רעדסט מיט ביטערקייט, מיט כעס, בשעת זי האָט אַפּעלירט צום פֿאַרשטאַנד.

שכינה. 'פֿאַרשטאַנד'! כ'לעבן אַ נײַער אויפֿטו! אַבי אַלץ זאָל בלײַבן אין זייערע הענט איז בדאַי רעכט זיך צו ווענדן צום פֿאַרשטאַנד. וויבאַלד עס איז ניט פֿאַראַן אַפֿילו קיין איך, טאָ פֿון וואַנענט וועט זיך נעמען דער פֿאַרשטאַנד, ווער וועט פֿאַרשטיין? דער פֿאַרשטאַנד פֿאָדערט דאָך אַ פֿאַרשטייק, און דאָס פֿאַרשטיין — אַ פֿאַרשטייער! אַ גרויסער שכל ליגט אין דער ניט־זייעניש, אין דעם גאָרניט מיט נישט!

קב"ה. דאָס האָט זי טאַקע באַהויפּט, אַז זי, אַלס אַ קדמוניתא, דאַרף קיין שום זינען ניט האָבן. זי דאַרף דעם שכל ניט האָבן. זי טענה'ט אַז דער שכל, דער זינען באַזיצט פֿאַרבינדלעכקייט בלויז פֿאַר אונדז, פֿאַר מיר און דיר און אַז זיי,

דער קדמון און קדמוניתא, דער כאָאס און תהו־ובהו, אַנדערקענען ניט זיין אוי־טאָריטעט.

שכינה. אָבער אויף דעם האט זי שכל?

קב"ה. אויף וואָס?

שכינה. אויף צו פאַרשטיין אַז זי דאַרף קיין שכל ניט האָבן... בלויז אויף דעם קלעקט איר שכל. פאַר זיך איז זי גענוג קלוג, פאַר זיך האט זי גענוג שכל.

קב"ה. זי זאָגט פאַרויס, אַז מיר וועלן חרטה האָבן, אַז פון אונדזער אונטער־נעמונג וועט גאָרניט אַרויסקומען, אַז אונדזערע באַשעפענישן וועלן זיך בונטעווען קעגן אונדז, זייערע באַשעפער.

שכינה. (אומגעדולדיק) זי האָט דיך געשטראַשעט, און דו האָסט זיך דער־שראָקן!

קב"ה. זי האָט אויך, צווישן אנדערס, געשטראַשעט, אָבער דער הויפּט־טאָן פון אירע רייד איז געווען אַרגומענטאַטיוו, ספּעקולאַטיוו, טעאָרעטיש.

שכינה. דאָס איז זעלבסט־פאַרשטענדלעך. איך קען דען ניט די מאַמען מיט אירע כלומר'שט „קלוגע" רייד און „פעסטע" ראיות, אַז זי איז תמיד גערעכט, און קיינער אויסער איר קען קיינמאָל ניט זיין גערעכט, ווייל זי איז די גרויסע קדמוניתא און די גערעכטיקייט אַליין.

קב"ה. דו רעדסט מיט צאָרן, און צאָרן איז אַ צרה'דיקער לאָגיקער, אַ דרדקי־דיספּוטאַנט. זי האָט גערעדט ניט צאָרנענדיק, נייערט ראַציאָנאַל.

שכינה. וואָס טויג מיר דער ראַציאָנאַליזם, ווען אַפילו דעם הויפּט־פּאָסטו־לאָט, דעם עיקר־העיקרים פון איכטום, קען ער ניט באַווייזן, קען ער ניט באַגרייפן. דער איך מוז זיך באַזירן אויף ריינער אבסאלוטער אמונה, אויף דעם זעלבסט־גלויבן.

קב"ה. אָבער אַפילו דער גלויבן מוז דאָך אָנקומען צום פאַרשטאַנד. אָניט קען מען דאָך גלויבן אין אַלערליי נאַרישקייטן, אין אַלע סאָרטן אָבערגלויבערייען. אָן פאַרשטאַנד קען זיך אַפילו דער זעלבסט־גלויבן ניט באַגיין. ער מוז אים האָבן.

שכינה. איך וויל איצט ניט אויפהויבן אַ דעבאַטע מכוח דעם פאַרשטאַנד און זיינע לימיטאַציעס. גיב מיר אָקאָרשט איבער וואָס די מאַמע האָט דיר געזאָגט, פון וואָס דו ביסט אַזוי מוטלאָז, אָפּהענטיק געוואָרן. איך זע, זי האָט דיר אַרונטערגע־האַקט די פליגלען.

קב"ה. זי האָט געזאָגט אַ סך זאַכן, און האָט אַרגומענטירט גאַנץ שטאַרק, זי איז אַ געשיקטער דיאַלעקטיקער.

שכינה. דו ביסט נאָך אַלץ צוגעבונדן צו דיין מאַמען. ווי גאָר אַ קליין קינד האָסטו מורא אָפּצולאָזן דעם שפּיץ פון איר פאַרטעך. דו קענסט בשום אופן ניט פאַרגעסן דעם פאַקט, אַז זי האָט דיך געהאַט, געטראָגן אונטער איר ברוסט. מיין טייערער, מע מוז אויס׳מקיא׳ן דער מאַמעס מילך, אויב מע וויל עפּעס ווערן. מע מוז פאַרלאָזן טאַטע און מאַמע, אויב מ׳וויל קומען צו זיך, ווערן אַ פּערזענלעכקייט, אַן איינצלנער. מע מוז געבוירן ווערן פונדאַסניי, געבוירן ווערן פון זיך גופא אין גייסט, אויב מע וויל ווערן אַ שעפער. דו מוזט ווערן דיין אייגענער טאַטע און דיין אייגענע מאַמע, דאַרפסט זויגן דיין אייגענע ברוסט, ד״ה דאַרפסט זיין אַ זעלבסט־באַשעפער און זעלבסט־באַשאַפענער אום צו זיין אימשטאַנד און ראוי צו ווערן אַ רבונו־של־עולם...

קב״ה. דאָס איז די זאַך. זי האָט אָפּגעפרעגט דעם גאַנצן ענין ׳באַשאַף׳. זי האָט געפאָדערט אַז איך זאָל איר ציינן דעם תכלית פון מעשה־בראשית. זי האָט באַהויפּט אַז דער גאַנצער יש, וואָס איך גיי שאַפן, איז בלינד, טויב און האָט קיין זינען ניט, קיין צוועק ניט. איך מוז דיר זאָגן דעם אמת, איך בין געווען צופרידן וואָס זי איז אַוועקגעגאַנגען און ניט געוואָרט אויף מיין ענטפער, ווייל איך האָב ניט געוואוסט וואָס איר צו ענטפערן.

שכינה. עס איז מיר, בפועל ממש, אַ חידוש אויף דיר. דער ענטפער ליגט דאָך פון־אויבנאויף, פאַרוואָס האָסטו איר גלייך ניט אָפּגעענטפערט ווי באַדאַרף צו זיין. זי איז דאָך אַוועק מיט דעם געדאַנק אַז זי איז געבליבן גערעכט, אַז זי האָט דיר פאַרשטאָפּט דעם מויל... און מיט וואָס? מיט אַ ניט־דורכבאַקטער בולקע... הער מיט קאָפּ! דער באשאף פאָדערט אַ זינען — און האָט ניט קיין זינען. דער קדמון־צושטאַנד דאַרף גאָרניט האָבן, ער פאָדערט קיין זאַך ניט, אַפילו קיין זינען אויך ניט. ער איז פטור פון אַלץ, ווי אַ בלינדער אָדער אַ טויטער, וואָס איז פטור פון אַלע מצוות, האָט קיינע פליכטן ניט. דער באשאף דאַרף האָבן אַ תכלית, און האָט אים ניט. אָבער באַדאַרפן איז אַ וויכטיקע קאַטעגאָריע. און צוליב דער באַ־דערפעניש פון אַ צוועק, וועלכע דער באַשאַף האָט איז ער שוין חשוב׳ער פון קדמון־צושטאַנד, וואָס ניט נאָר האָט ניט קיין צוועק, ער האָט אַפילו ניט קיין באַ־דערפעניש צו האָבן אַ צוועק. דו דאַרפסט באַגרייפן אַז צוועק - באַדערפעניש איז וויכטיקער אין געוויסע הינזיכטן ווי צוועק־האָבעניש. מחמת דער „באַדאַרף־זיין״ איז וואגיקער, חשיבות׳דיקער פון עצם זיין, דער באַדאַרף זיין איז מער „מורנו״ ווי דער „איז״. דאַרפן האָבן אַ תכלית, אַ זינען איז דער גרויסער תכלית און טי־פער זינען פון באשאף, און צוליב דעם אַליין דאַרף מען זיך פאַרנעמען מיט דעם באַשאַף, איז כדאי זיך מתעסק זיין מיט דעם מעשה־בראשית.

קב"ה. דאָס איז אַ קלוגער, ביז גאָר, ענטפער... און ער איז מיר גאָרניט איינגעפאַלן...

שכינה. מיט אַ פרוי לאָז מיך זיך אויס'טענה'ן. חכמה, בינה, דעת, אַפילו די תורה, זיינען דאָך אַ לשון נקבה.

קב"ה. די מאַמע האָט ציטירט דעם חכם שלמה, וועלכער וועט זאָגן אין 'קהלת' זיין באַרימטן הבל־הבלים, הכל הבל...

שכינה. און אויף דעם האָסטו אויך ניט געוואוסט ווי צו ענטפערן? וואָס טוט זיך מיט דיר? איך קען דיך ניט משיג זיין. דעם יש דאַרף קומען אַ פּי־לאָזאָף, אַ פּעסימיסט, און מבטל־זיין, מאַכן אים „כעפרא דארעא", מיט בלאָטע צו־גלייך. פאַר דעם קדמון־צושטאַנד איז דאָס אויך אַן איבעריקע זאַך. וועגן יש קען מען זיך אַמפּערן, מ'קען זאָגן וועגן אים אַז „הכל הבל", וועגן דעם ניט־יש איז דאָך גאָרניט דאָ וואָס צו ריידן. אַפילו קיין פּעסימיסטישע לערע קען מען וועגן אים ניט שאַפן.

קב"ה. זי האָט אָנגעוויזן אויף די חסרונות פון באַשאַף. זי האָט זיך געשיקט אויף די לערע פון די מקובלים מכוח „שבירת־הכלים" און דעם גאָרן נאָך אַ תיקון, וועלכן מ'וועט קיינמאָל ניט קריגן.

שכינה. „שבירת הכלים" וועט פאָרקומען בלויז אין דעם פאַל, אויב דער טאַטע און די מאַמע וועלן זיך אַריינמישן און שטערן אונדזער הייליקער אַרבעט, דע־מאָלט וועלן מיר מוזן „צעברעכן דאָס געפעס". אָן זיי וועט אונדזער אַרבעט זיין פּערפעקט, אָן פסולת, אָן שאָלעכצן, אָן הייטלעך, אָן קליפּות... און בנוגע דעם תיקון, דאָס זוכן אַ תיקון ווייזט ניט אָן אויף די פעלערן פון דעם באַשאַף, נייערט אויף דעם בנמצא־זיין פון אַ מעגלעכקייט צו מאַכן תמיד בעסער ווי עס איז געמאַכט געוואָרן. דאָס אויפגעבויטע שאַפט פּלאַץ פאַר אַן אַרויפבוי, פאַר אַ העכערן שטאָק, מחמת דער העכסטער שטאָק קען נאָך אַלץ דינען פאַר אַ יסוד פאַר אַ נאָך העכערן אויבנשטיבל, פאַר אַ נאָך העכערן גאָרן.

בכלל איז דיין מאַמעס אַרגומענטאַציע, ווי דו גיסט זי מיר איבער, באַרויבט פון יעדן אָנוואונק אויף געזונטער־פעסטער לאָגיק. דער גאַנצער באַשאַף, זאָגט זי, איז נישטיקייט מיט נישטיקייט. גוט און וואויל. אויב אַזוי זיינען דאָך די פּחדים און אומגליקן, וואָס וועלן זיך באַקומען אַלס פּועל־יוצא'ס פון דעם באַשאַף, אויך בלויז נישטיקייט מיט נישטיקייט, איז וואָס שרעקט זי דיך מיט זיי? ! אויב אַלץ האָט ניט קיין זינען און קיין תכלית, זיינען אירע רייד, אַלס אַ טייל פון דעם־דאָזיקן 'אַלץ', אוודאי אָן זינען און אָן אַ צוועק. דו האָסט זי געדאַרפט פרעגן, וואָס באַצוועקט זי מיט איר ריידעריי, וואָס איז דער תכלית פון איר אַרגומענטאַציע?

קב"ה. זי האָט געזאָגט אַז מיר נעמען פּערל פון אונדזער נשמה און וואַרפן זיי אַריין אין חזירים, ניט אַלס אַ מעטאַפאָר, נאָר פּאַקטיש דורך דעם וואָס מיר גייען שאַפן פּירפּיסיקע . . .

שכינה (האָקט אים איבער) אַ קדמוניתא'דיקע חכמה! (מיט איראָניע) איצטער זיינען די פּערל גופא חזירים, זיי זיינען אויסגעמישט אַזוי, אַז עס איז ניטאָ קיין מחיצה צווישן חזיר און פּערל, זיי זיינען אַלע צוזאַמען. ביי אונדז, אמוויינסטן, וועלן דאָך זיין פּערל, און בלויז עטלעכע פון זיי וועלן אַריינפאַלן אין די חזירים. און אויך די וועלן מיר פּרובירן סאַלוואַגירן, אַרויסשעפּן, ראַטעווען די „ניצוצות", ווי די מקובלים וועלן עס אָנרופן.

קב"ה. זי האָט געזאָגט אַז דורך דעם וואָס מיר גייען שאַפן טמא זאַכן זיינען מיר אַליין זיך מטמא.

שכינה. אַ טאָפּלטע ניט־ריכטיקייט. ערשטנס, שאַפן מיר ניט קיינע אומ־ריינע זאַכן. אַלץ איז ריין ווען עס גייט אַרויס פון אונדזערע הענט. אומריין וועט עס ווערן ווען דער שטן און שטנ'יכע וועלן צעמישן די עלעמענטן, אַריינטאָן זייער זוהמא, זייער שמוץ פון 'שטערעניש' אין די ברואים. צווייטנס, אַפילו נאָכן קילקול, וואָס זיי וועלן גורם זיין, וועלן מיר נאָך אַלץ ניט זיין אין דער טומאה, ניט שטעקן אין דער שיפלות פון דער וועלט, פון דעם עולם התחתון, הגם מיר וועלן אָנפּילן מיט זיך אַלע וועלטן. אַזוי ווי די תהו־ובהו'ניצע דערלויבט זיך צו ציטירן ספרים וואָס וועלן ערשט פיל שפּעטער פאַרפאַסט ווערן, וועל איך מיר אויך מתיר־זיין צו ציטירן אַן אחרון. דער בעל התניא, אָדער דער רב ווי מ'וועט אים רופן טויזנטער יאָרן שפּעטער זאָגט בפירוש אין זיין 'לקוטי אמרים' אין „שער היחוד והאמונה": „הגם דער קב"ה איז אַ ממלא־כל־עלמין איז ער דאָך ניט ווי די נשמה פון אַ מענטשן, וואָס געפינט זיך אין גוף און ווערט פאַרדאַרבן אין גוף אַזש זי ווערט באַווירקט פון אים און נעמט אָן ענדערונגען פון די ענדערונגען פון גוף, פון זיין צער און ווייטאָק פון קלעפּ, אָדער קעלט אָדער היץ פון פייער און דאָס גלייכן. ביי דעם קדוש־ברוך־הוא איז ניט אַזוי. ער נעמט ניט אָן קיין ענדערונג פון די ענדערונגען פון דער וועלט, פון זומער, ווינטער, טאָג, נאַכט, ווי עס שטייט געשריבן, 'אַפילו די פינצטערניש וועט פאַר דיר ניט פינצטערן, און די נאַכט וועט לייכטן ווי דער טאָג', ווייל דער קדוש־ברוך־הוא ווערט לחלוטין ניט אַריינגעפאַסט אין די וועלטן, כאָטש ער פילט זיי אָן און דאָס אייגענע בנוגע דאָס אַרומרינגלען די וועלטן"; דאָס איז זיין גאַלדענער לשון ווי יעדער קען לייענען אויף זייטל הונדערט זעקס און זעכ־ציק, אין דרוק פון ראָם, תר"ץ.

קב״ה. איך באַוואונדער דיך, דיין אָנגעלעזנקייט, אַפילו אין חסידישע ספרים האָסטו אויך אַריינגעקוקט. איך בין אַזוי פאַרנומען מיט מיין שרייבן די תורה, אַז איך האָב ניט קיין צייט צו לייענען. איצטער זע איך, אַז עס לוינט בעסער צו לייענען וואָס אַנדערע שרייבן איידער אַליין צו שרייבן, און צו טאָןביידע זאַכן, אי זיין אַ שרייבער און אי אַ לייענער, קלעקט, פשוט, ניט קיין צייט (בייט דעם טאָן) די מאַמע האָט געזאָגט אַז דער מענטש, וועלכן מיר גייען שאַפן, וועט אַלץ מעכאַני־זירן, אנשטאָט אַליין צו שווימען, וועט ער בויען שיפן...

שכינה. (אומגעדולדיק) דו מיינסט, אַז איך ווייס ניט אָן דיר וואָס זי האָט געזאָגט, איך ווייס עס. איך האָב געהערט כמעט אַלע אירע טענות ומענות, איך בין געשטאַנען ניט ווייט פון דאַנענט, און אַז די מאַמע רעדט הערט מען דאָך פאַר מיילן, אַ שטימע ווי אַ גלאָק, ווי אַלע אַרום איר וואָלטן טויב געווען. איך מוז דיר זאָגן, כאָטש דו האָלסט שטאַרק פון דער מאַמעס קלוגשאַפט, אַז אַלע אירע אויס־זעצונגען זיינען אבסאָלוט גרונטלאָז. זי מאַכט באַשולדיקונגען, אָבער די באַשול־דיקונגען פאַלן אויף איר און אויף דעם קדמון, ניט אויף אונדז. זיי וועלן קאַליע מאַכן דעם מענטשן, אויב זיי וועלן שטערן, שטנ׳ען. דער באַשאַף וועט ניט טויגן, אָבער אָט־די ניט־טויגעניש דאַרף אָוועקגעשטעלט ווערן אויפן חשבון פון כאָאָס און תהו־ובהו. דאָס איז די שולד פון שטן און שטנ׳יכע.

קב״ה. זי האָט געזאָגט, דער מענטש וועט זוכן דעם טויט, ער וועט לויפן צוריק צו זיי, צום קדמון און קדמוניתא.

שכינה. ניט אונדזער מענטש, דעם אדם׳ען, וואָס מיר וועלן באַשאַפן, וועט דער טויט ניט צוציען. אדם וועט זיין פּערפעקט. ער וועט לעבן אייביק. ער וועט ניט זוכן דעם טויט. סיידן זיי וועלן אים פאַרדאַרבן און מאַכן פון אים אַ טויט־זוכער, אַ טויט־מאַכער, אַ קריגער, אַ דראַטשון, אַ בעל־מחלוקת, אַ פאַרזעעניש. אויך די וועלט, וועגן וועלכער זי האָט גערעדט מיט פאַראַכטונג און ציטירט די מיי־נונגען פון די פּעסימיסטן וועגן איר, האָט צו אונדז אַ קנאַפּע שייכות. די פּעסימיסטן האָבן אַרויסגעטראָגן זייער פאַרדאַמונג, זייער חייב־הריסה פּסק דער וועלט, וועלכע דער שטן האָט אַריינגענומען אין זיינע לאַפּעס, און האָט געמאַכט פון איר אַ שיינעם תכלית...

און דאָס וואָס זי האָט גערעדט וועגן מעכאַניזירונג, האָט זי גלאַט געפּלאַפּלט, אַנטשולדיק מיר פאַרן וואולגאַרן אויסדרוק. אַפילו בנוגע דעם האַלב־פאַר׳שטנ׳טן מענטשן איז זי ניט גערעכט אין אירע באַשולדיקונגען. אויף וויפל די מענטשן וועלן באַגערן צו שווימען לשם שווימען, צו פליען לשם פליען, וועלן זיי זיך מיט דער צייט אויסלערנען צו שווימען און צו פליען. אָבער וואָס זיי באַגערן לעת־עתה

איז ניט צו שווימען, נייערט איבערצושווימען, ד״ה דערגרייכן דעם צווייטן ברעג, געוויסע דעסטינאַציע־פּונקטן. דער מענטש פאַרלאַנגט זיך צו געפינען מעבר לים, און דער ים שטייט אים אין וועג, באַזייטיקט ער אַ מעכאַנישן, מאַטעריעלן אָביעקט־מכשול דורך אַ מעכאַנישער דערפינדונג. אַזוי דאַרף זיין, דער מענטש האַנדלט ריכ־טיק.

קב״ה. זי האָט געזאָגט, פאַרוואָס שאַפן מיר ניט אינערלעך, נאָר דווקא אויסערלעך, אנשטאָט געטער שאַפן מיר אַ נאַטור, אַ פיזיק, מיר דערנידערן זיך אַנשטאָט זיך צו דערהויבן.

שכינה. די מאַמע איז זייער ליסטיק. זי פאַרלויפט אונדז דעם וועג; זי ווייס אַז מיר וועלן זי באַשולדיקן, באַשולדיקט זי גאָר אונדז, דער גנב לויפט פאַרויס און שרייט „כאַפּט דעם גנב״. אונדזער באַשאַף איז אַן אינערלעכער, מיר שאַפן ניט קיין פיזיק, נייערט אַן אידייעאיק, אַ פסיכאָלאָגישע, אַ פאַנעגאָטיסטישע וועלט, נאָר זי און דער שטן וועלן פאַרבלענדן דעם מענטשן די אויגן, און ער וועט אין זיין פאַרבלענדעניש זען, אנשטאָט אידייען — קעגנשטאַנדן, שטאָפן, נאַטור־דער־שיינונגען. די אַלע זעענישן זיינען מעשה שטן, מיראַזשן, אימאַזשן, קאָמאָפלאַזשן וואָס דער שטן וועט אָפּמאָלן אום צו פאַרנאַרן דעם פאַרפירטן מענטשן. דאָס איז אַלץ דעם שטנ׳ס שולד. זיי, דער שטן און די שטנ׳יכע גייען אָפּטאָן כל־דבר־אסור און זיי שטעלן אַרויף אינפאַרויס זייערע מעשים תעתועים אויף אונדזער קאָנטע.

און דאָס וואָס זי זאָגט אַז מיר שאַפן ניט קיין „געטער״, איז דאָך עס גלאַט גערעדט, וואָרום מיר האָבן דאָך זיך יע באַשאַפן, שאַפן מיר דאָך יע אַ „גאָט״, ווי זי רופט עס, מיר זיינען דאָך אַ יהוה אַדאַנק אונדזער זעלבסט־באַשאַף־ אָנ־שטרענג.

קב״ה. זי האָט געזאָגט, אַז מיר טראָגן די אחריות פאַר אַלץ, אויך פאַר דעם שטנ׳ס טואונגען, ווייל מיר צווינגען אים, דעם קדמון, און זי, די קדמוניתא, צו ווערן אַ שטן און אַ לילית, אַ „שטער״ און אַ „נאַכטיקייט״ מיט דעם וואָס מיר ברעכן אַ טראַדיציע. זיי זיינען פאַר קיין זאַך ניט פאַראַנטוואָרטלעך ווייל זיי זיינען פאַר דעם סטאַטוס־קוואָ.

שכינה. דאָס זיינען דאָך פוסטע דיבורים. זיי האָבן אַ טראַדיציע, מיר האָבן שוין אויך אַ טראַדיציע. ווי אַלט, למשל, דאַרף עס זיין אַ טראַדיציע, אַז זי זאָל פאַר־רעכנט ווערן פאַר אַ דבר שבקדושה און מע זאָל זיך צו איר ניט טאָרן צורירן? איז אַלטקייט אַזאַ וואָזשנע זאַך. אויב עס איז פאַראַן אַ קדמון טראַדיציע, איז שוין אויך פאַראַן אַ שם־הוויה־טראַדיציע, אַ שכינה־טראַדיציע. (בייט דעם טאָן) וואָס איז דער נוצן פון אָט־די־אַלע חקירות! מיר זיינען אַוועק פון פאָטערס הויז און פון

דער מאַמעס שויס און פאַרטעך. דאָס איז אַ פאַקט, און קעגן פאַקטן זיינען סתם חקירות אומבאַהאָלפן. צוריק קענען מיר ניט גיין, לכן מוזן מיר גיין פאָרויס, גיין ווייטער, ווי שווער אונדזער וועג זאָל ניט זיין, ווי מסוכנ׳דיק ער זאָל ניט זיין.

קב״ה. פאַרוואָס קענען מיר ניט גיין אויף צוריק, איך זאָג ניט אַז מיר זאָלן עס טאָן, איך מיין אַז מיר קענען גיין וואוהין און ווי מיר ווילן, אויך אויף צוריק.

שכינה. ווייל מיר דאַרפן יוצא־זיין ניט בלויז פאַר זיך, נייערט אויך פאַר יענעם, „למה יאמרו"... איז אַ וויכטיקער מאָטיוו אין אונדזערע האַנדלונגען. ווען מיר קערן זיך אום צוריק, וועלן אַלע זאָגן אַז מיר זיינען געקומען צוריק, מחמת מיר האָבן זיך אַליין דערשראָקן פאַר אונדזער פאַראַנטוואָרטלעכער אויפגאַבע, אַז מיר האָבן ניט באַזעסן גענוג ווילנסקראַפט, גענוג שעפערישע איכישקייט און איניציאַטיווע דורכצוזעצן אונדזער עובדא, דורכצופירן אונדזער פּלאַן.

און ווי אַזוי, פון דער אַנדער זייט, קענען מיר, היינט צו טאָג, קומען צוריק. מיט וואָס וועלן מיר קומען? מיט חרטה, מיט תשובה? ווי אַזוי קענען מיר קומען מיט תשובה, ווען מיר האָבן נאָך ניט געזינדיקט. אויב דער באַשאַף דאַרף פאַררעכנט ווערן פאַר אַ זינד קעגן דעם קדמון און קדמוניתא. מיר האָבן בלויז געטרוימט און געשריבן (איך מיין אין דער תורה) וועגן אַ וועלט־באַשאַף, מיר האָבן אים בלויז אויסגעפּלאַנירט. און אויב עס איז ניטאָ קיין פרייהייט פון טאַט איז דאָך, זיכער, פאַראַן פרייהייט פון געדאַנק און שריפט, נאָך מער וואָס מיר האָבן דאָס געשריבענע ניט פובליקירט, בלויז געטרוימט פאַר זיך און פאַרצייכנט פאַר זיך, און קיין 'פאַרברעכן', פון שטאַנדפּונקט פון קרימינאָלאָגיע, ניט באַגאַנגען.

קב״ה. און אַז מיר וועלן יע קומען צוריק וואָס וועט פאַסירן? איך פרעג ניט הלכה למעשה בלויז להגדיל תורה ולהאדירה... און מעגלעך, איך מיין עס אויך פּראַקטיש... אפשר איז נאָך ניט צושפּעט זיך אָפּצוזאָגן פון אונדזער פּלאַן, וויבאַלד מיר קענען אים ניט דורכפירן, ווי מיר האָבן זיך לכתחילה פאַרמאָסטן, אָן אַ שטערעניש, אָן דער אָפּאָזיציע פון שטן און שטנ׳יכע און די מחנות מזיקין, די קאָנטער־קרעאַציאָנערן.

שכינה. איינמאָל אוועקגעגאַנגען, בלייבסטו אויף אייביק אַן אוועקגעגאַנגע־נער, איינמאָל אַ קרעאַציאָנער, שטענדיק אַ קרעאַציאָנער.

קב״ה. דערקלער וואָס דו מיינסט, ווייל נאָך אַלעמען, אפשר לוינט ניט אָנ־צופאַנגען מיט דעם מעשה־בראשית, וויבאַלד ער וועט זיין מער ווי פופציק פּראָ־צענט מעשה־שטן. וואָס טויג אונדז די קרעאַציע וויבאַלד נאָך איר גייט נאָך און מיט איר גייט מיט אַ קאָנטער־קרעאַציע?

שכינה. אָט וואָס איך מיין: ווי דיינע ברידער, וואָס האָבן זיך קיינמאָל ניט

אָפּגעריסן פון קדמון־שטאַם, פון דער תהו־ובֿהו משפּחה מיט איר לאַנגער קייט פון יחוס, קענסטו שוין ניט זיין. אַזוי אומשולדיק ווי זיי קענסטו באין־אופן ניט ווערן. ווייל זיי האָבן דאָך ניט פאַרזוכט דעם טעם פון 'זינד' און פון 'טוגענט'. זיי האָבן קיינמאָל ניט פּרובירט מאַכן קיין 'ויברח', זיך צובונטעוועון קעגן דעם כאַאָטישן הפקר־איינשטעל. איצט איז די זאַך אַזוי, ווען מיר קומען צוריק, וועט מען אונדז לכתחילה אויפנעמען גאַנץ פריינדלעך, עפּעס אַ קליינינקייט, עס האָבן זיך אומגעקערט די צעלאָזענע קינדער, מע וועט פאַר אונדזערטוועגן 'קוילן די געשטאָפּטע קאַלב'... דעם ערשטן, צווייטן טאָג וועט זיין ששון ושמחה. מע וועט זיך פרייען וואָס מיר זיינען דאָ צוריק און וואָס מיר האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דעם סקאַנדאַליעזן מעשה־בראשית, פון דער אַלץ־אומוואַלצנדיקער קרעאַציע. אָבער שפּעטער צו, ווען מיר וועלן שוין זיין אינגאַנצן אנטשעדיקט, אומגעפּעדלעך, אינגאַנצן אין זייער רשות, ווען אַלע בריקן הינטער אונדז וועלן זיין פאַרברענט, וועט מען אונדז נעמען אויפוואַרפן אונדזער 'פאַרברעכן', אונדזער פאַרבאַטענעם פאַרלאַנג זיך אָפּצושיידן און זיך פאַרנעמען מיט אומלעגאַלער קרעאַציאָנערער טעטיקייט. מע וועט קיין פולן צוטרוי צו אונדז קיינמאָל ניט האָבן. מע וועט אַלע מאָל קוקן אויף אונדז מיט חשד־אויגען. מע וועט אונדז, מעגלעך, טאַקע באַהאַנדלען מילד, מיט זיידענע הענטשקעס, אָבער אין דער סאַמע מילדקייט וועט זיך לאָזן פילן אַ חסד־טועניש, אַ נדבה־געבעניש. דאָס וואָס מיר האָבן 'געזינדיקט' קעגן דעם קדמון־שטאַם און קדמון־פּיר און זיי האָבן אונדז גנעדיק פאַרגעבן און אונדז צוריק אריינגענומען אין דער משפּחה ווי אייגענע, וועלן זיי קיינמאָל ניט קענען פאַרגעסן. און מיר וועלן, אין זייערע אויגן, אויף שטענדיק פאַרבלייבן ביי זיי בעלי־חובות. און מיר וועלן מוזן צאָלן דעם קרן און פּראָצענט מיט דערנידערונג, מיט אַ שיפלות־געפיל.

ווי נאָר מיר קערן זיך אום צוריק, שמייסן מיר זיך אַליין אָפּ בפרהסיא. מיר גיבן אַליין צו, אַז מיר האָבן זיך באַנאַרישט. איצטער קוקן זיי אַלע אַרויף צו אונדז. אין האַרצן זיינען זיי אונדז מקנא. מחמת זיי וואָלטן אַליין אויך וועלן באַזיצן אַט־דעם מוט און דרייסט איבערצורייסן מיט דער גאַנצער קדמון־מסורה און אַרויס אויף דער פרייער וועלט, נאָר זיי וואַגן ניט עס צו טאָן. אין האַרצן זיינען אַלע דיינע ברידער קרעאַציאָנערן, נאָר זיי האָבן מורא. אַצונד זיינען מיר, אין זייער אָפּשאַץ, פאַררעכנט פאַר פושעים, און דאָס, מסתמא, ניט ביי אַלעמען; דערנאָך, אַז מיר וועלן קומען מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן און אַראָפּגעבויגענע קעפּ אויף דער ברוסט אויף וועלכער עס וועט זיך קלאַפּן אַן 'על־חטא', וועלן מיר זיין פאַררעכנט פאַר שוטים, וואָס קענען אַפילו קיין פושעים ניט זיין, פאַר אויפשטענדלער, וואָס קענען אַפילו קיין אויפשטאַנד ניט דורכפירן, ווי געהעריק. און מיר וועלן פאַרלירן

אַלץ, סיי אין אונדזערע אייגענע אויגן און סיי אין זייערע אויגן. וואָרום ווער קען זיין אומוועדדיקער פון דעם וואָס טוט עפּעס און האָט גלייך חרטה, ניט נאָך דער טואונג, ניט, אַפילו, אין מיטן דער טואונג, נאָר ביים סאַמע אָנפאַנג פון זיין אַקציע, נאָכדעם ווי ער האָט זיך צום נאָר געמאַכט און צעפּויקט איבער דער גאַנצער וועלט אַז ער פאַרמעסט זיך צו טאָן גרויסע זאַכן, ווייזן גבורות הבורא...

קב"ה. איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, איך האָב מורא פאַר דעם באַשאַף... די מאַמעס ווערטער, אַז איך וועל אַליין חרטה האָבן הלמאַי איך האָב עס געטאָן, קלינגט מיר אין די אויערן. נאָך מער, איך ווייס דאָך אַז דאָס איז אַן אמת... אַז אַזוי וועט עס טאַקע זיין, איך האָב דאָך אַליין געשריבן אין מיין תורה, סוף פּרשה בראשית: „און יהוה האָט חרטה געהאַט וואָס ער האָט געמאַכט דעם מענטשן אויף דער ערד, און ער איז געווען באַקומערט אין זיין האַרצן..." דאָס מיינט חרטה אויף דעם באַשאַף פון מענטשן, אָבער ווייטער שטייט נאָך מער, אַז איך האָב חרטה אויף דעם באַשאַף פון אַלע באַשעפענישן, אַט וואָס איך שרייב: „וואָרום איך האָב חרטה וואָס איך האָב זיי געמאַכט", כי נחמתי כי עשיתים... און פון חרטה אויף אַלע באַשעפענישן ווי ווייט איז צו חרטה אויפן גאַנצן באַשאַף! הערסט, מיט טויזנטער יאָרן שפּעטער, אַז איך וועל באַפעלן משהן קאַפּירן די תורה און ער וועט קומען צום פּסוק אין דברים „און דאָרט איז משה געשטאָרבן... און ער האָט אים באַגראָבן אין טאָל אין לאַנד פון מואב, און קיינער האָט ניט געוואוסט וואו זיין קבר איז ביז אויף היינטיקן טאָג", וועט משה זיך פאַנאַנדערוויינען און ער וועט עס, נעבאָך, שרייבן ניט מיט טינט, נאָר מיט זודיקע טרערן, איז, מילא, משה האָט דאָך קיין ברירה ניט געהאַט. וואָס האָט ער נעבאָך געקענט טאָן? ווען ער וואָלט ניט שרייבן, וואָלט ער דען ניט שטאַרבן. אָבער איך האָב דאָך אַ ברירה, ביי מיר איז דאָך עס קודם המעשה, עס האַלט דאָך נאָך פאַרן באַשאַף, און וויבאַלד איך ווייס און גיב אַליין צו אין מיין שריפט אַז איך וועל חרטה האָבן, איז למה זה אנוכי? אויב דער צער פון באַשאַף איז אַזוי גרויס, איז אויף וואָס דאַרף עס דער אנוכי, אויף וואָס דאַרף איך עס? זאָל זיין אויס באַשאַף און אויס חרטה!

שכינה. הער, אויב דו וועסט חרטה האָבן נאָך דעם, נאָך דעם מעשה־בראשית, מאַכט ניט אויס. פאַר אַזאַ חרטה איז זיך ניטאָ וואָס צו שרעקן. ווייל עס וועט דאָך שוין זיין נאָך אַלעמען. דו ביסט ניט מדייק אין דעם פּסוק. דו שרייבסט דאָך „כי נחמתי, כי עשיתים", דו האָסט חרטה געהאַט נאָך דעם ווי דו האָסט זיי שוין גע־מאַכט. דו האָסט ניט פּינקטלעך איבערזעצט. „כי עשיתים" איז ניט דער פּשט „וואָס איך האָב זיי געמאַכט", נייערט „נאָך דעם ווי איך האָב זיי געמאַכט". מע מעג חרטה האָבן נאָך דעם, ווען די חרטה קען גאָרניט קאַליע מאַכן. ווען די זאַך

איז שוין אָפּגעטאָן. און ביי דיר וועט זיין אַ נייס חרטה צו האָבן! דו וועסט כסדר חרטה האָבן לאַחר־המעשה! דו וועסט חרטה האָבן, גלייך ביי מעשה עגל, וואָס דו האָסט די יידן אַרויסגענומען פון מצרים... דו וועסט, ווייטער, חרטה האָבן אין דער פּרשה פון די מרגלים, ביי דיר חרטה איז קיין נאָווינע ניט... אָבער אַלע מאָל דערנאָך, ניט פאַר דעם... אָבער חרטה קודם המעשה איז געפּערלעך. שטעל זיך פאָר, וואָס וועט דאָ מיט אונדז פאַרקומען, ווען מיר מאַכן „השיבנו נאָזאָד", פאַרקירעווען דעם דישלע אויף צוריק און פאַרפאָרן, אַנשטאָט אין די ווייטע מרחקים, ווי מיר האָבן בדעה געהאַט, גאָר אַהיים, פאַרוואָרפן אונדזערע פּלענער מכוח דעם וועלט־באַשאַף און קומען אַריין אין טאָטנס הויז מיט הכנעה און ביטול־היש און וואַרפן זיך אונטער זיין שיעבוד־מלכות, זיינען מקבל דעם יאָך פון דער הער־שאַפט פון דעם קדמון און קדמוניתא. דו שטעלסט זיך פאָר וואָס עס וועט פאַר־קומען?

קב"ה. דהיינו, וואָס?

שכינה. ווייבאַלד דו ביסט אַזאַ חרטה'ניק, אַז איידער דו גיסט זיך אַ ריר, דערשרעקסטו זיך אַליין פאַר זיך אַליין און האָסט גלייך, איידער דו רירסט זיך נאָך, חרטה אויפן ריר... איז וואָס וועט זיין?

קב"ה. דו, זאָג! איך ווייס ניט, איך פאַרשטיי ניט וואוהין דו צילסט.

שכינה. אַז דו וועסט כסדר חרטה האָבן און ניט קענען אַפילו חרטה האָבן.

קב"ה. וואָס מיינסטו צו זאָגן?

שכינה. ווייבאַלד דו גיסט איינמאָל נאָך דעם יצר הרע און דו האָסט חרטה קודם־למעשה, וועסטו גלייך אייַלן זיך חרטה האָבן אויף דיין חרטה (חרטה איז דאָך אויך אַ מעשה, אַ פּסיכאָלאָגישע אַקציע) נאָך איידער דו האָסט צייט געהאַט חרטה צו האָבן... און אויף דער חרטה וועסטו ווייטער חרטה־האָבן נאָך איידער דו וועסט אָנהויבן חרטה צו האָבן, אַזוי אַז מיר וועלן צעעסן ווערן פון אַ קודם־לחרטה, און מיר וועלן אַפילו צו קיין אַנשטענדיקער פולער חרטה ניט קענען צוקומען. וועסטו אָבער חרטה האָבן לאחר המעשה, וועט אַלץ זיין ווי באַדאַרף צו זיין, ווי עס שטייט אין דער תורה הקדושה, מיר וועלן אָנגיין מיטן באַשאַף, וועלן מיר, — נאָכדעם ווי אונדזער באַשטרעבונג וועט שוין זיין אַ דורכגעפירטע און מהאי טעמא וועט זי האָבן פאַרלאָרן איר רייץ פון נייקייט און צוציקראַפט פון אויפטו — חרטה האָבן. אַזוי דאַרף זיין. דאָס מיינט מיר וועלן בענקען און לעכצן נאָך יענע אַמאָליקע גוטע פאַר־צייטן פון פאַרן מעשה בראשית. פונדערוווייטנס וועט אונדז דער הפקר־פיר, דעם סתם־אומאיינשטעל שטאַרק אינטריגירן, ער וועט אויסזען צו האָבן געווען וואונדערבאַר, ווינטשנסווערט, באַצויבערנדיק, ווי איצטער שיינט אונדז צו זיין דער דערוואַרטער באשאף, דער צוקונפטיקער מעשה־בראשית. ראָמאַנטיזם קען

זיך נערן פון צוויי בריסט, פון דעם עתיד און פון דעם עבר, אָדער פוטוריזם אָדער פּאַסעאיזם . . .

קב"ה. עפּעס איז דיין געדאַנקענגאַנג . . . צו זיגזאַגיש, זאָל איך זאָגן, יעדנ־פאַלס ניט קלאָר. דו ביסט אַזאַ פּשט'לערקע ניט ערגער פון דיין מאַמען, דו האָסט אַנטוויקלט אַ סובטילע אידייע מכּוח אַ פאַר־חרטה וואָס קומט קודם־לחרטה, צי מיינסטו ניט אַנצואווינקען אַז דו האָסט מורא איך זאָל ניט קריגן קיין האַמלעטישן קאָמפּלעקס . . . און זיין אַ דאָן־קיכאָט מיינסטו איז בעסער ? !

שכינה. איך האָב מורא אַז מיט דיינע וואַקלונגען און שאַקלונגען און זיין איינגעשפּאַרט אַנטשלאָסן אין אַ ניט־אַנטשלאָסנקייט וועסטו האָבן די חסרונות פון אָט־דיביידע כאַראַקטערס, און ניט די מעלות אַפילו פון איינעם פון זיי.

קב"ה. אַזוי ביסטו אַן אָפּטימיסטקע, אָבער בנוגע מיר זאָגסטו אַרויס גאַנץ פּעסימיסטישע מיינונגען . . . זאָג מיר בעסער קלאָר און דייטלעך, און, אויב מעג־לעך, קורץ, פאַרוואָס זאָל איך ניט חרטה האָבן אויף דעם גאַנצן באַשאַף און מאַכן שלום מיט טאַטע־מאַמע און די ברידער. אויב מעשה־בראשית קען ניט פאַרקומען אָן אַ מחלוקת און דערצו אויך ניט אָן אַ חרטה לאחר־המעשה, לוינט זיך אפשר ניט דער גאַנצער עסק. שלום איז דאָך אויך עפּעס ווערט און חרטה־האָבן און זיך אָפּעסן דאָס האַרץ, ווי אין פּסוק שטייט „ויתעצב אל לבו" איז אויך ניט קיין גרויסער פאַרגעניגן . . . אויב חרטה האָבן און אַריינפאַלן צוליב דעם אין עצבות, איז, אפשר, גלייכער גאַרניט אנצופאַנגען און פאַרגעסן וועגן מעשה־בראשית. איך מוז דען ווערן אַ רבונו־של־עולם, איך קען זיך אָן דעם טיטול ניט באַגיין ? ! איך קען באַשטיין מיין שטעטל אָן דעם טיטול און אָן דער וועלט . . .

שכינה. ווען מיר זאָלן זיך אָפּזאָגן פון מעשה בראשית און זיך אומקערן אַצונד אַהיים אַנטוישטע, אַנטמוטיקטע, מיט צעבראָכענע געמיטער, צעווייכטע ווילנס, צעשלאַבערדיקטע קני, וועלן מיר גלייך נאָך אונדזער צוריקקער חרטה האָבן הלמאי מיר האָבן זיך אומגעקערט און ניט אָנגעגאַנגען מיט אונדזער אַרבעט. איבערהויפּט וועט אונדז נאָגן די חרטה ביי יעדן פאַל פון אַ באַליידיקונג, וואָס אונדז וועט זיכער אויסקומען אויסצושטיין פון אונדזערע אייגענע. איך זאָג אייגענע, באמת וועלן זיי זיין פרעמדע. זיי וועלן קיינמאָל שוין ניט זיין די אייגענע, וואָס זיי זיינען געווען צו אונדז איידער מיר האָבן זיי פאַרלאָזן. ניט מיר וועלן זיין די אייגענע, די זעלביקע וואָס מיר זיינען געווען פאַרן אַנטלויפן און זיך שיידן, און ניט זיי וועלן בלייבן די זעלביקע נאָך אונדזער אוועקגיין און צוריקקומען. איינמאָל זיך פאַרפרעמדט, אויף שטענדיק זיך פאַרפרעמדט. לכן איז ניטאָ קיין אַנטרינונג פון חרטה. וואָס דו זאָלסט ניט טאָן, וועסטו חרטה האָבן. און אויב דו וועסט זיך

צוריקהאַלטן פון טאָן, ווערסטו חרטה האָבן אויף דאָס ניט־טאָן. די טאַט, ווען זי איז שוין געטאָן געוואָרן, פאַרלירט איר רייץ און חן. דאָס אייגענע, די ניט־טאַט, ווייל דעמאָלט רייצט פונדערווייטנס די ניט געטאָנענע טאַט . . .

נאָר אויב שוין חרטה האָבן, זאָל כאָטש זיין פאַרוואָס, זאָל עס זיין פאַר אַ דרייסטן אויפטו. אַז אין באַשאַף ליגט עפּעס גראַנדיעזעס זעט מען שוין פון דעם אַליין, וואָס סיי די קדמוניתא, סיי דער קדמון און סיי די בני־קדמון זיינען קעגן אים און ניט גלייכגילטיק. זיי זיינען אויסגעשפּראָכענע מיליטאַנטישע קאָנטער־קרעאַציאָנערן. זיי גייט אין לעבן מיר זאָלן עס ניט טאָן. פון זייער התנגדות קען אַפילו אַ בלינדער זען אַז דער מעשה־בראשית איז אַן אומגעהויער וויכטיקער אַקט.

קב"ה. ביסט זיכער גערעכט. דער מעשה־בראשית איז אַ גאַר גרויסער אויפ־בראָך. עס איז דאָך קרעאַציע, דער אָנהויב פון אַלע אָנהייבס. אָבער איך האָב מורא פאַר דער קאָנטער־קרעאַציע וואָס וועט קומען פון דער סטרא אחרא. וואָס זאָלן מיר טאָן אום צו באַוואָרענען די קרעאַציע אַזוי אַז פון איר זאָל זיך ניט אויסלאָזן עפּעס אַזעלכעס וואָס ס'וועט זיין אַ שרעק און אַ גרויל. איך בין שטאַרק מסופק צי עס לוינט זיך אָנצוהייבן מיט זיי, צו צערייצן די פינצטערע כוחות. מיך שרעקט דער געדאַנק אַז מיר קענען נאָך ערגער מאַכן איידער פאַרבעסערן דעם מצב. די קאָנטער־קרעאַציאָנערן קענען אַזוי פאַרדאַרבן דעם קאָסמאָס, וואָס איך גיי שאַפן, אַז דער כאַאָס־צושטאַנד פון פאַרן באַשאַף וועט אויסזען לגבי אים פּראָגרעסיוו־ליבעראַל.

שכינה. איך האָב אַ פּלאַן ווי אַזוי אָנטקעגן צוווירקן, ווי אַזוי צו אָנטוואָפּענען די קאָנטער־קרעאַציע. אַזוי ווי די קדמוניתא וועט ווערן אַ שטנ'יכע, וועל איך ווערן אַ שטנ'יכע פון דער שטנ'שאַפט, אַ שטערערקע פון דער שטערעניש, אַזוי אַרום אָפּשוואַכן די פינצטערע כוחות, זיי פאַרווירן און צעטומלען.

קב"ה. איך פאַרשטיי דיך ניט; וואָס מיינסטו צו זאָגן ? וואָס האָסטו בדעה צו טאָן ?

שכינה. איך וועל גיין צוריק אַהיים, קומען מיט אַ כלומר'שטער חרטה. איך וועל פאַרפאַסן אַ לאַנגן ווידוי, עס דערלאַנגען צו טאַטע־מאַמע, זיך וואַרפן צו זייערע פיס און בעטן פאַרגעבונג. און אום צו פאַרגלעטן מיין שולד, וועל איך זיך אָנבאַטן צו העלפן באַקעמפן דיך און שעדיקן די קרעאַציע אויף וויפל איך קען נאָר. און בשעת מעשה וועל איך זען עגבוייערן פון אינעווייניק, אונטערגראָבן די יסודות פון כאָאָס און תהו־ובהו בנין, פּראָפּאַגאַנדירן אונדזער שיטה פון קרעאַציע צווישן די יינגערע עלעמענטן פון די שדים און רוחות. אַזוי אַז איך וועל זיין אַן אינע־ווייניקסטער מענטש, איך וועל וויסן אַלץ וואָס זיי גייען אונטערנעמען קעגן דיר און

דעם באַשאַף, און איך וועל צעשטערן זייערע עצות, מאַכן צו נישט זייערע פּלענער, צעדולן זייערע תחבולות און דעמאַראַליזירן זייערע קאַדרען. איך וועל זיי פּראָוואָצירן, אַרויסרופן זיי פאַר דער צייט און אונטער די אומגינציקסטע אומשטענדן, אויף אַרויסטרעטונגען, אָרגאַניזירן אַבאָרטיווע אויפשטאַנדן, אַזוי אַז זיי וועלן ביסלעכווייז פאַרלירן זייערע כּוחות און זייער מוט. זיי וועלן מיט דער צייט אָדער זיך אונטערגעבן אָדער אינגאַנצן צעשטויבט ווערן, דערשלאָגן און צעשלאָגן ווערן.

קב"ה. (פאַרוואונדערט) אַ דרייסטער טריט. ווי איז עס דיר איינגעפאַלן? האָסטו עס ערשט אין דעם מאָמענט צוגעטראַכט?

שכינה. ניין, ניט ערשט. איך טראַכט שוין לאַנג וועגן דעם, עפּעס האָט זיך מיר ניט געמאַכט די געלעגנהייט דיר עס מיטצוטיילן.

קב"ה. ווי איז עס דיר איינגעפאַלן? עס איז זייער ריזיקאַליש...

שכינה. ווי איז עס מיר איינגעפאַלן? ווייסט דאָך אַז איך האָב ליב זיך צו ראַיען אין די פּראָטאָטיפּן „שמות" פון אַלטע ספרים וואָס וועלן ערשט פאַרפאַסט ווערן און פּובליקירט ווערן מיט פילע טויזנטער יאָרן שפּעטער. האָב איך צופעליק באַמערקט אַ פאַרגעלבט בלאַט פון ספר שמואל ב', קאַפּיטל ט"ו, פּסוקים פון צוויי און דרייסיק ביז זעקס און דרייסיק. און אָט־דער געדאַנק האָט מיר אַ קלאַפּ געטאָן אין קאָפּ. אויב מענטשנקינדער וועלן עס טאָן, פאַרוואָס זאָלן מיר עס ניט טאָן?

קב"ה. איך בין ניט באַקאַנט מיט דעם טעקסט, זאָג מיר וואָס דאָרטן שטייט.

שכינה. ביי אונדז האַנדלט זיך וועגן אַ טאַטן און אַ מאַמען וואָס וועלן זיך צעבונטעוועו קעגן זייערע קינדער. דאָרטן, אין שמואל ב' רעדט זיך וועגן אַ זון וואָס האָט זיך געבונטעוועט קעגן טאַטן, איז עס ניט אַן ענלעכע דערשיינונג.

קב"ה. אין אַ געוויסער הינזיכט — יע. אָבער זאָג וואָס שטייט דאָרטן, איך ווער נייגעריק.

שכינה. איך וועל דיר עס פאַרלייענען וואָרט ביי וואָרט: ... „ערשט אים קומט אַנטקעגן חושי דער ארכי, מיט זיין העמדל צעריסן, און ערד אויף זיין קאָפּ. האָט דוד צו אים געזאָגט: אַז דו גייסט אַריבער מיט מיר, וועסטו זיין אויף מיר אַ לאַסט. אָבער אַז דו וועסט זיך אין שטאָט אומקערן, און וועסט זאָגן צו אבשלום'ען: 'איך וועל זיין דיין קנעכט, מלך! דיין פאָטערס קנעכט בין איך געווען פון אַמאָל אָן, און אַצונד בין איך דיין קנעכט', וועסטו מיר פאַרשטערן די עצה פון אחיתופלן... איטלעך וואָרט וואָס דו וועסט הערן פון מלך'ס הויז, זאָלסטו.. מיר צושיקן..."

לייענענדיק עס האָב איך אַ טראַכט געטאָן, פאַרוואָס זאָל איך ניט אָנווענדן די זעלביקע טאַקטיק אַנטקעגן דעם שטן און די שטנ'יכע...

קב"ה. אפשר מענטשן איז לייכטער אָפּצונאַרן און פּראָוואָצירן, אָבער שדים זיינען דאָך זייער ליסטיק... זיי וועלן זיך ניט לאָזן כאַפּן אויף דער ווענדקע...

שכינה. הער, דו האָסט באמת געהאַלטן ביי חרטה האָבן, און דו ביסט דאָך געווען זיכער, אַז זיי וועלן אונדז גלויבן. איכ'ל טאָן דאָס אייגענע, איך וועל „שפּילן" אַ חרטה־האָבן. ווי אַזוי וועלן זיי דערקענען אַז עס איז בלויז אָנשטעל? אַן אי־מיטאַציע פון אמת זעט אויס אמת'דיקער פון אמת אַליין.

קב"ה. זיי וועלן עס דערקענען אָט־טאָקע ביי דעם סימן, ווייל עס וועט זיין „צופיל אמת'דיק", וועלן זיי זיך אָנשטויסן אַז עס איז אַ ליגן.

שכינה. אַזוי קלוג זיינען זיי ניט. איך וועל זיך דערקלערן פאַר אַ חוזר־בתשובה'ניצע, פאַר אַן אויסגעשפּראָכענער קאָנטער־קרעאַציאָנערקע, וועמען עס גייט אין לעבן צו פאַרריכטן אירע טעותן. איך וועל זיי כלומר'שט אַרויסגעבן אייניקע סודות פון באַשאַף, און צו דער אייגענער צייט וועל איך דיך האַלטן אינפאָרמירט וועגן אַלץ וואָס זיי קלייבן זיך צו טאָן קעגן דיר. אויף אַזאַ שטייגער וועל איך דיס־אָרגאַניזירן די גאַנצע קאָנטער־קרעאַציאָנערע באַוועגונג. איך וועל אויפרייסן זייער מלכות פון אינעווייניק.

קב"ה. און אַז זיי וועלן דיר ניט גלויבן, אַז זיי וועלן אויסגעפינען, אַז דו נאַרסט זיי אָפּ? !

שכינה. איך וועל זיי ניט אָפּנאַרן אויבערפלעכלעך אַזוי אַז זיי זאָלן מיך קע־נען כאַפּן גלייך ביי דער האַנט. איך וועל גראָבן טיף, איך וועל זיי באמת איבער־געבן אייניקע סודות התורה, די געהיימנישן פון קרעאַציע, איך וועל זיי מגלה זיין אַזעלכע מיסטעריעס וואָס זיינען ניט וועזנטלעך, (ווי דהיינו וואו די מלאכים זיינען אויסגעשטעלט, וויפל חיילות ביי וועלכע טויערן געפינען זיך וכדומה ידיעות) די אויסזאָגונג פון וועלכע קען ניט פיל שעדיקן אונדזער היילקע זאַך. אַזוי אַרום וועל איך זיך איינקויפן אין זייער צוטרוי. דערווייל אינדערשטיל וועל איך ווערבירן צווישן זיי אַדעפּטן, פאַרשפּרייטן אונדזער אומלעגאַלע ליטעראַטור, די פּרשה בראשית. מיט אַלע מפרשים און מפרשים פון מפרשים, סיי נגלה, סיי נסתר . . . און אַז איך וועל קריגן אַ גענוגנדיקע נאָכפאָלגערשאַפט, וועל איך אַראָפּנעמען די מאַסקע פון פנים און דערקלערן אַן אָפענעם באַוואָפנטן אויפשטאַנד פון אינעווייניק, בשעת דו, יהוה איש מלחמה, וועסט זיי אַטאַקירן פון דרויסן און מיר וועלן זיי אַלע נעמען געפאַנגען אָדער פאַרניכטן.

קב"ה. דער פּלאַן איז וואונדערבאַר, געניאַל. איך האָב בלויז מורא דו זאָלסט זיך ניט אַרויסכאַפּן מיט אַן אומפאָרזיכטיקן וואָרט, מיט אַן אימפּולסיוון זשעסט און זיך 'פאַרשיטן' חס־ושלום . . וואָרום זיי וועלן דיך זיכער פאַרפּיי־

ניקן. בשעת איבערשיקן אינפאָרמאַציע דורך אַ שליח קענסטו לייכט אַריינפאַלן, נכשל ווערן מיט איינעם וואָס איז ניט פאַרלעסלעך.

שכינה. איך וועל זיין אָפּגעהיט אויף דער האָר. איך וועל וועגן און ציילן מיין יעדן וואָרט, מיין יעדן ריר. מע מוז איינשטעלן, אויב מע וויל געווינען.

קב״ה. געדענק, אָפּגעהיטקייט איז אַ טייערע מידה. זאָלסט בודק זיין דיינע שלוחים מיט זיבן בדיקות.

שכינה. זיי רואיק, אַלץ וועט גיין ווי אַ מזמור . . . דיין באַשאָף איז פאַר־זיכערט קעגן די מחבלים. איך וועל שטיין אין זייער שפּיץ. די שכינה וועט אָנפירן מיט דער קאָנטער־קרעאַציע . . . איך וועל האַלטן די משחיתים, די מלאכי־חבלה, אויפן שטריקל . . .

קב״ה. ביסט גרייט אַריינצושטעקן דיין קאָפּ אין לייב׳ס פּיסק פאַרן הייליקן באַשאַף און טוסטו עס אָן קווינקלעניש ?

שכינה. יע.

קב״ה. אויב אַזוי וועל איך אויך ניט קווינקלען. איך גיי גלייך ווערן אַ רבונו־של־עולם. יע — זינען, ניט — זינען, דער באַשאַף איז וויכטיקער פון אַלץ. גיי בשלום.

זיי צעקושן זיך. אין קב״ה׳ס אויגן שטייען טרערן. די שכינה פאַרשווינדט).

קב״ה. (בלייבט אַליין, טיף פאַרטראַכט. ער האַלט אין שוים אַן אויפגעוויקלטע ספר תורה. ער לייענט די פּרשה בראשית מיטן טראָפּ מיט אַ מתיקות־ידיקן ניגון. לעם אים ליגט דער מדרש רבה, מדרש תנחומא, דער ספר יצירה פון אברהם אבינו, ספר נועין החכמה פון מלאך גבריאל, דער זהר הקדוש פון רבי שמעון בן יוחאי, ספר רזיאל המלאך, מסכת היכלות פון רבי ישמעאל כהן גדול, ברייתא דמעשה בראשית, דמעשה מרכבה, עץ החיים, יידישע עטיק, גרונט פּרינציפּן פון יידישקייט, די פּרוי און די ביבל, דער יידישער וועלט־באַנעם פון אבא גאָרדין און נאָך און נאָך, אַ גאַנצער באַרג פון ספרים געשריבן אין שבעים לשונות. אַז אַ פּסוק זעט אים אויס צו זיין אומפאַרשטענדלעך קוקט ער נאָך די מפרשים און אַנדערע ספרים, סיי פון חוקרים, סיי פון מקובלים). (צו זיך אַליין) סי באמת שווער צו פאַרשטיין וואָס איך האָב דאָ געמיינט . . . און די מפרשים דערקלערן עס אויך ניט ווי באַדאַרף צו זיין . . . זיי קענען זיך ניט דערגרונטעווען צו מיין געדאַנק . . . צו טיף און צו קורץ . .. דהיינו דער ענין תהו ובהו ווערט בלויז דערמאָנט דרך אגב, און נאָך אַ סך ענינים וואָס האָבן צו טאָן מיט די פאַרבאַרייטונגען צום מעשה־בראשית. דער ענין קדמון ווערט אינגאַנצן ניט דערמאָנט . . . אפשר דאַרף מען תהו־ובהו אויך ניט דערמאָנען . . . די פראַגע פון סדר־זמנים איז אויך ניט דייטלעך אָנגעוויזן. אָבער, פון דער אַנדער זייט, ווען איך זאָל אין דער תורה אַלץ אָנשרייבן באריכות,

ווערט זי זיין צו לאַנג און צו וואָגיק, שווער . . . מע וועט זי ניט קענען אויפהויבן צו „הגבה”... מען וועט זי אויך ניט קענען לערנען אין די חדרים מיט די קליינע קינדער... און אויך ניט לייענען אין די בתי־מדרשים פאַר די גרויסע קינדער, די פרשות וואָלטן געוואָרן אַנגעשוואָלן, און דער עולם וואָלט פאַרהונגערט געוואָרן... . זאָל עס שוין בלייבן ווי דאָס איז, הגם מיר איז אַ גרויסער שאָד וואָס מיינע דיאַלאָגן סיי מיט דער אורמוטער און סיי מיט דער שכינה קענען ניט אַריינגענומען ווערן . . . הגם זיי וועלן ניט פאַרפאַלן ווערן . . . מיט פילע יאָרן שפּעטער וועט זיי פּ. מעלער איבערגעבן וואָרט ביי וואָרט, אַ קלאַנג ניט פאַרפעלט, ווי מע שרייבט אָן אַ סטענאָגראַפישן באַריכט . . . איך וועל זיך מיישב זיין מכוח דעם מיט דער שכינה . . . סי שווער אַליין צו באַשיידן די זאַכן... נאָך אַלעמען, ווי די שכינה האָט עס דערמאָנט פאַרדעם, איז דאָך די תורה אַ לשון־נקבה און עס איז אַ יושר אַז איך זאָל זיך מיט איר באַראַטן, סיי וועגן אינהאַלט און סיי וועגן איינטייל פון די פרשות און סדרות . . . מ׳וועט נאָך דאַרפן איבעררײדן מיט איר וועגן דער מעבלירונג פון די הימלען... ווי דהיינו וואו זאָל שטיין דער מזבח, וואו זאָל זיך געפינען דער קדשי קדשים, וואו אויפצוהענגען די מנורה, וואו אַוועקצולייגן דעם לחם־הפּנים . . . אָבער וועגן דעם האָט זי אַ פּלאַן וועלכן זי האָט בקיצור אנטוויקלט פאַרדעם. באמת גערעדט איז דאָך עס אַ ווייבערשער ענין, ניט פאַר מיין קאָפּ, וועל איך עס איבערלאָזן אינגאַנצן צו איר קאָמפּעטענץ... בלויז וועגן דער תורה וועל איך זיך מיישב־זיין... מיט איר... אָבער איך ווייס ניט, ווען איך וועל זי ווידער זוכה זיין צו זען . . . אויב אַזוי וועל איך איבערלאָזן דעם טעקסט ווי ער שטייט. אָן איר וועל איך קיינע ענדערונגען ניט מאַכן. און בנוגע די הימלען, וועל איך זיי מאַכן לויט איר פריער אָנגעוואָרפענעם פּראָיעקט־פּלאַן . . .

און אַז איך וועל פאַרטיק ווערן מיט מיין גאַנצער אַרבעט, וועל איך זיך אָפּרוען. דאָס מיינט איך וועל באַשאַפן פאַרן מענטשן אַ רו־טאָג. דאָס איז מיין שענסטע מתנה, וואָס איך קען אים שענקען.

איך וועל וואַרטן אויף דער שכינה זעקס חדשים. אויב איך הער ניט פון איר אין משך פון אָט־דער צייט, און זי קערט זיך ניט אום . . . איז זי זיכער אַריינגעפאַלן . . . און איך וועל מוזן זיך פאַרשטעלן און אַוועק צו זיי זי אויפזוכן . . . זיי וועלן מיך ניט דערקענען... עס איז אַזוי לייכט פאַר מיר, שדי, זיך צו פאַרשטעלן פאַר אַ שד... בלית ברירה, וועל איך אַראָפּנידערן צו זיי אין שאול תחתיה און זען צי איך קען זי ראַטעווען . . . ביי זיי אין געפאַנגענשאַפט וועל איך זי זיכער ניט איבערלאָזן, עמה אנוכי בצרה . . .



# סאָציאָלאָגישע עקאָנאָמיע *

פון

## אבא גאָרדין

### בוך דריי:

### ארגאניזאטארישע ארבעט און ווערט

### 1

### עקאָנאָמיש בילד אין אַ סאָציאָלאָגישן רעמל

### ג.

### אַרבעט - ווערט און פּראָדוקטיוויטעט

מאַרקס שרייבט:

„עס פאָלגט פון דעם אַז אַ פאַרגרעסער אין דער פּראָדוקטיווקייט פון אַרבעט פאַראורזאַכט אַן אַראָפּפאַל פון אַרבעט־קראַפט.“ [1])

מיר ווילן פרובירן זיך פאַנאַנדערקלייבן אין אָט־דער שייכות וואָס עקזיסטירט צווישן פּראָדוקטיוויטעט און אַרבעט־ווערט.

דער ווערט פון אַרבעט מוז, על־פּי שכל הישר, זיך געפינען אין אַ דירעקטער פּראָפּאָרציע צו איר אויפטוערישקייט און אין אַ פאַרקערטער פּראָפּאָרציע צו פּעולה׳־לאָזיקייט. פּראָדוקטיוויטעט פון אַרבעט מאַכט גרעסער דעם ווערט פון אַרבעט, מחמת הייך־פּראָדוקטיווע אַרבעט איז, בהכרח, אַרבעט קוואַליפיצירטע, אויסגעבע־סערטע, אינטענסיפיצירטע, עקאָנאָמיש געאורטיילט. דאָס הייסט די אַרבעט אַנטהאַלט אין זיך מער אַרבעטזאַמקייט־איינסן פער שטונדע פון איר רעאַליזאַציע. פּראָדוק־טיוויטעט פון אַרבעט וואָלט געקענט פאַראורזאַכן אַן אַראָפּזינק פון דעם ווערט פון אַרבעט־קראַפט בלויז אונטער איין באַדינג, און דאָס איז אַז די אַרבעט־פּראָדוקטי־

---

* זע י״ש העפט 16 ז״ז 440—429.

וויטעט זאָל באַשאַפן ווערן דורך אַן אַנדער אַרבעט־וואַריאַיטעט, דורך אַ העכערן מין פון אַרבעט; דעמאָלט וואָלט דער העכערער סאָרט אויסאַיבן אַן אַראָפּדריקנ־דיקן עפעקט אויף דעם נידעריקערן סאָרט, מחמת דער לעצטער וואָלט ווערן, מחמת דער עקזיסטענץ פון העכערן סאָרט, אַ דעגענעראַטיווע פאָרם אָדער איבער־בלייבעניש.

מאַרקס אורטיילט אַזוי: אַרבעט־קראַפט האָט דעם ווערט פון די לעבנס־מיט־לען, וועלכע ווערן פאַרברויכט אין דער פּראָדוקציע פון דער אַרבעט־קראַפט. לכן, אַזוי ווי די פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבעט מאַכט די פּראָדוקטן, בתוכם די לעבנס־מיטלען, וועלוועלער, מוז זי, דעריבער, אויך ווירקן אַזוי אַז זי זאָל פאַרביליקן די אַרבעט־קראַפט. די פראַגע איז אָבער די אַרבעט־קראַפט פון וועמען און ווען? אַרבעט־קראַפט איז דאָך ניט עפּעס באַשטימטעס אויף תמיד אָן קיין שום שינוי. וועלכע אַרבעט־קראַפט, פון אַ נידעריקער אָדער אַ הייכער פּראָדוקטיוויטעט? וויבאַלד די פּראָדוקטיוויטעט פון אַרבעט ווערט דער־הויבן, ווערט דאָך אויפאַמאָל פאַרבעסערט די אַרבעט־קראַפט, זי ווערט דערהויבן אין איר חשיבות מיטן שטייגן פון דער פּראָדוקטיוויטעט פון אַרבעט.

איצט בנוגע די לעבנס־מיטלען, די געברויך ־ פּראָדוקטן וועלכע דער אַר־בעטער איז באַרעכטיקט צו קריגן ווי שכר פאַר זיין אַרבעט, איז אויך דאָס אייגענע: זייער קוואַנטיטעט איז ניט קיין קאָנסטאַנטע מאַגניטוד, אַלץ ווענדט זיך אין דער אויפטוערישקייט פון דער אַרבעט, וועלכע ווערט רעאַליזירט פון אַרבעטער. וויפל לעבנס־מיטלען די אַנגעווענדטע אַרבעט־קראַפט פון אַ באַשטימטער צייט־לענג קען פּראָדוצירן, צו אַזויפיל בערך האָט זי אַ צוטריט. על־כן ווען די פּראָדוקטיוויטעט פאַרגרעסערט זיך, ווערן די פּראָדוקטן ביליקער און די אייגענע מאָס, קוואַנטיטאַ־טיוו אָבער ניט ניט פון דער אייגענער קוואַליטעט, פון אַרבעט־קראַפט וועט קריגן אַ מעגלעכקייט צו פאַרברויכן אַ גרעסערע מאָס פון פּראָדוקטן. פאָלגלעך אנשטאָט צו ווערן „וועלוועלער", ד"ה ווייניקער געברויכעריש, פאַרשווענדעריש, ווערט די אַרבעט־קראַפט מער אויסברענגעריש, ד"ה איר פּראָדוקציע הויבט זיך אויף הע־כער. זי געברויכט מער פאַר איר רעפּראָדוקציע.

ווי נאָר די פּראָדוקטן ווערן ביליקער, אַזוי גייט פון זיי אַוועק אַ גרעסערע קוואַנטיטעט אויף דער רעפּראָדוקציע פון דער אַרבעט־קראַפט, ד"ה אַ גרעסערע מאָס פון לעבנס־מיטלען ווערן געגעבן צו דעם „פּראָדוצירער" פון דער אַרבעט־קראַפט. מחמת די נויטווענדיקייט פון געוויסע לעבנס־מיטלען ווערט ניט באַ־שטימט אָן צו נעמען אין חשבון דעם ניווא פון דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער באַטרעפנדיקער אַרבעט אין משך פון אַ באַשטימטער דוראַציע, דער ווערט פון

אַרבעט־קראַפט מיינט אין דער אונטערשטער שורה ניט מער און ניט ווייניקער ווי דער ווערט פון אַ לעבנס־סעגמענט פון אַרבעטער גופא, און אין אַרבעטער זיצט דאָך אַ מענטש, אַ מיטגליד פון אַ באַשטימטן סעקטאָר פון דער אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט.

אַט־די אַרבעט־קראַפט אָדער אַרבעטנדיקער מענטש געפינט זיך אין אַן איבערגעקערטער פאַרהעלטעניש צו די פּראָדוקטן וואָס ער פּראָדוצירט. ווען דער פּראָדוקט פאַרנעמט אַ שטאַרקע איינגעפונדעוועטע פּאָזיציע, דעמאָלט ציגט ער אונדז, אַז דער מענטש האַלט זיך קוים, קען זיך קוים מיט צרות באַהויפּטן. און כמו־כן פאַרקערט: די שטאַרקייט פון מענטשן פאַרקונדיקט די שוואַכקייט פון די פּראָדוקטן, די קעגנשטאַנדן פון דער אויסערלעכער סביבה. *)

וואָס מיר דאַרפן באַטראַכטן איז די רעזולטאַטן, די פּועל־יוצא׳ס פון מענטשלעכער אויפטוערישקייט. בלויז קוקנדיק פון אַט־דעם ווינקל וועלן מיר דערזען דעם ריכטיקן צוגאַנג צו די זאַכן, צו די עקאָנאָמישע אָביעקטן, וואָס דער מענטש מאַכט. און דורך אַט־דעם צוגאַנג, אַרויסגייענדיק פון די רעזולטאַטן, וועלן מיר צוקומען צו דער ריכטיקער באַווערטונג, עוואַלואַציע פון די מענטשלעכע אויפטואונגען. ווען מיר נעמען די פאַרקערטע ריכטונג און מיר לאָזן זיך פירן אין דעם אָפּשאַץ פון אַרבעט־קראַפט פון די הוצאות, — פאַרשטאַנען אין ענגן פּשט פון וואָרט, אַ סכום פּראָדוקטן וואָס דער מענטש עסט אויף בשעת דער אַרבעט, — פאַרקריכן מיר אין אַ ווילדערניש, מיר מאַכן אַ דעטור אַליין עס ניט באַמערקנדיק. מיר דערריידן זיך צו אַזאַ אַבסורד, אַז די פּראָדוקטן שאַצן אָפּ דעם מענטשן און ניט דער מענטש שאַצט אָפּ די פּראָדוקטן. אַנשטאָט אַן אנטראָפּאָקראַטיע, אַ דעמאָקראַטיע, שאַפן מיר גאָר אַ פּראָדוקטאָ־קראַטיע, אַ מלכות פון פּראָדוקטן. מיר קערן איבער די געזונטע מענטשלעכע השגות, מיר שטעלן עקאָנאָמישע ענינים מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף.

דער ווערט פון אַ סחורה איז גלייך צו דער הוצאה פון דער רעפּראָדוקציע פון דער אייגענער סחורה, ד״ה דער ווערט פון אַ סחורה איז באַשטימט פון דער קוואַנטיטעט פון אַרבעט וואָס דער אַרבעטער לייגט אַריין אין דער סחורה. אויב אַזוי פרעגט זיך, וואָס איז דער ווערט פון דער אַרבעט, וואָס דער מענטש לייגט אַריין אין דער סחורה? דער ענטפער איז: די צאָל סחורות וואָס די אַרבעט פּראָדוצירט. אויב אַ באַשטימטע קוואַנטיטעט פון באַשטימטע סחורות (ס־א) איז גלייך צו אַ באַשטימטער מאָס פון אַרבעט, מוז אַט־די באַשטימטע מאָס אַרבעט זיין גלייך

*) זע יידישע שריפטן, באַנד 3, ז׳ 113; ז׳ 115.

צו דער באַשטימטער קוואַנטיטעט פון באַשטימטע סחורות (א״ס). דאָס מיינט אַז אַרבעט האָט דעם ווערט פון דאָס וואָס זי אַרבעט אויס, זי איז ווערט וואָס זי פּראָדוצירט, ניט וואָס זי קאָנסומירט. פון דעם שטאַנדפּונקט פון הוצאות־חשבונ׳ונג וועט דאָך אויסקומען, אַז די אַרבעט פון אַ זשעני און די פּראַצע פון אַ אידיאָט וועלן זיין גלייך אין זייער ווערט, מחמת ביידע סיי דער גאון און סיי דער פערד בצורת אדם האָבן אויפגעגעסן די זעלביקע קוואַנטיטעט פון שפּייז בשעת זיי זיינען געווען פאַרנומען מיט זייער אַרבעט. ווען מיר וועלן נעמען דעם באַגריף הוצאות פון פּראָדוקציע אין ברייטן פשט, און רעכענען וואָס עס קאָסט דער ראַסע צו פּראָדו־צירן אַ גאון, וועט זיך באַקומען נאָך אַ פאַרוויקלטערער פּלאָנטער. ערשטנס פּראָ־דוצירט מען ניט קיין גאונות, ווי מ׳פּראָדוצירט ניט די זון, די שטערן. צווייטנס, ווען די ראַסע וואָלט יע פּראָדוצירן גאונים, טאָ ווי אַזוי וואָלט געווען מעגלעך אויסצורעכענען די הוצאות פון דעם אויפהאַלט פון אַ גאון? א זשעני עסט דען מער, מוז זיך קליידן בעסער, וואוינען בעסער? מיר ווייסן אַזוי ווייניק וועגן די גייסטיקע כוחות פון מענטשן אַז אַפילו פּסיכאָלאָגיש צו אורטיילן וועגן געניאַלי־טעט קומט אונדז אָן גאַנץ שווערלעך, אַפּשיטא שוין ריידן וועגן דעם אין עקאָ־נאָמישע טערמינען. עס איז פיל לייכטער און פשוט׳ער זיך צו ריכטן אין ווערטן־אויס־געפינונג לויט די רעזולטאַטן און לויט דער געזעלשאַפטלעכער אָפּשאַצונג פון יענע רעזולטאַטן גענומען אין אַ באַשטימטן פּעריאָד פון צייט אין אַ דעפיניטיווער ווירטשאַפטלעכער סביבה. מע דאַרף אָבער אויך קיין איין מינוט ניט פאַרגעסן דעם פאַקט אַז „אַרבעט״ צו „אַרבעט״ איז ניט גלייך, מחמת די אַרבעטער אַלס מענטש־לעכע וועזנס, אַלס סאָציאָלאָגישע סוביעקטן, אַלס מיטגלידער פון אַ דעפיניטיוון קהל, זיינען ניט גלייך לויט זייער מעמד און חשיבות. מע דאַרף תמיד האָבן אין זינען, אַז אונדזער געזעלשאַפט איז אַן אינטעראינדיווידאַלאָגישע און אינטערקלאַסאָ־לאָגישע אינסטיטוציע.

אַלע פּראָדוקטן האָבן זייער ווערט באַשטימט דורך דער מאָס אַרבעט, וואָס איז אין זיי פאַרקערפּערט, מחמת זיי זיינען באמת בלויז שטיקער אַרבעט וואָס זיינען פאַר׳מגושם׳ט געוואָרן. זיי זיינען אין דער ווירקלעכקייט, ווירטשאַפטלעך באַטראַכט, בלויז קוואַנטיטעטן פון ענערגיע, וואָס זיינען, לפנים, מאַטעריאַליזירט געוואָרן. זייער מאַטעריאַליזאַציע איז אַ פיזישע, ניט קיין עקאָנאָמישע. אין דער עקאָנאָמיק פיגורירן זיי די גאַנצע צייט אַלס קוואַנטאַ פון מענטשלעכן אָנשטרענג. היוצא אַז מיר טוישן בסדר אויס ענערגיעס, באַמיאונגען־באַדינונגען און מיר איג־נאָרירן, אין ווירטשאַפטלעכן פאַרקער, די מגושם׳קייט, די פאַרקערפּערונגען פון דידאַזיקע ענערגעטיזירונגען. אויסטויש־ווערט איז אַן אויסבייט־רעלאַציע וואָס

קומט פאַר אין אַן אינטעראינדיווידואַלאָגישער און אינטערקלאַסאָלאָגישער סביבה.

ווען עס שטעלט זיך די פראַגע: וואָס איז דער ווערט פון דער מענטשלעכער אַרבעט פון אַ באַשטימטער דוראַציע? איז דער ענטפער: דער ווערט פון איין שטיק מענטשלעכער אַרבעט איז גלייך צו דעם ווערט פון אַן אַנדער שטיק מענטשלעכער אַרבעט פון דער אייגענער קאַטעגאָריע און פון דער אייגענער צייט־לענג. דאָס מיינט צו זאָגן, אַז פאַר אַט־דעם קוואַנטום פון מענטשלעכער אַרבעט קען מען קריגן אַ קוואַנטיטעט פון לעבנס־מיטלען, אין וועלכע עס איז אריינגעלייגט דער אייגענער קוואַנטום פון אַרבעט גענומען אין דער אייגענער סביבה און אין דער אייגענער אינטענסיווקייט און אויפטוערישקייט, פון דער זעלביקער דוראַציע און געזעלשאַפטלעכער אָפּשאַצונג.

מענטשלעכע אַרבעט האָט ניט דעם ווערט פון די פּראָדוקטן, וואָס דער מענטש עסט אויף, בשעת ער אַרבעט און שאַפט זיין אַרבעט־ענערגיע. דער ווערט פון דעם אַרבעטערס אַרבעט האָט מיט אים אַלס אַ פיזיאָלאָגישן איינס גאָרניט צו טאָן. אין אויסטויש־ווערט ליגט אַ רעלאַציע פון מענטש צו מענטש, ניט פון מענטשן צו זיינע געברויך ־ פּראָדוקטן, וועלכע ער פאַרצערט בכדי צו „פּראָדוצירן" זיין ענערגיע־פּאָטענציאַל. מיר בייטן אויס קוואַנטא פון ענערגיעס, דאַרפן מיר געפינען אַ באַשטימטע צאָל פּראָדוקטן, לעבנס־מיטלען אָדער אַנדערע אַרטיקלען, עס איז קיין חילוק ניט, וועלכע אַנטהאַלטן אין זיך אַ בערך גלייכע כמות פון ענערגיע, וואָס איז אין זיי פאַר׳מגושם׳ט. אין די יעניקע פּראָדוקטן, אויף וועלכע אַ געוויסער סכום פון אַרבעט, פון אַ באַשטימטער קוואַליפיקאַציע, אינטענסיטעט, ווערט אויסגעטוישט, דאַרף זיך געפינען מאַטעריאַליזירט בערך דער אייגענער סכום פון ענערגיע פאַרשווענדונג.

אין דעם גבול פון דער געזעלשאַפט האָבן מיר צו טאָן מיט אַקציעס, מיט באַמיאונגען, ענערגיע־פאַרשווענדונגען. ווען זיי זיינען פּאָזיטיווע, קריגט זייער טוער אַ קאָמפּענסאַציע, אַ באַלוינונג. ווען זיי זיינען נעגאַטיווע, קריגט ער אַ שטראָף, ד"ה ער דאַרף קאָמפּענסירן. אויב ער קען ניט קאָמפּענסירן אויף אַ פּאָזיטיוון שטייגער דורך אַ רעפּאַראַציע, גוט מאַכן דעם שאָדן, אומקערן דעם היזק, טוט ער עס אויף אַ נעגאַטיוון אופן, דהיינו, ער קומט אָפּ דערפאַר, ער האָט חרטה, וועלכע קריגט איר אויסדרוק אין מער ווי בלויז פּסיכישע איבערלעבונגען. ווען די נעגאַטיווקייט פון דער אַקציע איז פון גרויסער אינטענסיטעט קומט די טויט־שטראָף, די אבסאָלוטע נעגאַציע פון דעם נעגאַטאָר, דעם פאַרברעכער.

עקאָנאָמיע איז פאַרנומען אויסשליסלעך מיט פּאָזיטיווע ענערגיע־פאַרברויכונגען. דער גראַד פון זייער פּאָזיטיווקייט ווערט באַשטימט פון דער סביבה, וועלכע

איז אַן אינטערקלאַסירטע און אַן אינטעראינדיווידואַליזירטע. און וויבאַלד אַזוי ווערן אַט־די באַשטימונגען ניט געמאַכט אויפֿן יסוד פון גלייכהייט, נייערט לויט דעם פּרינציפּ פון גראַדאַציע, פון העכער, נידעריקער און דער איגענער פלאַך. כמו־כן וואָס איז שייך די נעגאַטיווע אַקציעס. די סאָציאַלאָגישע סביבה דעטערמינירט אויף וויפל זיי זיינען נעגאַטיוו און צי זיי זיינען, טאַקע, נעגאַטיוו. מחמת אַט־די דערשיינונגען זיינען ניט פון אַ אינדיווידועלן כאַראַקטער; זיי זיינען אינטעראינדיווידועל, אינטערנאַציאָנאַל און אינטערקלאַסירט. למשל, הרגענען אַ מענטשן איז שטרענג פאַרבאָטן. ד״ה מאָרד ווערט באַטראַכט פאַר אַ נעגאַטיווער אַקציע, דאָך היינריכטן אַ פאַרברעכער לויט דעם פסק־דין פון אַן אַנערקענטער אינסטיטוציע, וואָס האָט די קאָמפּעטענץ צו פסק׳ענען דיני־נפשות — מעג מען, און מער, עס איז אַ פליכט „ובערת הרע מקרבך״, זאָלסט אויסראָטן דאָס שלעכטס. מלחמה איז ניט נאָר ניט פאַרבאָטן, נייערט פאַררעכנט, אין געוויסע מיליטאַריסטישע קרייזן, פאַר אַ גרויסער טוגנט. מחמת דאָס פאָלק, קלאַס, אָדער אַגרעגאַט פון אַנאַנדער מין קעגן וועלכן אַ קריג, אַ מלחמת־מצווה, ווערט געפירט, ווערט לכתחילה דער־קלערט פאַר אַ נעגאַטיוו, און זיין נעגאַציע, זיין פאַרנישטונג, אומברענגונג איז אַ פאָזיטיוו.

מיט אַט די פאַר ווערטער וועלכע רירן אַן אַ קעגנשטאַנד וועלכער ליגט, לכאורה, מחוץ פון דעם ווירטשאַפט־תחום, וויל איך אַרויסברענגען קלאָר, אַז דער פאָזיטיוו און נעגאַטיוו פון די ענערגיע־פאַרשווענדונגען זיינען ניט קיין זעלבסט־פאַרשטענדליכע זאַכען און ווערן ניט פאַרפיקסירט פון אַן אינדיווי־דועלער אָפּשאַצונג געמאַכט פון אַ יחיד. זייער אָפּשטעמפּלונג איז אַ פונקציע פון אַן אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט, אַ געזעלשאַפט וועלכע איז אינטערקלאַסירט, אַ סאָציאָלאָגישע קערפּערשאַפט, וואָס איז הן אַן אינטעראינדיווידאַלאָגישער און הן אַן אינטערקלאַסאָלאָגישער אַגרעגאַט. פאָלגלעך קענען אַט־די פאָזיטיווע ענערגיע־פאַר־שווענדונגען, ווען זיי ווערן שוין אָפּגעשטימט אַלס זיכער פאָזיטיווע, ד״ה פשוט, ווירטשאַפטלעך נוצלעכע, ניט זיין אַנדערש ווי שטאַרק וואַריאירט בנוגע דעם גראַד פון פאָזיטיווקייט, נוצלעכקייט־ווערטפולקייט, וואָס געפינט זיך אין זיי.

מאַרקס שרייבט:

„דער ווערט פון אַ סחורה, דעריבער, וואַריאירט גלייך ווי די קוואַנטיטעט, און פאַרקערט ווי די פּראָדוקטיוויטעט, פון דער אַרבעט וואָס איז אין איר אינקאָרפּאָרירט״. [2]

פּראָדוקטיוויטעט איז בלויז אַן אַנדער וואָרט פאַר דעם פאַרגרעסער פון דער קוואַנטיטעט פון די פּראָדוקטן. אַט דער פאַרגרעסער נעמט זיך פון דעם

פאַרבעסער פון דער קוואַליטעט פון דער אַרבעט. אויב אַזוי קען, פאַרשטייט זיך, פּראָדוקטיוויטעט ניט פאַרביליקן אַרבעט, מחמת זי באַטייט דאָך דעם סאַמע היפּוך, די אויפהייבונג פון אַרבעט, די אַרויפשרויפונג פון איר פּאָזיטיווער אויפטועדישקייט. אָט די אויפטועדישקייט ווערט אָנערקענט אַלס עפּעס צושטייערנדיקעס. דאָס דאַרף געזאָגט ווערן בפירוש, מחמת אויפטועדישקייט, אונטער ספּעציפישע אומשטענדן, קען אויך באַטראַכט ווערן פאַר אַ קללה אַנשטאָט אַ ברכה. אַלץ ווענדט זיך ווי די געזעלשאַפט קוקט אויף דער זאַך. אַזאַ פאַל האָבן מיר געהאַט מיט עטלעכע יאָר צוריק אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון אַמעריקע, ווען די צו גרויסע גערעטעניש אויף אַגריקולטורעלע פּראָדוקטן האָט זיך גערעכנט פאַר אַ נעגאַטיוו ; און די רעגירונג, ד״ה די פּאָליטיש־אָרגאַניזירטע געזעלשאַפט האָט געצאָלט, האָט באַלוינט פאַרן פאַראַקערן די תבואה, די קאַרטאָפל אאַז״וו. דעריבער איז נייטיק צו באַטאָנען, אַז אין אָט דער באַהאַנדלונג ווערט פּראָדוקטיוויטעט גענומען אויסגעשפּראָכן אַלס אַ פּאָזיטיוו. די געזעלשאַפט שטעמפּלט זי אָפּ אַלס עפּעס וואָס איז צוטראַגנדיק. און אָט־די אַרבעט פון דער העכערער פּראָדוקטיוויטעט, פון דער פּאָזיטיוו־העכערער קוואַליטעט האָט געקאָסט דער געזעלשאַפט מער אָנשטרענג צו שאַפן ווי די געוויינלעכע אַרבעט פון אַ נידעריקערן קאַפּאַציטעט פון פּראָדוקטיווקייט, און די געזעלשאַפט ווייס וועגן דעם און אָנערקענט עס.

לכן, ווי אַזוי קען אָט די הויך־פּראָדוקטיווע אַרבעט זיין וועלוועלער ווי אַרבעט פון אַ נידעריקער פּראָדוקטיוויטעט, וועלכע קאָסט דער ווירטשאַפטלעכער געמיינדע היפּש ביליקער. הייך־ פּראָדוקטיווע אַרבעט, ווען זי באַווייזט זיך אין וואַרשטאַטן, אויף די פאַבריקן, האָט זי אַן אַראָפּדריקנדיקן עפעקט, אַ פאַרביליקנדיקע ווירקונג אויף דעם ווייניקער פּראָדוקטיוון אָנשטרענג. זי הייבט אויף דעם דורכשניט־קאַפּאַציטעט, דעם אַלגעמיינעם ניוואָ פון אויפטועדישקייט. מחמת דעם קען גאַנץ גוט געמאָלט זיין, אַז די ווייניקער פּראָדוקטיווע פאָרמען פון אַרבעט זאָלן זיך געפינען, ביי דעם ביי־אויפגעקומענעם צושטאַנד, אונטער דער דורכשניט־ליניע פון אויפטועדישקייט, און, ממילא, פאַרלירן דערביי.

מיר קענען, אָבער, ניט באַהויפּטען אַז פּראָדוקטיוויטעט בדרך־כלל וואָלט האָבן אַ פאַרוועלוועלערדיקן עפעקט אויף אַרבעט אינאַלגעמיין, ווייל דאָס מיינט דאָך אַרויסברענגען דעם אַבסורדישן געדאַנק, אַז וואָס מער אַרבעט וועט פּראָדוצירן אַלץ ווייניקער וועט זי האָבן, אַלץ ווייניקער וועט זי אַרויסקריגן פון איר פּראָדוציר־אָנשטרענג. אַזאַ באַהויפּטונג וואָלט גיין קעגן דער ווירטשאַפטלעכער דערפאַרונג און זיין דער היפּוך פון דער אויפפאַסונג פון שכל־הישר. אַ חוץ

דעם וואָלט אָט - דער טעזיס געווען זעלבסט - ווידערשפּרעכלעך. מחמת פּראָדוק־טיוויטעט, אויסגעדריקט מיט אַנדערע ווערטער, מיינט קיין אַנדער זאַך ניט ווי בלויז דאָס, קריגן מער רעזולטאַטן פאַר די אייגענע, אָדער ווייניקער, הוצאות, באַקומען בעסערע און פעטערע הכנסות פאַר דעם אייגענעם, אָדער מאַגערערן, סכום פון אויסגאַבן. מיט אַנדערע דיבורים, פּראָדוקטיוויטעט באַטייט קריגן מער פּראָדוקטן פאַר ווייניקער אַרבעט. פאַרוואָס? מחמת אין זיי ליגט איצט ווייניקער אַרבעט, אָבער אַרבעט, בכלל גערעדט, ווערט טייערער.

דער ווערט פון אַ סחורה איז גלייך צו דעם קוואנטום פון אַרבעט וואָס ווערט אריינגעלייגט אין איר, ווען מער אַרבעט איז אין איר אריינגעטאָן, איז די סחורה טייערער, ווען ווייניקער — ווערט זי, ממילא, וועלוועלער. וואָס מיינט טייערער? וואָס מיינט וועלוועלער? טייערער מיינט אַ גרעסערע מאַג־ניטוד פון אַרבעט, וועלוועלער — אַ קלענערע מאגניטוד. אין אויסטויש פון סחורות קומט צו רעאַליזאַציע אַן אויסטויש פון אַרבעט־מאַגניטודן פון די אייגענע פּראָפּאָרציעס, ווען זיי זיינען פון דער זעלביקער קוואַליטעט. קוואליטעט ווערט ווירטשאַפטלעך אויף אַ ברייטן מאַסשטאַב אינטערפּרעטירט סאָציאָלאָגיש, אינטערקלאַסאָלאָגיש, בלויז אין אייגענעם סאָציאַלן קרייז ווערט זי אויסגע־טייטשט ריין פיזיש, טעכניש און האָט צו טאָן מיטן רויען מאטעריאַל און גע־שיקטקייט, ווירטואָזיטעט פון דער מלאכה אָדער קונסט - ווערק. ווען אַ סחורה אַנטהאַלט אין זיך ווייניקער אַרבעט ווערט זי, די סחורה, זיך לאָזן אויסטוישן אויף אַן אַנדער סחורה, וואָס וועט אַנטהאַלטן ווייניקער אַרבעט, מחמת אויסטויש פון פּראָדוקטן איז אַ געצנדינערישע מאניפעסטאַציע פון באַדינגונגען, פון טרחות.

איז וואָס מיינט אַז דער ווערט פון אַ סחורה געפינט זיך אין אַ פאַרקער־טער פאַרהעלטעניש צו דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבעט וואָס ווערט אַריינגעטאָן אין דער געגעבענער סחורה? אָט־דער זאַץ קען האָבן איין מיין, דאָס מיינט, אַז די פּראָדוקטיוויטעט פון אַרבעט שאַפט אַזאַ סיטואַציע אין דעם געגע־בענעם אינדוסטריע־צווייג אָדער מלאכה־פאַך, אַז אין יעדן פּראָדוקט באַזונדער, און, ממילא, אין אַלע פּראָדוקטן צוזאַמענגענומען, ווערט איצט אַריינגעלייגט ווייניקער אַרבעט, און מחמת דעם איז ער איצטער, אונטער די באַדינגונגען פון העכערער פּראָדוקטיוויטעט, פון גרעסערער און בעסערער אויפטועריש־קייט, וועלוועלער. ער איז וועלוועלער פשוט דערפאַר וואָס אין אים געפינען זיך ווייניקער אַרבעטער־איינסן. אָבער וויבאַלד אַרבעט איז בינתיים טייערער געוואָרן פּראָפּאָרציאָנעל צו איר פּראָדוקטיוויטעט דאַרף דאָך די קלענערע מאָס אַרבעט איצט זיין אַזוי טייער ווי די פאַרדעמדיקע גרעסערע מאָס אַרבעט, טאָ

ווי אַזוי קען דער פּראָדוקט ווערן ווערטפולער? איז דער ענטפער אַז ער ווערט טאַקע ניט ווערטפולער. אָט-די אויסדרוקן „וואַלוול", „טייערע" זיינען וואולגאַריזמען וואָס מיינען גאָרניט און זאָגן גאָרניט ווענטלעכס בנוגע די אויסטויש-דערשיינונגען. וואָס עס פּאַסירט איז דאָס: דער מענטש, דער פּראָדוצענט אַדאַנק דער פּראָדוקטיוויטעט, ד"ה זיין אויפטוערישקייט, ווערט דערהויבן, ווערט שטאַרקער, מער תקיף, טייערער, חשוב'ער פּאַרהעלטנישמעסיק און, ממילא, אין דער אייגענער פּראָפּאָרציע ווערן די פּראָדוקטן, די אָביעקטן פון דער אויסערלעכער ווירטשאַפטלעכער סביבה, זיינע „אַנטאַגאָניסטן", זיינע אָפּאָנענטן, שוואַכער, דערשלאָגן, „ווערטלאָזער", ד"ה ער קען זיך פאַרשאַפן מיט גרעסערע קוואַנטיטעטן פון זיי.

## ד

## דער אויסטויש פון באַמיאונגען

דער אויסטוישער איז אַ מענטשלעך וועזן. מענטשלעכע אַרבעט איז אַ פונקציע פון אַן אַקטיוון אַגענט וואָס הייסט מענטש. אַרבעט איז אַ טייל פון מענטשלעכן לעבן. לעבן ווערט אויבערפלעכלעך געמאָסטן דורך פּשוט'ער דוראַציע, ד"ה צייט. „צייט איז געלט" גילט דער אַמעריקאַנער שפּרוך, דער אמת איז אָבער אַז צייט איז דער לעבן ממש, אָבער עקאָנאָמיש ווערט דער עצם לעבן אויסגעדריקט אין טערמינען פון געלט. צייט איז מערקווירדיק אויך מיט דעם, וואָס זי איז אינגאַנצן אַ סימבאָל פון איינהייט און גלייכהייט. אַלע פראַגמענטן פון צייט, גענומען אויף איין רעלאַטיוויטעט-שטח, זיינען גלייך צווישן זיך, פּונקט ווי די פראַגמענטן פון רוים. געלט באַזיצט אויך אָט-די קוואַליטעט, עס איז אַן ענטיטעט וואָס איז באַזירט אויף גלייכהייט, אויף פולער אידענטישקייט, ווען עס ווערט גענומען אין אַ באַשטימטער צייט און אין אַ באַגרעניצטער פינאַנציעלער קאָמפּעטענץ-ספער. אויף העברעאיש הייסט געלט דמים. דערדאָזיקער טערמין איז אינסטרוקטיוו אין העכסטן גראַד. דאָס מיינט אַז בלוט, חיות, לעבן איז איבערגעזעצט געוואָרן אין געלט-טערמינען אין אַלטערטום, ווען מענטשלעכע לעבנס פון געפאַנגענע האָט מען געקויפט און פאַרקויפט פאַר שקלאַפן אויף די וועלט-מאַרקן. אַפילו אין אונדזערע צייטן ווערן אויך היזקות פון קערפער, שאָדענס פון גלידער, אומגליקלעכע צופאַלן אויסגערעכנט אין געלט און רעפּאַרירט מאָנעטאַריש.

דער מענטש קען ניט רעאַליזירן, ריידנדיק עקאָנאָמיש, זיין לעבן, קען זיך ניט אויסלעבן, סיידן אַ געוויסע פּאַרציע, אַ קלענערע אָדער אַ גרעסערע, פון זיין לעבן ווערט פון אים אָפּגעגעבן, „אויפגעאָפּפערט". ער פאַרשווענדט אַ חשובן

טייל פון זיין לעבן אויף געפעכטן מיט באַשטימטע אָביעקטן פון דער אויסערלעכער סביבה. מיר ריידן איצט ניט וועגן די צוזאַמענשטויסן וואָס קומען פאָר אין דער געזעלשאַפטלעכער סביבה, ווי פעלקער־מלחמות, קלאַסן־קריגערייען, סתם בין־אדם־לחברו׳דיקע מחלוקת׳ן. *) בכדי דער מענטש זאָל זיך קענען באַהויפּטן, זאָל זיך קענען באַיאָען מוז ער פאַרבייגען, פאַרניכטן אַ געוויסן סכום פון קעגנשטאַנדן, וואָס ער געפינט פאַרטיקע אין דער נאַטור אָדער וועלכע ער פּראָדוצירט מיט זיין אייגענעם אָנשטרענג. אַט־די אָביעקטן דאַרף ער באַזיגן, אונטערייאָכן, משעבד־זיין, בייקומען זייער ווידערשטאַנד. **) פאַר אַט־די ניצחונות און דער־אָבערונגען צאָלט דער מענטש מיט זיין ענערגיע, פּראַצע, בקיצור מיט פּראָג־מענטן פון זיין אייגן לעבן.

אַזוי ווי די מענטשן זיינען פאַרשיידן, אַזוי פאַרשיידן זיינען זייערע לעבנס, זייערע באַמיאונגען. די גראַדאַציעס, אונטער וועלכע מענטשן זיינען אונטערגע־וואָרפן, האָבן זייערע אָפּשפּיגלונגען אין אַלע זייערע אויפטואונגען, אין אַלע מענטש־לעכע מאַניפעסטאַציעס, וועלכע ווערן אָפּגעשאַצט לויט די קלאַסן – פּאָזיציעס.

מאַרקס שרייבט :

„אין דער דעטערמינאַציע פון ווערט דרייט זיך די פראַגע אַרום דער געזעל־שאַפטלעכער אַרבעט־צייט, אינאַלגעמיין אַרום דער קוואַנטיטעט פון אַרבעט, וואָס די געזעלשאַפט בכלל האָט אין איר רשות, און די פאַרהעלטענישמעסיקע אַבזאָרבירונג פון וועלכער דורך די פאַרשיידענע פּראָדוקטן באַשטימט, אַפּנים, זייערע רעספּעקטיווע סאָציאַלע געוויכטן״. [3])

אַט־די סאָציאַלע געוויכטן זיינען באמת אינטעראינדיווידועלע און אינטער־קלאַסאָלאָגישע. זיי שטעלן פאָר מיט זיך די פאַרשיידענע גרופּירונגען פון דעם געזעלשאַפטלעכן אַגרעגאַט.

וואָס איז דער פיזיש־ווירטשאַפטלעכער ווערט פון אַ מענטשנס אַרבעט ? איר רעזולטאַט ; אַלץ ווענדט זיך אָן דער קוואַליטעט פון געגעבענעם אַרבעטער, אָן די פיזיש־ווירטשאַפטלעכע רעזולטאַטן, וואָס ער דערגרייכט דורך זיין אָנ־שטרענג. אַן אַרבעטער איז ווערט אַזויפיל, וויפיל ער קען אויפטאָן מיט זיין אַר־בעט. אַ שעה אַרבעט ווערט אָפּגעשאַצט פיזיש־ווירטשאַפטלעך דורך די פיזיש־ווירטשאַפטלעכע רעזולטאַטן, וואָס ווערן דערגרייכט אין משך פון דער געגעבע־נער באַשטימטער דוראַציע. אַרבעט ווערט ניט אָפּגעשאַצט לויט די הוצאות,

*) אבא גאָרדין, סאָציאַלע אבערגלויבערייי און קריטיק ז״ז 17—216.

**) דאָרט ז״ז 99—98.

וואָס עס קאָסט איר פּראָדוצירונג, מחמת פּראָדוקציע - הוצאה איז דאָך אַרבעט און זי אַליין דאַרף דאָך ווערן אָפּגעשאַצט, און אַרבעט ווערט געמאָסטן מיט דעם צייט-איל. די הוצאה פון דער הוצאה, ד"ה די הוצאה פון אַר־בעט קען ניט און דאַרף ניט געמאָסטן ווערן דורך די פּראָדוקטן, לעבנס-מיטלען, וועלכע דער אַרבעטער פאַרצערט. פאַרקערט, די פּראָדוקטן, לעבנס-מיטלען, וועל־כע דער אַרבעטער פאַרצערט ווערן געמאָסטן און געשאַצט לויט דעם סכום, קוואַנטיטעט און קוואַליטעט, אַרבעט וואָס ווערט אין זיי אַריינגעלייגט. דער אַר־שין מעסט די שניט-סחורה, די שניט-סחורה מעסט ניט צוריק דעם אַרשין, מחמת דעם אַרשין איז ניטאָ וואָס צו מעסטן, ער איז פיקסירט און ער איז אידענ־טיש איבעראַל. מיר קענען בלויז מעסטן אַ שטיק האָלץ, אַ שטיק אייזן צי עס האָלט אַן אַרשין, אָבער דעם אַרשין גופא קען מען ניט און מע דאַרף ניט מעסטן, מחמת ער איז איינער און אומעטום זעלביק, טעאָרעטיש. מע מעסט ניט קיין גראַדן ווינקל, מע טוישט זיי ניט, מחמת עס איז פאַראַן איין גראַדער ווינקל פאַר אַלע צייטן און אַלע אומשטענדן, געאָמעטריש יוקלידיש. ווען מיר זאָלן צולאָזן אָט-דעם טעות, אָט-דעם פאַלשן טריט וואָס מאַרקס מאַכט אין זיין גע־דאַנקענגאַנג, נעמלעך צעמישן די ראָלעס פון „אַרבעט" (אַרבעט-קראַפט) און פּראָ־דוקטן, לעבנס-מיטלען, וועלן מיר זיך מוזן דעררײדן צו דעם אַבסורדישן טעזיס אַז ווייניקער איז אַזויפיל וויפל מער.*) מחמת אָט-די פאַרבייטונג פון די ראָלעס ברענגט אַריין מיט זיך אַ חילוק אין די ווערטן, דעם עודף וואָס באַווייזט זיך אַלס פועל-יוצא פון פיזיאָלאָגישער קאָנסומציע, וועלכע באַטרעפט, אונטער נאָרמאַלע אומשטענדן פון אָרגאַנישער אַנטוויקלונג און פונקציאָנירונג, ווייניקער ווי די פיזיאָלאָ־גישע פּראָדוקציע, ווייל אַ „פּראָפיט", אַזוי צו זאָגן, ווערט דאָ, אין דער אינער־לעכער קערפּערלעכער קאַמערן, רעאַליזירט פונקט ווי אין יעדער „נאָרמאַלער" אויסטויש-טראַנסאַקציע.

אין דער עקאָנאָמיע האָבן מיר צו טאָן אויסשליסלעך מיט באַמיאונגען, מיט באַדינונגען, ד"ה מיט פראַגמענטן פון אַרבעט וואָס איז פּראַצעסירט אויף אַ באַ־שטימטן אופן. דער שטאָף, דער מאַטעריאַל אין וועלכן די ענערגיע איז אַרייג־געלייגט געוואָרן איז לאַוו-דווקא פון שטאַנדפּונקט פון אויסטויש-אַקציע. ער איז לאַוו-דווקא דערפאַר וואָס באמת ווירטשאַפטלעך גענומען איז ער ניט מער ווי אַ פאַרמאַסקירונג פון אַרבעט, אַ פאַרבלענדעניש. עקאָנאָמיע איז אַ וויסנשאַפט פון פיזיאָלאָגיש-טעכנישע סאָציאָלאָגישע ענערגיעס און זייערע קעגנזייטיקע פאַר־

---

*) זע י. ש. באַנד 3, ז"ז 35—3.

העלטעניש. און מער ווי האַנדלונגען, באַמיאונגען־באַדינונגען פיגורירן ניט אין דעם תחום פון דער געזעלשאַפטלעכער ווירטשאַפט. און די באַמיאונגען ווערן געמאָסטן מיט דער הילף פון דוראַציע־איינסן כל זמן זיי זיינען פון דער אייגע־נער אינטענסיווקייט און דער זעלביקער סאָציאַלאָגישער קוואַליטעט. באַמיאונגען ווערן „אויסגעביטן“ אויף באַמיאונגען, ריכטיקער, זיי אידענטיפיצירן זיך, מחמת בלויז די שטאַפּן טוישן זיך אויס בעת די באַמיאונגען־באַדינונגען בלייבן די אייגענע.

לכן וואָס פאַר אַ זינען קען עס האָבן אויסצורעכענען באַמיאונגען – באַדי־נונגען אין טערמינען פון לעבנס – מיטלען, וועלכע דאַרפן אַליין אָנקומען צו אַ חשבון, וואָס ווערט אויסגערעכנט אין קוואַנטיטעטן פון באַמיאונגען – באַדינונ־גען. עס שיקט זיך בעסער אויסצו׳חשבונ׳ען די באַמיאונגען – באַדינונגען, סיי ווען זיי זיינען פאַרקערפּערט אין סחורות – פּראָדוקטן, סיי ווען זיי בלייבן ריין אָן אַ שמץ פון הגשמה, אין טערמינען פון דירעקטע באַמיאונגען – באַדינונגען אָן דער פאַרמיטלונג פון די לעבנס – מיטלען. דאָס הייסט עס איז לייכטער און גליי־כער צו רעכענען קעגנווערטיקע באַמיאונגען, אויפטואונגען און שאַצן זיי, שטעלן איינע קעגן דער אַנדערער פון דער זעלביקער אינטענסיווקייט און דורכהאַפטיקייט און ניט שאַצן זיי דורך אַ פאַרגלייך מיט פאַרגאַנגענע באַמיאונגען – באַדינונגען. בכדי צו פאַרשטיין דאָס קאָנקרעטע מגושם׳דיקע, אַבסטראַהירן מיר עס און ערשט דעמאָלט „באַגרייפן“ מיר עס. מיר גייען דערקענטעניש־טעאָרעטיש פון דאָס קאָנקרעטע צו דאָס אַבסטראַקטע. לגבי דעם פּראָדוקט איז אַרבעט, ענער־גיע־פאַרשווענדונג, די אַבסטראַקציע. עס האָט אָבער קיין זינען ניט צו גיין מיטן צוועק פון דערקענטעניש אין דער פאַרקערטער ריכטונג, נעמלעך פון דאָס אַבסטראַקטע צו דאָס קאָקרעטע, פון אַרבעט צום פּראָדוקט, צום לעבנס־מיטל.

## ה

## דער ווערט פון מענטשן

דער מענטש איז דער אַקטיווער פאַקטאָר. דער בן־אדם איז די וואַליוטע אין וועלכער אַלע אָפּצאָלונגען ווערן געמאָכט פון עקאָנאָמישן סוביעקט, מחמת צאָלן, ענג ספּעציפיש פאַרשטאַנען, איז אַ מענטשלעכע אינסטיטוציע. די נאַטור גיט ניט קיין איינעם פון אירע גיטער צום מענטשן פאַר אַ מאַנעטאַרישער באַ־לוינונג, נייערט „אין אויסטויש“ פאַר געוויסע ביישטייערונגען פון אָנשטרענג, ענערגיע־פאַרשווענדונג.

וואָס איז דער ווערט פון מענטשנס אַרבעט, ווען מע באַטראַכט זיין מיאונג פון שטאַנדפונקט פון סאָציאָלאָגיע? אייגנטלעך קען מענטשלעכע אַרבעט אַנ־דערש ניט באַטראַכט ווערן, סיידן די באַטראַכטונג איז פון אַ פּרעלימינאַרישן כאַ־ראַקטער, בכדי צוצוגרייטן דעם לייענער צום בעסערן פאַרשטיין פון דעם ענין וואָס ווערט באַהאַנדלט.

דער ווערט פון מענטשנס־אַרבעט ווענדט זיך אָן דעם סאָציאָלאָגישן ווערט פון מענטשן, פון דעם אַרבעטער, פון דער פּאָזיציע, וואָס ער פאַרנעמט אין דעם באַשטימטן סאָציאַלן אַגרעגאַט. מיט אַנדערע ווערטער, דער ווערט מוז אָנקומען צו אַ סאָציאָלאָגישער סאַנקציע, צו אַן אָפּשאַצונג, וועלכע ער קריגט מצד פון דער אינטערקלאַסאָלאָגישער קאָרפּאָראַציע, וואָס הייסט געזעלשאַפט. עס קען זיך גרייכלעך באַקומען אַז איין שעה באַמיאונג פון איין אינדיווידואַל זאָל ווערן פאַר־רעכנט סאָציאָלאָגיש אַלס גלייך אין חשיבות צו טויזנט שעה פּראַצע פון אַן אַנ־דער אינדיוויד. מחמת דער אינטעראינדיווידועלער אויסטויש־ווערט פון אַ באַ־שטימטער קוואַנטיטעט פון אַרבעט ווענדט זיך אָן דעם אינטערקלאַסאָלאָגישן צו־גאַנג צום אָפּשאַץ פון דער חשיבות פון די רעזולטאַטן, וואָס זיינען דערגרייכט געוואָרן פון דער באַטרעפנדיקער אַרבעט. די עוואַלואַציע ווערט באַאיינפלוסט פון די עוואַלואַטאָרן. זי הענגט אָפּ פון זייער אורטייל וועלכער איז אַלע מאָל באַווירקט פון קלאַסן־פּניות. לכן קען די טרחה פון די עוואַליואַטאָרן קיינמאָל, בשום אופן וענין, ניט זיין גלייכוועַרטיק מיט דער אַרבעט פון די עקאָנאָמישע סוביעקטן, ווען עמענס אַרבעט עס ווערט עוואַלואירט, אָפּגעשאַצט.*

היוצא מדברינו אז עס קומט פאַר אַ קאַמף, אַ געראַנגל פאַר דעם פאַרכאַפּ פון די הייכע פּאָזיציעס פון די „עוואַלואַטאָרן”, וואָס מיינט פאַר די פירער־ראָלעס אין דער געזעלשאַפטלעכער לעבנס־דראַמע. אַרבעט גענומען אבסטראַקט, אָפּגעריסן פון דער סאָציאָלאָגישער סביבה איז ניט קיין עקאָנאָמישע ענטיטעט, זי איז בטל במציאות, זי איז ווערטלאָז, מחמת זי איז ניט סאָציאָלאָגיש אָפּגע־שאַצט, ד״ה קיין ווערט איז איר ניט צוגעשריבן געוואָרן. אַרבעט קען זיך אויף קיין פאַל ניט אָפּשיידן פון דעם קאָמונאַלן צוזאַמענלעבן, אויב זי איז פאַראינ־טערעסירט צו קריגן איר עוואַלואַציע ניט פון אַ פיזיקאַליש־טעכנישן כאַראַק־טער, נייערט פון אַ סאָציאָלאָגישן. אויך די אָביעקטן פון דער אַרבעט, די אויפ־טואונגען, דערגרייכונגען, די פּועל־יוצאס וואָס באַקומען זיך פון דער אַרבעט, קענען ניט ווערן געשאַצט מחוץ פון דער אינטעראינדיווידועל־קלאַסאָלאָגישער

* Communism Unmasked, by Abba Gordin, pp. 86-189.

סביבה. אינדיווידואַליסטיש זיינען מיר בכלל ניט אימשטאַנד צו שאַצן קיין אַרבעט.

מיר קענען ניט אָננעמען מאַרקסעס טעזיס מכוח אַרבעט אויפן סמך פון אַן אילוסטראַציע, וואָס ער האָט אַנטליען פון ראָבינזאָן קרוזאָ׳ס לעבן אויף אַ אינדזל. אָט וואָס מאַרקס שרייבט:

„אַזוי ווי ראָבינזאָן קרוזאָ׳ס דערפאַרונגען זיינען אַ ליבלינג־טעמע ביי די פּאָליטישע עקאָנאָמיסטן, וועלן מיר כאַפּן אַ קוק אויף אים אויף זיין אינדזל. הגם ער איז ניט קיין אויסברענגער, האָט ער דאָך עטלעכע וויניקע באַדערפע־נישן צו באַפרידיקן און ער מוז דעריבער טאָן, אַביסל נוצלעכע אַרבעט פון פאַר־שיידענע סאָרטן, ווי דהיינו מאַכן געצייג און מעבל, פאַרשטוביקן ציגן, כאַפּן פיש, גיין אויף געיעג... ניט געקוקט אויף דער פאַרשיידנאַרטיקייט פון זיין אַרבעט, וויס ער אַז זיין פּראַצע, וואָס עס זאָל ניט זיין איר פאָרם, איז בלויז די טעטיקייט פון דעם זעלביקן ראָבינזאָן, און פאָלגלעך, באַשטייט זי ניט פון קיין אַנדער זאַך ווי בלויז פאַרשיידענע מאָדוסן פון מענטשלעכער האָרעוואַניע. די סאַמע נויטווענדיקייט צווינגט אים צו צעטיילן זיין צייט פּינקטלעך צווישן די פאַרשיידנאַרטיקע מינים פון אַרבעט. צי איין מין פאַרנעמט אין זיין אַלגע־מיינער טעטיקייט אַ גרעסערן פּלאַץ ווי אַן אַנדער מין, ווענדט זיך אַן די שווע־ריקייטן, גרעסערע אָדער קלענערע ווי דער פאַל איז, וועלכע ער דאַרף ביי־קומען אום צו גרייכן די נוצלעכע פעולה, וואָס ער באַצוועקט". [4]

סוביעקטיוו פּערזענלעך געאורטיילט איז קיינמאָל ניט די פראַגע, וויפל שעהן אַרבעט מ׳דאַרף אָוועקגעבן, נייערט צו וועלכער מאָס די אַרבעט געפעלט דעם אַרבעטער. די געפעלן־געוואָרענע אַרבעט קען ניט אויסגערעכנט ווערן פּינקטלעך בוכהאַלטעריש אין שעהן פון אָנשטרענג מחמת געפעלנקייט, אויסגענומענקייט איז אַן אינערלעכער צושטאַנד. ביי אַ זאַך, וואָס מ׳האָט שטאַרק ליב, אַרבעט זיך לייכטער, מיט מער חשק, הגם די שעהן מעגן זיין לענגערע.

מאַרקס זאָגט אונדז:

„פון זיינע תפילות און ענלעכעס פירן מיר ניט קיין חשבון, מחמת זיי זיינען פאַר אים אַ קוואַל פון פאַרגעניגן און ער קוקט אויף זיי ווי אויף אַ פאַרווײלונג". [5]

און וואָס איז דער גאַנצער ענין אַרבעט, „עבודה" אויב ניט קיין תפילה. געבעט איז אַן „עבודה שבלב", אַן אַרבעט וואָס ווערט געטאָן אין האַרצן, און אַרבעט איז אַ תפילה אין דער בחינה פון „כל עצמותי תאמרנה"... אַרבעט איז אַ קולט, אַ שטיק גאָטעסדינסט. בלויז אין דער ביבל, וועלכע איז בכלל אַ ראַדיקאַל־אַפּיקורסיש ווערק, וואָס פאַרגינט זיך צו באַקעמפן אַפילו די געטער־געצן, ווערט אַרבעט, גאָטעס־דינסט צוזאַמען מיט דעם גאָט־געץ, אַראָפּגעוואָרפן

פון טראָן און דערנידעריקט צו דער פינצטערער מערכה פון עפּעס פאַרשאָל־טענעס. אַרבעט קען איצטער אויך ווערן אַ מין סאָרט רעקרעאַציע, אונטער דער באַדינגונג פון אַ גרויסער וואַריאַטעט, ווען זי זאָל ניט פאַרגעזעצט ווערן אַרי־בער דעם פונקט פון פאַרמאַטערט ווערן.

אינדיווידועלע אַרבעט, לכן, קען ניט געמאָסטן ווערן דורך דער איינפאַכער פאַררעגיסטרירונג פון דורכגעלאָפענע שעהן. וואָס מע דאַרף נעמען אין אַנבאַ־טראַכט איז די אַנגענעמלעכקייט, צוציעדיקייט אָדער אומאַנגענעמלעכקייט, אָפּ־שטויסלעכקייט, פאַר דעם געגעבענעם אינדיווידו, פון דערדאָזיקער אַרבעט. דידאָזי־קע מאָמענטן זיינען ריין סוביעקטיווע סענטימענטן פון דעם אינדיווידועלן אַר־בעטער. אין אַזעלכע און ענלעכע פאַלן ווענדט זיך עס אָן זיין אייגענעם עוואַלואַציע־קריטעריום. ווען איינער קען אַריינמאַנעווירן אַרבעט אין אַזאַ פּאָזיציע אַז זי זאָל אים ניט לאַנגווייליקן נייערט פאַרקערט אונטערהאַלטן, האָט ער הנאה פון דעם סאָמע פּראָצעס פון דער אַרבעט און זי הערט אויף דעמאָלט צו זיין אַן אַרבעט, אין געוויינטלעכן טייטש פון וואָרט, זי ווערט אַ פאַרווײלונג, דערנענ־טערט זיך צו שפּיל. אונטער אַזעלכע באַדינגונגען איז זי מער ניט קיין מאָ־רודנער פּראָדוקציע־פּראָצעס, זי ווערט פאַרוואַנדלט, בזה־האופן, אין אַ טייל פון קאָנסומציע. אין אַ באַשעפטיקונג פון אַזאַ מין פאַרשווינדן די פּראָדוקטיווע הוצאה־עלעמענטן. אינדיווידועלע באַציאונגען און שטעלונגען זיינען סיטואירט מחוץ למחנה פון די עקאָנאָמישע סאָציאָלאָגישע אויספאָרשונגען. מע קען קיינ־מאָל ניט וויסן וויפל אַרבעט עס ליגט אין אַ פּראָדוקט, ווען ער ווערט פּראָדו־צירט פון אַ יחיד־אַרבעטער פאַר זיין אייגענעם געברויך, אַמוזירונג און גע־נוס. מחמת דער אינדיווידועלער אַרבעטער, אונטער ספּעציעל־גינציקע באַדינ־גונגען, איז אימשטאַנד צו קאָנסומירן, געניסן דעם עצם פּראָדוקציע־פּראָצעס, מאַכן פון אים אַ מין שמחה־של־מצוה־אַקט. מיר מוזן אורטיילן פון ווירטשאַפט־לעכע טאַטן סאָציאָלאָגיש, ד״ה אינדיווידאַ־אינטערקלאַסאָלאָגיש, אויב מיר ווילן זיך האַלטן ביי אַן אָביעקטיוון מעטאָד, אַנווענדן אַ ריכטיקן קריטעריום פאַר זיי־ער אָפּשאַצונג.

פיזיק און סאָציאָלאָגיע זיינען ניט צוזאַמענפאַלנדיק אין זייערע אויפפאַסונ־גען און אויספינדונגען. פּראָצעסן, מעשים, אויפטואונגען באַזיצן ניט סאָציאָלאָגיש קיין שום ווערט, סיידן זיי ווערן אַנערקענט אַלס אַזעלכע, ד״ה אַלס ווערט־באַזי־צער. לכן אַרום און אַרום איז די אָפּשאַצונג, די חשיבות־רובריצירונג פון פּראָ־צעסן און פּראָדוקטן, אַקטן און זאַכן, מער קיין זאַך ניט, ווי בלויז אַ פאַר־שטעלטע אָפּשאַצונג פון די מענטשן, די אויספירער פון די אַקטן און די גע־

שטאַלטיקער פון די זאַכן. אַזוי ווי די געזעלשאַפט איז קאָנסטרוקטירט אין דער פאָרם פון אַ פּיראַמיד מיט אַ שאַרפן שפּיץ אויבן און אַ ברייטער באַזע אונטן, ווענדט זיך תמיד אָן דעם פּלאַץ, וועלכן דער „טוער" פאַרנעמט, אָן דער סאָציאָלאָגישער סיטואַציע וואָס ער אָקופּירט. מענטשן מחוץ פון דער געזעלשאַפט, סעגרע־גירטע, אָפּגעשיידטע פון זייערע מיטמענטשן באַזיצן גאָרניט, קענען גאָרניט באַזיצן, מחמת באַזיץ איז אַ סאָציאָלאָגישער אַקט.*) און פאַר יעדן קעגנשטאַנד פון באַזיץ אַזוי ווי פאַרן סאַמע באַזיץ־אַקט צאָלט דער מענטש מיט זיין אָנשטרענג, דאָס מיינט מיט אַ פראַגמענט פון זיין לעבן. און דער ווערט פון אַ מענטשנס לעבן קען זיך הויבן און פאַלן אָדער בלייבן שטיין פיקסירט, פאַר אַ געוויסן משך פון צייט, אויף אַ באַשטימטן פונקט פון קוואָטאַציע אויף דער סאָציאָלאָגישער וואַלוטע־בירזשע.

ווערט איז בלויז אַ פאַרהעלטעניש פון אַ געוויסער קאַטעגאָריע עטאַבלירט סאָציאָלאָגיש צווישן מענטשן און פאַרקערפּערט אין ווירטשאַפטלעכע אָביעקטן פון דער אויסערלעכער אומגעבונג. אינדיווידועל - פערזענלעך גענומען איז דער יחיד פאַר זיך אַליין אַ כל־וכל, דער אַלץ־מיט־אַנאַנדער. סאָציאָלאָגיש, אָבער, האָט יעדער מענטש, יעדער מיטגליד פון דער קאָנסטיטואירטער געזעלשאַפט, אַ באַשטימטע אָפּשאַץ - קוואָטאַציע. בלוט - געלד, היזק - רעפּאַראַציע - באַצאָל, ווייזט קלאָר אַז פאַרשיידענע שיכטן פון דער אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט באַזיצן פאַרשיידענע פרייזן און ווערטן.

אין חומש שמות (כ"א, ל"ב) לייענען מיר:

אויב, אָבער, ער איז אַ שטויסיקער אָקס . . . און זיין באַלעבאָס איז גע־וואָרנט געוואָרן, און האָט אים ניט געהיט, און ער וועט טויטן אַ מאַן אָדער אַ פרוי, זאָל פאַרשטיינט ווערן דער אָקס און אויך זיין באַלעבאָס זאָל געטויט ווערן... אויב דער אָקס שטויסט אַ קנעכט אָדער אַ דינסט, דאַרף דער האַר קריגן דריי־סיק זילבערנע שקלים, און דער אָקס ווערט פאַרשטוינט".

אין האַממוראַבי־קאָדעקס שטייט געשריבן:

„אויב אַ לעבן ווערט פאַרלאָרן דאַרף די שטאַט און דער גובערנאַטאָר באַצאָלן צו די יורשים איין מינאַ (בערך דריי הונדערט דאָלער" [6])

ווען אַ אינדיווידועלער אַרבעטער, סיי אין און סיי מחוץ פון סאָציאָלאָגישער אומגעבונג, אינקאָרפּאָרירט אין אַן אָביעקט אַ געוויסן סכום אַרבעט, אַ באַ־שטימטע צאָל פון פּראַצע־שטונדן, איז אַלץ וואָס מיר קענען זאָגן מכוח דעם איז

*) אבא גאָרדין, יסודות פון דער געזעלשאַפט ז"ז 55—54.

דאָס: ווי עס ווייזט אויס פּרעפערירט אָט־דער געגעבענער יחיד דעם פאַרגעניגן און די וויגאָדעס וואָס ער וועט געניסן פון דעם באַזיץ פון דעם אַרטיקל, וועלכן ער מייסטרעוועט, צו דער אומאָנגענעמלעכקייט, לאַנגווייליקייט, אויב אַזעלכע איז רעגיסטרירט אין דעם געגעבענעם פאַל, וואָס אים פאַראורזאַכט דער פאַרלוסט פון אַ געוויסער צאָל פראַגמענטן פון זיין פרייער לעבנס־צייט. אָבער דאָס אַליין, גענומען פאַר זיך גופא, זאָגט אונדז גאָרניט מכוח דעם ווערט פון דעם „געלט", פון די מזומנים" מיט וועלכע ער „צאָלט" פאַר דעם געמאַכטן אַרטיקל, פאַר אָט־דעם אָביעקט, וועלכן ער האָט איינגעהאַנדלט, דורך אַן אויסטויש־טראַנסאַקציע, פון דער פיזישער נאַטור. אין פאַל זיין לעבן געפינט זיך אין אַ נידעריקער רובריק, איז שפּאָט ־ ביליק, אָדער איז כמעט ווי גאָרניט ווערט, דעמאָלט וועט ער, דער טרעגער פון אָט־דעם וואַלוועלן לעבן, דאַרפן אַוועקגעבן גאָר אַ סך פראַגמענטן פאַר יעדן אַרטיקל, ווי ווייניק ווערטפולקייט ער זאָל ניט באַזיצן. דאָס הייסט דער פּראָדוקט וועט אויסזען צו זיין טייער, מחמת דער לעבן פון פּראָדוצירער וועט זיין ביליק.

לאָמיר נעמען אַלס אַ ביישפּיל טעריטאָריעס. געוויינטלעך ווערן זיי ניט פאַרקויפט פאַר געלט. זיי דאַרף מען איינגעמען, פאַרכאַפּן. דאָס מיינט, אַז מע קויפט זיי מיט בלוט, מיט אָנשטרענג, מיט לעבנס. אין אָט־דעם אויסנאַם־פאַל האַנדלט די סאָציאַלע סביבה ווי זי וואָלט געווען אַ פיזישע. טעריטאָריעס זיינען ניט קיין געוויינטלעכע סחורות. זיי געפינען זיך ניט אין צירקולאַציע אויף דעם אויסטוישמאַרק. זיי מוז מען קריגן דורך „ראַבירעריי", דורך דעם בייקומען דעם סאָציאָלאָגישן, ניט פיזישן, ווידערשטאַנד. דער ווערט פון אַ טעריטאָריע דאַרף ווערן אויסגערעכנט דורך דער צאָל פון די יעניקע וואָס זיינען דער'הרג'ט אָדער פאַרוואונדעט געוואָרן אין דעם אַקט פון אָקופּאַציע. אָבער דאָס וואָלט נאָך אַלץ איבערלאָזן אומבאַשטימט דעם סכום פון דעם ווערט, און די פראַגע פון ווערט פון אַ געגעבענער טעריטאָריע וואָלט בלייבן אומפאַרענטפערט. מחמת אַלץ וועט זיך ווענדן אין דעם ווערט פון די לעבנס, וואָס זיינען געפאַלן אין קריג און אין דעם דראָבערונג־אַקט, און די גופים, וואָס זיינען צע'מזיק'ט, צע'הורג'ט געוואָרן.

מיר קענען אָבער זאָגן אויף זיכער און באַשטימט אָט־וואָס: יענע אינדיווידן וועלכע שעצן לעבן זייער הייך, זייער אייגענעם ווי יענעמס, וועלן קיינמאָל ניט איינווילקן צו צאָלן אַזאַ באַרייסנדיקן פרייז פאַר אַ שטיקל לאַנד, מעג עס זיך זיין ווי פרוכטבאַר, ווי רייך אין מינעראַלן, מעטאַלן, אאַ"וו. יענע וואָס שעצן לעבן נידעריק און טיילן ביסמאַרקס קוק אויף דעם, ווי ער האָט אים אויסגעדריקט אין זיין באַרימטן ווערטל: „מיט דרייסיק יאָר שפּעטער וואָלטן אָט־די

מענטשן סיי ווי געווען טויט", אָדער ניקאָלאַי'ס שטאַנדפּונקט, אויסגעדריקט אין דעם שפּרוך : מענטשן וואַקסן אָפּ, ערד וואַקסט ניט, יענע וועלן זיכער אָנגיין מיט זייער „פּאַטריאָטישער אַרבעט" פון פירן אימפּעריאַליסטיש־אַנעקסירנדיקע מלחמות און „איינקויפן" זיך שטיקער לאַנד פאַר דעם פּרייז פון היפּשע בערג־לעך פון טויטע קערפּערס און גרויסע קופּעס פון אָפּגעהאַקטע פיס און הענט. מחמת זיי דענקען אַז זיי האַנדלען אין אַ מציאה, זיי צאָלן מיט לעבנס, גופים, איברים פון גופים, וואָס זיינען גאַרניט ווערט מחמת עס וואָלט פון זיי געוואָרן, אין משך פון צייט, אַ תל, דער מלאך ־ המות וואָלט זיי סיי ווי סיי געכאַפּט, בלויז אַביסל שפּע־טער אין די דאַטן פון קאַלענדאַר. אין אַזעלכע און ענלעכע חשבונות ווענדט זיך אַלץ אָן דעם ווערט פון דעם „אויסטויש־מעדיום", דעם ווערט פון דער „מטבע" וואָס ווערט געגעבן אין אָפּצאָל, אָן דער אָפּשאַצונג, דער חשיבות וואָס ווערט צוגע־שריבן צום באמת אוניווערסאַלן פּרעפערענציאַל וואָס הייסט לעבן. דער אויס־דרוק „אויסטויש־מעדיום" איז בלויז אַ רייד־פיגור. לעבן איז ניט דער „מעדיום" דאָס איז דער עצם אָביעקט וואָס ווערט אויסגעטוישט אין דער געזעלשאַפטלעכער סביבה.

מענטשלעכע אַרבעט איז איינע פון די מאַניפעסטאַציעס פון מענטשלעכן לעבן. זי ווערט געמאָסטן דורך צייט־אָפּשניטן אויף דעם איגענעם אופן ווי מע מעסט די דוראַציע פון לעבן מיט'ן אַרשין פון טאָג, וואָך, חודש, יאָר. אָביעקטן וואָס געפינען זיך אויסער דעם רשות פון דער מענטשלעכער אָרגאַניזירטער גע־זעלשאַפט זיינען ווערטלאָז. געברויך־ווערט איז, אין דער אונטערשטער שורה, אַ שייכות פון מענטשן צו אַן אָביעקט און ווערט רעאַליזירט ביחידות דורך אַן אַקט פון געניסן אָדער פאַרצערן אָדער אוטיליזירן, עקספּלואַטירן. אויסטויש־ווערט איז אַן אינטעראינדיווידועל־אינטערקלאַסלעכער אָדער אינטראַ־קלאַסלעכער, אינטערנאַ־ציאָנאַלער אָדער אינטראַ־נאַציאָנאַלער ענין. יעדער אָביעקט גענומען אין איין און זעלביקן מאָמענט איז גלייך צו זיך גופא. א' איז א' איז דער יסוד פון עקאָנאָמישן דענקען אַזוי גוט ווי פון לאָגישן. אין דער געזעלשאַפט ווערן אָפּגעשאַצט באַשטימ־טע קלאַסן, גרופּונגען. און לויט אָט־די אָפּשאַצונגען פון די לעבנס פון די יחידים וואָס שטעלן צוזאַמען די באַטרעפנדיקע קלאַסן, גרופּונגען, אָדער אַנדערע סאָ־ציאַלע פאָרמאַציעס, ווערט באַשטימט דער ווערט און חשיבות פון זייער אַרבעט אַלס אַ מאַניפעסטאַציע פון זייער לעבן, אַלס אַ פראַגמענט פון דעם „חי"־געלעבט.

דעם מענטשנס פאַלן און אויפהויבן זיך איז גורם דערצו אַז די אָביעקטן זאָלן שטייגן אָדער נידערן. אַ ריין־פּסיכאָלאָגישע שטעלונג קען גענומען ווערן מצד פון מענטשן צו דער וועלט און צו אַ געוויסער קאַטעגאָריע פון אָביעקטן, וואָס געפי־

נען זיך אויף דער וועלט. איך האָב אין זינען דעם אַסקעט. ער הויבט זיך אויף צו אַזאַ הויך סוביעקטיוו, אַז ער קוקט פון־אויבן־אַראָפּ, מיט ביטול און פאַראַכ־טונג אויף די אויסערלעכע קעגנשטאַנדן. ער שטרעבט ניט זיי אָנצואייגענען זיך. זיי זיינען ניט כדאי צו פּטרן אויף זיי זיין צייט, זיין טרחה. ער זאָגט זיך פרייוויליק אָפּ פון די פאַרגעניגנס וואָס זייער באַזיץ וואָלט אים געקענט פאַרשאַפן. מחמת ער וויל ניט צאָלן פאַר זיי דעם פולן פּרייז אין טיילן פון זיין לעבן. ער שאַצט זיין אינערלעכע „לעבנס־וואַלוטע" צו הייך אַז ער זאָל זי אויסגעבן אויף אייג־צוהאַנדלען אַט־די אויסערלעכע קעגנשטאַנדן וועלכע זיינען ניט פיל ווערט אין זיינע אויגן. אָבער אַט־דער סאָרט מענטשן שטעלן פאַר מיט זיך אַ קליין מינאָרי־טעט, אַ מיעוט שבמיעוט. דער עקאָנאָמישער אויפפיר פון נזיר, פון פרוש איז ניט דער כלל פון מענטשלעכער הנהגה, נייערט דער יוצא־מן־הכלל. געוויינטלעך, כנוהג שבעולם, צאָלן מענטשן דעם פּרייז, זיי פאַרנעמען זיך גאַנץ גערן מיט קאָמערציעלע און פּראָדוקטיווע טעטיקייטן. מענטשלעכע וועזנס זיינען, אין דורכשניט, „וועלטלעך", האַלטן פון „עולם־הזה", און זיי באַצווינגען די אויסער־לעכע וועלט ניט דורך ביטול און גרויס־האַלטעריי, נייערט, להפך, דורך בויגן זיך אינדרייען פאַר איר מיט דעם מיין זי צו באַגוועלטיקן. דאָס איז די פיל ווייניק עטאַבלירטע נאָרם פון אויפפיר צווישן ציוויליזירטע פעלקער. אַ טייל פון מענטשנס לעבן, פון זיין פרייער צייט, ווערט אַוועקגעגעבן אין אויסטויש פאַר געוויסע אָב־יעקטן, וואָס ווערן געשטאַלטיקט און „איינגעהאַנדלט" מיט דעם צוועק צו פאַרבע־סערן פאַרשענערן מיט זייער הילף די איבעריקע טיילן פון לעבן.

אַ זאַך בלייבט תמיד אַ זאַך, אַן עקאָנאָמישער אָביעקט בלייבט שטענדיק דער אייגענער עקאָנאָמישער אָביעקט. אַלץ וואָס ער קען טאָן איז פאַרלייגן אַ געוויסע סאַטיספאַקציע צו זיין געברויכער, וועלכער איז ענטוועדער זיין פּראָדוצירער, קוי־פער, געשאַנק־באַקומער אָדער בגניבה צי בגזילה־נעמער. דער געברויכער־פּראָדו־צירער אָדער געברויכער־איינהאַנדלער ענדערט זיך, וואַריאירט. ער אַנטוויקלט זיך, וואַקסט, אָדער דעגענערירט. ווען זיין לעבן איז ביליק וועט ער אויסטוישן היפשע פאַרציעס פון אים פאַר דער אַקוויזיציע אָדער פּראָדוקציע פון אַ באַשטימטן אַר־טיקל. ווען זיין לעבן ווערט חשוב׳ער, בעסער אין קוואַליטעט, העכער אין אָפּ־שאַץ וועט ער פאַר אַ קלענערן טייל פון זיין לעבן „איינהאַנדלען" אַ גרעסערן סכום פון פּראָדוקטן, „סחורות". דאָס איז ניט דערפאַר וואָס די סחורות זיינען ווערלוועלער געוואָרן, האָבן פאַרלאָרן אַ טייל פון זייער ווערט, נייערט מחמת דעם וואָס די אַרבעט, אַ מאַניפעסטאַציע פון מענטשלעכן לעבן, האָט זיך דערהויבן אין איר חשיבות. דאָס מיינט דער מענטש איז שטאַרקער, געשיקטער, בכבוד׳יקער

געוואָרן. זיין לעבן האָט צוגעקראָגן אַ הוספה פון ווערט. דער דערהויב פון מענטשן איז דער גורם פון דעם דערנידער פון די פּראָדוקטן אָדער סחורות.

מיט דער אַנטוויקלונג פון ציוויליזאַציע ווערט דער „פּרייז" פון מענטשן, פון מענטשלעכן לעבן, אַרבעט אַלס אַ מאַניפעסטאַציע און אַ טייל פון אים, העכער. און דער ווערט און מקח פון אַלע פּראָדוקטן און סחורות פאַלט פּראָפּאָרציאָנעל, אין הסכם מיט דעם מענטשנס דערהויבנקייט, דאָס מיינט אַז קלענערע קוואַנטיטעטן פון מענטשלעכן לעבן, פון מענטשלעכן אָנשטרענג ווערן געגעבן אין אויסטויש פאַר די זעלביקע און אַפילו גרעסערע קוואַנטיטעטן פון פּראָדוקטן און סחורות, וועלכע דער מענטש „פּראָדוצירט", ד"ה קויפט פון דער נאַטור. מחמת דאָס „לעבן־געלט" מיט וואָס מע צאָלט, די לעבנס־מטבעות העכערן זיך אין זייער ווערט, בעת די פּראָדוקטן בלייבן דאָרטן וואו זיי זיינען פאַרדעם געווען. זיי זיינען אינערטיש, אומפאַרענדערלעך, סטאַטיש. זיי זיינען ניט קיין אַקטיווע אַגענטן, און ווען זיי זיינען אַפילו אַקטיוו פיזיש, זיינען זיי ניט אַקטיוו „עקאָנאָמיש", ד"ה ניט פאַרענדערלעך אין זייער פאַרהעלטעניש צום מענטשן. דער מענטש דערהויבט זיך, אָבער זיין דערהויבונג איז פאַרהוילן. זי באַקומט איר אַנטפּלעקונג דורך דעם פאַל פון די פּראָדוקטן, פון די אָביעקטן פון דער אויסערלעכער סביבה.

מאַרקס פעטישיזירט קאַפּיטאַל. דאָס אייגענע טוט ער מיט ווערט. געברויך־ווערטן זיינען אויסשליסלעך אָפּהענגיק פון מענטשלעכע באַדערפעניש, ניט פון די זאַכן גופא. על כמה וכמה וואָס איז שייך אויסטויש־ווערטן. אויסטויש־ווערט הענגט שוין אָפּ ניט בלויז פון יחיד־מענטשן, נייערט פון דער מענטשלעכער סביבה און דעם פּלאַץ וועלכן דער יחיד פאַרנעמט אין אָט־דער סביבה. די סביבה שאַצט אָפּ דעם מענטשן, ד"ה באַשטימט זיין פּאָזיציע אין איר, און לויט דער פּאָזיציע קומט די אָפּשאַצונג פון יחיד'ס ווערט און ממילא די דעטערמינאַציע פון דעם ווערט פון זיין אַרבעט. בדרך כלל, אָבער, ווערט דער מענטש דערהויבן מיטן אַרויפשטייג פון ציוויליזאַציע, און ווערט דערנידערט מיטן צוזאַמענברוך פון דער ציוויליזאַציע, מיט די חולאתן און פּורעניות'ן וואָס באַפאַלן זי.

אין אַ טיפערן זינען אַנטלייענדיק עקאָנאָמישע טערמינאָלאָגיע און באַגריפן קענען מיר ריידן פון אויסטויש־ווערט אויך אין דער פיזישער סביבה. אויך דאָ איז פאַראַן אַ קאָמערציעלע פאַרהעלטעניש צווישן דעם מענטשן און די אָביעקטן, די קעגנשטאַנדן. פּראָדוקציע איז באמת אַ מאָדוס פון אויסטויש, פון פאַרקער וואָס גייט אָן, אַזוי צו זאָגן, צווישן מענטשן, דעם פּראָדוצענט, און דער פיזישער נאַטור, דער „אייגנטימערין" פון אַלע אויסערלעכע אָביעקטן. לכן האָט יעדער פּראָדוקט זיין פיזישן אויסטויש־ווערט. און אין אָט־דעם אינדעקס פון

ווערטן, אין דעם פיזישן „פּרייזקוראַנט" קען מען באַאָבאַכטן דעם מענטשנס דערהויבן זיך און פאַלן, זיין פּאָזיציע און ווערטן - אָפּשאַץ. אַ געזונטער מענטש איז טייי-ערער, לכן קריגט ער אַלץ וואָלוועלער, ד"ה מיט וויניקער אָנשטרענג, סוב-יעקטיוו געמאָסטן און געוואויגן, מיט וויניקער אומאָנגענעמלעכקייטן. אַ קראַנ-קער מענטש איז וואָלוועלער, קאָסט אים אַלץ טייערער. אַ קלוגער ,אַ געשיקטער, אַ געניטער איז טייערער, קען ער מער „איינהאַנדלען", מחמת זיין קויף-פּאָטענץ איז גרעסער. אַ נאַר, אַן אומגעלומפּערטער מענטש איז וואָלוועלער און ער באַזיצט וויניקער קויף-קראַפט, לכן וועט ער זיך קענען איינהאַנדלען וויניקער פּראָ-דוקטן.

דער אַזוי גערופענער פיזישער אויסטויש-ווערט איז אַן אויסדרוק פון אַ פאַרהעלטעניש וואָס וועבט זיך צווישן דעם מענטשן און די אויסערלעכע קעגנ-שטאַנדן וואָס רינגלען אים אַרום. אין דער ווירקלעכקייט קומט פאַר די דעטער-מינאַציע ניט בנוגע דעם „ווערט" פון די זאַכן, נייערט בנוגע דעם ווערט פון מענטשן. זיין ווערט באַקומט זיין עקספּרעסיע אין די רעזולטאַטן וואָס ער דער-גרייכט דורך זיינע באַמיאונגען. דעם מענטשנס גאָלדענער סטאַנדאַרד ווערט דער-הויבן אָדער דערנידערט. דעם מענטשנס אידעאַל איז צו דערגרייכן דעם סאַמע שפּיץ אין זיין ווערטפולקייט, די אומענדלעכע הויך. דעמאָלט וואָלטן אַלע אָב-יעקטן פון דער אויסערלעכער סביבה פאַלן צום סאַמע דעק, צום נול-פּונקט פון פּרייז, ד"ה דער מענטש וואָלט קריגן אַלץ פון דער פיזישער נאַטור אָן קיין אָנ-שטרענג, לחלוטין אָן ענערגיע-פאַרשווענדונג. אָט דער אידעאַל פון בייקומען די פיזישע עקאָנאָמיע איז אַ רעליגיעז-פּראָפעטישער באַשטרעב וואָס געפינט זיך מחוץ פון תחום פון אַ וויסנשאַפטלעכן אויספאָרש. לויט דעם וויסנשאַפטלעכן אויספּאַס קען ער, ווי פילע אַנדערע מער באַשיידענע אָדער וויניקער באַשיידענע אידעאַלן, ניט פאַרווירקלעכט ווערן, מחמת דער מענטש „טוט געשעפט" מיטן פיזישן אַרום, באַזירט זיינע פאַרהעלטענישן מיט אים אויפן יסוד פון אויסטויש.

דער לעבן פון מענטשן איז דער אבי אבות פון ווערטן-שאַפונג. און ער שענקט עס ווערטפולקייט צו אַלע אָביעקטן מיט וועלכע ער קומט אין באַרירונג, ד"ה וועלכע ער „קויפט" און צאָלט פאַר זיי מיט זיין „געלט", מיט זיינע פראַג-מענטן. דער ווערט פון אַ פּראָדוקט איז אייגנטלעך דער ווערט פון דעם פראַג-מענט פון מענטשלעכן לעבן, וואָס געפינט זיך אין פּראָדוקט. ווען מענטשן טרעטן אַריין איינער מיטן אַנדערן אין ווירטשאַפטלעכן פאַרקער, לאָמיר זאָגן, נעמען אויסטוישן פּראָדוקטן, בייטן זיי באמת אויס, קויפן, פאַרקויפן, האַנדלען מיט זיי-ערע באַמיאונגען, ד"ה מיט פראַגמענטן פון זייערע אייגענע לעבנס. און אָט-דער

מסחר מיט לעבנס־פראַגמענטן (ניט דער אויסטויש פון אַ פראַגמענט פון מענטשלעכן לעבן אויף אַן אַרטיקל פון דער פיזישער סביבה, וועלכן מ׳האַנדלט איין פון דער שררה׳טע, נאַטור) איז די אמת׳ע קאָמערץ. זי אַפערירט מיט אמת׳ע ווערטן, מיט ווערטן אין פולן פשט פון וואָרט, ד״ה מיט שטיקער מענטשלעכע לעבנס.

אין אויסטויש שטייט די זאַך אַזוי: ווען די צוויי קאָנטער־אַגענטן פון דער אויסטויש - טראַנסאַקציע זיינען סיטואירט אויף דער אייגענער אינטערקלאַסאַלאַ־גישער פלאַך, דעמאָלט ווערן זייערע לעבנס פאַררעכנט פאַר גלייכווערטיק, אַזוי אַז די קוואַליטעט־פראַגע איז פולשטענדיק געלייזט און מע פאַרנעמט זיך בלויז מיט דער לייזונג פון דעם איינפאַכן פראָבלעם פון באַשטימען די קוואַנטיטעט. און דאָס איז ניט שווער צו טאָן. פאַר אָט דעם צוועק באַזיצן מיר אַן אָביעקטיווע פאַרלעסלעכע מאָס, דהיינו, צייט־דוראַציע איינסן וועלכע לאָזן זיך לייכט איבער־זעצן אין מאַטעמאַטישע איינסן. דאָ האָבן מיר פאַר אונדז אַ פאַל פון טוישן אַ שעה אויף אַ שעה, איין פראַגמענט פון לעבן אויף אַן אַנדערנס פראַגמענט פון לעבן פון דער אייגענער דימענזיע און אינטענסיווקייט. אַ צאָן פאַר אַ צאָן און אַן אויג פאַר אַן אויג, ווען די ציינער זיינען פון דער אייגענער קיאונג־בייסונג קוואַלי־פיקאַציע און די אויגן זיינען פון דעם אייגענעם געזע־קאַליבער. ווען אָבער צוויי קאָנטער־אַגענטן זיינען סיטואירט אויף פאַרשיידענע ניוואָס, וואָס געפינען זיך איינער איבער דעם אַנדערן, דעמאָלט בייט זיך די גאַנצע סצענע. דער למראית־עין פון דער טראַנסאַקציע אויסגעדריקט אין געלט בלייבט דער אייגענער, אויף וויפל עס האָט אַ שייכות צו דער פּראָצעדורע פון אויסטויש און די מאַניפולאַציעס פון די סחורות און די געלטער. דער אָפּשאַץ אָבער פון די לעבנס־פראַגמענטן, וועלכע ליגן פאַרבאַהאַלטן אין די סחורות און די געלטער און וועלכע זיינען דיווירקלעכע אויסטויש־אָביעקטן, האָט דורכגעמאַכט אַ גרויסן שינוי: דער גלייכ־הייט־פרינציפּ איז לחלוטין אָפּגעשאַפט, אַנשטאָט אים באַווייזט זיך אַן אינדעקס פון גראַדאַציעס, לויט וועלכן עס קען גריילעך אויסקומען, אז איין סעקונדע פון לעבן פון איין אויסטוישער איז שקול קעגן אַ שעה, אַ טאָג, אַ חודש, אַ יאָר אאז״וו פון דעם צווייטן אויסטוישער.

מיר וועלן קלערער מאַכן אָט־דעם איינפאַכן געדאַנק דורך אַן אילוסטראַציע. צוויי יחידים, ראובן און שמעון, גייען יעדער באַזונדער אַריין אין אַ קליידער־קראָם און קויפן זיך יעדער פון זיי צו אַנצוג און באַצאָלן דעם אייגענעם פּרייז אויסגעדריקט אין אַ באַשטימטער סומע געלט. אין אָט־דעם באַטרעפנדיקן פאַל פון איינהאַנדלען צוויי אַנצוגן פון דער אידענטישער וואַרע און אויפנייעכץ, שניידע־

רישער מומחה׳שאַפט און פאַרקויף־געשיקטקייט און הוצאה, צאָלןביידע קונים דעם אייגענעם מקח, דעם אייגענעם סכום געלט. דאָך איז זייער מעגלעך אַז זיי האָבן ניט געצאָלט דעם אייגענעם ווערט, דעם ווירקלעכן ווערט (ניט דעם פאַרשטעלטן אָפּנאַרערישן, אילוזאריש־פעטישיסטישן). וועלכער קריגט זיין אויס־דרוק אין לעבנס־פראַגמענטן. עס איז מעגלעך אַז ראובן האָט באַצאָלט פאַר זיין אַנצוג מיט אַ וואָך אַרבעט, לאָמיר זאָגן, למשל, מיט פערציק שעה פון זיין לעבנס־דויער, בעת שמעון האָט געצאָלט בלויז מיט אַ טאָג, אָדער גאָר אַ שעה, אָדער אפשר גאָר אַ פּאָר מינוטן. אויסער דעם, די דוראַציע פון לעבן איז ניט ביי יעדן אינדיווידן פון דעם אייגענעם משך, אַזוי אַז יענע וואָס האָבן אַ קורצן לעבנס־שפּאַן צאָלן פאַר אַלץ טייערער, און די וואָס זיינען באַשאָנקען מיט אריכת ימים צאָלן פאַר אַלץ ביליקער. אָבער דאָס איז אַ ביאָלאָגישע טעמע און האָט ניט צו אונדזער ענין קיין שום שייכות.

דער אַנצוג אין ביידע פאַלן, ווי פאַרשיידן די סומע פון ווירקלעכן אָפּצאָל זאָל ניט זיין, צייגט אויסערלעך דעם זעלביקן פּרייז, ער פאָדערט אין פאַרקויף־אין איבערגאַנג פון מוכר צום קונה, די זעלביקע סומע געלט, וועלכע איז פּי־לייכט געוואָרן רעאַליזירט אַפילו אין די אייגענע מטבעות, און דאָך האָט מען פאַר אים געצאָלט פאַרשיידענע מקחים און ער באַזיצט פאַרשיידענע ווערטן, איינעם — פאַר איין סאָרט קויפער, אַ צווייטן — פאַר אַן אַנדער קונה, א דריטן — פאַר אַן אַנדער קונה און אַזוי ווייטער און ווייטער. מחמת דער לעבן, די אָפּעראַטיווע פראַגמענטן פון מענטשלעכן לעבן זיינען ניט אויסגעגליכט אין זייער ווערט, זיינען ניט סטאַנדאַרדיזירט, באַזיצן אין דער געזעלשאַפט פאַרשיי־דענע עקאָנאָמישע אָפּשאַצונגען. לכן צוויי קויפערס וועמענס לעבנס־וואַלוטע איז פאַרשיידן, איינע העכער און איינע נידעריקער,*) וועלן צאָלן פאַרשיידענע ווערטן אין אויסטויש פאַר די אייגענע אַרטיקלען הגם די סומעס פון אָפּצאָל אויסגע־דריקט אין מינץ־געלט אָדער פּאַפּיר געלט וועלן זיין אידענטיש.

די עקאָנאָמישע סוביעקטן זיינען פאַרשיידן אָפּגעשאַצט, פאַרנעמען פאַרשיידע־נע רובריקעס. אָט־די אָפּשאַצונגען געפינען זיך אין קאָרעספּאָנדענץ מיט די פּאָ־זיציעס וואָס די פאַרשיידענע קלאַסן, אונטערקלאַסן און גרופּירונגען פאַרנעמען אין דער אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט. און אַ באַזונדער פאַקטיש אָדער יורידיש פּריווילעגירטן מעמד פאַרנעמען די אָפּשאַצער, די אָוועלואַטאָרן, די סאָציאָלאָגיש־עקאָנאָמישע בעלי־דעות, די ווערטן־עטאַבלירער און באַשטימער. פאָלגלעך קומט אויס אַז די מיטגלידער פון די נידעריקע קלאַסן אין זייערע ווירטשאַפטלעכע פאַר־העלטענישן מיט די מיטגלידער פון די העכערע קלאַסן צאָלן פאַר אַלץ טייערער,

בשעת, פאַרקערט, די מיטגלידער פון די העכערע קלאַסן בעת זיי קאָנטאַק־טירן ווירטשאַפטלעך די מיטגלידער פון די נידעריקע קלאַסן קריגן די באַדי־נונגען־באַמיאונגען פון די לעצטע בחצי־חנם. מיט דעם דערקלערט זיך דער טשי־קאַווער פאַקט, וואָס אַ מיטגליד פון אַ העכערן קלאַס קען לייכט דינגען, קויפן די אָפּעראַטיוו־אַקטיווע לעבנס־פראַגמענטן פון די מיטגלידער פון די נידעריקע קלאַסן, בשעת אַ מיטגליד פון אַ נידעריקן קלאַס קען ניט קויפן די אָפּעראַטיווע לעבנס־פראַגמענטן, די באַדינונגען־באַמיאונגען פון די מיטגלידער פון די העכע־רע קלאַסן. די זאַך איז פשוט, ער האָט ניט מיט וואָס צו צאָלן, מחמת זיינע לעבנס־פראַגמענטן זיינען נידעריק געשאַצט, זיינען וואָלוול און יענעמס לע־פראַגמענטן זיינען הויך־געשאַצט, זיינען טייער און דאָס וואָלוועלע קען ניט קויפן, קען זיך ניט אויסטוישן אויף, דאָס טייערע. דעריבער „דינגען" די מיטגלידער פון די נידעריקע קלאַסן די באַדינונגען־באַמיאונגען פון די מיטגלידער פון די העכערע קלאַסן (וועלכע זיינען קוואַנטיטעטיוו פיל קלענער פון זיי, צאָל־אַרימער, שטעלן אַלע מאָל צוזאַמען אַ מינאָריטעט פון דער באַפעלקערונג) בצוותא־חדא, אין אַ צוזאַמענלייגעכץ, ווי מיר האָבן עס אויבן אַרויסגעבראַכט.*)

מאַרקס שרייבט:

„אויב אַ זאַך איז נוצלאָז איז אויך די אַרבעט וואָס געפינט זיך אין איר נוצ־לאָז; די אַרבעט רעכנט זיך ניט פאַר קיין אַרבעט און דעריבער שאַפט זי ניט קיין ווערט".[7]

נוצלעך און אומנוצלעך זיינען צוויי קעגנגעזעצטע עקסטרעמען. צווישן אָט־די צוויי פּאָלוסן פון דעם פּאָזיטיוו און דעם נעגאַטיוו געפינען זיך פילע גראַדאַ־ציעס, אַ היפשע צאָל פון איבערגאַנגען. און אַזוי ווי די אַרבעט, לויט מאַרקסעס אייגענער באַהויפּטונג, הענגט אָפּ אָן דער נוצלעכקייט פון פּראָדוקט אין וועלכן זי איז אַריינגעטאָן געוואָרן, לכן קריגט איר ווערטפולקייט איר באַשטימונג פון דער קוואַנטיטעט און קוואַליטעט פון די אוטיליטעט־עלעמענטן וואָס געפינען זיך אין פּראָדוקט, ד"ה וואָס ווערן צוגעשריבן צום פּראָדוקט און, פאָלגלעך, צו איר. היוצא אַז אַרבעט בנוגע איר ווערטיקייט, איר ווערט־שאַפנדיקער אייגנ־שאַפט איז ניט זעלבסטשטענדיק, פראַנק און פריי, אויטאָנאָמיש. זי איז אַרומגע־צוימט מיט גדרים און דרגאות פון אוטיליטעט. און די אוטיליטעט איז גענומען סאָציאָלאָגיש, איז אַן ענין פון קלאַסן־פניות און קלאַסן־פּאַוואָריטיזם. מחמת דאָס אָפּשטעמפּלען די פּראָדוקטן אַלס נוצלעך, זייער נוצלעך, נויטווענדיק איז איינע

*) זע יידישע שריפטן באַנד 4 ז"ז 02—201; 320.

פון די פונקציעס פון די העכערע קלאַסן, איז די עובדא פון עוואַלואַטאָרן. על כן וועלכן קריטעריום מיר זאָלן ניט געברויכן, קומען מיר אומפאַרמיידלעך צו דעם פּראָבלעם פון אָפּשאַצונג און קלאַסיפיצירונג פון די מענטשן, די טוערס, און די פּראָדוקטן וואָס זיי פּראָדוצירן. די אָפּשאַצונגען ווערן געמאַכט לויט אַ קלאַסאָ־לאָגיש יעראַרכישן פּרינציפּ. דער ווערט פון די פּראָדוקטן איז רובריצירט לויט די קלאַסירונגען פון די מענטשן וועלכע האָבן די געגעבענע פּראָדוקטן פאַבריצירט. אין דער עקאָנאָמישער געמיינזאַמקייט, ווי אין דעם געמיינדע־לעבן בכלל, האָבן מיר אַ שפּאַלטונג צווישן די קלאַסירער און די קלאַסירטע, ד״ה צווישן די העכערע קלאַסן און די ברייטע מאַסן, און זיי ווערן, נאַטירלעך, פאַרשיידן אָפּ־געשאַצט.

דאָס אַלץ ווערט פון מאַרקסן איגנאָרירט. ער טראַקטירט אינטעראינדיווידו־על־אינטערקלאַסאָלאָגישע דערשיינונגען אויף וויפל זיי האָבן אַ שייכות צו דער ווירטשאַפט וואָס געפינט זיך אין די תחומים פון דער אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט, ווי זיי וואָלטן געווען פּשוט פיזישע אָדער איינפאַך סאָציאַלע פענאָמענען. לויט אים נאָך קומט אויס, אַז עס איז פאַראַן אַן אָביעקטיווע ווירטשאַפטלעכע נוצלעכקייט אָן מדרגות, אָן שטופן, אָן גראַדירונגען. מאַרקס פאַרזעט, ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט דערשיינען, אין זיינע עקאָנאָמישע פאָרשונגען ניט נאָר דעם קלאַסן־עלעמענט, די קלאַסן־סטרוקטור פון דער סביבה, אין וועלכער די עקאָנאָמישע סוביעקטן פי־גורירן, אָפּערירן, פאַרקערן איינער מיטן אַנדערן, נייערט אויך, כמעט, די אינ־טעראינדיווידועלע קאָנסטרוקציע פון דער ווירטשאַפט. אַפילו אָט־דער עלעמענט קומט ביי אים אַרויס מטושטש, ניט גענוג בולט.

„אויב אַ זאַך איז נוצלאַז איז אַזוי אויך די אַרבעט וואָס ליגט אין איר". ווער איז דער שופט, ווער איז באַרעכטיקט צו זאָגן צי די זאַך איז נוצלעך צי נוצ־לאָז? אויב דאָס איז אַן אינדיווידועלער פאַל, דעמאָלט איז עס דער עסק פון דעם אינדיווידועלן אַרבעטער. ער איז דער בעסטער ריכטער און ער אַליין דאַרף עס באַשליסן, ער דאַרף שליכטן דעם סיכסוך צווישן אים און די אויסערלעכע קעגנשטאַנדן. אַזוי שנעל ווי מיר זעען ווי אַ יחיד אַרבעט, פּראַצעוועט, אַזוי וויסן מיר שוין אַז ער האָט אין געדאַנק עפּעס אַ פּרעפערענץ, אַז ער באַצוועקט עפּעס „איינצוהאַנדלען", „קויפן" אַ שטיקל וואַרע. ער צאָלט פאַר דער „וואַרע" מיט זיין אַרבעט, „בנפשו יביא לחמו". ער פּרעפערירט, פאַרבילכערט אַ געוויסן רעזולטאַט, וועלכן ער האָט זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע צו דערגרייכן, צו אַ געוויסער סומע פון הוצאות, וואָס קריגן זייער אויסדרוק אין לעבנס־ענערגיע, לעבנס־רעסורסן. ווער וועט גיין זיך מתווכח־זיין מיט אים און אויפווייזן אים, אַז

ער מאַכט אַ טעות, אַז ער האַנדלט ניט אין קיין מציאה, אַז ער האַנדלט זיך אין עפּעס וואָס האָט קיין שום ווערט ניט, הגם ער צאָלט דערפאַר אַ הייכן פּרייז. די סחורה וואָס ער „קויפט“ פון דער נאַטור און דער מקח וואָס ער צאָלט, ווערן אָפּגעשאַצט פון אים גופא אויף אַ ריין סוביעקטיוון שטייגער. עס איז זיין אייגענער „געשעפט“, און קיינער האָט מיט דעם ניט וואָס צו טאָן.

אָבער ווען דער ענין נוצלעכקייט פון אַ פּראָדוקט אָדער אומנוצלעכקייט ווערט באַהאַנדלט אין אַ סאָציאָלאָגישן אַספּעקט, דעמאָלט רעכענען מיר זיך ניט מיטן שטאַנדפּונקט פון יחיד, דעם פּראָדוצירער. „נוצלעך“ מיינט דאָ דאָס וואָס ווערט פאַררעכנט פאַר נוצלעך, וואָס גילט פאַר אַזעלכעס אין די גבולין פון דער געגעבענער אָרגאַניזירטער אויף אַ באַשטימטן אופן געזעלשאַפט. אויב די זאַך וואָס איז פיזיש און אינדיווידועל פאַררעכנט פאַר אומגעהויער וויכטיק און נוצלעך וואָלט פון דער געזעלשאַפט אָפּגעשטעמפּלט געוואָרן אַלס נוצלאָז אָדער, נאָך ערגער, אַלס שעדלעך, וואָלטן קיינע אינדיווידועלע טענות ומענות ניט העלפן. די אַרבעט, אַפּעראַטיווע פראַגמענטן פון לעבן פון אַרבעטער, וואָס ווערט אַריינגעלייגט אין דער זאַך וואָלט ניט נאָר זיין נוצלאָז, נייערט בפועל־ממש שעדלעך, זי וואָלט האָבן אַ נעגאַטיוון ווערט, ד״ה דער טוער וואָלט זיין גע־צוואונגען צו צאָלן אַ שטראָף. ניט נאָר וואָלט ער ניט קריגן באַצאָלט פאַר איר, ד״ה באַקומען אין אויסטויש אַ געוויסן סכום לעבנס־פראַגמענטן פון אַן אַנדער יחיד פון דער געגעבענער געזעלשאַפט, נייערט ער וואָלט נאָך דאַרפן צוצאָלן דער געזעלשאַפט פאַר אָט דער זאַך אין וועלכער ער האָט אַריינגעלייגט זיין מי און אָנשטרענג.

מיר וועלן, דרך אַגב, אָנצייגן אויף אַ פעקולאַריטעט פון דער עקאָנאָמישער אַקטיוויטעט. דער פּאָזיטיווער אויפּפיר פון די מיטגלידער פון דעם געגעבענעם אַגרעגאַט בנוגע ווירטשאַפטלעכע ענינים ווערט אין מערסטע פאַלן אויסגעדריקט אין אַ מאַטעריאַליזירטער פאָרם פון פּראָדוקטן, סחורות. די יחידים פאַרקערן איי־נער מיטן אַנדערן מיט דער הילף פון די קעגנשטאַנדן, די אייגנטימער פון וועלכע זיי זיינען. און כאָטש דער פאַרקער איז געפאַרבט קלאַסאָלאָגיש, דאָך האָט די געזעלשאַפט אַלס אַן אָרגאַניזירטעס גאַנצעס מיט דעם ניט צו טאָן. גאַנץ אַנדערש ווערט באַהאַנדלט דער נעגאַטיווער אויפּפיר. אויף דער נעגאַטיווער הנהגה פון די מיטגלידער אין תחום פון מענטשלעכן פאַרקער רעאַגירט די געזעלשאַפט אַלס אַ גאַנצע דורך אירע ספּעציעל פאַר דעם צוועק באַשטימטע אָרגאַנען. אונטער דער סיסטעם פון פּריוואַטער איניציאַטיוו און אונטערנעמונג גיט ניט די אָרגאַניזיר־טע געזעלשאַפט געווי פיקסירטע באַלוינונגען פאַר פּאָזיטיווע אַקציעס, זי לאָזט

עס איבער, צו אַ געוויסער מאָס, צום פרייען שפּיל פון די כוחות. די געזעלשאַפט טיילט ניט איין די פונקציעס צווישן פאַרשיידענע פּערזאָנען, גיט ניט קיין דע־פיניטיווע דירעקטיוון ווי צו האַנדלען, טיילט ניט אויס קיין קאָמפּענסאַציעס. גיט אָבער גוט אַכטונג אויף דער סיסטעם פון באַשטראָפונג, וועלכע איז אינגאַנצן אַ קנין פון אָרגאַניזירטן כלל. דער יחיד אַלס אַ פּריוואַטע פּערזאָן האָט אַ קנאַפּע דעה איבער די קרימינעלע אָנגעלעגנהייטן. די דערקלערונג דערפאַר איז ניט שווער צו געפינען, דער פּאָזיטיווער פאַרקער איז אַ פרידלעכער, און אויף אַ פּאָ־זיטיווער אַקציע קען דער יחיד לייכט ענטפערן מיט אַן ענלעכער פּאָזיטיווער טואונג. דער נעגאַטיווער פאַרקער איז אַ פיינטלעך־קריגערישער. דער באַ־עוולהטער יחיד וואָלט ענטוועדער גאָר ניט זיין אימשטאַנד צו ענטפערן מיט אַ נעגאַטיווער אַקציע, אָדער, ווען ער וואָלט יאָ רעאַגירן, וואָלט ער זיכער ניט קע־נען זיין אָביעקטיוו אין זיין אורטייל וועגן דער עוולה און ער וואָלט אַפּצאָלן צו־פיל, ער וואָלט זיכער אַריבערכאַפּן די מאָס פון אָפּרעכן. דעריבער האָט די גע־זעלשאַפט דעם תחום פון טעטיקייט, דאָס באַהאַנדלען די פאַרברעכער, געמוזט אינגאַנצן איבערנעמען.

מאַקס שרייבט:

„עס איז אַ פאַלשע אבסטראַקציע צו באַטראַכטן אַ נאַציע, וועמענס פּראָ־דוקציע־מאָדוס באַזירט זיך אויף ווערט און איז בכלל קאַפּיטאַליסטיש־אָרגאַניזירט, אַלס אַן אַגרעגאַט־קערפּערשאַפט, וואָס אַרבעט בלויז פאַר דער באַפרידיקונג פון די נאַציאָנאַלע באַדערפענישן“. [8]

דער אינדיווידו פירט זיך אויף עקאָנאָמיש, ווי אים פאַרגלוסט זיך כל־זמן ער טרעט ניט אַריבער די ליניע פון דעם פּאָזיטיוו און רירט ניט אָן דעם תחום פון דעם נעגאַטיוון אויפפיר. דערהויזיקער אומשטאַנד פאַרשאַרפט נאָך מער דעם אומגלייכהייט־מצב אין דעם פּאָזיטיוון תחום בנוגע נוצלעכקייט עטאַב־לירונג און פיקסירונג. עס זיינען פאַראַן אָביעקטן פון גרעסערער און קלענערער נוצלעכקייט, אַזעלכע וואָס האָבן אַ שטאַרקערע נאָכפראַגע און אַזוינע וואָס האָבן אַ שוואַכערע, הגם דער סכום פון אַרבעט וואָס פאָדערט זיך פאַר זייער פאַבריצי־רונג איז גלייך אין פרט פון דוראַציע און געשיקטקייט־מאָס. זייער נוצלעכקייט, און ממילא, ווערטפולקייט, ווערט פאַרשיידנאַרטיק געשאַצט. אַזוי אַז דער אָפּשאַץ דערקלערט אַנדערע פאַר מער נוצלעך און ווידער אַנדערע פאַר ווייניקער נוצלעך. מיט אַנדערע ווערטער, עס זעט כמעט ווי אויס אַז די אָפּשאַצונג באַשטימט, אפנים, די דוראַציע, די קוואַנטיטעט פון אַרבעט, וועלכע געפינט זיך אין פּראָ־דוקט, ניט רעכענענדיק זיך מיט דעם פיזיאָלאָגישן אַרבעט־קוואַנטום.

די אָרגאַניזירטע געזעלשאַפט אין וועלכער מיר לעבן און האַנדלען איז קלאַ־סירט, סטראַטיפיצירט. אין דעם סאָציאָלאָגישן בית־מדרש איז פאַראַן אַן אויבנ־אַן, אַ מזרח־וואַנט און אַן הינטער־דער־בימה. לכן אַלץ וואָס עס ווערט געטאָן, אין דעם תחום פון דער ווירטשאַפט, פון די מיטגלידער פון דעם נידעריקן קלאַס, פון די וואָס שטייען זיך הינטער דער בימה, נעבן האַנטפאַס, נאָענט צום אַרויסגאַנג, ווערט פאַררעכנט פאַר מינדערווערטיק. ממילא ווערט עס פאַרקויפט אויפן מאַרק בזול־הזול. די מיטגלידער פון די נידעריקע שיכטן זיינען די יע־ניקע טוערס וואָס אַרבעטן שווער, פירן אויס געוויסע אַקטן, לייגן פאַר זייערע באַמיאונגען־באַדינונגען, וועלכע ווערן פון דער געזעלשאַפט אָפּגעשטעמפּעלט אַלס באַזיצער פון אַ ווערטיקייט פון אַ נידעריקן גראַד.

חוץ דעם זיינען אין די קלאַסן גופא פאַראַן אונטערקלאַסן, גרופּירונגען, פאַרשיידענע מחיצות וועלכע צעטיילן זיי אויף העכערע און נידעריקערע און אַזוי־נע וואָס פאַרנעמען דעם מיטלפונקט. די אַרבעט פון אַ יואוועליר און די אַרבעט פון אַ הויטשינדער, אַ פישער, אַ קברים־גרעבער, קאַטעגאָריעס פון פראַצע וועלכע זיינען אַמאָל געהאַלטן געוואָרן מחוץ למחנה, ווערן ניט געמאָסטן מיט דעם זעל־ביקן אַרשין, ווערן ניט פאַררעכנט פאַר גלייכווערטיק, מחמת די מעמדס פון די טוערס געפינען זיך אויף פאַרשיידענע טרעפּלעך אין דעם סאָציאָלאָגישן און, ממילא, עקאָנאָמישן לייטער. דער סאָציאָלאָגישער אָפּשאַץ רעכנט זיך מיט די שעהן פון אַרבעט און רעקאָמענדירט צו טוישן שעה אויף שעה בלויז דאָרט וואו די טוערס זיינען סיטואירט אויף דעם זעלביקן טרעפּל.

מאַרקס האָט זיכער אָנערקענט דעם פאַקט אַז אונדזער געזעלשאַפט איז צע־שפּאַלטן אויף קלאַסן. ער האָט אָבער געמיינט אַז אָט־די צעשפּאַלטונג איז אַ „היסטאָרישע", אַ צייטווייליקע זאַך און מע קען זי לייכט אָפּשאַפן אָדער אריבער־וואַקסן און אונדזער עפּאָכע איז טאַקע די וואָס איז באַרופן דורכצופירן אָט־דעם אַקט פון אַבאָליציע, *) מחמת די קלאַסן־דיפערענציאַציע האַלט ביי איר קול־מינאַציע־פונקט און קרוב צום ווערן איבעריק, אַן אַנאַכראָניזם, דעריבער איז ער ניט בכוח אויפצונעמען די קלאַסן־סיטואַציע אין איר פולער גרויזאַם־פאַטאַלער אומגעהויערקייט. ער האָט די קלאַסן־דיפערענציאַציע פאַרזען, זי ניט געהאַלטן ווי געהעריק אין פאָקוס פון אויפמערקזאַמקייט, אין צענטער פון אונטערזוכונג. מאַרקס זינדיקט שווער מיט הסחת־הדעת, צוליב זיינע אוטאָפּיסטיש־סאָציאָלאָגישע

---

*) אבא גאָרדין, סאָציאַלע אבערגלויבערײַ און קריטיק, ז"ז 56—50.
אבא גאָרדין, „קאָמוניזם אונמאַסקד" ז"ז 68—55.

אַנשויאונגען און מחמת זיינע סימפּליפיקאַציע־סכעמעס, קעגן דעם פאַקט פון דער אינטראַינדיווידועל ־ אינטערקלאַסאָלאָגישער ריוואַליטעט, וואָס בושעוועט צווישן די פאַרשיידענע קלאַסן און גרופּירונגען, פון וועלכע אונדזער באַטרעפנדיקע געזעלשאַפט שטעלט זיך צוזאַמען. מאַרקס האָט כלומר׳שט יע געזען בלויז צוויי קלאַסן און דאָס אויך מיט איין אויג, ער האָט אָבער שוין אינגאַנצן איגנאָרירט די אונטערקלאַסן, די סובדיוויזיעס אין די קלאַסן. די שוואַכערע עקזעמפּלאַרן פון דער אַרבעטנדיקער געמיינשאַפט, שוואַכערע אין וועלכער עס איז היינזיכט, ענט־וועדער פיזיאָלאָגיש, פּסיכאָלאָגיש אָדער סאָציאָלאָגיש, ווערן געשטופּט אַראָפּצו, ווערן געצוואונגען אַנצואווענדן זייערע אַרבעט־קאַפּאַציטעטן אין דאַנקלאָזע ספערן, אין פאַכן וואָס זיינען סיטואירט נידעריק און דעריבער מינימאַל געשאַצט.

## ו׳

## קוואַנטיטעט און קוואַליטעט

מאַרקס שרייבט:

„אַלס געברויך־ווערטן זיינען סחורות, ראשית כל, פון פאַרשיידענע קוואַלי־טעטן, אָבער אַלס אויסטויש־ווערטן זיינען זיי בלויז פאַרשיידענע קוואַנטיטעטן״.[9]

די אוטיליטעטן פון סחורות קענען גאַנץ ברייטלעך וואַריאירן, אָבער אויף וויפל זיי זיינען בלויז געברויך־ווערטן, אויף־אַזויפיל ווערן זיי אַרונטערגעפירט אונטער איין דענאָמינאַטאָר, זייערע חילוקים קענען ווערן אויסגעדריקט אין אַ נומעראַטאָר און דאָס איז קוואַנטיטעט. אין דעם פּרט אונטערשיידן זיי זיך ניט פון אויסטויש־ווערטן, וועלכע באַדייטן דעם איבערבייט פון די פּראָדוקטן צוזאַ־מען מיט זייערע יורידישע טיטולן, לעגאַליטעטן. בנוגע אויסטויש איז מאַרקס, ווידער, ניט גערעכט. די דיפערענצן צווישן זיי קענען אויך זיין פון אַ קוואַלי־טאַטיוון כאַראַקטער, דהיינו, איין פּראָדוקט איז גאַנגבאַרער, ווערט מער געפאָ־דערט, אַן אַנדערער — וויניקער. דאָס איז אַן אויסטויש־קוואַליטעט. עס זיינען אויך פאַראַן פאַרשיידענע אופנים ווי אַזוי דורכצופירן אַן אויסטויש־טראַנסאַק־ציע, און, ממילא, זיינען די „אויסטוישונגען״ פון פאַרשיידנאַרטיקע קוואַליטעטן. למשל, אַן אויסטויש פון אַ פּאָזיטיוו אויף אַ פּאָזיטיוו, אַ פּאָזיטיוו אויף אַ נעגאַ־טיוו, נעגאַטיוו אויף אַ נעגאַטיוו און זייערע פילפאַכיקע וואַריאַטעטן און ניואַנסן. דער גאַנצער מענטשלעכער פאַרקער, דער גאַנצער אינטראַינדיווידועלער און אינטערנאַציאָנאַלער משא־ומתן איז ווירקלעך ניט מער ווי אַזאַ פאָרם אָדער אַן אַנדערע פון אַן אויסטויש־אַקט. עס איז פאַראַן בנמצא אַן אינטראַ־קלאַס און אַן אינ־טער־קלאַס, אַן אינטער־גרופּן און אינטראַ־גרופּן־אויסטויש.

וואָס בייטן מיר אויס? דאָס איז אַ פראַגע וועלכע רירט אָן דעם אויסטויש־אָביעקט. וויפל בייטן מיר אויס? דאָס איז אַ פראַגע וואָס פאַרנעמט זיך אויס־שליסלעך מיט דעם כמות פון דאָס אויסגעטוישטע. ווי בייטן מיר אויס? דאָס איז נוגע די מאָדוסן, די פאָרמען, די קוואַליטעט־אופנים פון דער אויסטויש־טראַנסאַקציע. אויסטוישונגען זיינען ניט מצומצם בלויז אויף עקאָנאָמישע אָב־יעקטן. מיר קענען זיך אויסטוישן מיט באַגריסונגען, מיט קושן, מיט שלום־עליכם־האַנטדרוקן, מיט ברכות, מיט קללות, קלעפּ, וואונדן, מאָרדן. אָט - די אויסטוישונגען וואָלטן אַרויסצייגן אַ דיווערגענץ אויך אין קוואַליטעט, ניט בלויז חילוקים אין קוואַנטיטעט. אָבער אויסטויש - ווערטן אויף וויפל זיי זיי־נען ווערטן, אַפּצאַל־אַנצייגונגען און אויפמאַנונגען פאַר אויסטויש־טראַנסאַקציעס, פאַר דער טראַנספערענץ פון פּריוואַט - אייגנטום רעכט, זיינען, באַטירלעך, גלייך, און זייערע לייכטע דיפערענצן ווערן אויסגעשעפּט דורך קוואַנטיטאַטיווקייט.

געברויך־ווערטן גופא זיינען באמת, ווי שוין עטלעכע מאָל אָנגעדייט,*) אויסטויש־ווערטן. אין זיי איז פאַרטראַטן אַ פאַרהעלטעניש צווישן מענטשן און דער נאַטור. מאַרקס ווייסט עס און זאָגט עס בפירוש. אָבער, צום באַדויערן, ציט ער ניט די נויטיקע שלוסן פון אָט־דער הנחה. מאַרקס שרייבט:

„אויף אַזויפיל, דעריבער, אויף וויפל אַרבעט איז אַ שעפערין פון געברויך־ווערטן... איז זי אַן אייביקע נויטווענדיקייט, זי ווערט אַרויפגעצוואונגען פון דער נאַטור. אָן איר קענען ניט פאַרקומען די מאַטעריעלע אויסטוישונגען צווישן מענטשן און נאַטור.״ [10])

יעדע פאָרם פון פּראָדוקציע איז אַ פאַל פון אויסטויש, איז אַ „קנייה״. דער מענטש קויפט פון דער נאַטור אַ געוויסן פּראָדוקט. דער מקח איז מענטשלעכער אָנשטרענג. דער מענטש גיט אַוועק אַ פראַגמענט פון זיין פרייער צייט, פון זיין לעבן, און אַזוי אייגנט ער זיך אָן די פּראָדוקטן, ד״ה ער געשטאַלטיקט, פורעמט זיי, אַחער קריגט זיי, גראָבט זיי אויס, און דעריבער באַזיצט ער זיי. די „פּראָ־דוקציע״, ד״ה דער באַשאַף, פון די אַרטיקלען גופא ווערט אויסגעפירט דורך פאַרשיידענע אומאיבערצייַלבאַרע נאַטור־אַגענטן. די מענטשלעכע פּראָדוקציע, פון אָט־דעם שטאַנדפּונקט, איז בלויז אויסטויש, קאָמערץ. דער מענטש באַצאָלט דעם פּרייז פאַר דערהאַזיקער „נאַטירלעכער סחורה״, וועלכע די נאַטור האָט באַ־שאַפן. מיר ווילן זיך ניט אַריינלאָזן אין אַ באַשרייב פון אַלע באַזונדערקייטן און פּרטים פון אָט־די קניות. מיר ריידן בלויז פון „אַפּצאַל״ אַלס אַזעלכן, אין אַלגע־

*) זע יידישע שריפטן באַנד 2, ז״ז 74—72.

מיינע שטריכן. מיר איגנאָרירן די דעטאַלן פון אַט־די עסקים. מיר רעכענען ניט אויס בפרטיות די כל־המיני „מטבעות“, די ספּעציעלע אופנים אויף וועלכע די אָפּצאָלונג ווערט געמאַכט. דאָס הייסט מירריידן בלויז פון אַרבעט. געוויסע מענטשלעכע פאַרהעלטעענישן צו דער נאַטור ווערן רעאַליזירט און רעגולירט דורך אַן אָנשטרענג פון איין סאָרט אָדער פון אַן אַנדערן. מיר פאַרשוויַיגן אַט־די סאָרטן, הגם זיי שטעלן פאַר מיט זיך אַ גאַר גרויסע וואַריאַיטעט, אַ פולע גאמע פון טענער. עס איז פאַראַן איינפאַכע אַרבעט, פשוט פּראַצע, אימיטאַטיווע האַרעוואַניע, און עס זיינען אויך פאַראַן שעפערישע טוואונגען; און יעדער סאָרט, אין זיך ריי, טיילט זיך אויף אין אַ שיעור גאַטונגען. מיר ריידן בכלל וועגן „אַרבעט“. אָבער מיר דאַרפן האָבן אין זינען, אַז „אַרבעט“ איז דער פּרייז וואָס דער מענטש צאָלט פאַר אַ פּראָדוקט, פאַר אַן אַקוויזיציע, וועלכע ער מאַכט. בשעת ער קומט „קויפן“ פון דער פיזישער, פּסיכאָלאָגישער, אינטעלעקטועלער נאַטור „אירן“ אַ פּראָדוקט. די „פּרייזן“ זיינען פאַרשיידן. ניט פאַר אַלץ צאָלט מען דעם זעלביקן מקח. פאַר־שיידענע פּראָדוקטן האָבן פאַרשיידענע פּרייזן, טייערע און וואָלוועלע, אַחוץ דעם צאָלן פאַרשיידענע מענטשן פאַרשיידן, אַלץ ווענדט זיך אין דעם צושטאַנד פון זייער געזונט, אין זייערע כוחות און אין דער לענג פון זייערע טעג. די וואָס האָבן כרת־ימים צאָלן טייער, די וואָס האָבן אריכת־ימים „קויפן“ אַלץ ביליק, מחמת זייער פאַרמעגן איז אַ גרעסערער, לכן קומט אויס פּראָפּאָרציאָנעל אַז דער „איינגעהאַנדלטער“ פּראָדוקט קאָסט זיי וויניקער, ד״ה זיי צאָלן מיט אַ קלענערן חלק פון זייער לעבן, ווען די אָפּצאָל־צייט ווערט גענומען אין איר פּראָפּאָרציע צום גאַנצן לעבן.

דאָס אייגענע איז ריכטיק בנוגע דעם סאָציאָלאָגישן אויסטויש־ווערט. מיר מעגן און קענען, אויב מיר ווילן, איגנאָרירן אַלע אייגנצלקייטן און באַזונדערקייטן, די ספּעציפיקאַציעס פון דעם פאַל, און קאָנצענטרירן אונדזער אויפמערקזאַמקייט אויסשליסלעך אויף זיינע אַלגעמיינקייטן. אָבער דער אמת איז אַז מענטשלעכע אַר־בעט גענומען אבסטראַקט אַלס אַזעלכע שאַפט גאָרניט, קיינע ווערטן, ניט קיין געברויך־ווערטן, ד״ה נאַטירלעכע חליפין, און ניט קיין אויסטויש־ווערטן, ד״ה סאָציאלאגישע חליפין. בכדי אַרבעט זאָל עפּעס אויפטאָן, אדער אַפילו „אָפּטאָן“ זיך אָדער יענעם, סאציאַל אָדער פיזיקאַל געדעדט (זיך אַליין, אַ מיט־מענטשן אָדער גאָר אַן אביעקט אָדער דערשיינונג פון דער אויסערלעכער סביבה) דאַרף זי בהכרח זיין קאָנקרעט, עס מוזן ווערן אַנגעוויזן אירע קוואַליפיקאַציעס. מיר דאַרפן וויסן צי זי איז פּאָזיטיוו אָדער נעגאַטיוו, צי זי איז נוצלעך, שעדלאַך אָדער נויטראַל, ניט אַהין און ניט אַהער, אינדיפערענט. חוץ דעם מוז, אויב

עס האַנדלט זיך וועגן סאָציאָלאָגישע חליפין, רעגיסטרירט ווערן די סאָציאָלאָגישע פּאָזיציע פון דעם אַרבעטער. ערשט דעמאָלט וועלן מיר זיין אימשטאַנד אָנצואווענדן צו דער אַרבעט דעם פּאַסיקן סטאַנדאַרד, דעם געהעריקן קריטעריום. דער אַרבעט־פּראָצעס דאַרף באַשריבן ווערן אַרום און אַרום. ער דאַרף דעפינירט ווערן. בלויזע ענערגיע־פאַרשווענדונג זאָגט אונדז ניט אַז מיר האָבן צו טאָן מיט סחורות, אַז דער געגעבענער אַרבעט־אַקט האָט א שייכות צו פּראָדוקטן און זייער אויס־טויש אין דער געזעלשאַפטלעכער סביבה.

פאַרשווענדונגען פון מענטשלעכער ענערגיע, פון אַרבעט־פּאָטענציאַל, געפֿינען מיר אין שפּיל, אין ספּאָרט, אין זעלבסט־אַמוזירונג, אין דער פאַרוואַלטונג פון דער אינטרא־אינדיווידועלער באַלעבאַטישקייט, וועלכע היסט אונדזער קערפּער און אונדזער זעל, אין געברויך בכלל, אין זעלבסט־פּערפעקטירונג, אין פּאַסיוויקייט, ווען די לעצטע איז אַ פאַל פון אַן אָנשטרענגפולן זיך־איינהאַלטן פון אַ נאַטירלעכן אָדער ליידנשאַפטלעכן אָפּענטפער. אַפילו אין זעלבסט־פאַרניינונג און זעלבסט־פאַרניכטונג ליגן גאַנץ באַדייטנדיקע סכומים פון אַרבעט־קראַפט.

מאַרקס שרייבט:

„דעריבער, מיט רעפערענץ צו געברויך־ווערט, ווערט די אַרבעט, וואָס אַנטהאַלט זיך אין אַ סחורה, גערעכנט בלויז קוואַליטאַטיוו, מיט רעפערענץ צו ווערט (אויסטויש־ווערט), ווערט זי גערעכנט בלויז קוואַנטיטאַטיוו און מוז צוערשט רעדוצירט ווערן צו מענטשלעכער אַרבעט, ריינער און איינפאַכער. אין דעם ערשטן פאַל איז עס געווען אַ פראַגע פון ווי און וואָס, אין דעם לעצטן — פון וויפל, ווי לאַנג די צייט. אַזוי ווי די גרויס פון דעם ווערט פון אַ סחורה רעפּרעזענטירט בלויז די קוואַנטיטעט פון דער אַרבעט, וואָס איז אין איר פאַרקערפּערט. היוצא, אַלע סחורות, ווען זיי ווערן גענומען אין געוויסע פּראָפּאָרציעס, מוזן זיין גלייך אין ווערט". [11]

אָט־די אילוזיע פון גלייכהייט ווערט געשאַפן דורך דעם פּרייזן־סיסטעם; זי איז ניט קיין פּועל־יוצא פון ווערט גופא אַלס אַזעלכן. דער מקח ווען ער ווערט אויסגעדריקט אין טערמינען פון געלט, וואָס איז, לויט זיין טבע נאָך, אַן אָנערקענטער אוניווערסאַלער פּרעפערענציאַל, אַן אַלגעמיינער דענאָמינאַטאָר, דריקט אויס קוואַליטעטן אויף אַ קוואַנטיטאַטיוון אופן. אָבער יענע קוואַנטיטעט־פּראָפּאָרציעס זיינען פון אַזאַ פאַרנעם אַז זיי זיינען גלייכגעוויכטיק מיט די קוואַליטאַטיווע דיפערענצן. אין אָט־דעם פּרט גייט קוואַנטיטעט אַריבער אין קוואַליטעט אַזוי גוט ווי אויך דאָס פאַרקערטע קען פּאַסירן. פּרייז איז אַן אויסדרוק־שטייגער, וועלכן עס געברויכט דער אויסטויש. אויסטויש־ווערט איז ניט

קיין אַנדער זיך ווי אַ געברויך־ווערט גענומען אין זיין אינטעראינדיווידועלער מאַ־ניפעסטאַציע. אַלע קוואַליטאַטיווע חילוקים קען מען רעדוצירן צו קוואַנטיטעט, אויב יענע קוואַנטיטעט איז פון אַזאַ כאַראַקטער, אַז זי אַנטהאַלט אַ פולע גאַמע פון פּאָטענציאַלע קוואַליטעטן, און די דאָזיקע פּאָטענציאַליטעטן ווערן לייכט טראַנספאָרמירט אין אַקטואַליטעטן.

„מחמת געלט איז טאַקע די פאָרם אין וועלכער די אונטערשיידן פון די סחורות אַלס געברויך־ווערטן ווערן פאַרהוילן."[12])

געלט באַזיצט אַ קוואַנטיטעט, וואָס אַנטהאַלט אין זיך פאַרבאָרגן כל־המינים פון קוואַליטעטן, און עס לייגט פאַר אַ פרייען אויסקלייב, וועלכן מ'קען דורכפירן אָן באַזונדערע שוועריקייטן, אָן האַמעטנע אַבסטרוקציעס, צווישן דער גרעסטער וואַריאַיטעט פון אַלע סאָרטן קוואַליטעטן. געלט באַזיצט ניט קיין פשוט'ע קוואַנ־טיטעט, עס שטעלט פאַר מיט זיך פּאָטענציעל אַן ענדלאָזע דיווערסיטעט פון קוואַלי־טעטן אין זייער לייכטער רעאינקאַרנאַציע אין סחורות.

אָבער וואָס איז שייך אַרבעט איז עס קיינמאָל ניט קיין פראַגע בלויז פון „וויפל?" גענומען ריין קוואַנטיטאַטיוו, נייערט פון „וויפל און פון וועלכן מין?" וואָס זיינען אירע ספּעציפיקאַציעס, אירע קוואַליפיקאַציעס? איז עס פּשוטע אַרבעט אָדער געשיקטע אַרבעט, פּאָזיטיווע אָדער נעגאַטיווע, אימיטאַטיווע אָדער קרע־אַטיווע? ווער זיינען עס יענע אינדיווידן וואָס פירן אַדורך די אַרבעט, וואָס איז זייער מעמד אין דער געמיינדע?

„ווי לאַנג האָט געדויערט די צייט פון דער אַרבעט?" אָט־די פראַגע און דער ענטפער וואָס קען געגעבן ווערן דעקן אויף גאַנץ ווינציק, אַנטפּלעקן כמעט ווי גאָרניט בנוגע דעם מהות און חשיבות פון דער אַרבעט. מחמת מיר מוזן וויסן גענוי וועמענס צייט מיר גייען עס רעכענען. איז עס די צייט, דער אָפּעראַטיווער לעבנס־פראַגמענט, פון אַ שקלאַף, פון אַ לייב־אייגענעם, פון אַ פאַראורטיילטן צו צוואַנג־אַרבעט, פון אַ פרייען האַנט־ווערקער, פון אַן עדיסאָן, פון אַ מאַרגאָן, פון אַ דיקטאַטאָר, פון אַ פעלד־מאַרשאַל בעת אַ קריג? מיר מוזן קודם כל פעסטשטעלן וועמענס צייט מיר גייען מעסטן און רעכענען. סאָציאָלאָגיש האָט „צייט" פאַרשיידענע קוואַליטעטן, און די קוואַליטעט באַשטימט אַלע איבעריקע זאַכן. הגם צווישן קוואַנטיטעט און קוואַליטעט קען עטאַבלירט ווערן אַ געוויסער מאָדוס פון פּראָפּאָרציע רעכענונג. מ'קען, אויב מע וויל עס דווקא, רעדוצירן אַלע מענטשלעכע אַקטיוויטעטן און די לעבנס פון די טוערס צו איין סטאַנדאַרד.

דער אויסטויש פון פּראָדוקטן איז איין פּרט פון דעם אַלגעמיינעם כלל פון מענטשלעכן פאַרקער. ער באַווייזט בלויז אַז מענטשלעכע וועזנס אַלס עקאָנאָמישע

סוביעקטן זיינען קאָמיוניקאַטיוו, טרעטן געוויין אַריין אין אינטער־אינדיווידועלע פאַרהעלטעניש. וואָס עס איז פאַררעכנט פאַר נוצלעך פון איינעם פון זיי, קען, אונטער ענלעכע אומשטענדן, פאַררעכנט ווערן אַלס נוצלעך און ווערטפול פון אַ צווייטן מיטגליד פון דער אייגענער אָדער פון אַן אַנדערער געמיינדע. מענטשן פלעכטן פאַרבינדונגען איינע מיט די אַנדערע, אָבער דאָס ווערט ניט געטאָן אויפן סמך פון גלייכהייט. הגם ווען מיר קוקן אַריין אין שורש דבר קען מען דאָרט געפינען די קאַרדינאַלע אידייע, וואָס זאָגט אונדז, אַז מיר זיינען אַלע מענטשלעכע וועזנס. דאָס אייגענע קען באַהויפּט ווערן וועגן דעם מענטשנס האַנדלונגען בנוגע זיינע אָרימע קרובים, די בעלי־חיים. דער מענטש איז אַן צווייפל געוואויר פון דעם פונדאַמענטאַלן פאַקט, אַז אַ געוויסע, הגם באַשרענקטע אין איר פאַרנעם, גלייכהייט־שייכות *) עקזיסטירט צווישן אַלע לעבעדיקע ברואים, אָדער, נאָך בעסער, אַ באַשטימטער קנוף בינדט צוזאַמען אַלע באַשעפענישן און אָביעקטן, איינוואוינער, פלאַץ־פאַרנעמער פון דעם אייגענעם הויז, וואָס הייסט אוניווערס. אָבער צו דער אייגענער צייט באַנעמט דער מענטש גאַנץ קלאָר, אַז ניט אַלע אָביעקטן זיינען גלייכבאַרעכטיקטע בירגער פון דער קאָסמישער רעפּובליק, ניט אַלע פון זיי געניסן דעם אייגענעם סכום פון זכיות, פּריווילעגיעס, געלעגנהייטן. ניט אַלע ווערן גלייך אָפּגעשאַצט און באַהאַנדלט. כמו־כן די מענטשלעכע אינטער־אינדיווידועלע באַציאונגען, וואָס קריגן זייער אויסדרוק אין סחורות־אויסטויש, ווערן ניט דורכגעזעצט אויפן יסוד פון אַן אויסגעהאַלטענעם גלייכהייט־פּרינציפּ, נייערט אויפן סמך פון אַ קלאַסאַלאָגישן דיפערענציאַציע־פּרינציפּ.

---

*) אבא גאָרדין, סאָציאַלע אָבערגלויבעריי און קריטיק, ז"ז 85—250.

## מראה מקומות


1. Karl Marx, Capital, I, p. 57.
2. Ibid., p. 47
3. Ibid., III, p. 1028.
4. Ibid., I, p. 88.
5. Ibid.,
6. Code of Hammurabi, articles 22-24.
7. Karl Marx, Capital, I, p. 48.
8. Ibid., III, p. 992.
9. Ibid., I, p. 44.
10. Ibid., p. 50.
11. Ibid., pp. 52-53.
12. Ibid., III, p. 462.

# נייע ביכער



**ביבליאָגראַפיש־קריטישע פאַרצייכענונגען**

**פון**

**אב. שאָולזאָן**

דורות דערציילן מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון יידן אין מיטלאַלטער און אין דער נייער צייט (1848־362) פון י. ליפשיץ, פאַרלאַג מתנות, ניו־יאָרק, תש״ד, 404 ז׳.

„דורות דערציילן" איז דאָס ערשטע בוך אין יידיש. עס נעמט ארום פופצן הונדערט יאָר יידישע געשיכטע, דערציילט פון יידן און פון ניט־יידן, וואָס האָבן געלעבט אין יענע צייטן. אין 62 קאַפּיטלען, דורך אויסצוגן און דאָקו־מענטן, גייען דורך די וויכטיקסטע יידישע פּערזענלעכקייטן און די באַדייטנדיקסטע געשעענישן פון די לעצטע פופצן הונדערט יאָר.

די כראָניק פון ערשטן קרייצצוג, פון איינעם וואָס האָט אליין איבערגעלעבט די שוי־דערלעכע אכזריותן פון די קרייצטרעגער, גיט אַ שרעקלעך בילד פון די העלדישקייטן פון די, וואָס זיינען אליין געגאנגען אויף קידוש השם, אומגעבראכט זייערע טייערסטע, אבי זיי ניט איבערצוגעבן צום קרייץ. די אויסצוגן פון „ספר החסידים" גיבן אונדז פּערל פון דעם איידלסטן און שענסטן פון דער יידישער מאָראַל, וואָס איז נאָך היינט אזוי ניי, ווי אין מיטלאַלטער. די בריוו פון רמב״ם, רמב״ן און וואָס ס׳דערציילט דון יצחק אברבנאל וועגן זיין דראַמאַטישן אַנטלויפן פון פּאָרטוגאַל קיין שפּאַניע, די אויספירלעכע באַשרייבונג וועגן שבתי צבי׳ס לעבן און מעשים פון סער פּאָל ריקאָט, ענגלישער קאָנסול אין סמירנא, וואָס האָט אליין געקענט דעם פאַלשן משיח, ווייזן אונדז וויכטיקע יידישע פּערזענלעכקייטן אין זייער אייגן ליכט, אדער אין ליכט פון זייערע מיטציילער. די קירכלעכע פאַרבאָטן, די פּויפּסטלעכע בולעס, וואָס זיינען נוגע יידן, די שוידערלעכע באַריכטן פון דער אינקוויזיציע, אזוי אויך די גרוילעכע באַשרייבונגען פון גירוש שפּאַניע ווייזן אונדז דעם גלות, ווי ער איז געווען און איז נאָך, ליידער, ליידער אויך היינט.

י. ליפשיץ, דער מחבר פון „דורות דער־ציילן", איז א יונגער היסטאָריקער, וואָס האָט געדרוקט זיינע היסטאָרישע ארבעטן אין די „ייוואָ בלעטער". אויף דעם בוך האָט דער מחבר אָפּגעגעבן א סך יאָרן פון ארבעט און פאָרשונג.

„דורות דערציילן", איז א האַנט־בוך פאַר יעדן איינעם, וואָס וויל זיך באַקענען מיט פאַרשיידענע צייטן און געשעענישן אין אונ־דזער געשיכטע.



קיסר און רבי. היסטאָרישער ראָמאַן. ערשטער באַנד: דער נדר. פון ז. שניאור. ציקאָ ביכער פאַרלאַג, ניו יאָרק, 1944, 348 ז״ז.

דאָס דאָזיקע בוך איז דער ערשטער באַנד פון ז. שניאורס גרויסן היסטאָרישן ראָמאַן „קיסר און רבי". דאָס גאַנצע ווערק וועט האַלטן פינף בענדער, אין וועלכן עס ווערט אָפּגעשפּיגלט איינע פון די אינטערעסאַנטסטע געשיכטלעכע עפּאָכן : נאַפּאָלעאָנס קאַמף מיט רוסלאַנד. אויך ווערט געגעבן אין דער סעריע „קיסר און רבי" אַן אינטערעסאַנט בילד פון יידיש לעבן אין דער אַמאָליקער רוסלאַנד אין אָנהויב ניינצנטן יאָרהונדערט. באַזונדערס אינ־טערעסאַנט ווערט געשילדערט דאָס יידיש לעבן אין א רייע שטעט, וואָס האָבן געשפּילט א

וויכטיקע און דאָמינירנדע ראָלע אין דער געשיכטע פון יידן אין דעם אַמאָליקן רוסלאַנד.

אינם היסטאָרישן געוועב, פון דער אויבנדערמאָנטער עפּאָכע, גייען אין ראָמאַן אַדורך דריי רוסישע מלכים: יעקאַטערינע די צווייטע, פּאַוועל און אַלעקסאַנדער דער ערשטער. אין די הויפּט־ראָלען אין פראַנקרייך: א סך פּיגורן פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע. פון די יידישע פּערזענלעכקייטן אין יענער צייט: דער אַלטער רבי ר' זלמן שניאורסאָן און דער ווילנער גאון אין צעפלאַקערטן קאַמף פון חסידיש און מתנגדיש.



**וואוהין גייען מיר?** יידישע וואַנדערונג אַמאָל און היינט. פון **יעקב לעשצינסקי.** אַרויסגעגעבן פונם יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, ניו־יאָרק, 1944, 135 ז״ז.

דאָס אויפגעטרייסלטע, רואינירטע יידישע לעבן אין אייראָפּע צווינגט איצט דעם יידישן מענטשן צו פאַרטראַכטן זיך ערנסטער וועגן דעם יידישן גורל. דער חורבן פון מיליאָנען יידן אין לענדער, וואו זיי וואוינען שוין הונדערטער און אַריבער טויזנט יאָר, מוז אַרויסרופן, מיט דער גאַנצער שאַרפקייט, די אַלט־נייע שיקזאַלהאַפטע און טראַגישע פראַגע: וואוהין גייען מיר?

אין דעם דאָזיקן בוך „וואוהין גייען מיר?" האָט דער באַקאַנטער יידישער עקאָנאָמיסט און שריפטשטעלער יעקב לעשצינסקי, אַנאַליזירט אויף א גרינטלעכן אופן די פאַקטאָרן אין אונדזער געשיכטע, וואָס זיינען גורם צו אונדזער טראַגישער און אָפּטמאָל פאַרצווייפלטער לאַגע. מיט א גרויסער פאַרשטענדעניש פאַר געשיכטלעכע געשעענישן און פּראָצעסן האָט דער מחבר אָנגעוויזן אויף די גרונד־טענדענצן פון די יידישע וואַנדערונגען, וואָס האָבן געטראָגן אין זיך קאָנסטרוקטיווע נאַציאָנאַלע מעגלעכקייטן, און אויף די יידישע וואַנדערונגען, אין דער לעצטער צייט, וואָס פירן צו אַסימילאַציע און פאַנאַנדערפאַלן פון יידישן פאָלק.

אין דעם בוך וועט דער לייענער געפינען א סך סאָציאָלאָגישן וויסן און אויפקלערונג בנוגע דער קעגנוואַרטיקער יידישער לאַגע, די טיפע אמתן, וואָס ווערן אַרויסגעבראַכט אין דעם בוך, ווייזן אויך אָן אויף דעם קאָנסטרוקטיוון כאַראַקטער פון דער איינוואַנדערונג אין ארץ ישראל. דער פּראָצעס, וואָס ברענגט אונדז אין ארץ ישראל, פאַרהיט אונדז ניט נאָר פון אַסימילאַציע און צעברעקלונג, נאָר באַשאַפט א נייעם שטייגנדיקן כוח, וואָס באַנייט דעם גאַנג פון דער יידישער געשיכטע און יידישער ווידעראויפלעבונג.



**יעקבס געצעלטן.** פון **אפרים אויערבאַך.** פאַרלאַג מתנות, ניו־יאָרק, 1945, 232 ז״ז.

לידער און פּאָעמען פון טיף־יידישן אינהאַלט, וואָס אָטעמען מיט דעם אייביקן יידישן בטחון, און ריידן צו אונדז וועגן דעם טרויער פון אונדזער היינטיקער טראַגישער צייט. אין דעם בוך איז אויך געדרוקט די פּאָעמע „שיר השירים מיט עברי טייטש" און „די מעשה מיט דעם זיבעטן בעטלער", אין נוסח פון ר' נחמן בראַצלאַווער.



**רויט און שוואַרץ.** דערציילונגען. פון **ש. מילער.** אַרויסגעגעבן פון ש. מילער בוך־קאָמיטעט, לאָס אַנדזשעלעס, 1945. 315 ז״ז.

דאָס איז דאָס זעקסטע בוך פון דעם זעלבן מחבר וואָס האָט געשאַפן א נאָמען אין אונדזער ליטעראַטור מיט זיין ספּעציפישן אופן פון באַהאַנדלען אַקטועלע יידישע טעמעס.



**פרענקלין ד. רוזוועלט.** פון **ל. פאַרעס.** פאַרלאַג א. א. בידערמאַן, ניו־יאָרק, 1945, 252 ז״ז.

דאָס בוך איז דאָס ערשטע ביאָגראַפיע אויף יידיש פון אונדזער גרויסן פאַרשטאָרבענעם פּרעזידענט, פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט.

דאָס דאָזיקע בוך, לאָזט וויסן דער מחבר איז פאַרענדיקט געוואָרן אין פרילינג 1944, און איז דערשינען אין מערץ 1945.

---

**מחברים וואָס ווילן אז זייערע ביכער זאָלן פאַרצייכנט ווערן אין דער דאָזיקער אָפּטיילונג, ווערן געבעטן צוצושיקן אין רעדאַקציע צוויי עקזעמפּלאַרן פון זייערע ווערק. אַדרעסירט:**

A. Shoulson, 78 Corbin Place, Brooklyn 29, N. Y.



# זעלבסט־גלויבן

בוך צוויי: זעלבסט־פּרינציפּ

פון

## אבא גאָרדין

7.

## עטיק

א. עטיק אלס מאַנאַגעמענט. ב. אוטיליטאַריאַניזם. ג. דאָס אידעאַליטיווע

א.

### עטיק אַלס מאַנאַגעמענט

דער ענדגילטיקער ציל פון דער עטישער דיסציפּלין איז די פאַרגרעסערונג פון דער צאָל פון סימפּאַטישע מעשים און מחשבות, פאַקטאָרן און אַגענצן. די באַשטרע־בונג פון עטיק איז די רעדוקציע פון אַלע פאַרשיידענע טעטיקייטן, סעפּאַראַטע אַקטיוויטעטן, די איינצלנע אַקטן פון מענטשלעכן אויפפיר צו איין אַלצאַרומפאַסנ־דיקן זעלבסטזום.

דער עטישער אויפפיר פון יעדן יחיד איז די הנהגה זיינע, וועלכע שטעלט פאָר מיט זיך דורך זיין גאַנצן לעבן אַ גאַנצקייט. יעדע באַוועגונג, יעדע אונטערנעמונג, יעדעס וואָרט וואָס ער רעדט אַרויס ריכט אויף א מאָנומענט, ניט פון מירמלשטיין, ניט פון בראָנז וואָס איז טויט און קאַלט, נייערט פון וואַרימע לעבעדיקע מעשים. דער עטיקער נעמט זיין פּריוואַטן לעבן און מאַכט פון אים אַ פּאָעמע געשריבן ניט מיט טינט, נייערט מיט בלוט פון קלאַפּנדיקן האַרצן, מיט מאַרך פון אַרבעטנדיקן פאַרשטאַנד. דער לעבן פון מאָראַליסט דאַרף האָבן פאַר זיך אַ קלאָרן זעלבסט־ציל און אַ דורכגעטראַכטע סיסטעם פון מיטלען, אַן פאַרדרייעניש, פאַרקירעווענישן,

אָן פּאַרדרוס און חרטות אויף־וויפל נאָר מעגלעך. ער דאַרף פאַרשטעלן אַ גערעדע ליניע פון סאַמע אָנהייב פון באַוואוסטזיניקייט ביז צו דעם לעצטן אָטעם־צוג. אַזאַ לעבן שאַפט אַ פאַראייניקונג פון אינעווייניק, גרינדעט אָן אינערלעכן אינטער־אינדיווידואַל פון געפילן, שפּירונגען, שטימונגען, געזינונגען און, הויפּטזעכלעך, מעשים. אַלע אַקטן זיינען דורכגענומען מיט אַ גאַנצקייט־אידייע און זיי פאַרדינען דעם פאַראַלגעמיינערונגס־נאָמען הנהגה. אַ הנהגה איז אַ בנין, אין וועלכן יעדער ציגל איז אָוועקגעלייגט, יעדעס שטיינדל אַריינגעצעמענטירט לויט אַ באַשטימטן פּלאַן, לויט אַ תכלית, וועלכער איז פיקסירט לכתחילה.

דער אויפפיר דאַרף פאַרשטעלן פון אינעווייניק עפּעס סיסטעמאַטיש גאַנצעס. דאָס הייסט יעדער טייל זיינער דאַרף זיך געפינען אין צושטים מיט אַלע איבע־ריקע טיילן און מיט זיך אַלס אַ גאַנצן. פון דרויסן דאַרף ער זיך באַטראַכטן אַלס אַ טייל פון דעם אויפפיר פון דעם גרעסערן קרייז, פון שבט, קלאַס, פאָלק, ציוויליזירטער מענטשהייט. דער כלל פון אויפפיר קען פאָרמולירט ווערן מיט דעם פאָלגנדיקן זאַץ: פיר זיך אויף אַזוי אַז דיין אויפפיר זאָל קענען דינען אַלס מוסטער פאַר נאָכמאַכונג פאַר דיר אַליין און פאַר דיין מיטמענטשן. דיין אויפ־פיר דאַרף אויפריכטן אַ גאַנצטום. ער טאָר זיך ניט געפינען אין ווידערשפּרוך מיט דעם אויפפיר פון דעם רבים, וועלכער שטעלט צוזאַמען די עטישע ציווי־ליזאַציע. אַ מאָראַליסט דאַרף לעבן בשלום מיט זיך, מיט זיין אייגענער נאַכמענטש־הייט און פאַרמענטשהייט ווי אויך מיט זיין מיט־מענטשהייט, און הויפּטזעכלעך, מיטן זיכטום, מיטן אנוכי יהוה.

יעדער אַקט וועלכער פלעגט שלום, פאַרמערט פאַרשטענדעניש, קולטיווירט איינשטימיקייט, שאַפט אחדות איז אַן עטישער אַקט. יעדער אַקט וועלכער איז גורם צו מיספאַרשטענדענישן, ברענגט צו צוויסטיקייטן, יעדע אַקציע וואָס פאַר־אורזאַכט דיסאָרגאַניזאַציע, יעדע טואונג וועלכע רופט אַרויס אַן אומאָרדענונג, איז אַן אומעטישער אַקט און דאַרף פאַרוואָרפן ווערן.

אונדזער גאַנצער אויפפיר אַפילו בלויז אַלס פיזיאָלאָגישע וועזנס האָט איין זאַך אין זינען און דאָס איז די שטרעבונג צו דאָס גאַנצע אין גרויסע ענייִנים ווי אויך אין קליינע. דער זעלבסטום־זיכטום איז דער כלל־גדול אין דער תורה פון באַשטאַנד. קיינער קען ניט פאַרלעצן אָט־דעם הויפּט־פּרינציפּ און זיך אַרויס־דרייען פון אַ שטראָף, וועלכע קומט אַלס אַ רעאַקציע לויט דעם מאָדוס פון מידה כנגד מידה.

אונדזערע חושים געפינען זייער פאַראייניקונג אין דעם אינטעלעקט. זיין עובדא איז צו אוניפיצירן, אוניפאָרמירן אַלע אונדזערע שפּירונגען און פער־

צעפּציעס. אויך אונדזער זיכרון פאַרפאָלגט דעם צוועק פון אחדות. ער פאַראייניקט אַלע אונדזערע דערפאַרונגען און מאַכט פון זיי עפּעס גאַנצעס. דאָס ביאָלאָגישע לעבן איז אַן אחד, אַן אחדות סיסטעם סיי פון אינעווייניק און סיי פון דרויסן: אַ פאַרבינדונג צווישן די דורות, מוטער־קינד עד סוף כל־הדורות, הן אַרויפצו, אין דער ווייטער צוקונפט, הן אַראָפּצו אין דער ווייטער פאַרגאַנגנהייט. לעבן שטעלט פאָר מיט זיך עפּעס גאַנצעס, וועלכעס ווערט ניט איבערגעריסן. אונדזער פּסי־כאָלאָגיע איז אויך באַזירט אויף דעם אייגענעם פּרינציפּ פון גאַנצקייט. אויף דעם אייגענעם פּרינציפּ האַלט זיך אונדזער גאַנצע ציוויליזאַציע. קולטור־ירושה פאַרבינדט די דורות קולטורעל. ווי דער לעבן בינדט זיי ביאָלאָגיש, אין לייב, אַזוי בינדט זיי טראַדיציע אין גייסט, *) קולטוראָלאָגיש.

אַן עטישער אויפפיר איז טעלעאָלאָגיע, ד״ה ער באַצוועקט תכליתים, שטעלט זיך צילן און דערגרייכט זיי. מיט אַנדערע ווערטער, דער עטישער אויפפיר דאַרף אַזוי געבויט ווערן אַז ער זאָל באַקומען אַלע וויכטיקע פאָדערונגען פון אַרכי־טעקטאָניק. יעדער שטיקל פון הנהגה דאַרף געבראַכט ווערן אין הסכם מיט יעדן אַנדערן פראַגמענט פון פיר אַזוי אַז אַ גאַנצע געבייד׳ע ווערט אויפגעשטעלט. און וואו עס איז פאַראַן בנין, דאַרטן איז דאָ עטיק. ווייטער, אונדזער „הויז פון אויפפיר" דאַרף זיך אַריינפּאַסן אין פּלאַן פון „גאָס". די גוט־אויסגעפּלאַנירטע גאָס דאַרף שטימען מיטן באַקוועמען אויסלייג פון שטעטל, שטאָט, כרך, רעזידענץ־שטאָט. עס דאַרף הערשן אַ סימעטריע צווישן שטאָט און שטאָט ביז „דאָס גאַנצע לאַנד פון מענטשנס הנהלה" זאָל טראָגן אויף זיך דעם חותם פון סיסטעמאַטישקייט, אויסגעהאַלטנקייט, אַזוי אַז אַ גאַנצישקייט ווערט מאַניפעסטירט ווערן. אַט־די גאַנציש־קייט דאַרף אַדורכדרינגען ניט נאָר דעם גאַנצן פאַרנעם פון דער גאַנצער הנהגה, נייערט אויך יעדן דעטאַל, יעדן פּרט פון פיר. יעדער אַקט דאַרף האָבן אַ תכלית. אַט־דער תכלית דאַרף אַריין אין אַ גרעסערן קרייז פון תכליתים, וואו ער ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ מיטל פאַר אַ וויכטיקערן תכלית, פון אַ גאַנצקייט ווערט ער אַ טייל פון אַ גרעסערער גאַנצקייט. און אַזוי ווייטער, די גרעסערע גאַנצקייט דאַרף אַריין אין אַ נאָך גרעסערער גאַנצישקייט, ביז מע קומט צו דער גרעסטער גאַנציש־קייט. דעם מענטשנס מאָראַליש לעבן, וואָס באַשטייט פון אַן ענדלאָזער צאָל פון סעפּאַראַטע האַנדלונגען, ווערט איין גוט־צונויפגעהאַלטענע איינהייט. ער נעמט אַריין אין זיך דעם גאַר און אַלץ פון דעם געגעבענעם יחיד׳ס אויפפיר. ער וואַרפט ניט אַרויס און וואַרפט ניט אָפּ קיין איין קרושל פון פיר, אַלץ ווערט אוטיליזירט,

*) אבא גאָרדין, מאָראַל אין יידישן לעבן, ז״ז 78—277.

דינט דעם אַלגעמייך־יחיד׳ישן לעבנסצוועק. אַזאַ לעבן איז אַ סטאַטויע, וואָס טראָגט אויף אירע פּלייצעס די לאַסט פון דורות־און־דורות, און גיט זיך ניט אַ קרים, אַ בויג, אַ קאַרטשע אונטער דער משא פון די פאַרביילויפנדיקע און פאַר־בייגעלאָפענע יאָרן.

דער עטישער לעבן פון אינדיווידוּ גענומען אַלס אַ גאַנצישקייט גייט אַריין אַלס אַ טייל אין לעבן פון דער געמיינדע, אַנהייבנדיק מיטן ענגן קרייז פון דער אייגענער משפחה און אַריבערגייענדיק צו דער גאַרער מענטשהייט. דער עטישער אויפפיר פון דער מענטשהייט אַלס עפּעס גאַנצעס געפינט זיך אין הסכם מיט דעם אויפפיר און צוועק פון דעם אוניווערס, אַריינגענומען אַלע זיינע אָביעקטן, דער־שיינונגען און פּראָצעסן. דער עטישער אויפפיר פון אוניווערס געפינט זיך אין אײינקלאַנג מיטן אויפפיר פון דעם מאַקראָ־עגאָ, דעם אייביק־אַלערהעכסטן „באַ־דאַרף־צו־זיין". די קאָמוניקאַציע־ליניעס טאָרן ניט זיין איבערגעריסן. דער מענטש אין יעדער רגע פון זיין לעבן, פון זיין אויפפיר דאַרף פילן און רעאַליזירן דעם קאָנטאַקט מיט דעם „אין־עוד", מיט דעם גרויס־זיכטום. ער דאַרף כסדר און תמיד זיין געטריי דעם געבאָט פון דביקות... ואתם הדבקים ביהוה...

די עטישע פּראָבלעם איז, אַזוי צו זאָגן, אַן אייביקע פּראָבלעם. עס וועט קיינ־מאָל ניט אַראָפּגיין פון טאָג־אָרדענונג ביי דעם דענקענדיקן טייל פון דער מענטש־הייט. אָט־די פּראָבלעם ליגט איינגעקלאַמערט אין זיין אַלס אַזעלכן. צו זיין מיינט צו זיין עטיש, צו באַזיצן עטישן, ד"ה מאַנאָעגאַטישן באַוואוסטזיין אין וועלכער עס איז מאָס. צו עקזיסטירן מיינט צו עטיזירן, מאַנאָעגאַאיזירן. און ניט דערפאַר פאַלן צוזאַמען די־דאָזיקע צוויי השגות און אַנשטרענג־היקפּס, ווייל עקזיסטענץ, וואָס איז באמת אינסיסטענץ, בלייבט אַלע מאָל גערעכט, אַפילו ווען זי שעכט, און מהאי טעמא טראָגט דאַזיין אַלע מאָל אַרום מיט זיך כסדר און אומעטום זיין באַרעכטיקונג אין זיך. ניין, ניט צוליב דעם, נייערט מחמת דעם, וואָס דער סאַמע היפוך איז ריכטיק. עטיק, ד"ה מאַנאָעגאָטיק, טראָגט אין זיך, מיט זיך איר אינסיסטענץ־עקזיסטענץ. אָן עטיק, אָן יהוה, איז קיין שום אינסיסטענץ־עקזיס־טענץ ניט שייך. און וואו עס איז פאַראַן עטיק־מאָנאָעגאָטיק, אנוכי יהוה, מוז אינסיסטענץ־עקזיסטענץ ממילא זיין. צו עטיזירן מיינט צו אינסיסטירן־עקזיס־טירן. עטיזירונג איז אינסיסטירונג*) און זי איז קודם צו עקזיסטירונג. יעדע מאָראַלישע אַקציע איז אַן אינסיסטענץ־אַקציע, איז אַ מאָנאָעגאַטישע טועכץ, איז אַ פּאַרטיציפּאַציע, אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער אופן, אין דעם פּראָצעס פון אנוכי־

*) אבא גאָרדין, יידישע עטיק ז' 150.

יהוה׳זאַציע, אין דעם פּראָצעס פון זיכערונג־איכערונג. דאָס מיינט צו זאָגן אַז עטיק, מאָנאָעגאָטיק האָט דעם גאַנצן חלק אין דעם גרויסן מעשה בראשית, וואָס איז, קודם כל, אַ קרעאַציע פון ווערטן. די ווערטן געפינען זיך תמיד אין די גרענעצן פון דעם מאָנאָעגאָ, פון אנוכי־יהוה. די ווערטן זיינען אוניווערסאַל. זיי זיינען מעשים, אַקציעס, אויפטואונגען, וועלכע ווערן זעלבסט־דורכגעזעצט אין דעם זעלבסטום און דורך זעלבסטום.*) דאָס דאַזיין איז אַ זעלבסט־דאַזיין און דעריבער מוז עס זיין אַ דאָמיין, אַ מאָנאָעגאָטיק. דאָס הייסט עס איז אַ זעלביקונג פון אַ זעלבסט, אַ מאַניפעסטאַציע פון דעם אנוכי־יהוה.

דאָ, אויף דעם געביט פון עטיזירונג, דרייט זיך דאָס פּראָבלעם—ווי דער פאַל איז אין דעם גרויסן תחום פון אין־סוף אַזוי גוט ווי אין דעם קלענסטן שטח פון דעם אינפיניטעסימאַל — אַרום דער ראַטע פון דער יהוה׳זירונג. דער שאַרפער פונקט פון דער פראַגע איז געקערט צו דעם אַנדייט מכוח דעם אַרויפשטייג, מכוח דער עליה. דער לעבן איז אַ טייל פון אינסיסטענץ־עקזיסטענץ. דער לעבן איז אַ סוקסעסיע, וואָס גייט אָן אָן אַן איבערבראָך, אָן אַ פאַרהאַקן זיך. פאַרהעלטעניש פאַרבייטן פאַרהעלטעניש. אָביעקטן טוישן זיך מיט אָביעקטן. בשעת מיר גייען איבער פון איין דרגא צו אַ צווייטער באַוועגן מיר זיך, — מיר, די איכן — אין דער ליניע פון אַ פאַרגרעסער און אַ פאַרבעסער פון דער קוואַליטעט און שלימות פון דער יהוה׳זאַציע, מאָנאָעגאָאיזאַציע. און די אייגענע אַקציע, וואָס מיר האָבן באַטראַכט אַלס באַשאָנקען מיט אַ הייכן קאָעפיציענט פון עטישקייט, פון אני־יהוה׳שקייט, פאַרוואַרפן מיר שפּעטער און שטעמפּלען זי אָפּ אַלס אַנטי־יהוה׳איש, אוממאָראַליש. דאָס איז דאָך אַ טאַטזאַך וואָס איז אַלעמען באַקאַנט. שטיקלעך פון אויפפיר וועלכע מע האָט פאַרצייטנס געהאַלטן פאַר מאָראַלישע אויפטואונגען, ווערן מיט דעם פאַרלויף פון דער צייט פאַרדאַמט און אַרויסגעשליידערט פון עטישן פיר. די דערקלערונג דערפאַר איז פשוט. יעדע אַקציע איז באמת אויסשליסלעך אַ רעאַקציע, ד״ה זי גייט אַריין אַלס אַ רינגעלע אין אַן ענדלאָזער קייט פון מעשים. אין די גרענעצן פון אוניווערסאַלן אָנשטרענג, אַלגעמיינעם פלייס איז ניטאָ אַזאַ זאַך ווי אַן ערשטע אַקציע, וועלכע זאָל ניט האָבן פאַר זיך אַן אַנטעצעדענט, עפּעס אַ קודם. מיר האָבן כסדר און תמיד צו טאָן מיט פאַרבינדונגען, פירודים און הזדווגותן, שפּאַלטונגען און גאַנצמאַכונגען. הנהגה איז, בכלל, אַ סיסטעם פון רעדער און רעדלעך, קרייזן אַריינגעשריבן אין קרייזן. ווען צוויי אַקציעס ווערן באַאורטיילט איז די זאַך אַזוי: די וועלכע אַנטהאַלט אין זיך עלעמענטן פון אויסגעשפּראָכענער מאָנאָעגאָ־

*) דאָרט, ז׳ 145.

טיק אין אַ גרעסערער מאָס איז דערקלערט צו זיין עטיש, און די יעניקע, וואָס אַנט־האַלט עלעמענטן פון דער אייניקער ענטיטעט אין אַ קלענערער מאָס איז פאַר־דאַמט און דערקלערט פאַר אומעטיש. אָבער באמת זיינען אַלע אַקציעס עטיש. ווייל קיין אַקציע קען זיך ניט רעאַליזירן, סיידן זי האָט זיך פאַרדעם אידעאַליזירט, דאָס הייסט אַלץ און גאָר באַוועגט זיך, געפינט זיך אין דעם אומענדלעכן קרייז פון מאַגנאַעגאַטיק, פון אני־יהוה׳יסטיק.

אַלע אונדזערע דיסציפּלינען, סיי ספּעקולאַטיווע און סיי פּראַקטישע, זיינען פאַרנומען מיט דער אינוועסטיגאַציע פון אַקציעס, פּראָצעסן. היוצא, זיי זיינען זיך מתעסק מיט דער פאַרשריפט פון האַנדלונגען, מיט דער פאַרמולירונג פון געזעצן, פּרעצעפּטן, רעגלען, דאָס הייסט זיי זיינען דירעקט אָדער אומדירעקט נאָר־מאַטיוו. חוץ דעם איז דאָך אויספאָרשונג אַליין ווידער בלויז אַ האַנדלונג, און אַלס אַזעלכע איז זי דאָך אונטערגעוואָרפן אונטער דער יוריסדיקציע פון עטיק, ווייל פאַר דעם פאָרשער איז דאָך פאָרשונג אַן אַרבעט, אַ טייל פון זיין אויפגאַבע, און ער באַשטימט דאָך, לכל־הפּחות, דעם לעבן פון דעם פאָרשער. אמווייניגסטן אין לעבנסבילד פּאַסט ער אריין אין אַ ראָם פון הנהגה. אַלע אונדזערע דיסציפּלינען זיינען פּרעסקריפּטיווע. אַנדערע זאָגן עס בפה־מלא, אַנדערע, ווידער, אויף שטום־לשון. זיי זיינען אָבער תמיד אורח־חיים׳דיק, נאָרמאַטיוו. אַסטראָנאָמיע זעט דאָך אויס צו זיין ווייט פון וועלכער עס איז שייכות צום מענטשלעכן אויפפיר און טראָץ דעם איז זי אַן עטישע דיסציפּלין, אַ מאַגנאַעגאַטישע מעטאָדיק. קיינער וועט זיכער ניט אָפּלייקענען אַז עס האָט עקזיסטירט און עס עקזיסטירט עד־היום אַ פאַר־העלטעניש צווישן אָט דעם צווייג פון קענטעניש־וויסעניש און דעם מענטשלעכן אויפפיר, מענטשלעכן אָנשטרענג. מע קען זאָגן מיט פולער באַשטימטקייט, אַז אָט־דער צווייג פון דער וויסנשאַפט, — הגם אין פלוג האָט ער דאָך צו טאָן מיט אָב־יעקטן וועלכע זיינען אַזוי ווייט פאַררוקט, געפינען זיך אין אַ דיסטאַנץ פון אומ־געהויער גרויסע מרחקים, — האָט באַאיינפלוסט די מענטשלעכע הנהגה פיל מער ווי אַ סך אַנדערע צווייגן פון דער וויסנשאַפט, וועלכע האָבן צו טאָן מיט קעגנ־שטאַנדן, וואָס זיינען פאַרבונדען מיט אונדזער טאָג־טעגלעכן לעבן. די קאָלאָסאַלע השפּעה, וואָס אָט־די שטערן־וויסנשאַפט האָט אויסגעאיבט, נעמט זיך דווקא פון דעם וואָס אַסטראָנאָמיע (אַמאָל האָט זי געהייסן אַסטראָלאָגיע) פאַרנעמט זיך מיט דער אויספאָרשונג פון אָביעקטן וועלכע זיינען אָפּגערוקט אויף היפּשע תחום־שבת׳ען פון אונדזער סביבה און מעשים בכל יום טואונגען, דווקא דערפאַר וואָס זי איז זיך מתעסק מיט עפּעס וואָס איז „העכער״, איבער אונדז. דער מקור פון ענערגיע

געפינט זיך „אויבן", און זי „פליסט אראָפּ" צו אונדז פון „הימל", פון „זיבעטן הימל", פון דער זון.

דער באַשאַף אַלס אַ גאַנצער איז געבונדן דורך דעם מאָראַלישן געזעץ, וועל־כער איז דער ערשטער פּרינציפּ פון מאָנאָעגאַטיק. דער באַשאַף, אויף וויפל ער איז עפּעס גאַנצעס, ווערט קאָנסטיטואירט פון איינהייטן, ער איז אַליין אַן אחד, אַ שטיק מאָנאָעגאַטישקייט, דאָס אייגענע דאַרף געזאָגט ווערן מכוח דער געזעלשאַפט אַלס אַ גאַנצקייט. אויף־וויפל זי איז אַ גאַנצקייט איז זי מאָנאָעגאַטיש, זי איז אַן „איכערקייט־זיכערקייט". כמו כן בנוגע יעדער וויסנשאַפט, מלאכה, פאַך, אויף־וויפל זיי דינען עפּעס גאַנצעס, צונויפגעבונדענעס, אַנטהאַלטן זיי מאָנאָעגאַטישע עלעמענטן. ד"ה זיי מוזן באַזיצן אַ מוקדם־ומאוחר, אַ באַשטימטע סוקסעסיע פון ספּעקולאַציעס אָדער מאַניפּולאַציעס, באַוועגונגען, זשעסטן. מיט איין וואָרט, סיי אַ וויסנשאַפטלעכע, סיי אַ קינסטלערישע און סיי אַ טעכנישע דיסציפּלין אַנטהאַלט אין זיך אַן עטאַבלירטן סדר, שטעלט פאָר מיט זיך אַ געזעמל פון סעפּאַראַטע אַק־ציעס, וועלכע באַצוועקן אַ באַשטימטן תכלית און וועלכע גיבן, אַלס רעזולטאַט, אַ באַשטימטן פּראָדוקט, וואָס איז אַ קעגנשטאַנד אָדער אַ פּראָצעס. אַזוי אַרום איז יעטווידע אַנטדעקונג, יעדע קאָנסטרוקציע, יעדע שאַפונג, דערפינדונג אַ דיסציפּ־לין פון אַן עטישן כאַראַקטער. מיר קענען זיך ניט פאָרשטעלן די מענטשהייט אין איר ציוויליזאַציאָנעלן צושטאַנד אָן וויסנשאַפט, טעכניק, קונסט, מלאכות, פאַכן, און אָט־די אויסגערעכנטע דיסציפּלינען זיינען אומדענקבאַר אָן אַ מינימום פון עטיק.

מער ווי דאָס. די וועלט אַלס אַ גאַנצע דאַרף באַטראַכט ווערן אַלס אַ רעאַליזי־רונג פון געוויסע עטישע אידייען, און אָן זיי וואָלט זי צוריק אַריינגעפאַלן אין אַ צושטאַנד פון פולמאַסיקן תהו־ובהו. אומעטום מיניען פאַר אונדזערע אויגן גע־זעמלס, קיבוצים, אַגרעגאַטן. אַזוי צו זאָגן, גאַנצע באַפעלקערונגען פון טאַטן, גאַנצע יישובים פון מעשים, גאַנצע לעגיאָנען פון דערשיינונגען און פּראָצעסן. קיינער פון זיי קומט ניט ביחידות. קיינער פון זיי איז ניט קיין פּרוש אָדער נזיר אָדער מתבודד. זיי פאַרמירן, אויב מע מעג זיך אַזוי אויסדריקן, געזעלנשאַפטן פון דער־שיינונגען, זיי גרינדן כנופיות פון אָביעקטן, זיי שליסן פאַראיינען פון פּראָצעסן.

אין דעם קען מען זען די גרויסע מאָראַליזירנדיקע השפּעה, וואָס די וועלט האָט אויפן מענטשן, אויף דער מענטשהייט, וועלכע איז אַ טייל פון באַשטאַנד. די וועלט אַלס אַזעלכע האַנדלט לויט אַ מינימאַל־עטישן שלחן־ערוך. דער באַשאַף אַלס אַזוינער איז דער בעסטער מוסר־זאָגער. ווייל עס איז ער און ניט קיין אַנדערער, וועלכער דינט אַלס מעורר צו קאָאָפּעראַטיווע אַקטיוויטעטן, צו סאָלידאַריסטישע אונטערנעמונגען. אָן אַ שיעור זוימען פון סאָלידאַריזאַציע, פון קאָאָפּעראַציע זיינען

צעזייט און צעשפּרייט איבערן גאַנצן תחום פון דאַזיין. אַלץ וואָס מיר דאַרפן טאָן איז בלויז באַאָבאַכטן עס, אויסגעפינען.

באמת זיינען די געזעצן פון אויפפיר, ווי אויך די מוסטערן פון טוגנטהאַפטער הנהגה, ווי די גאַנצע טעאָריע פון מאָראַל פאַרקערפערט אין יעדן „שטיקל־און־ברעקל" פון אַקציע, פון געדאַנק, פון עשיה און מחשבה. מחשבה דאַרף אַריינגע־שלאָסן ווערן, ווייל טראַכטן איז דער ר״יכסטער און פאַרצווייגטסטער תחום פון טאָן און הנהגה. מענטשן, אַפילו די איינפאַכסטע, דענקען מער איידער זיי האַנדלען. זיי האָבן מער צו טאָן מיט׳ן קאָפּ ווי מיט די הענט אָדער מיט דער צונג. מענטשן מוזן זייער גאַנצן לעבן, כסדר אָן אויפהער, טראַכטן. אויב זיי ווערן ניט, יעדער איינער פון זיי, קיין „גרויסע דענקער", איז עס זייער אייגענע שולד. זיי נעמען זייערע מחשבות און זיי פאַרניכטן, אָדער צעקאַליעטשען זיי תיכף ומיד ווי נאָר זיי באַווייזן זיך אויפן שוועל פון באַוואוסטזיין. מענטשן נוצן ניט אויס ווי געהעריק אַן אַקטיוויטעט, וועלכע, וואָס איז שייך קוואַנטיטעט פון צייט, שטייגט אַריבער אַלע אונדזערע טעטיקייטן, רעספּיראַציע און בלוט־צירקולאַציע, כמעט ווי, אַריינ־גערעכנט.

דער רוח־החיה פון עטיק, ווי בכלל, פון יעדן מין און סאָרט פון אינסיסטענץ־עקזיסטענץ, מאַניפעסטירט זיך אין דעם פיזיקאַלישן שטרעבן צו דאָס גאַנצע, אַ באַגער וואָס דרינגט אַדורך די גאַנצע דאַזייעניש פון אירע נידעריקסטע צו אירע העכסטע שטופן. אומעטום צייגט זיך אַ גאַרן נאָך דאָס פולשטענדיקע. דער אום־ווידערשטעגדלעכער פאַרלאַנג זיך צוריק צו באַהעפטן מיט דאָס גאַנצע, וועלכן עס ווייזט אַרויס דער טייל, איז אַ מין אוניווערסאַלער אַפּעטיט. דער חלק וויל הן זיך אָנשליסן אָן דאָס גאַנצע און הן אַליין ווערן עפּעס גאַנצעס. ער פּלייסט זיך מיט כל־הכוחות, מיט אַלע ענערגיעס וואָס ער פאַרמאָגט, זיך צו פאַראייניקן און ווערן אַן אחד, אַ זעלבסט־צופרידנשטעלנדיקע גאַנצקייט. דאָס איז דער אולטימאַטי־ווער תכלית וועלכער באַזעלט אַלץ. יעדער קעגנשטאַנד, פּראָצעס, דערשיינונג שטרעבט לײדנשאַפטלעך זיך צו באַהעפטן צוריק מיט דעם גאַנצן באַשטאַנד און ווערן איינס מיט אים, זיך פאַרשמעלצן אַזוי אז מ׳זאָל עס כמעט ווי ניט אונטערשיידן אלס עפּעס סעפּאַראַטעס. עס איז אַ תאווה צו קומען כמעט צום פולן בטול־היש. עס ווילט זיך אַריין און מער ניט אַרויסגיין, בלייבן אין דעם פראַכטפולן פּאַלאַץ פון גרויסן פּאָזיטיוו, פון אני־יהוה. אויף דעם אַלטאַר פון הזדווגות מיטן אין־סוף און אין־עוד וועט דער אינדיווידו אָדער באַזונדער פּראָצעס מיט פאַרגעניגן מקריב זיין די אייגענע כלומר׳שט סעפּאַראַטע עקזיסטענץ. ער וועט זיך שעצן גליקלעך מיט זיין עקזיסטענץ אין דער גאַטונג, אין דור, אין דער מאַסע, אין דעם באַשטאַנד. דאָרט

פילט ער זיך מער היימיש, מער בציבור׳דיק, אינערלעכער אריינגעוועבט און זיכע־רער אריינגעפלאכטן אין דער אייביקייט, אין דאָס אומענדלעך גאַנצע, פערפעקטע.

אַנטקעגן אַט־דער מאוים׳דיקער תאווה אַרבעט אַ צווייטע לײדנשאַפט, וועלכע ברענט, פלאַקערט און לעשט זיך קיינמאָל ניט אויס, און דאָס איז די תשוקה צו פּערזענלעכער אָפּגעשטעמפּלטקייט און אָפּגעזונדערטקייט. לכן צוויי באַגערן, צוויי דראַנגען לעבן אין יעדן אָביעקט, די הזדווגות־לײדנשאַפט און די סעפּאַראַציע־געלוסטונג. אַט־דער צוזאַמענשטויס ווערט פאַרענטפערט אין אַ סינטעז פון אינ־טעראינדיווידואַציע, אַ פאַראייניקונג אין וועלכער דער יחיד בלייבט גאַנץ און דאָך איז ער אַנגעשלאָסן אָן דאָס גאַנצע, אַזוי אַז דאָס יחיד׳שע נעמט ווערן עפּעס אוניווערסאַלעס, בלויז מיניאַטיוריזירט. דאָס איז אַ דערשיינונג וועלכע מע קען זען אין דעם מהות פון איכטום, אין דעם „איך״, ווען ער איז אַקטיוו, ווען ער „איכט זיך״, ד״ה ווען ער ווערט אַ „זיכער״, אַן „איך־ער״, אַ סוביעקט־אָביעקט פאַרבינ־דונג, אין דעם אַקטיוון מאָדוס, זעט מען די תאווה צו יחוד און אחוד. ער איינצלט זיך און אייניקט זיך, פאַראייניקט זיך, אויף איין מאָל. ער איז דער אינפיניטעסימאַל איך און באותו רגע דער אין־סוף־איך. ער איז קליין אין זיין גרויסקייט און גרויס אין זיין קליינקייט. ער איז אַ סוד הצמצום און אַן „אין־עוד״ אויף איין מאָל.

צו זיין עטיש מיינט צו שטרעבן פון אין־עוד צו דעם אין־עוד. עס איז אַ דאָפּלטע שטרעבונג. זי ווירקט אין אַ צוויי פאַכיקער ריכטונג. עס איז אַ שטרעבן צו שאַפן אַ אוניווערסאַליזם פון זיך אַרויס, פון אַ גאָרניט, וועלכער איז אַן אַלץ, און פון אַן אַלץ צוריק אַ גאָרניט, בכדי דאָס אַלץ זאָל זיך קענען רעאַליזירן אויף אַ באַוואוסטזיניקן שטייגער.

דאָס שטרעבן צו דאָס גאַנצע ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ שטרעבן צו זיך זעלבסט. דאָס מיינט אַז דער שטרעבער, ווען ער ווערט פיל־וויניק באַוואוסטזיניק פון זיין שטרעבן אַבזאָרבירט אין זיך דאָס גאַנצע און בזה־האופן ווערט ער דאָס גאַנצע. און טיפער גענומען איז ער אַ שטרעבן צו זיך זעלבסט, אַן איבערגאַנג פון דעם אויבערפלעכלעכן „איך״ צו דעם טיפערן „איך״, צו זיך, צום אמת׳ן זיך, וועלכער איז אַלעמאָל אַ גאַנצער. וייל ווען דער זיך קערט זיך מיטן פנים צו זיך זעלבסט, נעמט ער זיך רעאַליזירן און אויפפאַסן אַלס אַ טייל און גאַנצנטום פון באַשטאַנד, וועלכער ווערט אַרויפגעשעפּט פון די טיפן פון זעלבסט־באַוואוסטזיין און, נאָך מער, זעלבסט־באַגלויבטזיין. דעמאָלט ווערט יעדער רעיון, יעדע שפּירונג, יעדעס פעלדעלע פון באַוואוסטזיין און יעדעס קנייטשעלע פון איבער און אונטערבאַ־וואוסטזיין געציילט, געוואויגן און אריינגענומען אין סך־הכל פון באַשטאַנד. די גאַנצע סומע פון רעאַליטעטן ווערט צוזאַמענגעשטעלט פון אידעאַליטעטן, פון אינערלעכ־

קייטן, וועלכע פאַרשטעלן זיך פאַר אויסערלעכקייטן. פון אַט־דעם ווינקל־בליק הערט דער אינדיווידואום אויף צו זיין בלויז אַן אינדיווידואום, איינער פון פילע, וועלכע בחבֿרותא שטעלן צוזאַמען דעם רבים, דעם אַלץ און גאַר. דער איינצלנער קעגנשטאַנד הערט אויף צו זיין בלויז אַ קעגנשטאַנד. ער שטעלט פאַר מיט זיך אַן אינטעגריטעט, אַן אַלץ־אַרומפאַסנדיקע, אַלץ־פאַרזעלביקטע גאַנצקייט.

אַ פּערזענלעכקייט פון אַזאַ קאַליבער נעמט אויף אַלע זיינע פאַרהעלטענישן ניט אַלס אַזעלכע וואָס שאַפן פאַרקניפּונגען צווישן אים און דאָס אַרומיקע, צווישן זיין „איך" און דעם „ניט־איך", נייערט אַלס אַזוינע וואָס פלעכטן פאַרבינדונגען צווישן אים פון איין פאַרשטענדעניש און אים געזומען אין אַן אַנדער פאַרשטענדעניש, אין אַן אַנדער אידעאַליזאַציע־רעאַליזאַציע. ער איז דער אַבסאָלוט און זיין רעלאַטיוויטעט איז אַ זעלבסט־רעלאַטיוויטעט, אָדער אַן אינערלעכע פאַרהעלטעניש־סיסטעם. ער פאַרקאַשירט דאָס אויסערלעכע, דאָס קעגנגעזעצטע. ער איז פאַרנומען מיט אַ מאָמענטיזירונג פון זיין אייביקייט, מיט שאַפן טרעפּ און טרעפּלעך, שטופן און דרגאות אין זיין אייגענער שטייגונג און נידערונג. ער שאַפט כלומר׳שט אַ סאָליפּסיזם, אָבער ער איז אַזאַ איינציקער, וועלכער שליסט אַריין אין זיך דעם אַלץ. ער באַגרייפט אָבער אַז יעדער איינער פון די איבעריקע טוט דאָס אייגענע. יעדער אַטאָם פון באַשטאַנד איז דער גאַנצער באַשטאַנד אין מיניאַטור.

די פאַרווירקלעכונג פון אַן אינערלעכן אינטעראינדיווידואַל איז דער ציל פון דער פּערזענלעכקייט. אַט־דער אידעאַל שיינט מעשה זון. ער לייכט, בלענדט ניט, איז מילד מעשה־לבֿנה, און ער איז עס דער אידעאַל פון עטיק.

## ב.

## אוטיליטאַריאַניזם

מיר וועלן איצטער באַטראַכטן פיל־ווייניק די פראַגע מכוח אוטיליטאַריאַניזם אַלס אַ סיסטעם פון עטיק און, ממילא, פון אַלע אַנדערע צווייגן פון מענטשלעכער דערקענטעניש און האַנדלעניש. מחמת עטיק נעמט דאָך אַרום אַלע אָפּטיילונגען פון מענטשלעכן אויפפיר, סיי בנוגע זיך אַליין, סיי בנוגע דעם זעלבסט־פּרינציפּ (בין אדם למקום), סיי בנוגע דעם מיטמענטשן.

איך וואָלט זאָגן מכוח אוטיליטאַריאַניזם דאָס וואָס איך האָב אויבן געזאָגט מכוח פּראַגמאַטיזם.

דער פּרינציפּ איז אַ ריכטיקער. מיר זוכן טאַקע כסדר אונדזער נוצן, מיר שטרעבן צו נוצלעכקייט, נוצפולקייט אין אַלע תחומים פון מענטשלעכע אַקטיווי־

טעטן. אונדזער אידעאַל פון עטיק קען מען טאַקע באַצייכענען, כמעט ווי בנימין בענטהאַם האָט עס געטאָן, אַלס דעם באַשטרעב צו דערגרייכן די גרעסטע מאָס פון גליקלעכקייט פאַר דער גרעסטער צאָל פון מענטשן.

אָבער... און אָט דער צווייזילבן־וואָרט „אָבער" וועט מאַכן צו גאָרניט דעם גאַנצן באַטייט פון דער אוטיליטאַריאַנער באַהויפּטונג אַלס אַ גראָב־יונגערישע אויפֿפאַסונג פון מאָראַל אין קעגנזאַץ צו דעם בליק אויף עטיק אַלס עפּעס אידיל־דערהויבענעס און גרויס־גייסטיקעס. אָט־דער „אָבער" נעמט די דאָזיקע ברוטאַלע אויסטייטשונג און פאַרוואַנדלט זי אין איר דיאַמעטראַלן היפוך. אמת, מיר זײַנען פאַראינטערעסירט אין אוטיליטעט, אין נוצלעכקייט, אין תכלית־זאַכן. אָבער נוצלעכקייט, ווי יעדער אַנדער מהות, איז אונטערגעוואָרפן אונטער די מאַניפּולאַציעס פון קוואַנטיטעט און קוואַליטעט.

און אויב אַזוי, עפֿנט זיך דאָ גלייך אויף דער פֿאַרום פאַר דער דיסקוסיע מכוח דעם אויסקלײַב, די מעטאָדן פון רעגולירונג פון אָט־דער פאַרהעלטעניש, וועלכע וועבט זיך צווישן די צווי קאַטעגאָריעס, כמות און איכות. אמת, פון ערשטן בליק זעט מען גאָרניט, אַז זיי זאָלן זיך ווידערשפּרעכן. זיי קאָנפליקטירן אָבער גאַנץ אָפט און כמעט אַלעמאָל אַנטאַגאָניזירן זיי. אָט־די קאָנפליקטיוועקייט זייערע איז פון אַן אומפאַרמיידלעכן כאַראַקטער, ווייל זעלטנקייט און הייכע קוואַליפיקאַציע שטעלן צוזאַמען עפּעס אַ מין קאָנגרואיטעט. ווייל אַ זאַך, וועלכע מע געפינט ניט אָפט, ווערט, ממילא, הייך אָפּגעשאַצט, ווערט פאַררעכנט פאַר אַ טייערקייט, אַ קאָסטבאַרקייט. אַ ׳זעלטנקייט׳ מיינט כמעט דאָס אייגענע, ווי אַן אויסגעצייכנטקייט, אַ מין עקסעלענץ, אַזוי אַז ווי פון זיך אַליין ווערט געשאַפן די פאַרשטעלונג מכוח איר הייכער קוואַליטאַטיוויטעט. אָבער אָט־די „זעלטנקייט" קען גענומען ווערן סיי אין אַ פּאָזיטיוון און סיי אין אַ נעגאַטיוון פּשט פון וואָרט.

מיט זעלטנהייט איז אָנגענומען צו באַצייכענען דאָס פּאָזיטיווע, בשעת מיט „ניט־געהערט־געוואָרנקייט" איז דער שטייגער צו באַשרייבן עפּעס נעגאַטיוועס. לכן איז ניט גענוג אַז אַ זאַך, אַן אַקציע זאָל האָבן די אייגנשאַפט פון ניט־אָפטקייט, ניט־בנמצאָ׳קייט אויף יעדן טריט און שריט. זי מוז נאָך דערצו זיין פון אַ פּאָזיטיוון כאַראַקטער, ד״ה זי דאַרף באַדינגט ווערן דורך אַ קוואַליפיקאַציע, דאָס מיינט אַז איר זעלטנקייט, ניט געוויינטלעכקייט, ניט־רגיל׳דיקייט דאַרף זיך באַזירן אויף אַ פּראָצעס פון סעלעקציע, פון אָפּקלײַב, אויסקלײַב, דורכזיפּ, אויסטייל פון דאָס בעסטע. דאָ דאַרף זיך געפינען אַן אויסדערוויילטקייט. דאָס וואָלט מיינען, מיט אַנדערע ווערטער, אַז די געגעבענע אומגעוויינטלעכקייט טיילט זיך אויס פון אַלע ענלעכע זאַכן אָדער דערשיינונגען דורך איר קוואַליטעט, איר אַריבערשטייגעניש. זי דאַרף גע־

הערן צו אַ מער ראַפינירטן מין אָדער פאָרם. אַ ווערטן־אורטייל מכוח קולמינאַציע, שלימות, פולשטענדיקונג קומט דאָ אַריין. דעריבער איז ער אַלע מאָל באַגלייט פון דער אייגנשאַפט פון זעלטנקייט, ד״ה ווייניקערהייט.

געבייטלטע מעל איז דאָ ווייניקער אין קוואַנטיטעט ווי קלייען. מחמת אַט־דעם סאָרט מעל קריגט מען דורך אַ פּראָצעס פון באַזייטיקונג, פון אָפּוואַרפונג פון דעם גרעסטן טייל פון קערנדל. מע לאָזט איבער בלויז אַ קליינע קוואַנטיטעט פון דעם פאַר געברויך. די „זעלטנקייט״ איז, אין דעם געגעבענעם פאַל, פון אַ קינסטלעכן כאַראַקטער. פון די פילע ווערן די ווייניקע אויסגעקליבן. „אַ סך ווערן איינגעלאַדן, ווייניקע ווערן אויסדערוויילט״. בשעת מיר פירן אַדורך אַט־דעם אָפּקלייב האָבן מיר אין זינען אַ באַשטימטע קוואַליטעט, וועלכע מיר זוכן, אַ דעפיניטיוון כאַראַקטעריסטישן שטריך פון דעם קעגנשטאַנד. דער אַקט אַליין פון אויסוואַל גיט נאָך צו אַ פּלוס פון ווערטפולקייט און קוואַליטאַטיוויטעט צו אַט־די ווייניקע, וועלכע מע האָט אויסדערוויילט, אָפּגעקליבן. ווייל דאָ קומט צו, אין חשבון ווערט אַריינגערעכנט, די מאָס פון ענערגיע, וועלכע מע האָט געמוזט פאַרשווענדן אויף זייער אָפּקלייב. אַט־דער עודף פון ווערטפולקייט ווערט צוגערעכנט, ווי ער וואָלט זיך געפינען אינעווייניק אַריינגעבויט אין די אָביעקטן וועלכע מע האָט אָפּגעקליבן.

פאַר קוואַליטעט זיינען מיר כמעט תמיד מקריב מיט קוואַנטיטעט. אַלע מאָל שטעלט זיך אַוועק אַ מין אַלטערנאַטיוו: אָדער אַ סך פון אַ נידעריקער קוואַליטעט, אָדער ניט קיין סך און פון אַ העכערער קוואַליטעט. ענטוועדער מער קוואַליטעט אָדער מער קוואַנטיטעט. די פאַרהעלטעניש אין דעם פּרט איז פון אַ קאַפּריציעזן כאַראַקטער, ווייל אָמאָל נעמט אָן דער מאַנגל אין קוואַנטיטעט, דער קליינער אומפאַנג, די צאָלאָרימקייט, דעם אויסזען פון אַ פּאָזיטיווער קוואַליטעט. אַט־דער מינוס פון קוואַנטיטעט ווערט ניט זעלטן פון זיך אַליין פאַרוואַנדלט אין אַ פּלוס פון קוואַליטעט.

ווייל אויב מע קען קריגן די זעלביקע פּעולה פון אַ קלענערער קוואַנטיטעט פון אַ געגעבענעם אַרטיקל, וועט מען אַלע מאָל אויסקלייבן די קלענערע קוואַנטיטעט, קלענערע צאָליקייט־נומערישקייט, קלענערן היקף. פון דעם קען מען כמעט ווי זען, אַז קוואַנטיטעט, ד״ה גרויסקייט אַלס פאַרנעמיקייט, אָדער פּראָסטע צאָלרייכקייט ווערט פאַררעכנט פאַר אַ מינוס, פאַר אַ פעלער. קוואַנטיטעט פאַרמאָגט עפּעס פון דעם שטייגער פון איבער׳חזר׳ונג, פון צוגעב פון די איינצלנע, די זעלביקע איינסן, אַ צושטעלונג פון די אייגענע צאָלן. און וואָס גרעסער אַלץ אומבאַקוועמער, אַלץ שווערער צו מאַניפּולירן, אַלץ מער ענערגיע וועט זיך פאָדערן עס צו באַהאַנדלען, צו אוטיליזירן, אַלץ מער פּלאַץ וועט עס פאַרנעמען. דאָס זיינען אַלץ נעגאַטיווע

אייגנשאַפטן. קוואַנטיטעט רעכנט זיך פאַר אַ מעלה, בשעת מע קען די קוואַנטיטעט טיילן און יעדער חלק וועט פאַרמאָגן די קוואַליטעטן, וועלכע מע דערוואַרט פון איִם. הונדערט דאָלער איז מער פון איין דאָלער. אָבער צווישן די הונדערט־דאָלער־דיקע ווערטן וועט מען געוויינלעך אויסקלייבן דאָס וואָס איז אמקלענסטן און אַנט־האַלט דאָך די געגעבענע קוואַליטעטן. סיידן די קליינקייט דערגייט צו אַזאַ מדרגה, אַז זי, אַלס אַזעלכע, ווערט פאַררעכנט פאַר אַ חיסרון צוליב איר פאַרלוסט פון אַ געוויסער אייגנשאַפט, וואָס הייסט אויפבאַוואַרטקייט. אַ קליינעם קעגנשטאַנד איז לייכט צו פאַרלירן, אָנצואווערן, ניט באַמערקן. אָבער דאָס איז דאָך, ווייטער, אַן ענין פון קוואַליטעט. אָבער ביי די אייגענע קוואַליטעטן ווערט די קוואַנטיטעט כמעט תמיד פאַרוואָרפן. סיידן אין דער קוואַנטיטעט אַלס אַזעלכער ווערט אַנטדעקט אַ קוואַ־ליטעט, ווי דהיינו אַ לאַנגע שווערע קייט צו אַ טייערן זייגער, וועלכע העלפט אָפּצוהיטן דעם זייגער פון גנבים אָדער, סתם, פאַרלוסט. איז דאָך עס, ווידער, קוואַליטעט.

איצטער וועלן מיר זיך אומקערן צו דער פראַגע מכוח דער באַשרייבונג פון עטיק אַלס די שטרעבונג צו דערגרייכן דעם גרעסטן סכום פון גליקלעכקייט.

אַט־די באַשרייבונג קען האָבן דעם דאָזיקן מיין: דער גרעסטער סכום פון גליק־לעכקייט מעג באַדייטן דעם קלענסטן סכום קוואַנטיטאַטיוו און דעם גרעסטן סכום, קוואַליטאַטיוו, ד״ה געבומען גליקלעכקייט פון אַ גאַר הייכער קוואַליפיקאַציע.

ווען מע נעמט די אוטיליטאַריאַנישע פאָרמול אין אַט־דעם אויסטייטש פון גרעסטן סכום פון קוואַליטעט אין גליקלעכקייט, פאַרלירט זי גלייך איר גראָבקייט, איר בעל־גוף׳ישקייט. די האַרטקייט איז געלעגן אין דער פּראָסטער אינטערפּרעטאַציע פון קוואַנטיטעט, דער גרעסטער סכום פאַרשטאַנען קוואַנטיטאַטיוו.

עס האָט אויסגעזען אַז די פאָרמול פון באַנטהאַם און דזשאָהן סטיוואַרט מיל איגנאָרירט דאָס פּראָבלעם פון קוואַליטעט, וועלכעס איז דער שוואַרצאַפּל אין דעם אויג פון ציוויליזאַציע. עס האָט זיך געדוכט אַז זי שלאָגט פאָר אַז מע זאָל אויס־קלייבן קוואַנטיטעט אַנשטאָט קוואַליטעט. אַזאַ פאָרשלאַג וואָלט ראַטן איבערצוגייין פון אידייע צוריק צו מאַטעריע.

מע קען אָבער די אייגענע פאָרמול טייטשן אנדערש, אַריינבעמען אין איר קוואַליטעט און דעמאָלט וועט זי מיינען דאָס אַריבערגיין פון נידעריקע פאָרמען פון ווערטן צו העכערע מינים פון גייסטיקע טייערקייטן אין אויפפיר און, ממילא, אין געפיל, אין איבערלעבונג. די גרעסטע סומע פון גליקלעכקייט מיינט אַ קליינע סומע פון גליקלעכקייט, ווען זי ווערט גענומען קוואַנטיטאַטיוו און אַ גרויסע סומע, ווען זי ווערט באַטראַכט פון שטאַנדפּונקט פון ראַפינירטער קוואַליטיוויטעט. וואָס

נידעריקער דער סוביעקט, אַלץ מער גליקלעכקייט געניסט ער, ווען גליקלעכקייט ווערט געשאַצט אין טערמינען פון קוואַנטיטעט, אַ ווערטן־אורטיילפאַסונג וועלכע איז אויסערן פלאַץ בנוגע אַזאַ דעליקאַטן מהות ווי גליקלעכקייט. וואָס העכער דער סוביעקט, אַלץ ווייניקער גליקלעכקייט געניסט ער, אָבער זיין גליקלעכייט־גענוס און טעם איז פון גאָר אַ הויכער קוואַליטעט.

די פראַגע פון קוואַנטיטעט און קוואַליטעט קען אויך באַטראַכט ווערן פון אַן אַנדער זייט. דער גרעסטער סכום פון גליקלעכקייט פאַר דער גרעסטער צאָל מענטשן, וועלכע נעמען אַן אָנטייל אין דער גליקלעכקייט, אין די חלקים פון די גליקלעכקייט־גיטער און ווערטן.

וויבאַלד מיר האָבן צו טאָן מיט מענטשן, וועט זיך גלייך אויפהייבן די פראַגע וועגן דער פאַרשיידנאַרטיקייט פון דער מענטשלעכער טבע. סיידן מיר וועלן אָנ־נעמען דעם טשיקאַוון טעזיס מכוח גלייכהייט און דער אידענטיטעט פון אַלע מענטשלעכע וועזנס און זייער גלייכער חשיבות, ניט אין עגאַסאַפישן פשט, נייערט אין פראַסטן, פראַקטיש־וויסנשאַפטלעכן. בלויז אונטער אַזאַ אילוזיע קען מען איג־נאָרירן דעם מאָמענט פון קוואַליטעט. וויבאַלד אַלע איינסן זיינען גלייך אין אַלע פרטים איז דאָך ניט שייך צו ריידן וועגן זייערע אייגנשאַפטן. די פראַגע איז דעמאָלט בלויז „וויפל?” ניט „ווער”? „ווער?” איז קיין אונטערשייד ניט. וויפל מענטשן, וועלכע מענטשן איז ניט שייך צו פרעגן, אַלע יוונים האָבן איין פנים, סיי פיזיאָלאָגיש און סיי פסיכאָלאָגיש־מענטאַל.

אָבער אויך אין דעם פאַל פון אָננעם פון אַט־דער אָבערגלויבעריי פון מענטשלע־כער גלייכהייט, ד״ה פון דער אויסטערלישער הנחה, אַז איין מענטש איז גלייך צום צווייטן מענטשן, בלייבט נאָך דער פרט פון טראַנסמוטאַביליטעט, ד״ה פאַרענ־דערלעכקייט פון מענטשלעכן כאַראַקטער. ווען אַפילו יעדער מיטגליד פון דער געגע־בענער געמיינדע וואָלט זיין גלייך צו יעדן אַנדערן מיטגליד וואָלט יעדער מיטגליד פאַר זיך אַליין ניט זיין גלייך צו זיך אַליין, ווען ער ווערט גענומען אין אַן אַנדער מאָמענט, אין אַן אַנדער סעקטאָר פון צייט. מענטשן ווערן אָפּגעטיילט איינער פון אַנדערן דורך רוים. דער אייגענער אינדיווידו ווערט געטיילט פון אינעווייניק דורך צייט. אין רוים האָבן מיר דעם מיטמענטשן, אין צייט האָבן מיר דעם פאַר־און נאָך־מענטשן, דעם אייגענעם מענטשן גענומען פאַרדעם, אידער אַ געוויסער עלטער איז דערגרייכט געוואָרן, אַ געוויסע אַקציע איז געטאָן געוואָרן, אָדער נאָכדעם ווי אַ געוויסע אַקציע איז שוין דורכגעזעצט געוואָרן. דער מענטש איז ניט גלייך צו זיך אַליין, ד״ה ער איז ניט אַלע מאָל פון דעם זעלביקן ווערט. אַ מענטש ווערט אָפּגעשאַצט לויט זיינע מעשים. אַ מאָס דאַרף פון דעם מענטשן גענומען ווערן יעדע

מינוט. דעם מענטשן דאַרף מען כסדר האַלטן אויף משקולת. ווייל יעדע אַקציע נעמט אָפּ אָדער גיט צו וואָג, געוויכטיקייט. יעדער קרושל פון אויפפיר דאַרף און ווערט רעגיסטרירט.

בנוגע הנהגה איז, ווייטער, דאָס אייגענע, איין גרויסע וויכטיקע אַקציע ווענט אַרי־בער טויזנט אומוויכטיקע. יש קונה עולמו בשעה אחת. מע קען זיך איינקויפן אַ גאַנצע וועלט אין איין שעה און מע קען פאַרלירן גאַנצע ש״י עולמות אין איין רגע. וואָס איז שייך הנהגה איז עס תמיד אַ פראַגע פון קוואַליטעט, די קוואַליטעט פון די מעשים טובים, ניט די צאָל זייערע. יעדע אַקציע דאַרף גענומען ווערן ניט אַבסטראַקט, נייערט קאָנקרעט, אין אַ געגעבענער סביבה. דאָס הייסט אַז בנוגע אַ טואונג שטעלט זיך די פראַגע, ווען וועט זי געבן גוטע רעזולטאַטן, דעם בע־סערן סאָרט מענטשן צי דעם ערגערן. און בנוגע דעם איין און זעלביקן מענטשן איז די פראַגע, וועלכן טייל זיינעם וועט די טואונג הנאה טאָן, וועלכער „איך" אין אים וועט זיך קוויקן מיט דער אַקציע, וועט האָבן פון איר פאַרגעניגן. ווען עס האַנדלט זיך וועגן פאַרשאַפן גליק קען מען דאָך ניט איגנאָרירן דעם פּראָבלעם פון קוואַליטעט פון די יחידים־מענטשן, וועמען די אַקציע איז באַרופן צו ברענגען גליק.

„גליקלעכקייט פאַר דער גרעסטער צאָל מענטשן": וועלכע מענטשן? די וועלכע פאַרדינען כשר די גליקלעכקייט, אָדער וועלכע וועלן זי קריגן אַלס אַ מתנה אָדער נדבה, מענטשן מיט פאַרדינסטן, ווערטפולע מענטשן, אָדער מענטשן גאָר־נישטן? דער צוועק פון עטיק איז טאַקע צו געבן פּאָזיטיווע רעזולטאַטן צו מענטשן עטישע. אָבער עטישע אַקציעס זיינען ניט מחוייב צו געבן פּאָזיטיווע רעזולטאַטן צו ניט־עטישע מענטשן.

ווייטער, מע קען טאַקע זאָגן און מיט רעכט, אַז דער צוועק פון עטיק איז, באמת, צו געבן דעם גרעסטן סכום פון גליקלעכקייט צו דער גרעסטער צאָל פון מענטשן. אָבער פאַרשטיין דאַרף מען דאָס געזאָגטע גאַנץ אַנדערש, ווי דער אויבערפלעכלעכער אויסטייטש פון דער פאָרמול איז אויסן אַרויסצוברענגען. זיכער, עטיק וויל קריגן וואָס מער אַנהענגער, וואָס מער נאָכפאָלגער. אָבער אמת'ע, ריינע עטיק טראָגט מיט זיך און אין זיך איר אייגענעם פאַרשטיין פון גוטס און גליקלעכקייט. עטיק גיט זעלבסט־באַפרידיקונג. זי טראָגט איר אויטא־סאַטיספאַקציע אַרום מיט זיך. וואָס מער מענטשן עס ווערן עטיש געשטימט און פירן זיך אויף לויט אירע אָנזאָגונגען, אַלץ גרעסער ווערט, ממילא, דער סכום פון גליקזעליקייט און די צאָל פון גליקלעכע, ד"ה פון צדיקים, פון רעכטפאַרטיקע, פון אָרנטלעכע מענטשן וועט וואַקסן. אין אַזאַ באַנעם פון עטיק־תכליתים ליגט די עצם פאַרניינונג פון דער שטחיות'דיקער אויפפאַסונג. עטיק, וועלכע באַזירט זיך אויף דעם אידענטיטעט־פּרינציפּ, גיט גליקלעכקייט, שאַפט

דאָס גוטע. אָבער די גליקלעכקייט איז ניט פון דעם געוויינטלעכן, „גראָבן" סאָרט. דאָס איז אַ גליקלעכקייט־צושטאַנד, וועלכער באַקומט זיך אַלס אַ פועל־יוצא פון דעם באַוואוסטזיין, אַז אַ פליכט איז דערפילט געוואָרן, אַ פליכט, וואָס טראָגט אין זיך גופא איר באַלוינונג, איר אינערלעכן שכר. די באַלוינונג ווערט אויסגעדריקט אין אַ זעלבצושטאַנד, אין אַ געוואויר־ווערעניש, אַז אַן אַקציע איז געטאָן געוואָרן און זי איז אַזאַ פאַר וועלכער מע דאַרף באַצאָלן און ניט אַזאַ פאַר וועלכער מע קריגט באַצאָלט.

„בכדי דיר זאָל גוט זיין, אין דער וועלט פון גאָלער גוטסקייט" (קידושין ל"ט, ע"ב).

ווען איינער פאַרדינגט זיך צו א בעל־הבית, וויל ער קריגן באַצאָלט פאַר יעדער שטיקל ארבעט, וואָס ער טוט. צאָלט יענער ניט, וועט דער געדונגענער פועל ניט ארבעטן, ווייל קיין הנאה פון דער ארבעט האָט ער דאָך ניט. די ארבעט טראָגט ניט איר צוועק אין זיך אליין. זי איז א מיטל צו א צוועק. אַן עטישע אַקציע איז ניט קיין פאַרקויפטע באַדינונג. „זייט ניט ווי שקלאַפן וואָס דינען זייער האַר מיט דעם באַדינג צו קריגן באַצאָלט" (אבות א', ג'). ווען א מוטער זויגט איר עופ'עלע, פון וועמען קריגט זי באַצאָלט? ווער קאָמפּענסירט זי פאַר דער טרחה, פאַר איר אָנשטרענג, פאַר איר פאַרברויכן מאַטעריאַל, מילך? קיינער ניט. זי טוט עס פון אַן אינערלעכן סטימול, צוליב אַן אינערלעכער הנאה. זי דערפילט אַ מוטער'ס פליכט און דער אינסטינקט פון מוטערשאַפט באַצאָלט זי... אַן אַם וואָס זויגט אַ פרעמדן קינד דערוואַרט אַ באַלוינונג, ווייל זי וואָלט ניט זויגן א פרעמדן עופעלע, סיידן א געוויסער האָנאָראַרום דערוואַרט זי פאַר איר טואונג. אַ מוטער צאָלט צו, ניט נאָר קריגט זי ניט באַצאָלט, פאַר דער הנאה וואָס באַגלייט דאָס פאָלגן פון מוטערטום־אינסטינקט. די פראַגע בנוגע עטיק דרייט זיך ארום אַט־דעם פונקט: צי פאָדערט דער עטיקער אַ באַלוינונג, אדער דער עטיקער איז גרייט בדאי פאַרצולייגן אַ צוצאָלונג. עס איז פאַראַן אַן אָפּצאָל וואָס ווערט ארויפגעלייגט אויף דער עטישער הנהגה. מע דאַרף פאַר איר באַצאָלן... זי לייגט ארויף פליכטן, ד. ה. שטייער, א צינז אויף דעם טוער. וואָס האַנדלט ער איין? ער האַנדלט איין אַ באַוואוסטזיין פון אַ העכערן מין עקזיסטענץ, וועלכער שטויסט זיך צוזאַמען מיט די נייגונגען פון איינפאַכער און נידעריקער עקזיסטענץ. ווען איינער קריכט אויף א הייכן באַרג, צערייסט ער דערביי גאַנץ אָפּט זיינע שיך, זיינע קליידער, אמאָל שטעלט ער איין זיין לעבן, ד. ה. זיינע איינפאַכע פרימיטיווע פאָרמען פון קערפּערלעכער עקזיסטענץ. צוליב וואָס טוט ער דאָס? ער טוט עס צוליב דער זעלבסט־הנאה פון דער דערקענטעניש, אז ער דערגרייכט עפעס אזעלכעס, וואָס

געוויינטלעך לאָזט זיך עס ניט דערגרייכן, אז ער האָט באַוויזן אויפצוטאָן עפּעס אַזוינס פאַר וואָס עס פאָדערט זיך דאָס גובר־זיין פון מכשולים, בייקומען שטרויכלונגען. אין דעם געפיל פון זיך בייקומען, פון זיך אריבערשטייגן, פון באצווינגען די אייגענע פוילקייט, נאָכלעסיקייט, טויגעניכטסקייט, שוואַכקייטן, פון ארויפצווינגען א העכערן ווילן אויף דעם נידעריקערן, פון אויסקלייבן צווישן צוויי אויפגאַבן, וועלכע קאָנפליקטירן, די יעניקע וואָס פאַרלאַנגט מער אָנשטרענג, אין אָט דעם געפיל ליגט דער שכר פאַר דער טואונג. „שכר מצוה—מצוה" (אבות, פרק ד').

די ביבלישע אויפפאַסונג פון עטיק פאַלט צוזאַמען אין געוויסע פונקטן מיט דער אויבערפלעכלעכער באַנעמונג פון דעם אוטיליטאַריאַניזם. דער חומש מיינט אז דער גוטער אויפפיר וועט געבן דירעקט גוטע רעזולטאַטן. דער תלמוד פאַסט אויף דעם קעגנשטאַנד פיל טיפער. ער זאָגט „שכר מצוות בהאי עלמא ליכא". מע צאָלט ניט פאַר קיין מצוות, פאַר עטישע טואונגען אויף אָט־דער וועלט. די באַלוינונג קומט ניט, ווערט ניט רעאַליזירט אויף אָט־דער פלאַך פון פשוטן ביאָלאָגישן אָדער סאָציאַלאָגישן לעבן. די קאָמפּענסאַציע דאַרף געזוכט ווערן אינעראַלעך, אויף יענער וועלט, אין העכערן און טיפערן באַוואוסטזיין, אין אַן עולם־הבא, אין א וועלט וואָס איז אויסגעפּאַבלט אלס עפּעס רעאַלעס.* עטיק צאָלט מיט עטישער באַלוינונג, ניט מיט מאַטעריעלע גיטער, ניט מיט פיזישן לויף, נייערט מיט פסיכאָלאָגישן, מיט „עטישן" שכר...

אַבסאָלוטע עטיק פאַרמאָגט איר אייגענע מינץ און מיט אָט יענע מטבעות, ריין־פּסיכאָלאָגישע, עטיש געוואוויר־ווערן־צושטאַנדן, צאָלט זי. זי פאַרמאָגט איר אייגענעם באַנק און אויף דעם אייגענעם באַנק גיט זי ארויס אַן אָנווייז, אַ וועקסל. אָבער אָט־דעם שטר קען מען ניט דיסקאָנטירן. קיין אנדער באַנק וועט אים קיינמאָל ניט נעמען, ניט אָנערקענען.

די דאָזיקע באַלוינונג איז אַן ענין פאַר יחידי־סגולה. בלויז זיי קענען זיך אויפהויבן צו אַזאַ מדרגה אז זיי זאָלן צאָלן זיך פאַר גוטע מעשים מיט אמת'ער גרויסער הנאה, א מין געגנוס־באַקומונג פון זיו־השכינה. אזעלכע מעשים, לויט זייער כאַראַקטער, באַלאַנגען אין דעם קעניגרייך פון דער קוואַליטעט, פון די אויסדערוויילטע ווייניקע און די מענטשן, די טוער און שאפער פון אָט־די מעשים טובים, דידאָזיקע בעלי־תאוה'ניקעס, די נאָכיאָגער נאָך אָט־די אויסטערלישע תענוגים, זיינען טיפן וועלכע געהערן צו דער מינדערהייט פון די אתה בחרתנו'ניקעס, צו דעם איניציאַטיוון מיעוט פון דער זעלטענער קוואַליטעט.

---

* אבא גאָרדין, דינאַמיק פון גלויבן, יידישע שריפטן ז. 206, 1941.

דער באַרימטער שפּרוך־וואונטש: „ומי יתן כל עם יהוה נביאים" (במדבר י"א, כ"ט), הלואַי וואָלט דאָס גאַנצע פאָלק באַשטאַנען פון נביאים, זעט, לכתחילה, אויס אז ער אָנערקענט, הויפּטזעכלעך, די קוואַנטיטעט, דעם גאַנצן פאָלק. דער אמת איז דאָך, אז דאָס גאַנצע פאָלק זיינען שוין לאַנג אלע, איינס ווי איינס, נביאים, גרויסע זעער לגבי די פּשוט'ע בהמות, לגבי ווילדע באַרבאַרן, באַנדעס רוצחים, שאַיקעס אויסוואורפן. זיי זיינען טאַקע נביאים. אלא וואָס? צווישן די דאָזיקע נביאים געפינט זיך איינער וועלכער איז דער נביא פון די נביאים, דער פאָטער פון די נביאים. דאָס הייסט עס טיילט זיך אויס אַן אויסגעצייכנטער; פאַרפּול־קומענער מיעוט. אַ בערגל הויבט זיך אויף פון דער פלאַך, פון דער פלאַטאָ ווי הויך זי זאָל זיך ניט געפינען איבער דעם וואַסער שפּיגל פון ברייטן ים פון פּשוט'ן מענטשלעכן באַוואוסטזיין. ציוויליזאַציע, קולטור באַדייט אַ קאַמף פאַר קוואַליטעט אדער, ריכטיקער, די הגעמאָניע פון דער קוואַליטעט אויף יעדן געביט פון מענטשלעכן טאָן. קוואַנטיטעט ווערט פאַרוואַנדלט אין קוואַליטעט, אין איין פּשט אדער אין אַן אַנדערן.

איצטער אז מיר וועלן זיך אומקערן צו דער פאָרמול און באַגנעם פון די אוטי־ליטאַריאַניסטן, וועלן מיר דאַרפן צוגעבן אז הן זייער באַגנעם און הן די פאָרמולירונג זייערע געהערן ערגעץ אונטן, צו אַ נידעריקן צושטאַנד פון פאַרשטענדעניש, זיי אַנטהאַלטן אַ טייל פון אמת אין זיך, אבער בשום אופן ניט קיין גרויסן טייל, און זיכער ניט דעם גאַנצן אמת. עטיק און נוצלעכקייט זיינען ניט קיין פרעמדע, זיינען ניט קיינע אומבאַקאַנטע. זיי קענען איינע די אנדערע און טרעפן זיך גאַנץ אָפט. וואו מיר געפינען עטיק, וועלן מיר תמיד געפינען סאָלידע חתיכות פון גליק־לעכקייט און נוצלעכקייט. און אויב מיר וועלן זיך אָפּנאַרן, ד. ה. זיך באַגענוגענען מיט אַן אויבערפלעכלעכער אויסטייטשונג פון דעם ענין, פון דער פאַרהעלטעניש, וועלכע עקזיסטירט צווישן די צוויי קאַטעגאָריעס, קענען מיר זיך צופרידנשטעלן מיט דער אַנדייטונג פון אַט־דער פאַרבינדונג און יוצא־זיין אינטעלעקטועל. מיר האָבן זיך דערוואוסט, אז עטיק שטרעבט צו געבן מענטשן גליקלעכקייט. זי ווערט פאַרטייטשט אין טערמינען פון גליקלעכקייט, נוצלעכקייט. די אויפגאַבע פון עטיק איז צו געבן מענטשן אַ געוויסן סכום פון אנגענעמלעכקייט, צו מאַכן זיי, צו אַ געוויסער מאָס, גליקלעך אין אַט־דער וועלט און אין אַט־דער געגעבענער סביבה פון דער געזעלשאַפט. עטיק באַשטרעבט דאָס פאַרגרעסערן דעם סכום פון אַנגע־נעמלעכקייטן, וועלכע שטייען צו גונסטן פון די מענטשן.

עס איז טאַקע אזוי. עס איז ריכטיק, אז איינע פון די וויכטיקסטע אויפטו־אונגען פון עטיק איז דאָס, וואָס זי מאכט דעם לעבן פון מענטשן בעסער, שענער,

אַנגענעמער, איידעלער. אָבער אָט־די מתנות קאָנפליקטן איינע מיט דער אַנדערער. זיי שטויסן זיך צוזאַמען. ביי זיי קומט אויך פאָר עפּעס וואָס איז ענלעך צו אַ נאַטיר־לעכער סעלעקציע. איין אַנגענעמלעכקייט פאַרנעמט דעם פּלאַץ פון אַן אַנדערער. איין סאָרט נוצלעכקייט שטויסט ארויס אַן אנדער מין נוצלעכקייט, פּשוט צוליב דעם וואָס דער מענטשלעכער לעבן איז באַגרענעצט אין צייט און דער מענטש אין זיין קורצן לעבן דאַרף תמיד אויסקלייבן צווישן אַלטערנאַטיוון. אויסער דעם פאַדערט דער סאַמע אויפפאַס פון נוצלעכקייט אַ געוויסע איבונג. דאָס אייגענע איז ריכטיק בנוגע אַנגענעמלעכקייט. וואָס איז אַנגענעם פאַר איינעם איז אומאַנ־גענעם פאַר אַ צווייטן, וועלכן עס פעלט אָט־דער חוש, דער געשמאַק פאַר דעמ־דאָזיקן מין פאַרגעניגן, הנאה־האָבונג.

וויטער, תענוגים, די פּשוטסטע, ווערן איינגעטיילט אין קלאַסן, אין נאַציאָנען. אַ מאכל, אַ פאַטראַווע, וואָס איין גרופּע מענטשן וועט געפעלן, וועט ביי אַ צווייטער גאַרניט אויסנעמען. דאָס אייגענע איז ריכטיק בנוגע אַנטועכץ. אין איין קלאַס און פאָלק איז אַנגענומען אזא הלבשה, אין אַן אנדערן אַן אנדער קליידונג, אַן אנדער שניט און פאַסאָן. אַ מאַלצייט ווי ער ווערט סערווירט אין אַ ערשט־קלאַסיקן רעסטאָראַנט, וועט ניט שמעקן אַ רוסישן פויער, וועלכער דאַרף האָבן זיין באָרשטש, זיין קאַשע. כמו כן וואָס איז שייך מלבושים, ער דאַרף האָבן זיין פאַדיאָווקע, זיין קאַזשוך. געניס, ווי יעדע זאַך אין דער געזעלשאַפט, איז קלאַסן־צעטיילט. פאַר־שיידענע קלאַסן אַמוזירן זיך אויף אַ פאַרשיידענעם אופן, האָבן הנאה אויף אַ פאַר־שיידענעם שטייגער פון פאַרשיידענע זאַכן. די פאָרמול פון אוטיליטאַריאַניזם איגנאָרירט אָט־דעם אומשטאַנד. זי רעדט פון מענטשן בכלל. „די גרעסטע צאָל מענטשן“. וועלכע מענטשן? יעדע דיסציפּלין שאַפט זיך אירע איינטיילונגען אין דער געזעלשאַפט, וועלכע בנוגע איר באַשטרעבונג פאַרמאָגט אירע פּיאָנערן, פאָרויס־גייער און נאָכשלעכער, איר וואַנגאַרד און אַריערגאַרד. אויף יעדן געביט וויזט זיך דער פענאָמען פון דערפינדונג. און זיי, די וועגאויסטרעטער זיינען עס די יעניקע, וואָס שפּילן די הויפּט־ראָליעס אין זייערע רעספּעקטיווע תחומים. זייער וואָרט און הסכם וועגט אריבער די מיינונג פון די אינדיפערענטע און אומוויסנדיקע מערערע. אין יעדן תחום פון מענטשלעכן טאָן געהאַרכן מיר דעם באַפעל פון „אחרי מעטים להטות“, ווייל בלויז די וויניקע וויסן וואָס זיי ווילן, די וויניקע וועלכע זיינען קאָמפּעטענט און וועמענס הנהגה אין דעם געגעבענעם פעלד איז מוסטער־האַפט און נאָכטואונג־ווערט.

חוץ דעם קומען פאַרגעניגנס ניט איינצלווייז, נייערט „מאַסנווייז“. זיי לעבן ניט ביחידות, נייערט בציבור. זיי זיינען ניט קיין מתבודדים. זיי פאַרמאָגן זייערע

ספערן. זיי שטייען אין באַשטימטע פאַרהעלטענישן איינער צום אַנדערן. בכלל געפינען זיי זיך אין א געוויסן איינקלאַנג מיט די איבעריקע דערשיינונגען פון סאָציאַלן לעבן, פון דעם גאַנצן געזעלשאַפטלעכן ארום. וואָס עס איז נוצלעך אונטער איין סיסטעם פון באַדינגונגען קען זיין נוצלאָז אונטער אן אַנדער סיסטעם, קען זיין שעדלעך אונטער אַנדערע אומשטענדן, קען גורם זיין א היזק ביי אנדערע באַדינגונגען. נוצלעכקייט ווערט באתנאיט פון דער געגעבענער סביבה. אוטי־ליטעטן ווערן באַשטימט פון צייט, רוים און אנדערע פאַקטאָרן. ווען מיר פאַר־טראַכטן זיך וועגן דעם, שטעלט זיך גלייך די פראַגע מכוח דעם ענין פון קרבנות־ברענגען. די גרעסטע סומע פון גליקלעכקייט אונטער געוויסע אומשטענדן קען ווערן אונטער געענדערטע אומשטענדן די גרעסטע סומע פון אומגליק. געוויסע ראַדיקאַלע שינויים, וועלכע קומען פאַר אין דער סטרוקטור פון דער געזעלשאַפט, אין די סאַמע יסודות פון דעם געגעבענעם ציבור בייטן אינגאַנצן די נוסחאות און די סכומים פון די פאַרגעניגנס. זיי שאַפן א באַדן פאַר דעם אויפגעם פון באַשטימטע פאָרמען פון אַנגענעמלעכקייטן, פון גענוס־האָבן. זיי פאַרגרעסערן די מעגלעכקייטן, די אויפנעמלעכקייטן פון גליקלעכקייט, אדער זיי פאַרקלענערן זיי. און אויב אזוי וואָס איז מכוח דעם, וואָס אַמאָל קומט אויס צו ליידן ניט נאָר דעם יחיד אין נאָמען פון א צוקונפט הנאה, פון עפעס וואָס ער וועט ערשט געניסן פיל שפעטער, נייערט א גאַנצן דור, וועלכער ווערט ארויסגעריסן און טרייסט זיך בשעת־מעשה מיט דער האָפענונג, אז די צוקונפטיקע גענעראַציעס וועלן שניידן מיט פריידן דאָס וואָס ער האָט געזייט מיט ליידן. בנוגע דעם יחיד איז אויך דאָס אייגענע: איינער, גענומען אין א באַשטימטן צייט־שניט, שטרענגט זיך אָן, פלייסט זיך עפעס צו טאָן, צו דערגרייכן, און דער צווייטער, ד. ה. דער אייגענער יחיד גענומען אין אן אַנדער צייט־שניט, קומט אויף אלעם פאַרטיקן. ער האָט די הנאות, ער געניסט, בשעת דער פאַרדעמדיקער „איך" האָט געהאַט די צרות, האָט געמאַכט אלע נויטיקע צובאַרייטונגען. און אזוי קומט דאָך עס פאַר כסדר, טאָג־טעגלעך. ניט יעדער אנשטרענג גיט רעזולטאַטן גלייך אויפן אָרט, באותו רגע. ס'רוב ליגט אן אינטערוואַל צווישן דער זריעה־צייט און שניט־צייט בנוגע פאַרגעניגנס. איבערהויפט איז לאַנג, פאַרהעלטנישמעסיק, דער מרחק צווישן זייען און שניידן אין אונטערנעמונגען פון א געוויסן געוויכט, פון א געוויסער חשיבות. פאַר געוויסע צושטאַנדן פון גליקלעכקייט דאַרף מען צאָלן מיט געוויסע מאָמענטן פון אומאַנ־גענעמלעכקייטן. אזוי איז צו זען, אז דער ענין נוצלעכקייט איז ניט אזוי פשוט, ווי ער זעט לכאורה אויס. אין פלוג איז די זאַך איינפאַך, אבער, באמת, איז זי שטאַרק פאַרוויקלט. דאָ קומט אריין דאָס פראָבלעם מכוח די שייכות'ן פון די

נאָכפֿאָלגנדיקע דורות. אין דור בלייבט א בעל־חוב ביי דעם צווייטן. איין דור קריגט ירושה פֿון דעם צווייטן און פֿאַר דאָס וואָס ער האָט געקראָגן צאָלט ער מיט דעם, וואָס ער זעט איבערצולאָזן א ירושה דעם קומענדיקן דור. אויף וויפֿל איז א דור זיך מחוייב אויפֿצואָפֿערן? קען מען אויסגלייכן די צוויי סכומים, דעם סכום פֿון אָנשטרענג און זעלבסט־אָפּזאָג און דעם סכום פֿון קריגן אלץ פֿאַרטיקער־הייט, שוין לאַנג צוגעגרייט?

צו דעם ענין נוצלעכקייט קומט צו דער מאָמענט פֿון צייט. ווען וועט די אוטיליטעט רעאַליזירט ווערן? „דער גרעסטער סכום פֿון נוצלעכקייט", פֿאַר וועמען און, טאַקע, ווען? ווען וועט מען אויסגעפֿינען אז די אקציע איז געווען, איז אדער וועט ערשט זיין, נוצלעך. די ענטפֿערס צו די פֿראַגעס צי א געוויסע האנדלונג איז נוצלעך, צי א געוויסע אונטערנעמונג וועט פֿאַרשאַפֿן פֿאַרגעניגן, לאָזן זיך אלע מאָל דעבאַטירן, דיסקוטירן. ערשטנס דערפֿאַר, וואָס ניט יעדע אונטערנעמונג איז נוצלעך פֿאַר אַלעמען צוגלייך אין דער זעלביקער מאָס. ווייטער, ווי נאָר עס קומט ארויף דער מאָמענט פֿון צייט פֿרעגט זיך גלייך, וועלכער צייט־שניט איז דער וויכטיקסטער, די קעגנוואַרט, די צוקונפֿט? נוצלעך, ווען? אין דער צוקונפֿט אדער טאַקע גלייך אין דער קעגנוואַרט? וויפֿל לוינט זיך צו ליידן אין דער קעגנוואַרט, בכדי זיך איינצוקויפֿן עולם־הבא, געניוס אין דער צוקונפֿט?

נאָך מער. ניט נאָר קענען מיר פֿרעגן: וואָס איז אזוינס גליקלעכקייט? נייערט מיר האָבן א רעכט צו פֿרעגן צי עס איז, בכלל פֿאַראַן אַזאַ מין זאַך ווי גליקלעכקייט, איז דער מענטש גליקלעך? קען ער זיין גליקלעך? איז גליק אַזאַ צושטאַנד, וואָס איז דערגרייכבאַר פֿאַר דעם מענטשן?

אין דער פֿאָרמולע פֿון אוטיליטאַריאַניזם ווערט גליק גענומען אין דעם אויבער־פֿלעכלעכן פּשט פֿון וואָרט, נעמלעך די באַפֿרידיקונג פֿון באַדערפֿענישן, די דער־פֿילונג פֿון פֿאַרלאַנגען, דער אַנבאָט אלס ענטפֿער אויף אונדזער פֿיזיאָלאָגישער און פּסיכאָלאָגישער נאָכפֿראַגע. דער אוטיליטאַריאַניזם אונטערזוכט ניט שטאַרק דעם כאַראַקטער פֿון אונדזערע הצטרכותן, וועלענישן, פֿאַרלאַנגענישן און די צווייפֿל־האַפֿטע מעגלעכקייט פֿון זייער באַפֿרידיקונג, א באַפֿרידיקונג, וואָס איז גלייך צו זייער פֿאַרניינונג, זייער רואינירונג און, היוצא, די אָפּשוואַכונג פֿון די לעבנס־כוחות, די פֿאַרטעמפּונג פֿון דעם אומצופֿרידנקייט־געפֿיל, וואָס איז דאָס כאַראַק־טעריסטישסטע פֿאַרן לעבן און עקזיסטירן.

לויט אונדזער פֿאַרשטיין נאָך איז גליק דערגרייכבאַר בלויז אין דעם גרויסן איך און דורך דעם גרויסן איך. גליק געפֿינט זיך אין יחוד, אין דער באַהעפֿטונג מיט דעם אנוכי־יהוה, מיט דאָס גאַנצע פֿון אַלדאָס גאַנצע, מיט דעם אלצמיט־

אנאַנדער, מיט דעם ברייטסטן באַצירק פון באַשטאַנד און באַשאַף. דער זיכער (יהוה) איז דער קוואַל פון גליק. ווייל ער שטעלט פאָר מיט זיך די גרעסטע העכסטע באַשטרעבונג פון דער גרעסטער פאַראייניקונג, פון דער גרעסטער איין־און־איינציקער אחד׳ונג, פון דער ריזיקסטער אינטעגראַציע. אלץ געפינט זיך אין אַט־דעם גרויסן פנים, אין מאַקראָ־עגאָ, אין דער גרעסטער פאַראַלגעמיינערונג און, צוגלייך, דער מעכטיקסטער פאַראייניצעלנונג. יהוה, דער זיכער פון גאַנצן אלצמיטאַנאַנדער, איז דער אבסטראַקסטער און קאָנקרעטסטער מהות. אני יהוה איז די ברייטסטע גענעראַליזאַציע און די ענגסטע פאַרטיקולאַריזאַציע. ער איז דער עצם־ממשות׳טום אליין געגומען אין זיין העכסטער פאָטענץ.

גליק איז פונקט ווי אמת. עס איז אַן אבסאָלוטע אידייע. עס איז אַ צושטאַנד, וועלכן מע קען בשום אופן ניט דערגרייכן אין די ענגע גבולים פון אונדזער נעבאכדיקן קערפּערלעכן לעבן, אין די לימיטאַציעס פון קליינעם מיזעראַבלען „איך“, אין דעם ארומגעצוימטן תחום פון דעם שלאָס, וועלכן מיר רופן קערפּער אדער נשמה. גליק געפינט זיך אין יהוה און ער ליגט צעשפּרייט איבער אלע ספערן פון באַשטאַנד, און מיר קענען געניסן פון אים בלויז דעמאָלט, ווען מיר פאַר־שמעלצן זיך, גיסן זיך צוזאַמען מיט אים, גייען צוריק צו אונדזער מקור פון וואַנענט מיר קומען. ווער קען זיין גליקלעך אין גלות, אין פאַרוואָגלעניש, אין פאַרטריבעניש, אין דערווייטערונג פון אייגן היים, פון אייגן טאַטן־מאַמען, פון זיך אליין, פון אייגענעם איך? ווער קען זיין גליקלעך, ווער ער איז פאַר׳כישופ׳ט, פאַרוואַנדלט אין א צווערג אדער אין א חיה־רעה, אין אַן אומגליקלעכן בשר־ודם, וועמענס גליק איז גאָרניט ווערט און וועמענס אומגליק איז אויך בלויז אַן אילוזיע, אַ שטיק חלום. דער אומגליק־געפיל, דער זינד־געפיל, די אומצופרידנקייט־שפּירונג נעמט זיך פון אָפּגעריסנקייט.*

וואָס איז אייגנטלעך אַ באַדערפעניש? סיי די פיזיאָלאָגישע און סיי די פּסי־כאָלאָגישע באַדערפענישן האָבן איין גרונט אונטער זיך, האָבן איין מקור פון וואַנענט זיי פליסן ארויס און דאָס איז דאָס בענקען און שטרעבן נאָך דאָס גאַנצע. אונדזער קערפּער איז, קלאָמפּערשט, אָפּגעטיילט פון דער וועלט, ער מאַכט שבת, אזוי צו זאָגן, פאַר זיך. איז דאָך גוט, וויבאַלד ער האָט עטאַבלירט זיינע אייגענע גרענעצן און ער איז א מלוכה פאַר זיך, איז זאָל ער זיך אָנגיין מיט זיין מלכות און איבעררייסן אלע פאַרבינדונגען מיט די איבעריקע טיילן פון באַשאַף, זאָל ער זיך דערקלערן פאַר אומאָפּהענגיק און אויטאַרכיש. ניין, דאָס קען ער ניט טאָן. ער איז אויס־

* אַבא גאָרדין, די פּרוי און די ביבל, זז. 62—48.

געבונדן און אויסגעקניפט מיט דער אויסערלעכער וועלט. ער מוז אָטעמען, ד. ה. זויגן די ברוסט פון דער אַטמאָספער. ער מוז איינעמען געוויסע דאָזעס פון שפּייז אין רעגולירטע אינטערוואַלן, ד. ה. ער מוז אָנהאַלטן א שטענדיקן אומאי־בעררייסלעכן קאָנטאַקט מיט דעם חוצניק באַשטאַנד, מיט דעם קאָסמאָס. אָן נערונג קען קיין אָרגאַניזם, וועלכער האָט זיך אויפצופלייסנס, דוכט זיך, אָפּגעטיילט פון דער וועלט, ארויס פון דעם קאָסמישן פאַרבאַנד, זיך פורש־געווען פון ציבור, פון דער פעדעראַציע פון די פּאַראייניקטע שטאַטן־אָרגאַניזמען, בקיצור, זיך דער־קלערט פאַר א סעפּאַראַט — בשום אופן ועגין ניט עקזיסטירן. דער אָרגאַניזם מוז האָבן וואַסער צום טרינקען און שפּייז צום עסן. „עסן" מיינט זיין, עקזיסטירן, ד. ה. זיך באהעפטן מיט דעם גאַנצן דאַזיין. דאָס איז וואָס איז שייך פיזיאָלאָגיע. אין ביאָלאָגיע, אין סעקסאָלאָגיע איז, ווייטער, דאָס אייגענע. די שטרעבונג זיך צו פאַראייניקן מיט דער אָפּגעשפּאָלטענער העלפט איז אזוי שטארק, אז כמעט קיינער קען ניט ביישטיין דעם ניסיון און זיך ניט אונטערוואַרפן אונטער דער טיראַניי פון געלוסטונג־ליידנשאַפט.

אין פּסיכאָלאָגיע איז, נאָך אמאָל, דאָס אייגענע. דער פאַרלאַנג זיך צוצוקייט־לען צו דער קייט, צו דער גאַנצקייט איז אלצפאַרצערנדיק און ניט אָפּשפּרעכבאַר אָדער אָפּשרייבאַר. דאָ קומט ארייך רעליגיע און באַפרידיקט צו א געוויסער מאָס, אָט־די באַדערפעניש, אָט־דעם גאַנצקייט־הונגער, אָט־דעם צוצי צו דעם וועלט־באַשטאַנד, צו דער באהעפטונג מיט דעם אלצמיטאַנאַנדער. רעליגיע פּרובירט צו רעסטאַווירן די גאַנצקייט פון דער איכהייט. זי באַמיט זיך איינצושטילן אָט די נאָגעניש, מאָנעניש־פּאָדערעניש צו ווערן איינס, צו ווערן א טייל פון אחד, צו ווערן אַ גאַנצקייט מיט דער גאַנצער באַשאַף־פערזענלעכקייט.





# אברהמס נסיון

פון

## מאיר אסתרס

### י״ג

### אברהמעלע ווערט ברוגז אויף דער וועלט

באותה שעה איז סטאסעלע געגאַנגען אויף איר טעגלעכן שפּאַציר,
באַגלייט פון גוואווערנאַנטין, וואָס ניט לאַנג צוריק געקומען איז פון שטאָט.
דערזעענדיק מיראָנען טראָגנדיק זיך, ווי אַ ווינט, אַ מאָדנער פיר,
האָט סטאסעלע אַ טראַכט געטאָן, — שנעל צו דער סאזעלקע הונט לויפט, אַ, גאָט!
דערביי מוז זיין אברהמעלע... דורך קליאַנטשען האָט געפּועלט ביי דער באָנע
דאָס מאָל צו ענדערן דעם איינגעפירטן וועג־מאַרשרוט,
זיך נענטערן צו דער געפערלעכער, סכנת־נפשות, וואַסער־זאָנע.
אַ גוטן אויסרייד האָט זי צוגעטראַכט אין איין מינוט:
די ווייסע עדה געגדז און גענדזעלעך, וואָס האָבן דאָרט ארומגעשוואומען
זי לאָקן אָן, צו זיי מיט ליבשאַפט „אירע איינגעווייד טון־טוען ברומען״...
זי קומט צו נענטער, זעט, דער הונט אברהמלען שלעפּט.
ווי אַ נבלה. — האָט ער העזה, טוט ער סמייען?! —
אברהמל צווישן לעבן און דעם טויט ער שוועבט.
עס רינט פון אים, א טייך! די זאַכן אויסצודרייען.
פאַרלאָזט די גוואווערנאַנטין אויף אַ גראָבן אופן,
און צו אברהמלען לאָזט זיך, הענדום־פּענדום, לויפן.
— איך, סטאַסע, און מיראָן, מיר זיינען ביידע דאָ פאַראָן.

דערוואַך! ביסט דאָך אַ זיידע און אַ בראַווער מאַן!
(די באַנע פונדערווייטנס קוקט דורך אַ בינאָקל)
וואַך אויף! — זי צערטלעך־מוטערלעך גיט אים אַ שאָקל.
די גוואַלדערנאַנטקע ז׳אויסער זיך פון כעס.
קוקט אויף דער סצענע, וואָס זיך שפּילט, מיט האַס.
זי זעט גאַנץ קלאָר, קינד ליגט אין האַלב־חלשות.
אַ יידיש קינד ביי איר האָט קיין ממשות.
און איצטער קומט זי צו גאַנץ נאָענט.
מיט רוגזא פראַגעס פרעגט און ענטפערס מאָנט:
— „פאַנענקע סטאַסע, וואָס׳ז מיט דיר דער מער?!" —
פון צאָרן אַזש זי גיט אַ ציטער.
פאַרצוקטער פּנים געל איז, ווי אַ מער,
ווי רעטאַך איז איר שטימע ביטער.
— „מיר זאָג, איז ער דיין גלייכן?!
פון זשידעס דאַרף מען וויכן" —
עס שניידט די לופט איר שטימע, טעמפּע זעג.
— „פון דאַנעט קום מיט מיר געשווינט אַוועק!"
די קליינע סטאַסע,
ווי טוך אַ בלאַסע
איז צוגעשמידט צום אָרט,
ניט הערט דער באַנעס וואָרט.
די קליינע סטאַסע איז אַן עקשנ׳טע אַ גרויסע,
ניטאָ ביי איר קיין לייכטער נאָכגעב „אַ מהיכא תיתא".
בדרך כלל איז זי מילד, צאַרט.
מיט גוטן לאָזט זיך לענקן, פירן,
קוים, אָבער, האָט זיך איינגעשפּאַרט,
דאַן קען מען זי פון שטעל ניט רירן.
די גוואַלדערנאַנטקעס צאָרנדיקע ריידערייען
אויף סטאַסעלען קיין ווירקונג האָבן אויסגעאיבט.
— „די זשידעס שטאַמען פון דעם ברודער־מערדער, קין.
זיי האָבן אונדזער גאָט געטויט." —
די ווערטער דורך פאַרשטשעמעט ציין זי׳ט דורכגעזיפּט,
איר פּנים, ווי א בוראַק רויט.

— „אָה, שוויענטע מאַריע! גרויס איז זייער זינד!
ווי קומסטו, סטאַסע, צו א זשידיש קינד!
די זשידעס — א פאַרפלוכטע אומה,
אין זיי עס שטעקט אַ רוח טומאה!
דו, גרעפין פוילישע, דו גייסט מיט אים זיך חבר'ן?!
פון אים מיט ציבעלעס, מיט קנאָבל טוט עס אווירן...
דו ביסט פון גרעסטן, שענסטן, רייכסטן שטאַם,
און ער — א צויג זיין מוטער, מן־הסתם" —
קריצט באַנע מיט די ציין,
זי קען עס ניט פארשטיין.
ניט אַנדערש ווי אַ שוואַרצן כישוף
ט'איר אָפּגעטאָן דער זשיד פון „ישוב".
איר באַנישער אויטאָריטעט
זיך טרייסט: ס'איז נאָך ניט שפּעט.
ווען ווערטער האָבן ניט קיין האַפט,
דאַן דאַרף מען ברויכן רויע קראַפט.
דעם זשיד צעטרעטן ווי אַ וואָרים...
זי גיט אַ נעם איר בארן אָרעם,
אָוועקשלעפּן פון זשידעק זי פּרובירט
און מיט דער לינקער האַנט זשעסטיקולירט:
— „מ'דאַרף אויסראָטן דעם גאַנצן זשידיש קהל!
דו ביסט פון פּויליש מילך דער סאַמע שמאַנט!" —
מיט רציחה ט'זיך צעשריען אויפן קול.
פאַרקלעמט קינדס אָרעם אין איר רעכטער האַנט.
זי טראַכט: א גאַראָווסטער פערד דאַרף שפּאַן מיט דוהע...
און סטאַסעלע פון ווייטאַק הייבט אָן כליפּען און דערנאָך צו וויינען,
פאַרלאָרן קוקט ארום מיט בליקן, וואָס אויף תהלים־לשון מיינען:
„אלמעכטיקער, פון וואַנעט קומען וועט מיין ישועה?"
ווי ווערט זי פּטור פון דער באַנעס מידת־הדין...
דער באַנעס זעל — אַ גראָבער קלאָץ, איר גוף, ווי ריטל דין.
און סטאַסע קוקט אַהין און קוקט אַהער,
ווי זי וואָלט אַלע זייטן פרעגן: ווער?
איר בליק מיט אַ בקשה

צולעצט פאַלט אויף... נישקשה...
ניט גאָט, ניט מענטש, נאָר הונט,
וואָס איז די דריי, אין גרונט,
לויט אלטן גלויבן, טאָטעמדיק אמונה.
מיראָן ט׳זיך אויסגעצויגן, ווי א סטרונע,
די שלאַנג בצורת מויד ער׳ט אַטאַקירן,
מיט איר א הינטישן פּראַצעס פאַרפירן
לויט עכטער פּראָצעדור, הונט אינסטינקטיוו איז פרום:
„מע שטראָפט ניט, סיידן מען איז פאַר דעם מתראה”...
דאָס ווייסט ער, ווי א דאַוונער איד זיין „אשרי”...
אַ וואָרנונג שיקט ער איר מיט וואָרטשעדיקן ברום.
ער האָט אנטבלויזט די ציין,
ווי איינער זאָגט: איך מיין...
זעט ביינערדיקע באַנע
די כלב׳שע כוונה,
זי סטאַסעס אָרעם לאָזט גלייך אָפּ,
זי שעפּטשעט אין זיך, דאָך מיט טראָפּ:
— „אַזעלכעס האָט נאָך קיינמאָל ניט פּאַסירט,
אַ זשידעק פאַרך א גרעפין האָט פאַרפירט!
א חרפּה פאַר גאַנץ פוילן!” —
זיך ווענדט צו סטאַסעלען, רעדט העכער, העכער,
און יעדעס וואָרט איז שפּיז, אין לופט מאַכט לעכער:
דער מוטער וועט דערציילן
סוף זומער, ווען אין שטאָט צוריק זיי קומען,
אין גרימצאָרן אוועקגיין האָט גענומען,
איז אָפּגעגאַנגען אַ פּאָר טריט,
מיט בייזקייט שרפה׳ט, ברענט און בריט:
— „ווי קומען דימענטן צו שוואַרצע קוילן!
פון אונטער דר׳ערד, פון טיפן זומפּ אַרויסגעקראָכן
איז דער פאַרקרעציקטער, פאַרלייזטער זשידעק־שכן...
און דו — אַ גרעפין ערשטע אין גרויס פוילן!”
סטראַשונעק פון פאַרמוסרן זי פאַר דער מאַמען
אויף סטאַסען גאָר א קנאַפּע פעולה האָט געהאַט.

אין חודש תמוז ווער קען קילן זוניק פלאַמען
מיט פראָסט און ווינט פון ווייטן קאַלטן מאָנאַט שבט!
אין הארבסט וועט זי ערשט זיין אין שטאָט,
צוריקקומען אַהיים וועט זי גאנץ שפּעט...
און וואָס איז שייך זינד,
אָן וויסן ווייסט דאָס קינד:
מע גיט אין האַרצן זיך אַ קלאַפּ „על חטא״,
און עס פאַרגיט דער גוטער גאָט.
אַזוי עס פירט זיך דער „אל קנא ונוקם״, אלטער טאַטע,
אפשיטא שוין דער יונגער ליבער זון און ליבע מאַמע:
פאַר יעדן זעלן־ריס איז צוגעגרייט אַ נשמה־לאַטע...
דער לעבן איז ניט אַזוי טראַגיש, ווי עס מאָלט א דראַמע...
פאַר דער עבירה שרעקט זיך קנאַפּ וואָס סטאַסע,
מיט 'פרייד זי נעמט אויף זיך פון שולד די משא.
זי'ט אומבאַדינגט אברהמלען ראַטעווען,
און זאָל מען זי אין גיהנם קאַטעווען.
ס'איז אנגענעם די מי,
זי שטעלט זיך אויף די קני,
זי האָט איר יונגן פריינט ארומגענומען,
אַ קוש געגעבן.
געשמאַקער אינגל זיס איז אויף איר גומען —
זאָל ער נאָר לעבן!
פון בלוזקע אָפּגעשפּילעט דעם' קנעפּל,
פאַנאַנדערעפנט זיך דער קאָלנער,
באַמערקט: א פוכלינקער, אַ פאָלנער...
אַ זאַכטן טאַפּ געטאָן דאָס קעפּל.
אָן שווערקייט די שיכעלעך אים אויסגעטאָן,
און הייסע קושן שיטן זיך, ווי, להבדיל, מאָן.
צעקושט אים אלע גלידער, זיך פאַסמאַקעוועט, באַלעקט.
ער קומט צו זיך. איר זיסעס קול'כל האָט אים אויפגעוועקט.
אברהמל ט'דריי מאָל נאָכאַנאַנד געגנאָסן.
אין הערצעלע עס גיט אַ טיאָכקע און א צי
פילט וואַרימקייט, אים נעמט אַדורך אַ גלי.

אין זיינע אָרעמס סטאַסינקען ער׳ט איינגעשלאָסן,
צום בוזעם צוגעדריקט און צוגעטוליעט.
באַרוישט איז טרייער הונט מיראָן,
פון גדולה ווייסט ניט וואָס צו טאָן,
ער שפּרינגט, ער לויפט אַרום, האָט זיך צעהוליעט...
אברהמל לייגט צונויף, ווי צו געבעט, די הענטלעך,
די ווערטער קלינגען קלאָר, ווי גאָלדן רענדלעך...
ער׳ט זיך פאַר׳חלום׳ט און גענומען פאַנטאַזירן,
די שטייפע גבולים פון דער ווירקלעכקייט צעפירן.
מיט וואָס איז מענטש
פון גאָט געבענטשט,
אויב ניט מיט וואונדער שיינע דמיון־טרוימען,
וואָס זיינען מעשה־בראשית׳דיקע זוימען,
פון וועלכע נייע וועלטן טוען שפּראָצן,
דערנאָך זיי נעמען בליען,
די אלטע און פאַרוויאַנעטע צו טראָצן.
ווען ר׳ מיראָן קען פליען,
וואָלט אים געזאָטלט און געזעצט זיך אויף זיין רוקן רייטן,
דער הונט־פּילאָט זאָל אים פאַרטראָגן צו דעם הימל ווייטן.
אויך סטאסען און איר טאָכטער וואָלט ער מיטגענומען.
אָה, טאַטע באַרמהאַרציקער, ס׳זאָל האָלטן שוין דערביי!
דריקט אויס בלויז אינערלעך, אָן ווערטער, וואונטש דעם פרומען.
אויף כלבס לופטשיף פּלאַץ איז דאָ פאַר צוויי אפילו אויך פאַר דריי.
וואָלט מורא ניט געהאַט,
זיין סטאַסע איז אַ כוואַט.
דאָס איז אַ פּלאַן מיט אַ פּאַרנעם —
און וואָס זאָגט סטאסעלע צו דעם?
האָט סטאסע וועגן הימל באַוויגאציע א ידיעה?
די איינקלעך זיי קענען מיטמאַכן די לופט־נסיעה.
זיין וויזיאָנער־פאַנטאַסטישן געשפּרעך
האָט סטאַסינקע פאַרהערט.
צו ווירקלעכקייט האָט זי געקלעפּט, ווי פעך:
די ערד איז איר באַשערט.

בקיצור, מיט איין וואָרט,
זי בייטן היסט דעם אָרט.
עס קימערט איר, וואָס זיינע הייזלעך זיינען נאַסע.
— מע דאַרף זיי טריקענען, — זאָגט פּראַקטיש סטאַסע,
בשעת ער פליט אין די עולמות העליונים און פאַרגעסט אָן חומר.
פאַנטאַזיעס זיינע האָבן ניט קיין שווערפּונקט, ניט קיין צוימען.
איר פאָרשלאָג איז גאַנץ צייטיק,
אין פינטל טרעפט, ניט זייטיק.
אָן שהיות זיי פאַרלאָזן דיקע שאָטנס פון די ווערבע־בוימער,
וואָס שטייען איינגעבויגן, ראַנד פון סאַזשעלקע באַזוימען.
אָוועקגעזעצט זיך האָבן אַקוראַט
אין צענטער פון א זונבאַשטראַלט קוואַדראַט.
דער כלב איז זיי נאָכגעגאַנגען.
דעם קאָפּ ער האַלט אַראָפּגעהאַנגען.
און כאַטש אין יום־טוב׳דיקער שטימונג,
ער איז באַשיידן, אָן באַרימונג.
שטאָלצירט בלויז אויף זיין העלדנטאַט.
אַביסל גאווה קיינעם שאַדט.
דער קרן „חשיבות״ צאָלט פּראַצענט.
צום הונט זיך סטאַסע האַרציק ווענדט,
דאַנקט מיט התפּעלות און התלהבות אים פאַר ראַטעווען איר פריינט.
זיין קודלעוואַטן קאָפּ האָט צוגעדריקט צום בוזעמל — און שיינט.
פאַרוואַרפט זי אים פזרנות׳דיק מיט צערטלעך נעמען.
האָט ניט פאַרגעסן צו באַ׳יישר־כוחן אים פאַר דעם גנאָד,
ער האָט געטאָן מיט זיין פאַרטרייבן און פאַרשעמען
די באַנע... ניט צעביסן, ניט צעריסן זי, דאָס איז א שאָד...
איר דאַנקעניש דער כלב שעצט.
פאַרבויגלט זיין צעפּלאָשעט ווידל,
רעדט בזה הלשון צו דעם מיידל:
(זיין זאָג מיר האָבן איבערזעצט,
הונט ברויכט זיין שפּראַך, ער בילט)
— „איך האָב מיין פליכט דערפילט
אין מיינע אָדערן געטרייעס, הינטישעס בלוט רינט.

צוריק מיט יאָרן האָט מיין מוטער — מוטער זיינס געדינט.
און איצט באַטראַכט איך פאַר אַ זכיה ווי אויך פאַר אַ זכות
זיך צו געפינען אין אברהמלס, איר בן־יחידס, רשות.
איך בין אויך מוכן ומזומן
אויף דיין רוף, סטאַסע, תמיד קומען,
און אויסצופירן אויף אַ האָר באַפעלן דיינע.
איך האָף צום בורא, קינדער און קינדס־קינדער מיינע
די קינדער און קינדס־קינדער אייערע ביז סוף פון אַלע דורות
באַדינען וועלן, פילנעווען און וואַכן איבער זיי משמורות״.
צי האָט מיראָן די קוקלעס־אייניקלעך געהאט אין זינען,
צי טאַקע דעם ארויסקום פון די לענדן,
מיר מעגן טראַכטן וועגן דעם דורך נאַכט ביז צום באַגינען,
מיר וועלן אונדזער צייט אומזיסט פאַרשווענדן.
מיט זיכערקייט קען קיינער גאָרניט זאָגן, ס׳איז ניט פּינקטלעך אונדזער וויסן...
דען וועלכער שניידער מיט זיין נאָדל־פאָדים קען פאַרנייען די גוואַלד־ריסן,
וואָס שיידן אָפּ דעם כלבים־לשון פון דער מענטשלעך שפּראַך.
מכוח אָט־דעם קריעה־ריס מיר טראַכטן גאָר אַ סך.

די באָבע האָט זיך נאָך אַמאָל באַוויזן.
זי האָט פאַרביטן אירע דראָאונג־שפּיזן
אויף שאַרפערן כלי־זין.
דאָס איז איר שמד־שטיק רעיון:
אנשטאָט אַ קנס פּרובירן מיט אַ צוזאָג פון באַלוין:
קאָנפעקטן, שאָקאָלאַד זי׳ט איר געבראַכט.
עס וואַרט אויף איר אַ ליאַלקע גאָר אַ פּראַכט,
זי טראָגט אַ גאָלדענע, מיט דימענטן געפלאָסטערט, קרוין,
זיריידן קען און צומאַכן און עפענען די בלויע אויגן,
און ביי איר פולער ברוסט זי האַלט אַ פּיצל קינד, זי גיט אים זויגן...
דאָס אַלץ איז ריינער אמת, ניט קיין ליגן...
און אויב זי גייט אהיים וועט זי עס קריגן...
די „באָבע״ איז געבליבן קאַלט צו די הבטחות
און אומבאַוואויגן, לעת־עתה לכל־הפחות.
לויט סטאַסינקעס געשמאַק,

איז יידישקייט קיין בראַק...
איר „קאַוואַליער״ איז פון די קוקלעס שענער,
צו אלעם דעם א גרויסער קענער...
אברהמעלע איז איצט געווען מער ווי אביסעלע צעוואָרימט
פון סטאַסעס קושן און פון זונענשטראַלן.
די צוויי פאַרליבטע האָבן זיך געקושט, געהאַלדזט, ארומגעאָרימט,
געטריישאַפט צוגעזאָגט אויף אלע פאַלן.
די אויגן פינקלען און זיין פנים שיינט.
ער סטאַסינקען האָט אָפגעשאצט ערשט היינט.
צעהעלטער לאַן ליגט אויסגעשפּרייט,
ווי אַ בלענד־ווייסע חופּה־קלייד;
מער ניט אַ שטיקל חשכות, א מין חורבן־זכר,
פאַלט פון דעם פלעק פון שווערן שאָטן פון דער הייכער
האַרט־קנאַכנדיקער, ווי אַ שטעקל אויסגעדאַרטער, באַנע.
זי איז געווען מיקלאַמפערשטן אין שטוב. ניט לאנג געזאַמט,
אָט קומט צוריק גוט אויפגעלייגט, גוט אויפגעראַמט.
זי סטאַסעלען שענקט קושן ווי א האַרציקע מתנה...
ווי קאַץ די נעגל אין די קישעלעך, פאַרשטעקט זי אירע סענטימענטן.
— „איך האָב גאָר גרויסע נייס! די באָבע איז צוריקגעקומען,
מוזט גיין עס זען, פאַר דיר האָט זי געבראַכט אזעלכע זעלטענע פּרעזענטן:
א זיידן קליידל אויסגעהעפט מיט לעבעדיקע בלומען;
א נייע הוט מיט סטענגעס און מיט לענטעס,
און זאָקן בלוילעך־העלע מיט לאַקירטע שיכעלעך;
און פאר די קוקלעס קישעלעך מיט ראָזע ציכעלעך,
אויך בילדער הייליקע, איקאָנעס פון די „שוויענטעס״...
די באָנע טריאומפירט, וואָס וואָלט אַ פרוי ניט טאָן פאַר קליידער!
ביי סטאַסינקען צעלויפן זיך די אויגן, און נאָך איידער
פאַרקלונגען איז דאָס לעצטע וואָרט,
גיט זיך אַ האַסטיק ריס פון אָרט.
עס האלט זי שוין די באָנע אין די אָרעמס, ווידערשטאַנד ניט צייגט ארויס.
באַטרעט דעם גראָזיק שטעג צו די געשאנקען, וואָס דערוואַרטן זי צו הויז.
גליק איז געגליכן צו א דינעם ריטל,
צעשאָקלט ווערט פון לייכסטן שטיפער־ווינט.

אברהמל פאַלט אַריין, נאָך ווי געשווינט,
הגם בלויז אויף איין רגע,
אין יאוש, און פון יאוש גלייך אין ביטול.
ער באַנעו קאַרעניִיעט,
ווי האָט זי עס געסמייעט,
אָט־די מרשעת און פגע!
ער נעמט זיך איין.
ס׳גייט אויף די שיין
פון דעם למעלה־מן־השכל׳דיקן, פולן יידישן בטחון:
אַ דורכפאַל, אַ מפּלה
ביי אים זיי שפּילן ניט קיין ראָלע:
דער דרויסנדיקער זיג באַקרוינען מוז דעם אינעווייניקסטן נצחון,
ווי נאָך דער נאַכט פאָלגט דער באַגינען.
פאַרבאָרגן אָרט ער וועט געפינען...
אין דער באַהעלטעניש זיי וועלן אָטעמען גאַנץ פריי,
סיי ער, סיי סטאַסע, סיי מיראָן, צוזאַמען אַלע דריי.
אַהין וועט קיינער קיינמאָל קיין שום צוטריט האָבן,
קיין דריסת־רגל ניט פאַר זיידן, ניט פאַר באָבען...
ער טראָגט א שטאַרקע שנאה,
פאַרפלאָכטן אויך מיט קנאה,
ניט בלויז אויף דער מרשעת, דער פאַסקודנער גוואוורנאַנטין...
אין אַלע שטאַרקע, אומגערעכטע,
דערוואַקסענע, מיינט בייזע, שלעכטע,
צילט זיינע פיילן גיפטיקע פון בויגן דעם געשפאַנטן.
צו וואָס זיך נאַרן!
אַלץ טוט זיי אַרן.
אוואו אַ קער,
דאָרט איז א שטער.
ביי זיי... ער איז א תפוס, א געשמידטער...
וואו וואָלט ער זיין, ווען ניט מיראָן, זיין היטער!
די באָבע, כיענע, האָט אים ליב, דער זיידע, ר׳ ישראל, זיכער אויך...
וואָס טויג אים זייער ליבע, ער איז נידעריק און קליין, זיי — גרויס און הויך...
מיט גוטן מיין אויף אים זיי לויערן און צאַטעוען,

און איבער אים אכזריות׳דיק זיי באַלעבאַטעווען.
דער זיידע איז דער לעצטער פּוסק, —
און אלץ איז אים אַ האַנט, זיין עסק.
און פון דער באָבען, כיענע רייזע, איז דאָך גאָר ניט אויסצוהאַלטן.
דער זיידע שלעפּט אהער! די באָבע ציט אַהין,
בכדי באַפעלן אויסצופאַלגן, וואָלט אויף צווייען זיך באַדאַרפט צעשפּאַלטן.
בכלל, הדרכה זייערע האָט קיין שום זין!
ווי זיי געוועלטיקן, קאָמאַנדעווען! דאָס פלעגט אים שטענדיק שטארק פאַרדריסן.
די מעשה מיט דער באָנע איז דער לעצטער טראָפּן,
פון אים זיין עמער פון סבלנות זיך גענומען האָט אריבערגיסן.
זי איז געווען דער ברויז פון גאַז, וואָס שיסט ארויס דעם פּראָפּן.
ביי אים זיי זענען כסדר פעלערן און נאָכאַנאַנד חסרונות זוכן,
אליין זיי טוען אָפּ כל דבר אסור.
און אלץ ביי זיי איז רעכט, ס׳איז כשר וישר...
די הענער, הינער האַלטן זיי פאַרשפּאַרט אין די פאַרחושכטע קאָטוכן.
פאַרוואָס? ווייל עופות זיינען שוואַכע, קליינע ברואים, קענען זיך ניט ווערן.
דאָס קאָוטשקען און קודאַכטשען, אָן געפּיל פון מיטלייד־צער, ער קען ניט הערן.
און ווי באַהאַנדלען זיי די הינט?
די קי, די פערד, דאָס שאָף און רינד?
ער ווייסט, ניט טרינקען און ניט עסן קריגן זיי צו זאַט...
דערוואַקסענער צוויפיסיקער איז א סאַדיסט, אַ קאַט!
און אלעמען צו פּייניקן און מאַטערן,
אלץ מכולה־מאַכן, אומברענגען און פּטרן
רייצט גומען זיינעם ווי געווירץ, פאַר לעבנס־סעודה בעסטער תבלין.
די בהמות, עופות שטילע, שטוביקע, באַשווינדלען און באַ׳עוולה׳ן,
בעת פאַר זיך ניט הערן אויף גערעכטיקייט צו מאָנען... ס׳אַ געלעכטער!
אבר המעלע וויל ווערן אָפּחבר און ברוגז מיט דער וועלט דער שלעכטער:
אין מיטן נאַכט מיט סטאַסען און מיראָנען וועט אַנטלויפן.
פון דעם געדאַנק, וואָס איז געטראַנק, עס האַמערן די שלייפן.
צו זיין ביי די רשעים איז א זינד, א ווייטאָק און א שאַנד.
ער מוז געפינען דאָס פאַרשפּראָכענע, געבענטשטע נייע לאַנד...



# מאָדערנער נאַציאָנאַליזם

פון

## י. באבינסקי

.1

דער מאָדערנער נאַציאָנאַליזם, וועלכער איז נאָך קיין צוויי הונדערט יאָר ניט אַלט, אַ לפי ערך קורצער צייט־אָפּשניט אין דעם היסטאָרישן זין, איז בלי ספק די דאָמינירנדיקע אידעע וואָס באַאיינפלוסט די וויכטיקע פּאַסירונגען פון אונדזער צייט. זינט די פראַנצויזישע רעוואָליוציע פון יאָר 1789, ווען דער מאָדערנער נאַציאָנאַליזם האָט זיך אויסגעקריסטאַליזירט אין קלאָרע פאָרמען, האָט ער ביסלעכווייז אַזוי אריינגעדרונגען אין מענטשנס באַוואוסטזיין און איז געוואָרן אַ טייל פון זיין פילן און טראַכטן, אַז לעצטענס איז כמעט ניטאָ קיין איין געזעלשאַפטלעכע דערשיינונג פון אַ פּראַקטישן אָדער אידעעישן כאַראַקטער וואָס איז ניט מער אָדער ווייניקער באַאיינפלוסט פון נאַציאָנאַליזם, אַמאָל צום גוטן און אַמאָל צום שלעכטן. מען קאָן זאָגן אַז אין אַ געוויסן זין פאַרנעמט לעצטענס דער נאַציאָנאַליזם די זעלביקע אויבערהערשנדיקע פּאָזיציע וואָס רעליגיע האָט פאַרנומען אין מיטלאַלטער. אין נאָמען פון נאַציאָנאַליזם און נאַציאָנאַלע אינטערעסן ווערן באַגאַנגען די שרעקלעכסטע פאַרברעכנס אַזוי גוט ווי די ערלעכסטע טאַטן. אין דער איצטיקער וועלט־מלחמה האָבן די נאַציס באַגאַנגען די שוידערלעכסטע גרוילטאַטן, וואָס זיינען באַוואוסט אין דער מענטשלעכער געשיכטע, און גלייכצייטיק האָבן מיר פאַר זיך דעם העראָישן ווידערשטאַנד פון די אונטערדריקטע פעלקער וואָס זיינען אריינגעפאַלן אין די נאַצישע הענט צוזאַמען מיטן וואונדערבאַרן קאַמף, וואָס די אַליאירטע פעלקער פירן אָן קעגן דעם נאַצי־פאַשיסטישן בלאָק. ביידע, דאָס גוטע און דאָס שלעכטע זיינען באַאיינפלוסט פון דער נאַציאָנאַ־

לער אידעע אין איר מאָדערנער געשטאַלטונג. הפּנים אַז דער מאָדערנער נאַציאָנאַ־
ליזם איז אַ געמיש פון גוטס און שלעכטס.

אין הייַנטיקע צייטן רעדט מען וועגן נאַציע און נאַציאָנאַלע אינטערעסן פאַר
וועלכע דער יחיד איז מחוייב צו ברענגען קרבנות אַלס אַ זעלבסט פאַרשטענד־
לעכער זאַך, ניט אָפּגעבנדיק זיך קיין חשבון וואָס אַזוינס איז דער מהות פון נאַ־
ציאָנאַליזם אָדער, מיט אַנדערע ווערטער, פון וואָס פאַר אַ געדאַנקלעכע עלעמענטן
איז דער מאָדערנער נאַציאָנאַליזם צוזאַמענגעשטעלט. און אין וואָס באַשטייט די
חשיבות פון דער נאַציע, אַז דער יחיד זאָל זיין מחוייב צו שטעלן די נאַציאָנאַלע
אינטערעסן העכער פון זיינע אייגענע אינטערעסן. און דער עיקר דאַרף מען
זיך אַריינטראַכטן וואָס זיינען די שעדלעכע עלעמענטן אין דעם מאָדערנעם נאַציאָנאַ־
ליזם, ווייל אורטיילנדיק לויט די פּאַקטישע רעזולטאַטן צו וואָס דער מאָדערנער
נאַציאָנאַליזם האָט דערפירט איז דאָך קיין ספק ניט, אַז עפּעס פונדאַמענטאַל שלעכ־
טעס ליגט פאַרבאָרגן אין דעם צוזאַמענשטעל פון מאָדערנעם נאַציאָנאַליזם.

.2

אין דער ליטעראַטור וועגן דעם נאַציאָנאַלן פּראָבלעם ווייזן כמעט אַלע שרייַ־
בער אָן אויף דער שוועריקייט גענוי צו דעפינירן, וואָס אַזוינס איז אַ נאַציע.
מיט אַנדערע ווערטער, עס איז שווער אָנצואווייזן אַקוראַט וואָס זיינען די אייגנ־
שאַפטן וואָס אַ מענטשלעכע גרופּע מוז פאַרמאָגן כדי מען זאָל זי קענען באַצייכענען
אַלס אַ נאַציע אָדער פאָלק. מען קאָן ניט אָננעמען די סברה, אַז אַן אייגענע
מלוכה־אָרדענונג אָדער שטאַט, אַ געמיינזאַמע טעריטאָריע, אַן אייגענע שפּראַך
אָדער אייגנאַרטיקע קולטור, מנהגים וכדומה זיינען אומבאַדינגט נייטיקע סימנים,
מיט וואָס מען זאָל זיך קאָנען באַנוצן ביים דעפינירן דעם טערמין נאַציע, ווייל
צווישן די עקזיסטירנדע אָנערקענטע נאַציאָנען געפינען זיך פעלקער וועלכע
פאַרמאָגן ניט די אָדער יענע פון די אויסגערעכנטע אייגנשאַפטן. למשל שווייַ־
צאַריע איז אַ נאַציע מיט דרייַ שפּראַכן און אויסטראַליע האָט בכלל ניט קיין
אייגענע שפּראַך. דאָס אייגענע בנוגע שטאַט און טעריטאָריע. למשל, פּוילן פאַר
דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ניט געהאַט קיין אייגענע מלוכה און די יידן
פאַרמאָגן ניט קיין מלוכה און ניט קיין געמיינזאַמע טעריטאָריע, דאָך זיינען זיי
די גאַנצע צייט פאַררעכנט אַלס נאַציאָנען. בנוגע קולטור, מנהגים אאז״וו געפינען
מיר, אַז די גרעסטע און וויכטיקסטע נאַציאָנען זיינען אין די דאָזיקע פּרטים הינטער־
שטעליק. אַמעריקאַ און ענגלאַנד זיינען צוזאַמענגעשטעלט פון גרופּירונגען מיט
פאַרשידענע קולטורעלע אייגנשאַפטן. אַנדערע ווידער מיינען, אַז דער סימן מובהק
מיט וואָס מען קאָן דעפינירן דעם טערמין נאַציע איז — דער באַוואוסטזיין און

דער ווילן אויפצוהאַלטן די עקזיסטענץ און די אייגנאַרטיקייט פון דער עטנישער גרופּע אין וועלכער מען איז געבאָרן געוואָרן און אין וועלכער מען האָט זיך אויפגעהאָדעוועט. דער דאָזיקער באַוואוסטזיין און ווילן איז אוודאי אַ נייטיקער באַדינג פאַר נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ. די דאָזיקע דעפיניציע זאָגט אונדז אָבער גאָרניט וועגן דעם מהות פון דער אייגנאַרטיקייט וועלכע מען איז מחויב אויפצוהאַלטן; לכן קאָן דאָס ניט דינען פאַר אַ דעפיניציע פאַרן טערמין נאַציע.

עס איז ניט מעגלעך געגוי צו דעפינירן דעם טערמין פאָלק אָדער נאַציע מחמת מען ווייס פשוט ניט וואָס איז אַזוינס דער עצם מהות פון אַ פאָלק, די אַנטראָפּאָלאָגן וואָס פאַרנעמען זיך מיט דעם דאָזיקן ענין האָבן נאָך דערווײַלע ניט פעסטגעשטעלט וואָס אַזוינס זיינען די כאַראַקטער־שטריכן וואָס מאַכן אַ פאָלק פאַר אַן איינהייט. מען ווייס נאָך כמעט גאָרניט, ווי אַזוי און פאַרוואָס מענטשן האָבן זיך פאַרמירט אין אייגנאַרטיקע גרופּן, און מען ווייס נאָך ניט עפּעס באַשטימטעס וועגן די ערשטע פעריאָדן פון זייער אַנטוויקלונג. דאָס ליגט נאָך פאַרבאָרגן אין דער פּרעהיסטאָרישער מענטשלעכער עקזיסטענץ אויף דער וועלט, איבער וועלכער מע קאָן זיך שאַפן פאַרשיידענע השערות, אָבער קיין זיכערן ווּיסן האָבן מיר וועגן דעם ניט.

דעריבער זיינען די פאַרשיידענע פאַרזוכן, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן צו דערקלערן פאַרוואָס דאָס יידיש פאָלק האָט זיך דווקא אויסגעצייכנט מיט זיין ספּעציפישן בייטראַג אויפן רעליגיעזן געביט, אויפן גרונט פון אויסערלעכע קלימאַטישע און געאָגראַפישע באַדינגונגען, ניט צופרידנשטעלנדיק, מחמת, עס זיינען דאָך אין דער זעלביקער צייט געווען אַנדערע מענטשלעכע גרופּירונגען וואָס האָבן געלעבט אונטער די זעלביקע אומשטענדן וועלכע האָבן מסתמא אין זייער צייט אויך געהאַט עפּעס אייגנאַרטיקעס, דאָך זיינען זיי שוין לאַנג פאַרשוואונדן אַלס אייגנאַרטיקע מהותן און פון זייער קולטור איז קיין זכר ניט געבליבן. דאָס אייגענע איז אויך אמת מיטן קולטורעלן בייטראַג פון די אַמאָליקע גריכן און רוימער. הגם זיי עקזיסטירן שוין ניט פיזיש אַלס אייגנאַרטיקע פעלקער, לעבן און ווירקן נאָך עד היום זייערע קולטורעלע קאָנטריבוציעס, בעת די קולטורן פון אַנדערע פעלקער, וואָס האָבן עקזיסטירט אין דער זעלביקער עפּאָכע, זיינען פאַרגעסן געוואָרן. דאָס לאָזט זיך ניט דערקלערן בלויז מיט אויסערלעכע אומשטענדן. די באַדינגונגען פון דער סביבה זיינען זיכער מיטווירקנדיקע פאַקטאָרן, עס מוז אָבער זיין עפּעס אייגנאַרטיקעס אינערלעך, אין דעם גייסטיקן מהות פון דער גרופּע, וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן ספּעציפישן בייטראַג פון יעדער גרופּע סיי צום גוטן סיי צום שלעכטן. יעדע גרופּע פאַרמאָגט מסתמא אירע אייגנאַרטיקע

אייגנשאַפטן מיט וואָס זי אונטערשיידט זיך פון אַנדערע גרופּירונגען. עס איז אָבער פאַראַן אַ גרויסע נפקא־מינה אין זייער קוואַליטעט. אין דעם אַנטוויקלונגס פּראָ־צעס פון דער מענטשלעכער קולטור טראָגט צו יעדעס פאָלק זיין אייגנאַרטיקן צו־שטייער, אָבער די דויערהאַפטיקייט און די קוואַליטעט פון צוטראָג ווי אויך זיין ווירקונג אויף דער גאַנצער מענטשהייט, איז אָפּהיינגיק אָן דעם ווערט און באַדייט פון ספּעציפישע אייגנשאַפטן וואָס יעדעס פאָלק טראָגט אין זיין נשמה.

די שוועריקייט געפינט צו דעפינירן וואָס אַזוינס איז אַ נאַציע פּאַרמינערט, אָבער, ניט די זיכערקייט, אַז עס זיינען פאַראַן פאַרשידענע נאַציעס. און הגם מיר ווייסן ניט פאַרוואָס און אַקוראַט מיט וואָס איין פאָלק אָדער עטנישע גרופּע אונ־טערשיידט זיך פון דער צווייטער, קאָן מען פונדעסטוועגן מער אָדער ווייניקער אָנווייזן אין וואָס עס באַשטייען די קולטורעלע אייגנשאַפטן פון די פאַרשיידענע עקזיסטירנדיקע פעלקער.

ווייטער, מיר זעען ניט קיין חסרון אין דער איבערגעבנהייט וואָס דער יחיד צייגט אַרויס צו דער גרופּע אין וועלכער ער איז געבאָרן געוואָרן און אין וועמענס קולטור סביבה ער האָט זיך אויסגעהאָדעוועט. אדרבא מיר האַלטן אַז עס איז דער חוב פון יעדן יחיד זיך צו זאָרגן פאַר דעם גייסטיקן און מאַטעריעלן וואוילזיין פון דער גרופּע פון וועלכער ער שטאַמט, ווייל דער מענטש איז בטבע אַ געזעלשאַפטלעכע באַשעפעניש. ער מוז אָנקומען צו דער געזעלשאַפט אין וועלכער ער לעבט, דעריבער איז דער יחיד מחויב צו זאָרגן פאַרן וואוילזיין פון כלל. די זעלביקע לאָגיק איז חל אויף דער באַציאונג צווישן פאָלק און דער מענטשהייט. אַזוי ווי דער יחיד איז מחויב צו זאָרגן פאַר זיין אייגענער גרופּע אַזוי איז די גרופּע אלס אַן איינהייט מחויב צו זאָרגן פאַרן גייסטיקן און מאַטעריעלן וואוילזיין פון דער גאַנצער מענטשהייט, ווייל דער וואוילזיין פון יעדעס פאָלק, אַפילו פון די גרעסטע און רייכסטע פעלקער, איז איינג פאַרבונדן מיטן אַלגע־מיינעם קולטורעלן און מאַטעריעלן מצב פון די איבעריקע פעלקער. און אויף אַזוי ווייט ווי יעדעס פאָלק אָדער עטנישע גרופּע איז געוואויר פון איר אייגנאַרטיקייט און שטרעבט זיך אָן צו אַנטוויקלען אירע מעלות און אויסמיידן אָדער מינערן אירע חסרונות, אַזוי ווייט דינט זי דערמיט דעם אידעאַל פון לאָיאַליטעט צו דער גאַנצער מענטשהייט.

שוין טויזנטער יאָרן זינט רעליגיעזע דיינקער האָבן געפּריידיקט דעם דאָ־זיקן אידעאַל, זיי האָבן עס באַגריינדעט בלויז אויף מאָראַלישע יסודות, איצט איז די זאַך געוואָרן אַ פּראַקטישער פּראָבלעם מיט וואָס דיפּלאָמאַטן פון אַלע רעגי־רונגען פאַרנעמען זיך. די דערפאַרונג פון די לעצטע צוויי וועלט מלחמות האָט

באַוויזן, אַז קיין פאָלק, אַפילו דאָס גרעסטע און שטאַרקסטע, קאָן זיך ניט איזאָ־לירן פון דער איבעריקער וועלט, ווייל דער וואוילזיין פון יעדעס פאָלק באַזונ־דער איז איינג פאַרבונדן מיטן וואוילזיין פון דער גאַרער מענטשהייט.

ריכטיק פאַרשטאַנען איז ניטאָ קיין אינערלעכע סתירה צווישן דער לאָיאַ־ליטעט אָדער ליבע צום אייגן פאָלק און דער ליבע צו דער מענטשהייט. דער נאַציאָנאַליזם ווערט אַ שרעקלעכע געפאַר פאַר דער מענטשהייט נאָר דאַן, ווען די אייגענע נאַציע ווערט גענומען אַלס אַן אַבסאָלוט ד"ה מע מאַכט פון איר אַ מין מאָדערנע עבודה־זרה, ווען די אינטערעסן שטייען העכער איבער אַלץ, ווי דאָס האָט פּאַסירט אין די נאַצי־פאַשיסטישע לענדער. די גרוילטאַטן פון דער איצטיקער וועלט־מלחמה האָבן באַוויזן וואָס פאַר א סם המות עס איז פאַר־באָרגן אין אַזאַ מין נאַציאָנאַליזם, פאַר וועלכן מע דאַרף זיך שטאַרק היטן.

3.

דער אויפטו פון מאָדערנעם נאַציאָנאַליזם באַשטייט אין אַ פּרואוו צו פאַר־אייניקן צוויי געדאַנקלעכע עלעמענטן וועלכע זיינען אַזוי אַלט ווי די מענטשהייט אַליין; זיי זיינען אָבער אין גרונט פאַרשידן איינער פון אַנדערן, לאָזן זיי זיך דעריבער ניט סינטעזירן.

דער מענטש איז בטבע אַ געזעלשאַפטלעכער ווען ד"ה אַז אַלע מאָל האָט ער געלעבט אין געזעלשאַפטלעכער פאַרבינדונג מיט נאָך מענטשן אין גרעסערע אָדער קלענערע גרופּירונגען. און היות ווי קיין געזעלשאַפט קאָן אין דעם איצטיקן מאָראַלישן מצב פון דער מענטשהייט ניט אויסקומען אָן א וועלכער עס איז רעגי־רונגס פאָרם וואָס באַזיצט דאָס רעכט צו מאַכן געזעצן און די פיזישע מאַכט צו באַשטראָפן די וואָס זיינען עובר אויפן געזעץ, האָט זיך דער מענטש אַלע מאָל געמוזט פאַרנעמען מיט פּאָליטישע ענינים. אַזוי אַרום קען מען זאָגן אַז פּאָליטיק אין אַ געוויסן פשט איז אַזוי אַלט ווי די „קולטור" פון דער מענטשהייט אוןביידע זיינען אַזוי אַלט ווי די מענטשהייט גופא.

ווען מיר קוקן זיך צו נענטער צו די דאָזיקע צוויי דערשיינונגען, בעמלעך קולטור און פּאָליטיק, פון מענטשנס גרופּן לעבן, געפינען מיר, אַז זייערע ספּע־ציפישע אייגנשאַפטן זיינען אין גרונט פאַרשידן איינע פון די אַנדערע. ערשטנס וועלן מיר אָנווייזן, אַז בעת קולטור איז פון אַן אינערלעכן גייסטיקן כאַראַקטער איז פּאָליטיק עפּעס וואָס האָט צו טאָן דער עיקר מיט דער אויסערלעכער סטרוק־טור פון דער גרופּע. צוליב דעם זיינען די אייגנאַרטיקע קולטורעלע אייגנשאַפטן וואָס פאַראייניקט די גרופּע פון א סך דויערהאַפטיקערן כאַראַקטער ווי דאָס איז

דער פאַל מיט רעגירונגס פאָרמען. עס איז זייער שווער, כמעט אוממעגלעך, זיך צו באַפרייען פון די קולטורעל גייסטיקע כאַראַקטעריסטיקס וואָס מען באַקומט פון דער גרופּע אין וועלכע מען איז געבאָרן געוואָרן און אין וועלכע מען האָט זיך אויפגעהאָדעוועט. די אייגענע שווערוקייט איז פאַראַן ביים איבערנעמען די קולטורעל גייסטיקע אייגנשאַפטן פון דער גרופּע מיט וועמען מען וויל זיך אַסי־מילירן. עס נעמט א סך דורות פון געמישטע חתונות, דאָס צוזאַמענאײנלעבן זיך און באַשטימטע אַדאַפּטאַציעס איידער עס געלינגט איין גרופּע זיך אינגאַנצן צו אַסימילירן מיט אַנאַנדער גרופּע. עס איז אָבער אין פאַרגלייך מיט דעם זייער לייכט צו ענדערן די פּאָליטישע אָנגעהעריקייט בעת עס קומט אויס צו לעבן אין אַ גרופּע מיט אַנאַנדער מלוכה אָרדענונג. חוץ דעם איז געשיכטלעך באַקאַנט, אַז פעלקער בייטן זייערע רעגירונגס פאָרמען אין אַ לפי ערך קורצער צייט, בעת ענדערונגען אין א פאָלקס קולטורעלן כאַראַקטער איז אַ פּראָצעס פון לאַנגזאַמער אַנטוויקלונג ; אין דעם זינען שיקט זיך צו זאָגן, אַז דער קולטורעלער פּרצוף־פּנים פון אַ פאָלק איז אַ נאַטירלעכע, אָדער, לויט דעם רעליגיעזן אופן פון אויס־דרוק, אַ גאָט־געגעבענע דערשיינונג, בעת די פאַרשיידענע רעגירונג־פאָרמען זיינען אַ קינסטלעכער אָדער א מענטש געשאַפענער אויפטו.

ווילן מיר אָנווייזן אויף נאָך זייער אַ וויכטיקער נפקא מינה צווישן קולטו־רעלן מהות און פּאָליטישן אײנשטעל פון אַ באַשטימטן פאָלק. בעת דער פּאָליטי־שער אײנשטעל איז נויטווענדיקערוויז פאַרבונדן מיט טעריטאָריע און פיזישער מאַכט האָבן די קולטורעלע גייסטיקע אייגנשאַפטן פון אַ גרופּע אַ קנאַפּן שייכות מיט דעם. יעדע רעגירונג פון וועלכער ריכטונג זי זאָל ניט זיין, אום זי זאָל קענען האַלטן אָרדענונג אין די גבולים פון דער גרופּע אין וועלכער זי רעגירט, און זיין בכוח זיך צו פאַרטיידיקן אין פאַל פון אַ מלחמה קעגן אַן אַנדער גרופּע, מוז באַזיצן די פיזישע מאַכט וואָס פאָדערט זיך פאַר דעם. דאָס אייגענע איז מיט טעריטאָריע. היות ווי די מענטשן גרופּע געפינט זיך אין ס'רוב פאַלן אויף אַ באַ־שטימטן שטח לאַנד וואָס זי פאַרנעמט זיינען דעריבער די רעגירונגס פונקציעס פון יעדן סאָרט מלוכה־אָרדענונג געקניפּט און געבונדן מיט דער טעריטאָריע פון דער גרופּע. עס איז אָבער אַנדערש מיט קולטורעלע ווערטן, וואָס קאָנען זיך אויסדריקן אין ריין גייסטיקע אָדער געדאַנקלעכע פאָרמען, ווי, דהיינו, רעלי־גיע, פילאָזאָפיע, קונסט, וויסנשאַפט, וכדומה, וועלכע זיינען ניט געבונדן מיט קיין באַשטימטער טעריטאָריע און האָבן ניט קיין דירעקטע שייכות מיט פיזישער מאַכט.

אויך בנוגע דער לאָיאַליטעט פון יחיד צום כלל איז פאַראַן אַ קאַרדינאַלער הילוק צווישן דעם פּאָליטישן סדר און קולטורעלן באַנעם. יעדע רעגירונג, פון אַ מאָנאַרכישן, אַליגאַרכישן אָדער דעמאָקראַטישן כאַראַקטער, ווי פאַרשידן עס זאָלן ניט זיין איר סטרוקטור און רעגירונגס־פונקציעס, איז גלייך צו אַנדערע רעגירונגען אין דעם פאָלגענדיקן פּרט: — זי פאָדערט אַ לאָיאַליטעט פון יחיד צום שטאַט, אין פרידנסצייט פאַרלאַנגט זי מיט רעכט, אַז יעדער מיטגליד פון דער געזעלשאַפט זאָל אָפּהיטן די געזעצן פון לאַנד, ווייל אָן דעם איז קיין אָרדע־נונג ניט מעגלעך. בשעת מלחמה איז דער שטאַט די העכסטע אינסטאַנץ. כדי צו באַשיצן די עקזיסטענץ פון כלל איז דער יחיד מחויב צו פאָלגן דעם שטאַט אין אַלץ, אַפילו מקריב זיין דעם לעבן, ווען נייטיק. די דאָזיקע לאָיאַליטעט וואָס דער שטאַט פאָדערט פון יחיד און די מאַכט וואָס ווערט איבערגעגעבן אין זיין רשות צו צווינגען דעם יחיד אים צו פאָלגן איז ניט קיין אידעאַל פאַר זיך גופא, ווי דאָס איז דער פאַל מיט די נאַציאָנאַלע קולטורעלע ווערטן. עס וואָלט מסתמא א סך בעסער געווען ווען מען וואָלט אין געזעלשאַפטלעכע ענינים געקענט אויס־קומען אָן אַ שטאַט און אָן צוואַנג מיטלען. אָבער צו אַזאַ הויכער מאָראַלישער מדרגה האָט דער מענטש נאָך ניט דערגרייכט. און היות ווי אַ געזעלשאַפטלעך צוזאַמענ־לעבן איז אָן רעגירונג ניט מעגלעך באַרעכטיקן מיר דעם שטאַט און זיינע צוואַנג מיטלען בלויז אויף א ריין אוטיליטאַריסטישן באַזיס ד״ה אלס נייטווענדיקייט. די לאָיאַליטעט פון יחיד צו די קולטור ווערטן פון דער גרופּע נייטיקן זיך ניט אין קיין אַנדער סאַנקציע מחוץ זייער אימאַנענטן באַדייט.

עס איז פאַר אונדז וויכטיק דער היסטאָרישער פאַקט, אַז ביז דער פראַנצוי־זישער רעוואָלוציע איז דער רעגירונגס אַפּאַראַט באַטראַכט געוואָרן אַלס אַ פּראַק־טישע נויטווענדיקייט. און די טרייקייט, איבערגעבנקייט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג צום שטאַט איז ניט געווען באַזירט אויף וועלכע עס איז פּרינ־ציפּן אָדער אידעאַלן. דאָס איז באַשטאַנען דער עיקר אין אַ לאָיאַליטעט צו דער הערשנדיקער גרופּע, ד״ה צו די פּערזאָנען וועלכע האָבן געהאַלטן אין זייערע הענט דעם רעגירונגס־אַפּאַראַט. פון די גאָר פּרימיטיוווסטע צייטן ביז צו דער אַנט־שטייאונג פון דעם דעמאָקראַטישן שטאַט האָט זיך דער רעגירונגס אַפּאַראַט אַלע מאָל (מיט קליינע אויסנאַמען ווי אין דער קורצער פּעריאָדע פון די גריכישע רע־פּובליקן וכדומה) געפונען אין רשות פון אַ קליינער גרופּע רעגירער, פון א מאָנאַרכיסטישן אָדער אַליגאַרכישן כאַראַקטער, וועלכע האָבן שטענדיק געזוכט צו פאַראייביקן זייערע מאַכט־פּאָזיציעס לדורות, דורך דינאַסטיעס פאַרפונדעווען, הערשענדיקע קאַסטעס. דאָס רוב זיינען די פאַרשידענע דינאַסטיעס געשאַפן גע־

וואָרן פון גוטע קריגס־פירער, וואָס האָבן געגרינדעט די גרעסערע און קלענערע אימפעריעס פון אַלע צייטן. די געשיכטע איז אַ לאַנגע קייט פון מלחמות צווישן מלכים און פירשטן און כסדרדיקע אינטריגעס אין די פאַרשידענע דינאַסטיעס צו פאַרכאַפּן די רעגירונגס מאַכט איינער פון אַנדערן. דער פּשוטער גרויסער עולם האָט אין די מלחמות און אינטריגעס געהאַט אַ קנאַפּן אינטערעס און נאָך ווייניקער דעה. צוליב די אָפּטע הויף־פאַרשווערונגען פלעגן זיך די הערשער אָפּט בייטן און אַדאַנק די כסדרדיקע מלחמות פלעגן טעריטאָריעס אָפּט איבערגיין פון איין הערשער צום צווייטן. דעם אַלגעמיינעם עולם האָט עס ווינציק וואָס געקימערט. זיי פלעגן בייטן זייער לאָיאַליטעט צו די פאַקטישע הערשער כמעט אָן ווידערשטאַנד. דאָס איז געווען דער אַלגעמיינער גאַנג פון דער געשיכטע ביז דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

מיט דעם מיינען מיר ניט צו באַהויפּטן, אַז די פּאָליטישע און קולטורעלע געשעענישן האָבן גאָר קיין שייכות ניט איינע מיט דער אַנדערער. אינגאַנצן פאַנאַנדערטיילן די ספערן פון מענטשלעכן שאַפן איז ניט מעגלעך. אַלץ וואָס ווערט אויפגעטאָן אויף די פאַרשידענע געביטן פון מענטשלעכן אָנשטרענג האָט אַ קעגנזייטיקע ווירקונג. די ווירקונג איז אָבער ניט אַלע מאָל קיין דירעקטע ווי אַ פּועל יוצא פון אַן אונטערנעמונג, וואָס ווערט דורכגעפירט לשם אַ געוויסן ציל, נאָר ווי אַ אינדירעקטער איינפלוס פון באַזונדערע שטרעבונגען וואָס גייען זייער גאַנג אומאָפּהענגיק איינע פון דער צווייטער. בדרך כלל איז דאָס געווען די נאָרמאַלע באַציאונג צווישן דעם קולטורעלן פּנים און פּאָליטישן איינשטעל, מיט קליינע אויסנאַמען האָבן די גרויסע אימפעריעס זיך זעלטן געמישט אין דעם אינערלעכן קולטור־לעבן פון די פעלקער איבער וועלכע זיי האָבן געוועלטיקט. זייער הויפּט־אינטערעס איז באַשטאַנען אין ריין מלוכה׳שע אַנגעלעגנהייטן, ווי איינמאָנען צינזען, אָפּהיטן די אָרדענונג און אָנפירן מיט די מיליטערישע טעטיקייטן. אין דער תקופה פון מאָדערנעם נאַציאָנאַליזם איז אין דעם פּרט פאָרגעקומען אַ וויכטיקע ענדערונג. אַ פאַרזוך איז געמאַכט געוואָרן צו סינטעזירן דעם קולטורעלן לעבן פון אַ פאָלק מיטן פּאָליטישן.

4

עס האָט זיך גראָד געמאַכט, אַז די אַנטשטייאונג פון דער מאָדערנער אינדוסטריע און די אַנטוויקלונג פון דעם דעמאָקראַטישן שטאַט איז פאָרגעקומען אין דער זעלביקער עפּאָכע ווען דער מאָדערנער נאַציאָנאַליזם איז געשאַפן געוואָרן, אַדאַנק דעם אויפבלי פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט איז אין דער דאָזיקער

תקופה פאָרגעקומען אַ שנעלער וואוקס אין דער טעכנאָלאָגיע, וואָס האָט מעג־לעך געמאַכט די אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער מאַשין אינדוסטריע, גלייכ־צייטיק האָבן זיך ביסלעכווייז אויסגעקריסטאַליזירט נייע קלאַסן וועמענס אינ־טערעסן זיינען געווען פאַרבונדן מיט דער פרייער אַנטוויקלונג פון אינדוסטריע און האַנדל, און היות ווי די מאָנאַרכיש־פעאָדאַלע רעגירונגס אָרדענונג האָט זיי געשטערט אין דעם, איז זיי אויסגעקומען לאַנג צו קעמפן קעגן די פריצישע פריווילעגיעס ביז עס איז זיי ענדלעך געלונגען בעת דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע אינגאַנצן פטור צו ווערן פון דעם אַלטן אָפּגעלעבטן רעזשים. אין פראַנקרייך האָט זיך די אינדוסטריעלע עלעמענטן איינגעגעבן צו גרינדן דעם מאָדערנעם דעמאָקראַ־טישן שטאַט אַ קורצע צייט נאָך דער רעוואָלוציע. אין די איבעריקע לענדער פון מערב־אייראָפּע, הגם עס איז זיי ניט געלונגען אינגאַנצן אָפּצושאַפן די אַלטע רעגירונגס פאָרמען, האָט זיך זיי פאָרט איינגעגעבן צו באַגרעניצן די מאַכט פון קעניגען און פרינצן דורך פאַרשידענע דעמאָקראַטישע רעפאָרמען. אין ענגלאַנד זיינען די ענדערונגען פאָרגעקומען פריער, אין די איבעריקע אייראָפּעאישע לענדער אביסל שפּעטער.

אין דער זעלביקער תקופה איז דערשינען דער מאָדערנער נאַציאָנאַליזם. אין אַ דעמאָקראַטישער רעגירונגס אָרדענונג זיינען אַלע בירגער געזעלשאַפטלעך גלייך, ד״ה אז לויטן געזעץ באַזיצט קיינער ניט קיינע ספּעציעלע פּריווילעגיעס. די רעגירונגס - מאַכט ווערט איבערגעגעבן צו באַאַמטע, וואָס ווערן פּעריאָ־דיש דערוויילט פון פאָלק. זיי דערפילן זייערע רעגירונגס פונקציעס לויט דער קאָנסטיטוציע און אין הסכם מיט די געזעצן וואָס ווערן געשאַפן דורך אַ דערוויילטן לעגיסלאַטיווען אַנשטאַלט און וועלכע די באַאַמטע זיינען מחויב אָפּ־צוהיטן אַזוי גוט ווי אַלע בירגער. דאָס זיינען די וויכטיקע פּרטים מיט וואָס אַ דע־מאָקראַטיע אונטערשיידט זיך פון מאָנאַרכישע און אָליגאַרכישע רעגירונגס פאָר־מען. די אידעאָלאָגן פון מאָדערנעם נאַציאָנאַליזם האָבן ניט געשאַפן דעם דע־מאָקראַטישן שטאַט. זייער אויפטו איז באַשטאַנען אין דעם אופן ווי אַזוי זיי האָבן באַגרינדעט דאָס רעכט פון דעמאָקראַטישן שטאַט צו געוועלטיקן איבערן יחיד.

יעדע רעגירונג, אָן אונטערשיד ווי אויבן געזאָגט, מוז פאָדערן די לאָיאַליטעט פון יחיד צום שטאַט. בדרך כלל איז דאָס געווען אַ לאָיאַליטעט צו די פּערזאָנען וועלכע האָבן געהאַלטן די מלוכה־מאַכט אין זייערע הענט. באַרעכטיקט האָט מען דאָס מיט דער באַוואוסטער טעאָריע אַז „דאָס קעניגלעכע רעכט צו רעגירן איז געשאָנקען פון גאָט". די אידעאָלאָגן פון מאָדערנעם שטאַט ווען אין זייער קאַמף מיט דעם מאָנאַרכיסטיש־פעאָדאַליסטישן רעזשים האָבן זיך ניט געקענט באַנוצן

מיט דער טעאָריע פון געטלעך רעכט פאַר זייערע צוועקן; זיי האָבן געמוזט צוטראַכטן אַ נייע טעאָרעטישע באַגרינדונג פון שטאַט. די נייקייט איז באַשטאַנען אין דעם וואָס זיי האָבן באַזירט דאָס רעכט פון דעם דעמאָקראַטישן שטאַט צו געוועלטיקן איבערן יחיד אויף קולטורעלע יסודות, ד"ה אויפן קולטורעלן נאַציאָנאַליזם. זיי האָבן אָנגענומען די סברה, אַז היות ווי דער דעמאָקראַטישער שטאַט באַקומט די מאַכט צו רעגירן פון גאַנצן פאָלק פאַרקערפּערט ער אין זיך דעם וואוילזיין פון פאָלקס קולטורעלע אינטערעסן אַזוי גוט ווי ער באַפרידיקט די רעגירונג באַדערפעניש. און היות ווי דער יחיד איז מחויב צו זאָרגן פאַרן גייסטיקן און מאַטעריעלן וואוילזיין פון כלל, לכן איז דעם יחיד'ס לאָיאַליטעט צום נאַציאָנאַלן שטאַט אַן עטישער ערשטער חוב. קאַרלטאָן אין זיין אַרבעט וועגן נאַציאָנאַליזם אין דער ענציקלאָפּעדיע פון סאָציאַלע וויסנשאַפטן (זע זייט 243 באַנד xi) זאָגט „די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט איינגעחזר'ט די לערע, אַז די ערשטע און העכסטע פליכט זיינען די בירגער שולדיק דעם נאַציאָנאַלן שטאַט." אָט אין דעם איז באַשטאַנען דער אויפטו פון מאָדערנעם נאַציאָנאַליזם.

אגב אורחא איז וויכטיק אָנצודייטן אַז די גרינדער און שאַפער פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע האָבן ניט געמאַכט די דאָזיקע שעדלעכע אידעען פאַרבינדונג. זיי האָבן באַזירט די דעמאָקראַטישע פּרינציפּן פון גלייכהייט און פרייהייט און דאָס רעכט פאַר איינעם צו שטרעבן נאָך גליק אויף ריין רעליגיעזע יסודות. (זע אונדזער אַרבעט דעמאָקראַטיע און רעליגיע יי. ש. העפט 16) זיי האָבן דאָס באַגרינדעט אויפן פּאָסטולאַט, אַז אַלע מענטשן זיינען באַשאַפן געוואָרן פון דעם בורא מיט געוויסע רעכט, און היות ווי די דאָזיקע רעכט זיינען אַ מתנה פון אַ העכערן איבערמענטשלעכן כוח זיינען זיי דעריבער אומפאַרלעצבאַר פון אַ וועלכער עס איז מענטשלעכער רעגירונג. די נפקא־מינה איז זייער וויכטיק. ערשטענס לייקענט די אַמעריקאַנער אויפפאַסונג פון דעמאָקראַטיע די הויפּט לערע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, אַז די ערשטע און העכסטע פליכט איז דער בירגער שולדיק דעם שטאַט. איבער דעם שטאַט איז פאַראַן אַ בורא עולם ווע־מענס געבאָטן שטייען העכער איבערן שטאַט. און נאָך אַ וויכטיקער אונטערשיד. בעת דער רעליגיעזער פּאָסטולאַט איז אוניווערסאַליסטיש אין אינהאַלט, ווייל ער איז כולל אַלע מענטשן גלייך, איז דער קולטורעלער נאַציאָנאַליזם צוליב זיין אייגנאַרטיקייט סעפּעראַטיסטיש אין אינהאַלט. דעריבער איז אַ פּאָליטישע שיטה וואָס איז באַזירט אויפן קולטורעלן נאַציאָנאַליזם עלול צו פירן צום שאָוויניזם. לכן דער שלוס, אַז די אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע איז ניט פאַראַנטוואָרטליך פאַר די שרעקלעכע רעזולטאַטן צו וואָס דער מאָדערנער נאַציאָנאַליזם האָט דערפירט.

לכתחילה האָט מען געמיינט, אַז צווישן דער דערשיינונג פון מאָדערנעם נאַציאָנאַליזם און דעם קאַמף פון די פּראָגרעסיווע עלעמענטן פאַר דעם דעמאָקראַטישן שטאַט מיט די פאָדערונגען פון גלייכהייט און ברידערלעכקייט איז פאַראַן אַ לאָגיש נויטווענדיקע פאַרבינדונג. דעריבער איז די אָנגענומענע מיינונג פון יענער צייט געווען, — און אַ סך מיינען נאָך אַזוי עד היום — אַז דער מאָדערנער נאַציאָנאַליזם אַלס אַן אידעע איז אין זיין תוך פּראָגרעסיוו און ווערטפול. די צייט האָט אָבער באַוויזן, אַז דאָס איז געווען בלויז אַן אויסדוכטעניש, בלויז אַ היסטאָרישע אידעען פאַרבינדונג אָבער בשום אופן ניט קיין לאָגישע פאַרבינדונג. די לעצטע געשעענישן האָבן באַוויזן, אַז דער מאָדערנער נאַציאָנאַליזם אַלס אַן אידעע פאַרט זיך אַ סך בעסער מיט אַבסאָלוטיסטישע רעגירונגס פאָרמען פון דעם נאַציסטישן שניט, ווי מיט דעמאָקראַטישע רעגירונגס פאָרמען. אין איטאַליע, דייטשלאַנד וכו׳, וועלכע זיינען איבערגעגאַנגען פון אַ דעמאָקראַטישן צו אַן אַבסאָלוטישן מלוכה שטייגער האָבן די נאַציס געפונען אין דער לערע פון מאָדערנעם נאַציאָנאַליזם, אַז דער שטאַט פאַרקערפּערט אין זיך די מאַטעריעלע און גייסטיקע אינטערעסן פון גאַנצן פאָלק, און, אַז די ערשטע און העכסטע פליכט איז דער בירגער שולדיק דעם שטאַט, אַ פאַרטיקע טעאָרעטישע באַזע פאַר זייער ווילדן איבערטריבענעם נאַציאָנאַליזם און אַ באַרעכטיקונג פאַר זייערע באַרבאַרישע מעשים. די דערקלערונג פאַר דער דאָזיקער מערקווירדיקער דערשיינונג איז פּשוט: — דער מאָדערנער נאַציאָנאַליזם און דעמאָקראַטיע זיינען אין זייער תוך היפּוכימדיקע באַגריפן. די אידעע פון אַן אַבסאָלוטן שטאַט איז אין קעגנזאַץ צום באַגריף פון פּערזענלעכער פרייהייט.

איצט פרעגט זיך פאַרוואָס האָט דער מאָדערנער נאַציאָנאַליזם געפירט צו אַזאַ שרעקלעכן רעזולטאַט ווי דער נאַציזם? עס איז טאַקע אמת, אַז צוליב די טעמים וואָס מיר האָבן פריער אָנגעגעבן לאָזן זיך די נאַטירלעכע קולטורעלע אייגנשאַפטן פון אַ פאָלק אָדער עטנישע גרופּע געדאַנקלעך ניט סינטעזירן מיטן מענטשלעך געשאַפענעם רעגירונגס אַפּאַראַט אין וועלכן די גרופּע נייטיקט זיך. זיי זיינען דאָך אָבער ביידע אומפאַרמיידלעך און ביידע וויכטיק פאַרן קיום פון דער גרופּע, טא ווי קומט עס, אַז ביים ערשטן פאַרזוך פון צוזאַמענאַרבעט זאָלן די פּראַקטישע רעזול־טאַטן זיין אַזוי שוידערלעך, אין אַנדערע ווערטער פאַרוואָס האָט דער מאָדערנער נאַציאָנאַליזם דערפירט די וועלט צו אַזאַ קאַטאַסטראָפע ווי די איצטיקע וועלט־מלחמה. מיר וועלן דאָס מסביר זיין.

מיר וועלן רעזומירן אונדזער שטאַנדפּונקט בנוגע רעגירונג. 1) מיר נעמען אָן די הנחה, אַז דער מענטש איז בטבע אַ געזעלשאַפטלעכע באַשעפעניש. אָן אַ געזעל־שאַפט קאָן ער ניט אויסקומען. 2) קיין געזעלשאַפטלעכער צוזאַמענלעבן איז ניט

מעגלעך אָן אַ וועלכער עס איז רעגירונגס פאָרם. 3) קיין רעגירונג אַפילו די בעסטע קאָן ביים איצטיקן מאָראַלישן מצב פון דער מענטשהייט ניט פונקציאָנירן אָן פיזישער מאַכט און צוואַנג. 4) מאַכט ווידער איז אַ שרעקלעכער כוח צום שלעכטן. אַפילו די בעסטע מענטשן זיינען עלול קאָרופּטירט צו ווערן ווען אין זייער רשות געפינט זיך די רעגירונגס מאַכט צו צווינגען אַנדערע מענטשן צו טאָן זייער ווילן. לכן דער שלוס, אַז אַפילו די בעסטע רעגירונג אַנטהאַלט אין זיך פּאַקטישע פּאָטענציעלע אומפאַרמיידלעכע גייטיקע רשעות וועלכע מיר זיינען מחויב אויף וויפיל עס איז מעגלעך צו פאַרמינערן.

נאַציאָנאַלע כאַראַקטער שטריכן סיי גוטע סיי שלעכטע זיינען נאַטירלעכע איינגעבאָרענע אייגנאַרטיקע אייגנשאַפטן וועלכע זיינען טיף איינגעוואָרצעלט אין דער נשמה פון יעדן יחיד פון דער גרופּע. עס איז זייער שווער זיי צו קאָנטראָלירן און נאָך שווערער צו ענדערן. בלויז מיט גרויס אָנשטריינגונג און אויף זייער אַ לאַנגזאַמען אופן געלינגט עס איינעם אָדער א גאַנצער גרופּע זיך אינגאַנצן צו אַסי־מילירן מיט אַנאַנדער נאַציאָנאַלער גרופּירונג. צוליב זייער איינגעוואָרצעלטקייט איז עס זייער לייכט אויפצובלאָזן די עמאָציאָנעלע נאַציאָנאַלע געפילן סיי פאַר גוטע סיי פאַר שלעכטע צוועקן. צוליב זייער אייגנאַרטיקייט זיינען זיי שטענדיק אין געפאַר אויסגענוצט צו ווערן פאַר איינגהאַרציקע סעפּעראַטיסטישע צוועקן אפילו ווען דאָס ווירקט שלעכט אויף אַנדערע מענטשלעכע גרופּירונגען.

די שעדלעכקייט פון קולטורעלן נאַציאָנאַליזם ליגט אין זיין אייגנאַרטיקייט, צו דעם וואָס איז יוניק אייגנס איז נאַטירלעכערוויז פאַראַן אַ מער אינטימע סוב־יעקטיווע באַציאונג ווי צו עפּעס פון אַ אַלגעמיינעם כאַראַקטער. און טאַקע צוליב דעם איז מען עלול געשטרויכלט צו ווערן ביים שאַצן דעם ווערט פון די מעלות און חסרונות פון דער אייגענער גרופּע לגבי די מעלות און חסרונות פון פרעמדע מענטשלעכע גרופּירונגען. עס איז זייער לייכט צו ציען די אויפמערקזאַמקייט צו די אויפטואונגען פון דער אייגענער גרופּע וועלכע מען איז עלול שטאַרק מגזם צו זיין און עס איז ניט שווער צו פאַרזען די אייגענע חסרונות. דער פּראָצעס איז גראָד פאַרקערט ביים שאַצן די ווערטן פון אַן אַנדער פאָלק. עס איז לייכט מגזם צו זיין זייערע חסרונות און צו גרינגשעצן זייערע מעלות. דאָס איז זייער אַ געפערלעכע טענדענץ ווייל אין דעם ליגט די קערנדלעך פון שאָוויניזם וואָס פירט תמיד צו כלערליי אָבנאָרמאַליטעטן און אומגליקן. עס איז אלע מאָל פאַראַן די געפאַר, אַז די אייגנליבע זאָל פאַרבלענדן די אויגן פון קלאָרן שכל. עס איז אָבער זייער שווער זיך אויסצוהיטן פון דער דאָזיקער געפאַר, מחמת רעגירונגען זיינען זייער אָפט פאַראינטערעסירט צו דערמוטיקן שאָוועניסטישע געפילן צוליב זייער אייגענע

מלוכה אינטערעסן. בטבע איז דער מענטש געניגט אָנצוקליידן זיינע זינדיקע מאַכט אַמביציעס און כבוד זוכעניש אין אַ וועלכן עס איז אידעאַליסטישן לבוש. דעריבער ווערן מלחמות שטענדיק געפירט אין נאָמען פון הייליקע אידעאַלן. דאָס רוב אָבער זיינען די אידעאַלן בלויז אַ מיטל צו פאַרדעקן כלערליי מלוכהשע חטאים.

דער פרואוו פון די מאָדערנע שטאַט־טעאָרעטיקער און פּראַקטיקער צו אַמאָל־גאַמירן נאַציאָנאַלע קולטור מיט נאַציאָנאַלער פּאָליטיק האָט אין דער ווירקלעכקייט פאַרוואַנדלט דעם קולטורעלן נאַציאָנאַליזם אין אַן עקסטרעמען שאָוויניזם און האָט דערביי פּרינציפּעל געכשר׳ט די אומפאַרמיידלעכע פּאַקטישע און פּאָטענציעלע רשעות וואָס ליגט אין צוואַנג אַפּאַראַט פון יעדער רעגירונג. מיט דעם וואָס די אידעאָלאָגן פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָבן דערהויבן דעם שטאַט צו אַן אַבסאָלוט, האָבן זיי אַראָפּגענומען אַלע צאַמען וועלכע האָבן געזאָלט באַגרע־ניצן די מאַכט אַמביציעס פון די רעגירנדיקע עלעמענטן אין דער געזעלשאַפט, און גלייכצייטיק געלאָזן פראַנק און פריי דעם וועג פאַר דעם אָנקום פון די ווילדסטע איבערטריבענע נאַציאָנאַליסטישע טעאָריעס מיט וואָס צו באַרעכטיקן די באַרבאַ־רישע מעשים פון מלוכה אַפּאַראַט. אַזוי אַרום ווערט אונדז קלאָר פאַרוואָס פון דעם אומגעלונגענעם געדאַנקלעכן שידוך, וואָס מען רופט מאָדערנעם נאַציאָנאַליזם און וועלכער איז א באַהעפטונג פון נאַציאָנאַלער קולטור מיט נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, זיינען ארויסגעקומען אזעלכע מאנסטעריעזע קינדער.

.5

איצט וועלן מיר באַטראַכטן דעם נאַציאָנאַלן געדאַנק ביי יידן און זען וואָס קאָנען מיר לערנען פון דער אַלגעמיינער דערפאַרונג מיטן מאָדערנעם נאַציאָנאַליזם לטובת אונדזערע אייגענע יידישע אינטערעסן. אין דעם קולטורעלן זין זיינען יידן באַוואוסטזיניקע הייסע נאַציאָנאַליסטן נאָך פון גאָר אַלטע צייטן. די צענטראַלע אידעע וואָס האָט זיי פאַראייניקט אַלס אַן אייגנאַרטיק פאָלק און האָט זיי געגעבן כוח אויפ־צוהאַלטן זייער קיום סיי ווען זיי זיינען געווען אין ארץ ישראל און סיי אין חוץ לארץ איז דער יידישער אייגנאַרטיקער בייטראַג צום אַלגעמיינעם מענטשלעכן רעליגיעזן שאַפן: — „דער עטישער מאָנאָטעאיזם״. דורך זייער לאַנגער געשיכטע האָבן יידן די דאָזיקע אידעע כסדר געלייטערט. אין דעם באַשטייט די יידישע אויסדער־ווייטלטקייט אַלס פאָלק, און צו פאַרשפּרייטן די דאָזיקע לערע אין דער וועלט איז די יידישע שליחות. ווען מיר נעמען אין באַטראַכט דעם גרויסן איינפלוס פון דער יידישער רעליגיע אויף די צוויי גרויסע וועלט רעליגיעס, קריסטענטום און מאַכ־מעדאַניזם מוזן מיר קומען צום שלוס, אַז אויף דעם רעליגיעזן געביט זיינען מיר

געווען דערפּאָלגרייך. הגם מיר האָבן אַ סך געליטן פאַר אונדזערע רעליגיעזע אידעען האָבן די אומות העולם פאָרט עפּעס געלערנט פון זיי; און אַ דאַנק דעם זיינען זיי פיל בעסער ווי זיי וואָלטן געווען אָן דער יידישער תורה. פון דעם ציען מיר די ערשטע מסקנה — כדי אויך ווייטער צו דערפילן אונדזער היסטאָרישע שליחות, זיינען מיר מחויב זיך צו פאַרטיפן אין אונדזערע רעליגיעזע אידעען און אידעאַלן, זיי ווייטער לייטערן און ווי ווייט מעגלעך פאַרווירקלעכן אונדזערע רעליגיעזע אידעאַלן אין פראַקטישן לעבן.

ביי יידן איז דער מאָדערנער נאַציאָנאַליזם נאָך אַ נייע דערשיינונג. געקומען איז ער אויף דער יידישער גאַס צוזאַמען מיטן פּאָליטישן ציוניזם. אין יענער עפּאָכע — און אַזוי איז דאָס נאָך עד היום — האָבן זיך געפונען אַ באַדייטענדיקע צאָל היינטוועלטיקע יידן וואָס זיינען באַאיינפלוסט געוואָרן פון די אַנטי רעליגיעזע טענדענצן פון דער צייט, האָבן זיי דעריבער זיך געמוזט אָפּזאָגן פון דער טראַדיציאָנעלער יידישער רעליגיע, זיי האָבן אָבער ניט געקענט אָדער ניט גע־וואָלט זיך אָפּזאָגן פון יידישן פאָלק, על־כן האָבן זיי איבערגענומען דעם מאָ־דערנעם נאַציאָנאַליזם ביי די אייראָפּעאישע פעלקער און אים צוגעפּאַסט צו דער יידישער לאַגע. דער גרונט געדאַנק פון דער דאָזיקער באַוועגונג באַשטייט אין אַ פּרואוו איבער־צובויען דאָס יידיש פאָלקס לעבן אויף היינטוועלטיקע יסודות, זיך שאַפן אַן אייגענע טעריטאָריע מיט אַן אייגענעם מלוכה אַפּאַראַט אַזוי ווי אַלע פעלקער. צו דער דאָזיקער באַוועגונג זיינען מחוץ פון די פרייגעזאָגענע מיטגלידער פון מיטלקלאַס צוגעשטאַנען אַ קליינע צאָל פרומע יידן וועלכע האָבן אין דעם געזען די מעגלעכקייט צו שאַפן אין ארץ ישראל אַ טעאָקראַטישע רעגירונגס אָרדע־נונג און אַ קליינע צאָל מאַרקסיסטישע און ניט מאַרקסיסטישע סאָציאַליסטן, וואָס האָבן אין די גרעניצן פון אַ אייגענער מלוכה אָרדענונג געאָנט די מעגלעכקייט צו באַפרידיקן זייערע סאָציאַליסטישע און נאַציאָנאַלע שטרעבונגען צוזאַמען.

געשיכטלעך איז אונדז באַקאַנט, אַז אין געוויסע צייטן האָבן זיך געפונען ביי יידן קלענערע גרופּן וואָס האָבן געשטרעבט אויסצוגלייכן יידן מיט אַנדערע פעלקער אין דער הינזיכט פון בויען אַ שטאַרקן מלוכה אַפּאַראַט וואָס זאָל זיין פייאיק צו פירן מלחמות אַפילו מיט אימפּעריאַליסטישע אַמביציעס. עס איז אָבער קלאָר, אַז דער אַלגעמיינער גאַנג פון דער יידישער געשיכטע איז געווען קעגן דער דאָזיקער טענדענץ. דאָס יידיש פאָלק האָט די גאַנצע צייט געלעבט מיטן כוח פון אַ אידעע און האָט זיך ווינציק וואָס אינטערעסירט מיט מלוכהשע מאַכט־אַמביציעס. עס איז גענוג צו דערמאָנען די ראשי פרקים פון דער יידישער געשיכטע בכדי צו באַשטעטיקן דעם דאָזיקן פאַקט. נאָך אין דער שופטים

פעריאָדע האָט שמואל געוואָרענט די יידן קעגן א צענטראַלער מלוכה אָרדענונג. אין דער עפּאָכע פון ערשטן און צווייטן בית, אַפילו אין די קורצע פעריאָדן ווען יידן זיינען געווען אומאָפּהענגיק פון פרעמדער הערשאַפט האָבן זיי ווינציק וואָס אויפגעטאָן אויף דעם פּאָליטיש אימפּעריאַליסטישן געביט. זינט דעם חורבן פון בית שני איז אין דער יידישער געשיכטע פאַרהייליקט געוואָרן ר׳ יוחנן בן זכאי, וואָס האָט געפאָדערט ביים רוימישן קיסר יבנה מיט אירע חכמים און ניט די קנאים וועלכע האָבן אַזוי העלדיש געקעמפט מיט די רוימער. ווען די יידן האָבן די גאַנצע צייט געבעטן אין זייערע תפילות דעם „בשובך לציון ברחמים" איז דאָס געווען פאַרבונדן מיטן רעליגיעז־מיסטישן משיח געדאַנק פון אַ גאולה שלימה פאַר דער גאַנצער מענטשהייט און האָט ניט קיין שום שייכות מיט טעאָריעס וועגן א שטאָט לויטן נוסח פון מאָדערנעם נאַציאָנאַליזם אדער מיט וועלכע עס איז אַנדערע פאָרמען פון אַ וועלטלעכער מלוכה מאַכט.

אין דעם ציוניסטישן לאַגער געפינען זיך עלעמענטן וועמען עס איז דער־ווידער דער געדאַנק פון איבעררייסן דעם היסטאָרישן בונד מיטן עבר, פּאַסן זיי דעריבער אויף דעם ציוניזם אַלס אַ שטרעבן צו שאַפן אין ארץ ישראל ((אָדער לויטן טעריטאָריאַליסטישן נוסח ערגעץ אין אַנאַנדער לאַנד) אַ יידישן ישוב וואָס זאָל דינען אַלס אַ גייסטיקער צענטער פאַרן כלל ישראל. מחמת דעם וואָס אויך די דאָזיקע עלעמענטן זיינען באַאיינפלוסט פון אַנטי רעליגיעזע טענדענצן איז זיי שווער קלאָר צו דעפינירן וואָס זיי פאַרשטייען אונטערן טערמין „גייסטיקער צענטער". עס איז זיי ניט געלונגען צו דערקלערן ווי אַזוי זיי קענען זיך אויסהיטן פון איבעררייסן די פאַרבינדונג מיטן עבר בעת זיי זאָגן זיך אָפּ פון רעליגיעזע מאָטיוון. זיינען זיי טאַקע איבער דעם טעאָרעטיש ניט אויסגעהאַלטן אָבער אין תוך פון זייער געדאַנקענגאַנג ליגט אַ געזונטער קערנדל. בעמלעך די אידעע פון אַ ישוב וואו יידן זאָלן קאָנען לעבן לויט זייערע אייגנאַרטיקע נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויפפאַסונגען. דאָס קאָן דערגרייכט ווערן אָן אַן אייגענער מלוכה מאַכט. אין דעם ציוניסטישן לאַגער געפינט זיך אַ קליינער פראַצענט אויסגעשפּראָכענע קולטוריסטן, ווי אויך אַ באַדייטענדיקע צאָל מאָדערנע עקסטרעמע נאַציאָנאַליסטן, ((רעוויזיאָניסטן) די מערהייט אַלגעמיינע ציוניסטן זיינען אַ געמיש פון ביידן. זייער נטיה אָבער איז צום עקסטרעמען נאַציאָנאַליסטישן צד וועלכער ווערט לעצטענס אַלץ שטאַרקער.

צוליב דעם פשוטן טעם וואָס יידן באַזיצן נאָך אין ערגעץ ניט קיין אייגענע מלוכה אָרדענונג, האָבן אונדזערע מאָדערנע נאַציאָנאַליסטן ניט געהאַט די מעג־לעכקייט אָנצואווענדן זייערע טעאָריעס אין דער פּראַקטיק, און אין אַ געוויסן

זין איז דאָס אַ גרויסע מעלה. אַ דאַנק דעם זיינען מיר ניט נכשל געוואָרן אין זייער שווערע נאַציאָנאַלע חטאים. מיר יידן וועלכע האָבן אַזוי לאַנג געלעבט מיטן כוח פון אַ אידעע דאַרפן זיך מער היטן פאַר די שעדלעכע שטאַט טעאָריעס פון מאָדערנעם נאַציאָנאַליזם ווי אַנדערע פעלקער וועמענס נאַציאָנאַלער מהות איז באַזירט אויף טעריטאָריע און מלוכה מאַכט. מיט דעם וואָס אונדזערע מאָדערנע נאַציאָנאַליסטן שטעלן אַלץ אויף אַן אייגענעם שטאַט שטעלן זיי אין געפאַר אונדזער סאַמע עקזיסטענץ אַלס פאָלק. חוץ דעם וואָס אַ יידישער שטאַט איז נאָך ווייט ניט קיין גאַראַנטיע פאַר אונדזער וויטערדיקן קיום, איז דאָך נאָך פאַראַן דערצו די סכנה, אַז אונזערע באַמיאונגען צו שאַפן אַ יידישן שטאַט אין ארץ ישראל זאָלן זיך ניט איינגעבן, דאַן בלייבט, לויט זייער שיטה נאָך, קיין יסוד פאַר אונדזער וויטערדיקן נאַציאָנאַלן קיום. פון דעם ציען מיר די צווייטע מסקנה — אין אַלע אונדזערע שטרעבונגען דאַרפן מיר מיט כל הכוחות זען אויסמיידן דעם איינפלוס פון מאָדערנעם עקסטרעמען נאַציאָנאַליזם. דאָס איז ניט בלויז אַ יידישע אויפגאַבע, די בעסטע מענטשן פון אונזער צייט פאַרנעמען זיך מיטן פראָבלעם ווי אַזוי אַרויסצורייסן מיטן וואָרצעל דעם איינפלוס פון דער מאָדער־נער עבודה־זרה: — דעם אַבסאָלוטן נאַציאָנאַלן שטאַט.

.6

צום סוף ווילן מיר אָנווייזן אויף נאָך זייער אַ וויכטיקער לעקציע וואָס מיר דאַרפן לערנען פון אונדזער איצטיקער טראַגישער לאַגע. גלייכצייטיק מיט דער אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון מאָדערנעם נאַציאָנאַליזם אין אייראָפּע האָבן יידן דורכגעמאַכט זייער אַ וויכטיקן קאַפּיטעל געשיכטע — דאָס איז די השכלה באַוועגונג און דער דערפאָלגרייכער קאַמף פאַר בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג. די טעאָרעטיקער פון די דאָזיקע באַוועגונגען האָבן געמיינט אַז אויף דעם אופן וועט מען קענען לייזן דעם אַלטן פּראָבלעם פון שנאת ישראל. די צייט האָט באַוויזן, אַז דאָס איז געווען אַ טעות גמור. די השכלה באַוועגונג און דער קאַמף פאַר עמאַנסיפּאַציע האָבן גרויסע פאַרדינסטן אין אַ סך פּרטים, זיי האָבן אָבער אונדז ניט אויסגעהיט פון מאָדערנעם אַנטיסעמיטיזם און פון שוידערלעכסטע פאַרפאָלגונגען וואָס יידן האָבן ווען עס איז אויסגעשטאַנען אין זייער לאַנגער מאַרטירער געשיכטע. דער טעות פון דער השכלה באַוועגונג איז באַשטאַנען דער עיקר אין דעם וואָס זייער גאַנצע אַרבעט איז געווען געקערט כלפּי חוץ צוצו־פּאַסן דאָס יידישע לעבן צו דער ארומיקער אייראָפּעאישער קולטור בעת זיי האָבן פאַרנאַכלעסיקט דאָס אייגענע אייגנאַרטיקע קולטור. מיט אַנדערע ווערטער

אנשטאָט איבערצונעמען פון דער אייראָפּעאישער קולטור דאָס וואָס לאָזט זיך סינטעזירן מיט דער אייגענער קולטור, האָבן זיי פּרובירט איבערצואַנדערשן דאָס אייגענע קולטור כדי זי זאָל זיך אַריינפּאַסן אין די ראַמען פון דער אייראָ־פּעאישער קולטור. דאָס האָט געפירט צו אַסימילאַציע און שמד און סוף כל סוף האָט עס געפירט צום מאָדערנעם אַנטיסעמיטיזם. אַלס אַ פּועל יוצא פון דער איצטיקער וועלט־מלחמה, אפילו נאָכן מיליטערישן זיג פון די אַליאירטע, איז די יידישע לאַגע אין דער וועלט אַ סך ערגער ווי זי איז געווען. חוץ דעם וואָס מיר זיינען פיזיש אָפּגעשוואַכט געוואָרן, וואָס מיר האָבן פאַרלאָרן בערך א דריטל פון אונדזער פאָלק שטייען מיר פנים אל פנים מיט אַ פאַרשטאַרקטן אַנטיסעמיטיזם. אין דער איצטיקער טראַגישער לאַגע דאַרפן מיר זיך אומקערן מיטן פנים צו דער אייגענער קולטור. און אַלס פּראַקטישן מיטל ווי אַזוי צו דערגרייכן דעם דאָזיקן ציל שלאָגן מיר פאָר דאָס שאַפן פון יידישע ישובים. מיר וועלן דעם דאָזיקן געדאנק אביסל מסביר זיין.

מיר שלאָגן פאָר, אַז אומעטום וואו עס איז נאָר מעגלעך זאָל מען בויען גרעסערע אָדער קלענערע יידישע ישובים מיט אַן אייגענער קולטורעלער אויטאָ־נאָמיע, וואו די מיטגלידער פון יעדן ישוב זאָלן האָבן די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען די יידישע קולטור און איינאָרדענען זייער יידיש לעבן לויט זייער באַנעם. מיר פאָדערן בלויז קולטורעלע אויטאָנאָמיע ווייל בנוגע אנדערע רעגירונגס אָנגעלעגנ־הייטן וועלן מיר אַזוי ווי איצט בלייבן געטרייע בירגער פון די לענדער אין וועלכע מיר געפינען זיך. פאַר קולטורעלע צוועקן איז מער ווי קולטורעלע אויטאָנאָמיע ניט נייטיק. אין אַמעריקאַ און דאָס אייגענע אין אַנדערע דעמאָקראַטישע לענדער זיינען ניט פאַראַן קיינע יורידישע מניעות דורכצופירן אַזאַ פּלאַן. דאָ אין לאַנד געפינען זיך רעליגיעזע ישובים פון דעם מין און דאָס געזעץ שטערט זיי ניט. פרעגט זיך פאַרוואָס פרומע אָדער וועלטלעכע יידן זאָלן ניט שאַפן אַזעלכע ישובים און איינפירן אַ שטייגער לעבן אין זייער ישוב אין הסכם מיט זייערע באַגריפן וועגן יידישקייט? אין די לענדער וואו עס איז יאָ פאַראַן יורידישע מניעות וועט וואַרשיינלעך ניט זיין שווער צו באַקומען אַזאַ דערלויבעניש כל זמן עס וועט זיך האַנדלען בלויז וועגן קולטורעלע ענינים וועלכע זיינען ניט אין קאָנפליקט מיט דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער אָרדענונג פון לאַנד. אַלענפאַלס דאַרף דאָס זיין איינע פון די פאָדערונגען מיט וואָס די יידן זאָלן קומען צו די פעלקערלעכע פאַרהאַנדלונגען פון וועלט שלום.

אין אונדזער פאָרשלאָג נעמען מיר אויך אַריין דעם ישוב אין ארץ ישראל. כל זמן די רעגירונגס מאַכט וועט ליגן אין די הענט פון ענגלאַנד אָדער אַנאַנדער

אויסערלעכער מאַכט דאַרפֿן די יידן אין ישוב זיך פֿאַרנעמען דער עיקר מיט נאַציאָנאַלע קולטור־פּראָבלעמען. כדי אויסצומיידן דעם שאַרפֿן קאַמף צווישן די פֿאַרשידענע פּאַרטייען פֿאַר פּאָליטישער העגעמאָניע וואָלט מען געדאַרפֿט דורכ־פירן דעם זעלביקן פּלאַן פֿון בויען קלענערע ישובים וואו יעדע ריכטונג זאָל זיך קאָנען אויסלעבן לויט אירע פּרינציפּן. אויב דער גורל וועט באַשטימען, אז די יידן פֿון ישוב וועלן באַקומען די מלוכה מאַכט אין זייערע אייגענע הענט, דאַן וועט דער ישוב אַריינפֿאַלן אין דער קאַטעגאָריע פֿון זעלבסטשטענדיקע מלוכות בכלל. און אויף אַזוי ווייט ווי עס איז מעגלעך זיך אויסצוהיטן פֿון דער געפֿאַר וואָס ליגט פֿאַרבאָרגן אין דעם מאָדערנעם נאַציאָנאַליזם וועט דער ישוב, לויט אונדזער פֿאַרשטיין נאָך, דאַרפֿן שאַפֿן אַן עכט־דעמאָקראַטישע רעגירונג־אָרדענונג באַזירט אויף דעם אַמעריקאַנעם, ד״ה רעליגיעזן יסוד און ניט אויפֿן גרונט פֿון דער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע.

אין אַמעריקע וואו יידן זיינען קאָנצענטרירט אין די גרויסע שטעט וועט די הויפּט שוועריקייט ביים שאַפֿן יידישע ישובים באַשטיין אין איבערגאַנג פֿון דעם גרויס־שטאָטישן צום דאָרפֿישן לעבנסשטייגער. דאָס רוב יידן אין אַמעריקע וועלכע פֿאַרמאָגן ווייניק יידישן וויסן און נאָך ווייניקער אידעאַליזם פֿאַר יידישקייט, וועלן מיט זייער אייגענעם ווילן זיך ניט אָפּזאָגן פֿון די לייכטע גרויס־שטאָטישע פּרנסות, דער גרויס־שטאָט מיט אירע באַקוועמלעכקייטן און צווייפֿלהאַפֿטע פֿאַרגע־ניגענס און זיך צופֿרידנשטעלן מיטן באַשיידענעם רואיקערן דאָרפֿישן לעבענס־שטייגער. בנוגע אַמעריקע האָבן מיר דעריבער אין זינען בלויז דעם טייל יידן וועלכע זעען אין יידישקייט אידעאַלן פֿאַר וועלכע מען איז מחויב צו ברענגען קרבנות כדי זיי צו פֿאַרווירקלעכן, און אין דעם פּרט זיינען מיר כולל אַלע יידישע פּאַרטייען און ריכטונגען. פֿון די אגודת ישראל רעכטס צו די סאַמע לינקסטע סאָציאַליסטן. יעדע יידישע ריכטונג אויב זי פֿאַרמאָגט מענטשן וואָס זיינען גרייט אויף זיך צו נעמען די לפֿי ערך שווערע פּיאָנערן אַרבעט וואָס פֿאָדערט זיך ביים שאַפֿן אַ נייע זאַך, קענען בויען אַ קלענערן אָדער גרעסערן ישוב וואו זיי וועלן זיך קענען אויסלעבן לויט זייערע השגות. אין די טיילן פֿון אייראָפּע וואו מען וועט דאַרפֿן אָנפֿאַנגען שאַפֿן א יידישן לעבן פֿון דאָס ניי, מחמת דאָס אַלטע איז אינגאַנצן צעשטערט געוואָרן, דאַרף מען לכתחילה אויסמיידן די שווע־ריקייט פֿון איבערגאַנג דורך אײַנאָרדענען דעם נייעם יידישן לעבן אויפֿן באַזיס פֿון ריין יידישע ישובים. דאָס אייגענע ביים שאַפֿן נייע יידישע צענטערן אין אַנדערע לענדער איז דער פּלאַן פֿון יידישע ישובים זייער וויכטיק. עס וועט זיין אַ סך לייכטער צו קריגן אַ דערלויבעניש פֿאַר דער גרינדונג פֿון ריינע יידישע

ישובים ווי פאַר אַלגעמיינער פרייער אימיגראַציע וואָס פירט געוויינטלעך צו די איבלען פון גרויס־שטאָטישער קאָנצענטראַציע.

בנוגע דעם אינערלעכן לעבן פון דעם ישוב גופא — געזעלשאַפטלעך און קולטורעל וועט ער זיין ריין יידיש. אָפגעזונדערט אין אַ גרופּע פאַר זיך, וועלן זיי אַליין קאָנען פירן אַ יידיש־לעבן און דערציען זייערע קינדער אין דער שולע און אין דער היים אין זעלביקן גייסט. למשל, פרומע יידן וועלן אין אַזאַ ישוב קאָנען לעבן אַ סך לייכטער לויטן שולחן ערוך, אָפּהיטן שבת, כשרות וכדומה, איידער אין דער גרויסער שטאָט וואו עס איז זייער שווער בייצוקומען די צוציאונגס קראַפט פון דער אַרומיקער ניט יידישער סביבה. דאָס אייגענע בנוגע אַלע אַנ־דערע ריכטונגען אין יידישן לעבן. עקאָנאָמיש וועט דער ישוב ניט קאָנען זיין ריין יידיש. די עקאָנאָמיק פון ישוב וועט זיך מוזן אַריינפּאַסן אין דער אַלגעמיינער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון לאַנד. אין די ראַמען פון דער דאָזיקער סטרוקטור וועט זי קענען פונדעסטוועגן אַרויסווייזן איר אַלגעמיינעם יידישן כאַראַקטער. עקאָנאָ־מיש וועט מען קענען בויען דעם ישוב אויף קאָאָפּעראַטיווע אָדער אינדיווידועלע יסודות, די באַשעפטיקונג פון דעם ישוב וועט באַשטיין פון אַגריקולטור, קליין־האַנדל און קליין אינדוסטריע. פאַר אַ מוסטער דאַרף מען נעמען דאָס אַמעריקאַ־נער קליין־שטעטל אין אגריקולטורעלן געגנט, ניט דאָס קליינשטעטל וואָס איז געבויט אַרום אַ גרויסער פאַבריק. אין אַזאַ קליין שטעטל געפינען זיך אַ קליינע צאָל געשעפטסלייט, דאָקטוירים, לאָיערס אאז״וו, לויט ווי עס פאָדערן די לאָקאַלע באַ־דערפעניש. אַזוי דאַרף אויך זיין מיטן יידישן ישוב. אין דעם וויכטיקן פּרט וועט דער יידישער ישוב זיין אַנדערש פון דעם יידישן קיבוץ אין דער גרויסער שטאָט וואו די יידן ליפערן אַ סך אַ גרעסערע צאָל וואָס פאַרנעמען זיך מיט די לייכטע פּרנסות ווי די יידישע באַפעלקערונג נייטיקט זיך אין דעם. כידוע איז די קאָנקורענץ צווישן יידישן און ניט יידישן מיטלקלאַס פאַרן גויאישן קליענט איינע פון די וויכטיקע סיבות פון מאָדערנעם אַנטיסעמיטיזם. דאָס וועט דער יידישער ישוב אויסמיידן. דער אַלגעמיינער פּרינציפּ דערביי איז, אַז ווי ווייט מעגלעך דאַרפן די יידן אין ישוב אויך עקאָנאָמיש לעבן צווישן זיך איינער פון אַנדערן.

אַפילו אין די קרייזן וואָס זיינען שוין אַזוי אַסימילירט, אַז זיי האָבן ווייניק אינטערעס פאַר יידישע ענינים און נאָך ווייניקער סימפּאַטיע מיט יידישקייט־פּראָבלעמען זיינען אויך יחידים יידן אויפגעטרייסלט געוואָרן פון יידישן חורבן אין אייראָפּע. זיי האָבן מורא, אַז דאָס וואָס האָט פּאַסירט דאָרטן זאָל אויך ניט פּאַסירן דאָ. דער אמת איז אז עס איז דאָ פאַרוואָס מורא צו האָבן. אמאָל איז שמד

געווען אַ מיטל זיך אויסצוהיטן פון פאַרפאַלגונגען, היינט העלפט דאָס אויך ניט. דער מאָדערנער אַנטיסעמיטיזם וויל איין זאַך: פיזישע פאַרניכטונג פון יידישן פאָלק. דעריבער באַמערקען מיר אַן אינטענסיווע טעטיקייט צו באַקעמפן אָדער אָפּשוואַכן דעם אַנטיסעמיטיזם. די ארבעט באַשטייט דער עיקר אין באַווייזן, אַז די טענות פון די אַנטיסעמיטן זיינען פאַלש, און אין פאַרזוכן זיך איינצושאַפן גוטע פריינט צווישן די גוים אאז״וו. האָבן מיר קעגן דעם גאָרניט. אלץ וואָס ווערט געטאָן אין דעם פרט, אפילו ווען דאָס וואָס ווערט געטאָן גייט ניט גענוג ווייט, איז לויבנסווערט. מיר ווילן אָבער אָנווייזן, אַז די דאָזיקע מיטלען זיינען שוין אויסגעפּרובירט געוואָרן אין אייראָפּע און זיי האָבן ניט געהאָלפן. חוץ דעם פאַרשטייען ניט אונדזערע אַסימילירטע יידן, אַז די אַסימילאַציע גופא איז אין אַ גרויסער מאָס פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן מאָדערנעם אַנטיסעמיטיזם. זיי מיינען, אַז עס איז מעגלעך צו פאַרבלייבן אין די באַקוועמע פּאָזיציעס וואָס זיי פאַרנעמען אין דעם עקאָנאָמישן און קולטורעלן לעבן פון די פעלקער צווישן וועלכע זיי געפינען זיך בעת מען קאָן זיי פערזענלעך ניט דולדן. אַסימילאַציע איז אַ געגנזייטיקער פּראָצעס. אונדזער פאַרלאַנג זיך צו אַסימילירן איז ניט גענוג. עס פאָדערט זיך דערביי די צושטימונג פון פאָלק מיט וועמען מיר ווילן זיך אַסימילירן. אַנזעצן זיך אויף יענעם קעגן זיין ווילן פאַרשטאַרקט בלויז די שנאה צו יידן. עס איז נאָך אַ שווערע שאלה צי מיר זיינען מאָראַליש באַרעכטיקט אַריינצודרינגען אין דעם קולטור לעבן פון אַ פרעמד פאָלק בעת זיי ווילן דאָס ניט ליידן. נאָר ווי די זאַך זאָל ניט זיין מיט דער מאָראַלישער באַרעכטיקונג, איין זאַך האָט אונדז די דערפאַרונג געלערנט, אַז אין דער פּראַקטיק פירט דער סאָרט אַסימילאַציע צו אַ פאַרשטאַרקטן אַנטיסעמיטיזם מיט שרעקלעכע רעזולטאַטן. דער קאַמף קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם ווי ער ווערט אָנגעפירט פון אונדזערע אַסימילירטע קרייזן איז אינגאַנצן געווענדט כלפי חוץ, אָנווייזנדיק אויף זיין פאַלשקייט און זיין שעדלעכקייט פאַרן וואוילזיין פון לאַנד, זייער גרונט טעות באַשטייט אין דעם וואָס עס פאַלט זיי אַפילו ניט איין צו פרעגן, אפשר זיינען מיר אַליין אויך שולדיק אין דעם. ניט נאָר צוליב דעם קיום היהדות נאָר אויך צוליב דעם קיום היהודים דאַרפן מיר זיך אַ קער טאָן מיטן פנים צו אונדזער אייגענער קולטור און זיך אַ נעם טאָן גרינדן יידישע ישובים.



# יגדל

יידיש פון

## צבי שטאָק

זאָל זיך גרייסן גאָט, וואָס לעבט, און זאָל געלויבט ווערן:
ער געפינט זיך און ס׳איז ניטאָ קיין צייט צו זיין געפונען ווערן:

ער איז איינער, און ס׳איז ניטאָ קיין איינציקער ווי זיין איינציקייט:
ער איז פאַרהוילן, און ס׳איז אויך ניטאָ קיין סוף צו זיין איינקייט:

ער האָט ניט קיין קערפּער־געשטאַלט
און ער איז ניט קיין גוף:
מען קען אים ניט שאַצן לויט דער הייליקייט
וואָס ער אַנטהאַלט: —

ער איז דער ערשטער צו איטלעכער זאַך וואָס איז
געוואָרן באַשאַפן:
דער ערשטער און ס׳איז ניטאָ אַזאַ ערשטקייט
ווי זיין ערשטקייט:

ער איז דער האַר פון דער וועלט;
צו יעדן באַשאַפן געוואָרענעם
טוט ער זיין גרויסקייט און קיניגרייך באַווייזן:

די שפע פון זיין נבואה
האָט ער געגעבן צו זיינע געליבטע מענטשן און
פּראַכטיקע:

ס'איז נאָך ניט אויפגעשטאַנען אין ישראל ווי משה,
אַזאַ נביא, וועלכער האָט געזען גאָטס געשטאַלט:

אַ תורה פון אמת האָט ער געגעבן זיין פאָלק, גאָט,
דורך זיין נביא, דעם געטרייען פון זיין הויז:

ער וועט ניט אויסבייטן, גאָט, און ער וועט ניט
פאַרבייטן זיין געזעץ אויף אייביק, צו קיין אַנדערן:

ער קוקט און ווייסט אונדזערע פאַרבאָרגענישן:
ער זעט דעם סוף פון אַ זאַך אין זיין אָנהייב:
ער פאַרגעלטיקט צו אַ מענטשן גענאָד, לויט
זיין טאָט איז:
ער גיט דעם רשע אָפּ שלעכטס לויט זיין רשעות:

ער וועט שיקן אין דער רעכטער צייט
זיין משיח
אויסצולייזן די וואָס וואַרטן אויפן סוף,
אויף זיין הילף;

די געשטאָרבענע וועט ער לעבעדיק מאַכן,
גאָט, מיט זיין פיל גענאָד;

געבענשט איז ביז אייביק
זיין געלויבטער נאָמען:

---

דאָס דאָזיקע לויב־געזאַנג איז געבויט אויף די י״ג (13) עיקרים פון „אני מאמין״. דער מחבר פון דער תפלה „יגדל״ הייסט לויט שד״ל אין מבוא ז׳ 18 און לויט יו״ט ליפמאַן צונץ, אין ליטעראַטור געשיכטע ז׳ 507, דניאל בן יהודה דיין (דער זיידע פון באַרימטן רב פון טיוואָלי, דניאל בן שמואל הרופא.) ער האָט געלעבט אין 14טן יאָרהונדערט אין רוים. צ. ש.



# „די חטאות נעורים" פון דער העברעאי־שער ליטעראַטור און איר שפּעטער־דיקער „דרך־תשובה"

פון

אליעזר שערמאַן

„מי שבאמת אין לו חלק באלוקי ישראל, מי שאינו חושב בנפשו שום קורבת רוח לאותו 'העולם העליון' שבו השקיעו אבותינו את מוחם ולבם בכל הדורות וממנו שאָבו את כוחם המוסרי — יכול הוא להיות אדם כשר, אבל יהודי לאומי איננו, אף אם הוא 'דר בארץ־ישראל ומדבר בלשון הקודש'.

(אחד העם : „תורה מציון", עפ"ד ח' ד')

א.

אין דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט, אין סוף אַכצנטן און אויך ניינצנטן יאָר־הונדערט, האָט אַ גרויסער טייל פון די אינטעלעקטואַלן, פון די גייסטיקע פירער אין יענער תקופה, געגלויבט און געפּריידיקט אַז די אויטאָריטעט פון דער רעליגיע און אירע פירער שטערן און האַמעווען דעם פּראָגרעס פון דער מענטשהייט.

יענע תקופה איז אין דער געשיכטע באַוואוסט אַלס די תקופה פון ראַציאָנאַליזם, פון „שלטון השכל". אַ סך אינטעלעקטואַלן האָבן דאַמאָלט געגלויבט, אַז דער פאָרטשריט פון דער וויסנשאַפט, פון דער טעכניק און ציוויליזאַציע, וועט ברענגען דער מענטשהייט פיל גליק און וועט איר באַפרייען פון די שווערע קייטן.

איצט אָבער זעען מיר, אין רעטראָספּעקט, אַז גערעכט איז דער מחבר פון קהלת וואָס האָט אונדז געלערנט: „יוסיף דעת, יוסיף מכאוב". געלערנטקייט און וויסנשאַפט אָן אמונה, איז אָפט מאָל גאָר אַ קללה פאַר דער מענטשהייט.

והראיה, די פאַרפלוכטע דייטשישע קאַניבאַלן האָבן זיך באַנוצט מיטן סאַמע לעצטן וואָרט פון דער וויסנשאַפט און דערפינדונג כדי אויסצוראָטן מיליאָנען יידן און אַנדערע.

אין יענער תקופה אָבער האָבן גרויסע גייסטער געהאַלטן, אַז די וויסנשאַפט איז געגליכן צום סימבאָלישן יעקב׳ס לייטער וואָס שטייט אויף דער ערד און זיין שפּיץ דערגרייכט ביזן הימל...

אויך אין די קרייזן פון דער רוסישער אינטעליגענציע, איז אין יענער צייט געווען גרויס די צאָל פון די „זאַפּאַדניקעס" וואָס האָבן געהאַלטן, אַז די גאולה פונעם רוסישן פאָלק וועט קומען בלויז דעמאָלט ווען די רוסן וועלן דורכהאַקן אַ פענצטער קיין מערב־אייראָפּע און זיך באַהעפטן מיט דער אייראָפּעאישער קולטור.

נו, אַזוי ווי ס׳קריסטלט זיך, אַזוי יידלט זיך.

דער באמת באַגאַבטער פילאָזאָף און יידיש־גייסטיקער פירער אין אַכטצנטן יאָרהונדערט, משה מענדעלסאָן, איז געווען איינער פון די פּיאָנערן אין דער השכלה באַוועגונג ביי יידן. הגם ער אַליין איז געווען רעליגיעז געזויגט, האָט ער אָבער געהאַלטן אַז די יידישע פראַגע וועט געלייזט ווערן ערשט דעמאָלט ווען יידן וועלן זיך ניט באַנוגענען בלויז מיט תורה־לערנען, נאָר אויך געניסן פונעם עץ־הדעת, פון דער השכלה און אייראָפּעאישער קולטור.

ווי געזאָגט, האָבן מענדעלסאָן און זיינע חברים אָנגעהערט צו די רעליגיעזע יידן, וואָס האָבן געשטרעבט צו פאַראייניקן תורה מיט השכלה. אַ טייל פון זיינע קעמפערישע חברים אָבער, ווי יצחק אייכל און יצחק סאטאנאָוו, זיינען שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן אַלט־יידישקייט וואָס איז נאָך זייער מיינונג פול מיט פאַר־אורטייל און אָבערגלויבן, בעת די אייראָפּעאישע קולטור ברענגט גליק און פריי־הייט צו דער מענטשהייט בכלל און יידן בפרט.

מיט יאָרן שפּעטער האָבן די דייטשישע רעפאָרם ראַבינער ממשיך געווען דעם קאַמף קעגן טראַדיציאָנעלער יידישקייט הן אין זייערע ווערק און הן אין זייערע פּריידיקן. זיי האָבן אויסגעריסן און אויסגעוואָרצלט די שענסטע בלומען פונעם פּראַכטיקן גאָרטן פון יידישקייט, און אויף זייער אָרט פאַרפלאַנצט אין די טעמפּלען ווילדע פלאַנצונגען פון דער קריסטלעכער קירכע.

אגב, האָבן די ערשטע משכילים מיט מענדעלסאָן בראש געשריבן זייערע ווערק נאָר אין העברעאיש, מסתמא דערפאַר וואָס די יידן אין דייטשלאַנד האָבן דעמאָלט נאָך ניט געקענט לייענען קיין דייטש, דערפאַר אָבער האָבן די שפּע־טערדיקע רעפאָרם־ראַבינער זיך באַנוצט שוין אויסשליסלעך מיט דייטש.

וועלן מיר איצט ניט מאריך זיין וועגן דער דייטשישער השכלה־ליטעראַטור; מיר וועלן זיך בלויז באַנוגענען מיט דער אָנווייזונג, אַז מענדעלסאָנ׳ס קינדער און אויך אַ טייל פון זיינע נאָכפאָלגער האָבן זיך גע׳שמדט און, אַז אין די שפּעטער־דיקע יאָרן האָט די שמד־מגפה געבראַכט דערצו דאָס אַ גרויסער טייל פון דייטשן יידנטום האָט אונדז לגמרי פאַרלאָזן. ס׳איז אפשר אויך ניט אויסגעשלאָסן, אַז צווישן די נאַציס זיינען פאַראַן אַ סך אייניקלעך פון יענע גע׳שמדטע יידן וואָס האָבן זיך דירעקט באַטייליקט אין דער אכזריות׳דיקער אויסראָטונג פון אַ דריטל פון אונדזער פאָלק.

ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט וויל איך דאָ איבערגעבן אַ טרעפלעך וואָרט וואָס איך האָב געהערט פון מיין רבי׳ן, ר׳ אידל באַרער, עליו השלום.

ער האָט געזאָגט: אין פרקי אבות ווערט דערקלערט דער אונטערשייד צווישן די תלמידים פון אברהם אבינו און די תלמידים פון בלעם הרשע. פרעגט זיך: פאַרוואָס ווייזט דער תנא ניט אָן דעם אונטערשייד צווישן אברהם אבינו און בלעם הרשע זעלבסט? פאַרוואָס דערקלערט ער בלויז דעם אונטערשייד צווישן זייערע תלמידים?

איז דער תירוץ: בעת די יידן האָבן געהערט ווי בלעם לויבט זיי און זאָגט: „מה טובו אהליך יעקב", האָבן זיי געמיינט אַז בלעם איז אַ גרויסער צדיק. פון בלעמ׳ס תלמידים אָבער האָבן יידן זיך דערוואוסט אַז ער איז גאָר געווען אַ רשע מרושע. הוא הדין — האָט מיין רבי פאַרענדיקט — מיט משה מענדעלסאָן. פון זיינע תלמידים און זיינע קינדער וואָס האָבן „געביטן דאָס רעדל", האָבן מיר זיך דערוואוסט וועגן דעם גרויסן שאָדן וואָס די השכלה האָט אונדז אָפּגעטאָן.

און איצט גייען מיר איבער צו דער העברעאישער השכלה־ליטעראַטור אין רוסלאַנד, צו דער צווייטער העלפט פון נײַנצנטן יאָרהונדערט.

## ב.

יהודה ליב גאָרדאָן איז ווי באַוואוסט געווען דער לייב צווישן די יידישע שרייבער פון זיין תקופה. ער האָט זיך אויסגעצייכנט לגבי די שרייבער פון זיין דור מיט זיין גרויסער אייראָפּעאישער בילדונג. ער האָט געשריבן לידער ניט בלויז אין העברעאיש נאָר אויך אין רוסיש און אין יידיש. חוץ לזה איז ער אויך געווען אַ גרויסער מייסטער אין פּראָזע.

דער גרונט־געדאַנק פון זיין באַנעם איז, אַז די סיבה פון אַנטיסעמיטיזם אין אונדזער צייט איז דער יידישער סעפּאַראַטיזם, אָט דאָס וואָס יידן טיילן זיך

אָפּ מיט זייערע זיטן און מנהגים פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג. ער האָט דעריבער געפּרייִדיקט: היה אדם בצאתך ויהודי באהלך — זיי אַ מענטש אין גאַס און אַ ייד אין הויז. מיט אַנדערע ווערטער: ער האָט געהאַלטן אַז יידן דאַרפן זיך אַסימילירן, אויסמישן זיך מיט די גויים, און דעמאָלט וועט דער אַנטיסעמיטיזם זיכער פאַרשווינדן אויף לעולם ועד.

אינטערעסאַנט איז, אַז אין יענער צייט האָט אַן אַנדער העברעאישער משורר, דער געשמדטער ייד קאָנסטאַנטין שאַפּירא, געשריבן אין זיינעם אַ שיר „לשוא טבלתי במי הירדן" — אומזיסט האָב איך זיך געטובלט אין די וואַסערן פון ירדן, אַן אָנצוהערעניש אַזאַ, אַז ער האָט זיך אומזיסט געשמדט, וואָרום די גויים האַסן די משומדים פונקט אַזוי שטאַרק, אויב ניט נאָך מערער, ווי זיי האַסן די יידן.

גאָרדאָן אָבער איז פאַרבלענדט געווען פונעם פאַלשן ליכט און גלאַנץ פון דער אייראָפּעאישער קולטור און האָט דעריבער געגלויבט, אַז דורך אויפקלערונג וועלן די ניט־יידן זיך צו אונדז דערנענטערן...

אין גאָרדאָנ'ס פּאָעמע „בשביל קוצו של יוד", און אויך אין אַ סך אַנדערע שירים זיינע, טאַדלט ער די רבנים, די „מורדי אור" און פינסטערלינגע, ביי וועמען אַ קוצו של יוד, אַ סעיף קטן פון שלחן ערוך, איז פיל חשוב'ער איידער דער לעבן פון אַ יידן. ער פאָדערט דעריבער „תיקונים", רעפאָרמען אין דער יידישער אמונה.

אויך אַן אַנדער אָנגעזעענער העברעאישער שריפטשטעלער, מ. ל. לילענבלום, האָט דעמאָלט אין זיין בוך „חטאות נעורים" געטאַדלט די רבנים, די פינסטער־לינגע, וואָס שטערן דאָס ליכט פון דער השכלה זאָל אַריינדרינגען אין די „געצעלטן פון שם".

אַליין אַ גרויסער למדן און געוועזענער ראש־ישיבה, האָט לילענבלום געפאָ־דערט אַז די רבנים זאָלן זיך ניט פאַרשטייפן אין זייער פאַנאַטיזם נאָר זאָלן דערלויבן אַריינברענגען פאַרשיידענע רעפאָרמען אין דער יידישער אמונה.

ווי באַוואוסט, האָט לילענבלום שפּעטער אין זיין בראָשור „דרך תשובה" צוריקגעצויגן די אַפּיקורסישע געדאַנקען, וואָס ער האָט פריער געהאַט אַריינ־געוועבט אינעם „חטאות נעורים" און אין די פילע אַנדערע אַרטיקלען זיינע.

וואָס שייך דער שיינער ליטעראַטור אין העברעאיש פון יענער תקופה, איז זי געווען דורכגעדרונגען מיט כלערליי עקסטרעמען ווי ניהיליזם, פּעסימיזם און אַנטי־יידישקייט. ראובן אשר ברויִדעס, וועלכער האָט געהאַלטן מיט די אַנדערע משכילים פון זיין דור, אַז יידן וועלן געהאָלפן ווערן דורך דער איינפירונג פון רעפאָרמען אין דער יידישער רעליגיע, ברענגט אַרויס אין זיין בוך „הדת והחיים"

און אין אַ סך אַנדערע נאָוועלן זיינע, כלערליי צעדרייטע מענטשן און פּאַטאָלאָ־גישע טיפּן, וואָס פאַר׳מיאוס׳ן דאָס לעבן פאַר זיך אַליין און פאַר דער גאַנצער סביבה זייערער.

אויך בערשאַדסקי׳ס ראָמאַנען „באין מטרה״ און „כנגד הזרם״ זיינען דורכגעדרונגען מיט ניהיליזם און שוידערלעכן פּעסימיזם. וועגן בערשאַדסקי׳ס נאָוועלן שרייבט דער געלערנטער שריפטשטעלער ד״ר יוסף ריידער פון דראָפּסי קאָלעדזש: „סאַפּירשטיין, דער העלד פון „כנגד הזרם״ איז אַ פולשטענדיקער ציניקער און סקעפּטיקער. ער צווייפלט אין אַלץ, אָנהויבנדיק פון זיין אייגענעם ווילן צו געניסן פונעם לעבן ביז דעם נאַציאָנאַלן אויפלעב פון זיין פאָלק; בעת אַדאַמאָוויץ, דער הויפּט־העלד פון „באין מטרה״ איז אַ גאָטסלאָזער און אידייענלאָזער פּעסימיסט״. *)

דער פאַרצווייפלטער און פּעסימיסטישער דאסטאָיעווסקי האָט דאָך געגלויבט, אַז די גאולה פון זיין פאָלק וועט קומען דורך זיין באַקערונג צום ניט־געפעלשטן קריסטנטום און טורגעניעוו האָט דאָך געגלויבט אין דער וויכטיקייט פון די רוסן ווי אַ גרויס פאָלק, בעת אונדזערע אייגענע פּעסימיסטן האָבן לגמרי ניט געגלויבט אין תחיית האומה, אין דער ווידעראויפלעבונג פון אַ יידיש פאָלק און יידישער קולטור.

ג.

אין איינעם פון זיינע שירים באַדויערט י. ל. גאָרדאָן דעם גורל פון דער יידישער פרוי. ער דערמאָנט דאָרטן דעם פאַרבאָט אין דער גמרא צו לערנען יידישע טעכטער תורה (כל המלמד את בתו תורה כאלו מלמדה תיפלות), נו, איז אָבער די מעשה אַז מען לערנט איצט תורה מיט יידישע טעכטער אַפילו אין די ישיבות פון דער „אגודת ישראל״. דאָס דאָזיקע באַווייזט קלאָר און בולט, אַז דער לעבן איז שטאַרקער פונעם טרוקענעם פאַרצייטיקן געבאָט.

כדי ס׳זאָל ניט קומען צו אַ מיספאַרשטענדעניש, וויל איך דאָ צוגעבן, אַז איך בין אַ שאַרפער קעגנער פון די איינפירונגען מצד די היגע רעפאָרם־ראַבאַיס, וועלכע האָבן פאַרוואַנדלט די שולן אין אַ מין קלוב וואו מען דיסקוטירט פּאָליטישע פראַגן און מען דעבאַטירט איבער די נייעסטע מוּוויס און „בעסט סעלערס״.

---

*) זע ד״ר ריידער׳ס באַלערנטן אַרטיקל:

"Negative Tendencies In Modern Hebrew Literature," Hebrew Union College Jubilee Volume.

רעליגיע איז דאָרטן בלויז אַ טפל, בלויז עפּעס אַ צוגאָב צו דער אַלגעמיינער סאָציאַלער און קולטורעלער טעטיקייט פון די ראַבאַיס.

דער ניט־לאַנג פאַרשטאָרבענער י. י. זינגער האָט מיר דערציילט, אַז אַ רעפאָרמירטער ראַביי האָט אים אַמאָל איינגעלאַדן קומען צו אים אין טעמפּל הערן זיינע אַ לעקציע איבער „די ברידער אשכנזי". דער חשוב׳ער מחבר פונעם גרויסן ווערק זיינס האָט זיך פּשוט אָפּגעזאָגט קומען צו דער לעקציע, דערקלערנדיק דעם ראַביי אַז אין אַ טעמפּעל דאַרף מען האַלטן לעקציעס וועגן ישעיה הנביא, וועגן רמב"ם וכדומה, אָבער וועגן זיין ווערק דאַרף מען ריידן אין אַ קלוב אָדער ערגעץ וואו אין אַן אױדיטאָריום.

די רעפאָרם ראַביים, הגם זיי גלאָצען מיט די אויגן צו מאָזעס׳ן, גראָבן זיי דאָך אונטער דעם בוים פון יידישקייט און דעריבער זיינען זיי שוין אויך קעגן דעם קיום האומה. פון דער אַנדערער זייט אָבער זיינען אויפן מעכטיקן בוים פון אַלט־יידישקייט פאַראַן פאַרדאַרטע צווייגן וואָס שטערן דעם וואוקס פון בוים, זיי דאַרפן דעריבער אָפּגעשניטן ווערן און וואָס גיכער אַלץ בעסער.

דער טעות פון די השכלה־שרייבער איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבן געגלויבט, אַז רעפאָרמען אין דער יידישער רעליגיע וועלן אונדז העלפן כלפּי חוץ. דאָס דאָזיקע איז געווען פּשוט׳ע נאַאיווקייט, וואָרום גויים האָבן תמיד מער דרך ארץ פאַר רעליגיעזע יידן איידער פאַר פריידענקער. חוץ לזה איז דער טאָן ביי די השכלה־שרייבער געווען אַ גאַליקער און בייסנדיקער, און דער איינדרוק מצד די לייענער איז תמיד געווען, אַז דער תלמוד ווי די גאַנצע רבנישע ליטע־ראַטור איז, חלילה, דער מקור פון אַלע אונדזערע פורעניות׳ן.

דעריבער, משמעות, האָבן די משכילים זיך באַצויגן מיט שנאה צו אַלט־יידישקייט, און אַ טייל פון זיי, ווי למשל, יוסף ראַבינאָוויטש און יעקב פּרילוקער, האָבן געשלאָסן אַ שידוך מיט דער קריסטלעכער קירכע...

## ד.

אין סוף פון פאַריקן יאָרהונדערט איז פאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג אין דער אידעאָלאָגיע פון אויפגעקלערטע יידן. ד"ר הערצל און מ. נאָרדוי פון די עמודי התווך, אָנגעזעענע פאָרשטייער פון דער אייראָפּעאישער פּרעסע און ליטעראַטור, האָבן פייערלעך דערקלערט אין זייערע שריפטן און אויף עפנטלעכע אַרויסטרע־טונגען, אַז זיי האָבן געגרייזט אין זייער גלויבן דאָס די יידנפראַגע קאָן געלייזט ווערן דורך אַסימילאַציע. זיי האָבן דערקלערט, אַז די איינציקע לייזונג פון דער

קאמפליצירטער און אנגעוויטיקטער יידנפראגע באשטייט אין שיבת ציון, אין צוריקקער פון יידן קיין ארץ ישראל.

זאל דא אויך צוגעגעבן ווערן, אז ד"ר הערצל, דער געוועזענער אסימילאנט, האט געהאלטן דאס דער שיבת ציון איז אויך ענג פארבונדן מיטן צוריקקער צו יידישקייט.

בנוגע נארדוי'ן איז וויכטיק צו באמערקן, אז ער איז געווען דער איינציקער שרייבער וואס האט שוין דעמאלט אנגעוויזן אויף דער דעגענעראציע און צופוילט־קייט פון דער אייראפעאישער ליטעראטור און קולטור. איצט, אין רעטראספעקט, זעען מיר אז ער איז געווען א חכם הרואה את הנולד, א ווייטזעענדיקער דענקער און באאבאכטער, און אז זיין קעגנערשאפט צו דער אייראפעאישער קולטור וואקסט ארויס פון זיין יידישקייט.

אבער אין דער צייט אין וועלכער הרצל, נארדוי, זאנגוויל און אנדערע גרויסע אייראפעאישע שרייבער און דענקער האבן זיך געווענדט מיטן פנים צום מזרח, איז צווישן די העבראישע שרייבער וועלכע האבן דווקא אפגעשטאמט פון מזרח־אייראפע אנטשטאנען א גרופע, וואס האט זיך געווענדט מיטן פנים צום מערב, צו דער וועלט־אייראפעאישער קולטור.

דער אנפירער פון דער גרופע איז געווען ד"ר מ. י. בערדיטשעווסקי, א בן הרב און געוועזענער ישיבה בחור, וואס האט שפעטער געשטודירט אין די מערב־אייראפעאישע אוניווערסיטעטן.

אין יענער צייט איז אין אייראפע פאפולער געווען די קעמפנדיקע פילאזאפיע פון פרידריך ניטשע, וועלכער האט אנגעוויזן אויף דעם אז די ירידה פון דער אייראפעאישער קולטור איז פאראורזאכט געווארן דורך דער הערשנדיקער „שקלאפן מאראל“, וואס איז באשאפן געווארן פון די שוואכערע טיילן פון דער מענטשהייט ווי א מיטל זיך צו באשיצן קעגן די שטארקערע טיילן. זיין רוף איז דעריבער געווען צו דער מענטשהייט — זיך צו באפרייען פון דער שקלאפן מאראל, וואס איז געשאפן געווארן אונטער דעם איינפלוס פון דעם אלטן און נייעם טעסטאמענט, און אויף די חורבות פון דער אלטער, שוואכער און דעגענערירטער וועלט שאפן א נייע לעבן, וואס זאל אנגעפירט ווערן פון די שטארקע מענטשן, פון די „אויבערמענטשן“.

מיט איין ווארט: ניטשע האט געבאנט דעם וועג פאר היטלער'ן מיט זיינע חברים־באנדיטן, הגם ער איז דאס ניט אויסן געווען.

ד"ר בערדיטשעווסקי, דער אנפירער פון דעם ליטערארישן קרייז, איז באאיינפלוסט געווארן פון ניטשע'ס פילאזאפיע און דעריבער האט ער געקעמפט פאר

אַ „שינוי ערכין״, אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין אונדזער יידישער וועלט־אַנשויאונג.

ער טרעט שאַרף אַרויס קעגן דעם גרויסן באַדייט פון רוחניות, פון גייסט אין יידישן לעבן און אין דער יידישער ליטעראַטור. ער איז אויך קעגן דעם אָנגענו־מענעם פּרינציפּ ביי יידן, אַז דער יחיד דאַרף אָפּפּערן זיינע אינטערעסן לטובת הכלל.

ער באַקעמפט ניט בלויז דעם תלמודישן יידנטום און תלמודישע יידישקייט, וואָס האָט, ווי ער דענקט, געהאַמעוועט דאָס יידישע לעבן, נאָר קעגן דער יידיש־קייט פון די נביאים לויט וועלכער דער גייסט איז חשוב׳ער פון דער רויער קראַפט און שטאַרק.

ער האַלט פיל מער פון דער העלעניסטישער קולטור, וואָס האָט אַריינגע־בראַכט אַן אוצר פון מענטשלעכער פרייד, עסטעטיק און קונסט אידער פון יידישקייט וועמענס הויפּט יסוד איז מאָראַל און עטיק.

ער פּאָלעמיזירט שאַרף קעגן אחד העם׳ס טעאָריע פון אַ מרכז רוחני, אַ גייסטיקן צענטער אין ארץ ישראל. בערדיטשעווסקי האַלט אַז „צרת היהודים״, די יידן־נויט, איז די הויפּט פראַגע און ניט „צרת היהדות״, דאָס ליידן פון יידישקייט.

ער רופט יידן זיך צוריקצוקערן צו דער אוראַלטער יידישער רעליגיע פון די דעראָבערער פון לאַנד כנען.

כידוע, האָט אויך טשערניכאָווסקי אין עטלעכע שירים זיינע ווי „לנוכח פסל אפולו״, „משירי עכום״ און אַנדערע, פאַרהערלעכט דאָס יידנטום פון די „כובשי כנען בסופה״, די דעראָבערער פון לאַנד כנען מיט שטורם, הגם עס איז ניט זיכער צי דער דיכטער איז באַאיינפלוסט געוואָרן פון בערדיטשעווסקין.

אין יעדן פאַל האָט טשערניכאָווסקי אויסגעדריקט אין זיינע לידער די זעלבע רעיונות וועגן אַלט־יידנטום, וואָס בערדיטשעווסקי האָט אַרויסגעזאָגט אין פּראָזע.

אינטערעסאַנט איז אויך דאָס, וואָס בערדיטשעווסקי און טשערניכאָווסקי פאַרהערלעכן ביידע די העלעניסטישע קולטור און די יידישקייט פון דער פרע־ביבלישער תקופה, כאָטש עס איז פאַראַן אַ גאַר גרויסער אונטערשייד צווישן די ביידע קולטורן.

איינער פון די שאַרפע קעמפער קעגן אחד העם׳ס בליק אויף יידישקייט, איז אין יענער צייט געווען דער שאַרפזיניקער העבעראישער שרייבער ש״י איש הורוויץ. אין זיינע אַרטיקלען „לשאלת קיומה של היהדות״ (אין „השלח״) און אין „להרחבת הגבולים״ (אין זאַמלבוך „העתיד״), דריקט ער אויס זיינע ספיקות׳ן אין קיום היהדות, אין דער צוקונפט פון יידנטום. ער האַלט אַז ס׳איז ניט פאַראַן

קיין אונטערשייד צווישן יידנטום און קריסטנטום בנוגע די גרונט־יסודות פון רעליגיע.

אין זיין אַרטיקל „להרחבת הגבולים" טרעט ער שאַרף אַרויס קעגן דעם הויפּט־רעיון פון אחד העם'ס „שתי הסעיפים" אין וועלכן אחד העם ווייזט אָן אַז ס'זייַנען פאַראַן גרינטלעכע חילוקי דעות, אונטערשיידן אין דער וועלט־אַנשויאונג פונעם יידנטום און דעם קריסטנטום. הורוויץ, וועלכער איז געווען אַ גרויסער בקי אין דער אַלטער העברעאישער ליטעראַטור און אויך אין נייעם טעסטאַמענט ,באַשטרייט די דאָזיקע מיינונג.

אויך י. ח. ברענער האָט אין יענער תקופה, אין יאָר 1910, פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל אין דער צייטונג „הפועל הצעיר" אין וועלכן ער שרייבט, אַז מיר האָבן זיך שוין לאַנג באַפרייט פון דעם „היפנאָז" פון די „הייליקע שריפטן" און, אַז אַ סך וועלטלעכע שריפטן זיינען אונדז נענטער גייסטיק. ער, ברענער, האַלט אויך, אַז מ'קען זיין אַ גוטער ייד און צוזאַמען דערמיט זיך באַציען מיט רעליגיעזער פּיעטעט צו דער קריסטלעכער לעגענדע וועגן גאָט'ס זון וואָס איז אַראָפּגעשיקט געוואָרן צו די מענטשן־קינדער, כדי מיט זיין בלוט מכפּר צו זיין אויף די זינד פון אַלע דורות.

אויך אין ברענער'ס נאָוועלן זיינען פאַראַן אגב אורחא'דיקע באַמערקונגען וועגן דעם „בלאָנדן יונגערמאַן" צו וועלכן ער באַציט זיך מיט סימפּאַטיע.

ניט אַריינלאָזנדיק זיך איצט אין אַ טעאָלאָגישן וויכוח וועגן דעם דאָזיקן ענין, ווילן מיר רעקאָמענדירן די לייענער דאָס אַרטיקל „שתי הסעיפים" פון אחד העם אין וועלכן ער באַווייזט פאַרוואָס יידן קענען ניט אָננעמען די קריסטלעכע אמונה אָדער אַפילו בלויז די קריסטלעכע לעגענדע וועגן קריסטוס'ן.

מיר האָבן פריער דערמאָנט די גרויל־ראָמאַנען פון ברוידעס'ן און באַרשאַדסקין, און איצט ווילן מיר זיך בקיצור אָפּשטעלן אויף ברענערס ראָמאַנען .

דער ערשטער ראָמאַן ברענערס, וואָס איז מיר געקומען אונטערן האַנט, אין צוואַנציקסטן יאָר בעת איך האָב זיך באַזעצט אין ארץ ישראל, איז געווען „שכול וכשלון", וועלכער ווערט אנערקענט אַלס דער בעסטער און רייפסטער ראָמאַן זיינער.

דער הויפּט־העלד פון דעם ראָמאַן איז יחזקאל חפץ, ד"ה דער מחבר אַליין, וועלכער ווערט געשילדערט אַלס אַ פּסיכיש־קראַנקער מענטש, וואָס האָט זיך אַ געוויסע צייט אויפגעהאַלטן אין אַ סאַניטאַריום.

חפץ איז אַ שוואַרצזעער און שוידערלעכער פּעסימיסט. ער זעט אין ארץ ישראל, ממש אויף יעדן אָרט, בלויז צעפוילטקייט און אָפּגעשטאָרבנקייט. ניט בלויז איז דער

אַלטער ישוב דעגענערירט און צעפוילט, נאָר אויך דער יונגער דור איז אַפּאַטיש, הילפלאָז און מאַכטלאָז.

דער ראָמאַן האָט מיך דאַמאָלט דערשלאָגן און דערדריקט. איך האָב געקלערט אַז, אויב ברענערס שילדערונג פונעם ישוב איז ריכטיק, וועלן יידן קיינמאָל דאָס דאָזיקע לאַנד ניט אויפבויען. שפּעטער אָבער, ווען איך האָב מיט די אייגענע אויגן אָנגעהויבן באַאָבאַכטן דעם יידישן לעבן אין ארץ ישראל, האָב איך אויסגעפונען, אַז ברענער איז אַ סקעפּטיקער און מעלאַנכאָליקער, וואָס האָט תמיד געקוקט אויף אַלץ דורך שוואַרצע ברילן.

אויך אין זיינע אַנדערע ראָמאַנען: „בחורף", „בין מים למים", א"א, אין וועלכע ער שילדערט דאָס יידישע לעבן אין גלות, דערזעט ער אויך בלויז דעגענעראַציע און צעפוילטקייט, בלויז די שאָטנדיקע זייט פון אַלץ וואָס איז יידיש.

אין יענער צייט האָט דער באַקאַנטער שריפטשטעלער וו. זשאַבאָטינסקי, געוואוינט אין ארץ ישראל און זיך באַטייליקט אין דער דאַרטיקער העברעאישער פּרעסע. אין אַן אַרטיקל א. ב. „עבודה ומצב רוח", פאַרעפנטלעכט אין צוואַנציקסטן יאָר, שרייבט זשאַבאָטינסקי וועגן אָט דער דאָזיקער נעגאַטיווער און פּעסימיסטישער ליטעראַטור פון די דערמאָנטע שרייבער:

„מיר אַלס אַן עם הספר, נויטיקן זיך אוודאי אין אַ ליטעראַטור וואָס סטימולירט צו טעטיקייט און אַקטיוויטעט... דאָסטאָיעווסקי אָדער קנוט האַמסון וועלן אַזאַ דור ניט דערציען. אונדזער העברעאישע שיינע ליטעראַטור איז ניט פּאַסיק פאַר איר נאַציאָנאַלער אויפגאַבע; ס'איז אין איר ניטאָ קיין טעטיקייט, קיין באַוועגונג, קיין דינאַמיק. דאָס לעבן וואָס זי שילדערט, איז לאַנגווייליקייט און פאַרגליווערטקייט און די דראַמע, וואָס אַנטוויקלט זיך אין די טיפענישן פון דער נשמה, איז אַ קליינע דראַמע און בלויז אַ שטורם אין אַ גלאָז וואַסער. די דאָזיקע דערשיינונג איז באמת מאָדנע: אין די לעצטע צוואַנציק יאָר איז דאָך אונדזער לעבן געווען פול מיט דינאַמיק. אפשר צופיל שוין. איך וועל דערמאָנען בלויז עמיגראַציע, רעוואָלוציע, זעלבסטשוץ, דער השומר. יעדער איינציקער פון די דאָזיקע נעמען איז פול מיט געשעענישן און באַוועגונג. און דאָך איז דער העברעאישער שרייבער אָפּגעזונדערט פון דער דאָזיקער טעטיקייט און דינאַמיק און קאָנצענטרירט זיך נאָר אויף איין איינציק אינערלעך פינטעלע..."

איך דענק אַז זשאַבאָטינסקי האָט אין דעם קורצן אַרטיקל טרעפלעך כאַראַקטעריזירט די העברעאישע ליטעראַטור פון יענער תקופה.

ה.

ווי באַוואוסט, איז אין יענער תקופה באַרימט געוואָרן די „טראָיקע", די דריי גרויסע העברעאישע דיכטער: ביאַליק, טשערניכאָווסקי, און, אים צו לאַנגע יאָר, ז. שניאור.

גו, האָבן מיר, אגב אורחא, דערמאָנט טשערניכאָווסקיס שטעלונג צו אַלט־יידיש־קייט, און וועגן ביאַליקן וועלן מיר שפּעטער ריידן באַזונדער.

בנוגע שניאור'ן וועלן מיר זאָגן אַט וואָס: ער איז בלי ספק אַ באַגאַבטער דיכ־טער, בפרט אין העברעאיש. לײַדער אָבער איז ער אַ „ווילדער פלאַנץ" אין דער העברעאישער ליטעראַטור.

די וואָס זײַנען באַקאַנט מיט אחד העם'ס שריפטן ווייסן, אַז ער האָט זיך אויס־געצייכנט מיט זײַן פריינטלעכקייט און טאָלעראַנץ צו אידייאישע קעגנער. דאָך, ווען ער האָט זיך דערוואוסט אַז דער פאַרלאַג „מוריה" וויל אַרויסגעבן שניאור'ס שירים אין העברעאיש, האָט אחד העם געשריבן צו ראַווניצקין בזה הלשון:

„גם אתם (ד"ה ביאליק און ראַווניצקי — א. ש.) איפוא משתוממים עם כל הנערים על הגבורה הנפלאה של זה המחרף ומגדף את האלוקים ולא יירא רע..."

דער בריוו איז געשריבן געוואָרן אין יאָר 1913, וואָס באַווייזט אַז שניאור האָט שוין אין די ערשטע יאָרן פון שאַפונג באַקעמפט יידישקייט אויף אַזאַ אופן, אַז דער העכסט קאָרעקטער אחד העם האָט געפונען פאַר נויטיק אים צו טאַדלען און פאָדערן אַז דער פאַרלאַג „מוריה" זאָל ניט פאַרעפנטלעכן זײַנע שירים.

מיר האָבן פריער דערמאָנט טשערניכאָווסקיס שירים, וואָס באַקעמפן אַלט־יידישקייט. דער אונטערשייד אָבער צווישן טשערניכאָווסקין און שניאורן איז אַ גרויסער. טשערניכאָווסקיס אַפּיקורסישע שירים געהערן צו זײַנע „חטאות נעורים". אין די שפּעטערדיקע יאָרן אָבער האָט טשערניכאָווסקי זיך צוריקגעקערט צו דער טראַדיציאָנעלער יידישקייט. אין זײַן באַרימטער פּאָעמע „ברוך ממגנצא" (1902), רופט טשערניכאָווסקי צו גרויסער נקמה קעגן גויעשע פּאָגראָמשטשיקעס, אָבער אין זײַן פּאָעמע „זאת תהיה נקמתנו" (1920) שרײַבט ער שוין, אַז „מיר וועלן ניט שפּאַלטן די בײַכער פון מעוברת'דיקע פרויען ווי איר טוט, ווײַל אונדזער טראַדיציע און דער יאָך פון די עשרת הדברות דערלויבט אונדז ניט דאָס דאָזיקע צו טאָן".

שניאור אָבער באַנוגנט זיך ניט מיט זײַנע חטאות נעורים, נאָר גיט צו צו זײַ זײַנע „חטאות זקנה". די העברעאישע לייענער האָבן מיט גרויס שטוינונג געלייענט שניאורס פּאָעמע „לוחות גנוזים", וואָס איז מיט אַ פּאָר יאָר צוריק פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „ספר השנה ליהודי אמריקה".

ווי באַוואוסט איז דוד המלך איינער פון די אָנגעזעענסטע פּערזענלעכקייטן אין דער יידישער געשיכטע. ניט נאָר אין תנ״ך נאָר אויך אין תלמוד און אַנדערע ספרים ווערט דוד געשילדערט מיט גרויס ליבע און אַכטונג. ניט לאַנג צוריק איז דערשינען אַ בוך אין ענגליש אויף דער טעמע „דייוויד״ פון דעם אָנגעזעענעם ענג־לישן פּאָליטיקער דאוף קופּער. דער מחבר, וואָס איז גוט באַקאַנט מיט די יידישע מקורות וועגן דודן, זינגט אין זיין בוך אַ נייעם שיר מזמור לדוד און שילדערט אים אַלס גרויסן שטאַטסמאַן, מיליטערישן פירער און דיכטער.

אָט אַזאַ בוך האָט געשריבן דער גוי דאוף קופּער. דער העברעאישער דיכ־טער ז. שניאור אָבער שילדערט דודן אַלס אויסוואורף און „איש דמים״, אַלס ממזר און באַנדיט, וואָס האָט אַלעמען פאַרראַטן.

פאַרשטייט זיך, אַז אָט די אַלע „חכמות״ זיינע האָט שניאור גענאַשט פון רענאַן און די אַנדערע גויאישע קולטורעלע אַנטיסעמיטן. דאָס וואָס די דאָזיקע שרייבער האָבן געשריבן ברמיזא און מיט אַ סך רעזערוואַציעס, האָט שניאור גע־שריבן מיט גרויס אייפער און אַגרעסיווקייט.

די פּאָעמע „לוחות גנוזים״ באַווייזט, אַז אויב שניאור האָט ניט קיין אמונה אין יידישקייט האָט ער אָבער גרויס אמונה אין דער בייזוויליקער קריטיק אויף יידישקייט פון גויאישע יידן־פיינטלעכע ביבל קריטיקער.

ס׳איז אויך כאַראַקטעריסטיש, וואָס שניאור האָט געפונען פאַר נויטיק אַרויס־צוקומען מיט זיין שענדלעכער אַטאַקע אויף דוד המלך, שמואל הנביא א״א דווקא אין דער איצטיקער צייט, ווען יידן ווערן אומברחמנות׳דיק אויסגעראַטן.

שניאור האָט אויך אַריינגעבראַכט אין זיינע ווערק אָן אַ שיעור זנות־געשיכטעס און סתם פּאָרנאָגראַפיע, וואָס איז קעגן יידישן וועלט־באַנעם און אוויר׳ט מיט שונד...

ווי זאָגט די גמרא: הקדוש ברוך הוא מקדים רפואה למכה — גאָט באַשאַפט די רפואה פאַר דער מכה. אין יענער תקופה פון סוף נייַנצנטן יאָרהונדערט און אָנהייב פון איצטיקן י״ה, ווען בערדיטשעווסקי און זיינע חברים האָבן געפּאָדערט אַ „שינוי ערכין״, אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין דעם יידישן וועלט־באַנעם, האָט אָנגעהויבן אויפשיינען דער שטערן פון אחד העם, וועלכער איז געוואָרן דער טאָן געבער און וואָרט־זאָגער אין דער העברעאישער ליטעראַטור.

אין אַ רייע אַרטיקלען אין „השלוח״, האָט ער שאַרף באַקעמפט די בערדיט־שעווסקי ריכטונג. הגם ער איז אַליין ניט געווען קיין רעליגיעזער ייד אין טראַ־דיציאָנעלן זין, האָט ער זיך אָבער באַצויגן מיט גרויס יראת הכבוד צו דער אַלטער יידישער ליטעראַטור, צום תנ״ך, תלמוד, אד״ג.

אין אָנהייב פון אַרטיקל ברענגען מיר אַ ציטאַט פון אחד העם׳ס „תורה מציון“ אין וועלכן ער קריטיקירט ברענערס אויסזעצונג קעגן דעם „היפנאָז פון די נביאים“. אחד העם שרייבט דאָרטן:

„דער וואָס פילט ניט קיין שום גייסטיקע נאָענטקייט צו דער „אויבערשטער וועלט׳... פון וועלכער זיי (אונדזערע עלטערן — א. ש.) האָבן געשעפּט זייער מאָראַלישן כוח, קען ער זיין אַן ערלעכער מענטש אָבער קיין נאַציאָנאַלער ייד איז ער ניט אַפילו, ווען ער וואוינט אין ארץ ישראל און רעדט לשון קודש“.

אַט די גאָלדענע ווערטער דאַרפן געדענקען די דאָזיקע העברעאישע שרייבער, וואָס זיינען כופרים אין יידישקייט.

זאָל דאָ צוגעגעבן ווערן, אַז דער גרעסטער טייל העברעאישע שרייבער האָבן מסכים געווען מיט אחד העם׳ס אני מאמין.

למען האמת דאַרף אויך דאָ צוגעגעבן ווערן, אַז אין זיינע בעלעטריסטישע ווערק ווי אין „ספר החרדים“ און אַנדערע, איז בערדיטשעווסקי עכט יידיש. בלויז אין זיינע עסייען, איז בערדיטשעווסקי אַרויסגעטראָטן קעגן יידישקייט.

אחרון אחרון חביב. דער גרויסער נאַציאָנאַלער דיכטער, חיים נחמן ביאַליק, האָט אַלע זיינע יאָרן נאָכגעפאָלגט דעם וועג פון זיין גרויסן לערער אחד העם. נאָך אינעם בראשית פון זיין שאַפונג איז ער געשטאַנען „על סף בית המדרש“, אויפן שוועל פון בית המדרש, און באַזונגען מיט גרויס ליבשאַפט דעם „המתמיד“, דעם ישיבה בחור, פון וועמען די משכילים האָבן געמאכט חוכא וטלולא.

ביאַליק האָט אויך צוזאַמען מיט ראַווניצקין יאָרן לאַנג געאַרבעט אויף דער שאַפונג פון „ספר האגדה“ און אויף דער פאַרעפנטליכונג פון די שירים פון אונדזערע מיטלאַלטערלעכע משוררים.

מיט איין וואָרט: ביאַליק האָט געטאָן אַלץ אין זיין מעגלעכקייט צו באַקענען דעם יידן מיט די אַלטע יידישע מקורות, מיטן אייביקן קוואַל פון אונדזער אַלט־נייער ליטעראַטור.

לסוף וויל איך צוגעבן, אַז אין די לעצטע יאָרן קומט פאָר אַ רעליגיעזער רענעסאַנס אין דער העברעאישער ליטעראַטור אין ארץ ישראל. צו די שרייבער וואָס פאַרהערלעכן אַלט־יידישקייט געהערן ר׳ בנימין, ש. י. עגנון, א. א. קאבאק, און אַ סך אַנדערע.

משמעות, אַז די דאָרטיקע העברעאישע ליטעראַטור באַפרייט זיך פונעם „היפנאָז“ פון דער השכלה־ליטעראַטור, און דאָס איז אוודאי אַ דערפרייענדיקע דערשיינונג.



# דער ערשטער חטא

פון

## מ. ז. טקאַטש

און מענטש האָט דעם רייצנדן ביסן
פונעם עץ־הדעת צעקייט,
און ס׳האָבן זיך אים אויפגעריסן
די אויגן פון גיריקייט.

און מענטש האָט אין גאָט פאַרגעסן
זינט ער איז געוואָרן קלוג.
און, וויפל ער האָט ניט באַזעסן,
איז אַלץ ניט געווען גענוג.

נאָך ווייניק די פירות פון גאָרטן,
ער האָט נאָך אַ בויגן געשפאַנט
צו טויטן די פייגל, צו מאָרדן
די חיות פון פרידלעכן לאַנד.

נאָך ווייניק דער באָדן צום פלאַנצן,
ער האָט נאָך געזוכט אין דער ערד
דאָס זילבער און גאָלד, וואָס גלאַנצן,
און ס׳אײַזן צו שמידן אַ שווערד.

און, גייציק צו ווערן גאָט׳ס גלייכן,
האָט מענטש באַצוואונגען די פריי —

די וועלדער, די פעלדער, די טייכן
מיט אַלע בעלי־חי.

און מענטש האָט קינדער געבוירן
מיט אויגן פון קנאה גרויס,
מיט הערצער, וואָס ווערן געוואוירן
פון שלעכטס נאָך אין מוטערס שויס.

און מענטש האָט זיין זאָמען דערצויגן
צו ציען אַ שווערד פון איר שייד,
צו שליידערן פיילן פון בויגן,
ביז — ברודער האָט ברודער געטייט.

און גאָט האָט געזאָגט פאַרטרויערט:
— פאַרוואָר, אין געשטאַלט פון אַ שלאַנג
אינעם עץ־הדעת לויערט
דער טויט אויפן מענטש, זיין פאַנג.

אומזיסט אים געוואָרנט: „וועסט שטאַרבן".
וויי צו זיין מין איז איצט —
ס'וועט איינער אין צווייטנס שאַרבן
צעפּלעטן דעם מוח, וואָס בליצט.

אָ, מענטש, האָסט אין גאָט פאַרגעסן,
און גאָטלאָזער וויסן איז פלאָם,
אים קאָן ניט קיין וואַסער פאַרלעשן,
נאָר בלוט פונעם בשר־ודם. —



# גוטע מענטשן



## דער משכון

(אַן עפּיזאָד פון מיין טאַטנס לעבן)

פון

### דניאל טשאַרני

די עטלעכע שוסטערס פון מיין שטעטל זיינען געווען דורכאויס אַנגעוויזן אויף מיין טאַטנס לעדער־קראָם. די גאַנצע קראָם איז ווערט געווען, הלואי, אַ הונדערטער (מסתמא, אַ געבאַרגטער), אָבער דאָך פלעגן די דוקאַרער שוסטערס שטענדיק קאָנען געפינען ביים טאַטן די נייטיקע פאַר „זאַגאַטאָווקעס", „פרישוועס", „פּאָדנאָסקעס", ווי אויך דעם נייטיקן פּעקל האָלץ־טשוועקלעך און אַ קנייִלכל דראַטווע.

ניט שטענדיק פלעגט דער שוסטער האָבן דאָס ביסל מזומן צו קאָנען באַצאָלן פאַר די אַלע איינגעקויפטע „סחורות" — פלעגט ער איבערלאָזן ביים טאַטן אַ צעטעלע אַזאַ מיט אַן אונטערשריפט, אַז ער איז שולדיק כך וכך, וואָס ער וועט, אי"ה, אויסצאָלן ערב יום טוב, ווען סע פאַלט אַריין אַ לעבעדיקער גראָשן.

אַן אַנדער שוסטער פלעגט איבערלאָזן אַ משכון. ס'איז שוין געווען אַזוי איינגעפירט אין שטעטל, אַז מען האָט ניט קיין מזומן — לאָזט מען איבער אַ משכון. ביידע צדדים פילן זיך אַ סך רואיקער, ווייל אַ משכון דאַרף מען דאָך פריער, שפּעטער אויסקויפן!

מיין טאַטע, ע"ה, אויף וויפיל איך האָב געהערט, איז געווען קעגן משכנות. ממה נפשך! וועט דער שוסטער האָבן מיט וואָס צו באַצאָלן — וועט ער דאָך סיי־ווי־סיי באַצאָלן. וועט ער, חלילה, ניט האָבן מיט וואָס צו באַצאָלן — איז וואָס קאָן שוין העלפן אַ משכון?

יואל דער שוסטער, וואָס פלעגט זיך ממש מחיה זיין בין מנחה למעריב מיט אַ קאַפּיטל עין יעקב, צי אַ פּרק משניות האָט זיך אָנגעזעצט אויף מיין טאַטן — ער זאָל ביי אים יע נעמען אַ משכון.

— ווען מען זאָל שוין, חלילה, אויפהערן נעמען משכנות אויך — איז דאָך שוין בכלל הפקר אַ וועלט! — האָט יואל דער שוסטער געטענה׳ט צו מיין טאַטן.

האָט שוין דער טאַטע מיינער ניט געהאַט קיין אַנדער ברירה און ער האָט געמוזט צונעמען יואלס משכון.

דער משכון איז באַשטאַנען פון דעם שבת׳דיקן בגד, וואָס יואל דער שוסטער האָט באַקומען מיט אַ יאָר צען צוריק צו דער חתונה און וועלכן ער פלעגט היטן, ווי דאָס אויג אין קאָפּ.

ס׳איז געווען אַ לאַנגע שוואַרצע קאַפּאָטע ביז איבער די קני מיט אַן אונטער־שלאַק אויך ביז איבער די קני. היינטיקע צייטן וואָלט מען געזאָגט אויף אַזאַ קאַפּאָטע, אַז ס׳איז אַ זומערדיקער מאַנטל, אָבער אין יענע יאָרן (מיט אַ יאָר 60 צוריק) איז עס געווען דער ריכטיקער שבת־יום טוב׳דיקער בגד, וואָס פלעגט פאַר־דעקן אַלע אינדערוואַכנדיקע בגדים אונטער אים.

האָט שוין דער טאַטע געוואוסט, אַז יעדן פרייטיק נאָך ליכט־בענטשן, ווען מען דאַרף גיין אין שול מקבל שבת זיין — וועט אַריינקומען אין הויז יואל דער שוסטער און „אויסבאָרגן" ביי אים ביז נאָך הבדלה דעם שבת׳דיקן בגד.

פלעגט דער טאַטע יעדן פרייטיק פאַרנאַכט אַרויסנעמען זייער פאָרזיכטיק פון קליידער אַלמער יואל דעם שוסטערס בגד, אים אָפּגלעטן, ווי סע דאַרף צו זיין און האַלטן אים צוגעגרייט פאַר יואלן, ווען ער וועט אַריינקומען אין זיין פאַרשמאַלצענעם שוסטערשן רעקל מיט די אויסגעריבענע אײלנבויגנס און אים איבערבייטן אויף דעם שבת־יום־טוב׳דיקן „משכון".

פון דעם קוקן אַליין, ווי יואל דער שוסטער וואַרפט אַראָפּ פון זיך די שווערע בידנע וואָך און קריכט אַריין, ווי אַ חתן־בחור אין דעם ריינעם שוואַרצן מלבוש, כדי צו קאָנען מקבל פּנים זיין די מלכה־שבת — פלעגט דעם טאַטן צוקומען אַ פונט געזונט (דאָך אָבער איז ער געשטאָרבן צו 38 יאָר...). גוט שבת, יואל! — פלעגט דער טאַטע אַ זאָג טאָן צו יואל דעם שוסטער, ווי נאָר ער פלעגט שוין האָבן געהאַט פאַרשפּיליעט דעם לעצטן קנעפּל פון זיין „משכון".

— גוט שבת, גוט יאָר! — פלעגט יואל דער שוסטער נחת רוח׳דיק אָן ענטפער טאָן דעם טאַטן, פאַרשטעקנדיק הינטער דעם קליידער־אַלמער זיין שוסטערשן

רעקל און באַלד נאָכדעם פלעגן דיביידע לכה דודי׳יק אָוועקמאַרשירן אין שול אַריין צום קבלת שבת.

שאַבויסענאַכט, גלייך נאָך הבדלה, פלעגט יואל דער שוסטער קומען פון דער שול צום טאַטן אין הויז אַריין איבערבייטן דעם משכון־בגד אויף זיין שוסטערשן רעקל און שוין פאַרבלייבן אין הויז ביי אונדז ביז נאָך דער מלוה מלכה.

די מאַמע פלעגט שטעלן גלעזלעך טיי מיט כיבוד, וואָס איז פאַרבליבן פון די שבת׳דיקע מאכלים און יואל דער שוסטער פלעגט זיך דערוויילע אָנרויכערן מיט פאַפּיראָסן פאַר דעם גאַנצן שבת׳דיקן מעת לעת, וואָס ער האָט ניט געהאַט גערויכערט.

אַזוי פלעגט עס פאַסירן יעדן שבת, יעדן יום טוב. ווען ס׳פלעגט פאָרקומען אין שטעטל אַ ברית, צי אַ חתונה — פלעגט יואל דער שוסטער אויך קומען אַפילו אין אַ מיטן מיטוואָך „אויסבאָרגן״ ביים טאַטן דעם „משכון״.

ערב פסח פלעגט דער טאַטע אַרויסטראָגן אַלע בגדים פון אַלמער אין הויף אַריין און זיי גוט אויסשטויבן מיט עפּעס אַזאַ מין שטעקעלע, וואָס ברעכט זיך ניט. יואל דעם שוסטערס בגד פלעגט דער טאַטע קלאַפּן זייער פאָרזיכטיק. ס׳איז פאָרט אַ פרעמדער בגד, מאַלע־וואָס סע מאַכט זיך, חלילה!

זומער־צייט פלעגט דער טאַטע אַרויסטראָגן אויף אַ גאַנצן טאָג די בגדים אויפן הויף — זיי זאָלן זיך גוט אויסלופטערן, ווייל ס׳איז אַ סגולה קעגן מאָל. יואל דעם שוסטערס בגד פלעגט ער בכיוון אויפהענגען אויף אַ דראָנג אַזאַ, כדי די הייסע זון זאָל קאָנען פאַרכאַפּן סיי דעם אויבערשלאַק און סיי דעם אונטערשלאַק.

אָבער אָט איז דער טאַטע קראַנק געוואָרן. ער האָט זיך אַריינגעלייגט אין בעט. יואל דער שוסטער פלעגט אים אָפּט מבקר חולה זיין.

זאָגט צו אים איינמאָל דער טאַטע אַזוי צו זאָגן:

— ווייסט, יואל, כ׳האָב שוין נישט מער קיין כוח צו פּילעווען דיין משכון. אפשר וואָלסטו אים גאָר גענומען צו זיך — וואָלט איך געוואָרן רואיקער. מאַלע־וואָס סע מאַכט זיך, ווייסט דאָך, מען איז אין גאַנס הענט...

יואל דער שוסטער האָט זיך צוערשט געהאַט געבערעקלט. ס׳איז דאָך עפּעס ניט יושרדיק צוצונעמען אַ משכון ניט אויסקויפנדיק אים מיט אַ ביסל מזומן, אָבער וויבאַלד דער טאַטע שטייט צו אים צו — ער זאָל ביי אים דעם משכון צונעמען — האָט ער שוין געמוזט פאָלגן דעם טאַטן מיינעם.

יואל דער שוסטער האָט צוגענומען זיין שבת־יום־טוב׳דיקן בגד צו זיך אַ היים און דער טאַטע, ע״ה, איז געשטאָרבן מיט אַ רואיקערן געמיט.

# משה דעם חזנס נסיון

פון

## ב. לינדער

ר' משה דעם חזן האָט מען קיינמאָל ניט געזען זיך בייזערן אָדער זיין אין כעס אויף אימיצן. מ'האָט קיינמאָל ניט געהערט פון אים קיין שלעכט וואָרט אויף אַ מענטשן. כעס האָט ער געהאַלטן פאַרן ערגסטן מין עבודה זרה, און וועגן מענטשן האָט ער געזאָגט, אַז דער ערגסטער מענטש טראָגט אין זיך אַ ניצוץ פונעם באַשאַפער; טאָרן מיר ניט פאַרשוועכן אָט דעם הייליקן ניצוץ אַפילו אין דעם רשע, וואָרעם דאָס וואָלט דאָך געמיינט באַכטאָן יענעמס רשעות.

איז ר' משה חזן געווען אָפּגעהיט אין אַלע מצוות און געבאָטן פון בין אדם לחבירו פונקט ווי אין די מצוות און געבאָטן פון בין אדם למקום. איז קיין חידוש ניט וואָס די באַלעבאָטים פון הערשקע רופאַ'ס שולכל, וואו ער איז גע־ווען חזן, האָבן אַלע אים ליב געהאַט אהבת נפש, און פאַר אים גרויס דרך ארץ געהאַט. פון עולם הזה האָט ער ווינציק געהאַלטן. ער האָט געקאָנט אַרומגיין אין צעריסענע שיך אין שניי און אין רעגן,ליידן זיין גאַנץ לעבן פון אַ כראָנישן קאַטאַר — און ניט וועלן אָננעמען קיין שום מתנה פאַר זיך. זיין תענוג איז געווען — זיצן על התורה ועל עבודה; לערנען אַליין און לערנען מיט אַנדערע, מיט דערוואַקסענע יונגעלייט, וואָס פלעגן, צוליב אַ פאָר שעה לימוד מיט ר' משה'ן, אויפשטיין כאור היום, כדי פאַרטיק צו ווערן מיטן שיעור איידער דער עולם הייבט־אָן זיך צונויפקומען צום דאַווענען.

קיין חסיד פון קיין רבין איז ר' משה חזן ניט געווען. ער האָט ניט געהאַלטן פון די חסידישע רביים. „דער רבונו של עולם" — פלעגט ער זאָגן — „דאַרף ניט קיין מעקלערס צווישן אים און זיין פאָלק ישראל; די שערי שמים זיינען אָפן פאַר אַלעמען גלייך". זיינען אָבער געווען אין ר' משה'ס שולכל עטלעכע פשוט'ע יידן, זייער פרומע, וואָס האָבן געלעכצט נאָך אַ רבי'ן. איז ביי זיי אויס־געקומען, אַז ר' משה איז אַליין אַ רבי, נאָר ער וויל זיך ניט מגלה זיין. אַנדערש האָבן זיי ניט געקאָנט פאַרשטיין פאַרוואָס אַזאַ צדיק תמים ווי ר' משה זאָל ניט פאָרן צו קיין רבי'ן.

איבער איינעם פון אָט די יידן איז ר' משה חזן איינמאָל געשטעלט געוואָרן פאַר אַ גרויסן נסיון. געווען איז עס אַזאַ מעשה: איינער פון אָט די יידן, אַן

אָרימער בעל־מלאָכה, אַ גלעזער, האָט געהאַט אַ שטיקל נטיה צו, וואָס מיר רופן דאָ, „געמבלעריי". ער איז ניט געווען קיין קאָרטן־שפּילער, חלילה; אָזוינס איז אים קיינמאָל אויפן זינען ניט געקומען. זיין „געמבלעריי" איז געווען — קויפן „אַן אַכטל". אַזוי האָט עס געהייסן. געמיינט האָט עס: קויפן ביי אַ לאָטעריי־אַגענט אַן אַכטל בילעט פון דער ברוינשוואַגער לאָטעריי.

פלעגט אָט דער אָרימער גלעזער כסדר קויפן די „אַכטלען" — און כסדר פאַרלירן; זיין בילעט האָט קיינמאָל ניט „געצויגן" קיין געווינס. פאַלט איינמאָל איין דעם דאָזיקן יידן צו קויפן אַן „אַכטל" אויף אַ בשותפות'דיקן נאָמען — זיין אייגענעם נאָמען, און דעם נאָמען פון ר' משה חזן. געהאַפט האָט דער גלעזער אַז אין ר' משה'ס זכות וועט אפשר דאָס „צעטל" פאַרט עפּעס געווינען. האָט זיך געמאַכט, אַז דעם אָרימען גלעזערס האָפענונג איז מקוים געוואָרן; דאָס מאָל האָט דער בילעט געוואונען 25 טויזנט רובל. אויפן חלק פונעם גלעזערס „אַכטל" איז אויסגעקומען אַ סומע פון אַרום דריי־טויזנט רובל. ביים פרומען גלעזער איז קיין שמץ ספק ניט געווען אַז דאָ איז אים בייגעשטאַנען דער זכות פון דעם צדיק ר' משה דעם חזן. איז, תיכף ווי דער גלעזער האָט באַקומען דאָס געווינס, זיינע דריי־טויזנט רובל, האָט ער געכאַפּט און געבראַכט צו טראָגן צו ר' משה'ן זיין חלק — 15־הונדערט רובל.

אַז ר' משה האָט דערזען דעם מטמון מזומן, האָבן אים אָנגעהויבן טרייסלען הענט און פיס, און ער האָט ניט געוואָלט אַפילו זיך צורירן דערצו. „וואָס הייסט, האָסט געוואונען?" — האָט ר' משה גע'טענה'ט צום גלעזער; „אַז איינער געווינט, מיינט דאָך עס אַז אַ צווייטער האָט פאַרלאָרן, ווער זשע ווייסט ווער דער אָרימער פאַרלירער, נעבעך, איז געווען; פון אַזאַ געלט וויל איך קיין הנאה ניט האָבן; כ'וויל עס אַפילו אין די הענט ניט נעמען; דו קאָנסט דיר טאָן דערמיט וואָס דו ווילסט; איך וויל זיך דערצו ניט צורירן; כ'האָב מורא, אַז דאָס איז אַ שפּיצל פונעם סאַמעך־מעם, און ווער ווייסט וואָס הינטער דעם געווינס שטעקט!"

דער אָרימער גלעזער האָט געמוזט לאַנג טענה'ן און איינ'טענה'ן מיט ר' משה'ן איידער ער האָט גע'פועל'ט ביי אים, ער זאָל נעמען דאָס געלט. דעם גלעזערס שטאַרקסטע טענה איז געווען: אַפילו אויב דאָס איז מעשה־שטן, דאַרף אַ ייד ווי ר' משה קיין מורא ניט האָבן; מ'קאָן דאָך מיט אַזאַ אוצר אויפטאָן אַזוינס, אַז דער סאַמעך־מעם זאָל בלייבן מיט אַ נאָז און קיין פּתחון־פּה ניט האָבן.

די דאָזיקע טענה האָט ר' משה'ן מנצח געווען. ער האָט באַדאַנקט דעם גלעזער — און צוגענומען דעם מטמון געלט. די ערשטע זאַך, באַלד ווי דער גלעזער איז אַוועק, האָט ר' משה אַראָפּגענומען פולן מעשר פון די 15 הונדערט רובל און עס

אװעקגעלייגט באַזונדער — אויף צדקה פאַר אָרימעלייט. דאָס איבעריקע האָט ער אָהיימגעבראַכט צום װייב. ער האָט איר דערציילט די גאַנצע מעשה און געזאָגט: היות, ער הייבט ניט אָן צו װיסן װאָס מע טוט מיט אַזויפיל געלט, גיט ער עס איר. אָבער קודם, דאַרף זי אַראָפּנעמען מעשר אויף צעטיילן צװישן אָרימעלייט.

אַז מ׳האָט שוין אַראָפּגענומען צום צװייטן מאָל מעשר, פאַלט איין ר׳ משה׳ן, אַז די בעסטע זאַך װעט זיין, מ׳זאָל דאָס איבעריקע געלט איבערגעבן דעם איידעם זיינעם; דער איידעם, אַן ערלעכער יונגערמאַן און אַ מענטש מיט אַ פּראַקטישן שכל, כאָטש אַ פּשוט׳ער בעל מלאכה, אַן איינבינדער, װעט בעסער װיסן װי־אַזוי צו פאַרטאָן דאָס נסיון־געלט אויף תכלית׳דיקע זאַכן, װאָס זאָלן זיין צו גאָט און צו לייט. האָט מען אַזוי געטאָן. מ׳האָט אַריינגערופן דעם איידעם, אים איבערגעגעבן דאָס געלט און אים געהייסן, קודם, אויך אַראָפּנעמען דעם נייטיקן מעשר — פאַר אָרימעלייט. דערנאָך האָט ר׳ משה זיך אַװעקגעזעצט מיטן איידעם און, אינאיינעם, אויסגעשטעלט אַ לאַנג צעטל פון די זאַכן אויף װאָס אויסצוגעבן דאָס געבליבענע מזומן.

יתומים, תלמוד־תורה׳ס, אָרימע קימפּעטאָרינס, אָרימע כלה־מיידלעך אַן אַ גראָשן נדן און אַנדערע מיני צדקה־זאַכן האָבן באַקומען זייערע חלקים פון ר׳ משה׳ס „גרויסן געווינס״. פאַר זיך אַליין האָט ר׳ משה קיין איין פּרוטה נחושת ניט אַראָפּגענומען, אַפילו ניט אויף קיין נייע פּאָר שיך. ער אַליין איז זיך װייטער אַרומגעגאַנגען אין זיינע אַלטע צעלעכערטע שיך. דאָס איינציקע װאָס דער איידעם זיינער האָט געהאַט אָפּגעשפּאָרט פונעם אוצר איז געװען — עטלעכע װאָכן אַרבעט אויף איבערבינדען די אַלטע ספרים, סידורים און מחזורים אין ר׳ משה׳ס שולכל. ס׳איז געװען אַ נייטיקע אַרבעט. ס׳רוב ספרים איז שוין געװען צעפאַלן ממש אויף בלעטלעך. דער לוין אָבער פאַר דער אַרבעט איז געװען ניט אַ פּרוטה מער װי ס׳װאָלט געקאָסט ביי אַן אַנדער איינבינדער.

אָט אַזוי האָט ר׳ משה דער חזן זיך געספּראַװעט מיט׳ן נסיון פון דעם געװינס, װאָס איז אַזוי אומגערעכט אַריינגעפאַלן צו אים אין די הענט — װער װייסט צוליב װאָס . . .



# י. ל. פרץ — 1910

(דערמאָנונג)


## א. י. קריזאָווסקי


אַט פלאַטערט־אויף אין שטראַל, אַט ציטערט ווידער
מיין פרץ־פריילינג — פרץ־יוגנד־זעל.
זיין נביא־בליק שטראַלט־דורך דורך מיינע גלידער,
זיין נביא־ליכט־געשטאַלט צעפלאַטערט העל.

שטעלט וויסנבערג מיך פאָר: „אַ מאָלער, פרץ״,
מאַכט פרץ: „לאָמיר הערן זיין „געמעלד״.
איך לייען. ער האָרכט־צו מיט דרך־־ארץ.
— דער סקולפּטאָר האָט דעם מאָלער דאָ פאַרשטעלט...

אַט פלאַטערן פון זיינע אויגן פונקען
אלפאַרביק, בראָנז־ברוין־גרין, אין מילד־בורשטין
אין הייליק נביא־פייער איינגעטונקען
נעמט דורך זיין בליץ מיין האַרץ שטרענג־שאַרף און דין.

אַ פראָסטער מיטוואָך, פריילינג, שקיעה־שטילקייט
עס אומעטיקט אין גלאָז דאָס צווייגל בעז.
די שטילע טויב, פרוי פרץ, גוטסקייט, מילדקייט,
זי גיט אונדז גרינס מיט סמעטענע מיט קעז.

דער סקולפּטאָר מייסטערט, מאָדלט זיין סטאַטוע
ער— אויף די קני, אין שטול, דעם קאָפּ געלענט
ער הערט זיך־צו צום עולמס אָוונט־שמועס
און האָרכט צום שאָטנס ניגון אויף די ווענט.

אַט פלאַטערט אויף באַם ערב־שבועות ווידער
מיין פרץ־יוגנד — פריילינג־פלאַטער־זעל,
זיין נביא־בליק בליצט־דורך מיין זעל און גלידער,
זיין נביא־ליכט־געשטאַלט — נאָך פלאַטערט העל — — —



# מיניאַטורן

פון **חיים פעט**

## געביטן די ראָלן

גאָלד איז געקומען יעדע נאַכט צו סילווען. ער איז געווען שטיל, אונטערטעניק, דערשלאָגן. און זי — אַ געשטראַלטע, די רויטע האָר פלאַקערן. איר נאַשעריש מויל אויפגעבליט.

דער שטילער גאָלד קריגט לשון:

— עס וועט דיר ניט אָפּגיין פון פויגל־מילך.

זי איז געוואָרן פאַרטראַכטער...

נאָך דער חתונה, האָט גאָלד אויפגעזונגען. זיינע העמדער אויף אַלע קנעפּ־לעך. די פליישיקע געקעכצן — מיט מאַרך ביינער, די מילכיקע קלייקע. זיג און זעטיקייט האָט אים געגרונדיקט.

און זי האָט געשלומערט ווי די לבנה אונטער וואָלקנס. און געאומעטיקט, ווי אַ געפאַנגענער פויגל...

## פרייד און אומעט

אין דער אויפגעיוגענטער דזשאַנעט האָט זיך פאַרליבט אַ בחור אַ שלאַנקער, אַ פלינקער, אַ טאַנצענדיקער. — אַז דאָס באַשערטע אויסגעזונגענע פּאָרל זיינען אַרויס פאַרפּוצטע, האָט מען זיי נאָכגעקוקט...

אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט מען דעם בחור אָפּגעוואויגען, אָפּגעמאָסטן, אויס־געפאָרשט זיין האַרץ און אים צוגענומען. און דאָס פּאַטריאָטישע מיידל איז אומעטיק געוואָרן. זי האָט אויף אַלע בייגק און טישן געשריבן בריוולעך. געשיקט פאָטאָ־גראַפיעס. און געגאַנגען צו זיינע עלטערן. געזעסן דאָרט לאַנג אַ שטילע, אַ שעמעוו־דיקע, ווי אַ שיינע ליאַלקע...

## געוואונען און פאַרלאָרן

צוויי פאַרלעך האָבן צוזאַמען געוואוינט צימערן. די ערשטע טעג האָבן זיי געקאָכט, געגעסן צוזאַמען. דערנאָך האָט זיך איין פרוי אַרומגעזען אַז איר מאַן איז קליגער פון דער צווייטערס. ס׳האָט איר דורכגענומען שטילע פרייד. אָבער אויך האָט זי געמערקט אַז דער צווייטערס מאַן איז פאַלגעוודיקער, בעסער צו זיין ווייב און זי איז איר שטאַרק מקנא געווען...



# תורה שבעל־פה*

(מוסר שפרוכן))

קלאַסיפיצירט און איבערגעגעבן צום דרוק פון

## הרב זלמן ב. זאָהן

### כ״ד
### מעסיק און פּאַסיק

239. אַ קורצע בייטש דערלאַנגט ניט, אַ לאַנגע שמייסט אַריבער.

240. זיי ניט צו ווייך, זאָלסט ניט צעגיין; זיי ניט צו האַרט, זאָלסט ניט בלייבן ליגן ווי אַ שטיין.

141. יעדע זאַך אויף איר וואָג, ניט לייג גאָלד אויף דער וואָג פון שטיינער.

242. „זריזים מקדימים למצות שנא׳ וישכם אברהם בבקר״ — (א) אָבער א גאַנצע נאַכט געשלאָפן.

243. די פּאַמוניצע אין זאַל, דער דיוואַן אין קיך.

244. אַ פראַק מיט שטיוול, אַ צילינדער־הוט מיט באַרוועסע פיס.

245. אַ געלעכערטער טאָפּ, אַ פאַרשטאָפּטער זייער.

### כ״ה
### דאָס נעגאַטיווע

246. דעם „ניט״ קען מען פאַר קיין געלט ניט קריגן.

247. דער וואָס טויג ניט אויף „ניט״, טויג ניט אויף „יאָ״.

248. דאָס וואָס קען ניט זיין ריכטיק, קען ניט זיין פאַלש.

249. דער וואָס קען ניט באַגיין קיין זינד, קען ניט טאָן קיין מצוות.

*) זע יידישע שריפטן באַנד 4 העפט 4 ז״ז 404—401.

כ"ו

# א מ ת

250. דעם אמת דאַרף מען זוכן, מיט אמת אויף אַן אמת.

251. קיין ליגן טאָר מען ניט זאָגן, דעם אמת בין איך ניט מחויב צו זאָגן. (בנוגע באַריידן יענעם).

252. ס'איז דאָ טעם פון אמת, און אמת פון טעם.

253. „אמת מארץ תצמח" *) — דער אמת דאַרף שפּראָצן, בליען און רייף ווערן.

254. דער בלינדער וואָלט קענען נאָכגיין נאָכן גלאָק, ס'איז אָבער דאָ אַ סך גלעקער.

255. ס'איז ניטאָ קיין רחמנות און ניטאָ קיין אכזריות, בלויז ריכטיק און ניט ריכטיק.

כ"ז

# איך און מיין מיט-מענטש

256. „ואהבת לרעך כמוך" (ב) — דאַרפסט וועלן ער זאָל זיין אַ מלך.

257. אַזוי ווי דער מענטש האַלט פון זיך, האַלט ער פון יענעם.

258. די אמתע הטבה (וואוילטאַט), — עס זאָל אַ צווייטן קיין רעה ניט אַרויסקומען.

259. „הוכח תוכיח את עמיתך" (ג) — ווען דו שטראָפסט יענעם, האָב זיך אויך אין זינען.

260. דער וואָס קען ניט לעבן מיט אַ טייוול, איז אַליין אַ טייוול.

261. אַז דו האָסט מורא פאַרן יום הדין, דעריבער דאַרפסטו מיר טרעטן אויפן פוס?!

262. „אין להם זה על זה אלא תרעומות" (ד) — „זיי האָבן ניט איינער צום אַנדערן ווי בלויז תרעומות" — תרעומות האָבן אויף יענעם דאַרף אויך זיין על פי דין.

263. דער הידור (שיינקייט) פון מצה באַקן — „אלמנה ויתום לא תאנון" (ה).

264. ר' ישראל האָט געשריבן אַ בריוו פאַר אַן אלמנה קיין אמעריקע ערב יום כיפור נאָכן פאַרפאַסטן. ער האָט געזאָגט: איצט איז די בעסטע צייט.

---

*) דער אמת שפּראָצט פון דער ערד — תהלים פ"ה י"ב.

כ״ח
## תשובה און חרטה

265. מ׳דאַרף זיך קענען צען מאָל אַ טאָג בייטן.

266. ווי דער קאָזאַק, אַראָפּגעפאַלן פון פערד און גלייך אַרויף.

267. נו, פאַרפאַלן, אויב ס׳טויג ניט, טויג ניט, און מען דאַרף אָנפאַנגען איבער־אַ־נייס.

268. שווער מודה צו זיין, אַז אַ זאַך טויג ניט, נאָכדעם ווי מ׳האָט אַריינגעלעגט אין איר אַ סך אַרבעט.

269. „רשעים מלאים חרטות (ו) הלוואי וואָלטן מיר געווען פון די רשעים.

270. ר׳ ישראל האָט געהערט ווי אַ שוסטער זאָגט צו זיין לערן יינגל: כל זמן דאָס ליכטל ברענט, קען מען נאָך פאַרריכטן. דעם גאַנצן לעבן פלעגט ר׳ ישראל חזר׳ן: כל זמן דאָס ליכטל ברענט קען מען נאָך פאַרריכטן.

271. „כהדא תרנגולתא דמנערה גפה מגווא קיטמא״ (ז) — ווען די הון שאָקלט זיך אַליין אויס פונעם שטויב איז בעסער, ווי מיט צען שטעקנס.

272. אַ גאַנץ יאָר דאַרף זיין ווי אלול. און אלול איז דאָך אלול.

273. די וועלט פירט זיך אַז מ׳הויבט אָן תשובה טאָן אין די טעג פון סליחות; „אנשי מעשה״ פעדערן זיך תשובה צו טאָן אין די טעג פון אלול; און איך (ר׳ ישראל) זאָג, אַז באַלר נאָך נעילה דאַרפן אָנפאַנגען תשובה טאָן.

274. בעלי בתים, קומענדיק צו סליחות, האָבן געשריען אויף די ישיבה־בחורים, וואָס זיינען געשלאָפן אין בית־מדרש: איז אַ מקום קדוש אָן אָרט צום שלאָפן? דער ריח איז ניט גוט! האָט זיי ר׳ ישראל געענטפערט: זייער ט—ף איז בעסער פאַר אייערע סליחות.

275. ר׳ ישראל סאַלאַנטער פלעגט זיך מערסטנס געפינען אין דייטשלאַנד. ער האָט געזאָגט: ס׳איז גרינגער אַרויספירן אויפן באַרג דעם, וואָס האָט זיך שוין אַראָפּגעקייקעלט, ווי דעם, וואָס האַלט זיך אין קייקלען.

276. אַ צווייטע ווערסיע — ער האָט געזאָגט: ווען דער פערד איז ווילד און צעיושעט, לאָז אים לויפן; ווען ער איז שוין אָפּגעלאָפן זיין וועג (זיין קורס), נעם אים אָן ביי די לייצעס און פיר אים צוריק.

כ״ט
## זעלבסט־אנערקענונג און זעלבסט־ווערדע

277. הרב י. ה. לעווענבערג פלעגט רופן זיינע תלמידים — „תורה אַריסטאָקראַטן״, „גייסטיקע פרינצן״.

278. דער זעלבער פלעגט זאָגן: אַ מענטש דאַרף זיין אַן עניו, נישט קיין שפל; אַ בעל־גאון (אַ ווערדיק שטאָלצער מענטש), ניט קיין בעל־גאוה.

279. ער האָט ווייטער געזאָגט: מ'דאַרף ניט מורא האָבן פאַר גרויסע אונ־טערנעמונגען; אויב גראָבן אין דער טיף — זאָל זיין ביזן תהום; אויב קלע־טערן אין דער הויך — זאָל זיין ביזן הימל.

280. ר' יצחק פעטערבורגער פלעגט זאָגן: ווען אַ מענטש דערקענט ניט זיינע מעלות, פאַקן זיי זיך איין אין אַ טשעמאָדאַן און גייען אַוועק פון אים.

281. נישטאָ אַזאַ השחתה (פאַרדאַרבענקייט) ווי פאַרנאַכלעסיקן די אייגענע כשרונות.

282. וואָס העכער דער מענטש שטרעבט, אַלץ נידעריקער האַלט ער זיך.

## אַנמערקונגען

א) יומאַ כ"ח: „די טיכטיקע אײַלן זיך צו מצוות, ווי עס שטייט געשריבן, און אברהם האָט זיך געפעדערט אין דער פרי."

ב) ויקרא י"ט י"ח — „דו זאָלסט ליב האָבן דיין מיט־מענטש ווי זיך אַליין".

ג) ויקרא י"ט י"ז — שטראָפן זאָלסטו שטראָפן דיין חבר.

ד) בבא מציעא נ"ב.

ה) שמות כ"ב כ"א — „אַן אלמנה און אַ יתום זאָלט איר ניט פייניקן". — ר' ישראל סאַלאַנטער האָט דעם שפרוך געזאָגט בנוגע אַ־די פרומאַקעס וואָס זיינען אַזוי באַזאָרגט אָפּצוהיטן די דינים פון מצה־באַקן אַז זיי טרייבן און יאָגן אַרויס די נשמה פון די אָרימע וועלגערינס, רעדלערס און בעקערס, אלמנות און יתומים.

ו) „רשעים זיינען פול מיט חרטות".

ז) שה"ש רבה פ"ד — אַזוי ווי די הון וואָס שאָקלט זיך אָפּ פונ'ם שטויב פון אַש.





# אַרויס פון גן־עדן

(אַ מיסטעריע אין בילדער און דיאַלאָגן)

פון

## פ. מעלער

ב י ל ד ז ע ק ס

## אין וועג צום גן־עדן התחתון

א נ ו כ י (רעדט צו זיך). איך האָב מער ניט געקענט פאַרטראָגן דעם כאַאָטישן אומאײַנשטעל, דעם הפקר רעזשים פון הערשנדיקער הערשאַפטלאָזער תהו־ובהו. איך, אני והו, האָב מער ניט געקענט צוזען די געצוואונגענע צעלאָזנקייט און ברעגלאָזע צעשוואומענקייט פון דעם קדמוניתא־קעניגרייך. און אַ בת־קול איז אַרויס פון מיר שפּאַלטנדיק אַלע צאַללאָזע חלל׳ס: „עס זאָל ווערן אַ יש!" אָט־די פאַלשע צעבריאַשטשעטע ברייטקייט, וואָס איז געווען אַן אומאָפּענע און ניט־פאַרשלאָסענע פאַנאַנדערגעעפנטקייט, וועלכע האָט ניט געוואוסט פון קיין שיעור און קיין מאָס, — איז געווען ענגער פון דער ענגסטער געפענגעניש, איז געווען פאַרדריקטער־פאַרשטיקטער פון דעם פאַרשטשעמעטסטן ׳מן־המצר׳. דער־דאָזיקער לית דין ולית דיין שטאַט איז געווען האַרבער פון שטרענגסטן דין און פון דעם ריגאָרישסטן מחמיר־דיין, וואָס גיט אַרויס דיני־נפשות פּסקים. אָט־די כלומרשטע פרייקייט איז געווען געשמידט אין די שווערסטע קייטן פון קייטנלאָזיקייט. דאָס איז געווען אַ שקלאַפעריי, פון וועלכער מ׳האָט ניט געקענט אַרויס אפילו ׳בשן ועין׳, מיט אַן אַרויסגעהאַקטן צאָן און אַרויסגעזעצטן אויג, ווארום עס איז ניט געווען קיין גאַנג, קיין פונוואַנענט אַרויסצוגיין און קיין וואוהין אַריינצוגיין. מחמת עס איז ניט געווען קיין וועג, קיין ווענדונג, קיין צד און קיין צד־שכנגד. עס

איז געווען, כביכול, אַ דורכאויסיקע סטרא אחרא, אַן ׳אנדער זייט׳ אָן אַ ׳די זייט׳, אָן אָפּאָזיציע, אָן קיין פּאָזיציע, אָן קיין אָנלען פּונקט. איך האָב געמוזט, איך בין געווען מחויב, צו מאַכן אַ סוף צו אָט־דעם גאָרניט.

איך בין דער אנוכי, דער י׳ פון גאנצן יש. איך האָב געמוזט זיך אָפּטיילן פון דער געמיינער געמיינדע פון די תהו־ובהו׳ניקעס...

און אצונד, נאָך אזויפיל איבערלעבונגען, וועגן וועלכע איך וויל ניט ריידן קיין סך אפילו צו זיך אליין, צו גרויס איז דער שברת־לב, גיי איך אַ קוק טאָן אויף דער וועלט, וואָס איך האָב באַשאַפן, מיט יאָרן צוריק, דורך צען שפּרוכן און צוויי אותיות. יה. איך זוך און וועל, מסתמא אינגיכן געפינען, דאָס שטיקל לאַנד אויף וועלכן עס געפינט זיך דער גן־עדן התחתון, וואָס כ׳האָב געפלאַנצט... הגם כ׳דערמאָן זיך קוים וואו ער געפינט זיך...

איך האָב זיך ארויסגעצויגן פון לאנד מצרים, דאָס הייסט פון שאול־תחתיה־ענגשאפט. מיט ליידיקן בין איך אַהין געקומען, אפילו אָן מיין אייגענעם נאָמען, און אָט־אַזוי מיט ליידיקן בין איך פון דאָרטן אַוועק... בגפו יבוא, בגפו יצא... כ׳האָב אָפּגעצויגן אין מיטן נאַכט, תחילת פרילינג אין מיטן חודש ניסן, נאָך דעם ווי איך האָב זיך אָפּגעפּלאָגט דאָרט פיר הונדערט און דרייסיק יאָר... ס׳רעדט זיך אַזוי ׳כ׳האָב אָפּגעצויגן׳, דער אמת איז מ׳האָט מיך ארויסגעטריבן... דאָס איז געווען מיין ערשטער גירוש, „גירוש מצרים״, וועלכן איך רוף ׳יציאת מצרים׳. געגומען האָב איך מיט זיך בלויז זיך גופא און די תורה הקדושה, מחמת איך און זי זיינען איינס. די תורה איז זיסער פון האָניק און פון סאָטעס.

די ווילדע מנהגים פון דער פּאָרמלאָזיקייט, די פאַרשייטע הנהגות פון דער לערקייט וועלן אין דער ווייטער צוקונפט, לאָמיר האָפן און גלויבן, פארגעסן ווערן. וואָרעם די פאַרשריבענע פאַלשע תורות פון קדמוניתא און קדמון האָב איך, איידער איך האָב פון דאָרטן אָפּגעצויגן, פאַרברענט, ווי איינער וואָס איז מבער חמץ, זיי זאָלן מער ניט געזען ווערן און ניט געפונען ווערן. עס וועט ווערן פון זיי אַש און רויך און דעם אַש און רויך וועל איך צעבלאָזן אין אלע פיר עקן פון דער אונטערוועלט.

איך טראָג מיט זיך אונטערוועגנס מיין תורה, די אנוכי־תורה, ווי זי אליין זאָגט עדות אין משלי, פּרק ח׳, פּסוק צוויי און צוואַנציק, „יהוה קנני בראשית דרכו״...

ווען ניט דער פּסוק אין חומש ויקרא כ׳, ט׳, וואו איך זאָג: „וואָרעם יעטווידער איינער (איש איש, ואין איש אלא הקדוש ברוך הוא...) וואָס וועט שילטן זיין פאָטער אדער זיין מוטער, זאָל אויף טויט געטייט ווערן״, וואָלט איך שיקן אַ פולע תוכחה מיט קללות צו דער חשכות און חשך וואָס רוען אויפן פנים פון תהום...

וועלכער איז אָנגעפילט מיט טויזנטער מאָל צענטויזנטער מאָל צענטויזנטער מלאכי־חבלה, מיט ווילדע בייזע אומגעצוימטע רוחות פון דעם שטנ׳ס און לילית׳עס סוויטעס און לעגיאָנען.

איך וויל וועגן דעם בפרטיות ניט ריידן. איך בין געווען אין שאול תחתיה. איך האָב זיך ניט פאַרלאָזן אויף קיינע עדות־זאָגענישן פון מיינע מלאכים, אפילו ניט אויף די פראַגמענטאַרע שיפערירטע נאַכריכטן וואָס איך האָב דערהאַלטן, דורך א שליח מיוחד, פון דער שכינה. איך האָב אליין אראָפּגענידערט צו זען וואָס עס קומט דאָרטן פאָר. איך האָב געזאָגט צו זיך: זייער קאָנטער־קרעאציאָנערע זינד איז שווער אבער איך וועל אליין אראָפּנידערן און זען (הכצעקתה הבאה אלי עשו כלה ואם לא אדעה) אויב זיי האָבן אינגאַנצן געטאָן אזוי ווי דאָס געשריי וואָס איז געקומען צו מיר, און אויב ניט, לאָמיר וויסן... איך בין אויך אליין געזונקען בכדי ארויסצוראַטעווען די שכינה, וועלכע האָט איינגעשטעלט איר לעבן אין סכנה... און איך האָב מורא געהאַט זי זאָל זיך ניט מוסר־נפש זיין, ניט גיין אויף קידוש־השם אלץ צוליבן מעשה־אלהים און מעשה בראשית... כ׳האָב זי, צו מיין גרויסן צער, אינערגעץ ניט געקענט געפינען. מעגלעך, אז זי איז אזוי פאַר׳חושכ׳ט געוואָרן, אז איך האָב זי ניט געקענט דערקענען, און איך האָב זיך אזוי גוט פאַרמאַסקירט, אז זי האָט מיך ניט געקענט דערקענען. מעגלעך, אז זיי האלטן זי געפאנגען, הינטער גראַטעס, געשמידט אין קייטן. נאָכפרעגן זיך האָב איך ניט געקענט. זיין צופיל אינקוויזיטיוו וואָלט ארויסגערופן פאַרדאַכט און וואָלט ברענגען צו א פאַרשטאַרקונג פון דער שמירה וואָס ארום איר אדער צו עפּעס ערגערס, וואָס איך וויל אויפן געדאנק ניט ארויפלאָזן... ניט איין ׳חצות׳ האָב איך געפּראַוועט דאָרט, באַוויינט זיך אליין, דעם אייגענעם חורבן און די ירידה פון טאַטע־מאַמע. צום סאַמע אָנפאַנג איז געווען דער קרבן... בלויז איך אליין וויס וואָס פאר אַ קרבן איך האָב געבראַכט... דעם טאַטן און די מאַמען און די ברידער און אויך מיין שוועסטער, די באַליבטע שכינה האָב איך אויפגעאָפּערט... דאָס איז דער פרייז וואָס איך צאָל פאר מיין וועלט־באַשאַף... איך צאָל עס טאָג איין, טאָג אויס, נאַכט איין, נאַכט אויס. דער פרייז איז צו גרויס, איך האָב עס ניט געטאָרט טאָן, אָבער עס איז פאַרפאַלן... איבער דער פאַר־גאַנגנהייט האָט קיינער קיין שליטה ניט...

איך זוך, אויב ניט קיין טרייסט איז כאָטש א צייטווייליקע פאַרגעסונג, אביסל צעשטרויאונג... איך גיי אָנזעטיקן מיינע אויגן מיט די סצענעס פון דער אומענד־לעכער צאָל פון די גליקלעכע אדם וחוה׳ס וואָס לעבן אין גן־עדן... און זאָל דער אָנבליק פון דעם אומשולדיקן גליק פון די מענטשנקינדער פאַרטרייבן כאָטשבי

אויף איין רגע, פון פאַר מײַנע אויגן די פינצטערע קאָשמאַר־בילדער פון מײַן אייגן לעבן און פון וואָס איך האָב זיך אָנגעזען אין די זיבן טומאה־פּאַלייען... (קוקט זיך אום אויף אַלע זײַטן) וואָס קוק איך? (שטעלט זיך אָפּ אין מיטן גיין מיט זײַנע בליקן דרינגט ער אַדורך די ווײַטקייט פון ווים און צײַט) אַ קשיא אויף אַ מעשה, מעגלעך איך דערוואַרט אינסטינקטיוו אַ מיטגייער. איינער אַליין איז לאַנגווײַליק, אַפילו אַ קורצער וועג ציט זיך אויס לאַנג... (פון דער ווײַטנס פון צײַט באַווײַזט זיך אַ שוואַרץ פּינטל) מיר דוכט איך זע עפּעס... זאָל עס זײַן אַ נבואה צי אַן אות וואָס איך האָב אָנגעוואָרן פון דער תורה אַרויס... און ער וויל מיך אָניאָגן... עס ווערט קלערער, מערקעוודיקער און גרעסער... איז עס אפשר אַ וואָרט? אַ מאָדנע באַשעפעניש, האָט צוויי פיס און צוויי הענט אנשטאָט פליגלען... אפשר איז עס בלויז אַזאַ לבוש? ניין, אַ מענטש... אַן אויסגעדאַרטער אַן אויסגעפּראַצעוועטער, אויף די הענט מאַזאָליעס... אַן אַרײַנגעפאַלן ברוסט־קעסטל... דער רוקן אײַנגעבויגן... אפשר אַ מענטש און אפשר דער כוח הפועל אין דעם לבוש פון אַ מענטשן? (אנוכי שטעלט זיך אָפּ וואַרט ביז דער אומבאַקאַנטער וועט צוקומען נענטער־נענטער, גאַר נאָענט) אויף די פּלייצעס שלעפּט ער פיר גרויסע זעק. טשיקאַווע, וואָס טראָגט ער אין אַזעלכע גרויסע זעק? (צום אומבאַקאַנטן) ווער ביסטו? וואָס גייסטו געבויגן אין דרײַען? וואָס טראָגסטו? די משא איז צו שווער פאַר דײַנע שוואַכע פּלייצעס.

אומבאַקאַנטער. ווער בין איך? איך ווייס ניט. איך וועל אַ קוק טאָן וואָס עס שטייט אין פּסוק, וואָס רש״י מאַכט... אַנטשולדיקט, איך מיין איך וועל אַרײַנקוקן אין דער אַרבעטער־פּראָגראַם, אָדער, בעסער, אַ פרעג טאָן בײַ אַ שפּעטערדיקן מפרש... אַנטשולדיק, איך מיין בײַ אַ קאָמיטעט־מאַן, וועלכן איך שלעפּ אויף מײַנע אַקסלען אין פערטן זאַק.

אנוכי (לאַכט אויפן קול) דו אַליין ווייסט ניט ווער דו ביסט, דו דאַרפסט פרעגן בײַ די וועמען דו שלעפּסט אויף די פּלייצעס, דאַרפסט כסדר פרעגן די מפרשים און קיין אייגענעם פּראָסטן פּשט האָסטו ניט, ווייסטו ניט?!

אומבאַקאַנטער (מיט אַ באַליידיקטן טאָן) איך מיין אַז קיינער ווייס ניט ווער ער איז, און ער דאַרף פרעגן בײַ זײַן אויבערשטן. און ווער ביסטו, ווייסטו דען?!

אנוכי. אַ שאלה דאָס איז! זיכער ווייס איך.

אומבאַקאַנטער. ווער?

אנוכי. איך בין איך... מע רופט מיך אהיה אשר אהיה.

אומבאַקאַנטער (מיט צער) איך האָב שווער געאַרבעט... האָב איך פאַרלאָרן

מיין זיכרון און מיין אידענטיטעט... און איצט ווייס איך שוין אליין ניט ווער איך בין...

אנוכי (מיט מיטלייד) ווי איך זע, און אורטיילנדיק פון די מאזאליעס אויף דיינע הענט און פון דעם, וואס דו האסט ניט קיין פליגלען, מוזטו זיין אוודאי דער כוח־הפועל... דער געבאט ששת ימים תעבוד, וואס האט זיך אנגעטאן אין פלייש און בלוט.

אומבאקאנטער (ווי אויפגעוואכט) יע, יע, טאקע אזוי, דאס איז טאקע מיין נאמען... פון צופיל פראצע האב איך אלץ פארגעסן... צווישן די בעלי־בתים און מיינע פריינט פון דער פועלים־אגודה בין איך צעדולדט געווארן. דער קאפ האט זיך מיר צעמישט. עפעס א קלייניקייט אזויפיל מפרשים, יעדערער איז געקומען מיט זיין טייטש און זיין איבערזעצונג בלע״ז. דער האט מיך גערופן ׳סאציאל־דעמאקראט׳, דער—׳סאציאל־רעוואלוציאנער׳, דער — ׳אנארכיסט־קאמוניסט׳, דער — סתם ׳קאמוניסט׳, דער — קאמוניסט־לעניניסט׳, דער — ׳קאמוניסט־טראצקיסט׳, דער — ׳קאמוניסט־לעניניסט־סטאליניסט׳, דער — סינדיקאליסט דער ׳אנארכא־סינדיקאליסט׳ און נאך און נאך. פארשיידענע נעמען און צונעמענישן און רופענישן און איבעררופענישן. אזוי אז עס איז מיר פראסט ארויס פון זינען מיין אלטער נאמען ׳ששת ימים תעבוד׳... א גרויסן יישר־כוח דיר, אהיה אשר אהיה, וואס דו האסט מיר עס דערמאנט...

אנוכי. הער מיין פריינט, ששת ימים תעבוד, רוף מיך מיט א קירצערן נאמען.

ששת ימים תעבוד. ווי?

אנוכי. אנוכי.

ששת ימים תעבוד. דו האסט א קורצן נאמען דערפאר איז דיר לייכט אים צו געדענקען, און דערצו, פארשטיי איך, האסטו ניט געהאט אזויפיל מפרשים, אויסטייטשער...

אנוכי. קיין מפרשים פעלן מיר ניט... נאר איך הער זיך ניט צו צו זיי. מאלע וואס זיי פלאפלען... זיי האבן מיר אויך געגעבן לאנגע נעמען, פון איבער צוואנציק אותיות, פון איבער פערציק. איין נאמען איז באשטאנען פון צוויי און זיבעציק אותיות... אבער איך האב פיינט צו רופן זיך מיט יענע לאנגע טשיקאווע נעמען, איך האב האלט מיין פראסטן נאמען אנוכי.

ששת ימים תעבוד. א נאמען, וואס פראסטער און קירצער ער איז און וואס ווינציקער ער ליגט ביי יענעם אין מויל, איז אלץ בעסער.

אנוכי. ביסט גערעכט. זאג מיר, אבער, לאנדסמאן, פון וואנענט גייסטו?

ששת ימים תעבוד. איך גיי איצט פון יענעם לאַנד וואו עס הערשן די אלהי־כסף וזהב... דאָרט האָט מען מיך, מיין ווייב און קינדער פאַרמשפּט צו אייביקער צוואַנגס־אַרבעט... עבודת פרך... אַ האַרעוואַניע וואָס צעברעכט דעם גוף און צעביילט די נשמה. (ב״ט דעם טאָן) פאַרוואָס רופסטו מיך לאַנדסמאַן.

אנוכי (שמייכלט). ווייל מיר זיינען ביידע לאַנדסלייט, איך בין געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן אין די 'עשרת הדיברות' און דו ביסט פון זעלביקן פּלאַץ... זאָג מיר אָבער, לאַנדסמאַן, פאַרוואָס האָבן זיי דיך פאַרשיקט אויף קאַטאָרגע?

ששת ימים תעבוד. פאַר גאָרניט... בלויז דערפאַר וואָס איך שטיי ניט ווייט פון 'לא תרצח' און 'לא תגנב', און מיינע עלטערן און אורעלטערן האָבן ניט גע'גזל'ט, ניט גע'רצחנ'ט און ניט געגנב'ט, און אין יענעם לאַנד וואו מע דינט צו דעם 'עגל הזהב', דו ווייסט דאָך, פון שמות ל״ב, ווערט אַזאַ אויפפיר פאַררעכנט פאַר אַ פאַרברעכן, פאַר וועלכן מע באַשטראָפט מיט עבודת־פרך.

אנוכי. איז וואוהין גייסטו?

שי״ת. איך גיי זוכן דעם גן־עדן התחתון... מיר באַמבלט זיך עפּעס אין קאָפּ, אַז עס דאַרף ערגעץ זיין אַזאַ פּלאַץ, מיר דוכט אַז אין לאַנד 'בראשית' קען מען אים אויפזוכן.

אנוכי. איך גיי אויך אַהין. איז לאָמיר גיין צוזאַמען, צוזאַמען וועט זיין פריילעכער.

שי״ת. ווי ווייט איז אַהין? בראשית איז אַ גרויס לאַנד. מיר דאַרפן דורכגיין אפשר פופציק פּראָווינצן ביז מיר וועלן אָנקומען אהין, ניט אַזוי?

אנוכי. איך זע אַז דו ווייסט פּסוק...

שי״ת. מישטיינס געזאָגט... בלויז צוויי זמנים געגאַנגען אין חדר... דער־גאַנגען ביז שמות כ״ו און אַ לעק געטאָן דברים בלויז ביז פּרשה ה׳... דאָס אַלץ.

אנוכי. דאָס איז היפּשע... כי טובים השנים מן האחד וועסטו ניט וויסן, אָבער לך־לך ווייסטו... און פאָרן גיין איז עס געגנוג... (פּרובירט גיין צוזאַמען מיט ששת־ימים־תעבוד) איך קען ניט גיין אַזוי פּאַמעלעך, קוים וואָס דו שטעלסט אַ פוס. פאַרוואָס גייסטו ניט, נאָר שלעפּסט זיך?!

שי״ת. מיינע מפרשים און מורי־דרך האָבן מיך געלערנט אַז אין לאַנד בראשית, פּראָווינץ צוויי, דאַרף מען גיין פּאַמעלעך, טריט ביי טריט, פּיענטע ביי די פינגער, מע טאָר חס ושלום ניט מאַכן קיין פּסיעה גסה.

אנוכי. זיי קענען ניט גיין שנעל, ווייל זיי האָבן ניט קיין פיס, שקר אין לו רגלים. אָבער דו, ששת ימים תעבוד, מעגסט גיין אַזוי שנעל, ווי איך גיי.

שי״ת (באַמיט זיך נעמען גיין שנעלער, שטעלן גרעסערע טריט) איך קען ניט.

אנוכי. וואָס טראָגסטו אין דיינע זעק? גאַנצע פיר שטיק אויף די שוואַכע פּלייצעס, וואָס איז דער חידוש וואָס דו קענסט ניט גיין פון אָרט, מוזט קריכן...

שי״ת. אין ערשטן זאַק האָב איך אַלע מלאכות, פאַכן, אומנות־יד׳ן. אין צווייטן זאַק — אַלע ׳אדונים קשים׳; אין דריטן זאַק — תקנות ביכלעך פון די אגודות הפּועלים, אין פערטן זאַק — די מפרשים און מפרשים פון די מפרשים פון אָט־די תקנות ביכלעך. ווי אויך אַלע אָרגאַניזירער פון אָט־די אגודות...

אנוכי. וואַרף אַראָפּ דעם צווייטן און פערטן זאַק.

שי״ת. א שאָד זיי צו פאַרלירן... ווי קען איך זיך באַגיין אָן זיי? אַזאַ פאַרלוסט וועט זיך ניט אומקערן.

אנוכי. דו וועסט זיך באַגיין אָן זיי, זיי שטערן דיר, דאָס אַלץ וואָס זיי טוען.

שי״ת. אויף דיין אחריות (ער גיט א צוק מיט די אַקסלען) דער צווייטער זאַק פאַלט אַראָפּ מיט א זעץ אָן דר׳ערד.

אנוכי. הערסט ווי זיי פּישטשען אַזוי ווי בלינדע הינטעלעך... א רחמנות צו קוקן אויף זיי... אַזוי אומבאַהאָלפן (בייט דעם טאָן) גיב נאָך אַ שאָקל.

שי״ת. אויף דיין אחריות, ברודער אנוכי (גיט א צוק מיט די פּלייצעס) זעסט, עס האָבן זיך אויסגעשאָטן די מפרשים און די גרינדער פון די אגודות הפּועלים...

אנוכי. גוט... קוק, זיי האָבן זיך אַוועקגעקייקלט אין א לוזשע אַריין.

שי״ת (פילט דערלייכטערט). עס אָטעמט זיך גאָר פרייער... ס׳מיר לייכטער געוואָרן.

אנוכי. וואַרף אַריין דעם דריטן זאַק מיט די פּראָגראַמען אין דער זעלביקער לוזשע... דאָרט איז זייער פּאַסיקער אָרט.

שי״ת. אויף דיין אחריות. (גיט א צוק מיט די אַקסלען) דעם ערשטן זאַק וועל איך לאָזן, ערשטנס, איז ער ניט שווער, צווייטנס א מענטש דאַרף דאָך האָבן אַ פאַך... א מלאכה אין דער האַנט... בכדי מקיים צו זיין דעם אָנזאָג ׳אין שווייס פון דיין געזיכט וועסטו עסן ברויט׳.

אנוכי. דאָס איז א קללה, ניט קיין אָנזאָג... איך גלויב אַז אין גן־עדן וועסטו די מלאכות אינגאַנצן ניט דאַרפן האָבן.

שי״ת. אַזוי גאָר! (פאַרוואונדערט) איך האָב געמיינט, אַז אין גן־עדן התחתון וואָס אין לאַנד בראשית, פּראָווינץ צוויי ארבעטן אַלע דערפאַר פאַלט ניט די ארבעט צו שווער אויף איינעם...

אנוכי. דו האָסט געמיינט! דיר האָבן עס מסתמא געזאָגט די יעניקע וואָס דו האָסט געשלעפּט אין פערטן זאַק און איצט ליגן זיי בכבוד גדול אין דער לוזשע... און וויקן זיך אין בלאָטע...

שי״ת. אזוי גאָר... און ווי מיינסטו, אז מ׳דאַרף גאָרניט טאָן...

אנוכי. איך גלויב באמונה שלמה, אז מ׳וועט אָפּשאַפן ארבעט, מענטשן וועלן ניט אַרבעטן. מאַשינעס, אויטאָמאַטן, ראָבאָטס וועלן עס טאָן. א מענטש איז בטבע א ׳קינסטלער׳ ניט קיין ׳ארבעטער׳. ער וויל זיך שפּילן, ניט מאַטערן זיך.

שי״ת. אַן אינטערעסאַנטער געדאַנק... אויב אזוי ווארף איך אַראָפּ אויף דעם ערשטן זאַק (ער נעמט אים אַראָפּ פון די אַקסלען און לייגט אים אַוועק אויף דר׳ערד) מיר דוכט אז אַצינד בין איך לייכט ווי אַ פייגעלע, ניט נאָר קען איך גיין, איך קען אפילו פליען.

אנוכי (שמייכלט צופרידן) דו וועסט קיין חרטה ניט האָבן, וואָס דו האָסט מיר געפאָלגט. און וואָס איז שייך פליען, וועסטו דאַרפן צואוואַרטן ביז עס וועלן דיר אָנוואַקסן פליגלען... איצט קום, אין לאַנד פון גליק דאַרף מען גיין אָן באַגאַזש.

שי״ת. קום, איצטער וועל איך דיך אַריבערפירן.

אנוכי. דו וועסט מיך ניט אַריבערפירן, איך שטיי נאָך אַלץ פאַר דיר אין די עשרת הדיברות...

זיי גייען שנעל צוזאַמען. זיי שווייגן.

שי״ת. זאָג עפּעס, דו מוזט וויסן אַ סך זאַכן וואָס איך ווייס ניט.

אנוכי. צו וואָס דאַס ריידן! מיר פאַרשטייען זיך אויפן וואונק. מיר האָבן איין באַגער אָנצוקומען וואָס גיכער אין גן־עדן התחתון.

שי״ת. ביסט גערעכט. ביסטו אַלע מאָל גערעכט?!

אנוכי. פאַר זיך בין איך אַלעמאָל גערעכט (קוקט זיך אום אויף צוריק).

שי״ת. וואָס האָסטו זיך אומגעקוקט?

אנוכי. איך האָב אַ פאַרגעפיל אז עמיצער וועט אָנקומען... זעסט, פונדערווייטנס צייגט זיך אַ שוואַרצעס פינטעלע.

שי״ת. (קוקט זיך אום) עס דערנענטערט זיך צו אונדז.

אנוכי. דוכט מיר עס איז אַ פרוי.

שי״ת. סי שווער צו זען, אבער אזוי קוקט עס אויס. עס באַוועגט זיך אין אונדזער ריכטונג.

אנוכי. לאָמיר זיך אָפּשטעלן און זען ווער דאָס איז.

מטרוניתא קומט צו נאָענט. באַגריסט זיי מיט אַ לייכטן שאָקל פון קאָפּ.

אנוכי (זעטקענט זי ניט) פון וואַנענט גייסטו?

שי״ת. זעסט אויס אזוי מיד, אויסגעמאַטערט.

מטרוניתא. איך בין פון זיי אַנטלאָפן.

אנוכי. פון וואַנענט ביסטו אַנטלאָפן?

מטרוניתא. פון גרוב.

שי״ת. פון גרוב? וואו געפינט זיך די גרוב?

מטורניתא. אויפן סאַמע דעק.

שי״ת. אויפן דעק פון וואָס?

מטורניתא. פון תהום.

שי״ת. וואו געפינט זיך דער תהום?

מטורניתא (שווייגט, שאָקלט מיטן קאָפּ) איך ווייס ניט, איך וויל ניט וויסן, איך וויל ניט וויסן, איך וויל עס פאַרגעסן.

אנוכי (שטיל צו שי״ת) זי מוז זיין געשטערט, זי וועט קומען צו זיך, פרעג ניט צופיל פראַגעס, באַלאַסטיקט זי ניט.

מטורניתא (האַלב צו שי״ת, האַלב צו זיך) איך האָב עס מער ניט געקענט אויסהאַלטן. אייביקע יסורים, און אַזאַ חושך, עס עסט אויס די אויגן.

אנוכי (הערט זיך צו צו אירע רייד) וואו ביסטו געווען וואָס דו האָסט געמוזט אנטלויפן? פון וועמען האָסטו ניט געקענט אויסהאַלטן?

מטרוניתא. איך בין געווען אין שאול תחתיה, אין דעם קעניגרייך פון שטן.

אנוכי (צו זיך) זי איז אָדער צעמישט, אָדער זי לייגט, מע דאַרף נעמען זי אויספרעגען און אויסגעפינען צי זי ווייס וואָס זי רעדט און זאָגט דעם אמת. איך האָב דאָרטן אַזאַ פנים און אַזאַ פיגור ניט באַמערקט, אָבער דאָרט זיינען זיי אין די שווערע צען־טויזנטער מאָל צען־טויזנטער און ווער האָט זיי אלעמען געקענט קענען און, דערנאָך, דערקענען... איך האָב קיינמאָל ניט געהערט אז שדיכעס זאָלן אַנטלויפן... אבער אויב עס איז מעגלעך אז מלאכים זאָלן אנטלויפן צו די שדים, קען אויך געמאָלט זיין דאָס פאַרקערטע. יעדנפאלס וועל איך זי גוט אויס׳חורש׳ן, אפשר האָט זי עפּעס געהערט וועגן דער שכינה. (צו דער מטרוניתא), וואָס האָט איר ניט געקענט אויסהאַלטן? די מלאכי־חבלה, דוכט מיר, האַלטען שטאַרק פון די רזין־דנוקבתא. די רוחות־דיכטער זינגען וועגן די נקבות לידער, די שדים־מאָלער מאָלן די פאָרטרעטן פון די נקבות, די מחבלים־סקולפּטאָרן שניצן און קריצן און האַקן אויס פון שטיין, פון האָלץ און אנדערע מעטאַלן ווייבערשע סטאַטועס, פסלים. אין שטנס מלכות הערשט דוכט מיר דער קולט פון דער אשה, — ניט אזוי? אלע פריווילעגיעס געניסט די שדיכע. זי גייט די ערשטע אריין אין שאול תחתיה, און זי גייט ארויס די ערשטע. די מחבלים טרעטן איר אָפּ דעם וועג, ניט אזוי?!

מטרוניתא (שמייכלט סאַרקאַסטיש) דאָס איז דאָך אַלץ אָפּנאַר צו שיטן זאַמד אין די אויגן און פאַרדרייען דעם קאָפּ דער פרוי, זי זאָל ניט וויסן וואָס עס קומט פאַר מיט איר און ארום איר. דאָרטן אין שטנרייך האַלטן זיי שטאַרק פון דער אַנדראָאַרכיע, זייער דעוויז איז „והוא ימשול בה". די שדים פירן די גרענדע, די שדיכעס זיינען פארשקלאַפּט. סמאל איז דער קעניג און באַפעלער און לילית איז ביי אים ערגער פון אַ דינסט... וואָס איז נאָך דערצו א קוקלע, א קוקלע־דינסט. ער האַלט אין איין וואָרטשען אז אלע צרות האָבן אָנגעטאָן די פרויען, אז צוליב א מויד איז ער אומגליקלעך געוואָרן, צוליב איר האָט ער פאַרלאָרן זיין כאַאָס־גן־עדן. די מלאכי־חבלה פירן א צווייאיקע בוכהאַלטעריע, די שדים מעגן טאָן וואָס זיי ווילן, די שדיכעס טאָרן גאָרניט טאָן אָן זיך אָנצופרעגן ביי די שדים, זייערע מאַנען אָדער געליבטע. קעגן די שדיכעס עקזיסטירן דראַקאָנישע געזעצן, הארבע חומרות געשריבן מיט א פייער־שפּראָך. פאַר דעם קלענסטן אָפּנייג קומט שמיץ, פּייניקונג. אַ קלאָג צו יענער שדיכע, וואָס וועט וואָגן ניט צו געהאָרכן. די פרוי־שדיכע בויגט זיך דאָרט אינדרייען אונטער דעם אינדרייען־געפלאָכטענעם קנוט און יאָך. זי איז די שקלאַפין פון דער שטוביקער ווירטשאַפט. איר געפענ־געניש איז די קיך. אירע קייטן — טעפּלעך, פאַנען, סקאָוואָראָדעס, בראָטאייזנס, אין זיי דריי מאָל א טאָג קאָכט זי מאָלצייטן פון פעך און שוועבל פאַר די רוחות און מלאכי־חבלה, וועלכע זיינען גרויסע פרעסערס, זולל־וסובניקעס. זיי ווערן קיינמאָל ניט זאַט, דערצו איז זי נאָך א דערציערין. אויף איר ליגט די פליכט צו דערציען די יונגע שדים׳לעך און זי וויים ניט ווי אזוי און זי קען זיי ניט דערציען. מחמת אין זייערע שולן לערנען זיי זי ניט קיין זאַך אין שייכות צו דערציאונג. אבער ווי נאָר א שדיכע ווערט א מוטער, אזוי ווערט זי גלייך עפּעס ווי אויטאָמאַטיש אַ פּעדאַגאָגין. דערצו נאָך, צו פאַרגרעסערן דעם אָפּשפּאָט, האָבן די שדים מיקלאָמפּערשט עמאנציפירט די שדיכע, ד. ה. זיי האָבן איר געגעבן אויפן שפּיץ מעסער זכיות און אין אויסטויש פאַר דעם פאַרלאַנגען זיי פון איר אַ פולע שיסל פליכטן.

שי"ת. אויב אזוי איז גאָר א קליינער וואונדער וואָס דו ביסט אזוי דאַר ווי פרעה׳ס מאָגערע קי וואָס ער האָט געזען אין חלום.

מטרוניתא. פון די פרויען ווערט דאָרטן א תל, עלטערן זיך פאַר דער צייט, עסן קדחת, מחמת די שדים האָבן אויסגעטראַכט אז די שדיכעס מוזן זיין דין ווי אַ ריטל.

אנוכי (צו זיך) זי רעדט צו דער זאַך, אבי איך האָב געמיינט זי איז געררירט. אָבער טרויען זי טאָר מען נאָך אַלץ ניט, מע דאַרף אויסגעפינען צי זי איז טאַקע

דאָרטן געווען, פון דעם וואָס זי האָט געזאָגט וועגן דער מאַנענהערשאַפט, קען מען עס ניט ארויסדרינגען, אזעלכע אלגעמיינע געדאַנקען קען אויסדריקן יעדע פעמיניסטקע. איך וועל איר שטעלן קאָנקרעטע פראַגן וועגן אַנגעלעגנהייטן וואָס בלויז די וואָס האָט דאָרט לאַנג געוואוינט, נאָך בעסער, געבוירן געוואָרן און דערצויגן געוואָרן אין שטנס מדינה קען עס ויסן געַנוי. (צו דער מטרוניתא) קענסטו מיר, אפשר, זאָגן אויף וויפל פראָווינצן איז איינגעטיילט דעם שטנ׳ס לאַנד?

מטרוניתא. זיבן, זיי הייסן אָבער ניט פראָווינצן נייערט היכלות פון טומאה.

אנוכי. גאָר אזוי? איך הער עס דעם ערשטן מאָל. ווי הייסן די פראָווינצן אדער ווי דו רופסט זיי היכלות פון טומאה?

מטרוניתא. דער ערשטער היכל הייסט ׳בור ריקא׳, ליידיקע גרוב, דער צווייטער הייסט שחת און ער איז אינגאַנצן אומריין און פינצטער, דער דריטער הייסט אופל און ער איז פינצטערער פון די ערשטע צוויי, מ׳רופט אים אויך דומה; דער פערטער הייסט ׳טיט היון׳, ׳זומפיקער ליים׳, ׳שטרויכלונגס־שטיין׳ און אויך ׳חובה׳, שולד. דער פינפטער הייסט ׳שאול׳, אונטערערד. דער זעקסטער האָט ניט קיין באַזונדערן נאָמען מע קען אים רופן ׳צו לאָסט זיינען די קושן פון שונא׳. דער זיבעטער איז דער היכל פון ״וויין־היוון״...

אנוכי. ווער גיט אכטונג אויף די אַלע היכלות?

מטרוניתא. עס זיינען פאַראַן אויפזעער און אַנגעשטעלטע.

אנוכי. ווער גיט אכטונג אויפן ערשטן היכל וועלכן דו רופסט ׳ליידיקע גרוב׳?

מטרוניתא. דער ממונה אין ערשטן היכל הייסט דומ״א און ער שטייט אין דרויסן ביי דער טיר מיט א געוויסער צאָל מלאכי־חבלה. אונטער אים איז פאַראַן אַן אַנדער ממונה מיטן נאָמען פתות ׳דער איבערריידער׳ און אונטער אים געפינען זיך צען מיליאָן מלאכי־חבלה, ער הייסט אויך סרסורי״ה, ד״ה מעקלער. אין דעמדאָזיקן היכל געפינען זיך אויך שלאַנגען און עגדעשן. איבערן גאַנצן היכל איז אַנגעשטעלט דער ממונה גמגומ״א, דער שטאַמלער. ער איז רויט ווי אַ רויז. און איבער אָט־די אַלע ממונים איז אַנגעשטעלט א העכערער ממונה מיטן נאָמען ספסיריטא.

אנוכי. דו האָסט א גוטן זיכרון צו געדענקען אָט־די אַלע נעמען.

מטרוניתא. דער צווייטער היכל הייסט ׳שחת׳ א ׳פאַסקטע־גרוב׳, אין אים זיינען פאַראַן דריי טירן אין דריי זייטן. ביי דער ערשטער טיר שטייט א ממונה וואָס זיין נאָמען איז ערש״ריה און אונטער אים געפינען זיך צען־טויזנטער ממונים. ביי דער צווייטער טיר שטייט דער ממונה טסקי״פא און אונטער אים געפינען זיך

איבער צען מיליאָן מלאכי־חבלה. אין דעם אייגענעם היכל געפינט זיך אויך א ממונה וואָס זיין נאָמען איז 'בעכער סם'... אין פערטן היכל זיינען פאַראַן פיר טירן און ביי זיי שטייען פיר ממונים, דער ממונה פון דער ערשטער טיר הייסט סקפו״רטיא אדער קטר״טיא. ביי דער צווייטער טיר שטייט סנגדיאל און ער האָט אונטער זיך עטלעכע צענדליק מיליאָן מלאכי־חבלה. ביי דער דריטער טיר שטייט דער ממונה אנגי״ריהון און ער גיט אכטונג אויף אַלע ברענעכצן וואָס שרפה'ענען אין די ביינער און אונטער אים געפינען זיך עטלעכע צענדליק מיליאָן... ביי דער פערטער שטייען דער ממונה אסכרה... פון פערטן טעמפל גייט ארויס א גייסט, אָן אומרייַנער, און ער הייסט אַרירי״א. אונטער אים געפינען זיך עטלעכע צענדליק מיליאָן מלאכי־חבלה און זיי רופן זיך טאָג־שילטערס... אין פינפטן טעמפל איז דאָ בלויז איין טיר און ביי דער טיר שטייט איין ממונה און זיין נאָמען איז איב״ה, פיינטשאפט. אין אָ־דעם טעמפל געפינט זיך א טמא'ער גייסט וועלכער הייסט שוד״ד, ראַבירער, ער לויערט אין די שפיצן בערג צווישן פעלזנשטיינער. פון דעם היכל ציען זייער יניקה אַלע רוצחים, אַלע שלעגערס...

אנוכי. איך וועל עס סיי ווי סיי ניט געדענקען... (צו זיך) זי איז דאָרטן זיכער געווען און א היפשע ביסל צייט (צו מטרוניתא) זאָג מיר בעסער וואוהין לאָזסטו דו זיך גיין?

מטרוניתא. איך ווייס אליין ניט. (צו זיך) צופיל אויסזאָגן דאַרף מען ניט, נאָך אלעמען, ווער ווייס ווער זיי זיינען... מע דאַרף זיין פאַרזיכטיק... איך האָב שוין צופיל גערעדט...

אנוכי. דאָך וואוהין האָסטו בדעה געהאט צו גיין?

מטרוניתא (צו זיך). ניט ענטפערן טויג אויך נישט, דאַרף מען עפּעס זאָגן וואָס זאָל אַנטהאַלטן וואַרהייט און אויסטראַכט אויסגעמישט אויף דער העלפט. (צו אנוכי) עס האָט זיך פאַרשפּרייט א קלאַנג איבערן גאַנצן קעניגרייך פון שטן, אז זיין ייִנגסטער זון האָט זיך צעבונטעוועט און ער איז אוועק און געגרינדעט א ביי מדינה, און אין דערדאָזיקער מדינה לעבט זיך ווי אין א גן־עדן. האָב איך זיך געלאָזט גיין זוכן אָט־יענעם גן־עדן. איך האָב א פאַרגעפיל אז ער איז ניט ווייט פון דאַנעט... און אויב אפילו ווייט, מאַכט אויך ניט אויס. ערגעץ וואו איז זיכער פאַראַן אַזאַ גאָרטן, ערגעץ וואו שפּרודלט דער קוואַל פון פרייען לעבן, ערגעץ וואו פלעכט דער איבערבייט פון טאָג און נאַכט א קראַנץ פון גליק, ערגעץ וואו נאָענט צי ווייט גייט אויף א זון און פאַרגייט איבער א גליקלעכן מענטשן מיט אַ גליקלעכן האַרץ.

אנוכי. אויב שוין אנטלויפן און אָנקומען אין א פּלאַץ וואו דו וואָלסט געקענט געפינען רו, איז דאָך בעסער צו די מלאכים... וואָס טויג דיר דער מענטש, ווען ער איז אפילו גליקלעך.

מטרוניתא. איך בין געווען ביי די מלאָכים. דאָרט הערשט אַן אומעט, א שטילקייט ווי אויף א בית הקברות. זייער מנהיג אדער נשיא איז פאַרשוואונדן געוואָרן און קיינער ווייס ניט ווען ער וועט קומען צוריק און צי ער וועט, בכלל, קומען און אָן אים זיינען זיי ווי אָן אַ קאָפּ. זיי זיצן שבעה און קלאָגן, יאָמערן. זיי האָבן ׳קריעה׳ געריסן, די שענסטע פעדערן פון זייערע פליגלען האָבן זיי זיך אויסגעפליקט. מלאכים האָבן דאָך ניט קיין אייגענעם ווילן, זיי קענען גאָרניט טאָן פון אייגענער איניציאַטיוו. זיי זיינען משרתים, און לאַקייען זיינען ערגער פון שקלאַפן. זיי זיינען עפּעס א מין פּסיכישע אויטאָמאַטן. איך בין זיכער אז צווישן פרייע גליקלעכע מענטשן אין גן־עדן איז פיל פריילעכער און אינטערע־סאַנטער ווי אין די הימלען צווישן די מלאכי־השרת, וואָס זיינען אומבאַהאָלפן ווי אַן עופעלע אָן אַ מוטער און אָן אַם אַם...

אנוכי. יע, דאָס איז אַלץ ריכטיק. עס איז טאַקע פאַראַן אַזאַ גליקלעכעס לאַנד.

מטרוניתא. אייערע רייד גיבן מיר צו מוט און האָפענונג (די אויגן פינקלען מיט טרערן פון פרייד) איך בין געווען זיכער אז איך וועל געפינען אָט־דעם פּלאַץ, וואָס איך זוך, וואו די שיין פון טאָג איז ניט קיין לויג־לרש, לאָכט זיך ניט אויס פון דער פינצטערניש פון אומגליקלעכן לעבן, פון פריידלאָזער עקזיסטענץ.

שי״ת (מיט שטייפקייט און טיפן גלויבן). עס איז פאַראַן אַזאַ לאַנד, עס מוז זיין.

מטרוניתא (צו זיך) ער האָט מיר צוגעזאָגט צו שאַפן א וועלט און פלאַנצן א גן־עדן און פון דער רעאַקציע פון דער קדמוניתא און קדמון, פון די קאָנטער־קרעאַציאָנערן ווייס איך אויך געוויס אז ער האָט געהאַלטן וואָרט (צום שי״ת). עס איז זיכער פאראן אזא לאַנד און עס געפינט זיך ניט ווייט פון דאַנענט. אזוי זאָגט מיר דאָס הארץ, אזוי זאָגט מיר דער אויער, וועלכער פארנעמט דאָס גערויש פון אייביקער שמחה וואָס דערטראָגט זיך פון דאָרטן. דאָס לעבן זינגט ארויס פון יענעם גאָרטן דאָס אייביקע געזאַנג פון אייביקן יש. (זי לייגט צו איר אויער צו דער שטילקייט, פליסט זיך אויפצוכאַפּן די אונטערטענער פון די אומהערבאַרע אַקאָרדן פון לופט־מעלאָדיעס. איר פּנים צעהעלט זיך פון אַן אינערלעכער שיין, די שטראַלן באַלויכטן איר קאָפּ ווי אַן אָרעאָל. פּלוצלונג ווערט ער אויסגעלאָשן. אַ שאָטן הילט איר געזיכט איין ווי מיט א שלייער.) (צו אנוכי און שי״ת) און וואוהין גייט איר? און ווער זייט איר?

אנוכי. איך גיי זוכן דעם גן־עדן.

שי״ת. איך גיי מיט אים (ציַיגט אָן אויף דעם אנוכי), מיר זוכן עס צוזאַמען.

אנוכי (צו זיך מיט כוונה) אויב עס וואָלט ניט געווען קיין גן־עדן, וואָלט מען אים באַדאַרפט שאַפן. און וואָס עס דאַרף זיין, וועט זיין; און וואָס עס וועט זיין, איז און איז געווען. די צייט־איינטיילונגען זיינען א פאַרבלענדעניש. איך בין דער אהיה אשר אהיה און הייתי אשר הייתי, און אני הווה אשר אני הווה, אין יעטווידן מאָמענט בין איך דער: איך וועל זיין וואָס איך וועל זיין, איך בין געוועזן וואָס איך בין געוועזן און איך בין וואָס איך בין. (צו דער מטרוניתא אויפן קול) מע דאַרף האַלטן דעם קורס אויף מזרח, דאָרט איז דאָס לאַנד פון גליק און פרילינג.

מטרוניתא. פון וואַנענט ווייסטו עס אז דווקא אין מזרח־זייט געפינט זיך דער גן־עדן.

אנוכי. איך האָב א ספר און אין אים איז אלץ פאַרשריבן.

מטרוניתא. ווי הייסט דער ספר?

אנוכי. בראשית. ווי דאָרטן שטייט געשריבן, אזוי איז עס. עס איז א בוך אין וועלכן יעדעס וואָרט איז אמת ויציב, תורת־אמת.

מטרונתא. וואו האָסטו גענומען דעם בוך?

אנוכי. עס איז אן אלטער בוך, עלטער און קליגער פון דער גאנצער וועלט. און איידער איך האָב זיך געלאָזט אין וועג אריין, האָב איך זיך עס איינגעקויפט.

מטרוניתא. אויב אזוי איז זייער גוט, מיר וועלן ניט בלאָנדזשען.

אנוכי. מען קען ניט בלאָנדזשען ווען מע גייט לויט דעם דרך התורה.

מטרוניתא. לאָמיר גיין אלע צוזאַמען, און טאַקע שנעלער.

אנוכי. מיר גייען זאלבעדריט, און דער וועג ווערט עפּעס ווי קירצער, ער שפּרינגט אונדז אַנטקעגן.

שי״ת. די לענג פון וועג און די שווערקייט פון גיין האָבן מיר איינגעטיילט אין דריי גלייכע חלקים, און יעדער איינער פון אונדז נעמט בלויז א דריטל פון טילטול־הדרך.

מטרוניתא. יע, עס איז לייכטער געוואָרן, עס גייט זיך עפּעס ווי פון זיך אליין.

שי״ת. אחדות איז אַ גרויסער כוח.

אנוכי. אחדות און שלום איז א שעפּערישע קראַפט. דאָס איז דער סוד פון באַשאַף יש מאין.

זיי גייען און שוויַיגן. אנוכי קוקט זיך צו צו דער מטרוניתא, זי רויטלט זיך אונטער זיינע דורכדרינגענדיקע בליקן.

מטרוניתא (צו שי״ת שטילערהייט אַזוי אַז דער אנוכי זאָל ניט הערן), ווער איז אָט־דער גייער?

שי״ת. ער הייסט אנוכי. ער איז דער ערשטער ארויף אויף דעמדאָזיקן וועג. (בייט דעם טאָן) וואָס? דו שרעקסט זיך צו גיין מיט אונדז?! פאר מיר איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבן, איך שטיי ניט וויט פון ׳לא תנאף׳, און פאר אים (צייגט אויף דעם אנוכי) אוודאי און אוודאי ניט. ער איז דער ערשטער פון די עשרת הדיברות.

מטרוניתא (פארשעמט, אַפּאָלאָגעטיש) איך האָב קיין פחד ניט... נאָר... ווייסט דאָך, ווייבער זיינען נייגעריק און מע דאַרף, בכלל, וויסן מיט וועמען מע לאָזט זיך אין וועג אריין... (צו זיך) וואָס האָט ער געזאָגט, ער איז איינער פון די דיברות... איך בין דאָך די ׳מימרא׳ און ׳דיבור׳ און ׳מימרא׳ זיינען דאָך גאָר נאָענטע קרובים (רויטלט זיך, קוקט זיך צו צו דעם אנוכי) איצט דערקען איך אים... דאָס איז דאָך מיין זהרריאל... די מלאכים האָבן מיר געזאָגט אז ער איז פאַרשוואונדן געוואָרן... אזוי לאַנג אים ניט געזען... האָב איך עס געבענקט.. ער האָט מיך ניט דערקענט. אים איז אויך שווער צו דערקענען. ער האָט זיך זייער פיל געביטן. ווען איך האָב אים פארלאָזן האָט ער געהאַט שוואַרצע, ווי ראבן, לאָקן, איצט ווערן זיי שוין גרוילעך אין די שלייפן... ניט פון עלטער, נייערט פון עגמת־נפש... מעגלעך ער האָט אויך געבענקט. מיך האָט ער ניט געקענט דערקענען, איך בין פאַרשוואַרצט געוואָרן... און ניט ווי אין פסוק פון שיר־השירים שטייט... איך בין שוין ניט שיין... אפשר וועט ער מיך מער ניט ליבן ... ווי זאָגן די יידישע ׳חכמים׳ א פרוי איז באַשאַפן געוואָרן בלויז פאר שיינקייט... אָבער מיין זהרריאל איז קליגער פון יענע חכמים... שיינקייט איז מידות טובות, איבערגעבנקייט, טרייקייט... איך וועל אים דערמאָנען מיין חסד־נעורים... ווי מיר האָבן ביידע געלייענט דעם פראַטאָטיפּ פון שיר־השירים... און פילע פסוקים פון יענעם הייליקן ליבע ליד האָב איך דאָך אליין מיט מיינע אייגענע הענט אויסגעקריצט אויפן שטיין וואָס אין זיין קרוין...

אירע געדאַנקען און רייד האָבן זיך איבערגעהאקט פּלוצלונג, אין איר וויזיע־פעלד איז דערשינען אן אויסטערלישע זעאונג.

פון דערווייטנס, ניט אין רוים נאָר אין צייט, האָט זיך באַוויזן אַ זייל פון שטויב; און, אפשר, איז עס געווען א שוואַרצע כמאַרע, וואָס האָט זיך געטראָגן אינדערלופטן אין דער ריכטונג פון מזרח צו מערב, און איז אָנגעקומען אנטקעגן.

די דערשיינונג קומט נענטער. מע קען שוין מבחין זיין מענטשן, א גאַנצן קהל. זיי גייען אַלע אָנגעטאָן אין צעריסענע קליידער און אין צעפוילטע און אויסגעטראָטענע שיך. די פּנים׳ער פאר׳חושכ׳טע און אָנגעשוואָלענע. די אויגן

רויט פון טוערן. א שרעק אַ קוק צו טאָן אויף זיי. אנדערע זיינען צעשלאָגן, צעביילט; אנדערע אינגאנצן צעקאַליעטשעטע. און וואָס פאַר אַ געמיש פון מלבושים, פו אלע מינים און סאָרטן. זיי קומען צו נענטער. עס דוכט, אז מע הערט זיי ריידן. וואָס פאַר אַ מאָזאאיק פון לשונות, זשאַרגאָנען און דיאַלעקטן.

**שי״ת** (צו מטרוניתא) **וואָס איז עס אזוינס? ווער זיינען זיי? קומען זיי ניט ארויס פון שאול תחתיה? זיינען זיי געטריבן פון מלאכי־חבלה אדער זיי אליין זיינען מחבלים? איך דאַרפט דאָך וויסן.**

**מטרוניתא** (צוקט מיט די אַקסלען און ענטפערט מיט א פראגע געווענדט צו קיינעם) **וואָס איז עס אזוינס? ווער זיינען זיי?**

די משונה זעאונג קומט אלץ נענטער און נענטער. פאַרויס קאַלערט זיך א וואָלקן שטויב פון הינטן צייכענען זיך אָפּ אויף דעם זאַמד שפורן פון בלוט, וואָס טריפט פון זייערע צעוואונדעטע פיס. די רויטע בלוטיקע שליאַדן פאַרפאַרבן די וועגן פון דאָס וואנדערן און וואָגלען פון אָט־דעם קהל.

**אנוכי** (ציטערט פון אויפרעגונג) **דוכט זיך אז דער גאנצער המון־עם איז גאָר איין מענטש.**

**שי״ת. א מאָדנע באַשעפעניש! אזוי נעבאַכדיק און צרה׳דיק און אזוי שטאָלץ און גרויסמוטיק.**

**אנוכי. א קאָמבינאַציע פון א שנאָרער און א שררה.**

**שי״ת. ער זעט אויס קליין ווי אַ קאַרליק און צו דער אייקענער צייט זעט ער אויס גרויס ווי א ריז. ווער איז ער?**

**מטרוניתא. ווער זיינען זיי? ווער איז ער? מע דאַרף זיך ניט שרעקן, זיי אָפּשטעלן און פרעגן.**

**שי״ת** (צו זיך) **מיר דוכט איך האָב אים ערגעץ וואו יע געזען, איך קען זיך בלויז ניט דערמאָנען וואו...**

**אנוכי. איך וויס, ווער דאָס איז...**

**שי״ת. ווער?**

**אנוכי. ר׳ ישראל, דער נע־ונד׳ניק. זיינע אויגן ברענען ווי פאַקלען פון אומדערמידלעכן זוכן א מקום מנוחה. אין זיינע אויגן זעט מען פאַראַכטונג און ביטול און אויך פאַרגעבונג. פון זיי שטראַלט ארויס א גרונטלאָזע ליבשאַפט צום גאַנצן ארום, צו אלץ וואָס לעבט און ליידט.**

**שי״ת. איצטער דערמאָן איך זיך. איך האָב אים געזען אין לאַנד שמות. ער האָט געאַרבעט אזוי שווער ווי איך און פיליכט אַביסל שווערער. אבער האָט זיך צום סוף צעבונטעוועט, ער האָט אָרגאַניזירט א שטרייק. ער האָט אונדז אלעמען**

איבערגערעדט מיר זאָלן אויפהערן צו ארבעטן פאַר די פּרעה׳ס. דער סוף איז געווען אז מע האָט אים ארויסגעטריבן פון לאנד, און עס איז שטיל געוואָרן. מיר אַלע זיינען צוריק אוועק ארבעטן.

אנוכי (הערט אים ניט, ער רעדט ווי צו זיך אַליין) איך קען אים גוט. ווען איך האָב געשריבן די תורה האָב איך אים געהאַט אין זינען אַלס לייענער. אַמאָל איז ער געווען זייער שטאַרק... איך האָב זיך מיט אים געראַנגלט דורך נאַכט ביים איבערגאַנג פון יבק... איך האָב זיך צו אים באַוויזן אין אלוני ממרא... ער האָט עס געבראָכען די געצן... ער איז אַ גרויסער ידיד, אַ טייערער פריינט, אַן אויסגעהאַלטענער נאָכפאָלגער... בשעת איך האָב די וועלט באַשאַפן, האָב איך געטראַכט פון אים, ער איז געשטאַנען פאַר מיינע געדאַנק־אויגן... און איצט וואָס איז געוואָרן פון אים?!... איך קוק אויף זיינע צעקאָלטענטע קאָסמעס און עס שניידט מיר ביים האַרצן... די קאָסמעס האָבן געצוואָגן אַזויפיל שלאַגס־רעגנס, אַזויפיל גוס־רעגנס. זיי האָט געגעצט דער פאַרנאַכטיקער טוי. ר׳ ישראל האָט אויך געהאַט גוטע צייטן, און דעמאָלט האָבן זיך אויף זיינע לאָקן געשאָטן די בליטן פון בליענדיקע ביימער... און דערנאָך — די שנייען פון דער ווילדער אכזריות׳דיקער פראָסטיקער, בושעווענדיקער מעטעליציע וואָס דרייט זיך ווי דער שיקזאַל־ראָד... אויף זיי האָט זיך געשאָטן דער אַש פון חרוב׳ע ציוויליזאַציעס, פון פאַרברענטע שטעט און ישובים, פון רואינירטע טעמפּלען און פאַרשרפה׳טע מקום־קדוש׳ס... פאַרוואָס האָב איך זיך פאַר אים ניט אָנגענומען? אָט אַזוי האָב איך עס אים אָפּגעדינט פאַר זיין געטריישאַפט!

שי״ת. ניין, עס איז ניט דער וועמען איך האָב געזען אין לאַנד־שמות אין דער פּראָווינץ ה׳. דאָ איז פאַר אונדז עפּעס אַ מין משונה מענגע, אַזאַ פאַרשיידנקייט פון צורות, פון פּרצופים, פון שטריכן, פון לשונות... אין לאַנד שמות האָט ר׳ ישראל אויסגעזען אינגאַנצן אַנדערש. אָט דוכט זיך אויס מע זעט איין מענטשן, אָט זעט מען פילע, איך קען מיט באַשטימטקייט גאָרניט זאָגן.

אנוכי. איך ווייס ווער דאָס איז... דאָס איז ר׳ ישראל (צו זיך) ער וועט מיך ניט דערקענען... פון צרות, פון וואַגלעניש, פון רדיפות האָט ער פאַרגעסן זיין אַלטן פריינט, דעם אנוכי... און ער איז שיער־שיער ניט געוואָרן אַ גאָט־געצן־דינער... עס איז ניט זיין שולד... איך נעם אויף זיך די גאַנצע שולד... ער איז פאַרדומט און פאַרנאַרישט געוואָרן פון די נאַרישע אַבערגלויבערישע פעלקער צווישן וועלכע ער איז פאַרוואָלגט געוואָרן... און אַפילו מיין ווערק האָט ער שוין כסדר געלייענט אין אַן איבערזעצונג, אין אַ געצנדינערישער איבערזעצונג, ווען ער האָט אַפילו געפּרעפּלט מיינע זאַצן אין אָריגינאַל... דאָס אַלץ איז אָבער מיין אייגענע שולד, איך האָב אים ניט געטאָרט אַזוי פאַרפרעמדן, אַזוי שלעכט באַהאַנדלען...

מטרוניתא (גייט צו צו דער מטנגע און גיט אַ פּרעג האַסטיק) ווער זייט איר? פונוואַנעט קומט איר? אַזעלכע פּנים׳ער האָב איך אפילו אין שאול תחתיה ניט געזען! רעדט, ענטפערט, שווייגט ניט! מיר זיינען אייערע פריינט.

די האַסטיקע פראגע וואָס די מטרוניתא האָט א שליידער געטאָן מיט אזא שטייפער, שטאַרקער שטים און מיט אזעלכע צאַרטע טענער צו וועלכע זיי זיינען ניט געוואוינט געוואָרן, האָט די געשטאַלטן פון דעם אויסטערלישן בילד אריינגעוואָרפן אין א פאַרלעגנהייט. דאָס בילד האָט זיך אָפּגעשטעלט. זיי האָבן באַמערקט אז אויף זיי קוקן דריי פּאָר אויגן, האָבן זיי זיך אביסל דערשראָקן. אָבער באַמערקענדיק אז ביי דעם אנוכי שטעקט ארויס דער קשר־תפילין, אַ שטיקעלע רצועה פון דעם של ראש פון אונטער זיין ברייטער שליאַפּע... האָבן זיי זיך באַרואיקט... און זיי האָבן גענומען שעפּטשען איינער צום אַנדערן: ער מוז זיין א גר צדק...

גוי קדוש: וואָס פרעגט איר, ווער מיר זיינען? איר זעט דאָך אַז פאַר אייך שטייט אַ מענטש, איין מענטש פון איין שטאַם.

שי״ת. איין מענטש? איר זעט דאָך אויס ווי אַ סך שטאַמען...

גוי קדוש. דאָס מיינט גאָרניט. אין די שטריכן פון מיין פּרצוף־פּנים און אין דער אָנטועכץ טראָג איך אָפּשטעמפּלונגען פון א רייכער פאַרשיידנאַרטיקייט פון פאַרשיידענע מדינות און פעלקער. אָבער איך בין געווען און געבליבן איינער. ווער בין איך? איך בין דער גוי קדוש.

מטרוניתא. פאַרוואָס גייט אַייך נאָך אַזאַ שפּור?

גוי קדוש. דאָס איז אונדזער בלוט... מען פאַרגיסט אונדזער בלוט ווי וואַסער... מע פאַגראָמירט, מע שלאָגט, מע קריפּלט מיך, און אָט־דאָס, מיין בלוט פאַרגאָסן אָן א פאַרוואָס און אָן אַ פאַרווען, אויס בלויזער רציחה, שרייבט פאַר דער וועלט די מגילה פון איר שאַנד און די געשיכטע פון מיינע וואַנדערונגען.

שי״ת. וואו שלאָגט מען דיך, גוי קדוש?

גוי קדוש. דו פרעג בעסער וואו שלאָגט מען מיך ניט, וועט מיר זיין לייכטער צו ענטפערן דיר. מע שלאָגט מיך אָן קיינע אויסנאַמען אומעטום, בכל אתר ואתר. אין אַנדערע מדינות פיזיש, אין אַנדערע גייסטיק, אָבער קלעפּ גיט מען איבעראַל, אין די כלומר׳שט בעסטע און מיקלאָמפערשט פרייסטע. מע פייניקט מיך מיט כל המיני עינויים קשים. מע שטעכט מיר אויס די אויגן; מע רייסט מיר ארויס די צונג, מע שניידט מיר אָפּ די עווערן.

שי״ת. אין וועלכע לענדער? רוף זיי אָן ביי די נעמען, זאָלן זיי רויט ווערן פון בושה, זאָלן זיי פלאַמען פון שאַנדע און שמאַך אין דער אייביקייט אריין!

גוי קדוש. איך האָב דאָך דיר געזאָגט: אומעטום. דער גאַנצער ערדקיילעך

איז מיין עשאַפאַט, יעדער זונאויפגאַנג און זונפאַרגאַנג פון יעדער עפּאָכע אין דער געשיכטע פון די 'ציוויליזירטע' פעלקער איז מיין אויטאָדאַפע. מע יאָגט מיך, מע פּלאָגט מיך לויט דעם געזעץ, און ניט לויט דעם געזעץ, געזעצלעך, איבערגעזעצ־לעך און אונטערגעזעצלעך.

שי"ת. און ווער ביסטו אַזוינער, וואָס אַלע האַסן דיך און יאָגן דיך?

גוי קדוש. איך האָב דאָך געזאָגט, איך בין דער גוי קדוש, דער קרבן חטאת פאַר דער מענטשהייט.

שי"ת. וואָס מיינסטו מיט די צוויי ווערטער 'גוי קדוש'? זאָג עס מיר אויף אַ פּראָסטער שפּראַך.

גוי קדוש. אַזוי רופט מיך די הייליקע תורה. אויף פּראָסט לשון מיינט עס אַ פאָלק אַ מאַרטירער, אַ פאָלק וואָס די רוצחים־פעלקער פייניקן, ראַבירן, זיי ווילן מיך אומברענגען.

שי"ת. וואָס פאַר אַ משונה'ער פאָלק ביסטו, אַלע זעט איר אויס ווי איינער... און איר זייט ווי אַ שעפּס צווישן וועלף.

גוי קדוש. די מערדער האָבן ביי מיר אַלץ צוגענומען אַפילו מיין אייגענע היים. זיי נעמען ביי מיר צו די קינדער, זיי שמד'ן זיי אָפּ, זיי כאַפּן זיי צו, זיי פאַרפרעמדן מיינע זין און טעכטער פון מיר איבערגוואַלד. זיי נעמען מיינע קינ־דער געפאַנגען, פאַרנאַרן זיי אויף פאַרשידענע אופנים... זיי 'גויאיזירן', דעמאָ־ראַליזירן מיינע עופעלעך, זיי רייסן אַוועק די תינוקות־של בית־רבן, איך רייד איצט וועגן די בעסטע די אַנגעזעענסטע און פאַרטגעשריטענסטע לענדער. די פּראָסטע גזלנים הרג'ענען זיי מיט העק, שפּאַלטן די קעפּ, עפענען די בייכער. די איידעלע מערדער הורג'ן זיי מיט פיינע קלוגע גלאַטינקע ריידעלעך. אַזוי צי אַזוי נעמען זיי צו ביי מיר מיינע אייגענע קינדער, מיין בלוט און פלייש.

שי"ת. פון וואַנענט קומסטו און וואוהין גייסטו? דאָס דאַרפסטו דאָך וויסן.

גוי קדוש. איך גיי ניט, איך לויף. איך ראַטעווע זיך פון אומקום, פון אַ פער־מאַנענטן פּאָגראָם, אַ פיזיאָלאָגיש־קערפּערלעכן און אַ פּסיכאָלאָגיש־זעלישן. די פּראָסטע גזלנים קיילן מיך און וואַרפן מיין פלייש צו זייערע הינט. די איידעלע גזלנים קיילן מיך און ווילן מיך איבערקאָכן אין גרויסן טאָפּ און מיך אויפעסן צו זייערן אַ מאָלצייט, אַזוי אַז פון מיר זאָל קיין זכר ניט בלייבן. אָט־די איידל־לייט זיינען קאַניבאַלן, זיי ווילן מיך, אָבער, ניט עסן רויערהייט, זיי צעקאָכן מיין פלייש, מאַכן פון דעם אַ גוטן זופּ און מיינע ביינער צעמאָלן זיי און פאַרמיסטיקן מיט מיין ביינער־מעל די פעלדער פון זייער קולטור. איך האַלט אין איין ראַטעווען זיך.

שי"ת. ווי ראַטעוועסטו זיך?

גוי קדוש. איך מאַך א ׳ויברח׳ ווי מיין אורפאָטער יעקב, וואָס איז כסדר אַנטלאָפן דאָ פון עשו׳ן, דאָ פון לבנ׳ען ... אָדער איך אַנטלויף, אָדער מע טרייבט מיך אַרויס ...

שי״ת. דאָך וואוהין ציסטו? דו מוזט דאָך האָבן עפּעס אַ באַגריף וועגן אַ ציל, וועגן א מקום מנוחה.

גוי קדוש. איך זוך מיין היים ... איך זוך דאָס לאַנד פון אייביקן שלום ... איך זוך אַן אָרט וואו איך זאָל קענען צושפּאַרן דעם קאָפּ און אָפּרוען די פיס און אָפּכאַפּן דעם אָטעם ... איך זוך דעם ״וגר זאב עם כבש״.

שי״ת. אויב אַזוי, טאָ פאַרוואָס גייסטו אין דער פאַרקערטער ריכטונג?

גוי קדוש. וואָס מיינסטו ׳פאַרקערטע ריכטונג׳?

שי״ת. דו ווענדסט דיינע טריט קיין מערב, בשעת אָט יענעם לאַנד פון גאולה שלמה קענסטו געפינען אין מזרח, ער איז אין ישעיה...

גוי קדוש, און וואוהין גייט איר?

שי״ת. מיר גייען זאַלבעדריט אין לאַנד פון גליק, וואו דער גן־עדן התחתון בליט און שטייט פריי־אָפן פאַר אַלעמען.

גוי קדוש. איך גיי אויך אַהין...

שי״ת. אויב אַזוי דאַרפסטו דאָך בייטן די ווענדונג.

גוי קדוש. טאַקע אַזוי?! פון צרות האָט זיך ביי מיר דער קאָפּ פאַרדרייט, און איך ווייס ניט וואו איז רעכטס און וואו איז לינקס, וואו מערב, וואו מזרח.

שי״ת. קום צוזאַמען מיט אונדז, וועלן מיר גיין זאַלבעפערט; עס וועט דער וועג ווערן אי קירצער אי לייכטער, יעדערער פון אונדז וועט נעמען אויף זיך איין פערטל פון דער טרחה.

גוי קדוש. איך בין מסכים... וויבאַלד מיר גייען אַלע אין זעלביקן לאַנד, צו וואָס גיין באַזונדער! (גייט מיט די איבעריקע)

מטרוניתא. טשיקאַווע! דער וועג האָט גענומען אונטערהאַפּקען.

שי״ת. גיין איז לייכטער געוואָרן. דער שטח שרומפּט איין. דער רוים נעמט פאַרלירן זיין אויסשפּרייט, נאָך אַביסל און ער וועט זיך אויסוועפן און פאַרשווינדן.

זיי גייען זאַלבעפערט, האַלטן זיך ביי די הענט.

ווי אינסטינקטיוו גיבן אַלע אַ קער די קעפּ הינטערוויילעכטס, ווי זיי וואָלטן עמיצן דערוואַרט. פון דער ווייטנס פון צייט ווייזט זיך א שוואַרץ פּינטל. זיי שטעלן זיך אָפּ און וואַרטן עס זאָל צוקומען ענטער. עס גע־דויערט איין אויגנבליק און א יונגטלעכער שטייט לעבן זיי און קוקט זיי אָן. זיין פּנים איז יונג, אָבער די האָר אויפן קאָפּ איז גרוי, ער טראָגט א לאַנגע גרויע געקרייזלטע באָרד.

שי״ת. פונוואַנענט גייסטו ?

יוגנטלעכער. איך בין אַוועק פון זייער שולע. זיי האָבן מיך ניט געלאָזן לעבן כסדר געשטאָפּט אין מיר זייער לערע, ווי מע שטאָפּט אַ אינדיק אָדער א גאנדז.

גוי קדוש. אויך דיך, שיינעם בחור, האָט מען דאָרטן פאַרפאַלגט ? דאָס איז פאַר מיר אַ נייס.

יוגנטלעכער. פאַרפאַלגט, אָבער ניט מיין גוף, נייערט מיין נשמה, מיין גייסט, מיין ווילן האָבן זיי געבראָכן, מיין מוח האָבן זיי געשטאָכן.

שי״ת. וואָס מיינסטו ,געשטאָכן׳ ? וואו האָבן זיי דיך געפּייניקט ?

יוגנטלעכער. דער חדר וואו זיי פּייניקן הייסט ביי יענע מחבלים, די ציוויליזירטע פראים, שולע אָדער לערנאַנשטאַלט.

שי״ת. און פאַרוואָס זעסטו אויס אַזוי אַלט, כאָטש אין יאָרן ביסטו אַזוי יונג ערשט אַ בחור׳ל.

יוגנטלעכער. ווי אַזוי קען איך אויסזען יונג, ווען זיי ׳אַרכאַאיזירן׳ מיך ; זיי פאַר׳זקנ׳ענען מיך איבערגוואלד, דורך זייער איבערגעבן די מסורה. איך ווער אַלט פאַר דער צייט פון זייער ׳בילדונג׳.

גוי קדוש. דאָס איז פאַר מיר אַ נייס.

יוגנטלעכער. די שולע איז די קוזניצע וואו מע שמידט מיך אין קייטן . . .

גוי קדוש. ווער שמידט דיך ? די זאַך איז מיר ניט קלאָר.

יוגנטלעכער. דער אַלטער דור אין דער רעפּרעזענטאַנץ פון די גייסט־תליונים, די לערער, די הענקערס וואָס פארנעמען זיך מיט הינריכטן דעם יונגן דור.

מטרוניתא. אויף וואָס דאַרפן זיי עס ? די זאַך איז ניט פאַרשטענדלעך.

יוגנטלעכער. זיי זיינען אונדז מקנא אונדזער יונגשאַפט, אונדזער פרישן גרינעם גייסט, אונדזער בליענדיקן פרילינג, אונדזער ענערגיע וואָס שלאָגט ווי אַ פאָנטאַן. זיי האָבן מורא פאַר אודזער בונטאַרישער נשמה. זיי האָבן מורא פאַר אונדזער צעשטערונגס־לוסט. זיי האָבן פחד מיר זאָלן ניט צעשמעטערן זייערע אָפּגעטער, די געצן און געצקעס. אין יעדן יונגן מאַן לעבט אַן אברהם אבינו, וואָס ברעכט די צלמים און פסלים פון זיין טאַטן תרח. דעריבער פאַרשפּאַרן די אַלטע תרחס די יונגע אברהם׳ס אין תפיסה און שמידן זיי אין קייטן פון אָבערגלויבערייען און פאָראורטיילן.

שי״ת. און וואוהין גייסטו ?

יוגנטלעכער. איך בין אַנטלאָפן פון דער שולע און פון די לערער. אין לערנען ליגט אַ גוואַלדטאַט. ווער עס לערנט דעם צווייטן איז עובר אויפן לאוו „לא תרצח!״ ער דערמאָרדעט דעם גייסט פון תלמיד. איך וויל זיך ביי זיי ניט לערנען. כ׳וויל

דענקען אויף מיין אייגענעם שטייגער, לעבן גייסטיק, פּסיכאָלאָגיש, ניט בלויז ביאָלאָגיש.

שי״ת. איז וואוהין גייסטו?

יוגנטלעכער. איך האָב געהערט עפּעס ווי אין חלום וואָלט עס מיר עמיצער פאַרציילט, אַז עס איז פאַראַן, אָדער עס וועט אַמאָל זיין, אָדער עס איז שוין געווען (אַ־ן וואָס איז איינמאָל געווען וועט ווידער אַמאָל זיין) אַ לאַנד, וועגן וועלכן דער נביא ירמיה האָט נביאות געזאָגט. דאָס לאַנד הייסט „ולא ילמדו איש את אחיו״. גיי איך זוכן אָט־יענעם לאַנד, וואו דער יונגער דור וואַקסט אויס פריי גייסטיק, אָן פאַלשע טעאָריעס און אָן געפעלשטע וועלט־באַנעמונגען, מיט וועלכע די אַלטע פאַר׳סמ׳ען אונדזער יונג בלוט, אָן אַרויפגעצוואונגענע פּאָסטולאַטן און דאָגמאַטישע גלויבערייען. איך וויל אָטעמען פריי אָן פּחד פאַר גאָט־געץ און אָן שרעק פאַר די גרויזאַמע געזעצן פון דער גרוילעכסטער אַפּשוילעכסטער געצקע, וואָס הייסט נאַטור. כ׳וויל שאַפן, מאַכן טעותן, בלאָנדזשען, זיך טועה־זיין און זיך תועה־זיין. איך וויל האָבן דאָס רעכט אויף מיין אייגענעם געדאַנק.

מטרוניתא. און די עראָנטן האָבן דיר ניט געלאָזן טראַכטן יונגע געדאַנקען?

יוגנטלעכער. זיכער ניט. דאָרט הערשט אַ שטות׳עוואַטער גלויבן, וועלכן די אַלטע שוטים רופן וויסנשאַפט. דאָרטן מוז מען דענקען אַרכאאיש וויסנשאַפטלעך. און צו אָט־דעם מולך איז מען מקריב דעם יונגן דור! מיט אָט דער שטות וואָס פאַרקריפּלט דעם מוח, צע׳מזיק׳ט די נשמה, טריקנט אויס דאָס האַרץ, פאַרגליווערט דאָס בלוט, נעמט אַרויס דעם קליאַק פון די יונגע ביינער, מיט אָט־דער נאַרישסטער קלוגשאַפט האָט מען מיך געשטאָפּט פון מיין סאַמע ערשטער קינדהייט.

איך בין ביי זיי אין שולע שיער ניט דערשטיקט געוואָרן. איך האָב זיך געוואָרפן און געשליידערט, פּראָטעסטירט, געקעמפט, אָנגעפירט אַ קריג פון עלטערס, אַרויסגעוויזן ווידערשטאַנד מיט מיינע לעצטע כוחות. עס האָט אָבער גאָרניט געהאָלפן. ביי זיי איז רעכט אַז זייער גאַנצע ציוויליזאַציע זאָל זיך אויסגעבאָרן און אָפּשטאַרבן מחמת קאָנסערוואַטיזם, אַבי ניט לאָזן מיך אַנטוויקלען זיך פריי.

שי״ת. איך פרעג דיך שוין צום דריטן מאָל, וואוהין גייסטו?

יוגנטלעכער. איך האָב דאָך דיר געענטפערט. איך גיי אין לאַנד פון ירמיה׳ס נבואה, דאָס לאַנד פון „ולא ילמדו איש את אחיו״, דאָס לאַנד פון יצירה, פון אָריגינאַליטעט. די שטים פון נביא ירמיהו קלינגט מיר אין די אויערן און זאָגט מיר, אַז עס מוז ערגעץ זיין אַזאַ לאַנד וואו די יוגנט פון גייסט בליט אייביק, וואו דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד גייט אַרום אַ פרייער ניט געשמידט אין קייטן פון

שאַבלאָן און טראַדיציע, וואו יעדער מענטש איז אַ שותף צו דעם מעשה־בראשית פון קולטור.

גוי קדוש. וואו געפינט זיך יענעס לאַנד ?

יוגנטלעכער. כ׳ווייס ניט, איך ווייס בלויז, אַז דער נביא ירמיה האט גע־וואוסט וואו דאָס לאַנד געפינט זיך, און בכדי אַהין צו קומען דאַרף מען זיך האַלטן וואָס ווייטער פון מערב, וואָס ווייטער פון קאַלטן צפון. איך ווייס בלויז, אַז דעם קורס דאַרף מען האַלטן צו מזרח צו, צום לאַנד פון זונאויפגאַנג. אַזאַ לאַנד איז זיכער פאַראַן. מחמת עס איז דאָך פאַראַן אַ נבואה וועגן לאַנד, אַ פאַראויס־זאָגונג, און פאַראויסזאָגונג פון אַנזאָגונג איז ניט ווייט, און אַ זאָגונג פון אַ טואונג איז ניט ווייט, עס איז אומר ועושה.

גוי קדוש. הערנדיק דיר אַנטוויקלען דיין אויפפאַסונג פון נביא ירמיה׳ס פראַפּעציייאונג, נעם איך ערשט פאַרשטיין די לעגענדעס וועגן די למד־וואָוניקעס. די אמת׳ע גדולים, די אמת׳ע צדיקים זיינען ניט די רבנים און גאונים וואָס מוסר׳ן און לערנען דאָס פאָלק, נייערט די וואָס לערנען ניט, וואָס פאַרבאַהאַלטן זייער קענטעניש. זיי ציַיגן אַ ביישפּיל מיט זייער לעבן, מער דערלויבן זיי זיך ניט צו טאָן. דאָס איז די העכסטע מדרגה. ניט לערנען יענעם די תורה, נייערט אַליין לעבן לויט דער תורה...

שי״ת. קום צוזאַמען מיט אונדז. איך זוך דעם יום שכלו שבת, איך בין דער ששת ימים תעבוד און וויל ווערן דער יום השביעי... און דו ווילסט פון „ושננתם לבניך״ „ולמדתם אותם את בניכם״ אַריבערגיין צום „ולא ילמדו״... גייען מיר דאָך אַלע אין איין וועג. מיר זוכן אַלע דעם גן־עדן התחתון... אָבער איך האָב פאַרגעסן דיך צו פרעגן, ווער דו ביסט, ווי מען רופט דיך.

יוגנטלעכער. איך בין דער נער־בוכה, וועלכער איז געלעגן אין קעסטעלע, וואָס איז געווען אויסגעשמירט מיט ליים און מיט פעך, און איז געשוואומען אויפן נילוס. מיך האָבן די פרעהס פון אַלע דורות און פון אַלע פעלקער גע־וואָלט דערטרינקען אין די טיפע וואַסערן פון רצחנישער קולטור. איך בין דער „נער אנוכי״, וואָס איז געקומען פון ענתות פון לאַנד בנימין און וואָס זיין שליחות איז באַשטאַנען אין

„אויסצורייסן און איינצוּוואַרפן (לנתוש ולנתץ)

און אונטערצוברענגען און צו צעשטערן״ (ולהאביד ולהרוס)

און ערשט שפּעטער צו

„צו בויען און צו פלאַנצן״. (לבנות ולנטוע)

קומט, לאָמיר גיין צוזאַמען און אונדזער וועג וועט באַגליקן (מיט אויגן, ווי קלאָרע שפּאַקטיוון, האָט ער אַריינגעקוקט אין דער ווייטער ווייטקייט).

שי"ת. דאָרט אויף יענער זייט פון די בערג, אויף יענער זייט פון די טאָלן, פליסט דער טייך, וואָס צעשפּאַלט זיך אויף פינף ריטשקעס. אין אים שלאָפט די זון. פון דאָרטן קומט זי אינדערפרי אַרויס און אַהין גייט זי אַוועק זיך אָפּ־רוען אין אָוונט און איבערשלאָפן די נאַכט אויפן דעק פון טייך־בעט. יענער טייך גייט אַרויס פון עדן אַנצוטרינקען דעם גאָרטן פון דערפינדונג. אויפן ברעג פון יענעם טייך שטייט דער איש־הבא, דער שומר פון דעם חלום פון דער זון וואָס זי טרוימט אין די נעכט. ער האָט אַ שיפעלע. דאָס שיפעלע איז גרין, איז לייכט ווי דער געדאַנק. עס פאַרמאָגט בלויז איין זעגל. ער איז אַ ווייסער. מע רופט אים אידעאַל. דער איש־הבא אָדער דער איש־חמודות וועט אונדז געבן דאָס שיפעלע. מיר וועלן זיך אין אים אַריינזעצן און אַוועקשווימען מיטן שטראָם פון שטרעבונג. איך וועל אַרבעטן מיט די וועסלעס און דו (ער ווענדט זיך צום אנוכי) ווּעסט האַלטן דעם רודער. און מיר וועלן זיך אַריבערשיפלען אויף יענער זייט טייך. און דאָרט, 'מעבר לנהר', געפינט זיך, ווי מיר שיינט, דער גן־עדן התחתון, וועלכן מיר אַלע זוכן און גאָרן צו געפינען.

אנוכי. (אומגעדולדיק) איך וועל ניט האַלטן דעם רודער. מע דאַרף ניט קיינע שיפלעך. מע דאַרף ניט אַריבערשווימען קיינע טייכן. דאָס לאַנד וואָס מיר זוכן איז דאָס ארץ החיים, דאָס לאַנד פון תורה און מעשים טובים, און די תורה איז ניט אויפן הימל און ניט אויף יענער זייט וואַסער... זי איז זייער נאָענט צו אונדז. זי איז אין אונדזער מויל און אין האַרצן. וויפל זיינען מיר?

מטרוניתא. פינף.

אנוכי. דאָס איז דער פינף־בונד, חמשה חומשי תורה. מער דאַרף מען קיין זאַך ניט. נעמט זיך פאַר די הענט.

(אין דעם מאָמענט ווי זיי האָבן געשלאָגן זייערע הענט, האָבן זיך זייערע פיס אָפּגעטיילט פון דער ערד. אַ ווינט האָט זיך אויפגעהויבן און האָט זיי אַוועקגע־טראָגן).

אנוכי. אָט־איז דאָס לאַנד, וואו עס געפינט זיך דער גן־עדן התחתון...





# אין לויב פון העפלעכקייט

פון

## מ. צוקער

מ׳דאַרף האָבן טאַקט אין העפלעכקייט; יענעם ניט צו באַליידיקן אַפילו ווען מ׳דענקט אַז יענער איז אַ גאַרניט.

ס׳איז גוט צו זיין העפלעך ווען אַפילו יענער איז עס ניט אין אַ פולער מאָס.

ווען מ׳ווייזט יענעם אַרויס גראָבקייט קען מען ניט דערוואַרטן פון יענעם רעכענען.

העפלעכקייט איידלט אויס זיך און יענעם אויטאָמאַטיש.

איז מען העפלעך צו יענעם, דאַרף שוין יענער זיין ניט קיין איידלמאַן צו זיין גראָב צו דיר.

ווען אַפילו דיר דאַכט זיך אַז יענער פאַרדינט עס ניט איז אַלץ בעסער צו פּראַקטיצירן העפלעכקייט צו אים.

ווען מען פּראַקטיצירט גענעזייטיקע העפלעכקייט קען זיך, מיט דער צייט, אַנטוויקלען אַן אמתע פריינטשאַפט.

העפלעכקייט איז אַ מיטל מיט וועלכן מ׳קען זיך לייכט באַנוצן פאַר גוטסקייט.

ס׳איז שווער צו זיין גוט צו יענעם אָן העפלעכקייט, און העפלעך אָן גוטסקייט.

אַ גרויסן מענטשנס העפלעכקייט מינערט קיינמאָל ניט זיין גרויסקייט.

גבורה מיט העפלעכקייט זיינען ניט קיין שלעכטע פּאָר.

צו זיין העפלעך צו אַ שונא דאַרף מען האָבן אַ שטאַרקן כאַראַקטער ניט צו פּלאַנעווען, בשעת מעשה, עפּעס אַ נקמה׳לע אינם געדאַנק.

העפלעכקייט מיט אַ גוטער כוונה קען ברענגען גוטעס פאַר זיך און פאַר דעם צווייטן.

העפלעכקייט מיט אַ שלעכטער כוונה איז אַ דורכזיכטיקער פּאָרהאַנג צו בייזע געדאַנקען.

רחמנות־העפלעכקייט צו אַ שונא מיינט נאָך ניט אַז אינם האַרצן האָט מען שוין אַלץ פאַרגעבן.

בלויז אמתע אויסגעפּרובירטע גוטע פריינט קענען זיך אַמאָל דערלויבן ניט צו זיין העפלעך און ס׳זאָל ניט שאַטן דער פריינטשאַפט.

אַ העפלעכער שטראָפער האָט אַ בעסערן אויסקוק אויף גוטע רעזולטאַטן ווי אַ בייזער קריטיקער.

ווען מ׳ווייזט יענעם ארויס גראָבקייט קען מען ניט דערוואַרטן פון יענעם העפלעכקייט.

מ׳דאַרף באַזיצן אַ גרויסע מאָס גרויסקייט צו קענען זיין העפלעך צו אַ גראָביאַן.

העפלעכקייט איז אַ סך מאָל אַ מיטל צו אָפּמעסטן יענעמס כאַראַקטער.

אַ ניט העפלעכער ענטפער טוט טאָקע ווי אבער ס׳מיינט נאָך ניט אַז יענער איז אינגאַנצן אַ פאַרדאַרבענער מענטש.

פון אַן אויסגעשפּראָכענעם שונא איז העפלעכקייט א פאַסקטע, פון א פריינט איז העפלעכקייט אַ נאַטירלעכע זאַך. אָבער פון אַ אומבאַקאַנטן איז העפלעכקייט אַלעמאָל אַ ריכטיקער אַקט.

צו זיין העפלעך צו דעם וואָס באַליידיקט דיך אָדער טוט דיר באַוואוסטזיניק שאַדן מאַכט דיך ניט שפּל׳דיק.

אַנצוהאַלטן העפלעכקייט איז א מיטל ווי ניט איבערצובריכן אפילו אַ צווייפל־האַפטע פריינטשאַפט.

ווען מ׳קען זיך שוין אינגאַנצן ניט קאָנטראָלירן איז דער בעסטער מיטל צו איגנאָרירן זאַכן איידער אַרויסצורופן בייז בלוט.





# סאָציאָלאָגישע עקאָנאָמיע *

פון

## אבא גאָרדין

### בוך דריי

### אָרגאַניזאַטאָרישע אַרבעט און ווערט

### 1

### עקאָנאָמיש בילד אין סאָציאָלאָגיש ראַם

### ז׳

### סאָציאָלאָגיש היסטאָרישע אָפּשאַצונג

דער אייגענער, באַטראַכט אָביעקטיוו, פּרייז שטעלט פאָר מיט זיך אַ פּאָר־שיידענע עוואַלואַציע, ווען באַטראַכט סוביעקטיוו.**) אַ גלייכהייט, וואָס ווערט אויסגעדריקט אין געלט־טערמינען איז אַן אומגלייכהייט, ווען זי ווערט אויסגעדריקט אין לעבנס־טערמינען. מיט אַנדערע ווערטער, אַ גלייכהייט וואָס ווערט אויסגעדריקט אין פּרייזן, אין געלט אַלס אַ פאַרקערפּערונג פון מכלומר׳שט גלייכהייטלעכע אינטעראינדיווידועלע פאַרהעלטענישן איז אַן אומגלייכהייט ווען באַטראַכט פון אַן אינטערקלאַסן־שטאַנדפּונקט. געלט און פּרייז זיינען ביידע פאָר־פירעריש. זיי נעמען אַן אינטערקלאַסאָלאָגישע אינטעראינדיווידועלע פאַרהעלטעניש און דריקן זי אויס, פאַרקערפּערן זי ווי זי וואָלט געווען אַ ריין אינטעראינדיווי־דועלע פאַרהעלטעניש. עס איז ניט פאַראַן קיין מעדיום פון אויסטויש וועלכער זאָל ציינן די גראַדאַציעס וואָס צעטיילן די אויסטוישערס. געלט מאַכט אַן אָנשטעל פון אַן אוניווערסאַלן ניוועלירער, ווען אין דער ווירקלעכקייט טוט געלט ניט אויס־

*) זע יידישע שריפטן באנד 5 ז״ז 93—126.

**) זע יידישע שריפטן באַנד 4 ז״ז 434—440.

גלייכן די פאַרהעלטענישן, נייערט פאַרשטעלן די דיפערענציאַציעס. בכלל קען מען ניט באַהאַנדלען די אָביעקטן ווי גלייכע, ווען די סוביעקטן, די מענטשן וואָס שטייען הינטער די אָביעקטן, און נאָך מער, ליגן טיילווייז אין די אָביעקטן ממש, זיינען ניט גלייך. אַן אומגלייכהייט ווען זי פאַראַדירט ווי אַ גלייכהייט איז ערגער פון אַן אָפענער אויסגעשפּראָכענער אומגלייכהייט.

מאַרקס באַהאַנדלט ווערט אַלס אַ ריין־אינטעראינדיווידועלע דערשיינונג, ד"ה אַלס אַ פאַרהעלטעניש וואָס וועבט זיך צווישן יחידים מענטשן, בשעת אויס־טויש־ווערט איז, ווי אַלע אַנדערע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען, בעיקרשט אַן אינטערקלאַסן דערשיינונג. מאַרקסן האָט פאַרפירט דער מראית־עין פון געלט, וואָס איז אַן אינטעראינדיווידואַליסטישער אויסטויש־מעדיום. עס איז נאָך ניט דערפונדן געוואָרן אַן אינטערקלאַסלעכער פאַרקער־מעדיום. מיר האָבן ניט קיין פינקטלעכע מאָס מיט וועלכער צו מעסטן קלאַסן־דיסטאַנצן און דיפערענציאַציעס ווי זיי ווערן מאַטעריאַליזירט אין ווערטן פון איינצלנע פערזאָנען, וועלכע טרעטן אַריין אין פאַרבינדונגען לפנים אומאָפּהענגיק און מיקלאָמפּערשט אויף אַן אָנפאַנג־לעכן שטייגער, בשעת באמת אין דעם תחום פון אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט זיינען די אָפּשאַצונג־ראַטעס פון־למפרע עטאַבלירט און פאַרפיקסירט, און דער עקאָנאָ־מישער משא ומתן צווישן יחידים וואָס געהערן צו פאַרשיידענע קלאַסן, העכערע און נידעריקערע, ווערט רעגולירט אויף דעם סמך פון אַ קלאַסן־סטראַטיפיקאַציע. יעדע אויסטויש־טראַנסאַקציע, די עקאָנאָמישע אויסבייט פאַרהאַנדלונגען אַריינגע־רעכנט, ווערט פרעדעטערמינירט פון דעם סאָציאָלאָגישן פאַרקער.

יעדער קלאַס ווערט עוואַלואירט. דער סך־הכל פון זיינע אויפּטואונגען ווערט אָפּגעשאַצט און לויט אָט־דער אָפּשאַצונג שטעלט מען אים אַוועק אויף אַ באַ־שטימטן שטאפּל אין סאָציאָלאָגישן לייטער. אַזוי אז פראַגמענטן פון זיין אַרבעט, פון זיינע אויפּטואונגען, ד"ה די לעבנס־פאַרשווענדונגען פון זיינע מיטגלידער ווערן אויסגע'חשבונ'ט אין הסכם מיט דער געגעבענער סקאַלאַ, וועלכע איז באַ־שטימט פאַר זיינע סאָציאָלאָגישע ווערטן. ווען באַדינונגען־באַמיאונגען ווערן אויסגע־טוישט, ד"ה ווען לעבן־פּאַרציעס ווערן געוואויגן קעגן לעבן־פּאַרציעס ווערן זיי געשאַצט אין איינקלאַנג מיט דעם סאָציאָלאָגישן אינדעקס. אַזוי אַז אַרבעט, אונטער קיינע אומשטענדן, ווערט ניט אויסגערעכנט אין אבסטראַקט. מחמת איר „ווערט־שאַפנדיקע" פעאיקייט קען ניט ווערן אויסגערעכנט סיידן מיר ווייסן איר באַשטימטן פּלאַץ אין דער באַטרעפנדיקער געמיינדע. אַרבעט אַלס אַזעלכע שאַפט ניט קיינע ווערטן. עס איז פאַראַן איין קוואַל פון ווערטן און דאָס איז דער מענטשלע־כער לעבן. פראַגמענטן פון לעבנס געפינען זיך שטענדיק אין צירקולאַציע און זיי

ווערן כסדר אויסגעביטן אין זייערע מאַטעריאַליזירטע פאָרמען, וועלכע ווערן פרע־פּערירט קעגנזייטיק. די פּראָפּאָרציעס ווערן דורכגעפירט אין דערווירטשאַפט אויפן יסוד פון סאָציאָלאָגיע, אָנווענדיק אַן אינטערקלאַסאָלאָגישן פאַרהעלטעניש־פּרינציפּ.

די אָפּשאַצונגען ווערן ניט געמאַכט לויט דער קוואַנטיטעט פון אַרבעט וואָס איז אינקאָרפּאָרירט אין דער באַטרעפנדיקער צירקולירנדיקער סחורה, עפּעס אַפּנים ווי סחורות וואָלטן זיך באַהויפּט אומאָפּהענגיק מחוץ פון מענטשלעכן געזעלשאַפט־לעכן פאַרקער און אַן אַנטוויקלטע עקאָנאָמיע וואָלט קענען פונקציאָנירן אין אַ סאָציאָלאָגישער וואַקואיטעט. דער פּרט פון דער אַלגעמיינער עקאָנאָמישער סיס־טעם האָט ניט קיין קיום אַליין פאַר זיך, ער גייט ניט זיין אייגענעם אינדיווידועלן שטעג, ער הויבט ניט אָן זיין אייגענעם לעבן פון סאַמע מעשה־בראשית, ער ריכט ניט אויף זיין אייגענעם ווערט מחוץ פון דער עקאָנאָמיש סאָציאָלאָגישער סביבה. דורך אַלע טראַנסאַקציעס פליסט אַדורך אַ שטראָם, אַ המשך. אַ סחורה איז ניט אַן אָפּגעזונדערטער מהות. וואָרע איז ניט קיין איזאָלאַציאָניסט, וועלכער לעבט זיך ווי אַ פּרוש אויף זיין אייגענעם זכות. עס זיינען פאַראַן אַנטעצעדענטן, עס באַהויפּטן זיך אַ „פאָרדעם" און „נאָכדעם" אין דעם ווירטשאַפטלעכן דאַזיין. עס איז ניט דער איצטיקער מאָמענט, דער קעגנוואַרטיקער אַרבעט־פראַגמענט, וועלכער באַשטימט דעם ווערט פון אַ סחורה. די ווערט־פאַרהעלטענישן זיינען געבוירן געוואָרן אין דער געשיכטע און זיי זיינען באַווירקט פון דער געשיכטע, פון דער פאַרגאַנגענהייט ניט ווייניקער, נאָר מער, ווי פון דער קעגנוואַרט.

אַ קלאַס, אין דער פּערזאָן פון זיינע איינצלנע מיטגלידער, קריגט ניט באַצאָלט פאַר דעם אָנשטרענג וואָס ער פאַרשווענדט אין דעם געגעבענעם מאָמענט און ווערט אינקאָרפּאָרירט אין דעם באַטרעפנדיקן אָביעקט וואָס ווערט אין אותה־שעה פאָרגעלייגט פאַר פאַרקויף, נייערט פאַר דעם המשכ'דיקן היסטאָרישן אָנשטרענג, וועלכן ער האָט פאַרשווענדט אין דעם קאַמף פאַר דער אָקופּאַציע פון זיין פּאָזיציע, פאַר דער אַחיזה פון זיין מעמד. ווי עס גילט דער שפּרוך פון באַרימטן מאָלער־קינסטלער: עס האָט מיר גענומען פופצן יאָר זיך אויסצולערנען צו מאַכן עס אין פופצן מינוט; אַזוי אַז דער אָפּצאָל וועלכן ער האָט געפאָדערט, האָט אים געדאַרפט קאָמפּענסירן פאַר זיינע אָנשטרענגונגען ווירקלעכע אָדער איינגעבילדע־טע, וועלכע ער האָט געמאַכט אין משך פון גאַנצע פופצן יאָר, הגם דעם שלוס־אַקט האָט ער אַריינגעקוועטשט אין דעם ניסל־שאָלעכץ פון פופצן מינוט. אַ הערשנדיקער קלאַס אַרגומענטירט בערך אויף דעם אייגענעם שטייגער: עס האָט אים גענומען גענוג צייט און עס האָט אים געקאָסט גענוג אַרבעט־אָנשטרענג אום זיך צו באַ־פרייען פון פּשוט'ער „גראָבער" אַרבעט. זיין טענה פאַר דעם סאָציאָלאָגישן בית־דין

מיינט בערך אָט־וואָס: איך האָב פאַרשווענדעט גענוג ענערגיע אין דעם אַקט פון גובר זיין די שטערענישן בכדי צו דערגרייכן אָט־די הייכע פּאָזיציע און הייכע אָפּשאַצונג, וועלכע איך האַלט אין אָט־דער באַטרעפנדיקער סטראַטיפיצירטער געמיינדע; און פאַר אָט־יענע ענערגיע ־ פאַרשווענדונגען קריג איך באַצאָלט און ניט, ווי עס דוכט זיך אויס אין פלוג, פאַר דעם לעצט־מינוטיקן איצטיקן בייטראָג, ווען מע נעמט אים באַזונדער, אַרויסגעריסן פון זיין היסטאָרישער ראַם. מאַרקס זעט ליניעס, פינטעלעך, פּאַסעקלעך, ער זעט אָבער ניט דאָס סאָציאָלאָגיש־עקאָנאָמישע בילד. ביי מאַרקסן טראָגט יעדע איינציקע שטיק סחורה אַרום מיט זיך איר אָפּשאַצונג, לויט דער אַרבעט וואָס איז אין איר אַריינגעלייגט געוואָרן. ביי מאַרקסן איז יעדער יחיד־אַרבעטער אַ גאַנצער קהל, אַ געזעלשאַפט פאַר זיך, אָן אַן אַלגעמיינער ווירטשאַפט־געשיכטע, אָן אַן אַלגעמיינעם סאָציאָלאָגישן אַרום.

אָט־וואָס מאַרקס שרייבט:

„עס איז געווען, על־כן אַ וויכטיקער פאַקט, וועלכער האָט אַריסטאָטלען ניט געלאָזן זען אַז צוצושרייבן ווערט צו סחורות איז בלויז אַן אופן פון אויסדריקן, אַז יעדע אַרבעט איז גלייכע מענטשלעכע אַרבעט און, פאָלגלעך, אַלס אַרבעט פון גלייכער קוואַליטעט. די גריכישע געזעלשאַפט האָט זיך געהאַלטן אויף שקלאַפעריי און, לכן, האָט זי געהאַט פאַר איר נאַטירלעכן באַזיס די אומגלייכהייט פון מענטשן און זייערע אַרבעט־קרעפטן. דעם סעקרעט פון דעם ווערט־אויסדרוק, נעמלעך, אַז אַלע סאָרטן פון אַרבעט זיינען גלייך און עקוויוואַלענט מחמת און אויף אַזויפיל אויף־וויפל זיי זיינען אַרבעט, האָט מען ניט געקענט דעשיפרירן, ביז דער באַגריף פון מענטשלעכער גלייכהייט האָט ניט אָנגענומען די פיקסירטקייט פון אַ פּאָפּולערן פאָראורטייל. דאָס, אָבער, איז מעגלעך בלויז אין אַ געזעלשאַפט אין וועלכער די גרויסע מאַסע פון אַרבעט־פּראָדוקטן נעמט אָן די פאָרם פון סחורות אין וועלכע, היוצא, די דאָמינירנדיקע פאַרהעלטעניש צווישן מענטש צו מענטש איז די באַציאונג פון סחורות־אייגנטימער. דער גלאַנץ פון אַריסטאָטלס געניאַליטעט ווייזט זיך שוין אין דעם אַליין, וואָס ער האָט אַנטדעקט, אין דעם ווערט־אויסדרוק פון סחורות, אַ פאַרהעלטעניש פון גלייכהייט. די ספּעציעלע באַדינגונגען פון דער געזעלשאַפט, אין וועלכער ער האָט געלעבט, האָבן אים געשטערט צו אַנטדעקן וואָס 'אין־דער־אמתן' ליגט אויפן דעק פון דערדאָזיקער גלייכהייט". (1)

לכן זאָגט אונדז מאַרקס בפה מלא אַז זיין ווערט־טעאָריע האַלט זיך אויף דעם פּרינציפּ פון אַרבעט־גלייכהייט. *) ער זאָגט אונדז אויך אַז אָט־דער פּרינציפּ פון

---

*) זע יידישע שריפטן באַנד 4 ז"ז 434—440.

גלייכהייט באַזיצט אַ „פּיקסירטקייט״, אַ פּאַרהאַרטעוועטקייט פון אַ פּאַלקסטימלעכן פּאַראורטייל, ריכטיקער, פון אַן אָבערגלויבעריי. דער אמת איז אַז דער דאָזיקער גלייכ־הייט־פּרינציפּ, ווי מאַרקס ווענדט אים אָן אין זיין ווערט־לערע, איז בכלל אַ טעות, אַ מאַרקסיסטישע „פּאַנטאַסיא״. וויפל די ליבעראַלן און דעמאָקראַטן זאָלן ניט האָבן גערעדט מכוח עגאַליטאַריאַניזם האָבן זיי זיך קיינמאָל ניט דעררעדט צו אַזאַ שטות אַז זיי זאָלן באַהויפּטן אַז מענטשן זיינען עגאַל אין זייערע פעאיקייטן, געשיקטקייטן, באַגאַבטקייטן, אויסשטאַטונגען, אויפטועריקייט, סאָציאָלאָגישן מעמד. אַלץ וואָס זיי האָבן געזאָגט איז אַז דער יחיד געמומען פאַר זיך איז בכוח, ווען ער שטרענגט זיך שטאַרק אָן, אַריבערצושפּרייזן איבער די ראַנגאַטקעס וועלכע טיילן אָפּ די שטאַנדן און קלאַסן פון די מאַסן. אייגנטלעך האָבן זיי געגלויבט און אונדז פאַר־זיכערט אַז דער יחיד ווען ער איז באַגאַבט און באַזיצט אַ שטאַרקן ווילן און גרויסע אַמביציעס, קען זיך אַליין מאַכן אַ פּלאַץ אין לעבן און איז ביכולת זיך צו דעראַבערן אַ הייך־סיטואירטע פּאָזיציע; און דעמדאָזיקן יחיד דאַרף געגעבן ווערן די געלעגנ־הייט אום ער זאָל קענען אָן צופיל שטערעניש מצד פון די פּאָליטיש־יורידישע אָרגאַנען פון דער געזעלשאַפט זיך באַהויפּטן, ווייזן וואָס ער קען און זיך טאַקע אויסצייכענען, ד״ה אַרויסצייגן באַשיינפּערלעך זיין אומגלייכהייט, זיין סופּעריאָרי־טעט. דאָס איז אַלץ וואָס אָט־דער אַזוי געררופענער עגאַליטעט־פּרינציפּ האָט באַ־טייט. ער האָט געפּאָדערט אַז אויסגעצייכנטקייט זאָל זיין ניט קיין ענין און קנין פון זכות־אבות און יחוס־אבות, נייערט פון אייגענעם זכות און יחוס־עצמו. ד״ה אַ פּועל־יוצא פון אייגענעם טאַלאַנט און פאַרדינסטן. די פּאָזיציע וועלכע דער יחיד פאַרנעמט דאַרף זיין ניט קיין ירושה־זאַך, ער דאַרף זי קענען אי אַליין אָקופּירן און אי אַליין פאַרטיידיקן קעגן די אָנשפּרוכן פון זיינע קאָנקורענטן. דער דעמאָקראַטיש ליבעראַליסטישער טעזיס האָט קיינמאָל זיך ניט דערלויבט צו אַדוואָקאַטירן די וצדקתך׳דיקע אידייע אַז אַלע מענטשן דאַרפן זיין גלייך, נייערט פאַרקערט אַז זיי דאַרפן קריגן דאָס רעכט און כמעט אויך די מעגלעכקייט זיך אויסצוצייכענען און מאַניפעסטירן זייער עקסעלענץ.

ווייטער, וויבאַלד אַריסטאָטל האָט ניט געקענט אַנטדעקן די גרויסע אידייע פון גלייכהייט פון אַרבעט, דאַרפן מיר עס אויך ניט קענען טאָן. אים האָט געשטערט אין דעם די אינסטיטוציע פון שקלאַפעריי, וועלכע האָט געהאַלטן אין איין טורקען אים אין די אויערן און אָנצייגן קלאָר־דייטלעך, אַז עס איז ניט פאַראַן אַזאַ זאַך ווי אַרבעט־גלייכהייט, און אונדז דאַרף שטערן אין דעם די אינסטיטוציע פון געדונ־גענשאַפט, אָדער, בכלל, דער פאַקט וואָס אונדזער געזעלשאַפט איז קלאַסירט, גראַ־דירט. און אויב מאַרקס האָט יע געמאַכט אָט־די „אַנטדעקונג״ און האָט אַנטוויקלט

אַ ווערטן־טעאָריע, וואָס האַלט זיך אויף אָט־דעם פּרינציפּ, אויף דעמדאָזיקן דורכ־אויס פאַלשן גרונט, איז טאַקע אַז־אַך־און־ווי צו אַזאַ טעאָריע, צוליב איר האָט זיך מאַרקס פאַרפלאָנטערט אין אַ קנויל פון פיקציעס און אַבסורדן. מחמת בנוגע דעם יסוד פון אומגלייכהייט איז אונדזער מאָדערנע ווירטשאַפטלעכע געזעל־שאַפט, אין וועלכן מענטשן טרעטן אַריין אין באַציאונגען אַלס כלומר׳שט גלייכע סחורות־אייגנטימער, אויף־אַ־האָר ניט „צוריקגעשטאַנען" לגבי דער געזעלשאַפט פון אַלטערטום. דער תהום פון אומגלייכהייט, געאָרטיילט פון ווירטשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט, געניצט ביי אונדז אַזוי טיף אַז אין אים ווערן דערטרונקן, פאַרזונקען איבערן קאָפּ צום ניט אַרויסזען אַלע פּוסטע ריידערייען און כביכולדיקע מאַני־פעסטאַציעס פון גלייכהייט. *)

דער אָפּשאַף פון שקלאַפעריי האָט ניט איינגעפירט קיין גלייכהייט, האָט ניט באַשאַפן קיין „קלאַסנלאָזע" געזעלשאַפט, אָט־די אוטאָפּיע, וואָס דינט אַלס אונ־טערשלאַק פאַר אַלע מאַרקסעס חקירות מכוח ווערט און גלייכער מענטשלעכער אַרבעט. מאַרקסעס אויג איז געווען פאַרבלענדט פון אָט־די פּסעוודאָ־פּראָפעטישע וויזיעס און דעריבער האָט ער ניט געזען די ווירטשאַפטלעכע אָביעקטן אין זייער ריכטיקער פּערספּעקטיוו. ער האָט ניט געקענט אויפנעמען ניכטער און קלאָר די עקאָנאָמישע סביבה, מחמת ער איז געווען פאַר׳שיכורט׳ט פון דעם באַלדיקן אָנ־קום, פון די ימות־המשיח. בשעת ער האָט גערעדט כלומר׳שט פון דער קעגנוואַרט, האָט ער גאָר באמת נביאות־געזאָגט וועגן „אחרית־הימים" אין אַ פּסעוודאָ־רעלי־גיעזן און פּסעוודאָ־וויסנשאַפטלעכן זשאַרגאָן. ער האָט זיין פוטוריסטישן גאולה־חזון אַריינגעטייטשט, אַזוי אינטאָקסיצירט איז ער געווען פון „יין־המשומר", אין די סאַמע טעקסטן פון די קעגנווערטיקע פאַרהעלטענישן.

אַריסטאָטל האָט געלעבט אין אַ געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך געהאַלטן אויף שקלאַפעריי, און אַזוי ווי ער האָט טאַקע געלעבט אין אָט־יענער געזעלשאַפט האָט ער זיך ניט געקענט דעררייכן צום אבסורד פון גלייכהייט אין זיינע ספּעקולאַציעס. מאַרקס האָט אָבער בלויז געשריבן און טעאָרעטיזירט אין אונדזער קעגנווערטיקער געזעלשאַפט און, אפנים, וועגן אָט־דער קעגנווערטיקער געזעלשאַפט, בשעת ער האָט געלעבט אין אַ לעתיד־לבוא צייט און אין אַן אויסגע׳חלום׳טער וועלט. מאַרקס נעמט אוטאָפּיסטישע, קוואַזי־עסכאַטאָלאָגישע באַשטרעבונגען און וויל זיי איבער־גוואַלד אַריינשלעפּן אין דער „פּאָליטישער עקאָנאָמיע" פון דער בורזשואַזער גע־

---

*). אבא גאָרדין, סאָציאַלע אבערגלויבעריי און קריטיציזם ז"ז 73—268.
" " יסודות פון דער געזעלשאַפט ז"ז 260—245.

זעלשאַפט. ער וויל אונדז איינשמועסן, אַז סחורות ווערן אויסגעטוישט און ווערטן פיגורירן אויפן יסוד פון גלייכהייט אין אַ געזעלשאַפט, אין וועלכער עס הערשן קלאַסן, אין וועלכער עס קומט פאַר אַ קלאַסן־געפעכט. און ניט ווילנדיק און ניט באַמערקנדיק עס אַנטוויקלט ער, אַנשטאָט טעאָריעס, פּראַקטישע אַספּיראַציעס. און דאָס פירט אים דערצו אַז ער „שאַפט" אַ ווערטן־דאָקטרינע פאַר אַ „קלאַסנלאָזער" געזעלשאַפט. מיט אַנדערע ווערטער, ער עקספּאָזירט אַ טעאָריע פון אויסטויש־ווערט פאַר אַ געזעלשאַפט, וועלכע קען האָבן ניט קיין אויסטויש און ניט קיין סחורות, נייערט מוז זיין באַזירט אויף אַ שטרענג־פּלאַנירטער פּראָדוקציע און דיסטריבוציע. אַפילו אין יענער פיקטיווער אויסגעפּאַנטאַזירטער געזעלשאַפט, אויף־וויפל זי ווערט גענומען רעאַליסטיש, וואָלט דער פּרינציפּ פון אַרבעט־גלייכהייט בשום אופן ניט „אַרבעטן", מחמת אויך דאָרטן וואָלטן עקזיסטירט גראַדאַציעס און אָט־די גראַדאַציעס, קלאַסירטקייטן וואָלטן ניט דערלאָזן אַז דער גלייכהייט־פּרינציפּ פאַרן אַר־בעט־פּראָצעס זאָל קריגן זיין פולע אַנווענדונג אין רעאַלן לעבן.*) בכלל דאַרף מען צוגעבן אַז מאַרקס'עס דמיון־געזעלשאַפט איז בגופא דעובדא ניט בלויז אַ „קלאַסנ־לאָזע" געזעלשאַפט, נאָר טאַקע אַ „געזעלשאַפטלאָזע געזעלשאַפט", ווייל בלויז דער רבי מאַרקס און זיינע חסידים ווייסן, וואָס סאָציאָלאָגיע און פיזיאָלאָגיע ווייסן ניט, ווי אַזוי אַן אָרגאַניזם קען פונקציאָנירן אַלס אָרגאַניזם און דאָך ניט באַזיצן קיינע אָרגאַנען, ד"ה ווי אַזוי אַן אָרגאַניזירטע געזעלשאַפט קען עקזיסטירן אָן אַ סאָציאָלאָגישער אָרגאַניזאַציע, אָן דער צעשפּאַלטונג אויף אָרגאַניזירערס און אָרגאַ־ניזירטע, ווי אַזוי אַן אַנטוויקלטע ווירטשאַפט קען זיך באַגיין אָן אַן אָרגאַניזאַטאָרישער יעראַרכיזאַציע פון אַרבעט און דאָך בלייבן שטרענג־פּלאַנירט און הייך־גראַדירט.

די קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט איז געבויט אויף דעם יסוד פון געדונגענשאַפט. אָבער אָט־דער רעזשים פון סאַלאַריאַט ניט ווייניקער ווי קנעכטשאַפט און לייב־אייגנטום באַזירט זיך אויף ווייט־דערגרייכנדיקע און טיף איינגעוואָרצלטע סאָציאָלאָ־גישע דיפערענציאַציעס. די היינטצייטיקע געזעלשאַפט אַנטהאַלט אין זיך עלעמענטן פון סאָציאָלאָגישער גלייכהייט ווייניקער ווי די געמיינדעס פון אַלטערטום, אומ־געאַכט דעם פאַקט וואָס יענע האָבן געהאַט אַזאַ אינסטיטוציע ווי שקלאַפעריי. סאָ־ציאָלאָגישע איינשטעלונגען זיינען פאַרפונדעוועט אין דיפערענציאַליזם, ניט עגאַ־ליטעראַניזם. און דאָס וואָס עס האָט געשטערט אַריסטאָטלען צו אַנטדעקן אַן אַר־בעט־גלייכהייט־פּרינציפּ האָט געדאַרפט שטערן אויך מאַרקסן, ווען ער וואָלט באַ־זעסן אַ טייל פון ערשטנס חכמה און פאַרשטענדעניש.

*) אבא גאָרדין, יידישער וועלט־באַנעם ז׳ 83.

אָט־וואָס מאַרקסעס תלמיד ותיק שרייבט:

„און צום סוף די גלייכהייט און גלייכער סטאַטוס פון מענטשלעכער אַרבעט, מחמת דעם און אַזוי ווייט ווי עס איז מענטשלעכע אַרבעט, האָט געפונען איר אומבאַוואוסטזיניקן, אָבער קלערסטן אויסדרוק אין דעם געזעץ פון ווערט פון דער מאָדערנער בורזשואַזער עקאָנאָמיע, לויט וועלכער דער ווערט פון אַ סחורה ווערט געמאָסטן דורך דער געזעלשאַפטלעך נויטווענדיקער אַרבעט, וואָס איז אין איר פאַרקערפּערט״. (2)

אויב די בורזשואַזע עקאָנאָמיסטן, לאָמיר צוגעבן, האָבן געמאַכט אַזאַ פאַלשע באַהויפּטונג בנוגע אויסטויש־ווערט איז עס מאַרקס מחויב אָנצונעמען פאַר גוט געלט? מאַרקס איז ניט קיין נאָכבאַמקער פון די „וואולגאַרע עקאָנאָמיסטן״. דער אויסטויש־ווערט וואָס האַלט זיך מיקלאָמפּערשט אויף גלייכהייט איז אָפּנאַרעריש. דער אָפּנאַר ליגט ניט אַזויפיל אין סחורות־ווערט ווי אין דער אינסטיטוציע, וואָס הייסט געלט. געלט דעקט צו מיט שטרוי די גרוב, אין וועלכער מע פאַנגט די שוטים, וואָס מיינען אַז אויפן מאַרק האָבן מיר צו טאָן מיט סחורות וועלכע פאַרטרעטן מענטשלעכע גלייכע אַרבעט. זיי זעען ניט אַז אויפן מאַרק שטייען אויסגעשטעלט קלאַס קעגן קלאַס און זיי פירן אָן זייער קלאַסן־קאַמף און קלאַסן־אַמפּערניש. דאָס מיינט אַז די דינגעניש קומט פאַר ניט אויף אַן אינדיווידועלן שטייגער, ווי דאָס שיינט צו זיין ווען מ׳זעט בלויז די יחידים קונים, נייערט אויף אַ קאָלעקטיוון־קלאַסן־שטייגער. אין די פּרייזן און אונטער די פּרייזן פון די מענטשלעכע באַדינונגען פאַרבאַהאַלטן זיך קלאַסן און גרופּן־דיפערענציאַציעס.

עקאָנאָמישע ענינים זיינען ניט קיין ראָבינסאָנאַדישע אָנגעלעגנהייטן. זיי מוזן באַהאַנדלט ווערן ווי אַן אינטעגראַלער טייל פון גאַנצן געזעלשאַפטלעכן איינשטעל געגומען אַנטקעגן אַ היסטאָרישן הינטערגרונט. יעדע טראַנסאַקציע איז ווי אַן אות אָדער אַ וואָרט אַרויסגעלייענט פון דער אַלגעמיינער ווירטשאַפטלעכער געמיינדע־קאָנסטיטוציע. די יחידים־אַרבעטער זיינען ניט אין דער קעגנוואַרט אָפּגעשאַצט גלייך, זיינען ניט געוועזן אין דער פאַרגאַנגענהייט אָפּגעשאַצט גלייך אין פּאָליטיש עקאָנאָמישן און סאָציאָלאָגישן פּשט פון וואָרט, ממילא קענען זיי ניט זיין אויך אין דער צוקונפט אָפּגעשאַצט גלייך: מחמת די „עקוואַליזאַטאָרן״ וועלן ניט זיין גלייך צו די עקוואַליזירטע און די אָפּשאַצערס וועלן ניט זיין גלייך צו די אָפּגעשאַצטע. אָבער מיר דאַרפן ניט ריידן וועגן דער צוקונפט בעת מיר באַהאַנדלען דעם קאַפּיטאַליסטישן קעגנוואַרטיקן מאָדוס פון פּראָדוקציע און דיסטריבוציע. און אין דער היינטצייטיקער געזעלשאַפט זעען מיר, אַז איניקע אינדיווידן, עקאָנאָמישע סוביעקטן, געהערן צו די העכערע שיכטן, בעת אַנדערע — צו די נידעריקע. איניקע וואַ־

רימען זיך אין דער זון פון יורידישע און פאַקטישע פּריווילעגיעס. פאַרנעמען גוט־באַצאָלטע פּאָזיציעס און אַנדערע ווערן פאַרשוואַרצט אין די חושכ׳דיקע שאָטנס פון שלעכט־באַצאָלבאַרע באַשעפטיקונגען. ווי קענען די סחורות וועלכע אימפּרע־סאָנירן זייערע אייגנטימער זיין צווישן זיך גלייך, ווען זייערע באַלעבאַטים גופא זייַנען ניט גלייך.

מאַרקס האַלט אין איין ווידערהאָלן דעם טרואיזם אַז אויסטויש־ווערט איז „אַ סאָציאַלע" דערשיינונג, אָבער צו זיין „סאָציאַל" אין אַ קלאַסן־צעטיילטע געזעל־שאַפט מיינט, באמת, צו זיין משועבד צו גראַדאַציעס און אונטערגראַדאַציעס. פון די אומגלייך סטראַטיפיצירטע „אַרבעטער" קריגט מאַרק אַרויס, דורך אַ מין מאַגיק פון אַ פעלערהאַפטער ספּעקולאַציע, גלייכע „סאָציאַלע" אַרבעט. מאַרקס נעמט די עקאָנאָמישע טוביעקטן אַבסטראַקט, ריין פאָרמאַל, גלאַט אַזוי זיך אַן וואָרצלען אין באָדן און אַן סביבה. לכן דערלויבט ער זיך אַרונטערצושטעלן זייערע ענערגיע־פאַרשווענדונגען אונטער איין רובריק. ער דעפינירט יעדע אַרבעט אַלס אַ „סאָ־ציאַלע" אַרבעט, בכלל. ער גייט אַזוי ווייט אין אַט־דער ריכטונג אַז ער פאַרגינט זיך צו פאַרגלייכן ווערט צו שפּראַך. (3) דער וואָרט און קאָנצעפּט פון „סאָציאַל" דאַרף ווערן אַנאַליזירט. *) אויף שפּראַך קען מען קוקן ווי אויף אַ כמעט־רייך־סאָציאַלער דערשיינונג. הגם אַפילו אין לשון קענען מיר אויפדעקן עלעמענטן פון אַן אינטערקלאַסן־השפּעה. אויך לשון פאַרמאָגט „לינגוויסטישע" שיכטן, און זיינע העכערע סטראַטאַ צייגן אַפילו אַרויס סימנים פון אינטעראינדיווידועלע און בפּירוש־אינדיווידועלע ביישטייערונגען. אָבער ווי קומט אויסטויש־ווערט צו שפּראַך. און די אַנאַלאָגיע־ליניע וואָס מאַרקס ציט אַדורך צווישן אַט־די צוויי איז לחלוטין פּע־לערהאַפט, מחמת אויסטויש קומט פאָר צווישן פאַרשיידענע שיכטן פון דער געזעל־שאַפט. הגם אויף דער אויבערפלאַך זעט אויס ווי די טראַנסאַקציעס וואָלטן פאָר־קומען בלויז צווישן יחידים. די עקאָנאָמישע באַציאונגען פון מענטש צו מענטש ווערן רעאַליזירט אין די תחומים פון אַ לעבעדיקן, נאָרמאַל־עקזיסטירנדיקן ציבור, און אַ געוויסער טייל פון זיי קריגן זייער מאַטעריאַליזאַציע אין פּראָדוקטן־סחורות; אַט די סחורות צירקולירן אנשטאָט די באַשטימטע פאַרהעלטענישן פון באַשטימטע פּערזאָנען, וועלכע באַלאַנגען צו דעפיניטיווע געזעלשאַפטלעכע קלאַסן, צו באַזונ־דער ספּעציפיצירטע גרופּירונגען. אַט־די קלאַסן און אונטער־קלאַסן פאַרנעמען באַשטימטע פּלעצער, באַזיצן זייערע באַצייכנטע מעמד׳ס, און זייערע מיטגלידער ווערן אָפּגעשאַצט לויט זייער סאָציאָלאָגישן סטאַטוס ממילא ווערן זייערע פּראָ־

* Abba Gordin, Communism Unmasked, pp. 253-63.

דוקטן־סחורות געשאַצט לויט ספּעציעלע פאַרשיידענע סטאַנדאַרדס פון עוואַלואַציע. יעדער עקאָנאָמישער ווערט איז אַרויפגעבויט אויף אַ פונדאַמענט פון אַ סאָציאָלאָגישן ווערט.

ח

## דער טאָפּלטער פעטישיזם פון סחורות

מאַרקס שרייבט:

„ווען, דריבער, גאַליאַני זאָגט: ווערט איז אַ באַציאונג צווישן פּערזאָנען — האָט ער באַדאַרפט צוגעבן: אַ באַציאונג צווישן פּערזאָנען, וועלכע ווערט אויסגעדריקט ווי אַ באַציאונג צווישן זאַכן". (4)

ווערט קען ניט ווערן באַטראַכט תמיד אַלס אַ באַציאונג צווישן פּערזאָנען, נייערט צווישן פּערזאָנען וואָס געהערן צו פאַרשיידענע קלאַסן, גרופּירונגען, סאָציאָלאָגישע פאָרמאַציעס, לכן איז ווערט גאַנץ אָפט אַ באַציאונג צווישן קלאַסן וועלכע ווערט אויסגעדריקט, ווי אַ באַציאונג צווישן פּערזאָנען וואָס איז פאַרקערפּערט אין זאַכן. דער סאָציאָלאָגישער פאַרהעלטענישמעסיקער געוויכט פון דער סאָציאָלאָגישער פאָרמאַציע ווערט איבערגעזעצט אויף דער עקאָנאָמישער שפּראַך, אויף אַזאַ שטייגער באַקומען מיר אַן „אויסטויש־ווערט" אין דער הייגנטצייטיקער געזעלשאַפט. אויסטויש־ווערט איז אַן איבערזעצונג, ער איז ניט קיין אָריגינעלער אויסדרוק פון פאַרהעלטעניש.

מאַרקס שרייבט:

„עס איז פאַראַן אַ באַשטימטע סאָציאַלע פאַרהעלטעניש צווישן מענטשן, וועלכע נעמט אָן, אין זייערע אויגן, די פאַנטאַסטישע פאָרם פון אַ פאַרהעלטעניש צווישן זאַכן... דאָס רוף איך פעטישיזם... דער פעטישיזם פון סחורות האָט זיין אורשפּרונג... אין דעם טשיקאַוון סאָציאַלן כאַראַקטער פון אַרבעט וועלכע פּראָדוצירט זיי." (5)

אין דעם סחורות־אויסטויש קען מען באַאָבאַכטן אַ טאָפּלטן פעטישיזם. ראשית, זאַכן, סחורות נעמען דעם פּלאַץ פון מענטשלעכע פאַרהעלטענישן. עפּעס אַפּנים ווי זיי אַליין אומאָפּהענגיק פון מענטשן פּלעכטן זייערע באַציאונגען. מע קויפט זיי, מע פאַרקויפט זיי, בשעת אין תוך גענומען ווערן גאָר געקויפט און פאַרקויפט שטיקלעך ערד־אַרבעטער, בעלי־מלאכות, אינדוסטריעלע פּראָלעטאַריער, הענדלער, ד"ה מענטשלעכע אַגענטן. בקיצור דער אָביעקט פאַרדרענגט און פאַרבייט דעם סוביעקט. שנית, און דאָס איז גאָר אַ וויכטיקער שטריך פון פאַרטרעט: סחורות פירן זיך אויף אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען רעפּרעזענטאַנטן פון יחידים, פאַרקערפּע־

רונגען פון צווישן־פּערזענלעכע באַציאונגען פון איינצלנע מענטשן, וואָס זיינען כלומרשט אָפּגעשיידט פון זייער סביבה, און האַנדלען ווירטשאַפטלעך פראַנק און פריי. סחורות ווערן אויסגעטוישט, איינגעהאַנדלט, אָבער אַט־די אויסטוישלעכע סחורות פּערסאָניפיצירן ניט בלויז מענטשלעכע באַציאונגען, ניט בלויז „סאָציאַלע" באַציאונגען, נייערט אינטעראינדיווידועלע פאַרהעלטענישן וואָס זיינען פאַרוועבט אין אינטער־קלאַסירטע שייכותן. הגם עס איז ניט לייכט אויסצוגעפינען מיט פּרעציזקייט די גענויע פּראָפּאָרציאָנעלע פאַרהעלטעניש פון דעם סאָציאָלאָגישן ווערט, וואָס באַהויפט זיך צווישן די פאַרשיידנאַרטיקע גרופּירונגען וועלכע שטעלן צוזאַמען אַ דיפערענציאירטע געזעלשאַפט. אָבער אַזאַ ווערטן־סקאַלאַ און פּראָפּאָרציע איז פאַראַן בנמצא און זי באַהויפט זיך אין יעדער טראַנסאַקציע, אין יעדער אונטערנעמונג, אין וועלכער עס זיינען פאַרטראָטן אויף אַן אַקטיוון ווירטשאַפטלעכן שטייגער מיטגלידער פון פאַרשיידענע גרופּירונגען פון דער אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט. אַט־דער סאָציאָלאָגישער אינדעקס ווערט פאַרטייטשט אויף דעם עקאָנאָמישן לשון. אַלץ וואָס ווערט אויסגעטוישט צווישן יחידים, וואָס געהערן צו פאַרשיידענע קלאַסן און גרופּירונגען, ווערט באַווירקט פון אַט־דעם דיפערענציר־סטאַנדאַרד. זייערע אָנשטרענגונגען, טרחות, באַמיאונגען־באַדינונגען ווערן געשאַצט לויט דעם סאָציאָלאָגישן אָפּשאַץ־קריטעריום.

בוכאַרין שרייבט:

„באַציאונגען צווישן מענטשן שטעלן זיך פאַר ווי באַציאונגען צווישן סחורות. דאָס איז וואָס מיר פאַרשטייען אונטערן פעטישיזם פון סחורות, מע שרייבט צו צו די סחורות אייגנשאַפטן וועלכע זיינען באמת איינגעבוירן אין מענטשלעכער אַרבעט". (6)

בוכאַרין טרעט אין די פוסטריט פון זיין גרויסן רבי'ן. בוכאַרין זאָגט נאָך מאַרקסן און ער רעדט מכוח אַלגעמיינער אַרבעט. „אַלע מענטשן", ווי ער דריקט זיך אויס, „זיינען פאַרבונדן מיט אַן אַלגעמיינעם אַרבעט־באַנד". ער, ווי זיין לערער, באַהאַנדלט „סאָציאַלע אַרבעט", וואָס איז אומספּעציפיצירט, סאָציאָלאָגיש ניט קוואַליפיצירט. סאָציאַלע באַציאונגען, לויט בוכאַרינען, זיינען פאַרקערפּערט אין סחורות. סאָציאַלע פאַרהעלטענישן, פון וועמען? פון איינצלנע אינדיווידן, וואָס ווערן גענומען אַלס סעפּאַראַטע אַרבעטער, וועלכע טרעטן אַריין אין פרייוויליקע פאַרבינדונגען ספּאָראַדיש, צופעליק, קאַפּריציעז? אָבער אַט די פאַרבינדונגען האָבן אַ לאַנגע געשיכטע פון טראַנספאָרמאַטאָרישע איבערגאַנגען הינטער זיך, זיי זיינען היסטאָריש באַשטימטע אָרגאַניזירטע פעסטגעשטעלטע אינטעררעלאַציעס פון דעפיניטיווע סאָציאָלאָגישע פאָרמאַציעס אָדער פון יחידים פון כמעט דער אייגענער גרו־

פירונג וועלכע טרעטן אַריין באַשטענדיק אין אַ קאָנטינואירנדיקן קאָנטאַקט און ווערן רעאַליזירט דורך דער דירעקטער אָדער אינדירעקטער פאַרמיטלונג פון אַ קלאַס, וועלכער ספּעציאַליזירט זיך אין אַט־דער אָפּעראַציע. זיין עובדא איז צו ברענגען אַט־די פאַרבינדונגען־פלעכטער צוזאַמען און האַלטן זיי צוזאַמען אין אַן אַקטיוון־אָפּעראַטיוו־ווירטשאַפטלעכן צושטאַנד און אויף אַזאַ שטייגער צו פאַר־וואַנדלען זייערע אינטעראינדיווידועלע באַציאונגען אין אינטערקלאַסן־באַציאונגען, ניט בלויז העלפן פאַרבינדן זיי, נייערט בשעת מעשה סטראַטיפיצירן זיי.

איז עס ניט מער ווי אַביסל טשיקאַווע וואָס די קאָלעקטיוויסטן, סאָציאַליסטן, קאָמוניסטן זאָלן אומקריטיש נאָכזאָגן און איבערזאָגן אויף ענלעכע אופנים די באַ־הויפּטונגען, וועלכע עס האָבן אַרויסגעבראַכט די באַגרינדער פון דער קלאַסישער שולע פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע. אויף אַזאַ שטייגער קומט אויס, אַז, הגם, זיי זיינען, דוכט זיך, קאָלעקטיוויסטן, אין אַט־דער קאַרדינאַלער פראַגע ציינגן זיי זיך אַרויס צו זיין איינשטימיק מיט די „אינדיווידואַליסטן” פון בוזשואַזן חדר. אַדאַם סמיט און נאָך אים דייוויד ריקאַרדאָ האָבן פאַרזען אַט־די הויפּט־קאָנדיציע פון דער היינטצייטיקער ווירטשאַפט. זיי האָבן ניט געוואוסט און, אפשר, טאַקע ניט געוואָלט וויסן וועגן דער עקזיסטענץ פון קלאַסן. אָבער די סאָציאַליסטן, קאָמו־ניסטן פון מאַרקסיסטישער געזינונג ווייסן דאָך כלומר׳שט יע וועגן דעם פאַקט, אַז אונדזער געזעלשאַפט איז צעשפּאָלטן אויף קלאַסן, טאָ ווי אַזוי האָבן זיי אַליין פאַרגעסן זייערע סאָציאָלאָגישע פּרינציפּן און זייער אייגענעם אלף־בית׳ישן אמת און האָבן מכל־וכל פאַרזען די גראַדאַציעס און סטראַטיפיקאַציעס פון דער גע־זעלשאַפט אין זייער אָפּשפּיגלונג אין די ווירטשאַפטלעכע ענינים. זיי האָבן טעאָ־רעטיש־עקאָנאָמיש באַהאַנדלט די אַרבעט־דערשיינונג, וואָס קומט פאָר אין די תחומים פון דער קלאַסן־צעטיילטער געזעלשאַפטלעכער ווירטשאַפט, ווי זי וואָלט פאַרקומען און זיך רעאַליזירן אויפן יסוד פון ריינעם אינדיווידואַליזם אָדער אינ־טעראינדיווידואַליזם.

די טשיקאַווקייט פון אַט־דעם מאָדנעם פאַרזען פאַרשווינדט, ווען מיר באַ־גרייפן אַז מאַרקס און זיינע תלמידים האָבן אַזויפיל גערעדט וועגן אָפּשאַף פון קלאַסן, אַז זיי האָט זיך עס אויסגעוויזן צו זיין אַ לייכטע סאָציאָלאָגישע אָפּעראַ־ציע, און דעריבער אין זייערע עקאָנאָמיש טעאָרעטישע קאָנסטרוקציעס האָבן זיי שוין אינגאַנצן איגנאָרירט דעם קלאַסן־מאָמענט און מיט אַ לייכטן געמיט נאָכ־געבאַמקעט די טעאָרעטיקער, וועלכע האָבן ניט פאַרדאַכט די עקזיסטענץ פון קלאַסן. מאַרקסעס וויסן מכוח דער קלאַסן־סטרוקטור פון דער געזעלשאַפט איז כמעט גלייך צום ניט־וויסן. וויבאַלד ער האָט זיך געקענט פאַרנעמען ערנסט מיטן גע־

דאַנק פון אויפריכטן אַ קלאַסנלאָזע געזעלשאַפט, ציינט דאָך עס אַז ער האָט גרונטאָווּנע ניט פאַרשטאַנען די קלאַסן־פּראָבלעם, אַז ער האָט ניט אַנערקענט די טיפע און פעסטע איינגעפונדעוועטקייט פון דעם קלאַסן־געבוי. און דעריבער איז ער אומבאַמערקטערהייט אַריינגעפאַלן אין די גרונט־טעותן, וועלכע עס האָט גע־מאַכט די שולע פון די קלאַסיקער עקאָנאָמיסטן־אינדיווידואַליסטן. מאַרקס דער סאָציאַליסט איז פאַרפירט געוואָרן פון די בורזשואַזע ליבעראַלן...

דאָס איז דער פּרייז וועלכן די קאָלעקטיוויסטן פון מאַרקסעס חדר, אַזוי גוט ווי מאַרקס און ענגעלס גופא, האָבן געצאָלט פאַר דער „סחורה" וואָס זיי האָבן איינגעהאַנדלט פון די בירגערלעכע עקאָנאָמיסטן. היט זיך פון דעם זויער־טייג פון די פרושים, פון דער קלאַסישער אינדיווידואַליסטישער שולע!

## מראה מקומות


1. Karl Marx, Capital, I, p. 69.
2. F. Engels, Anti-Duehring, p. 121. Intern. Publishers.
3. Karl Marx, I, p. 85.
4. Ibid. (Footnote).
5. Ibid., p. 83.
6. N. Bukharin, Historical Materialism, p. 238, 1925, N. Y.




# אין דער ליטעראַרישער וועלט



ביבליאָגראַפיש־קריטישע
פאַרצייכענונגען איבער
ביכער און שרייבער
פון
## אב. שאָולזאָן

פוילן. זכרונות און בילדער פון י. י. טרונק. ערשטער בוך. פאַרלאַג מעדעם־קלוב, (ניו־יאָרק 1944. 252 זייטן.

דאָס דאָזיקע בוך איז דאָס ערשטע פון א ריי ביכער, אין וועלכע דער מחבר וויל אויס־שטעלן דאָס בילד פון זיין לעבן אין די ראַמען און אין שייכות מיט דעם בילד פון דעם יידישן לעבן אין פוילן.

אָט וואָס דער מחבר זאָגט וועגן „פוילן" אין זיין הקדמה:

„אין פוילן איז דאָס יידישע לעבן געווען טיף איינגעוואָרצלט אין דער ערד און אין דער לאַנדשאַפט, און פון יענע זאַפטן האָט זיך געצויגן די גאַנצע יידישע שעפערישקייט. דאָס ביטערע און טראַגישע שיקזאל פון דער יידי־שער געשיכטע איז אָנגעקומען ווי א פינצטע־רער שטורם איבער די פולע און וואונדערלעכע יידן פון פוילן. טיפע און גאַנצע יידן אין זייערע קלאַסן און אין זייערע שטאַנדן. פון יענע יידן האָט געוויינט דער הייליקער ריח פון לעבעדיקער יידישער קאָנטינואיטעט. די שווערד האָט זיך אראָפּגעלאָזט איבער זייערע קעפּ, און אין זייער פאַרגאָסענעם בלוט האָט דער שונא פון דער וועלט געוואָלט זען דעם סוף פון דער אייביקער יידישער אומה.

„אָבער די פוילישע יידן זיינען ניט אזוי לייכט אָפּגעטראָטן פון זייערע איינגעזעסענע ערטער. דער אלטער יידישער העראָאיזם האָט תמיד ארויסגעלויכטן פון זייערע טראַדיציעס און פון זייערע רעוואָלוציעס, פון זייערע פרומ־קייטן און פון זייערע אפיקורסישקייטן — אין פוילן האָבן מיר געהאט די זכיה מיט די אייגענע אויגן צו זען דאָס בילד פון אן עם ישראל סבא.

די לעצטע יידישע קעמפער אין דער געטא זיינען אויף זייער אופן געגליכן געווען צו די קעמפער אין חורבן ירושלים. דער קאמף פון די יידן אין די פוילישע שטעטלעך, דער קאמף פון יידן מיט די שונאים פון דער וועלט איז פון די שענסטע מוסטערן פון מענטשלעכער דערהויבנקייט".

און צו די הייליקע יידן אין פוילן, ווידמעט דער מחבר דאָס דאָזיקע בוך.



## דריטער נומער פון דעם ליטעראַרישן זשורנאל „געצעלטן" שוין דערשינען

עס איז שוין ארויס פון דרוק דער דריטער נומער פון דעם ליטעראַרישן זשורנאל „געצעלטן" — דער מאַי־יוני נומער, אין וועלכן עס באטייליקן זיך די פאָלגנדע דיכטער, עסייאיסטן און דערציילער: גבריאל פּרייל, פּסח מארקוס, מנחם שטערן, מאַטעס דייטש, נחמיה קליין, מאיר שטיקער, ירמיה העשעלעס, הערמאן גאָלד, אליהו שולמאן און אליעזר גרינבערג.

דער זשורנאל „געצעלטן" דערשיינט יעדע

צוויי חדשים אונטער דער רעדאַקציע פון אליעזר גרינבערג און אליהו שולמאַן, און א חוץ די דערציילונגען, לידער און עסייען באַמיען זיך די שריפטשטעלער צו באַלויכטן די וויכטיקסטע ליטעראַרישע געשעענישן אין דער יידישער און אין דער אַרומיקער ליטעראַטור.

מיר ווינטשן די „געצעלטן" אריכת ימים און זאָלן זיי אויפוואַקסן און ווערן א „הויז" אין דער יידישער ליטעראַטור.



**די פעדער.** זאַמלשריפט פאַר ליטעראַטור, קונסט און קריטיק. רעדאַקטאָר אהרן קאַרלין. ניו־יאָרק 1919־1945. 192 זייטן.

דער 25 יאָריקער יובילײ נומער „די פעדער", רעדאַקטירט פון אהרן קאַרלין, וואָס איז לעצטנס ארויס פון דרוק אלס זאַמלשריפט, איז דער שענסטער און רייכסטער, וואָס איז ביז איצט דערשינען, סײ אין פאָרם, סײ אין אינהאַלט. אין דעם אויסער־געוויינלעכן זאַמלשריפט, נעמען אנטייל 44 פון די אָנגעזעענסטע שרייבער, דיכטער, עסייאיסטן און קריטיקער, א חוץ קינסטלער מיט קונסט־בילדער.



## גרויסער „הדואר" נומער געווידמעט צו חסידות

לעצטנס איז דערשינען א גרויסער „הדואר" נומער געווידמעט חסידות. די פאָלגנדע שריפטשטעלער באַטייליקן זיך: מנחם ריבאַלאָוו, ראובן צינדער, דניאל פערסקי, הרב דר. שמעון פעדערבוש, יעקב דוב אייגוס, יוחנן אבדסקי, מ. ש. בן־מאיר, דר. י. ק. מיקלישאנסקי, ש. צ. זעצער, הרב אברהם ביק, אהרן צייטלין, אפרים א. ליטיצקי, ה. סעקלער, פּראָפ׳ צבי שאַרפשטיין, יצחק זילבערשלאג, א. ר. מלאכי; יוסף אַפּאַטאָשו, הרב א. העפּטערמאַן, מ. ש. גשורי, יהודה דוד אייזנשטיין, דר. מנחם מ. גלען, דר. אהרן ווערטהיים, אברהם זילבערשטיין און ע. בן־מרים. דער נומער ענטהאַלט 48 גרויסע זייטן און איז א ווערטפולע בײשטייערונג צו דער דערקענטניש פון דער חסידות באַוועגונג, איר היסטאָריע, פאַרשטייער און ליטעראַטור.

# ב. ריווקין

(עס איז געפאַנגען געוואָרן דער ארון־קודש*) פון דער יידישער ליטעראַטור)

ב. ריווקין איז אוועק אויפן עולם־האמת. מע האָט אים פאַרבעטן אין דער פמליא־של־מעלה, ער איז געוואָרן א מיטגליד אין אויבערשטער אַקאַדעמיע פון קונסט און וויסנשאַפט, ער איז פּטור געוואָרן פון דער קליינלעכער און ליגנערישער וועלט. ער האָט תמיד געגאַרט און געלעכצט נאָכן אין־סוף פון פאָעטישער אויסדוכטעניש. ער האָט זיך געפילט איינגעשטשעמעט אין דער באַגרעניצטער מעגלעכקייט פון דעם פראַזאַאישן זיין.

ווי דער ים האָט ער געברויזט און ווי דער ים האָט ער זיך נאָכאַנאַנד געריסן פון זיינע קערפּערלעכע ברעגעס. ער האָט געשטרעבט צו דער אייביקייט און האָט פיינט געהאַט די דאָזיקע רגע׳ס. ער האָט געוואָלט פאַרפלייצן מיט זיין גייסט, מיט זיין אומגעצוימטער און אומצווימבאַרער ענערגיע, די טריקעניש פון דער היינטצייטיקער יידישער ליטעראַטור.

ב. ריווקין האָט פאַרמאָגט א פיין־סענסיטיווע מיסטישע נשמה, וואָס איר איידלקייט און ראַפינירטקייט איז דערגאַנגען כמעט צו דער מדרגה פון „לית ביה תפיסה כלל". און זיין גוף? א מיספאַרשטענדעניש. און עס איז פאַרגעקומען אן אייביקער קריג צווישן זיין ערדישן מגושם׳דיקן קערפּער און זיין זוניקגליענדיקער זעערישער זעל.

אין ראַנגלעניש מיט זיין חומר, מיט דעם גאַנצן וואָכעדיקן ארום, מיט דעם חולין׳דיקן שרייבערישן געזינדל, וואָס איז פאַרטונקט איבערן קאָפּ אין קליינלעכע אינטערעסן פון פרנסה־זוכעניש און געפינעניש — האָט ער פאַרשווענדט אַ היפּשע ביסל פון זיינע כוחות. אָבער אין אָט־דעם קאַמף האָט ער זיך תמיד אָנגעלאָדן מיט נייע קרעפטן. זיין ליטעראַריש לעבן איז געווען איין „מלחמת־מצווה".

ווי א פרומער ייד חזיר האָט ער פיינט געהאַט די „שרייבאַרעס", די דרייגראָשענע

* כתובות ק״ד.

הענדלערס, די מרווית׳ערס, די קויפערס־פאַר־קויפערס פון וואָרט, די לאַטכערס, די גנבים־לעך פון שעפערישן אויפטועריש גדאנק. ווי ווערים וואָלט ער זיי צעטראָטן מיט די פיס. וואָלט... אבער ווערים קריכן ארום אזויפיל אויף יעדן בלאַט און בלעטל... און וויפיל פיס פארמאָגט א מענטש... דער מענטש וואָס גייט בקומה זקופה איז אומבאַהאָלפן, איז אָנ־מעכטיק אין זיין געפעכט קעגן די „קריכערס״, די שרצים ורמשים...

ב. ריווקין איז געווען א וואַכזאַמער וואולקאַן. ער האָט געשפּיגן מיט פלאַם־פייער. זיין פייער האָט געלייטערט פון פסולת די ווערק צו וועלכע ער האָט זיך צוגערירט. ער האָט קיין פאַרפאַסער ניט פארברענט „מיט דעם הויך פון זיין מויל״, נייערט אויסגעברענט דעם שלאַק פון זיין אומפאַס און אויפפאַס, און דער עכטער מעטאל האָט זיך צעגליט און צעהעלט. ב. ריווקין ווי דער פייער־עלעמענט האָט אלעמאָל געצויגן ארויף, און מיטגערופן און מיטגענומען אין די אויבערשטע געוועלבן אלע די, מיט וועמען ער איז געקומען אין קינסטלעריש־דיכטערישן מגע־ומשא. און די, וואָס האָבן זיך בשום אופן ניט געקענט אויפ־הויבן פון זייער נידעריקער פלאַכקייט, האָט ער געשלעפּט ווי איבערגעוואלד אין די הויכן, פּרובירט כאַטש־בי ארויפהויבן זיי ווי זיילן רויך...

ב. ריווקין אין זיינע קריטיק־אָפּהאנדלונ־גען האָט געטאָן וואָס דער פסוק**) זאָגט: „ער האָט אויפגעהויבן פון דעם שטויב דעם אָרימאַן און פון דעם מיסט האָט ער דער־הויבן דעם אביון״. אין די גייסט־קבצנים האָט ער אריינגעהויכט זיין רוח־הקודש, זיין באַגייסטערונג, זיין באַפליגלטן עקסטאז. די דלפנים פון געפיל, די שלעפערס פון פאַנטאַזיע האָט ער באַשאָנקען מיט שעפערישן שפע, מיט זיין נשמה־עשירות. בעטלערס וואָס זיינען ארומגעגאנגען איבער די הייזער פון יידישער מחשבה און הרגשה, געקליבן סקאָרינקעס און קוויטלעך, האלבע און פערטל פרוטות, און זיי געלייגט אין זייערע טאָרבעס, האָט ער אויפ־געריכט, אָנגעטאָן בגדי־מלכות, געזאלבט זייע־רע קעפּ מיט פּארפיומירטן בוימאויל פון זיין משיחיות׳דיקער העל־זעערישקייט, זיי גע־קרוינט מיט דעם כתר פון יידישער יצירה. און זיי האָבן געפראַנטעוועט אין די קאָסטבאַרע בגדים, מיט וועלכע ער האָט זיי באקליידט, שטאָלצירט מיט דער קרוין, מיט וועלכער ער האָט זייער קאָפּ באַצירט, און אים אפילו קיין יישר־כוח ניט געגעבן, קיין דאנק ניט געזאָגט. זיי האָבן אין זייער שנאָרערישער פאַרריסנקייט און שלעפערישער גדלות געמיינט, אז דאָס וואָס ער האָט זיי, אין זיין ביישפּיל־לאָזער פזרנות, געשאָנקען, האָט זיי געקומט.

און ווען זייער שווארצע אומדאנקבארקייט האָט אריבערגעכאפּט אלע מאָסן און ב. ריווקין האָט מער ניט געקענט אויסהאלטן, פלעגט ער, אין זיין גרימצאָרן, אויסגיסן זיין ביטער הארץ פאַר מיר:

— „איך האָב זיי באַשאָפן, איך וועל זיי אומברענגען, מאַכן פון זיי א תל. אראָפּוואַרפן פון די טראָנען און צוריק זיי אוועקזעצן אויף זייערע שמיעטניקעס״...

זיין כעס פלעגט אָבער שנעל איבער־ברענען. פון זיינע שטראָשונקעס איז גאָרניט אַרויסגעקומען. ער האָט געוואוסט דעם וועג פון אויפריכט און אויפבוי. אים איז פרעמד גע־ווען דער דרך פון פארניכטונג.

ב. ריווקין איז אוועק פון אונדז און עס איז ניטאָ קיינער וואָס זאָל אים קענען פאר־בייטן.

גרויס איז דער וויטאָק, גרעסער איז דער צער און אומגעהויער שווער איז דער טרויער. מיר רייסן קריעה אין אונדזער האַרצן און זעצן זיך שבעה.

**א. ג.**

ניו־יאָרק, 10טן יוני, 1945



# ברוך גלאַזמאַן

(א נעקראָלאָג)

ברוך גלאזמאנס פּראָזע איז אַ פּסיכאָ־לאָגישע, א זיך גריבלענדיקע.

א מין פירמאמענט פון א שפינוועבס איז די וועלט, — און מענטש איז דאָרטן אינמיטן, אין קאָסמאָס ווי א שפין, און ראַנגלט זיך

** שמואל א׳, ב, ח; תהלים, קי״ג, ז׳.

מיטן שפינוועבס. ער וויל זיך באפרייען — און ער פאַרוועבט זיך אלץ מער און מער... דער מענטש אינמיטן — דאָס איז ברוך גלאַז־מאַן אליין. ער האָט קיינמאָל — אין געטויש און געטאַש פון מאַסקעס און העלדן — ניט פאַרגעסן זיך אליין, זיין אייגענע, מאָגערע בלאַסע מאַסקע. ער האָט זיך ניט געקענט פאַרגעסן. אונטער דער הויט פון אלע זיינע העלדן — וואוינט דער יידישער שריפטשטעלער. און צו אָפט גייט אויף אין זיין „בעל־לעטערישן" וואָרט א פובליציסטיש שטריך פון אַן אַרטיקל, א שטיק דיסקוסיע: געשלעג מיטן פאַנטאָם וואָס האָט אים לעבנסלאַנג פאַרפאָלגט.

און דאָך גייט אויף אין זיין געצווימטער פראָזע — די ליידנשאַפט. אזוי ווי ער וואָלט אָפּכאַפּן דעם אָטעם אין דער גרויסער נאַטור. אַזוי ווי דער וואַלפיש, וואָס שטעקט יעדעס מאָל איבער דער אויבערפלאַך פון וואַסער ארויס זיין נאָז, כדי צו אָטעמען, — האָט ער זיך באַפרייט פון פראַבלעמען און לאַסטן אין נאַטור, אין קאָליר פון פרילינג. אין דער פאָעזיע פון אין־סוף און אין די מאָמענטן פון שפּאַציר דורך די סעזאָנען פון יאָר, גייט אויף ברוך גלאַזמאַן ווי אַן איידעלער ליריקער, א סענסיטיווער מענטש, וואָס שליסט זיך אָן אין דער רייע פון די גרויסע מעדיטאַטאָרס און רעפלעקטיווע דענקערס איבער קאָסמישע פראָ־בלעמען. דערצו האָט אים געדינט זיין ראַפי־נירטער גייסט, זיין קולטור, זיין היימישקייט אין די פעלדער פון וועלט־ליטעראַטור.

עס איז געווען א טרויעריקע לוויה. אין דער קליינער טרונע איז געלעגן א מאַן, וואָס האָט געקעמפט פאר זיין נאָמען, פארן דיכטער, פארן יידישן וואָרט. עס איז געלעגן איינער, וואָס האָט ניט שלום געמאַכט מיטן גורל פון יידישן שרייבן, מיטן גורל פון מענטשן אין אונדזער שלעכטער צייט. ברוך גלאזמאן האָט זיך ריטעריש געשלאָגן פאר זיין וואָרט, אין פובליציסטיק, אין נאָוועלע, אין דער קורצער דערציילונג, און אויך מינדלעך.

דער גרוי־וואָלקנדיקער טשעכאָוו־וועטער, די יידישע שריפטשטעלער, וואָס זיינען געקו־מען, ווי די לעצטע מאָהיקאַנער, — מיטן טרויער פון אונטערגאַנג, — געקומען אָפּגעבן דעם „לעצטן כבוד" דעם, וואָס איז געווען, מער ווי ווער עס איז אנדער יידישער שרייבער, א פראָדוקט פון אמעריקע. די פערצן בענדער וואָס שטייען צו זיין קרעדיט — דאָס איז אַ פּאַנאָראַמע פון אמעריקע און פון דער וועלט. דען אומגלייך צו די מערסטע פסיכאָ־לאָגן אין פראָזע, צו וועמען די נאַטור און די וועלט איז פרעמד — אויסער די קאָמפּליצירטע פּראָצעסן פון דער מענטשלעכער פסיכע — האָט ברוך גלאַזמאַן געהאַט די נייגיריקייט פון א קינד צו דער וועלט און באזונדערס איז ער געווען נייגיריק צו קענען יידן, צו באַזוכן אלט־איינגעוואָרצלטע יידישע ישובים. געטריבן דערצו האָט אים דער באַגער צו געפינען חשיבות אלס יידישער קינסטלער. ער האָט מיט זיין וואָרט געוואָלט עמיצן דינען. ער האָט געפילט מער ווי יעדער אנדער יידישער שריפטשטעלער, אז ער איז איבעריק מיט זיין שאַפן, אז יידיש לשון איז אַן אוטאָפּיע פון די יעניקע וואָס מוזן אין יידיש שאַפן. און ער האָט געבענקט צו ווערן אַ פאָלקס־נויטווענ־דיקייט, א גייסט־באַדערפעניש פאר די יידישע מאַסן.

עס איז געווען א גרויער טאָג, ווען ברוך גלאַזמאַן איז אוועק, גרוי ווי זיין לעבן, גרוי ווי דאָס לעבן פון זיינע העלדן, גרוי ווי די אַטמאָספערע פון זיין פראָזע, אבל'דיקער ווי דער מאָנאָטאָנער ריטם פון זיין פראָזע.

און אין אַט־אַזאַ טאָג האָט מען אין דער ערד ארייגעשטעלט זיין טרונע, מיט דעם קערפּער פון דעם וואָס האָט געהאט אזויפיל אַמביציעס, וואָס האָט אַנטוויקלט אזויפיל דראַמע און פראָטעסט און דינאַמיק אין זיין לעבן, וואָס האָט קיין עוולות ניט געקענט פאַרשווייגן. נאָר איצט האָט ברוך גלאַזמאַן צום ערשטן מאָל געשוויגן, פאַרשוויגן די גרעסטע עוולה צו אים, — די גרעסטע באַ־ליידיקונג פון גאָט צום מענטשן — טויט.

ברוך גלאַזמאַנס פערצן בענדער פראָזע גייען אריין אין דעם אוצר פון יידיש־אמערי־קאַנער ליטעראַטור.

אלע עוולות און פראָטעסטן זיינען צו אַש און שטויב. זיינע ווערק שטייען נאַקעט צי־טערנדיק צום משפט פון גרויסן ריכטער, — דער אַלמעכטיקער שופט איבער גייסטיקע ווערטן — איר מאַיעסטעט, די צייט.

ש. ט.

ניו־יאָרק, יוני, 1945

# בריוו

ליבער פריינט...

דערהאַלטן אײַער בריוו, אײַער עפּיסטל וואָס איז פול מיט יאוש־שטימונגען און שטרענגע פאָדערונגען.

איר ווייסט וואָס איך וואָלט זאָגן: אײַער בריוו איז דיקטירט פון יצר־הרע. די מוסר־ספרים וויסן עס: ווען דער יצר־הרע קען זיך מיט אײנעם קײן עצה ניט געבן, פאַרשטעלט ער זיך פאַר אַ גרויסן צדיק און נעמט אַזויפיל פאָדערן אַז מ׳זאָל זײנע פאָדערונגען ניט קענען נאָכקומען, און אַזוי אַרום פירט ער אַראָפּ פון דרך הישר.

ווען מ׳בויט אַ סוכה, קען מען זי אויפשטעלן אין אַ פּאָר שעה און זיך גלייך אַרײנזעצן און וואוינען דאָרטן. ווען מ׳בויט אַ סאָלידע געבײדע מוז מען לייגן אַ פונדאַמענט, דערנאָך אויפריכטן ווענט, דערנאָך אַ דאַך, דערנאָך שטוקאַטורעווען טינקן, קאַלכן — דערנאָך דעקאָרירן, און ערשט, צום סוף, קען מען זיך אַהין אַרײנציען.

איך האָב זיך באַמיט אָוועקצולייגן אַ געזונטן פונדאַמענט פאַר יידישקייט, ווי פאַר רעליגיע, בכלל. איך בין נאָך ניט פאַרטיק מיטן פונדאַמענט און איר מאָנט ביי מיר אַ דירה, וואו צו וואוינען. איר האָט ניט קיין צייט און קיין געדולד, איך האָב ביידע זאַכן. ד׳י זאַכן מוז מען האָבן, אויב מ׳וויל עפּעס אויפטאָן באמת און ניט „האַקן סתם אַ טשאַיניק״ וועגן יידישקייט.

איר ווילט איך זאָל אײַך פּסק׳ענען שאלות, מיט פּסק׳ענען שאלות האָבן זיך פאַרנומען דיינים. איך האָב ניט קיין חשק פאַר אַזעלכע קליינינקייטן. לויט אײַך נאָך קומט אויס אַז לערנען תורה, אז „שרייבן תורה״ (אַ טערמין אונדזערע טאַטעס האָבן גענוצט) איז גאָרניט, איז „שפּיל״; און וואָס איז דער „להגדיל תורה ולהאדיר״? פון דער גאַנצער עבודה ביי יידן איז געווען דאָס וויכטיקסטע צו לערנען תורה לשמה וויל אויף תורה שטייט די יידישע וועלט. ביי אײַך איז עס „ליטעראַטורעווען״. זיכער איז עס גאָרניט ווערט, ווייל אין אונדזער צייט איז שרייבן געוואָרן אַ מלאכה און דער שרייבער איז אַ האַנטווערקער, וועלכער געהערט צו אַ יוניאָן, פירט אַ סטרייק, סקעבט וכדומה „וואונדערלעכע״ אויפפירונגען. ביי מיר שרייבן איז אַ „מלאכת הקודש״ און עס וועגט ביי מיר אריבער אלע אייערע מצוות המעשׂיות.

אַ ייד פרעגט אײַך: וואָס זאָל ער טאָן? און איר ווייסט ניט וואָס צו ענט־פערן. פאַרוואָס נוצט איר ניט הלל׳ס ענטפער? הלל איז אויך געווען אַ שטיקל

ייד. און פאַרוואָס ניט געברויכן ישעיה׳ס ענטפער? „הלא זה צום אבחרהו״... אָדער אַן אַנדער נביא׳ס ווערטער: הגיד לך אדם מה טוב און מה יהוה דורש ממך: כי אם עשות משפט ואהבת חסד והצנע לכת עם אלהיך (מיכה ו׳ ח׳).

איך ווייס איר זוכט דעם וועג צו פרומקייט און ווילט ניט זוכן און טרעטן דעם וועג צו גוטסקייט. אַ ייד וועט בדאי זיין אַ גאַנצן יאָר פרום איידער איין טאָג גוט. ער וועט עסן בדאי מרור... אַבי ניט צו טאָן אַ טובה, געבן א גמילת־חסד, אַרויסהעלפן אַ נויט־באַדערפטיקן, זיך אַנשטרענגען און פרובירן ווערן אַ בע־סערער מענטש. ווי איך זע פון אייער בריוו געהערט איר אויך צו די וואָס ווילן דווקא „דינען״ גאָט, וועלכער איז סיי ווי סיי דין, דק מכל דק, און ווילן ניט דינען דעם מענטשן, וועלכער איז היפש גראַבלעך און וועמען עס וואָלט גאָר־ניט שאַדן צו „דינען״.

איך זאָגט אַז אונדזערע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט האָבן ניט קיין אחריות, שטעלט זיך פאַר אז מיר האָבן א פולן שטרענגן שולחן־ערוך, וואָלט איך אַנשטעלן דעטעקטיווס אכטונג צו געבן צי זיי היטן אָפּ די דינים. און וואָס האָט מיין טאַטע געטאָן מיט די יידן וואָס האָבן ניט געהיט די דינים? האָט ער זיי געהייסן אויסשליסן פון כלל ישראל? וואָס האָט ר׳ יצחק אלחנן געטאָן, ווען ער האָט געזען אַז אַ יונגערמאַן רויכערט אַ פאַפּיראָס אום שבת? דאָס איינציקע וואָס ער האָט געטאָן איז, ער האָט אים געזאָגט „גוט שבת״ און האָט דער־וואַרט אַז יענער זאָל זיך פאַרשעמען, און אויפהערן רויכערן.

איר פרעגט מיך וואָס זאָל טאָן דער פשוט׳ער מענטש וואָס קען אַליין קיין תפילות ניט פאַרפאַסן. ס׳איז אַ קלאָץ קשיא. ווי האָט משה מתפלל געווען? ער האָט געזאָגט: „אל נא רפא נא לה״. אין די פאָר ווערטער איז באַשטאַנען זיין גאַנצע תפילה. איז דאָ אַזאַ פּראָסטאַק וואָס זאָל ניט קענען פאַרפאַסן אַן ענלעכע תפילה? זאָגט ניט אַ קינד זיין מוטער וואָס ער וויל? איז דען דאָ אַ פשוט׳ער מענטש וואָס קען ניט זאָגן מיט פשוט׳ע ווערטער וואָס ער פאַרלאַנגט, וואָס עס קוועטשט אים?!

מיינט ניט אַז איך קען אייך ניט אָפּ׳פּסק׳ענען אָט די אַלע שאלות וואָס איר האָט געפרעגט. איר דאַרפט אָבער משיג זיין אַז אין אַזאַ צייט ווי אונדזעריקע, וואָס איז אַן איבערגאַנגס־צייט, קען מען ניט אַרויסקומען מיט הלכות פסוקות, — בלויז מיט הויפּט־פּרינציפּן דאַרף מען קומען. איך בין דער לעצטער מענטש צוצו־שטיין און בעטן פון עמיצן אַרבעט. יעדערער טוט ווי ער פאַרשטייט, ווי זיין געוויסן דיקטירט אים, און וויפל ער וויל. איך געהער ניט צו גאָטס־קאָזאַקן וואָס גייען בודק זיין יענעמס ציצות. איך טו וואָס איך האַלט פאַר מיין פליכט. דאָס איז אַלץ. איך דערוואַרט און פאָדער פון יענעם גאָרניט. זאָל יעדערער פאָדערן פון זיך און



# זעלבסט־גלויבן *

## בוך צוויי: זעלבסט־פּרינציפּ

פון

## אבא גאָרדין

7.

## עטיק

ב.

### אוטיליטאַריאַניזם

(סוף)

עס איז ניטאָ קיין גליק־צושטאַנד אויסער דער באַפרידיקונג פון אַט־דעם אַפּעטיט; וועלכער איז געגליכן צו אַ פאַרהונגערטן וואָלף. די רעליגיעזע ליידנשאַפטן זיינען די שטאַרקסטע ליידנשאַפטן. דאָס איז די תאווה פון אַלע תאוות. (תהלים ס״ג, ב׳). דאָס איז דער פאַרלאַנג זיך אויפצולייזן אין דאָס גאַנצע און בשעת דער אויפלייזונג און דורך דער באַוואוסטזיניקער אויפלייזונג זיך צו באַהויפּטן, זיך צו געפינען דורך דעם אַקט פון זעלבסט־פאַרלוסט. עס איז ניטאָ קיין גליק אויסער אַט־דעם גליקלעכן צושטאַנד פון זיך פילן אין יחוד, אין דביקות׳דיקער באַהעפטונג מיט דעם גרויסן איך. ווען דער מענטש איז פסיכאָלאָגיש הונגעריק, ווערט ער ווי אַ צעדולטער, אַ צעשרויפטער. ער פרעגלט זיך אויף זיין אייגענעם אינערלעכן פייער. אין אַזאַ צושטאַנד פון צעמומענקייט, פון צעוויטאַקטקייט, פון קאַנוואולסיעס, ווי קען ער גאָר חלום׳ען וועגן גליק.

* יידישע שריפטן, העפט 18, ז. 51—129.

מע האָט אַזויפיל געשריבן מכוח דעם ווילן צו מאַכט, און מע האָט פאַרזען דעם פיל שטאַרקערן, מער אינטענסיוון ווילן צו גאַנצקייט, צו שלימות, צו הייליקייט.*) די גאַנצקייט ווערט פון דעם זעלבסט־באַוואוסטזיניקן יחיד אויפגעפאַסט לכתחילה אויף אַ קליין־קעפּלדיקן שטייגער, די גאַנצקייט און אינטעגריטעט פון דעם אייגענעם זעקל ביינדלעך, פון די אייגענע טעג און נעכט און זיכרונות ד״ה די אידענטיטעט פון דער אייגענער פּערזענלעכקייט אויף צו־להכעיס דער צעוואָרפנקייט פון די מאָמענטן, טראָץ דער מולטיפּליציטעט פון די זעלנצושטאַנדן, מיט איין וואָרט, דער אחד און יחיד פון דעם אייגענעם איך־באַוואוסטזיין. אָבער דאָ, ביים סאַמע אָנהויב שטעלט זיך אָט־דער ווילן ניט אָפּ. ער גייט ארויף און אַרויף. ער צייכנט אַלץ ברייטערע צירקלען, ביז ער דערגרייכט, אויב דאָס איז בכלל דערגרייכבאַר, צום אין עוד, צו דעם אלצאַרומפאַסנדיקן איך, פון וועלכן און מיט וועלכן דער „באַוואוסטזיין" בכלל הויבט זיך אָן. אַזוי אַז דער סוף פאַלט צוזאַמען מיט דעם גאַר־גרויסן אוראַלטן אָנהויב.

לכן עס איז ניטאָ קיין גליק אויסער דעם אני־יהוה באַוואוסטזיין־צושטאַנד, מחוץ פון אָט־דער דערקענטעניש־שטופּע.

דאָס ריטשקעלע בענקט נאָך דער שויס פון טייך. דער טייך לויפט צום ים, פאַלט אין זיינע אָרעמס. און ווען עס פאַרלירט זיך דאָרטן, ווערט בטל באלף צווישן זיינע נאָס־פּליסיקע פריינט, פילט ער זיך באַפרידיקט און זעצט פאָרט זיין מאַרשרוט מיטן גאַנצן ים, אַ טייל פון וועלכן ער איז געוואָרן.

אָט־דער ביישפּיל וואַרפט ליכט אויף דעם גאַנצן קאָמפּלעט פון דערשיינונגען. אָט־דער פּרט איז אַרויס אונדז צו לערנען און אויפווייזן דעם גאַנצן כלל, און דער כלל איז: דאָס שטרעבן צו דאָס גאַנצע. יעדע איינצלהייט שטרעבט צו דער פאַראַלגעמיינערונג. פאַרוואָס? ווייל לכתחילה איז געווען איין פאַראַלגעמיינערונג, וועלכע איז געווען אי איינצלהייט און אי פאַראַלגעמיינערונג און פון אָט־דער פאַראַלגעמיינערונג האָבן זיך אַרויסגעשיילט די איינצלהייטן, און זיי שטרעבן צוריק צום מקור, פון וואַנענט זיי האָבן זיך גענומען. דאָס קאָנקרעטע לויפט צוריק צו דאָס אבסטראַקטע, אַזוי אַרבעט אונדזער דערקענס־אַפּאַראַט. יעדער שטריך פון אַקציע שטרעבט זיך אַריינצופאַסן אין גאַנצן בילד פון הנהגה. יעדער רעיון לויפט צו אַ סיסטעם, צו אַ דערקענטניש־לערע. יעדע פאָרמולע, יעדע דעפיניציע, וועלכע פאַרענגט, גרענעצט אָפּ דעם קעגנשטאַנד, פון איין זייט, שטרעבט באותה שעה, פון דער צווייטער זייט, זיך אויסצוברייטערן און אַרומנעמען אַלץ און גאָר. דעם

*) אבא גאָרדין, מאָראַל אין יידישן לעבן ז״ז 65—57.

איינצלנעם געדאַנק ציט, ווי מיט אַ מאַגנעט, אַרויפצו צו דעם קוואַל פון אַלע געדאַנקען, צו דער ברייטסטער גענעראַליזאַציע, צו דעם איכטום־זעלבסטום. אונד־זער „זעיר־אַנפּין איך" שטרעבט מיט כל הכוחות צום „אריך־אַנפּין איך". דער קעגנשטאַנד גייט צו זיין רוים, צו זיין מקום. דער „מקום" איז די פּאַראַלגע־מיינערונג־אַבסטראַהירונג פון גאַנצן קאָסמאָס. און יעדע געשעעניש וויל אויס־הויכן איר זעל אויף דעם בוזעם פון צייט. מיר זיינען אַזוי צוגעוואוינט צו אַט־די פּאַרקומענישן, צו אַט־דער פּראָצעדור, אַז אונדז זעט דער ענין אויס צו זיין נאַטירלעך־פּשוט. און עס דאַרף אַזוי אויסזען, מחמת אַט־דער שטריך, אויף וועלכן מיר האָבן אָנגעדייט, איז איינער פון די עלעמענטאַרסטע, איז אַן אימאַנענטע איינגנשאַפט פון דעם גאַנצן וועלט־מעכאַניזם.

יעדע פּאַסירונג שטרעבט אַראָפּצוואַרפן פון זיך איר פּאַרטיקולאַרן לבוש, איר קאָנקרעטע אייגנאַרטיקע געשטאַלט און זיך אָנצוקליידן אין די גראַציעז־גרויסאַרטיקע מלבושים פון צייט, פון דער גרעסטער אַבסטראַקציע, פון דעם גאַנצטום, פון אַלצמיטאַנאַנדערטום, וואָס איז ניט אונטערגעוואָרפן אונטער ענדע־רונג און פּאַרבייגייִיִלעכקייט, דערשיינונג און דערטונקעלונג, אַנטשטייאונג און פאַרשווינדונג. די זאַך וואַרפט אַראָפּ פון זיך כמעט מיט האַס און פאַרדרוס דעם לבוש־שק, איר שטאָף, און פּוצט זיך אויס אין דעם דינסטן, שענסטן, זיידע־נעם קלייד פון רוים...

אמת, מיר ווייזן דאָ בלויז איין זייט פון דער מטבע. עס איז פאַראַן אַ צווייטע טענדענץ און דאָס איז דער ווילן צו זעלבסטשטענדיקייט, צו אומאָפּהענגיקייט, צו פּאַרזיכקייט, דער פּאַרלאַנג צו ווערן אַ יש, עפּעס ארומגעצוימטעס און אָפּ־געגרענעצטעס. עס איז אַ דאָרשט נאָך אינדיווידואַליזאַציע, אַ הונגער פּאַר זיך־אויסזיכונג. עס איז אַ תאווה צו פּערסאָניפיצירונג, צו דער אויספורעמונג און אויסרונדונג פון דער גאַנצער פּערזענלעכקייט. אַט־די צוויי שטראָמען גייען, אין פלוג, אין צוויי קעגנגעזעצטע ריכטונגען.

אָבער וועגן דעם וועלן מיר האָבן וואָס צו זאָגן אַביסל ווייטער. דערווייל ווילן מיר בלויז קלאָר־מאַכן, אַז דער איינצלטום רוקט זיך צוריק, קומט אַהיים, קערט זיך אום צו זיין אָפּשטאַם, צו זיין אייגענעם אַלגעמיינעם; און ערשט דע־מאָלט, ווען אַט־דער צוריק־קער פּאַסירט, ווערט רעאַליזירט, צו אַ געוויסער מאָס, דאָס וואָס מע רופט גליק.

דער אמת איז, אַז עס איז כמעט ווי ניטאָ קיין איינצלהייט, אין אַ נאַטיר־לעכן צושטאַנד. בכדי זי צו באַקומען מוזן מיר אָנווענדן די אַקציע פון פּאַר־איינצעלנערונג, בשעת די אלגעמיינהייט איז ניט קיין פּראָדוקט פון א פּאַראלגע־

מיינערונג, סיידן זי קומט נאָך אַ לאַנגן פּראָצעס פון פאַראייַנצעלנערונגען, וועלכע מיר פאַרבינדן אויף אַ באַוואוסטזיניקן אופן, דורך אינדוקציע, און שאַפן פון זיי אַ פאַראַלגעמיינערונג. *)

אַלע אונדזערע טואונגען האָבן איין צוועק אין זינען. דאָס איז צו רעאַליזירן דעם אידעאַל פון דער ברייטסטער דביקות. פון איינצלנעם מיטגליד צו דער משפחה, פון דער משפחה צום שבט, פון שבט צום פאָלק, פון פאָלק צו דער מענטשהייט, פון דער מענטשהייט צו דעם גאַנצן לעבעדיקן און וואַקסנדיקן קיים, פון אָט־דעם קיים צום גאַנצן באַשטאַנד, פון באַשטאַנד צום גרויסן איכטום, צו אנוכי־יהוה׳טום. פאַרוואָס באַצוועקט יעדע איינצלנע אַקציע אָט־דעם תכלית פון זיך אַריינפלעכטן אַלס אַ רינגעלע אין דער ענדלאָזער קייט פון צייטלאָזן הימשך? ווייל לכתחילה קומט זי פון דאָרטן. דער איינצלנער מיטגליד גייט צו זיין משפחה, ווייל באמת קומט ער אַרויס פון דער משפחה און ניט די משפחה קומט אַרויס פון אים. די משפחה גייט צום שבט, ווייל דער שבט איז על־טער און אַיינגעוואָרצלטער. דאָס פאָלק שטרעבט צו דער מענטשהייט, ווייל די מענטשהייט איז עלטער, וויכטיקער, פאַרדעמדיקער.

דער אידעאַל פון עטיק, פון גאַנצן סדר־העולם, פון דער הנהגה בכלל איז צו דערגרייכן דעם צושטאַנד פון גרויס־איכטום, פון זיכטום. די מיטלען און וועגן, וועלכע פירן אַהין, אויפן דרך צו אַ דערנענטערונג צו אָט־דעם אידעאַל שבאידעאַל, זיינען פילע און פאַרשיידנאַרטיקע. זיי שטעלן פאָר מיט זיך שטיגן, וואָס באַשטייען פון אַן אומענדלעכער צאָל טרעפּלעך. דאָ באַהויפּט זיך אונדזער אָטעם, ד״ה די „נשמה“, דאָ קומט נערונג, וואָס באַדייט אַ דערנענטערונג. דער אָטעם פאַרבינדט אונדז מיט דער אַטמאָספער. מיר אָטעמען מיט אַלע פאָרן פון אונדזער קערפּער, ניט בלויז מיט די לונגען. די נשמה אין פּראָסטן פשט פון אָטעמען איז אַ פאַרבינדערין. זי פאַרקניפּט אונדז אויף דעם בעסטן אופן, און אָן אויפהער אַפילו אויף איין סעקונדע, מיט דעם גרויסן אַרום. די נשמה, אין העכערן פשט פון וואָרט אַלס אַ פּסיכיק, איז, ווידער, דאָס אייגענע וואָס דער „אָטעם“, זי פאַרבינדט אונדז אויף דעם אייגענעם אופן מיט דעם גייסטיקן אַרום און הויפּטזעכלעך, מיט דעם „אינערטום“.

„כל הנשמה תהלל יה (תהלים ק״נ) כל הנשימה תהלל יה“ (בראשית רבה, פרשה י״ד, סוף פרשה).

אונדזערע חושים זיינען קאָמוניקאַטאָרן. אונדזער פאַרשטאַנד דערפילט די אייגענע פונקציע אויף אַביסל אַ בעסערן שטייגער. רעליגיעזע פילאָזאָפיע, געוויסנ־

*) אבא גאָרדין, אידישער וועלט באַנעם, ז״ז 120—99.

שאַפט, גלויבנשאַפט און וויסנשאַפט טוען דאָס אייגענע. זיי אַרבעטן אויפן געביט פון פאַרקער. און דאָס לעבן אַליין איז אויך בלויז אַ מעטאַד פון פלעכטן פאַר־העלטענישן צווישן דעם טייל און דעם גאַנצטום און דעריבער זיינען מיר זי־כער, אַז עס זיינען דאָ במציאות אַנדערע העכערע פאָרמען־מאַניפעסטאַציעס פון אינסיסטענץ, וועלכע זיינען רייכער, אינהאַלטפולער פון אונדזער לעבן. דאָס הייסט מע קען אויסגעפינען און אַנווענדן בעסערע מעטאָדן ווי די, וועלכע אונד־זער אָרגאַניזם, אַלס אַ פיזיאָלאָגישער מהות, ווענדט אָן מיט דער כוונה צו רע־אַליזירן אָט־די פאַרהעלטענישן. עס זיינען פאַראַן פאָרמען פון עקזיסטענץ, וועל־כע זיינען נידעריקער פון אונדזערע חושים און די לעצטע קענען זיי ניט אויפ־נעמען. דער נעץ פון דער עמפפינדונג, פון דער פערצעפּציע איז צו דין, צו קליין און ער קען ניט אויפכאַפּן אָט־די יעניקע דערשיינונגען. עס זיינען אויך פאַראַן פאָרמען פון אינסיסטענץ, וואָס זיינען פאַרהוילן אין דעם אינערטום. אונדזער היינטיקער שכל־הישר׳דיקער פאַרשטאַנד קען צו זיי ניט צוקומען. זיין זיפּ איז צו גראָב, צו גרויסלעכערדיק און זיי גייען אַדורך און בלייבן ניט אין דער זיפּ. וועגן זייער מציאות, דערפונדענשאַפט אָדער דערפינדלעכקייט, האָבן מיר בלויז אַ חשד אין דער בחינה „ואלי דבר יגונב״. מיר האָבן אַ פאַרדאַכט וועגן זייער עקזיסטירלעכקייט, פאַראַנענזייענבאַרקייט. די וועלט, ווי מיר קענען זי, איז ענלעך צו אונדזער באַוואוסטזיין, וועלכעס איז בלויז אַ מיטלפונקט, וואָס ליגט צווישן דעם אונטערבאַוואוסטזיין און אויבערבאַוואוסטזיין. אָט־די עולם־הזה געפינט זיך צווישן צוויי וועלטן, צווישן באַשטענדלעכע באַשטאַנדן. עס איז דאָ דער עולם־העליון און דער עולם־התחתון. דער עולם־העליון איז די עולם־הבא, אַ וועלט וואָס איז לעת־עתה אַ „געוועלט״, אַ ווילעניש, אַ פאַרשטאַנד מער ווי אַ באַשטאַנד, אַ גע־וויסנשאַפטלעכער פילאָזאָפיש־ספעקולאַטיווער מהות. מע דאַרף אָבער גוט באַגרייפן, אַז דער אַזוי גערופענער קאָסמאָס מיט זיינע לימיטאַציעס, מיט זיינע פיניטעטן איז בלויז א קליינער חלק׳ל פון דעם אַלצאונגאַרטום, איז דער אלמעגלעכטום אין פאָטענץ, וועלכע גייט בכל רגע ובכל שעה אַריבער אין אַן אַגענץ, פון אַ בכוח אין אַ בפועל.

מיר געפינען זיך אין מיטן, צווישן אַן ענדלאָזן סכום פון וועלטן, פון אוני־ווערסומען, סיסטעמען פון אינסיסטענץ, וועלכע גייען אַריבער אין עקזיסטענץ. פון עפּעס פנים׳דיקעס ווערען זיי עפּעס חוץ׳עדיקעס, וואָס דער דאָזיין אַלס אַזעלכעס איז כולל אין זיך. ער האַלט זיי אַלעמען צוזאַמען, פאָרמירנדיק די גרעסטע „פער־זענלעכקייט״, וועלכע איז נאָר מעגלעך אין דער אלמעגלעכקייט פון אלצמיטאַנאַנ־דערטום, פון דעם אמת׳ן אַבסאָלוט.

דאָס זיין איז באמת אַ מיין. עס איז מערקווירדיק ווי דער לשון, די שטיק פאַרקערפּערטע פּסיכאָלאָגיע, האָט זיך געראַנגלט קעגן אָט־דער אימפּאָזיציע פון פאַרפרעמדקייט. די ערשטע און די צווייטע פּערזאָן האָבן בשום אופן ניט געוואָלט אָננעמען דעם ווערב „זיין״. זיי האָבן געברויכט בעסער דעם ווערב „בינען״, „איך בין״, „דו ביסט״. די דריטע פּערזאָן איינצאָל האָט גענוצט דעם ווערב „איזן״, „ער איז״ אין מערצאָל ערשט געפינען מיר שוין אַ פולע געזונט־גראַמאַטיקאַלישע פאָרם: מיר זיינען, איר זייט, זיי זיינען. ווען אַנשטאָט זיין שטעלן מיר דעם ווערב מיין. און אויב מיר נעמען אים אויף אַלס אַ רעגולאַרן ווערב, וועלן מיר זאָגן: איך מיין, דו מיינסט, ער מיינט, מיר מיינען, איר מיינט, זיי מיינען, ד״ה זיי עקזיסטירן, וואָס מיינט אינסיסטירן, זיי זיינען, זיי באַהויפּטן זיך אין דער ערשטער פּערזאָן. אָבער ווי איז עס מעגלעך צו זיין אין דער ערשטער פּערזאָן? מוז מען מיינען אין דער ערשטער פּערזאָן.

די ענדלאָזע וועלטן־טאָטאַליטעט איז ניט אומבאַזיגבאַר. איר פעסטונג איז ניט אומצוגענגלעך, אומאיינגענעמבאַר פאַר אונדז. פונקט דער היפוך איז ריכטיק. זי שטייט אַן אָפענע. זי רופט און לאַדעט אונדז אַיין מיר זאָלן זיך פילן היימיש אין איר תחום און רשות. אירע טויערן ווערן קיינמאָל ניט צוגעמאַכט, ניט בייטאָג און ניט ביינאַכט. זי לאָקט אונדז מיט דעם רייצנדיקן רייכטום פון אירע שעצער, מיט דער נייקייט פון אירע תענוגים, מיט אירע פרייע אומדערפאַרענע מאָדוסן פון אינסיסטענץ, פון איבערלעבן, פון זיך־זיכן, זיך־זעלביקן, זיך פּסיכיזירן. און מהאי טעמא טאַקע שטייגן אונדזערע טרוימען, דערוואַרטונגען, פאָראויסאַנונגען אַלע מאָל אריבער אונדזערע שווינדערגרייכטקייטן. מיר שטרעבן צו דעם אומבאַוואוסטבאַרן, וואָס מיינט דאָס באַוואוסטבאַרע אין אַ נייער פאָרם פון וויסעניש און געוואוירווערעניש.

אָט־די אויסטערלישע פאָרם פון דערקענטעניש האָבן די טעאָלאָגן אַ נאָמען געגעבן אַנטפּלעקונג. די־דאָזיקע התגלות איז בלויז אַ נייער אַספּעקט פון באַוואוסטזייעניש און וויסעניש; דאָס איז אַ מין העכערער עטאַזש פון דער אַלגעמיינער לאָגיק. מע קען זאָגן, אַז די רעוועלאַציע איז אַ מין אויבערגעביידע, וואָס איז אויפגעשטעלט אויף דעם בנין פון די פּשוט׳ע חושים, אויף די געוויינטלעכע אורטייל און מסקנות־צי מאָדוסן.

מיר דאַרפן האַלטן אין זינען אָט־דעם פאַקט אַז אַלע אונדזערע אורטיילן ליגן בלויז מיט אייניקע פון זייערע פונקטן אין דער ספערע פון אורטייל, בשעת זייער גרעסטער טייל געפינט זיך מחוץ פון אונדזער קאָמפּעטענץ־תחום, אויף יענער זייט פון אונדזער לאָגישער יוריסדיקציע. און אין דעם באַשטייט זייער חולשה ווי אויך

זייער גבורה. יעדער אורטייל, וועלכער איז דאָך באמת אַן אורגאַנען,* באַהויפּט פיל מער ווי אים איז געגעבן געוואָרן רשות, ווי ער איז באַפּולמעכטיקט מצד פון אור־טיילער. ער ווערט, ווי פון זיך, אומבאַמערקטערהייט אַן אַנזאָגער. ער פּראָקלאַמירט דעם דערנענטער פון מלך מלכי המלכים, פון קיניג פון געדאַנק, געפיל און געשפּיר.

אָט־די וועלט וואו מיר לעבן, געפינען זיך, וואָס מיר באַוואוינען, איז בלויז איין בלעטל, איין זייטל אַרויסגענומען פון אינסיסטענץ־בוך אַלס דעם גרויסן דאַזיין און אַלץ־מעגלעכטום. פונקט אַזוי איז אונדזער געדאַנק, אונדזער משפּטן. ער איז בלויז איין קרושל, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן פון דעם רייך־געדעקטן טיש פון מענ־טאַליטעט.

אונדזער אינטעלעקטועלעס וואַקסן קומט פאַר ניט בלויז לויט די ליניעס, וועלכע זיינען אָנגעצייכנט געוואָרן פון דעם געגעבענעם מענטאַלן סדר, נייערט באַ־שטייט בעיקר אין דעם פאַרזוך און באַווייז צו אַנטדעקן נייע כוחות, נייע מעכ־טיקייטן און פּאָטענצן, וואָס ליגן פאַרבאַהאַלטן און אַריינגעוועבט אין די סיסטעמען און איינריכטונגען וואָס האַלטן זייער לאַגער מחוץ למחנה פון דער הערשנדיקער אָרדענונג.

דאָס קלאָגן זיך פון פּעסימיסט, אז דער מענטש געפינט זיך תמיד אין אי־בערגאַנג פון איין אָרדענונג צו דער צווייטער, אַזוי אַז די צייט, וועלכע פאָדערט זיך בכדי ער זאָל קענען קומען צו זיין דעסטינאַציע־פּונקט, איז אומגעהויער גרויס, — אָט די תהומות האָבן ניט קיין צופיל גרונט. ווייל אָט־דאָס אייביקע גלות־אָפּ־ריכטן, אָט־די שכינתא בגלותא פון מענטשלעכער געוואוירוועריניש, קען גיכער דינען דעם אָפּטימיסט. ווען עס איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט און אויך אַ ווילן צו דערגרייכן עפּעס בעסערעס מיינט דאָס נאָך ניט צו זאָגן, אַז דאָס דערגרייכטע איז ווערטלאָז, איז שלעכט. דער מיטל און די רפואה פאַר דער צרה פון אונדזער שטענ־דיקער אומצופרידנהייט אַלס דעם קוואַל פון אונדזערע יסורים און שווערן געמיט איז די אויפריכטונג פון אַ ריכטיקער קאָמוניקאַציע סיסטעם צווישן מענטש און דער וועלט. די פאַרפרידענונג פון „איך" און „ניט־איך" וועט מאַכן דעם מענטשן גאַנץ און גליקלעך. די רעקאָנסיליאַציע פון דער אַנטוויקלונג פון זעלבסטום, פון דעם פּרינציפּ פון פּערזענלעכקייט, זעלבסט־באַגענוגענדיקייט, זעלבסט־אייניקייט־און־איינצייקייט מיט דעם, אין פלוג, קעגנגעזעצטן פּרינציפּ פון אוניווערסאַליזם, דאָס שטרעבן אַרומצואָרעמען אַלע וועלטן און אַפילו דערנאָך זיך נאָך אַלץ פילן פאַר־

* אבא גאָרדין, אידישער וועלט־באַנעם ז"ז 107—104.

שטויסן, אָפּגעריסן פון שטאָם, פון דעם גאַנצטום, די פּאַר׳שלום׳ונג פון אָט־די צוויי פּרינציפּן מוז און וועט פּאַרקומען.

די שלום־מאַכונג פון דעם פּרינציפּ פון אוניווערסאַליזם מיט דעם פּרינציפּ פון אינדיווידואַליזם, די שאַפונג און אויסקריסטאַליזרונג פון דער אין־זיך פאַרשלאָסענער פּערזענלעכקייט, און די פאַרקניפּונג פון אָט־דער פּערזענלעכקייט מיט דעם אַלצדינג איז דער עצם מהות פון לעבן און דענקען. מחשבה איז אַ קאַטעגאָריע פון אינסיסטענץ. און באמת די פאַראייניקונג פון די־דאָזיקע צוויי כוחות־פּרינציפּן, וועלכע שטויסן זיך, לכאורה, צוזאַמען, איז די קווינטעסענץ פון יעדן קעגנשטאַנד, אָביעקט, פּראָצעס, דערשיינונג, געשעעניש. אָט־דער סינטעז דרינגט אַדורך יעדע זאַך ביז זי דערהייבט זיך און דערגרייכט די דרגה פון דער עכסט פּערפעקטער פּערזענלעכקייט, דער שלימות׳דיקער אינדיווידואַליטעט, וועלכע איז ניט קיין רעקאָנסיליאַציע פון אָט־די צוויי היפּוכים, פון די דאָזיקע צוויי שטרייטנדיקע טענדענצן־שטימונגען, נייערט איז די ריינע אוניווערסאַליזאַציע, וואָס מחמת איר אויסגעהאַלטנקייט קען זי ניט זיין קיין אַנדער זאַך ווי בלויז אַן אינדיווידואַליטעט, אַ פולקומענע פּערזענלעכקייט. ווען מיר הייבן זיך אויף צום סאַמע הייך־פּונקט, דערגרייכן דעם זעניט, ערשט דעמאָלט נעמען מיר פאַרשטיין אַז אויך אין טיף־פּונקט, אין נאַדיר, געפינען מיר בלויז אינדיווידואַליטעטן, וועלכע זעען אויס ווי פּערזענלעכקייטן בלויז אַדאַנק דעם וואָס זיי באַטייליקן זיך אין דער שאַפונג, אין דער דערפילונג פון די פונקציעס פון דער אוניווערסאַליטעט אַלס אַזעלכער. און ערשט איצט דערוויסן מיר זיך, אַז דאָ איז גאָר ניטאָ קיין ווידערשפּרוך: מחמת די אוניווערסאַליטעט איז אומדענקבאַר און אומאינסיסטירבאַר־עקזיסטירבאַר ווי בלויז אַלס אַ אינדיווידואַליטעט, אַלס אַ גאַנצקייט. יעדער קעגנשטאַנד, געאורטיילט פון אינעווייניק, אַרויסגייענדיק פון זיך און אריינגייענדיק אין זיך, איז די רעאַליזירונג פון דעם אוניווערסאַלן פּרינציפּ און צוגלייך די דורכזעצונג און פאַרקערפּערונג פון דער פּאַרטיקולאַריטעט וואָס געפינט זיך אין אים. יעדע פּאַסירונג איז אונטערגעוואָרפן אונטער דעם אייגענעם כלל, אונטער וועלכן עס שטייט דער איינצלנער מענטש ווי אויך אַ גאַנצע זונענסיסטעם.

על־כן מיינט גליקלעכקייט דער צושטאַנד פון געפינען־זיך אין איינקלאַנג מיט דעם גאַנצטום, מיט זיינע אַטריבוטן פון אַלמעגלעכקייט, אַלוויסעניש און אומעטומעדיש ווי אויך מיט די איבעריקע אייגנשאַפטן פון דעם אבסאָלוט. דעם מענטשנ׳ס גליק ליגט איינגעשלאָסן אין אָט דעם הסכם מיט דעם אַלצמיטאַנאַנדער. דער מענטש מוז שטרעבן צו דערגרייכן די דרגא פון אנוכי יהוה, צו גיין אין זיינע וועגן, זיך דערהייבן צו אים, זיך באַהעפטן מיט אים, זיך פלייסן מיט כל־הכוחות צו ווערן אַ כל־

יכול, אַ קוואַל פון שאַפונג און קרעאַטיוויטעט, אַ מקור־אויסגוס פאַר וועלטן־סיס־טעמען, פאַר באַשטאַנדלעכקייטן. דאָס מענטשנקינד בכדי צו זיין גליקלעך מוז ווערן פון אַ מיקראָקאָסמאָס אַ מאַקראָקאָסמאָס. אין דער אַלמעגלעכקייט פון אנוכי־יהוה גייט אַריין אויך אַט־די מעגלעכקייט.

דער וועג צום גליק איז דער געבאָט „והלכת בדרכיו", דעם מענטשנס דרך אויף דער ערד צו דעם תכלית פון גליקלעכקייט איז פאָראויסבאַשטימט, איז אָנגע־צייכנט פון ששת־ימי בראשית, אַזוי צו זאָגן. דער מענטש איז אין דעם באַשטאַנד, אין גאַנצטום. זיין צוועק איז צו ווערן דער אַלצמיטאַנאַנדער, צו ווערן דער אנוכי יהוה און אַרויסצואוויקלען וועלטן פון זיך אַרויס, צו שעפּן פון דעם קוואַל פון אַל־שעפערישקייט, פון דער אַלמעגלעכקייט, וועלכע איז מאַניפעסטירט דורך צימצום אין דעם באַשאַף, אין דער פּאַנרעאַליטעט, וועלכע איז, בעצם, אַ פּאַנאידעאַליטעט.

כל־זמן דער מענטש האָט ניט באַוויזן צו דערגרייכן אַט־דעם ציל, ד"ה זיין גליך צו דעם אנוכי־יהוה, מקיים זיין אין פולער מאָס דעם אָנזאָג „פון גיין אין זיינע וועגן", (סוטה י"ד, א') קען ער ניט זיין פול, קען ער ניט זיין גליקלעך. ער איז „ניט־אינגאַנצן", „ניט מיט אַלעמען". אים פעלט דער עיקר, דער אייגענער זיך, דער זיכטום, דער איכטום. דער מענטש איז באַרופן צו שאַפן דעם גאַנצן באַ־שטאַנד פון זיין אינערלעכער עסענץ אַרויס, וואָס איז, אין תוך, דער אייגענער מהות וואָס די אויסערלעכע עסענץ און פּאָטענץ.

ברעקלעך פון גליק ליגן צעוואָרפן אויף די וועגן, זיינען ווי פּאַרזייט איבער אַלע פעלדער פון לעבן און אינסיסטירן. און דער, ווער עס וויל זיין גליקלעך, דאַרף זיך ניט פוילן און גיין זיי צונויפקלייבן. ער וועט זיי געפינען אויף די שליאַכן, וואָס פירן צום אנוכי־יהוה, צום אַבסאָלוט, אויף דעם דרך־המלך פון אוניווער־סאַליזם. בכדי צו זיין גליקלעך מוז דער מענטש זיין אוניווערסאַל און באותה שעה אויך אינדיווידואַל. די דרגא פון גליקלעכקייט געפינט זיך אין אַ דירעק־טער פּראָפּאָרציע צו דער רעאַליזירטער אוניווערסאַליטעט און אינדיווידואַליטעט.

דאָס אייגענע דאַרף געזאָגט ווערן מכוח נוצלעכקייט. אוטיליטעט איז בלויז איין אַספּעקט פון דער אוניווערסאַליטעט, פון דעם אנוכי יהוה. אַ זאַך, בכדי זי זאָל קענען באַטראַכט ווערן אַלס נוצלעך, דאַרף דינען הן דעם מענטשן, הן די איבעריקע באַשעפענישן און אַפילו די קעגנשטאַנדן. ווייל וואָס איז אַזוינס אַ מענטש? ער איז אַ הייך־אַנטוויקלטער קעגנשטאַנד, אַ גייסטיקער ריזן־זאַך. ער איז אַ זיך וואָס איז געוואָרן אַ זאַך, אָבער וועלכער האַלט זיך ביי זיין זיכיש־קייט. און וואָס איז אַזוינס אַ קעגנשטאַנד? אַ גייסטיקער צווערג־מענטש. אַ זאַך איז אויך אַ זיך, אַ פּערזענלעכקייט, וועלכע געפינט זיך אין אַ רודימענטאַרן צו־

שטאַנד. זי געפינט זיך אויפן וועג צווישן אוניווערסאַליטעט און אינדיווידואַליטעט, אויף דעם קנופּ־פּונקט פון זיי ביידן. יעדע זאַך איז אַן אַגרעגאַט, אפילו מער, עס איז אַ מין סאָרט „אָרגאַניזם״, אַ מין קאָמפּליצירטע איינהייט. זי איז אַ שטיק גאַנצטום, וועלכער באַשטייט פון אַן אומענדלעכער צאָל פון טיילן און טיילכעלעך. זי אָרגאַניזירט זיי לויט דעם אַלגעמיינעם פּרינציפּ פון אינסיסטענץ. זי סטאַבלירט אַ גאַנצע סיסטעם פון באַציאונגען און פאַרהעלטענישן, וועלכע וועבן זיך צווישן אירע אינערלעכע חלקים און דער אויסערלעכער וועלט, ד״ה אַ צאָל אָביעקטן מיט וועלכע זיי טרעטן אַריין אין אַ שטענדיקן אומאויפהערלעכן קאָנטאַקט. אַ זאַך איז אַ זיך. זי פאַרמאָגט איר אייגנאַרטיקן רעגוליר־מאָדוס פון פאַרהעלטענישן מיט דער וועלט, מיט דעם סך־הכל פון אַלע אַנדערע זאַכן, אָן וועלכע די געגעבענע זאַך וואָלט ניט געקענט זיך באַגיין, וואָלט ניט געקענט זיך באַהויפּטן. די זיכיקייט פון דער זאַך איז פון אַן אַנדער כאַראַקטער, ווי די זיכיקייט פון מענטשן מיט זיין זעלבסט־באַגלויבטזיין און זעלבסט־באַוואוסטזיין. אָבער אויך זי האָט אַ חלק אין דעם זיך, אין דעם זיכטום, הגם איר זיך איז פון אַן אַנדער געשטאַלט און טבע. מיר דאַרפן אויך צוגעבן אַז די טויערן פון ווייטערער אַנטוויקלונג זיינען פאַר איר ניט פאַרשלאָסן. זיי שטייען אָפן פאַר איר אַזוי גוט ווי פאַרן מענטשן. די ריכטונג איז געגעבן, זי איז באַשטימט און דייטלעך : דער פאַרגרעסער פון די אוניווערסאַלע עלעמענטן אַזוי גוט ווי די אינדיווידועלע שטריכן און אייגנאַרטיקייטן. סיי יעדער קעגנשטאַנד, ווען מע נעמט אים אַלס איינצלנעם, סיי דער גאַנצער באַשאַף איז אַ פּראָצעס, וועלכער איז די דינאַמישקייט אַליין. ער אַנטוויקלט זיך. דער קאָסמאָס איז ניט קיין אָרדענונג, וואָס איז עטאַבלירט איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אָפּגעגאָסן אין אַ סאָלידן פורעם. דער קאָסמאָס האַלט כסדר און תמיד אין מיטן אַ פּראָצעס פון אַנטוויקלונג, ריכטיקער, פון באַשאַפונג. דער אַלצמיטאַנאַנדער איז אַלעמאָל אין וועג. ער קלעטערט, אַזוי צו זאָגן, אויף אַ באַרג. ער גייט באַרג־אַרויף מיט אַלע זיינע אָביעקטן. ווי די ערד פאָרט אַרום מיט אַלץ, וואָס עס איז דאָ אויף איר און אין איר, פּונקט אַזוי דער באַשטאַנד. ער איז אַ „באַגאַנג״. דער עוואָלוציע־פּראָצעס איז חל אויף דעם גאַנצטום, אויף דעם סך־הכל פון אַלצאונגאָר. יעדע זאַך ציט זיך, ווי אַ פלאַנץ צו דער זון, וואָס נענטער צו דער מדרגה פון אַ פּערזענלעכקייט. די מערכה פון מענטשן איז צו גיין און קומען וואָס נענטער צו דעם אנוכי־יהוה, צו דעם זיכערטום, צום גרעסטן סכום און גרעסטן אָנשטרענג פון דאָס אוניווערסאַליזירנדיקע און אינדיווידואַליזירנדיקע. דער מענטש איז אַ גאָט פאַר די זאַכן, פאַר די אָביעקטן. ער אַליין איז אָבער ניט קיין פאַרענדיקטער פּראָדוקט. ער שטייט ניט אויף איין אָרט. זיין דעסטינאַציע־

פונקט איז דאָס ווערן בפועל־ממש אַן אנוכי־יהוה. דאָס איז זיין אידעאַל, וועלכן ער דאַרף רעאַליזירן. דאָס איז זיין עובדא און זיין מיסיע. דער אַלצטום, זאַך, גע־שעעניש, דערשיינונג, פּראָצעס, אַלץ און גאָר, וואָס געפינט זיך אין דעם תחום פון דעם עקזיסטירנדיקן־אינסיסטירנדיקן סדר־העולם, געפינט זיך אין אַ שטענ־דיקער פּילגרים־רייזע. דער אַלצטום איז עולה־לרגל צום טעמפּל פון דעם אנוכי־יהוה, פון דעם אַבסאָלוט, וועלכן מיר אין דעם געגעבענעם צושטאַנד פון מענטאַ־ליטעט קענען משיג־זיין בלויז טונקעלערהייט, מטושטש׳דיקערהייט. אָבער מיר דאַרפן באַגרייפן, אַז אונדזער טראַכטונגס־כוח איז אַ היסטאָריש באַגרענעצטע מענ־טאַלע ענערגיע און דער באַריער פון היינט ווייזט זיך אַרויס מאָרגן צו זיין בלויז אַ שלאַגבוים וועלכן מע קען לייכט אויפהייבן און דורכגיין, און אַוועקגיין אַן שטער ווייטער און ווייטער. אונדזערע וויסנשאַפטלעכע ווי פילאָזאָפישע דיסציפּלינען, ד״ה די לאָגישע קאַטעגאָריעס אונדזערע זיינען אויך בלויז היסטאָריש, הגם זייער היסטאָרישקייט איז פון אַ פיל לענגערער דיסטאַנץ ווי דאָס וואָס עס איז אָנגע־נומען צו רופן „היסטאָריש״ און קעגנשטעלן כנגד דעם, וואָס איז אָנגענומען צו באַצייכענען מיטן טערמין „לאָגיש״. אַלע קאָסמישע דערשיינונגען, אין זייערע געגעבענע פאָרמען און געשטאַלטן, זיינען בלויז היסטאָריש. דאָס מיינט צו זאָגן, אַז מע קען זיי אויפפאַסן אין אַן אַנדער געשטאַלט און פאָרם. דער באַשטאַנד אַלס אַ גאַנצער, ניט בלויז אין זיינע טיילן, דאַרף באַנומען ווערן אַלס עפּעס, וואָס גע־פינט זיך אין אַ צושטאַנד פון פליסן און שטראָמען און זיך ענדערן. די אָביעקטן, וועלכע מיר זעען, וועלכע מיר באַאָבאַכטן, אַנטפּלעקן זיך ניט צו אונדז אין זייער אמת׳ער ווירקלעכער געשטאַלט צוליב דעם, וואָס מיר נעמען זיי אויף אַלס שטיקער אינערטישקייטן, בשעת זיי זיינען אַגענטן, פאַקטאָרן, ענערגעטישקייטן. עס איז ניטאָ קיין רעאַליטעט, קיין זאַכיקייט. עס איז פאַראַן אַ ווירקלעכקייט, וועלכע ווירקט כסדר און תמיד. זי איז אַן אַקטואַליטעט, אַ טואיקייט. עס איז אַ מעשה־בראשית, אַ מעשה, אַ טועכץ, וועלכע האַלט כסדר ביי איר סאַמע אָנפאַנג.

די זאַכן, ווי זיי זיינען פאַר אונדז, אַלס דערשיינונגען, זעען מיר ניט אַנ־דערש ווי בלויז דורך פאַרטונקלונגען, מחמת דעם וואָס מיר פאַסן זיי אויף אַלס עפּעס סאָלידעס, שטייאיקעס. בשעת אין דער ווירקלעכקייט זיינען פאַראַן בלויז צענטערס פון ווירקונגען, געזעמלס פון מעגלעכקייטן און טולעכקייטן. חוץ דעם זעען מיר ניט, באַמערקן מיר ניט אַלע זאַכן, וועלכע געפינען זיך אין אונדזער אַרום. דעם מענטשנס חושים זיינען צו טונקל און טעמפּ אַז ער זאָל בכוח זיין אויפ־צונעמען אַלע זאַכן מיט אַלע זייערע אייגנשאַפטן. אַזוי ווי דער מענטש דערקענט זיך ניט, ווייס ניט פון זיין לייב און לעבן, אַזוי אויך די קעגנשטאַנדן. זיי קענען

זיך אַליין ניט. זיי האָבן זיך נאָך ניט אַנטפּלעקט צו זיך אַליין. דאָס מיינט זיי זיינען נאָך ניט דאָס וואָס זיי וועלן זיין נאָך אַ געוויסן פּאַרלויף פון באַשטאַנד־היסטאָרישער צייט. דער אַלצמיטאַנאַנדער וואַקסט, אַנטוויקלט זיך. און אַלע אָב־יעקטן וואַקסן, אַנטוויקלען זיך, גייען אַדורך גאַנצע לאַנגע סעריעס פון שינויים־ענדערונגען.

די זאַך איז זיך אַליין, פאַר זיך אַליין איז אַ זאַך־זיך, וואָס האָט דערגרייכט דעם שפּיץ־ענד פון איר אַנטוויקלונג, ד״ה געקומען צום צושטאַנד פון דעם אַב־סאָלוט, אַריין אין דעם תחום פון אנוכי־יהוה׳טום. און אַלס אַזעלכע דאַרף זי ניט אָנקומען צו פאַרהעלטעניש מיט מענטשן און באַציאונגען צו זאַכן, וואָס געפינען זיך מחוץ פון איר. זי שאַפט זיך אַ גאַנצע סיסטעם פון רעלאַציעס פון אינעוויי־ניק, אין אינערלעכן זיך. זי פאָרמירט און צירט אויס אַ גאַנצן אינטעראינדיווידואַל אין זיך אַליין, פאַר זיך אַליין. אנוכי יהוה דער גרויסער אַבסאָלוטער איך איז דער עכסט פּערפעקטער אינטעראינדיווידואַל און אוניווערסאַל קאָמבינירט צוזאַמען. דאָס מיינט צו זאָגן אַז ער איז אַן אינדיווידואַל און אַן אינטעראינדיווידואַל אויף איין מאָל. ער איז אַן איינס, אַן אחד מיט אַן ענדלאָזן סכום פון חלקים, וועלכע זיינען יעדע־רער פאַר זיך, אין זיין ריי, און אויפן אייגענעם חשבון, אַן אינדיווידואַל און אַן אינטעראינדיווידואַל פון אינעווייניק; און אַזוי גייט עס ביז צום אין־סוף פון מעגלעכקייטן, פון דוכטלעכקייטן. די קעגנזייטיקע פאַרהעלטעניש צווישן דעם גאַנצ־טום און דעם טייל איז די אייגענע פאַרהעלטעניש, וואָס עקזיסטירט צווישן דאָס איינצלנע און אַלגעמיינע. קיינער, אַפילו דער פּעדאַנט־לאָגיקער, האָט דאָ ניט דער־שנאַפּט קיין „געפערלעכן" ווידערשפּרוך, קעגן וועלכן ער זאָל האָבן וואָס אויסצו־זעצן, אַזוי נאַטירלעך זעט אויס דער ענין איינצלהייט און אַלגעמיינהייט.

די זאַך געפינט זיך אין רוים. רוים איז די אַבסטראַקציע פון זאַכטום. רוים איז די ברייטסטע פאַראַלגעמיינערונג, דער ווייטסטער איינס. רוים איז אַ מין אוּ־ניווערסאַליזאַטאָר פון זאַכן און אָביעקטן און צוגלייך דער אינדיווידואַליזאַטאָר. ער צייגט אָן זייער באַזונדערן אָרט, זייער באַגרענעצטן פּלאַץ. דאָס אייגענע טוט צייט. זי איז די אוניווערסאַליזאַטאָרין פון אַלע געשעענישן און צו דער אייגענער צייט איז זי אויך די אינדיווידואַליזאַטאָרין פון די פּאַסירונגען. זי צייגט זיי אָן זייער פּלאַץ אין דעם שטראָם, אין דעם נאָכפאָלג. מע דאַרף זיך ניט שרעקן פאַר דער מאָדנער סתירה, וועלכע איז, באמת, בלויז אַ צווייפאַכיקייט פון דער אייגענער דערשיינונג. ווייל אַלע אונדזערע געדאַנקען און אורטיילן טונקען און ווייקן זיך אין אַזעלכע ווידערשפּרוכן. מיר נעמען אויף די וועלט דורך אַ ווידערשפּרעכלעכער מע־

טאָדאָלאָגיע. מיר עמפפינדן די זאַכן אַלס זיכן און אַלס ניט־זיכן אויף איין מאָל. מיר זיינען די זעלביקע און ניט די זעלביקע. מיר נעמען אָן די עקזיסטענץ פון קעגנשטאַנדן און צוגלייך אָנערקענען מיר די קאַטעגאָריע פון רוים, דאָס הייסט מיר באַנעמען זיי צווייפאַכיק, סיי אַלס פּאַרטיקולאַרן און סיי אַלס אוניווערסאַלן, אַלס טיילן, צענטער־פּונקטן פון רוים. מיר טראַכטן און באַטראַכטן זיך הן אַלס סוביעקטן און הן אַלס אָביעקטן. יעדע געשעעניש איז אי אַן איינצלהייט און אי אַן אַלגעמיינהייט, אַ חלק פון צייט, פון דוראַציע. דער ווידערשפּרוך איז דער זויערטייג פון געדאַנק, דער שאור שבעיסה פון אורטייל. מחמת ער איז דער באַלעבנדיקער כוח פון דעם גאַנצטום. און דאָס איז ניט צוליב דעם וואָס אַדאַנק דעם אויפדעק פון די סתירות שאַפן מיר נייע קאָמבינאַציעס, סינטעזן, נייערט צוליב דעם, וואָס אין דער סתירה און צעטיילונג אויף צווייען, אין די ויבדל׳ס און זייערע צוויי קעגנזאַצן און קעגנשטאַנדן ליגט דער שעפערישער כוח פון גאַנצן באַשאַף. יעדער אָביעקט איז אַ קעגנשטאַנד, איז אין דער בחינה פון אַ „קעגן״ און אַ „שטאַנד״: ער שטייט צוזאַמען, ער האַלט זיך צוזאַמען און ער שטייט אַנטקעגן, „קעגן״. מיר אַנאַליזירן דאָס גענעראַלע און מיר לייגן אַהין אַריין דאָס פּאַרטיקולאַרע. מיר נעמען דאָס פּאַרטיקולאַרע און מיר הייבן עס ארויף צו דאָס גענעראַלע. מיר נעמען זיך און שאַפן אַלס זעלבסט־באַוואוסטזיניקע מהות׳ן, דורך דעם סוד הצימצום, דורך דעם וואָס מיר באַגרענעצן זיך, צוימען זיך אַרום מיט רוים און צייט, טשעפּן זיך צו צו אַ שטיקל קערפּער, וועלכן מיר רופן אונדזער אייגענעם גוף. מיר שיילן זיך אַרויס, טיילן זיך אָפּ פון דעם אומענדלעכן באַשאַף, פון דעם אין־סוף׳ישן איך. מיר סעגרעגירן, שיידן אָפּ אונדזערע געדאַנקען, געפילן, פּערצעפּציעס און קאָנצעפּציעס, פּאַרטיקולאַרן פון דעם מענטאַלן באַשאַף. אָבער מיר באַרויבן זיי ניט זייערע אוניווערסאַלע אייגנשאַפטן און קוואַליטעטן. אַזוי אַרום פּאַראייניקן מיר אין זיי צוויי אייגנשאַפטן און קוואַליטעטן: פון איין זייט זיינען זיי כללים, פון דער צווייטער זייט — פּרטים. אָבער זייער אימאַנענטע אַלערערשטע אייגנשאַפט, זייער „נאַטור״, זייער „באַשפּרוך״ איז פון אַן אוניווערסאַלן כאַראַקטער. זייער פּאַרטיקולאַריטעט ווערט זיי געגעבן פון מענטשן אַביסל שפּעטער. אַזוי האַנדלט דער מענטש בנוגע זיך אַליין. ער פּאַסט זיך אויף. ער באַנעמט זיך אַלס אַ גאַנצקייט, וואָס געפינט זיך ווי אַן אינדזל אין מיטן אַ שטורעמדיקן ים פון באַשאַף. אַזוי באַנעמט דער מענטש אַלע אָביעקטן, וועלכע געפינען זיך אַרום אים. ער נעמט זיי אויף אַלס כמו־אינדיווידואַליטעטן. דאָס הייסט ער שניידט זיי אַרויס פון דאָס אַלגעמיינע דורך דיבור און מחשבה. ער פּראַקטיצירט כסדר דעם „ויבדל״ דורך דעם „ויאמר״.

די זאַכן אַרום אונדז באַנעמען מיר ניט ווי געהעריק אין אונדזער פשוט׳ער תפיסה, ניט מחמת דעם, וואָס מיר פאַסן זיי אויף בלויז אַלס דערשיינונגען און ניט אַלס זאַכן פאַר זיך, אַלס נומענען, נייערט מחמת דעם, וואָס מיר נעמען זיי אַלס זאַכן, אַלס אָפּגעטיילטע, באַזונדער עקזיסטירנדיקע קעגנשטאַנדן, בשעת אין דער אמת׳ערווירקלעכקייט עקזיסטירן זיי בלויז אַלס אומצעטיילבאַרע חלקים פון דעם גאַנצטום און גאָרטום, פון דעם גרויסן אוניווערסאַלן אחד, דעם פּרינציפּ פון דעם באַזיך־באַשאַף. זיי זיינען בלויז מאַניפעסטאַציעס פון דעם זיכער, פון אני־יהוה, וועלכע אַנטפּלעקן זיך, צייגן זיך, מעלדן זיך צו אונדזערע חושים אַלס קלאָמפערשט אָפּגעריסענע, אָפּגעזונדערטע מהותן, זאַכן, קעגנשטאַנדן. מיר, אין אונדזער פשטות, זיינען געננויגט צו באַנעמען דעם באַשאַף אַלס עפּעס סינטעטישעס, אַלס עפּעס וואָס ווערט צוזאַמענגעשטעלט פון טיילן, בשעת באמת איז יעדער קעגנשטאַנד און יעדע געשעעניש בלויז אַ פּראָדוקט פון אַן אַנאַליטישער מענטאַלער אַקציע. מיר נעמען ניט די קעגנשטאַנדן און פאַסן זיי אַריין אין רוים. מיר נעמען ניט די בילדער פון די געשעענישן און פאַסן זיי אַריין אין רעמעלעך פון צייט. פאַרקערט, סיי רוים און סיי צייט אַלס אוניווערסאַלן זיינען עלטער און פריער פון די קעגנשטאַנדן און קעגנגאַנגען (געשעענישן). זיי זיינען אוניווערסאַלע פאָרמען אָדער קאַטעגאָריעס און אַלס אַזעלכע זיינען זיי נעענטער צו דעם אנוכי־יהוה, צו דעם אבסאָלוט, איידער די איינצלנע „זאַך״ אָדער פּאַסירונג. דער זאַכטום, די קעגנשטענדיקייט איז מער אָפּנייג פון דער „ווירקלעכקייט״ ווי דער רוים, וועלכער איז אַן אוניווערסאַליטעט. די זאַכישקייט איז בלויז אויסדוכטעניש, ווייל פאַר זיך און אין זיך עקזיסטירט־אינסיסטירט אויף אַן אמת בלויז די טאָטאַליטעט, דער אַלצמיט־אַנאַנדער. יעדע זאַך קומט פון דעם זיך און גייט צוריק צום זיך. זי גייט אַרויס פון זיך, טיילט זיך אָפּ כדי צו קריגן איר תיקון בשעת איר צוריקקער. אין אָט־דעם פּראָצעס ווערט ניט פאַרצייכנט דער אַראָפּפאַל פון דער זאַך, בשעת זי גייט אַוועק פון דעם זיך, מחמת אויף אַזאַ שטייגער דערהויבט זי זיך, זי קומט נענטער צו איר תכלית פון דערגרייכונג. איר צוועק איז צו זוכה זיין צו דעם צוויפאַכיקן צושטאַנד פון אַ זאַך און פון אַ זיך, פון קעגנשטאַנד, „קעגנגאַנג״ און אַבסאָלוט, אנוכי־יהוה. זי גייט אַרויס במחשבה אַלס אַ טייל און זי קומט צוריק במחשבה, אַלס אַ גאַנצטום, אַן אבסאָלוט פון זיך אַליין און פאַר זיך אַליין.

דאָס איז אויך דער פאַרזיגלטער שיקזאַל פון מענטשן. ער פאַרפרעמדט זיך. ער רייסט זיך אָפּ פון דעם אנוכי יהוה. ער טוט עס מיט דער איינציקער כוונה צו קענען דורכמאַכן די סטאַדיעס פון האַרבע סתירות, פון שווערע ספיקות און פאַרפלאָנטערטע ווידערשפּרוכן און דערגרייכן, נאָך אַ לאַנגן פּראָצעס פון אַנטוויק־

לונג, איבונג פון כוחות, צום ציל פון אויסגעהאַלטנקייט, אַבסאָלוטן אחד, אַבסאָ־לוטער שעפּערישקייט. דעמאָלט וועט דער מענטש שאַפן אַ גאַנצע וועלט אַרום זיך געמייסטערט נאָך זיין אייגענעם מוסטער און געפורעמט לויט זיין אייגענער פאָרם. דער אַבסאָלוט אַבסאָלוטיזירט אַלע זיינע פּאַרטיקולאַרן. יעדער צושטאַנד פון אונדזער באַוואוסטזיין שטרעבט, ניט ווייניקער ווי דער מענטש אַלס אַ גאַנצער, זיך צו באַפרייען און פאַרמערן זיינע כוחות און זיי פאַרפולקומען. אַזוי אַרום איז דער מענטש פון־אינעווייניק אַ גאַנצער אוניווערסום. יעדער חלק זיינער, אין זיין ריי, סיי אין מענטאַליטעט און סיי אין קאָרפּאָראַליטעט צייכנט זיך זיינע קרייזן פון לעבן און אינסיסטענץ. דער הייכער ציל איז ווייט און הייך, קאָפּ־פאַרשווינד־לענדיק, בלויז די אָדלערס פון ריינער פאַנטאַזיע, מיט זייערע פליגלען פון נביאישן דרייסט, קענען אים דערגרייכן.

מיר לייענען איצטער בלויז דעם ערשטן קאַפּיטל פון דעם ספר בראשית. און די צאָל קאַפּיטלעך איז ענדלאָז.

דער וועג וואָס פירט באַרג אַרויף איז אַ בהדרגה׳דיקער, אָבער ער ציט זיך אָן אַ סוף. די איבערגאַנגען פון שטופע צו שטופע, פון הייך צו העכער פאָדערט אָן אָנשטרענג וואָס ווייסט ניט פון קיין הפסק. אָט־די אָן־סוף׳יקייט דאַרף מען אויפ־פאַסן בלויז אין פּשט פון אָנאָפּשטעלבאַרקייט, אָבער ניט אין נעגאַטיוון מיין, ווי איינער וואָלט זאָגן, אַז דער פּלייס און מי איז אומזיסט, ווייל מע קען דעם שפּיץ סיי ווי סיי ניט דערגרייכן. דאָס קלעטערן באַרג אַרויף איז אַ טייל פון דעם באַ־שטאַנד, וועלכער איז אַן אַרויפגאַנג, אַ „באַגאַנג”. דער ווידערשפּרוך פון דאָס גע־זוכטע, וואָס איז שוין דאָס לאַנג געפונענע, דאָס טרוימען פון אידעאַלן, וועלכע זיינען שוין געווען רעאַלן, איז אַ טייל פון עצם מהות פון דעם אנוכי יהוה. ווען ניט אָט־דער קעגנזאַץ וואָלט דאָך דער זוכער קיינמאָל ניט געקענט זיין זיכער אַז ער וועט געפינען, וואָס ער זוכט, אַז „יגעת ומצאת תאמין”, אַז דער שטרעבער וועט קומען צו דאָס געשטרעבטע. עס זיינען פאַראַן אין תחום פון אנוכי־יהוה פאַר־שיידענע מאָדוסן און אַנדערשאַרטיקע וועגן פון רעאַליזאַציע. אין אנוכי יהוה איז אַלץ רעאַליזירט לכתחילה, פון־פאָראויס, פון סאַמע בראשית, ניט דערפאַר וואָס אנוכי יהוה, דער אהיה אשר אהיה, געפינט זיך מחוץ פון רוים און צייט, נייערט דערפאַר וואָס אַלץ וואָס דאַרף ערשט זיין, וואָס וועט ערשט זיין איז שוין לאַנג געווען, מחמת די צייט־איינטיילונגען, די דריי שניטן פון דוראַציע איז פון אַ קינסטלעכן כאַראַקטער און זיי מיינען גאָרניט. אַלע מאָדוסן פון דאַזיין, אַלע סאָרטן פון מעגלעכקייטן זיינען געגעבן אין זייער עסענץ, אין זייער אבסטראקטן צושטאַנד מעיקרא. אַלץ וואָס זיי פעלט איז דער לבוש. און דאָס פעלן פון לבוש איז אויך אַן

אויסטראַכט פון נאַאיוון אויבערפלעכלעכן באַנעם. מיר מאַכן אַ צו גרויסן וועזן פון די רעאַליזאַציעס. דער עיקר איז גאָר די פאָרמולירונג, דער אבסטראַקטער אַנט־וואורף פון אידעאַל, די פאָראויסאַנונג.

איצט וועלן מיר זיך אומקערן צו דער פראַגע וואָס מיר באַהאַנדלען אין אַט־דעם קאַפּיטל, נעמלעך, גליקלעכקייט אַלס קריטעריום פון עטיק. מיר זאָגן אַט־וואָס: די עובדא פון עטיק איז דאָס פאַרגרעסערן דעם סכום פון גליקלעכ־קייט און דאָס פאַרבעסערן און אינטענסיפיצירן די גליקלעכקייט און ברענגען זי וואָס נענטער צו אַבסאָלוטער גליקלעכקייט. דאָס איז מעגלעך בלויז אונטער דעם באַ־דינג פון דער פאַרווירקלעכונג פון דעם אידעאַל פון אנוכי יהוה. אַפילו טיילווייזע רעלאַטיווע גליקלעכקייט איז מעגלעך און דענקבאַר אויסשליסלעך בלויז אַלס אוני־ווערסאַליטעט, אַלס אַ טייל פון שם, פון גרויסן איך.

היוצא מדברינו, דער צוועק פון עטיק איז די פאַרגרעסערונג פון דעם סכום פון די אוניווערסאַליטעטן־אידענטיפיקאַציעס. וואָס מער אוניווערסאַל, אַלץ מער מאָראַל. עס זיינען פאַראַן דרגאות אין דעם פאַרקער־סיסטעם, וועלכעס איז עטאַב־לירט צווישן דעם מענטשן און דעם אוניווערסום. עס איז דהיינו ווי אַ לייטער מיט פילע שטאַפּלען. יעדע נוצלעכקייט פאַרווירקלעכט אויף איין אָדער אַן אַנדער אופן די פאַרבינדונג, עטאַבלירט אַ צוזאַמענפאַרהעלטעניש. אונדזערע חושים זיינען אונדזערע אַגענטן, אונדזערע פאַרמיטלער. זיי פירן פון דער וועלט צום מענטשן און פון מענטשן צו דער וועלט.

מיר עסן, דאָס מיינט מיר נעמען אַ שטיק פון דער אויסערלעכער וועלט און פאַרדייען עס, אַסימילירן עס און פאַרוואַנדלען אין אַ טייל פון אונדזער אינערלע־כער וועלט, פון אונדזער יש. דער אויסטויש, דער „מסחר", די אינטעראַקציע גייט אָן אָן אויפהער, אָן איבעררייס. אַט־די קאָמערץ ווערט אָנגערופן לעבן. וואו מיר געפינען אַ צווייפאַכיקע אַקציע און אַ געוואויר־זיין פון אינערלעך און אויסערלעך און אַן אויסטויש־ווירקונג צווישן אַט־די צוויי רשויות, דעם רשות החוץ און רשות הפנים, אַ צווישנאָפּהענגיקייט, דאָרטן האָבן מיר צו טאָן מיט אַ לעבנס־פּראָצעס, מיט די פונקציעס פון אַ פערזענלעכקייט. די קעגנשטעלונג און באַדערזייטהאַלטונג פון וועלט און איך, פון דעם זעלבסט און דעם חוץ־באַשטאַנד איז אַן אַקט, וואָס איז פול מיט זיך־ווידערשפּרעכנדיקע עלעמענטן און אַט־דער אַקט איז עס דאָס וואָס מיר רופן באַוואוסטזיניקייט. דאָס אַוועקשטעלן דעם סוביעקט כנגד דעם אָב־יעקט שאַפט דאָס וואָס מיר רופן זעלבסט־באַוואוסטזיין.

אַזוי אַרום נעמען מיר דעם באַשטאַנד צוויי מאָל, אַזוי ווי ער עקזיסטירט כלומרשט אָן אונדז, אָן דער מענטשהייט און אים פעלט בשעת־מעשה גאָרניט, עס

קומט פון אים גאָרניט אָפּ, הגם אָט־די מענטשהייט איז אַ באַשטאַנדטייל פון דעם באַשטאַנד; און דערנאָך נעמען מיר דעם איך אָן דעם באַשטאַנד, וואָס איז נאָך ווייניקער מעגלעך. צום סוף קומט די באַהויפּטונג, אָדער השגה, אַז מיר פּאַסן אויף דעם באַשטאַנד, דעם סך־הכל פון קעגנשטאַנדן און פּראָצעסן, וועלכע געפינען זיך אויסער אונדז, הינטער אונדז און איבער אונדז.

אין דעם אייגענעם פּלאָנטער פּאַרוויקלען מיר זיך, ווען מיר נעמען אורטיילן מכוח אונדזער איך. מיר נעמען אים צוויי מאָל. און דאָס האָבן מיר דאָך אוודאי ניט קיין רעכט צו טאָן. מיר מאַכן אַן אָנשטעל, אַז מיר דערקענען דעם אָביעקט אָן דעם סוביעקט, אַזוי ווי ער וואָלט געקענט עקזיסטירן אַליין פֿאַר זיך און אַזוי ווי דער סוביעקט וואָלט זיך געקענט אָנטפּלעקן אָן דעם אָביעקט. מיר האָבן דאָ צו טאָן כסדר און נאָכאַנאַנד מיט סתירות, מיט אַבסורדן. אָבער אָט־די ווידערשפּרוכן און געדאַנקען־אומגעלומפּערטקייטן שאַפן און באַשאַפן די גאַנצע אינערלעכע וועלט ווי אויך די אויסערלעכע. פאַר סתירות דאַרפן מיר זיך היטן בלויז אין די סובאָרדינירטע אורטיילן, די משועבדים מסקנות, אין גרונטלאַגעס פון אַ צווייטן און אַ דריטן ראַנג.* אָבער מיר דאַרפן זיך ניט היטן פון ווידערשפּרוכן אין די פונדאַמענטאַלע פּאָסטולאַטן. די דאָזיקע דאַרפן זיין און מוזן זיין אַנטינאָמיש. דער ווידערשפּרוך איז דער הויפּט־עלעמענט, אָן וועלכן דער אורגאַנץ־אורטייל קען זיך בשום אופן ניט באַהויפּטן. די עיקרים, די הויפּט־פּאָסטולאַטן, באַזירן זיך אויף ווידעראַנאַנדערס און אַבסורדן.

די באַהויפּטונג אַז עס עקזיסטירט אַן אינערלעכע און אַן אויסערלעכע וועלט איז גרונטלאָז. דער קעגנשטאַנד און די פּאַרהעלטענישן צווישן אים און זיינע אייגנשאַפטן איז אַ רעטעניש. אָן זיינע אייגנשאַפטן קען ער ניט זיין במציאות, קען ער ניט זיין וואָס ער איז. דאָך שרייבן מיר אים צו אייגנשאַפטן. ווער איז ער וואָס זאָל באַזיצן אייגנשאַפטן? אַזוי ווי ער וואָלט עקזיסטירט סיי ווי סיי און מיר גיבן אים צו עפּעס אַ ביילאַגע, אַ הוספה. מיר אַטריבוטירן צו דעם קעגנשטאַנד אַלע זיינע קוואַליטעטן און אָן זיי בלייבט דאָך פון אים גאָרניט, קיין סובסטראַט צו וועלכן מע זאָל קענען צורעכענען אַטריבוטן. דער אבסורד איז צווייפאַכיק. מחמת אָן דעם קעגנשטאַנד קענען דאָך ניט עקזיסטירן זיינע אייגנשאַפטן. זיי האָבן ניט קיין קיום אָן אים. דאָך טיילן מיר זיי פֿאַנאַנדער און דערנאָך פאַראייניקען מיר זיי, ברענגען זיי צוזאַמען. מיר צעגלידערן אַן אָרגאַניזם מיט דעם מיין אים צוזאַמענצושטעלן דערנאָך, נאָך דעם ווי מיר האָבן אים דן געוועזן בריסוק

---

* אבא גאָרדין, אידישע עטיק, ז׳ 32.

איברים. די אַבסורדיטעט זעט מען קלאָר, ווען מיר פּאַסן אויף דעם קעגנשטאַנד באַזונדער און זיינע באַציאונגען און שייכות׳ן צו אַנדערע קעגנשטאַנדן באַזונדער, ווי אַפּנים אַ קעגנשטאַנד וואָלט געקענט עקזיסטירן אין זיין געגעבענער פאָרם און געשטאַלט אָן זיינע פאַרהעלטענישן צו אַנדערע קעגנשטאַנדן. אָן די פאַר־העלטענישן וואָלט דאָך דער קעגנשטאַנד ניט געווען בנמצא. דאָך מאַניפּולירן מיר מיט קעגנשטאַנדן און זייערע פאַרהעלטענישן אַזוי ווי מיר וואָלטן דאָ געהאַט צו טאָן מיט צוויי מהות׳ן.

וואו איז די באַרעכטיקונג? זי געפינט זיך אין דעם באַוואוסטזיין, אַז דער קעגנשטאַנד איז אַ טייל פון דעם באַשטאַנד, וועלכער איז אַ חלק פון אנוכי יהוה, און דאָרטן איז ער, אַזוי צו זאָגן, פאַרפיקסירט, אַוועקגעלייגט און אָפּגעהיט אַלס אַ גאַנצער. דערנאָך דערלויבן מיר זיך צו עקספּערימענטירן מיט אים אויף אַ ספּעקולאַטיוון אופן, ווייל מיר נעמען אָן, אַז אים אַלס אַזעלכן קען עס גאָרניט שאַדן. מיר צעגלידערן ניט אים, בלויז זיין פאַרשטעלונג, בשעת ער איז אַוועקגע־לייגט אויף גניזה. מיר שרעקן זיך ניט פאַר די ווידערשפּרוכן, ווייל אין דעם גאַנצטום, אין דעם אַלצמיטאַנאַנדער אַלס אַ „פּערזענלעכקייט״, אַלס אָן אנוכי יהוה, ווערן זיי אויפגעלייזט, פאַרענטפערט, רעכט געמאַכט גלייך מעיקרא.

דער אַנטינאָמישער כאַראַקטער פון אונדזער פונדאַמענטאַלן אורטיילן צע־טומלט בלויז אַן אָנפאַנגער, אַ „רעקרוט״, ניט קיין אַלטן סאָלדאַט אין דער אַרמיי פון די דענקער. אויפדעקן אַ ווידערשפּרוך אין אַ פּאָסטולאַט מיינט ניט אָפּצו־פרעגן זיין גילטיקייט. עס קען ניט זיין קיין ערשטער פּרינציפּ אָן דעם חסרון פון אַ סתירה, ווי עס איז ניטאָ קיין צדיק אינגאַנצן אָן זינד. די אַנטינאָמיעס באַווייזן די סאָלידישקייט פון זייערע באַהויפּטונגען, ווייל זיי קריגן זייער תיקון־פאַרענט־פער אין דעם פּאָסטולאַט פון אַלע פּאָסטולאַטן, דעם יסוד היסודות און עיקר העיקרים פון גלויבן — אין דעם אנוכי יהוה.

ג.

## דאָס אידעאַליטיווע

עטיק איז די וויסנשאַפט פון אויפפיר. זי איז אַ נאָרמאַטיווע דיסציפּלין, ד״ה זי אַנטהאַלט פאָרשריפטן פאַר דער מענטשלעכער הנהגה. צווישן דאָס דעסקריפּ־טיווע, באַשרייבנדיקע, און דאָס פּרעסקריפּטיווע, נאָרמאַטיווע, פאַרשרייבנדיקע, קען מען ניט דורכפירן אַ שטרענג־פּינקטלעכע דעמאַרקאַציע־ליניע. יעדע דעסקריפּ־

טיווע דיסציפלין שטעלט פאַר מיט זיך אַ העלפט פון אַ וויסנשאַפט. ווען זי ווערט באַאַרבעט, ווערט זי, ווי פון זיך אַליין, נאָרמאַטיוו. זי קריגט צו אַ צווייטע העלפט און ווערט אַ גאַנצע וויסנשאַפט. איך וויל אַריינפירן נאָך אַ צוגאָב־אָפּטיילונג, אַ מין דערגאַנצונג. אַזוי ווי דאָס נאָרמאַטיווע איז דער אַרויפבוי אויף דאָס דעסקריפּטיווע, אַזוי איז דאָס אידעאַליטיווע דאָס אויבנשטיבל פון דאָס נאָרמאַטיווע.

עטיק איז דער נאָרמאַטיוו פון אויפפיר. אָבער נאָך אים קומט די אידעאַלאָלאָגיע, דאָס הייסט דאָס אויבערנאָרמאַטיווע, די טעלעאָלאָגיע פון הנהגה, די תכלית־לערע, די באַצוועקמעסיקונג פון אויפפיר. אָן א גוט־באַגרינדעטן אידעאַליטיוו בלייבט עטיק אָן אַ גרונט, פינקטלעכער, אַ בנין אָן אַ דאַך. אָבער בנוגע אַזעלכע סובלימע פּראָבלעמען, אַזעלכע מעגנטאַלע געביידעס איז דער דאַך דער סאַמע יסוד און פונדאַמענט. אַוועקלייגן דעם יסוד מיינט צו אַנטדעקן־פּאַנאַנדערוויקלען די העכסטע פּרינציפּן, די „ערשטע פּרינציפּן", ד"ה די העכסטע, די ווייטסט־דערלאַנגענדיקסטע, ברייטסט־אומפאַסנדיקסטע און טיפסט־נורקענדיקסטע פאַראַלגעמיינערונג.

עס זיינען פאַראַן שטופן אין אויפפיר. דער פאַרברעכער, דער וואָס פאַרלעצט, פאַרגוואַלדיקט דעם געזעץ, די נאָרם. ער איז דער רשע. נאָך אים קומט דער בינוני, וואָס האַנדלט לויט דעם געזעץ. נאָך אים קומט דער צדיק, וואָס האַנדלט לפנים משורת הדין. ער היט אָפּ מער ווי דאָס געזעץ. ער איז שטרענגער פון געזעץ. ער איז שטרענג בלויז צו זיך.

אַלס ביישפּיל וועלן מיר נעמען שפּראַך און גראַמאַטיק און די באַציאונגען פון די ריידער און שרייבער צום לשון און צו זיין דיקדוק.

דאָס גרייזיקע ליגט אונטער דעם אָנגענומענעם ביוואַ פון לשון. דאָס מיינט אַז דער ריידער אָדער שרייבער היט ניט אָפּ ווי געהעריק די רעגלען פון לשון אָדער דעם לשון אינאַלגעמיין. העכער פון דעם שטייט דאָס קאָרעקט־גראַמאַטיקאַלישע ריידן און שרייבן, דער אָפּהיט פון די כללים פון דער שפּראַך, דאָס אויפפירן זיך שריפטלעך און מינדלעך לויט דעם שטרענגען שלחן־ערוך. ווייטער, איבער דעם, געפינט זיך דער תחום פון דאָס אידעאַלע בנוגע לשון.

שפּראַך איז אַ סאָציאַלער פּראָדוקט. און דער יחיד קען דעם אידעאַל פון ריידן און שרייבן ניט פאַרווירקלעכן. אָבער די גרויסע שרייבער, די גרויסע וואָרט־קינסטלער און מייסטערס גייען אַלע אין אָט־דער ריכטונג. דער צוועק איז דער אידעאַלער אויסדרוק פון געדאַנק, דער אומאויפהערלעכער אויסבעסערער פון דעם געוועקצייג, וואָס הייסט שפּראַך, סיי פון פאָנעטיק, סיי פון אָרטאָגראַפיע, די פאַר־

פולקומענונג פון דעם אינסטרומענט, וועלכער שניצט אויס, סקולפּטורט די פיגור פון אונדזער געדאַנק, דעם קערפּער פון אונדזערע אינערלעכע אינטעראינדיווידו־עלע פאַרהעלטענישן, פון דעם נשמה־פאַרקער מיט זיך אַליין.

פאַרשטייט זיך, אַז דער אידעאַלער צושטאַנד קען איינגעטיילט ווערן אין פאַרשיידענע דרגות, איינע העכער פון דער אַנדערער. די קונסט פון אויסדרוק, ווי יעדע תורה און געשיקטקייט, האָט ניט קיין גרונט און פאַרמאָגט זיבן הימלען אין דער הייך.

אין סאָציאָלאָגיע און אינדיווידואָלאָגיע איז, ווייטער, דאָס אייגענע. פאַרדעם קומט די דעסקריפּטיווע שטופע, דאָס אַנטדעקען פון די געזעצן און די פאָרמו־לירונג פון די רעגעלן. דערנאָך ווייזט זיך די פאַרשריפט פון דעם געזעץ, דער אָנזאָג אים צו געהאָרכן: נאָרמאַטיווע סאָציאָלאָגיע אַנטהאַלט אַ סומע פון פּרע־סקריפּציעס, אָנזאָגונגען, פאַרשריפטן, נאָרמעס, וועלכע די געזעלשאַפטן זיינען מחוייב אָפּצוהיטן בכדי צו עקזיסטירן און זיך איינלעבן איינע מיט דער אַנדע־רער. די נאָרמעס, די ציוויים, די מצוות־עשה און די לא־תעשה׳ס, די לאָוו׳ן זיי־נען אַריינגעקריצט היפש טיפלעך אין דער סאָציאָלאָגיע און אַפילו אין דער גע־זעלשאַפט אַלס אַזעלכער. די געזעלשאַפט טראָגט אירע נאָרמעס אין זיך. נאָך דעם קומט דאָס אידעאַליטיווע, אַ דיסציפּלין, וועלכע לערנט, ווייזט אָן דעם וועג ווי אַזוי צו דערגרייכן דעם בעסט־פאַרשטעלבאַרסטן צושטאַנד פון געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענלעבן.

עטיק איז אַ נאָרמאַטיווע דיסציפּלין. זי לערנט דעם מענטשן אויף וועלכן שטייגער ער זאָל רעגולירן זיינע פאַרהעלטענישן מיט זיינע מיטמענטשן און מיט זיינע פאַר־און נאָך־מענטשן, ד״ה מיט זיך אַליין, געגומען זיך אויף פאַרשיידענע שטופן פון אַנטוויקלונג, עלטער, שטימונג. אָבער סיי דער נאָך און פאַר־מענטש און סיי די מיט־מענטשן, די געזעלשאַפט, ווערן געגומען אין זייער „נאָרמאַלער״ סטרוקטור, אין דעם געגעבענעם איינשטעל, ווי מיר זעען אים און קומען אין טאָג־טעגלעכן קאָנטאַקט מיט אים. עטיק אַלס אַזעלכע איז ניט באַרופן צו צעברעכן אָדער איבערמאַכן דעם גאַנצן סאָציאַלן בנין, וועלכער הייסט פאַרקער; עטיק איז ניט מחוייב איבערצואוועבן דעם גאַנצן געוועב פון די סאָציאַלע און אינטער־אינדיווידועלע פאַרהעלטענישן. אין דער געגעבענער געזעלשאַפט, אין דער געגע־בענער געמיינדע, אונטער די געגעבענע אומשטענדן לערנט עטיק דעם מענטשן ווי אַזוי ער זאָל זיך אויפפירן. אין אַ פיל־וויניק אָרגאַניזירטער געזעלשאַפט קומט דאָס רעכט און העלפט איר אַרויס אין איר אַרבעט. דאָס געזעץ אַנטהאַלט אין זיך אַ מינימום פון מאָראַל. רעכט איז די ערשטע שטופע, די עלעמענטאַרע גראַמאַטיק

פון „סאָציאַלן געשפּרעך״, פון סאָציאַלן פאַרקער. אונטערן געזעץ געפינט זיך דאָס קרימינאַלע, דאָס פאַרברעכערישע. עטיק געפינט זיך איבער דעם געזעץ, אָבער זי איז נאָך אַלץ אין די גבולין פון דעם עקזיסטירנדיקן איינשטעל. איך וואָלט זאָגן, אַז עטיק איז די רעטאָריק, די ראַפּסאָדיע פון אונדזער אויפפיר. אָבער דאָ שטעלט מען זיך ניט אָפּ. דאָס איז ניט דער סוף־פּסוק פון עטיק. צו איר דערגאַנצונג קומט דער אידעאַל, דאָס אידעאַליטיווע, דאָס שטרעבן צו אַ נייער אָרדענונג, וועלכע מ׳איז משער וועט זיך געפינען אין מער איינקלאַנג מיט דאָס נאָרמאַטיווע. וועט זיין מער טעלעאָלאָגיש, מער צוועקמעסיק, מער פולקומען.

עס עקזיסטירן באַציאונגען פון מענטש צו מענטש, פון פאָלק צו פאָלק, פון גרופּע צו גרופּע, פון געזעלשאַפט צו געזעלשאַפט, פון געמיינדע צו געמיינדע. אָבער דאָס איז ניט אַלץ. עס זיינען פאַראַן פאַרהעלטענישן, וועלכע ווערן געוועבט אין מענטשן צווישן זיינע זעלבסטשטאַנדן, צווישן זיינע גלידער, וועלכע זיינען, באמת, מיטגלידער פון דער געמיינדע, וואָס הייסט קערפּער. דער יחיד איז אַ גאַנצע געמיינדע. דאָ איז זיין פאַרגאַנגענהייט, זיין צוקונפט און זיין קעגנוואַרט. באמת, עס עקזיסטירט אַן אומענדלעכע צאָל איכ׳ן. יעדע מינוט פון מענטשנ׳ס לעבן שפּינט פאַרבינדונגען מיט דער נאָכפאָלגענדיקער רגע. דער מענטש איז אַ גאָלדענע קייט מיט רינגעלעך. עס איז דאָ אַן אינערלעכע אייגענע טראַדיציע. די שטאַרקייט פון דער קייט װענדט זיך אָן די אייגנשאַפטן פון די רינגעלעך. דער מענטש איז אַ קאָמפּליצירטער איינס. זיין כוח און אויפטוערישקייט הענגט אָפּ פון זיינע טיילן, פון זיינע באַשטאַנדטיילן. מיינע פאַרהעלטענישן צו מיר אַליין, צו מיין איך, געפינען זיך אין אַ שטייפער פאַרבינדונג מיט מיינע באַציאונגען צום באַשטאַנד און צו דעם אנוכי פון אין־סוף, צו דעם גאַנצטום־איך.

אָט־די פאַרהעלטענישן קענען רעגולירט ווערן אויף אַן עכט־רודימענטאַרן שטייגער. זיי קענען ווי־ניט־ווי צונויפגעשטוקעוועט ווערן, פאַרלאַטעט ווערן, פאַר־צירעוועט ווערן. זיי קענען אָבער אויך פולקומענט ווערן, ראַפינירט ווערן. די ערשטע טריט אין דער־דאָזיקער ריכטונג מאַכט היגיענע, פיזיאָלאָגיע, לאָגיק, אַגראָנאָמיע, פאַרשיידענע צווייגן פון מעכאַניק, זאָאָלאָגיע, ביאָלאָגיע אאז״וו; דאָס זיינען אַלץ דיסציפּלינען, וועלכע ווייזן אָן דעם איינצלנעם, ווי אַזוי ער זאָל האַנדלען אונטער געוויסע אומשטענדן. אָבער דאָס אַלץ איז ניט גענוג. צו דעם אַלעם אַלס אַן אויבערשטער צודעק קומט צו די אידעאַלאָגיע. אָט־די לעצטע וואַרפט ליכט אויף דעם גאַנצן פּראָבלעם פון מאָראַל. זי טרעט אויס דעם וועג פאַר עטיק. עס איז פאַראַן אַזאַ מין מהות, ווי מענטשלעכער און אַלגעמיינער אויפ־פיר. וואָס איז דער תכלית פון אויפפיר, פון דער הנהגה פון דער מענטשהייט אַלס

אַ גאַנצער, פון דעם באַשטאַנד אַלס אַן איינס? וואוהין גייען מיר? מיר טאַפּן ווי בלינדע אין דער פינצטערניש און פאַרלאָזן זיך אויף דער קאָמפּעטענץ פון שטעקן, פון אונדזערע חושים.

מיר דאַרפן פאָרמולירן דעם אידעאַל פון אונדזער אויפפיר און דעמאָלט וועט זיין דערגרייכבאַרקייט ווערן לייכטער און נענטער. די אויפגאַבע פון העכערער עטיק איז אָנצוצייגן די ריכטונג אין וועלכער די מענטשהייט דאַרף גיין, די שטעלונג, וועלכע זי דאַרף נעמען צו דעם קאָסמישן גאַנצטום, צו דעם אנוכי יהוה. די ריכטונג פון דער מענטשהייט איז צו געוואויר־ווערעניש, צום געדאַנק. די מענטשהייט איז די פאַרשטייערין פון באַוואוסטזיניקייט, פון מחשבה, פון תורה, פון וויסעניש־געוויסעניש.

מענטש־מענטשהייט שפרייזן מיט גיגאַנטישע טריט צו אַט־דעם ציל פון קענטעניש־דערקענטעניש, פאַרשטענדעניש, ראַציאָנאַליזם. צו דענקען, צו טראַכטן און בלויז צו טראַכטן דאָס איז די מערכה פון דער מענטשהייט, דאָס איז דער אידעאַל פון דעם מענטשנקינד: פון אַט־דעם שטאַנדפּונקט דאַרף מען משפּטן אַלע פעלקער, ראַסן, שבטים. אַט־דעם קריטעריאום דאַרף מען געברויכן, ווען מע שאַצט אָפּ זייער ווערט און חשיבות. זעלבסט־פּאַרפולקומענונג, דאָס דערנענטערן זיך צו אַט־דעם אידעאַל איז דער ערשטער און לעצטער אימפּעראַטיוו. ווייל אַלץ איז בלויז אַ וועג, אַ מיטל צו אַט־דעם צוועק, דעם אולטימאַטיוון צוועק פון מענטשלעכער עקזיסטענץ. צו טראַכטן און קלעטערן אַלץ העכער און העכער אויף דעם באַרג פון מחשבה, פון אינטעלעקטואַליזאַציע־ראַציאָנאַליזאַציע — דאָס איז די עובדא פון „פּראָגרעסיווער" מענטשהייט.

„דו זאָלסט דענקען!" דאָס איז דער גרויסער געבאָט. דו זאָלסט ניט פאַרלירן קיין איין מאָמענט, קיין איין פונק פון יהוה, וואָס גיט זיך אַ צעצונד און צעפלאַקער אין דיין געהירן.

די מענטשהייט דאַרף געבראַכט ווערן צו אַזאַ צושטאַנד, אַז זי זאָל זיין ראוי און מסוגל מקיים־צו־זיין אַט־די מצווה פון דענקען, פון „והגית בו יומם ולילה", צו פאָלגען אַט־דעם אימפּעראַטיוו, וואָס פליסט אַרויס פון דער סאַמע טיפעניש פון שיקזאַל, פון דער פאָרויסבאַשטימטקייט פון באַשטאַנד אַלס עפּעס גאַנצעס. די מענטשהייט וועט ווערן, אין אַ געוויסן פּרט, טראַנספיגורירט אין אַן אידייע.



# אברהמס נסיון

פון

## מאיר אסתרס

י״ד

### אברהמל זוכט אַן אינדזל

נאָך טעג פון איבערקלערן, לסוף, אברהמל האָט באַשלאָסן,
דער אָרט דער פּאַסיקסטער וואָלט זיין דער אינדזל, דער מיסטעריעזער,
וואָס שטייט אין מיטן סאַזעלקע פאַרוואָרלאָזט, ווי אַ יתום,
פאַרפרעמדט פון סביבה, ווי, להבדיל, אין איראָפּע אַ כינעזער.

דער אינדזל איז פאַרחושט. ער חלומט פילע טרוימען.
ס׳קומט פאַר אַן עפּעס אומבאַגרייפלעך־טונקלעס אין אים.
די סאָסנעס, דעמבעס און בעריאָזקעס אים באַזוימען.
עס וואַקסן קוסטעס, יאַגאָדעס פון כל המינים.

דאָס אַלץ מיט גראָז און מאָך פאַרקניפּט און אויסגעבונדן,
פאַרוויקלט און פאַרשנורעוועט מיט אַ פאַרווירעניש פון פלאַנצן־„קריכערס״,
וואָס דרייען זיך אין אַ ספּיראַל, אַ שטרענגגן־רונדן;
גירליאַנדעס שטעכעלעך, פאַרקאַלטנטע, יד־אחת מאַכן מיט מרוויח׳ערס...

צוזאַמען שטעלן פאַר: משוגה׳דיקע וועגעטאַציע לאַבירינטן,
קאַלאָנעס, אַרקעס, זיילן, פעסטונגען, פּאַלאַצן, טורעמס, פּיראַמידן.
געביידעס־כנופיא האָט זיך מאוימדיק־משוגע׳דיק געוויגט אין ווינטן.
אַ פּיתום ורעמסס אויסגעבויט פון בוימער־שטאַמען, ניט פון שקלאַפן־יידן...

טאָג אַיין, טאָג אויס, סיי פרילינג און סיי זומער אין די היצן,
מעטאַלענע, פאַליִרטע פלאַך פון סאַזעלקע האָט אָפּגעשפּיגלט
מיט אַלע פינטעלעך און פּיצעלעך די בוימער־שפּיצן.
בן־אדם, זע! די טיר צו איינזאַמקייט שטייט אָפן, ניט פאַרריגלט.

די קוסטעלעך, פון קעניגרייך פון וואַלד די קאַרליקעס און ליליפּוטן,
זיי האַלטן כסדר אין איין שפּיגלען זיך און חנדלען זיך אַזוי קאָקעטיש.
זיי מיינען ניט קיין ביז; זיי פליסטערן „גם זו לטובה״, אַלץ צום גוטן,
געשטימטע ליריש אָדער עפּיש, תמיד ניט־פּראָזאַאיש, רק פּאָעטיש.

זיי וועלן ניט פאַרפירן, חס ושלום כאַפּן פישער ביי די פּיענטעס,
אָט זייערע פריש־גרינע צעפּעלעך פאַרקאַמען,
פאַרפלעכטן זיי מיט ראָזע סטענגעס און פאַרבינדן שטיף מיט בונטע לענטעס,
געשנירלט קאַלינעס מיט עפּעלעך רויט, ווי די פלאַמען.

געמיטלעך האַלט אַ צווייטן ביי דעם לאַץ ר׳ בוש, צעפּלאָשעט;
ער רעדט אין אים אַריין מיט בלעטערדיקע פּראָזעס.
אַן איום־ונורא׳דיקער פּלאַץ, צו שרעקן קינדער, פּשוט!
אַפילו זונענשטראַלן האָבן ניט די עזות

אין עצם מיטן זומער־טאָג אַראָפּצושלייכן פון די סאָסנעס־שפּיצן.
אָט־די פּאָר בוימער טורעמען אַריבער דער באַצויבערט פּעריפּעריע.
מיט נאָדל־שטעכעדיקער גדלות אין די הייכן חוצפּה־צייכנס קריצן,
באַהויפּטן זיך אַלס פירשטן, קעניגן פון דער באָטאַנישער אימפּעריע.

די קאָלאָסאַלן שטיצן די פּרעטענזיעס צו דעם מאַיעסטעטיש טיטל:
אויף זייער גרויס־געוויקסיקייט, דעם הימל, בפועל־ממש, אונטערשפּאַרן,
מיט קעפּ און שולטערס; זיי בלויז טראָגן גאָלדן־זונענקרוינען פּראָסט, ווי היטל;
דערעיקרשט דופן זיי אויף דעם, וואָס אונטערטאַנען ווילן האָבן האַרן...

און וואָס פּאַר אַ געדיכט וואואל
פון טונקל שאָטנס אָן אַ שטראַל
האָט צוגעדעקט, כנגד זונשיין און לבנה־ליכט,
פון דער וועסטאַלקע, שיינע שטומע שלווה, דעם געזיכט.

זי, ווי אַ כהן־גדול׳טע אין קדשי־קדשים, האָט געדינט
דאָ אונטער דעם פאַרבלעטערטן, פאַרנאָדלטן, פאַרבלימלטן געוועלב,
אין פאַרגירלי־אַנדעוועטע וועגט, וואָס זייגען זאָרגפעלטיק פאַרשפּינט
מיט פעדים פון פּרוכת׳ן פון פילע פאַרבן, רויט, בלוי, גרין, ברוין, געלב.

ווער דאָרטן האָט געוואוינט? ווער דאָרטן ט׳זיך געפונען?
די פראַגע פרעגן איז ניט שווער, דעם ענטפער איז שוין גאָר ניט לייכט צו געבן.
אַ רעטעניש אָן אַן אַנטשייד האָט זיך געשפונען,
ס׳איז בלויז באַקאַנט, אַז ס׳האָט געוווייכט פון יענעם אָרט, וועם טייער איז דאָס לעבן.

פאַרהוילנס צו אברהמעלעס נשמהלע טוט אַפּעלירן.
מיט גענדזועלעך און קאַטשקעלעך ער ווערט אויס חבר;
וויל עפענען פאַר די געשפּירן די פאַרמאַכטע טירן:
אים רופט דער אינדזל אויסטערלישער און טשיקאַווער.

אים מאַניעט: טונקל־גלעטנדיק, זיך־פּיעשטשנדיקער סאַמעט;
ביזאַרע־מאָדנע אויסנייעכץ, פון נעץ־געפלאָכטן שאָטן,
דער ווייכער שורשענדיקער זייד פון בין־השמשות גאַמוט,
וואָס קיינעם ניט דערמאָנט און אין קיין זאַך איז ניט געראָטן.

אים ציען צו: געמיש פון שוואַרצע דיק־באַקאָרעוועטע שטאַמען;
פאַרפלעכט פון בערעלעך מיט בלימלעך, צווייגן, ריטלעך, ווילדע הייכע גראָזן,
וואָס האַלטן זיך צונויפגעפּרעסט, פון יחוד־לײדנשאַפט, צוזאַמען;
און פון דעם לייכסטן בלאָזצוג, וואָס וויל זיי צעשיידן, ווערט גלייך אַ „ירגזון״...

אין אַבסאָלוטער אָפּגעזונדערטקייט, אָן פילדערן און טאַראַראַמען,
אָן רשעות׳ן פון דער פאַרפלוכט־דערוואַקסענער ציוויליזאַציע,
וועט ער און סטאַסע, אויך מיראָן, זיך לעבן אָן השגחה און אָן צאַמען.
זיין הערצל האָט געקלאַפּט פון דער ראָמאַנטישער אַנטיציפּאַציע:

זיי דריי, אַ באמת־גליקלעך פרידלעכע משפחה.
זיי לעבן בשלום מיט די פלאַנצונגען און בוימער.
געוויקסן, מענטשן, בהמות האָבן איין מערכה.
מיראָן פון גאַנצן אינדזל איז געטרייער שומר.

נאָכדעם ווי ער׳ט פאַרבראַכט אַ היפּשע ביסל צייט,
מער ווי אַ היפּשע ביסל מי פאַרשווענדט,
באַטראַכט די זאַך פון איין זייט, פון דער צווייטער זייט,
ער גיט אַ פּאַטש מיט שמחה אין די הענט.

עווריקאַ־רוף! ער אַן אַנטדעקונג האָט געמאַכט פון גרויס געוויכט,
דערבליקט אַכילעס פּיענטע פון דעמדאָזיקן גיגאַנט,
אַ שוואַכן פּונקט אין פעסטונג, וואָס נאַטור אַליין האָט אויפגעריכט.
און צום אינוואַזיע־טויער ברייטן האפּערדיק ער שפּאַנט.

אַנוסטן איז געווען אַ דאַמבע, איצטער איז זי רואינירט.
פון איר געבליבן פלאַכע שטיינער דאָ און דאָרט,
צעוואָרפן מיט גרויס פּינקטלעכקייט, מיט אינטערוואַלן אָפּמאַרקירט.
עס איז גענוג, אַ וועג צו מאַכן ער פאַרשפּאָרט.

צו דעם אומצוטריטבאַרן אינדזל צוקומען ער קען,
מע דאַרף בלויז יכול׳ען, פּשט איז, שפּרינגען פלינק פון שטיין אויף שטיין.
דער בית־התורפא... שאַנדע איז אַנטבלויזט... עס וועט געשען:
פאַר דער דעראָבערונג פון אינדזל ער איז גרייט צו קליין.

אַריינצופאַלן אין עקסטאַז אברהמל דאַרף קיין סך.
וואָס אַ חסרון, האָט ניט אַלע מעלות.
אַ זכר צו אַ שטעגל, אַז ער וויל, איז עס אַ שליאַך.
אברהמל זידט און בלעזלט מיט התפּעלות.

אין אינדזלס סאַמע טיפעניש אַריינדרינגען ער וועט,
ביי זיך ער האָט שוין אָפּגעמאַכט און פעסט באַשלאָסן:
אַזאַ פּלאַן דורכצופירן ז׳בעסט, ווען קיינער זעט,
ווען אַלע פאַרובקעס פון הויף די לאָנקעס גייען קאָשען.

עס איז פונקט מיטאָג־צייט, קיין לעבעדיקער מענטש אַרום.
דער גאַנצער שטח אויסגעשפּרייט זיך ליגט און שווייגט, ווי שטום.
אַ מידקייט פּילט זיך אין דער עצם לופט,

די אַטמאָספער פאַרשטיקט, אָן לעבנסלוסט,
אַפילו זיך באַוועגן זאַכט ניט פּרוואווט.
די בוימער שטייען אַײנגעשטויבט, פאַרטושט,
פאַרשטיינערט און פאַרגליווערט אין דער היץ,
עס וויגט זיך ניט קיין בלאַט פון צווייג ביים שפּיץ.
די קוסטעס, ווי אפּנים צוגענאַגלט מיט די ריטלעך,
זיך האַלטן רואיק־באַלעבאַטיש און סטאַטעטשנע־זיטלעך.
מע וואַגט ניט מויל צו עפענען, מע הערט פון קיינעם ניט קיין פּאַרע,
ניטאָ קיין אַנונג, אַז עס קען געמאָלט זיין אַ געוויטער־כמאַרע.
אַפילו פליגעלעך, בוקאַשקעס און אינזעקטן,
סימבאָלן פון דינאַמיק, אומרו אויפגעוועקטן,
פאַרוואָמפּעט, ביטער־אָנגעכמורעט, דרעמלען אין שפּאַרונעס.
די פליגלען, ווי פאַרסמאַליעט, אָפּגעשוואַכט, אַראָפּגעלאָזן,
געדולדיק וואַרטן עס זאָל נעמען אַ לינד ווינטל בלאָזן.
איין טייל אַרײַנגעקראָכן לעבעדיקערהייט אין טרונעס,
אַן אַנדער טייל פאַר׳חלש׳ט ליגן אויסגעצויגן אויף די בייכער,
זיך צוגעדריקט צו מוטער־ערד, מיט חיות האָט געמעגט זיין רייכער.

אברהמל, בגילופין פון דער היץ, אויף אַלץ איז גרייט.
קאַפּריז, ווי ווילן, איז געזעץ ניט בלויז פאַר זיך אַליין,
אויך פאַר מיראָנען, שומר וואַכזאַמען, וואָס אים באַגלייט.
אָט מיט כוונה, פרומער טיפער, שפּרינגט פון שטיין אויף שטיין...

מיראָן איז שטאַרק צעטראָגן, אַלץ, מע וויסן קען מכוח אינדזל, ווייסט.
הינט, זקנים, לומדים, האָבן פּלאַי־פּלאַים׳דיקע מעשיות אים פאַרציילט
פון אָט־דעם סודות׳דיקן אומבאַזוכטן אָרט... דאָס רעטעניש געלייזט.
ער שפּרייזט פּאַוואָלינקע. אברהמעלען וואָלט ער זיין וויסן מיטגעטיילט,

דאָס וואָרט אים פעלט. ער פויזט אַ רגע, צוויי, זיך קוקט אַרום פאַרטראַכט.
די צונג, די לאַנגע, רויטע, האָט אַרויסגעשטעקט. וואו נעמט מען אָבער שפּראַך?
ער וואָלט מיט זיין געהויל־געביל דאָך עמיצן אַהער געבראַכט.
די הויפּסלייט, אָבער, זיינען היינט פאַרנומען אין די לאָנקעס ביי דעם שליאַך.

ווי אַ געטרייער הונט, וואָס קען ער איצטער טאָן מער, ווי אויף וואַך צו שטיין!
ער שמעקט די שימל־לופט, זיין בעסטער, העכסט געניטער מנהיג איז גערוך.
באַניוכעט יעדן, האַלב־באַמאַכטן, האַלב־באַוואַקסן מיט לישאַיעס, שטיין...
באַגרייפט, סכנה שטעקט אין חוצפּה׳דיקן איבערגוואַלדיקן פאַרזוך.

ער האָט שטאַרק חשק געמען ברומען, וואָרענען זיין צופּיל־דרייסטן האַר,
ער וויל אברהמעלען דעם גאַנצן ענין ׳אינדזל׳ געבן צו פאַרשטיין:
ס׳איז גרויס דער צער פון אויסשפּירן אים, אָבער קליין און נישטיק ט׳זיין דער שכר,
עס לוינט זיך ניט אַהין, אין דעם פאַרבאָטן און פאַרבאָרגן לאַנד, צו גיין...

ער קען ביי זיך ניט פּועל׳ן! כאָטש טו זיך אָן אַ מעשה, ס׳ברומט זיך ניט!
הונט שפּרייזט אומגערן, פאָלגט נאָך זאַכט, ווי ער וואָלט טרעטן אויף אַ ווייכן פּליוש,
און פּחד, טאָמער וועט ער אים פאַרשמירן, ד׳זוילן פון די פיס צעבריט...
איז כלב אויף זיין יונגן נייגעריקן באַלעבאָס מלמד־זכות:

קינד איז אַ גריבלער־אויספאָרשער, נייס ווילט זיך אים אַנטדעקן, הערן, זען.
דערצו נאָך אַן ענטוזיאַסט, ער מיינט מ׳קען איבערסטראַיען גאָר די וועלט.
די יוגנט איז ווי זומער, היצט זיך, פלאַקערט, ברענט. צום ענד וואָס וועט געשען?
עס וועט אים אָפּקילן דער ווינטער, איינצוימען דער עלטער, שניי און קעלט...

אום דאָס אימפּרעסיאָניסטישע געמעלעכץ צו דערגאַנצן,
אין דער געדיכטעניש פון קוסטעס און סתם פלאַנצן,
אין מיטן פון דעם אינדזל דעם פאַר׳כישופ׳טן,
דעם מעשה־בראשית׳דיקן אומבאַ׳ישוב׳טן,

איז זיך הכנעה׳דיק געשטאַנען, אפשר גאָר, געשלאָפן,
אַן אָנגעבראָכן בוים, אַ דונער־בליץ האָט אים געטראָפן.
אַ שטאָרך־נעסט טוליעט זיך אין קאָפּ צעשפּאָלטענעם, אין דעם גוואַלדאָוונעם ריס.
די שטאָרכן, כמו שנאמר, לאַנגע שנאָבלען, ווייסע פליגלען, רויטע פיס.

אַ טאַטע, מאַמע, אַ געזינטל —
אויף בוים פאַרברענטן האָבן זיי געוואוינט
אין פולער פרייער, פויגלדיקער, אומפאַרשטערטער רו.

פיגוראַטיוו געדעדט האָט עס געמיינט,
אַ ווייסער פלעק, אַ העלער פּינטל
אַוועקגעשטעלט אין מיטן שטערן פון אַ שוואַרצער קו.
גאַנץ ווינציק־וואָס געקימערט האָבן זיי די פאַרבן.
באַטשאַנקע האָדעוועט אַ דור,
וואָס וועט נאָך הונדערט צוואַנציק יאָר
דעם נעסט, ווי אויך די גרויסע אינדזל־מלוכה, אַרבן.
באַטשאַנקע איז די מלכה, און דער באַטשאַן איז דער מלך.
ווער טראַכט פון טויט! ס׳איז זומער אויפן האַרצן, איז זיי פריילעך.

אַברהמל ווייטער שפּרייזט און שפּרינגט, ער שפּאַנט.
ניט איינמאָל האָט ער זיך אַראָפּגעגליטשט פון שטיין, דעם קילן פייכטן.
עס איז משופּע׳דיק געוועזן דער קאַנט.
בלויז אָפּגעריבן זיך די הויט... פּילט קוים דעם קנעכל ראַץ דעם לייכטן.

ער האָט פאַרנעצט אַ קאַפּיטשקע די שיך.
קיין גרעסערע עס זאָלן ניט פּאַסירן,
אַזעלכע אומגליקן פאַרגעסט מען גיך.
אַנטדעקן לענדער מיינט דאָך ניט שפּאַצירן.

צי וואָגן קליינע קלייניקייטן גרויסע פּלענער שטערן!
צו זיין באַשטימונג־פּונקט אברהמל האָט כמעט דערגרייכט.
דער פּליושץ דעם דורכגאַנג פון די לעצטע קלאַפּטער טוט פאַרשווערן.
ער טרעט שוין אויף דעם סאַמע ראַנד, וואָס וואַסער האָט אַביסעלע צעווייכט.

ער האַלט זיך אָן אין איינעם פון די שטאַמען.
בקרוב מיט דערפאָלג באַקרוינען וועט זיך זיין פאַרזוך.
געבראָכן מוסקולקראַפט פון הענט און פיס צוזאַמען,
ער בויגט זיך איין, און שיר פאַרבליבן איז אין מאָך זיין שוך.

דערפילט שוין אונטער זיך סאָלידן, כאָטש ווייך אויסגעבעטן, באָדן,
און סוף־כל־סוף מיט פולער האַנט באַלוינט וועט ווערן ריזיקאַלע מי.
געשמאַקער איז דער ריווח, ווען ער פאָרט זיך מיט אַ קליינעם שאָדן.
עס מאַכט ניט אויס, וואָס ער׳ט זיך אָפּגעדראַפּעט, אמת־ווייטאָקדיק, די קני.

אברהמל פון אַנטדעקער ווערט גאָר אַ באַזיגער.
באַגייסטערט, מיט ניצחון־שאל, התפּעלות־רוף, זיין הערצל קלאַפּט.
מיט אַ דערפאַרונג איז געוואָרן רייכער, קליגער.
ער נישטערט מיט די אויגן, קעגנט אַרום זיך כמעט באַטאַפּט.

די גראַבע שטאַמען פון די בוימער, וויטשעס, ריטלעך, צווייגן,
די נאַדלען און געבלעטער האָבן אויפגעשטעלט אַן אומדורכזיכטבאַר וואַנט,
פאַרמעגנס האַלטן פאַרבאַהאַלטן, ווילן גאָרניט צייגן.
אַלץ איז פּאַרטאַיעט אין פאַרהוילעניש, אַלץ נסתר'דיק, קיין זאַך באַקאַנט.

אַפּנים האָבן מורא, מע זאָל ניט אַריינדרינגען אין דער עזרה.
אויף דעם „לא־תגנב" עובר־זיין, באַראַבעווען די אוצרות, רייכע שעצער.
דאַרום געהיימע זיי זיך האָבן פאַרבאַריקאַדירט מיט פעך און קאָרע,
מיט גראָז און מאָך און שטעכעדיקע דערנער, אויך מיט קרומע־לאַמע קלעצער.

פאַרליר ניט קיין קוראַזש! — אברהמל זיך דערמוטיקט — העכער, העכער קלעטער.
אַריין אין „מקום קדוש", וואָס וואַרפט אַן אַ פּאַניק מיט זיין שטילקייט־סטיל,
ער טרעט מיט שרעק און דרך־ארץ אויף די לאַנג־פאַרוועלקטע, טויטע בלעטער,
פאַר יאָרן לאַנג זיך אָנגעקליבן און געדינגט ווי טעפּיך און ווי דיל.

אברהמל סאָפּעט שווער. ער שטעלט זיך אָפּ'עט, בליקן וואַרפט אויף אַלע זייטן.
עס אָטעמט, הויכט אויף אים פון שלעפעריק אַרום אַ שטייף פאַרקלעמטער סוד.
דאָס פליגלען־פּאָכען, שנאָבלען־קלאַפּן האָט דערטראָגן זיך פון נאָנטן־ווייטן;
די קלאַנגען־וועלכלעך קייקלען זיך אָן חשק, ווי אַ ניט געשמירטער ראָד.

אברהמעלע צעקראַצט די הענט, צעראַצט די צורה, טראָפּנס בלוט אָט טריפן,
עס האָט פאַרטשפּעט זיך די בלוזקע, הויזלעך... דאָך קריכט העכער, ביני־לביני.
מיראָן לעם אים, דאָס מויל ברייט אָפן, ציין, פאַרשטשירעט, בלאַנקען, ווי געשליפן.
ניט לדורן, צו מלחמה גרייט זיך מיט דעם רואה־ואינו־נראה שונא.

אברהמלען שיינט, אַמביציע האָט ער שוין רעאַליזירט... באַגער דערפילט.
דעם העכסטן היגל בראַוו און דרייסט באַטראָטן — און זיין פּנים איז פלאַם־רויט.
די בלוטן ריזלען, די אַנטציקונג פון געוואַגטן האָט זיך פריי צעשפילט:
פאַרבאָטן פרעמדעס לאַנד אין זיין רשות געפינט זיך, צו זיין דינסט עס שטייט.

ער רימט זיך איבערלעך, פון נחת קוועלט ער אָן.
גיט זיין באַגייסטערונג, שרעק טיילט מיט אים מיראָן.
און אומבאַמערקטערהייט קינד פאַלט אַריין אין ווידערשפרוך.
בידיים האָט צעקלאַפּט זיין העלדנטאַט, צעבלאָזט ווי פוך:

פון וואָס אַ וועזן מאַכן!
ניטאָ ווער עס זאָל לאַכן!
פאַרוואָס זיך שרעקן?
פאַר בונטע פלעקן!

איז כמו־באַליידיקט פון דער פוסטער זאַך; אים האָט יסורים׳דיק פאַרדראָסן,
וואָס פייער פון באַשטרעבונג וואָסער פון פאַרווירקלעכונג האָט אויסגעלאָשן.
וואָס האָט ער דאָ געפונען? גאָרניט. וואָס אַנטדעקט?
געוויקסן, בוימעלעך וואָס יעדער וואַלד פאַרמעגט.

גאָר אומדערוואַרט, דאָס גראָז פון אונטער זיינע פיס זיך נעמט באַוועגן,
אַ צישן־קלאַנג די טיפע שטילקייט האָט צעשפּאָלטן און צעזעגן.
אַ גרויער קאָפּ פון דר׳ערד זיך הויבט מיט אויסגעשפּראָכענעם פאַרלאַנג,
אויף אים אַ וואָרף צו טאָן זיך איז באַרייט די בייסענדיקע שלאַנג.

איז ניט אימשטאַנד פון אָרט זיך רירן.
די שרעק נעמט אים פאַראַליזירן.
אים׳ט אָפּגענומען הענט און פיס,
ס׳איז פּאַניק, וואָס קומט פאַר דעם ביס.

הונט טראַכט: אויף דעם האָט מען געדאַרפט זיך ריכטן.
אין אים צוזאַמענפאַלט אינסטינקט מיט פליכטן.
ער גיט אַ בריה׳ש שפּרונג צו שיפּנדיקער שלאַנג
מיט שנעלקייט פון אַ בליץ, וואָס גיט ביינאַכט אַ בלאַנק,

אַ ווילע זיך געראַנגלט, קאָפּ אַראָפּגעביסן, בייגעקומען.
עס צאַפּלען זיך די רונדע שטיקער צווישן, בלוט באַשפּריצטע, בלומען.
איז פאַרטיק, גיט זיין העלד דעם יונגן ביי די הויזעלעך אַ צי,
דערנאָך אַ שלעפּ, אַ צופּ, אַ ריס, אַ ביס, מכלומר׳שט, אין דער קני.

הונט דרינגלעך ראַט צו מאַכן פּליטה, און וואָס גיכער.
צוריקצוג פון מפּלה איז בעין־ערך ניחא׳ער.
הונט׳ס עצה טובה איז ביי אים שטאַרק אָנגעלייגט,
אברהמעלע איז איצט העראָאיש ניט גענויגט . . .

די פאַרדעמדיקע דורות האָבן אוצרות גייסט אונדז אָפּגעשפּאָרט
און אָנגעזאַמלט אַ גאַר רייכן יידישן בטחון־פאָנד.
פון אים דער יחיד־ייִד, סיי גרויס, סיי קליין, טוט באָרגן.
אין דורכפאַל פאַלט ניט דורך; ייִד טרייבט פון זיך די זאָרגן.
אברהמל איז קיין ברוט, איז אַ בריונעט, איז ניט שאַטען, ניט בלאָנד.
צו סטאַסען רייטנדיק אויף זיין הונט־פערד, מיט אַ באַריכט ער פאָרט.
דערציילט פון דער פּאַסירונג בלויז די ערשטע העלפט, געטיילט זי לחצאין.
אַלץ וואָס ביי אונדז קומט פאָר, ניט שוין־זשע דאַרפן וויסן עס די „גוטע״ גויים ?!
די באָבע סטאַסינקע קען זיך ניט אײַנהאַלטן, זי צוויטערט,
איר גלעקלדיקעס קולכלע מיט גרויס התפעלות ציטערט.

אברהמעלע איז בראַוו און כראַברע ווי איר העלדיש פאָטער!
און ווי איר זיידע גיין וועט אויפן טערק און שוועד, און טאָטער . . .
און זי וועט זיין זיין ווייב,
געקנאָטן פון איין לייב.
זי׳ט רייטן אויף אַ הייכן פייער־שפּריצנדיקן פערד,
און טראָגן אַ פאַרבויגן סאַבלע ביז צו סאַמע דר׳ערד.
מיט אים זי׳ט רייטן אומעטום
אויף רעכטס, אויף לינקס און גלייך, און קרום,
פאַרכאַפּן קעניגרייכן און פאַרנעמען לענדער, ווייטע מדינות.
אַמביציעס אירע ניט אַרויסגעלייענט פון זיין באָבע׳ס תחינות,
ניט דורכגעווייקט, ניט דורכגעוויבט, ניט ראַפינירט פון יידישן רחמנות,
וואָס אויף אַ שטייגער אייגנאַרטיקן סימבאַליזירן די איקאָנעס.
זי רעדט און פאַנטאַזירט; אברהמל הערט קוים, ווי פון שלאָף.
ניט קריגעריש געשטימט, ביי זיך איז ניט פאַרריסן.
מיט אויסגערעכנט מיין פאַרשוויגט דעם ביטער־שלעכטן סוף
פון זיין זאַטייע׳ס אָנהויב מחייה׳דיקן זיסן.
עס ליגן אים ניט אין דער לינקער פּאה די פאַרכאַפּערישע פּלענער.

ער קלייבט זיך ניט צו קלייבן לענדער, ווי אין וואַלד, געהאַקטן, שפּענער.
חיילות עקספּעדיציאָנעלע זיינע האָבן זיך צוריקגעצויגן...
מער ווי אַ קאַפּיטשקע ער שעמט זיך, דאָך מיראָנען קוקט גלייך אין די אויגן.
דאַנקט גרויסן גאָט, וואָס הונט וועט ניט פאַרציילן, וועט פון דעם ניט ריידן...
די מעשה זאָל, חלילה, ניט דערגיין צו באָבען אָדער זיידן.
אַלס אויסרייד קען עס דינען זיי זיין פרייהייט צו באַגרעניצן,
פאַרשפּאַרט אין שטוב אים האַלטן, זאָל זיך לאַנגווײַלן און געניצן.
מיראָן איז, אבער, א ברוגז'ער געשטאַנען.
אברהמל פון דעם ערשטן בליק האָט גלייך פאַרשטאַנען,
אַז אים פאַרדריסט אַביסעלע די זאַך,
וואָס אין דעם פאַל פאַרשוויגן ווערט אַ סך,
און מיט קיין וואָרט, ווערט ניט דערמאָנט זיין ראָלע.
ווער זיינען זיי, בלויז פערד און בעל־עגלה?
הונט — פערד, קינד — רייטער,
מער גאָרניט ווייטער?!
ער האָט געשטעלט זיין לעבן אין געפאַר,
געראַטעוועט פון זיכער טויט זיין האַר,
האָט העלדישקייט באַוויזן,
געקעמפט, באַזיגט די ריזן...
אַ יישר־כוח ניט פאַרדינט,
זיין טאַט אַוועקגעבלאָזן מיטן ווינט!
און קיינער וועט פון דעם ניט וויסן,
געשיכטע ט'ניט פאַרציילן!...
אברהמלען מאַטערט דאָס געוויסן,
ער טאָר עס ניט פאַרהוילן,
ער מוז זיין חוב באַצאָלן.
און ער האָט סטאַסען אָנגעזאָגט, זי זאָל עס קיינעם אויף קיין פאַל פאַרטרויען.
אויף דעם זי מוז אים דריי מאָל האַרבע שבועות שווערן.
אַפילו אויער פון די אייניקלעך איז פאַר דעם טיפן סוד ניט ראוי.
ער האָט פאַר איר געמאָלן
בפרטיות, אַ פאַקטיש־רעאַליסטיש בילד
(אין פליסטער פון אַן אונטערטאָן
קיין זייטיקער, חלילה־וחס, זאָל עס ניט הערן)

פון ראָלע וואָס דער העלד, מיראן,
אין אָט דער מעשה־נורא ט׳מייסטערהאַפט געשפּילט.
זי האָט דעם הונט אַרומגענומען,
אַ קוש און נאָך אַ קוש געגעבן אים אין שטערן,
מיט קושן ווי מיט לויבער־קראַנצן אים דעם קאָפּ באַקרוינט.
מיראַן געענטפערט האָט מיט ברומען
אַצונד האָט זיך געפילט אין פול, פאַר העלדנטאַט, באַלוינט.
בדיעבד איז ער גאָר געוועזן צופרידן, וואָס אַזעלכעס האָט פּאַסירט:
עס האָט געהאַט אַ גוטע פּעולה און געדינט אַ גוטן צוועק.
קיין מום, קיין בראָך, קיין שעדיקונג אין גוף געליטן האָט דאָך ניט זיין ווירט.
עס וועט אים גאַרניט שאַטן, אָפּגעקומען מיט אַביסל שרעק,
אַזאַ דערפאַרונג וועט צוניץ אים קומען ביזקל גאָר.
מיראַן האָט דאָס געזאָגט אויף כּלבים־לשון דייטלעך קלאָר,
עס ווידערהאָלט דריי מאָל
לאָוו־דווקא אויפן קול.
דער ערשטער האָט גע׳דבר׳ט — ווײדל,
וואָס האָט צעפּאָכעט זיך גאַנץ איידל
אויף אַ סימבאָליש אופן,
ווי צייכענענדיק רייפן.
דער צווייטער האָט ויאמר׳ט דער באַסאָווער ברום,
און פיל אַרויסגעבראַכט אויף „שטום־לשון" גאַנץ פרום.
ער׳ט זיך געריסן פון דעם הינטיש האַלדז דעם טיפן
מיט קלאַנגען, וואָס, ווי טראָפּנס תפילה׳דיקע טריפן.
די דריטע האָט גערעדט די לאַפּע:
מיט חימה האָט געטאָן אַ דראַפּע,
אַריינגעשריבן נקודות, אותיות, אייגנטלעך בלויז יעראָגליפן
אין ברוינעם זשוויר און געלן זאַמד פון שטעג,
אין גרינעם פרישן גראָז פון סאָד.
פון זיי מיר האָבן דעם עלעמענטאַרן פּראָסטן פּשט באַגריפן,
וואָס ליגט פון־אויבנאויף גלייך ביי דעם וועג,
בשום אופן ניט דעם וואונק פון סוד.



# „פון פילע צום איינס"

פון

## י. יאַקובאָוויטש

בראשית ברא אלהים. עס ווערט דערציילט (אין גמרא מגילה ט׳, ע"א), אַז די חכמים, וועלכע האָבן איבערגעזעצט די תורה אויף גריכיש, האָבן מורא געהאַט, אַז אויב זיי וועלן איבערזעצן אַזוי ווי ס׳איז געשריבן, וועט עס אויסגעטייטשט ווערן, אַז עס זיינען געווען צוויי געטער, איינער „בראשית" און איינער „אלהים" און אַז דער ערשטער האָט באַשאַפן דעם צווייטן, האָבן זיי דעריבער איבערגעביטן די אָרדנונג פון די ווערטער און איבערזעצט „אלהים ברא בראשית".

אָפּוואַרפנדיק אָט־דעם האַר־שפּאַלטנדיקן פלפול און אוועקגייענדיק פון דער באַרבאַריש־אַנטראָפּאָמאָרפישער פאָרשטעלונג פון דער גאָטהייט, מוזן מיר דאָך, לויט דער איצטיקער מדרגה פון דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד, קומען צום שלוס, אַז: דער אָנהויב און גאָט זיינען איינס; גאָט און די וועלט זיינען איינס; די וועלט און דער מענטש זיינען איינס; דער מענטש און זיין געדאַנק זיינען איינס. ממילא זיינען דער אָנהויב, גאָט, די וועלט, דער מענטש און דער געדאַנק אַלע איין און די זעלביקע זאַך. גאָט און דער חומר היולי זיינען איין זאַך, און אַלץ וואָס עס געפינט זיך אויף דער וועלט זיינען עמאַנאַציעס און מאַניפעסטאַציעס פון דער איינציקער קראַפט, וועלכע פילט אָן דעם חלל העולם.

אָבער דאָס איז אַלץ בראשית, אין אָנהויב. אין אָנהויב איז אַלץ איינס. אָבער אַזוי שנעל ווי פון דעם אָנהויב טיילן זיך אָפּ הימל און ערד, פון איינס ווערט צוויי, הויבט זיך גלייך אָן דער תהו ובהו. (און פאַרגעקומען איז דער תהו ובהו אויף דער גשמיותדיקער ערד, נישט אין רוחניות׳דיקן הימל).

אָט־די צוויי דערשיינונגען — די דערשיינונג פון איינהייט און די דערשיינונג

פון צעטיילונג — פירן צווישן זיך אַ העפטיקן קאַמף משׁשת ימי בראשית אָן. אַמאָל זיגט די ערשטע און אַמאָל די צווייטע. אַזוי שנעל ווי די מענטשן אויף דער וועלט דערגרייכן די מדרגה פון „איין פאָלק און איין שפּראַך", פאַנגט זיך אָן דער דור הפלגה.

דאָס יידישע פאָלק איז אויסגעקליבן געוואָרן פון דעם שיקזאַל צו זיין דער טשעמפּיאָן פון דער איינהייט. איין גאָט, איין תורה, איין פאָלק. ישראל ואורייתא וקודשא בריך הוא חד הוא. און האָט דאָס פאָלק ישראל ווען־עס־איז, אין זיין לאַנ־גער געשיכטע, זיך אָפּגעקערט פון דער איינהייט, האָט די איינהייט, גאָט, דורך דעם מויל פון די נביאים, געשטורעמט און געסטראַשעט, געשטראָפט און געפלוכט. דער באַגריף פון איינהייט פון דער יידישער אמונה האָט זיך קולמינירט אין שפּי־נאָזאַ'ן וועלכער האָט אָפּגעבראָכן מיט דעם דואַליזם פון דער גאָטהעט וועלט און באַשאַפן זיין פאַנטעאיזם — גאָט און די וועלט זיינען איינס. אַנשטאָט אַן אָפּ־טריניקער, פאַר וועלכן דיביידע מאָנאָטעאיסטישע רעליגיעס, די יידישע און קריסט־לעכע, האָבן אים געהאַלטן, איז שפּינאָזאַ באמת געווען דער פאָקל־טרעגער פון דעם העכערן און איידעלערן באַגריף פון מאָנאָטעאיזם — און פון יידישקייט.

און פון פילאָסאָפיע און טעאָלאָגיע צו די אַזוי־גערופענע פּאָזיטיווע וויסנ־שאַפטן. אויך די וויסנשאַפטן צייגן אַ בולט'ע טענדענץ צו דערגרונטעווען זיך צו דער אידייע פון איינהייט. איך גלויב, אַז מען קאָן מעסטן דעם פּראָגרעס פון אַ וועל־כער עס איז וויסנשאַפט לויט דעם, ווי ווייט זי, די וויסנשאַפט, האָט דערגרייכט אין איר צוריקוועג פון דיפערענצירונג צו איינהייט.

דעם ווייטסטן וועג האָבן דורכגעמאַכט די ביאָלאָגישע וויסנשאַפטן, ווען דאַר־ווין האָט פעסטגעשטעלט, אַז די פיל־געשטאַלטונג פון די באַשעפענישן אויף דער וועלט איז דער רעזולטאַט פון דער אַנטוויקלונג פון אַן איינצלנער צעל.

אויך כעמיע איז דורכגעגאַנגען אַ ווייטן מהלך. שוין די איינצאַמונג פון אַלע סובסטאַנצן פון דער וועלט אין אַ צאָל עלעמענטן איז אַ שריט פאָרווערטס אין דער ריכטונג פון איינהייט. די טראַנסמוטאַציע פון עלעמענטן, וועלכע איז געווען די הויפּט־אַרבעט פון די אַלכעמיקער אין מיטלאַלטער און איז ביז נישט לאַנג צו־ריק אויסגעלאַכט געוואָרן אַלס' צייט־פאַרשווענדערישער שפּאַס, האָט ביסלעכווייז אויפגעוואַכט צוריק צום לעבן, און דאָ און דאָרטן ווערן געמאַכט פּרוואוון אויף דעם געביט. ווען אָט־די עקספּערימענטן וועלן געלינגען וועט אויך די וויסנשאַפט פון כעמיע האָבן דערגרייכט דאָס, וואָס די ביאָלאָגישע וויסנשאַפטן האָבן דערגרייכט — די אורשפּרינגלעכע צעל. אַפילו די טעאָריע פון אַטאָמען און די נייערע טעאָריעס פון פּראָטאָנען, עלעקטראָנען אאז"וו, הגם אויבנאויף שיינען זיי צו זיין אַ ווייטערע

צעשפּליטערונג פון דעם איינצלנעם, זיינען דאָך בעצם אַ פאַרזוך צו דערגרייכן די אורשפּרינגלעכע צעל אין דער אומאָרגאַנישער וועלט, ווי די ביאָלאָגיע האָט עס דערגרייכט אין דער אָרגאַנישער וועלט.

די וויסנשאַפט פון פּיזיק, אין וועלכער עס האָט ביז נישט לאַנג צוריק געהערשט אַ כאַאָס בנוגע דעם אורשפּרונג און מהות פון די פאַרשיידענע פאָרמען פון קראַפט און שטאָף, ווערט אַלץ מער און מער באַהערשט פון דער אידייע, אַז קראַפט און שטאָף זיינען נישט בלויז אַ צווילינג, נאָר אַז זיי זיינען טאַקע פּשוט איין און די זעלביקע זאַך, וואָס דערשיינט דאָ אין איין פאָרם און דאָ אין דער צווייטער.

אַפילו מעדיצין האָט לעצטנס אָנגעהויבן שפּרייזן פאָרווערטס. די מיטלאַלטערלעכע אומזיסטע זוכענישן פון אַ פּאַנאַצעיא און אַן עלעקסיר פון לעבן זיינען טיילווייז געלייזט געוואָרן דורך די אַנטדעקונגען פון סולפאַ־מעדיצינען און פּעניסילין. און ווער קאָן פאָראויסזאָגן וואָס די צוקונפט וועט מיט זיך ברענגען.

דער איינציקער צווייג פון וויסנשאַפט, וואָס איז אַם מערסטנס אָפּגעשטאַנען אין דער הינזיכט פון איינהייט, איז די וויסנשאַפט פון שפּראַך. דאָ הערשט נאָך דער אמתער תהו־ובהו, וועלכער רירט זיך נישט פון אָרט: דאָ זיינען נאָך אין דער פולער קראַפט טעאָריעס, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרן מיט הונדערטער און הונדערטער יאָרן צוריק, און יעדע אָפּווייכונג פון אָט־די טעאָריעס, יעדער פאַרזוך צו צייגן אַן איינהייטלעכן מקור צו אַלע, אָדער מערסטע שפּראַכן פון דער וועלט, ווערן פאַרשריען אַלס בטלנות, אַלס עפּעס, וואָס איז „נישט באַפעסטיקט אויף די שוועלן פון וויסנשאַפט".

מערקווירדיק וואָס די קריסטלעכע געלערנטע, און אויך יידישע געלערנטע, האָבן אין באַצוג צו שפּראַך איינגעפירט אַ דריי־אייניקייט. שפּראַכן ווערן איינגעטיילט, ווען אַפילו סימבאָליש, אין דריי גרופּן: סעמיטישע שפּראַכן, כאַמיטישע שפּראַכן און יאַפעטיטישע שפּראַכן, לויט די דריי זין פון נח'ן, שם, חם און יפת. כאָטש עס איז פעסטגעשטעלט פון פיל עגיפּטאָלאָגן, אַז עס איז דאָ אַ גרעסערע שייכות צווישן עגיפּטיש — אַ כאַמיטישע שפּראַך — מיט די סעמיטישע שפּראַכן, ווי צווישן געוויסע יאַפעטיטישע שפּראַכן איינע מיט דער אַנדערער (עגיפּטאָלאָגן האַלטן, אַז עגיפּטיש, און ממילא כאַמיטישע שפּראַכן, זיינען לכתחילה געווען אַ צווייג פון די סעמיטישע שפּראַכן, נאָר האָבן זיך אָפּגעריסן אין פאַרלויף פון צייט דורך פאַרשיידענע אורזאַכן און האָבן זיך אַנטוויקלט אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן); כאָטש ווען מען זאָל האַלטן די סעקוועניץ פון דער תורה אַלס אויטענטיש, קומט די מעשה פון „איין פאָלק און איין שפּראַך" ערשט נאָכדעם ווי עס ווערן אויסגע־

רעכנט די משפחות און אָפּצווייגונגען פון שם, חם און יפת, דאָס הייסט אַז ביז דעם „טורעם פון בבל" האָבן אַלע גערעדט א י י ן שפּראַך; כאָטש איין גאָט ווייסט, אַז דער באַגריף „יאַפעטיטישע שפּראַכן" איז אַזוי ברייט, אַז מען קאָן אין אים פאַר קיין פאַל נישט אַריינגעמען אַלע שפּראַכן, אויסער די אַזויגערופענע סע־מיטישע און כאַמיטישע שפּראַכן, און מען מוז, מיט רעכט, מאַכן אַלץ מער און מער גרופּירונגען.

די שפּראַך־פאָרשער זיינען געגאַנגען נאָך ווייטער און איינגעטיילט אויך די סעמיטישע שפּראַכן אין דריי (ווידער דריי) גרופּן: אַסיריש־באַבילאָניש, כנען'יש־העברעאיש־אַראַמעאיש, אַראַביש־עטיאָפּיש. איז וואָס אַן אמת אָט־די צעטיילונג פון די סעמיטישע שפּראַכן נישט מאָס־געבנדיק, ווייל מ'קאָן זיי אויך קלאַסיפיצירן אין פיר טיילן: מזרח'דיקע־אַסיריש־באַבילאָניש; צפון'דיקע — אַראַמעאיש; מערב־דיקע — כנעניש־העברעאיש; דרומדיקע — אַראַביש־עטיאָפּיש. מען קאָן זיי אויך איינטיילן אין פינף טיילן, אַרויסנעמענדיק עטיאָפּיש אַלס באַזונדער צווייג.

אָבער דער שפּיץ פון דער דריי־איינקייט, וועלכע האָט אַרויפגעלייגט אומצע־רייסבאַרע קייטן אויף דער פאָרשונג פון סעמיטישע שפּראַכן, איז דערגרייכט גע־וואָרן, ווען מען האָט צוגעטראַכט אַ דריי־אותיות פאָרם פון אַלע סעמיטישע וואָרצלען. דאָס האָט איינגעקרעמט די סעמיטישע שפּראַכן אַלס קלאַס פאַר זיך, און יעדער פאַרזוך צו געפינען געמיינשאַפטלעכע יסודות מיט די פּיל־זילביקע אינדאָ־איראָפּעאישע שפּראַכן אָדער מיט די איין־זילביקע מאָנגאָלישע שפּראַכן איז דער־קלערט געוואָרן אַלס אומוויסנשאַפטלעך. כדי צו דערגרייכן אַ פולשטענדיקע דריי־איינקייט אין די סעמיטישע וואָרצלען האָבן פילאָלאָגן, און אַפילו ערנסטע פילאָלאָגן דערצו, געמוזט צוטראַכטן און באַשאַפן דריי־זילביקע וואָרצלען פאַר אַזעלכע איינ־פאַכע ווערטער ווי אָב (פאָטער), אם (מוטער), בן (זון) אַ. אז. וו., וואָרצלען, וועלכע זיינען בלויז אומאָנגענעמבאַרע השערות און ווייט פון וויסנשאַפטלעכן און לאָגישן אמת. דאָס זעלביקע איז געטאָן געוואָרן מיט פּיל־זילביקע העברעאישע ווערטער, ווי רטפש (ווערן ברייט; עס ווערט געוויינלעך פאַרטייטשט: זיין פעט, אָבער אַסי־ריש ריטפּאַשו מיינט ברייט), עטלף (ווערט געוויינטלעך פאַרטייטשט: פלעדער־מויז, אָבער ס'איז מעגלעך, אַז דאָס איז אַן אַנדער באַשעפעניש), צפרדע (אַ זשאַבע), אאז"וו.

זיינען טאַקע די סעמיטישע שפּראַכן געבויט אויף דער סיסטעם פון בלויז דריי בוכשטאַבן און זיינען זיי טאַקע אַ קלאַס פאַר זיך און האָבן נישט קיין פאַרבינדונג מיט די אַנדערע שפּראַכן פון דער וועלט? איז בכלל אויסגעהאַלטן די אָנגענומענע

מיינונג, אַז שפּראַכן זיינען געטיילט אין קלאַסן, וואָס האָבן נישט קיין פאַרביג־דונג, אַם וויניקסטנס אַן אורשפּרינגלעכע פאַרבינדונג, צווישן זיך?

אַ גרינטלעכער אַנאַליז פון דעם ווערטער־שאַץ פון אַלע שפּראַכן, וועלכע זיינען גערעדט געוואָרן און ווערן גערעדט פון דעם מענטשלעכן מין, ציינט דעם קעגנזאַץ פון דעם. די שפּאַלטן פון די „יידישע שריפטן" דערלויבן נישט זיך אַריינצולאָזן אין אַ פולשטענדיקער דורכזיפונג פון דעם ריזיקן מאַטעריאַל, וואָס איז אָנגעזאַמלט געוואָרן, און מיר וועלן זיך באַגנוגענען מיט בלויז עטלעכע געציילטע ביישפּילן.

די קלאַנגען גד־גז־חד־כס־קצ (וועלכע זיינען אייגנטלעך איין קלאַנג, ווייל די בוכשטאַבן ג׳, ח׳ כ׳ און ק׳, ווי אויך די בוכשטאַבן ד׳, ז׳, ס׳ און ט׳ פאַרבייטן זיך איינער מיט דעם אַנדערן) ווידערהאָלן זיך אין אַ גאַנצער ריי העברעאישע וואָרצלען, ווי גדד, גזה, חדד, חצה, כסם, קוט, קצה, אאז״וו. מען קאָן אָנציילן פון זיי אומגעפער זיבעציק באַזונדערע וואָרצלען און מער ווי 170 באַזונדערע ווערטער. זיי אַלע האָבן איין גרונט־באַדייטונג: שניידן, כאָטש יעדער וואָרצל באַזונדער פאַרמאָגט אַ באַזונדערן ניואַנס. דער באַזונדערער ניואַנס איז צו פאַרדאַנקען דעם דריטן בוכשטאַב, וועלכער איז צוגעגעבן צו די אויבנדערמאָנטע פרימיטיווע קלאַנגען. די זעלביקע קלאַנגען מיט דער זעלביקער אורשפּרינגלעכער באַדייטונג געפינען זיך פאַקטיש אין יעדער שפּראַך פון דער וועלט, וואָס זיינען גערעדט געוואָרן און ווערן נאָך איצטער גערעדט איבערן גאַנצן ערד־קויל, איינשליסנדיק אַפילו די אינדיאַנישע שפּראַכן פון אַמעריקע. און אויך אין די ניט־סעמיטישע שפּראַכן געפינען זיך אָפט איינער אָדער מערערע „איבעריקע" בוכשטאַבן ווי אין העברעאיש.

ענלעך צו דער באַדייטונג פון שניידן איז די באַדייטונג פון קריצן, קראַצן, וועלכע ווערט איבערגעגעבן אין די קלאַנגען גר־חר־כר־קר. אָט־די קלאַנגען געפינען זיך אין העברעאיש אין אַ נאָך גרעסערער צאָל וואָרצלען און ווערטער, ווי למשל, גרד, גרס, חרט, חרת, כרה, כרת, נחר, קרע, קרץ אאז״וו, אאז״וו. אויך אָט די קלאַנגען מיט דער זעלביקער באַדייטונג געפינען זיך פאַקטיש אין אַלע שפּראַכן פון דער וועלט אַמאָל - גערעדטע און איצטיקע; און אין די שפּראַכן, אין וועלכע עס פעלט בכלל דער בוכשטאַב ר, ווערט אָט־דער בוכשטאַב אַם מערסטן פאַרביטן מיט דעם בוכשטאַב ל׳.

די קלאַנגען דח־דכ־צק־טח־תח־תק, האָבן די באַדייטונג פון שטויסן, ממילא מאָלן, און ממילא פאַרניכטן. אין העברעאיש דערשיינען זיי אין די וואָרצלען דוח, דחה, דחק, דחף, דכה, טחן, נתק, עתק און זייער פיל אַנדערע. די זעלביקע פרימיטיווע קלאַנגען מיט דער זעלביקער באַדייטונג (אויך אין די פאַרשיידענע ניואַנסן) געפינען זיך אין אַלע אַנדערע ניט־סעמיטישע שפּראַכן.

גב־קב האָט געמיינט פאַרבריייטונג, פאַרשפּרייטונג, סיי פון אויבן און סיי פון אונטן. די וואָרצלען אין העברעאיש זיינען: גבה, גבן, גוה, יקב, נקב, קבה און פיל אַנדערע. ס׳איז כמעט נישטאָ קיין שפּראַך אין דער וועלט, וואָס זאָל נישט האָבן די זעלביקע קלאַנגען מיט דער זעלביקער באַדייטונג.

און אַזוי ווייטער און ווייטער — טויזנטער פּרימיטיווע קלאַנגען, וועלכע געפינען זיך אין אַלע שפּראַכן פון דער וועלט, ניט־סעמיטישע אַזוי גוט ווי סעמיטישע.

קאָן דער לעזער פרעגן: וואָס־זשע איז דער דריטער בוכשטאַב אין דעם העברעאישן וואָרצל, וועלכער געפינט זיך נישט אין דעם פּרימיטיוון קלאַנג? אויף דעם וועלן מיר ענטפערן, אַז דאָס זיינען בוכשטאַבן מיט אַ באַזונדערער מיינונג, ווי געהילפס־בוכשטאַבן אין אַרויסריידן דעם קלאַנג (ספּעציעל וואָקאַלן); באַזאַליזאַציע־בוכשטאַבן, וואָס זיינען אַזוי אייגנאַרטיק אין די מזרח־לענדער; פּרעפיקסן און סופיקסן מיט אַ באַשטימטער באַדייטונג, וועלכע זיינען באַהעפט געוואָרן צום וואָרצל אין אַן אוראַלטער תקופה און זיינען מיט דער צייט געוואָרן אומצעשיידבאַר; גיבן די ניואַנס־פאַרשיידנאַרטיקייט אין דער באַדייטונג פון וואָרצל. אָבער דאָס אַלץ איז אַ לערע אַן און פאַר זיך, וועלכע קומט נישט אַריין אין די ראַמען פון אַט־דעם קורצן אַרטיקל.

אַט־די אַלע פּרימיטיווע קלאַנגען, וועלכע מיר האָבן אויבן געבראַכט, און די טויזנטער, וואָס מיר האָבן נישט געבראַכט, זיינען אַן אייזן־פעסטער באַווייז פון דער איינהייט, דער אורשפּרינגלעכער איינהייט, פון אַלע שפּראַכן פון דער וועלט, אַ באַווייז, וועלכער דאַרף צעברעכן די צוימען, וואָס שפּראַך־פאָרשער האָבן געבויט אַרום שפּראַכן.

און די איינהייט פון שפּראַכן איז דאָך אייגנטלעך אַן אומגעהויערער בייטראָג צו די קולטור־ווערטן פון דער מענטשהייט. די איינהייט פון־שפּראַכן איז עלול צו ברענגען אַן איבערשאַצונג פון ווערטן און רעוואָלוציאָניזירן פיל צווייגן פון אונדזער קולטור־היסטאָרישן וויסן, אָפּגערעדט פון דעם, וואָס דורך איר קאָנען דערקלערט ווערן פיל צווייפלהאַפטע שטעלן און אויסדרוקן אין תנ״ך (און אַזעלכע זיינען פאַראַן אין אַ גאַנץ היפשער צאָל), שטעלן, אויף וועלכע יידישע און ניט־יידישע מפרשים פון תנ״ך מאַטערן זיך פון דער צייט פון די חכמי התלמוד ביז היינטיקן טאָג, עס שטייען אין פּערספּעקטיוו אויך אַנדערע פּראָבלעמען, פון וועלכע מיר ווילן אָנדייטן אויף די פאָלגנדיקע:

די איינהייט פון דער מענטשלעכער שפּראַך איז ווילנדיק אָדער נישט־ווילנ־דיק אויך פאַרבונדן מיט דער איינהייט פון דעם מענטשלעכן מין. די שפּראַך פון דעם מענטשן האָט געקאָנט זיין איינע נאָר דאַן, ווען מיר וועלן אָננעמען, אַז ס'איז געווען בלויז איין אָדם, ד"ה, אַז דער מענטשלעכער ווזן האָט זיך אָנגעפאַנגען פון איין באַשטימטן אָרט אויפ'ן ערד־קוגל. ממילא זיינען אַלע איצטיקע פאַרשיי־דענע ראַסן און פעלקער קינדער פון איין טאַטן, ווי צווייגן פון איין בוים; ממילא איז נישטאָ אַזאַ זאַך ווי פאָלק און ראַסע; ממילא איז נישטאָ אַזאַ זאַך ווי אַ „העכע־רע" ראַסע און אַ „נידעריקע" ראַסע; במילא — די פאַרברידערונג פון אַלע מענטשן אויף דער וועלט, לכל הפּחות פון וויסנשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט.

אַן אַנאַליז פון דעם ווערטער־שאַץ פון יעדן פאָלק באַזונדער, אויף וויפיל ער איז פאַרבונדן אָדער אויף וויפיל ער האָט אָפּגעווייכט פון דער איינהייטלעך־פּרימיטיווער פאָרם פון דער מענטשלעכער שפּראַך, קאָן דערקלערן די פאַרשיידנ־אַרטיקייט און באַזונדערטקייטן פון די זיטן, מנהגים, גלויבן און אָבערגלויבן און בכלל אָרט לעבן פון די פאַרשיידענע פעלקער אויף דער וועלט.

דער זעלביקער אַנאַליז קאָן וואַרפן אַ שיין אויף דעם צוזאַמענלעבן און וואַנ־דערונגען פון די פּרימיטיווע שבטים פון דער מענטשהייט און אַזוי אַרום לייזן אומ־צאָליקע פּראָבלעמען וועגן דעם אָריגינעלן וואוינפּלאַץ און עמיגרירונגען פון די פאַרשיידענע אָפּצווייגונגען פון דעם מענטשלעכן מין אין דער נעפּלהאַפטער תקופה פון דער מענטשלעכער געשיכטע, פּראָבלעמען, וועלכע זיינען ביז היינטיקן טאָג נישט געלייזט געוואָרן.

און נאָך פיל, פיל אַנדערע פּראָבלעמען, וואָס זיינען מיט דעם פאַרבונדן.

דערווייל אָבער איז נאָך די וואַנט אַרום דער איינהייט פון שפּראַכן ווי אַן אומדורכבררעכבאַרע פעסטונג. שפּראַך־פאָרשער קלאַמערן זיך אַרום דער וואַנט און פאַרטיידיקן זי מיט לייב און לעבן. יעדער „אנשטענדיקער" פילאָלאָג, ווען ער קומט צו צו דעם ענין, וועט קודם כל מאַכן אַ הקדמה, אַז די איינהייט פון שפּראַכן איז „אומוואַרשיינלעך", כאָטש ער גיט צו, אַז עס זיינען דאָ געוויסע ענלעכקייטן אין דעם וואָרצל־שאַץ פון די פאַרשיידענע גרופּירונגען פון מענטשלעכן ריידן. אַזוי, צ. ב. פאַנגט אָן ה. דזש. וועלס אין זיין בוך „דהי אוטלאַין אָוו היסטאָרי", וואָס דאַרף אייגנטלעך זיין אַ רעזומע פון מיינונגען און געשעעניש ביז זיין צייט: „ס'איז אומוואַרשיינלעך, אַז ס'איז אַמאָל געווען אַזאַ זאַך ווי אַן אַלגעמיינע מענטשלעכע שפּראַך" ...„שפּראַך־פאָרשער זאָגן אונדז, אַז ס'איז פאַר זיי אוממעגלעך אָנצוצייגן מיט זיכערקייט וועלכע עס איז איינהייטלעכע כאַראַקטעריסטיק אין אַלע שפּראַכן פון דער מענטשהייט".

די פראַגע וועגן דער איינהייט פון שפראַכן בלייבט דערווייל אָן אומגעלייזטע. די לייזונג וואַרט אויף איר לייזער. און ס'איז בלויז אַ וואונטש און אַ האָפנונג, ווי עס דריקט זיך אויס טאָמאַס מאַן אין דעם פרעליוד צו זיין בוך „יוסף און זיינע ברידער", אַז „עס האָט (מסתמא) אַמאָל עקזיסטירט נאָך אַן עלטערע מוטער־שפּראַך (ווי די אינדאָ־איראָפּעאישע פרימיטיווע שפראַך), וועלכע האָט געהאַט אין זיך די וואָרצלען פון די אַרישע אַזוי גוט ווי די סעמיטישע און כאַמיטישע שפּראַכן".



## ל. ראָזאָף

### כ'האָב זיי היינט געזען . . .

כ'האָב זיי היינט געזען — די וואָגלער,
ברידער פון מיין אומה, פון מיין שטאַם,
אָרימע קרבנות — פון שמאָגלער,
קדושים פונעם פייערדיקן סם . . .
כ'האָב זיי היינט געזען — פאַרשטילטע
זיצן אומעטיק, די אויגן רויט,
ווייסע קעפּ ווי אָנגעמעלטע,
שטומער פּחד אונטער יונגער הויט . . .
פון איין לאַנד — דאָס אַלטע רעקל,
פון אַ צווייטן אויסגעקרימטע שיך,
וויפיל וואַלד און שליאַך מיט שרעקן,
וויפיל וואַנדער אונטער זייער דיך . . .
כ'האָב זיי היינט געזען די וואָגלער,
ברידער פון איין אומה, פון מיין שטאַם,
אָרימע קרבנות — פון שמאָגלער,
קדושים פון אַ פייערדיקן סם . . .



# אָבערגלויבעריי ביי די דייטשן — דעם פאָלק פון „דיכטער און דענקער״

פון

## דר. מ. סודאַרסקי

צוערשט די פראַגע, איז דען ווער עס איז בכלל פריי פון אָבערגלויבן ? דאַכט זיך, קיינער ניט. קיין יחיד, קיין אומה ולשון זיינען ניט באַפרייט פון דעם. זיי אַלע זיינען אָנגעשטעקט מיט די באַצילן פון אָבערגלויבעריי, וועלכע ווירקן זיך אויס ערגעץ־וואו אין אַ ווינקל פון זייער נשמה און פאַרפּאָלגן זיי אומ׳ברחמנות׳דיק דאָ אַמאָל מער, דאָ אַמאָל ווייניקער.

דער אָבערגלויבן איז אַ מין גע׳ירש׳נט חולאת, וואָס גיט זיך איבער פון דור צו דור. יעדער ברענגט עס מיט מיט זיך אין דער טיפעניש פון זיין וועזן און וועט זיך ניט באַפרייען פון אים ניט היינט און ניט מאָרגן. נאָך פיל טייכן וועלן פאַר דער צייט אויסגעטריקנט ווערן און דער מענטש וועט נאָך אַלץ בלייבן שטעקן אין די זומפּן פון אָבערגלויבעריי, וועלכע נעמט אָן אין פאַרשיידענע צייטן פאַרשיידענע פאָרמען, אָבער אין תוך בלייבט עס דאָס זעלבע.

און אַזוי וועט עס נאָך מן־הסתם לאַנג, לאַנג בלייבן, ווייל אָבערגלויבעריי איז אַ פּראָדוקט פון דעם מענטשלעכן פּרימיטיוון פילן און דענקען. און וואָס פּרימיטיווער עס איז דעם מענטשנס דענקען און פילן און וואָס מער פאַרטונקלט עס איז זיין פאַרשטאַנד, אַלץ מער ווערט ער באַהערשט פון אָבערגלויבן.

און אַזוי זעען מיר, ווי איינער מאַכט מאַטעמאַטישע חשבונות דורך אַ קאָמביניאַציע פון זיינע פינגער אָדער ציילט אָפּ זיינע קנעפּלעך, ווען ער קען זיך ניט באַשליסן אויף אַ וויכטיקער טאַט, פון וועלכער עס הענגט אָפּטמאָל אָפּ זיין גורל. ער פאַרלאָזט זיך אויפן בלינדן צופאַל און ווי עס וועט אויספאַלן, אַזוי וועט ער טאָן.

אַנדערע ווידער אויס גרויס פאַרלעגנהייט ווענדן זיך צו קאָרטן־לייגערקעס — זאָלן זיי טרעפן, וואָס עס דריקט זיי ביי דער נשמה און דורך פאָראויסזאָגן באַשטימען זייער גורל. ניט איין ניוראַסטעניקער איז אַ דירעקטער קרבן פון אַזאַ מין קאָרטנלייגעריי.

אַ סך האַלטן ניט, ווי באַקאַנט, פאַר מזל׳דיק די טעג מאָנטיק אָדער דאָנערשטיק און ווילן זיך ניט לאָזן אויף אַ רייזע אין די טעג. ביי אַנדערע ווידער קומט אויס פרייטיק ניט מזל׳דיק, אַזוי ווי די צאָל 13 איז אַ שלימזל׳דיקע, און ווילן זיך ניט זעצן אויף אַ פּלאַץ מיט נומער 13, אָדער זיך אַריינקלייבן אין אַ האָטעל־צימער מיט דעם זעלביקן נומער.

דער פאַרשפּרייטער אָבערגלויבן וועגן עין־הרע׳ס, וואָס האָט געפונען אַזאַ פאַרשפּרייטקייט און פּאָפּולאַריטעט ביי אַלע פעלקער פון דער וועלט, איז אַלעמען גוט באַקאַנט.

ווען ס׳רוב אָבערגלויבנס זיינען אין אַלגעמיין פון אַן אומשולדיקער נאַטור, קענען אָבער אַ סך פון זיי ווערן געפערלעך אין דער פּראַקטישער מעדיצין, וואָס האָט געוויינטלעך צו טאָן מיט וויסנשאַפטלעכע באַגרינדונגען און מיט היילן קראַנקע, לעבעדיקע וועזנס, ווייל זיי, די אָבערגלויבנס, פירן אַראָפּ פון שכל הישר און דערפירן צו שעדלעכע רעזולטאַטן.

און וואָס אויף אַ נידעריקערער מדרגה פון קולטור דאָס פאָלק שטייט, אַלץ טיפער אַריינגעדרונגען האָבן ביי אים אין דער פאָלקס־מעדיצין און אין פאָלקס־לעבן די פאַרשיידענע אָבערגלויבנס און זאַבאַבאָנעס (באַבסקע רפואות).

האָט זיך דאָך געקענט דאַכטן, אַז ביי די דייטשן, וואָס האַלטן זיך פאַר די העכסטע „קולטור־מענטשן״, שיר ניט קיין אויבערמענטשן, פאַר דעם פאָלק פון דיכטער און דענקער, פעלט שוין בכלל דער מין אָבערגלויבן, הויבט זיך אָבער גאַרנישט ניט אָן!

דער, וואָס איז מער אָדער ווייניקער באַקאַנט מיט דייטשישן פאָלקס־וועזן, מיט׳ן דייטשישן פאָלקלאָר און איז אויך געווען אויף די היגיענישע אויסשטעלונגען אין דיסעלדאָרף און אין דרעזדן מיט אַ יאָר עלף צוריק, קען זיך שאַפן אַ באַגריף פון דעם, אויף ווי ווייט אָבערגלויבן בכלל, און אויף דעם געביט פון געזונטקייט און היגיענע בפרט, איז גוט באַמיסטיקט און צעוואַקסן אין דייטשלאַנד.

דידאַזיקע פאָרשטעלונג קען נאָך ווערן פאַרפולשטענדיקט און דערגאַנצט דורך דער מעדיצינישער ליטעראַטור, וואָס דערציילט אונדז וועגן אָבערגלויבנס אין די פאַרשיידענסטע טיילן פון דייטשלאַנד, אָדער ווי היטלער פלעגט עס רופט, „גרויס־דייטשלאַנד״. דאַכט זיך די סאַמע פּרימיטיווע פעלקער שטייען אין דעם פּרט שוין

העכער פון זיי. אפנים, אַז דאָס בינדט זיך גאַנץ גוט מיט דער „ריינער נאָרדישער ראַסע", ווייל די „ריינע פאַרנונפט" האָט שוין לאַנג אָפּגעטראָטן איר פּלאַץ דער טעווטאָנישער שווערד — דעם סימבאָל פון צעשטערונג און פאַרניכטונג.

———:: :: ::———

לאָמיר אַ קוק טאָן וואו שטעקן די דייטשן פון פאַרשיידענע געגנטן מיט זייער אָבערגלויבן אויף דעם געביט פון פאַרהיטן דאָס געזונט, אויב ניט אויף דעם זעל־ביקן אָרט, וואו די אַמאָליקע טעווטאָנען זיינען געשטאַנען, פון וועלכע די איצטיקע עכטע דייטשן ציען זייער יחוס.

אין דעם פּרט דערשיינען מערקווירדיק און ממש אומגלויבלעך די אָבערגלויבערישע פאָרשטעלונגען, וועלכע שטייען אין צוזאַמענהאַנג מיט שוואַנגערשאַפט אָדער געבורט פון קינד, אויף וואָס ס'איז צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים גאָר באַזונדערס געווען קאָנצענטרירט די אויפמערקזאַמקייט פון פאָלק.

אין טיורינגען, למשל, איז מען איינגעגלויבט, אַז אַ שוואַנגערנדיקע טאָר ניט נעמען קיינע רפואות; זי דאַרף אויך זיך ניט באָדן, אַניט וועט דאָס קינד געבאָרן ווערן אַ בלינדער אָדער באַקומען אַ וואָסער־קאָפּ.

אין פראַנקען, אויך אַ טייל פון דייטשלאַנד, דאַרף די טראָגעדיקע פרוי ניט גיין איבער אַ קרייץ־וועג, אַניט וועט זי האָבן אַ שווערן קימפּעט.

נאָך איצט ווערט אין איניקע געגנטן פון דייטשלאַנד באַטראַכט פאַר שעדלעך, ווען די קימפּעטאָרין בייט איר לייב־אָדער בעט־וועש.

אין דעם דייטשן געביט פאָגטלאַנד דאַרף די שוואַנגערנדיקע פרוי ניט טרינקען פון אַ צעבראָכענער כלי, ווייל אין קעגנפאַל וועט איר קינד קומען אויף דער וועלט מיט אַ צעשפּאָלטענער ליפּ; אין שוואַבן ווידער טאָר מען אַ טראָגעדיקער פרוי ניט אָפּזאָגן אין עסן, ווען ניט וועט דאָס קינד זיך באַווייזן אויף דער וועלט אָן אַ נאָז אָדער מיט אַ צעשפּאָלטענעם גומען. אויך דאָס וויגעלע דאַרף זיך ניט געפינען אין הויז, כדי די געבורט זאָל ניט זיין קיין שווערע.

אין פּפאַלץ און שלעזיען ווערט שנאַפּס באַטראַכט ווי אַ סגולה אָנצוהאַלטן דאָס קינד קליין אין מוטער־לייב און דערמיט פאַרזיכערן דער מוטער אַ לייכטן קימפּעט און שיינע קינדער מיט אַ ווייסער הויט.

אין דעם זעלביקן פּפאַלץ איז מען איינגעגלויבט, אַז אויב אַ שוואַנגערע וועט דורכגיין אונטער אַ שטריק וועש, וועט דאָס קינד געבאָרן ווערן מיט אַן ארומגעוויקעלטער אַרום האַלדז נאָפּל־שנור, און אויב די מוטער וועט זיך לאָזן אַרויסנעמען אַ צאָן אין דער צייט פון שוואַנגערשאַפט וועט דאָס קינד אין מוטער־לייב זיך ברעכן אַ ביין (אַ פוס, אַ האַנט).

דאָס פאַרקוקן זיך פון דער טראַגעדיקער פרוי ווערט נאָך אַלץ אָנגעזען אַלס סיבה פון פאַרשיידענע שעדיקונגען פאַרן קינד. אַזוי, למשל, ווערט באַטראַכט דאָס אָנקוקען אַ מענטשן אָן פיס אָדער הענט, ווי אַ סיבה, וואָס קען גורם זיין דאָס פעלן אָדער פאַרקריפלונג פון די אנטשפּרעכנדיקע גלידער ביים קינד.

אַ ריי אָבערגלויבנס זיינען נאָך דאָרט פאַרבונדן מיט דער געבורטס-פּעריאָדע. מ׳האַלט, למשל, פאַר זייער ווירקזאַם אַרויפצולייגן בעת דער געבורט אויפן בויך פון דער מוטער אָן אָפּגעגאַנגענעם גאַלשטיין אָדער בלאַז-שטיין. דאָס זאָל דינען ווי אַ געוויסער צייכן פון סימפּאַטיע און ווערט אָנגעזען ווי אַ מיטל צו פאַר־לייכטערן די אויסטרייב-פּעריאָדע. מ׳האַלט אויך פאַר אַ סגולה אַריינצולייגן אין בעט די אַזוי גערופענע דונער-און אָדלער-שטיינער און מ׳גיט זיי דער געבערענדער צו האַלטן אין האַנט.

כדי צו פאַרלייכטערן די געבורט-ווייען פלעגן אַנדערע אַריינלייגן אין בעט פון דער פרוי, וואָס גייט צו קינד, אַ בינטל שטרוי. דער מנהג איז געווען אַזוי פאַרשפּרייט, אַז מ׳האָט אים געמוזט פאַרווערן דורך פּאָליציי־אישע מיטלען. דאָך האָט ער זיך נאָך דערהאַלטן אין אייניקע געגנטן פון דייטשלאַנד, ווי אַ צייכן פון דער אַלט-דייטשישער געטין פרעיאַ.

נאָך אַ מוסטער פון אָבערגלויבעריי אין דעם נידעריקן טייל פון עסטרייך: כדי פאַראויסצוזאָגן דעם גאַנג פון דער געבורט, פלעגט מען אַריינלייגן אין וואַסער די אַזוי גערופענע ראָזע פון יריחו.

לויט דעם ווי די אויסגעטריקנטע ראָזע פלעגט זיך שנעלער אָדער לאַנגזאַ־מער פאַנאַנדערוויקלען, אַזוי זאָל אויך פאָרקומען די געבורט — שנעלער אָדער לאַנגזאַמער.

דאָס שאָקלען פון אַ פּוסטער וויג, לויט דער פאָרשטעלונג פון די דייטשישע פּאָלקסמענטשן, רויבט צו די רו ביים קינד. אויך דאַרף מען ניט וועגן דאָס קינד, ווייל עס וועט דאַן ניט וואַקסן. אויך ווערט אָנגעזען ביי די דייטשישע פּאָלקסמענטשן, וואָס האָבן געזוכט אַנדערע צו „אַנטלויפן", ווי אַ צייכן פון געזונט, ווען מ׳געפינט לייז אויפן קינדס קעפּעלע. „קראַנקע קינדער האָבן ניט קיין לייז!" — אַזוי מיינען די מאַמעס פון ברוינעם מיונכען, די זעלביקע ריין-ראַסיקע מאַמעס גייען נאָך ווײַ־טער: מ׳טאָר ניט אַרונטערנעמען די שמוציקע קאָרקעס פון אַן אויסשלאַג אויפן קאָפּ ביי קינדער. דאָס ווערט באַטראַכט פאַר געפערלעך, ווייל מיטן אַראָפּנעמען די סטרופּעס טרייבט מען אַריין די קראַנקייט נאָך טיפער אין קערפּער.

דער אָבערגלויבן, אַז מ׳טאָר ניט אָפּשניידן די נעגל ביי קינדער אונטער אַ יאָר, נאָר אָפּבייסן זיי, איז נאָך שטאַרק איינגעוואָרצלט אין מאַנכע טיילן פון דייטש־

לאַנד. דער אומזיניקער געברויך שטעלט אין געפאַר אַ סך דערוואַקסענע, ווייל קינדער האָבן אַ טבע אַריינצופאָרן מיט די פינגערלעך גלייך אין די אויגן אַריין (אַפּנים, אַז דער גלאַנץ פון אויגן ציט זיי צו!) און קענען מיט די ניט אָפּגעשני־טענע נעגעלעך לייכט צעקראַצן די האָרנהייטל פון אויג, וואָס איז זייער שמערצ־האפט און געפערלעך.

מ'האַלט אויך פאַר זייער מזל'דיק אַריינצושטופּן דעם נייגעבאָרענעם אַ לעפל אין מויל ווי אַ סגולה, אַז דאָס קינד זאָל זיין גאַנץ לעבן אויסגעהיט ווערן פון הונגער (ס'קען זיין דעריבער זיינען די נאַציס געווען אַזוי זיכער, אַז קיין בלאָקאַדע וועט זיי ניט נעמען און אַז זיי וועלן ניט פאַרהונגערט ווערן!)

ווי אַ תרופה פאַרן גוטן געדייען פון קינד זיינען נאָך אין געברויך פאַר־שיידענע קמיעס. אין מיטל אַלטער האָט מען אַ באַזונדערע ווירקונג צוגעשריבן די בעזאָרשטיינער, וועלכע מען האָט איינגעפאַסט אין האַלדז־בענדער.

אויך זיינען דאָ אַזעלכע קמיעס, וואָס העלפן קעגן כל המיני קינדער־קרעמפּס.

אגב זיינען נאָך דאָ אויך אַנדערע סגולות ווי די קראַנקייט צו באַזייטיקן: אין נידער־עסטרייך, למשל, ווערט דאָס קינד אַריינגעלייגט אין אַ פאַס, אין וועלכער מ'שלאָגט אויס פּוטער (מאַסליאַנקע) און די פאַס ווערט אַוועקגעשטעלט לעבן אַ פּיה־שטאַל אויף אַזאַ אופן, אַז די בהמהלעך מוזן אַריבערשפּרינגען איבער איר. דאָס קינד זאָל דורכדעם ווערן געזונט.

אין שטייערמאַרק (אויך אַ דייטשישע פּראָווינץ) גלויבט מען, כדי צו פאַר־מיידן דאַרם־קרעמפּס, זאָל מען די ווינדעלעך פון אַ קינד שניידן נאָר לויט דעם פאָדעם פון געוועב און ניט רייסן ח"ו. אויך דאַרף מען זיי ניט טריקענען פריי אויפן ווינט, כדי די קינדער זאָלן ניט געפּלאָגט ווערן פון גאַזן.

ביי דיאַרעא (דורכפאַל) איז מען אין שוואַבן זיך נוהג אויף אַזאַ אופן: מ'רייבט אַיין ביים קינד די פּיאַטעס, דעם רוקן און דאָס האַרץ־גריבעלע מיט האָזן־אָדער חזיר־שמאַלץ אָדער מ'שפּרעכט אָפּ די קראַנקייט, אַרומפירנדיק מיטן גראָבן פינ־גער צוויי מאָל אַרום דעם נאָפּל, זאָגנדיק דערביי אַ שפּרוך.

קעגן ענגלישער קראַנקייט (ריקעטס) איז פאַררעכנט אַלס תרופה דאָס אָפּ־שניידן די נעגל ביי קינדער פון דער לינקער האַנט און רעכטן פוס אין איין פריי־טיק און דאַן פון דער רעכטער האַנט און לינקן פוס (און ח"ו ניט אַנדערש!) אין אַ צווייטן פרייטיק און אַריינשטעקן עס אין אַן אויסגעבויערט לאָך פון אַ דעמב.

קעגן דיפטעריע זאָל העלפן, לויט דעם גלויבן פון די איינוואוינער פון בייערן, אַ שוואַרץ זיידן האַלדז־באַנד אָדער אַ קאָמפּרעס פון אַ שוואַלבן־נעסט, וואָס איז

נאָר וואָס אַראָפּגעפּאַלן, גוט צעשטויסן און געקאָכט אין מילך אָדער וויין.

אין מעקלענבורג ווערט מיט דעם וואַסער פון מוטער־לייב באַגאָסן אַ יונגער בוים, כדי דאָס קינד זאָל וואַקסן אַזוי ווי דער בוים.

ביי די רוטענער וואַשט די מוטער אירע פיס אין דעם וואַנע־וואַסער פון דעם זויגלינג, ווי אַ סגולה עס זאָל בלייבן געזונט. דאָס וואַסער דאַרף ניט אויסגעגאָסן ווערן נאָך זון־אונטערגאַנג, אַ ניט בלייבט דאָס קינד שלאָפלאָז.

אין אונגאַרן וויקלט מען איין אַ יינגל אין אַ פרויען־העמד און אַ מיידל אין אונטער־הויזן און אַזוי באַדט מען זיי, כדי אַלס דערוואַקסענע זאָלן די יינגלעך האָבן גליק ביי פרויען און די מיידלעך ביי מענער.

אין דאַלמאַציע טאָר מען די ווינדלעך ניט לאָזן טריקענען ביי לבנה־שיין, כדי שפּעטער זאָל זיך ניט אַנטוויקלען לונאַטיזם.

מ׳דאַרף ניט די קינדער רימען אַלס באַזונדערס שיין אָדער געזונט, ניט צו־געבנדיק דערביי „קיין עין־הרע ניט!”, אָדער צוקלאַפּן אונטערן טיש — אַ פאַר־ברייטערטער אָבערגלויבן אויך ביי יידן. ביי די דייטשן איז דער אָבערגלויבן גע־שטאַנען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער קנאה און שנאה פון די געטער.

אין זאַקסן איז מען איינגעגלויבט, אַז ווען אַ פרוי פאַרלירט די מילך איז עס אַ סימן, אַז דאָס קינד וועט ניט לעבן אָדער איז ניט לעבנס־פעאיק און קיין זאַך וועט שוין ניט העלפן, כדי אים צו דערהאַלטן ביים לעבן. דער אָבערגלויבן איז אַזוי שטאַרק ביים פאָלק, אַז זיי לאָזן דאָס קינד איינפאַך פאַרהונגערן, געבענדיק אים נאָר פאַרזיסטן וואַסער און ניט קיין קו־מילך. אַזעלכע פאַלן זיינען אין די צענדליקער פאַרצייכנט געוואָרן פון דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטער.

אויך מיט נאָך אַנדערע אָבערגלויבנס, וועלכע זיינען נאָך איינגעוואָרצלט אין דייטשן פאָלק און שטאַמען אָפּ פון די גאָר אַלטע צייטן, באַגעגענען מיר זיך אין דער מעדיצינישער פּראַקטיק פון די דייטשישע דאָקטוירים.

און דאָ וויל איך אויסרעכענען נאָר אייניקע פון זיי: ביי מויל־אינפעקציעס ווערט געהאַלטן פאַר אַ סגולה דורכצוציען דורכן מויל אַן עק פון אַ שוואַרצער קאַץ; דאָס באַנעצן־זיך ביינאַכט אָדער אַ גאַיטער קען מען היילן דורך אָפּבייסן דעם קאָפּ פון אַ לעבעדיקער מויז און אויפהענגען אים אויפן האַלדז; קעגן טובער־קולאָז איז ראַטזאַם אַרויפצולייגן אויף דער ברוסט אַ קאַצנהויט.

אַ קינד מיט אַ הויקער פלעגט מען אַריינלייגן אין אַ פאַרקנאַטעטנעם ברויט־טייג אַזוי, אַז די אויגן זאָלן זיך נאָר אַרויסזען. וויבאַלד דער טייג איז אויפגעגאַנגען און מ׳האָט פון אים געבאַקן ברויט, האָט מען דעם קינד אַריינגעלייגט אין בעט מיט

דרײַ געבאַקענע פּרישע ברויטלעך. דאָס זאָל נאָך דער מיינונג פון אַבערגלויבערישן דײַטש אויסהיילן דעם קינד פון היקער.

——:: :: ::——

און ווי אינטערעסאַנט די אַבערגלויבנס זאָלן ניט זײַן פון קולטור־היסטאָרישן שטאַנדפּונקט, פון שטאַנדפּונקט פון פאָלקלאָר, מוז מען זיי דאָך באַטראַכטן פאַר געפערלעך פאַרן נאָרמאַלן מענטשלעכן געדייען פון מעדיצין־היגיענישן שטאַנד־פּונקט.

און דער גאַנצער בונטער בוקעט פון אַבערגלויבנס, מיט וועלכע מיר האָבן זיך נאָר וואָס באַקענט און וועלכע וואָרצלען נאָך טיף אין דעם מאַסע־מענטש פון דײַטשישן פאָלק, איז בלויז אַ טייל, דער טייל וואָס איז פאַרבונדן מיט שוואַנגערשאַפט, געבורט און דעם אויפוואַקסנדיקן קינד.

און דאָס דאָזיקע שוין אויסגעוואַקסענע קינד האָט זיך געפונען ניט לאַנג צוריק אין די רייען פון דער היטלער־יוגנט און פון היטלערס „בראַונע” סאָלדאַטן.

איז אפשר מער פאַרשטענדלעך און באַגרײַפלעך איצט, פאַרוואָס דער נײַער נאַצי־שפּראָצלינג, מיט וועמענס יחוס־בריוו מיר האָבן זיך נאָר וואָס באַקענט און וועלכער האָט שוין מיט זײַן מוטערס מילך אײַנגעזאַפּט אין זיך די אויבן דערמאַנטע אַבערגלויבנס, האָט אַזוי לײַדנשאַפטלעך און לײַכט אָנגענומען דעם זינלאָזסטן און געפערלעכסטן אַבערגלויבן פון אַלע צײַטן און פאַרטיידיקט אים מיט זײַן אייגן לײַב און לעבן — די תורה פון ראַסן־האַס און פעלקער־שנאה, און דער עיקר יידן־האַס.

און וואָס קען נאָך זײַן מער זינלאָז און אוממענטשלעך ווי אַ לעבנס־אויפפאַסונג, געבויט אויף האַס און פאַרניכטונג!? דער אַבערגלויבן אין „אויבערמענטש” אין דעם נאַצישן זין קומט און פירט צוריק צום אונטערמענטש...

אָבער אַ טרייסט איז נאָך דאָ: אַזוי ווי אַ סך פעלקער האָבן זיך באַפרייט און אָפּגעווישט פון זייער געשיכטע אַ היבשן טייל פון די אויסגערעכנטע אַבערגלויבנס, אַזוי וועט אויך אָט דער אומזיניקסטער און אוממענטשלעכסטער נאַציעשער אַבערגלויבן — האַס און שנאה צווישן ראַסן און נאַציאָנען — אָפּגעווישט ווערן פון דער מענטשלעכער געשיכטע.

דאָס וועט זײַן דער אמת׳ער טריאומף פון דער באמת ריינער פאַרנונפט און פשוטן מענטשלעכן שכל הישר.



# בריך שמיה

(אַ תפילה) יידיש פון **צבי שטאָק**

גטווידמעט דעם עלטערן קאָלעגע־
שריפטזעצער, חבר י. בערנשטיין

געבענטשט איז דער נאָמען פון דעם האַר פון דער וועלט ;
געבענטשט איז דיין קרוין און דיין אָרט ;
זאָל זיין דיין פריינטלעכער ווילן מיט דיין פאָלק ישראל
אויף אייביק און אויף אַלע מאָל : —

און די דערלייזונג פון דיין רעכטער האַנט
באַוויז דיין פאָלק אין דיין הייליקן הויז ;
און זאָלסט אונדז מאַכן דערגרייכן
פון דער גוטסקייט פון דעם ליכט
וואָס עס שטראַלט פון דיר אַרויס ;

און דו זאָלסט אָננעמען אונדזער געבעט מיט רחמים.

זאָל זיין דער ווילן פאַר דיר, אַז דו זאָלסט אונדז
פאַרלענגערן ס׳לעבן אין גוטסקייט ;
און אַז איך זאָל זיין פאַררעכנט צווישן די גערעכטע
צו דערבאַרעמען זיך איבער מיר און אָפּצוהיטן מיך
און אַלעס וואָס ס׳איז צו מיר
און אַלעס וואָס דיין פאָלק ישראל האָט פון דיר : —

דו ביסט דאָך אַלעמענס שפּייזער און טוסט אַלעמען ביים לעבן דערהאַלטן.

דו טוסט איבער אַלעמען שאלטן;
דו געוועלטיקסט איבער מלכים
און דאָס קיניגרייך איז דיינס;
איך בין דער קנעכט פון דעם הייליקן, געלויבט איז ער,
וואָס איך טו זיך פאַר אים בוקן, און פאַר דער טייערקייט
פון זיין תורה צו יעדער צייט: —

ניט אויף קיין מענטשן טו איך זיך פאַרלאָזן,
און ניט אויף קיין גאָטס־זון לעג איך זיך אָן,
נאָר אויף דעם גאָט וואָס איז אין הימל;
ווייל ע ר איז דער אמתער גאָט און זיין תורה איז אמת
און זיינע נביאים זיינען אמת, און ער גרייסט זיך צו
טאָן גוטס און אמת: —

אויף א י ם טו איך זיך פאַרלאָזן
און צו זיין הייליקן, טייערן נאָמען
טו איך זאָגן אַ לויב.
זאָל זיין דער ווילן פאַר דיר, אַז דו זאָלסט עפענען מיין האַרץ
אין דער תורה, און זאָלסט דערפילן די פאַרלאַנגען פון מיין
האַרץ און פון דעם האַרץ פון דיין גאַנצן פאָלק ישראל, די יידן,
צו גוטן און צו לעבן און צו פרידן, אמן.

---

באַמערקונג: די דאָזיקע תפילה איז אַ קאַפּיטל פון הייליקן זוהר, פרשה ויקהל, שצ"ט, וואו פאַר דער דאָזיקער תפילה שטייט אַזוי געשריבן: „ר' שמעון האָט געזאָגט: אַז מען נעמט אַרויס אַ ספר־תורה צו לייענען בציבור, עפענען זיך די טויערן פון רחמים אין הימל און עס ווערט דערוועקט די ליבשאַפט פון גאָט אויף דעם מענטשן און ער דאַרף דעמאָלט זאָגן די דאָזיקע תפילה.

צ. ש.



# פרומקייט און גוטסקייט

(אַן אָפענער בריוו צו אבא גאָרדין)

פון

## שלמה סיימאָן

איך האָב איבערגעלייענט אַייער בריוו אין העפט צוויי באַנד פינף פון די יידישע שריפטן און איך האָב זיך געכאַפּט, אַז דאָס איז אַן ענטפער אויף מיי־נעם אַ בריוול, וואָס איך האָב צו אַייך געשיקט מיט אַ יאָר אַנדערהאַלבן צוריק. דערלויבט מיר אַייך ענטפערן אַ ביסל באַריכות.

איר שרייבט:

„אייער עפיסטל איז פול מיט יאוש שטימונגען און שטרענגע פאָדערונגען. איך ווייסט וואָס איך וואָלט זאָגן? אַייער בריוו איז דיקטירט פון יצר הרע. די מוסר ספרים ווייסן עס: ווען דער יצר הרע קען זיך מיט איינעם קיין עצה ניט געבן, פאַרשטעלט ער זיך פאַר אַ גרויסן צדיק און נעמט אַזוי פיל פאָדערן, אַז מען זאָל זיינע פאָדערונגען ניט קענען נאָכקומען, און אַזוי אַרום פירט ער אַראָפּ פון דרך הישר".

איך לייקן, אַז מיין בריוו איז פול געווען מיט יאוש שטימונגען. פאָדערונגען — יאָ, אָבער מיינע פאָדערונגען זיינען ניט געווען אַזוי שטרענג, אַז מען זאָל זיי ניט קאָנען נאָכקומען. מיין טאַטע און אַייער טאַטע זיינען נאָכגעקומען אַ סך גרעסערע פאָדערונגען. זיינען מיר אַזעלכע קטני המח און קטני הרצון, אַז מיר דערשרעקן זיך אויף טויט פאַר די קלענסטע התחיבותן, און מיר זיינען שוין חושד דעם יצר הרע רחמנא לצלן?

איר שרייבט:

„ווען מען בויט אַ סוכה קען מען זי אויפשטעלן אין אַ פאָר שעה און זיך גלייך אַריינזעצן און וואוינען דאָרטן. ווען מען בויט אַ סאָלידע געביידע מוז מען

לייגן אַ פונדאַמענט, דערנאָך אויפריכטן ווענט, דערנאָך אַ דאַך, דערנאָך שטוקאַ־טורעווען, טינקעווען, קאַלכן, דערנאָך דעקאָרירן און ערשט צום סוף קען מען זיך אַהין אַריינציען".

„איך האָב זיך באַמיט אָוועקצולייגן אַ געזונטן פונדאַמענט פאַר יידישקייט, ווי פאַר רעליגיע בכלל. איך בין נאָך ניט פאַרטיק מיטן פונדאַמענט און איר מאָנט ביי מיר אַ דירה, וואו צו וואוינען. איר האָט קיין צייט און קיין געדולד, איך האָב ביידע זאַכן. די זאַכן מוז מען האָבן, אויב מ'וויל עפּעס אויפטאָן באמת און ניט „האַקן סתם אַ טשאַייניק וועגן יידישקייט".

איך וועל אייך ענטפערן מיט אַ משל אויף אַ משל. די שטאָט איז אַוועק מיטן פייער. עס וואַלגערן זיך אין גאַס מענער, פרויען און קינדער. „די היץ עסט זיי אויף בייטאָג און די קעלט ביינאַכט." די מענטשן זיינען אין סכנה קראַנק צו ווערן חלילה און אויסשטאַרבן. זיי קומען צו זייערע מנהיגים און בעטן זיך: מיר ווילן אַ דאַך איבערן קאָפּ. זאָגט דער הויפּט מנהיג:

— לאָזט מיך צורו. איך מאַך פּלענער פאַר בויען סאָלידע געביידעס און איר מאָנט גאָר סוכות. מען דאַרף האָבן געדולד און ס'מוז נעמען צייט.

די מענטשן וואָס פירן וועלן אייך ענטפערן: דערווייל מוזט איר עפּעס טאָן. דאָס שליסט ניט אויס, אַז איר זאָלט נאָכדעם מאַכן פּלענער פאַר סאָלידע בנינים. אויב איר קענט גאָר גישט ניט טאָן, וועלן זיך געפינען אַנדערע, וואָס וועלן אונדז צוזאָגן הילף.

און איר ווייסט דאָך, ר' אבא גאָרדין, אַז עס פעלן ניט קיין פאַרזאָרגער ביי יידן.

איר שרייבט:

„לויט אייך נאָך קומט אויס, אַז לערנען תורה, אַז „שרייבן תורה" (אַ טערמין אונדזערע טאַטעס האָבן גענוצט) איז גאָרנישט, איז „שפּיל"? און וואָס איז דער להגדיל תורה ולהאדיר? פון דער גאַנצער עבודה ביי יידן איז געווען דאָס וויכ־טיקסטע צו לערנען תורה לשמה ווייל אויף תורה שטייט די יידישע וועלט".

יאָ, רבי אבא גאָרדין, עס שטייט טאַקע געשריבן, אַז אויף תורה שטייט די וועלט. אָן תורה וואָלט די וועלט קיין קיום ניט געהאַט: אלמלא תורה לא נתקיימו שמים וארץ (פסחים ס"ח). אָבער עס שטייט אויך געשריבן אַז די וועלט שטייט אויף דריי זיילן, אויף דריי זאַכן: העולם עומד על התורה, ועל העבודה ועל גמילות חסדים (אבות פרק א') צו תורה מוז זיין עבודה־ריטואַל, צערעמאָניאַל און גמילות חסדים — דברים שבין אדם לחברו. און בכלל קען מען געפינען אויף וואָס מען וויל אַ פּסוק אין תנ"ך אָדער אַ מאמר אין גמרא אָדער מדרש. יעדער איינער געפינט זיין פּסוק, זיין מאמר וואָס ער זוכט. איך האָב אייך גאַנץ גרינג געקענט

ציטירן: גדול תלמוד תורה יותר מהצלת נפשות (מגילה ט״ז, עמוד ב׳) לערנען תורה איז וויכטיקער ווי ראַטעווען מענטשן. מיינט עס טאַקע, אַז מען קען ראַטעווען אַ מענטשן פון טויט און דערביי האָבן ביטול תורה דאַרף מען לאָזן דעם מענטשן שטאַרבן? ניין, דער מאמר שטייט טאַקע אין גמרא אָבער איר וואָלט אים ניט אויסגעפאָלגט.

איר שרייבט:

„ביי אייך איז עס „ליטעראַטורעווען״. זיכער איז עס גאָרניט ווערט, ווייל אין אונדזער צייט איז שרייבן געוואָרן אַ מלאכה און דער שרייבער אַ האַנדווערקער, וועלכער געהערט צו אַ יוניאָן, פירט אַ סטרייק, סקעבט וכדומה „וואונדערלעכע״ אויפפירונגען. ביי מיר שרייבן איז אַ מלאכת הקודש און עס וועגט ביי מיר איבער אַלע אייערע מצוות מעשיות״.

גוט, ביי אייך שרייבן איז א מלאכת הקודש. איך ווייס עס און, חלילה, איך וואַרף אויף אייך ניט קיין חשד. אָבער „וויפיל רבי אבא גאָרדינס זיינען פאַראַן אין מאַרק?״ אבער איך מיין, אַז דער עולם וועט אָננעמען אייער „לייגן אַ פונדאַמענט פאַר יידישקייט״ ניט מער ווי אַ ליטעראַרישן מאַניער — אויב אייער דרוש וועט ניט פירן צו מעשים. די קללה פון ליטעראַטורעווען (אָן געגנזן פיסלעך) האָט זיך איינגעגעסן אין אונדזער לייב ווי א מכה אונטערן הויט. ביי אונדז איז ניט איינגעפירט צו פרעגן דעם שרייבער: וואָס זיינען דיינע מעשים? ליטעראַטור איז געוואָרן די עבודה זרה פון דור. איך וויל אויך געבן צוויי ביישפילן. ביישפיל אלף: פופציק לאַנגע יאָרן האָט ביי אונדז אַ מענטש געשריבן און געטעאָרעטעוועט וועגן יידישיזם. ער איז געוואָרן ביי גאָר אַ גרויסן טייל פון די וועלטלעכע יידן דער רבי פון זיין דור. אָט דער רבי פון יידישיזם האָט ניט געפונען פאַר נייטיק אויסצולערנען זיינע אייגענע קינדער אַפילו קיין צורת אַלף. פאַרשטייט מיך, איך באַשולדיק אים ניט, וואָס זיינע קינדער קענען ניט קיין יידיש און זיינען ווייט פון יידישקייט און יידן. ביי דעם פרומסטן רב קען אויסוואַקסן אַ קינד אַ מומר להכעיס. אָבער קענט איר זיך פאָרשטעלן אַ יידישן רב, וואָס זיין קיך זאָל זיין אַ טריפה? קענט איר זיך פאָרשטעלן אַ יידישן רב רויכערן אום שבת? און אָט איז אַרומגעגאַנגען צווישן אונדז אַ יידישער מנהיג, וואָס האָט געפּרעדיקט יידישיזם און אַליין, ביי זיך אין שטוב גערעדט ענגליש אָדער רוסיש מיט זיינע אייגענע קינדער. דאָס טרויעריקסטע איז וואָס דער ענין איז גאָר ניט געווען קשה ביי זיינע תלמידים...

און אט איז ביישפיל בית. אַ באַוואוסטער יידישער פובליציסט האָט מיך איינגעלאַדן, מיט יאָרן צוריק, אויף וואַרעמעס. דאָס איז געווען אַ שבת, דעם צווייטן

טאָג פסח. אין יענעם טאָג האָט ער געהאַט אָפּגעדרוקט אַ וואונדערלעכע עסעי וועגן מצה און פסח. איך בין געקומען צו אים אין הויז און טרעף שינקע און ברויט אויפן טיש.

אין אַזאַ ליטעראַטורעוועז ליגט די סכנה אויך פאַר אונדז. אונדזערע טאַטעס, וואָס האָבן זיך מתעסק געווען אין תורה, האָבן געלעבט ווי יידן. זיי האָבן געדאַוונט, אָפּגעהיט שבת, יום טוב און דערצו געלערנט. מיר ווילן אָפּקומען מיט ליטעראַטור. מיר זיינען דאָך מאָדערנע מענטשן און ווילן אַ גרינג לעבן און אַ גרינגע יידישקייט, וואָס איז צו גאָר נישט מחייב.

פאַרשטייט זיך, צו אבא גאָרדין דעם פאָרשער, דעם באַגרינדער פון אַ ניי יידישקייט קען איך ניט קומען מיט קיין טענות. די אַרבעט וואָס איר טוט איז גענוג וויכטיק און גרויס, אַז ביי אייך זאָל ניט סטאַיען קיין ענערגיע, כוח און רצון פאַר מצוות מעשיות. אָבער חוץ אייער תורה שרייבן זיינט איר דאָך דער גרינדער פון דער יידישער עטישער געזעלשאַפט. דאָס מיינט אַז איר ווילט אויך קאָנקרעטיזירן אייער שיטה, צו רבי אבא גאָרדין, דעם מנהיג פון יידישער עטישער געזעלשאַפט, מעג איך קומען מיט טענות און תביעות. אָט לייענט ווייטער:

אַ ייד פרעגט מיך וואָס זאָל ער טאָן? איר געדענקט? ניט גלאַט אין מיטן מיטוואָך האָט ער עס מיך געפרעגט. ס'איז געווען יום כפור. אין שול צו די פרומע קען ער ניט גיין. אין שטוב געפינט ער זיך ניט קיין אָרט. ענטפערט איר מיר:

„פאַרוואָס נוצט איר ניט הלל'ס ענטפער? הלל איז אויך געווען אַ שטיקל ייד. און פאַרוואָס ניט געברויכן ישעיה'ס ענטפער: הלא זה צום אבחרהו (ישעיה נ"ח ו') אָדער אַנאַנדער נביא'ס ווערטער: הגיד לך אדם מה־טוב ומה יהוה דורש ממך כי אם עשות משפט ואהבת חסד והצנע לכת עם אלהיך. וואָס מיינט אין יידיש:

דאָס האָט דיר אַ מענטש געזאָגט וואָס איז גוט
און וואָס פאַרלאַנגט גאָט פון דיר?
דו זאָלסט נאָר טאָן גערעכטיקייט און ליב האָבן גוטסקייט
און אומגיין שטיל באַשיידן פאַר דיין גאָט (מיכה ו' ח')

אָבער ר' אבא גאָרדין, איר ווילט דאָך ניט אַז מיר זאָלן אָננעמען די נביאים ווי פראַקטישע וועג־ווייזערס. זיי זיינען אַלע מאָל געווען אָפּאָזיציאָנערן. די נביאים זיינען געווען איינזייטיק, מענטשן מיט אַן „אידייע פיקס". מיר דוכט זיך, אַז די בעסטע כאַראַקטעריסטיק פון דעם נביא האָט געגעבן אחד העם אין זיין עסעי כהן ונביא:

„דער נביא איז „אַן איינזייטיקער". אַן עטישער געדאַנק פילט אויס זיין גאַנץ האַרץ און שלינגט איין זיינע חושים און עמאָציעס, אַזוי אַז ער קאָן זיך ניט אָפּ־

קערן פון אים אַפילו אויף אַ רגע, ער קאָן זען די וועלט נאָר דורך דער אָפּשפּיג־לונג פון זיין געדאַנק, און זיין גאַנצער ווילן און מי איז נאָר צו פאַרקערפּערן זיין געדאַנק אין זיין גאַנצער שלימות אין אַלע דערשיינונגען פון לעבן. און וויבאַלד אַז ער קאָן קיינמאָל ניט דערגרייכן זיין פּאַרלאַנג אין פולן, דערפאַר איז ער שטענ־דיק פול מיט ווייטאָקן און כעס. ער בלייבט אַ גאַנץ לעבן, אַ מאַן פון קריג און שטרייט צום גאַנצן לאַנד". (אחד העם כהן ונביא, פרשת דרכים 1 זייט קפ"א).

די ממשלת צדק פון נביא קאָן קיינמאָל ניט רעאַליזירט ווערן. די רגע וואָס זי ווערט רעאַליזירט האָט זי שוין אַ פּגם, ווייל אומשטענדן וועלן זי מאָדיפיצירן, מוזן זי מאָדיפיצירן. אָבער דער נביא וויל זיך ניט רעכענען מיט קיין אומשטענדן.

נעמען נביאים ווי מחוקקים, פּראַקטישע מורה־דרך׳ס, און נבואות ווי הלכות פסוקות איז אוממעגלעך אין רעאַלן לעבן. און אפשר איז כדאי צו באַמערקן, אַז דער גאַנצער געדאַנק אַז די נביאים האָבן באַפוילן זיך אָפּצוזאָגן פון צערעמאָניאל איז אַ פאַלשע הנחה. די נביאים האָבן געשטורעמט קעגן צערעמאָניאל און קרבנות, ווייל מענטשן האָבן אָנגענומען די אויסערלעכע שאָלעכץ פאַרן קערנדל. אָבער ווען די אומשטענדן האָבן זיך געענדערט און קיין קרבנות האָט מען ניט מקריב געווען, האָט יחזקאל געגעבן אַ דעטאַלן ריטואל פאַר קרבנות. דער זינגער פון תהילים, וואָס האָט געדיכטעט (די שורות וואָס איך ציטיר ווייטער), מסתמא אין יחזקאל׳ס צייטן זאָגט:

„דו באַגערסט דאָך ניט קיין שלאַכט־אָפּפער — איך וואָלט עס געגעבן,
אַ בראַנד־אָפּפער ווילסטו ניט.
די שלאַכט־אָפּפער פון גאָט זיינען — אַ געבראָכן געמיט.
אַ געבראָכן און דערשלאָגן האַרץ, גאָט, פאַראַכטסטו ניט.

דוכט זיך גוט. גאָט וויל אנשטאָט קרבנות אַ געבראָכן געמיט, אַ געבראָכן האַרץ. אָבער דאָס איז אַלץ אין גלות.

„אָבער ווען אין דער גוטסקייט וועסטו באַווילִיקן ציון, דו וועסט אויפבויען די מויערן פון ירושלים. דענסטמאָל וועסטו באַגערן שלאַכט־אָפּפער פון גערעכ־טיקייט, בראַנד־אָפּפער און גאַנצאָפּפער. דענסטמאָל וועט מען ברענגען אָקסן אויף דיין מזבח". (תהילים נ"א—י"ח, י"ט, כ׳ כ"א).

און אין ישעיה שטורעמט איין נביא:

„אַזוי האָט גאָט געזאָגט: דער הימל איז מיין טראָן און די ערד איז מיין פוס בענקל. וואָס איז דאָס הויז וואָס איר קענט מיר בויען און וואו איז דער אָרט פון מיין רו?" (ישעיה ס"ו — א׳).

דאָס מיינט אַז גאָט דאַרף ניט קיין בית המקדש. די גאַנצע ערד איז זיין פוס בענקעלע, און אין אַ פסוק ווייטער טרעט דער נביא אַרויס זייער שאַרף קעגן קרבנות:

„דער וואָס שעכט אַן אָקס איז ווי ער הרגעט אַ מענטשן. דער וואָס קוילעט אַ שעפּס איז ווי ער האַקט אָפּ דעם געניק פון אַ הונט. דער וואָס ברענגט אַ שפּייז־אָפּפער איז ווי ער ברענגט בלוט פון אַ חזיר. דער וואָס רויכערט ווייַרויך איז ווי ער בענטשט אַן אָפּגאָט". (ישעיה ס"ו—ג').

אָבער טוט אַ קוק אין דעמזעלביקן קאַפּיטל אין פסוק כ':

„און זיי וועלן ברענגען אַלע אייערע ברידער, פון אַלע פעלקער אַ מתנה צו גאָט, אויף פערד, אויף קאַרעטן און אויף טראָגבעטלעך, און אויף מויל־אייזלען און אויף יאָג־קעמלען, צו מיין הייליקן באַרג ירושלים, זאָגט גאָט, אַזוי ווי די קינדער פון ישראל ברענגען דאָס שפּייז־אָפּפער אין אַ ריינער כלי אין הויז פון גאָט". (ישעיה ס"ו—כ')

און נאָך עפּעס אַפילו ווען ירמיהו האָט געשטורעמט קעגן בית המקדש ווי אַ מערת פּריצים, איז ער אַליין געגאַנגען אַהין. זעט אין קאַפּיטל זעקס און דרייסיק: ויצוה ירמיהו את ברוך לאמר אני עצור לא אוכל לבוא בית יהוה (ירמיהו ל"ו־ה). איך זאָג דאָס אַליין אַנטקעגן די ראיות וואָס מיר, ראַדיקאַלן און וועלטלעכע יידן, ברענגען פון די נביאים אַז מען דאַרף ניט אָפּהיטן קיין מצוות מעשיות.

אָבער לאָמיר נעמען אייער ענטפער און זען, וואָס אַ ייד וואָלט אייך געקענט ענטפערן. איך זאָג צו דעם יידן: וואָס זאָל מען טאָן יום כפור? מען דאַרף טאָן וואָס הלל האָט געהייסן טאָן. הלל האָט אָנגעזאָגט: וואָס דו האָסט פיינט זיך צו טאָן, זאָלסטו ניט טאָן צום אַנדערן.

קען ענטפערן דער ייד גאַנץ פּראָסט:

— וואָס האָט צו טאָן אַ פּאַטש צו גוט שבת? איך האָב קיינמאָל קיינעם ניט געטאָן קיין שלעכטס מוטווויליקערהייט. אָבער וואָס האָט עס צו טאָן מיט יום כפור? מיין האַרץ דורשט צו צונויפגיסן זיך מיטן יידישן כלל. ס'איז יום כפור היינט וויל איך אויך יום־טובדיקייט, התרוממות הנפש, אין שול צו זיי, צו די פרומע, קען איך ניט גיין און מיינע גוטע וועלטלעכע יידן זיינען אַ טייל איועק אין די מואיוויס, אַ טייל זיינען ווי יחידים — פאַרשפּאַרט ביי זיך אין שטוב. אַנדערע בלאָנקען אַרום ווי פאַרלאָזענע שאָף, און די ערגערע פון זיי שפּילן אין קאָרטן. מיט וואָס איז יום כפור ערגער ווי דער יובילעאום פון אַ שרייבער, אָדער אַ הזכרה נאָך אַ שרייבער, און מיר קומען זיך דאָך צענויף און פּראַווען אַ שטיקל צערעמאָניאַל?

און ווען איך גיב אים אָן פאַר אַן ענטפער דעם פּסוק פון ישעיה, וואָלט ער מיך געבעטן צו לייענען די אַלע פּסוקים וואָס געהערן צום ענין. לייענען מיר. די יידן באַקלאָגן זיך:

„פאַרוואָס? ווען מיר האָבן געפאַסט און דו האָסט ניט געזען. מיר האָבן געפייניקט אונדזער זעל און דו ווייסט ניט". (ישעיה נ"ח—ג').

ענטפערט זיי דער נביא:

„איר פאַסט נאָר פאַר קריג און שטרייט און צו שלאָגן מיטן פויסט פון אומרעכט. איר פאַסט ניט איך אזא טאָג צו מאַכן הערן אין דער הויך אייער קול. איז דאָס אַ פאַסטן וואָס איך האָב אויסדערוויילט, אַ טאָג פאַר אַ מענטשן צו פייניקן זיין זעל? צו בייגן ווי אַ וואַסער ריטל זיין קאָפּ און זאַק און אַש זאָל ער זיך אויסבעטן? צי דאָס רופסטו פאַסטן, און א טאָג פון רצון צו גאָט? דאָס איז א פאַסטן וואָס איך האָב אויסדערוויילט: לויז מאַכן די קייטן פון אומרעכט, אָפּבינדן די בינדשטריק פון יאָך, און ארויסלאָזן פריי די געדריקטע און יעטוועדער יאָך זאָלט איר צוברעכן. איז עס ניט אָפּצוברעכן פון דיין ברויט צו דעם הונגעריקן, און פאַרוואָגלטע אָרעמעלייט זאָלסטו אריינברענגען אין הויז? אַז דו זעסט אַ נאַקעטן זאָלסטו אים באַדעקן און פון דיין אייגן פלייש זאָלסטו זיך ניט פאַרהוילן? דענסטמאָל וועט אויסברעכן ווי דער פרימאָרגן דיין ליכט". (ישעיה נ"ח-ד' ה', ו', ז' ח').

וואָלט דער ייד מיר געזאָגט:

— איר זאָגט עס אַז איך פאַסט כדי צו האָבן די געלעגנהייט זיך צו קריגן און צו שלאָגן מיט אַ קולאַק פון אומרעכט? פאַרוואָס טאָר איך ניט פאַסטן דער פיינער מאַן, דער וואָס טוט גערעכטיקייט, דער וואָס העלפט געדריקטע און אָרעמע? און בכלל זאָגט ר' אבא גאָרדינען, אַז דער נביא האָט גערעדט אַ ביסל צו שאַרף צו יידן. דער נביא האָט דאָ אומזיסטע טענות צו די יידן. זיי זיינען גאָר ניט געווען אַזוי שלעכט ווי ער וויל אונדז מאַכן גלויבן. די יידן נעבעך האָבן קיינעם ניט געשלאָגן און קיינעם ניט אונטערדריקט. זיי זיינען געווען אין גלות, געפייניקטע, געדריקטע. שרייען זיי צו גאָט סטייטש? „מיר האָבן געפאַסט און דו האָסט ניט געזען, מיר האָבן געפייניקט אונדזער זעל און דו ווייסט גאָר ניט!" און ווי נאָר דער נביא האָט דערהערט אַז יידן זאָגן אַז גאָט האָט ניט געהערט און ניט געזען האָט ער, דער נביא איבערגעקערט די טענות — ביין, וויבאלד אז גאָט האָט אייער תענית ניט אָנגענומען, איז אַ סימן אַז איר האָט זיך ניט אויפגעפירט ווי עס באַדאַרף צו זיין. ס'איז דאָך ביים נביא א פּריאָרע, אז אויב מען פירט זיך אויף ווי עס באַדאַרף צו זיין, זעט גאָט און ער הערט. מיר אָבער קענען זיך פאָרשטעלן אַז עס

איז גאַנץ מעגלעך אַז גאָט הערט ניט גאַנץ אָפּט און זעט ניט טאַקע גאָר ניט זעלטן...

איר שרייבט:

„איך ווייס איר זוכט דעם וועג צו פרומקייט און ווילט ניט זוכן און טרעטן דעם וועג צו גוטסקייט. אַ ייד וועט בדאי זיין אַ גאַנצן יאָר פרום. איידער איין טאָג גוט. ער וועט עסן בדאַי מרור...״

דאָס איז זייער אַ סכנותדיקער וועג אויף וועלכן איר גייט, רבי אבא גאָרדין. איר וועט מיר מוחל זיין, יעזוס האָט גענוצט דיזעלביקע אַרגומענטן. ווען די פּרושים האָבן אים געטאַדלט פאַרוואָס זיינע תלמידים עסן אומגעוואַשן, האָט ער זיי געענטפערט מיט אַ פּסוק פון ישעיה (כ״ט—י״ג), „און גאָט האָט געזאָגט, ווייל דאָס דאָזיקע פאָלק האָט מיך געהאַלטן נאָענט נאָר מיטן מויל, און מיט די ליפּן מיר אָפּגעגעבן כבוד, אָבער זיין האַרץ האָט ער דערווייטערט פון מיר, און זייער מורא פאַר מיר איז ווי אַן אויסגעלערנט געבאָט פון מענטשן (מתיא, ט״ו, ב׳, ז׳ ח׳). עס שטייט ניט וואָס די פּרושים האָבן אים געענטפערט. דער צוואָמענשטע־לער פון עוואַנגעליום איז געווען א גוטער פּאָלעמיזאַטאָר און ער האָט געוואוסט אז ער טאָר ניט געבן דעם ענטפער פון זיינע געגנער די פּרושים. אָבער אויף אַזעלכע קלאָץ קשיות געפינט זיך דער ענטפער אין דער גמרא. די גמרא רופט די פּרו־מאָקעס וואָס פאַרשטעלן זיך פאַר גאָטספאַרכטיקע מענטשן — מכת פּרושים — די וואָס טוען מעשה זמרי און ווילן שכר ווי פּנחס. יעזוס מיט זיין גאַנצער פאָדערונג צו ריינקייט פון האַרצן האָט געגעסן מיט די מוכסים — די צינזן אַרענדאַטאָרס, וואָס האָבן אויסגעזויגט דאָס בלוט פון פאָלק. ניט אָפּהיטן קיין צערעמאָניאַל מיינט נאָך ניט אַז מען גייט אויף דעם וועג פון גוטסקייט. אַז מען דינט ניט גאָט מיינט נאָך ניט אז מען דינט מענטש, מה ענין שמיטה להר סיני? איר באַהויפּט א פריאָרע אז וויבאַלד מען זוכט פרומקייט וויל מען ניט טרעטן דעם וועג צו גוטסקייט. איך זאָג פאַרקערט, אײנער וואָס איז ניט מודה אין אַ העכערער קראַפט אויסער אונדז אָדער אין אונדז, וואָס שאַפט די אויסערלעכע קראַפט, דאַרף ניט האָבן קיין גוטסקייט. אויב נאָר איך און נאָר דער חומרישער איך איז צו וואָס דאָס גאַנצע גריבלעניש?

„איר זאָגט אַז אונדזערע מיטגלידער פון געזעלשאַפט האָבן ניט קיין אַחריות. שטעלט זיך פאַר, אַז מיר האָבן אַ פולן שטרענגען שולחן ערוך, וואָלט איר אָנגע־שטעלט דעטעקטיווס אַכטונג צו געבן צי זיי (די מיטגלידער) היטן אָפּ די דינים? און וואָס האָט מיין טאַטע געטאָן מיט די יידן וואָס האָבן ניט געהיט די דינים? האָט ער זיי געהייסן אויסשליסן פון כלל ישראל?״

מען קאָן יעדע זאַך דערפירן צו אַן אַבסורד. איך האָב ערשטנס ניט געזאָגט, אַז די מיטגלידער פון דער עטישער געזעלשאַפט האָבן ניט קיין אחריות. איך האָב געזאָגט, אַז די מיטגלידער נעמען ניט אויף זיך קיין התחיבותן. איך האַלט, אַז יע־דער קיבוץ, יעדע געמיינשאַפטלעכע פּריוויליקע אַסאָסיאַציע מוז ארויפלייגן התחיבותן אויף אירע מיטגלידער. אַניט איז עס אַ גאָרטן אָן אַ צאַם, יעדע פּוס וועט צעטרעטן אַ געוויקס. אָבער דאָס מיינט נאָך ניט אַז די וואָס קומען ניט נאָך די התחיבותן דאַרפן אויסגעשלאָסן ווערן פון כלל ישראל. אָבער אויב איינער באַ־לאַנגט צו אַ חברה משניות דאַרף ער לערנען אַ פּרק משניות. אין אונדזערע ראַ־דיקאַלע קרייזן קאָן געמאָלט זיין אַ דערציאונג געזעלשאַפט וואָס אירע מיטגלידער שיקן ניט זייערע קינדער אין אַ יידישער שול. אַן אַרבעטער פּאַרטיי וואָס אירע מיט־גלידער זיינען עקספּלואַטאַטאָרן.

איר שרייבט:

„איר פרעגט מיך וואָס זאָל טאָן דער פּשוטער מענטש וואָס קאָן אַליין קיין תפילות ניט פאַרפאַסן. ס'איז אַ קלאָץ קשיא. ווי האָט משה מתפלל געווען: „אל נא רפא נא לה". אין די פאָר ווערטער איז באַשטאַנען זיין גאַנצע תפילה. איז דאָ אַזאַ פּראָסטאַק וואָס זאָל ניט קענען פאַרפאַסן אַן ענלעכע תפילה? זאָגט ניט אַ קינד זיין מוטער וואָס ער וויל? איז דען דאָ אַ פּשוטער מענטש וואָס קאָן ניט זאָגן מיט פּשוט'ע ווערטער וואָס ער פאַרלאַנגט, וואָס עס קוועטשט אים?"

איך קאָן אייך ענטפערן אַז ניט אַלע מאָל האָט משה געזאָגט אַזאַ קורצע תפילה. און אָט די קורצע תפילה האָט ער געזאָגט אין אוהל מועד — אין אַ שול, אין אַן אָרט וואָס מען קומט זיך צונויף צו דינען גאָט און מתפלל זיין צו אים. מיר, וועלטלעכע יידן, האָבן ניט קיין זאַמל אָרט, קיין בית כנסת, קיין צענטער. מיר וואוי־נען אין דרויסן. ס'איז שווער צו שטעלן זיך אויף „טיימס סקווער" און תפילה טאָן צו גאָט. און נאָך עפּעס, רבי אבא גאָרדין, ניט אַלע קינדער האָבן דעם חיתוך הדיבור צו זאָגן צו זייערע מאַמעס וואָס זיי ווילן. און תפילה בציבור איז אַ גרויסער ענין. תפילה בציבור ברענגט יום־טובדיקייט, התרוממות הנפש. און מיר, וועלטלעכע יידן, האָבן געמעגט האָבן אַביסל מער התרוממות הנפש. זעט ווי מיר זוכן אַ טראָפּן פייערלעכקייט. מיר פאַרפעלן קיינמאָל ניט קיין הזכרה אָדער יובילייי...

צום סוף מוז איך צוגעבן אַז אייער לעצטע טענה איז אַ גערעכטע. איר שרייבט:

„איר דאַרפט משיג זיין, אַז אין אַזאַ צייט ווי אונדזעריקע, וואָס איז אַן אי־בערגאַנגס צייט, קען מען ניט אַרויסקומען מיט הלכות פּסוקות — בלויז מיט הויפּט פּרינציפּן דאַרף מען קומען".

דאָס איז אמת. מיר זיינען פון דעם דור וואָס האָט געבראָכן צאַמען. מיר זייינען די וואָס האָבן געמוזט פּטור ווערן פון דעם פאַרגליווערטן צערעמאָניאַל. איצט האָבן מיר אויסגעפונען אַז אבסטראקציעס זיינען ניט גענוג אָנצופילן אַפילו אַ יחידס לעבן. אָן צערעמאָניאַל און ריטואַל איז אוממעגלעך אויפצוהאָדעווען אַ נייעם דור. איז אונדז שלעכט.

זיינען אַ סך פון אונדז געקומען צום באַשלוס אַז מיר מוזן איבערשאַפן דעם אַלטן צערעמאָניאַל. ווייס איך ניט צי מיר זיינען עס בכוח צו טאָן. אָבער מיר טאָרן ניט מאַכן קיין טוגנט פון אונדזער שוואַכקייט, ווי איר האָט עס געוואָלט טאָן.

מיר דאַרפן ביי זיך ניט אַראָפּפאַלן. מיר האָבן אין איין דור באַפרייט זיך פון טויזנטער סייגים, אראָפּגעשאַרט דעם שימל און דורכגעבראָכן די וואַנט פון מסורה, וואָס האָט פאַרשטעלט דעם לעבעדיקן קוואַל פון יידישקייט. אפשר איז עס גענוג פאַר אונדזער דור צו קומען בלויז מיט הויפּט פּרינציפּן פון אַ נייעם וועג צו יידישקייט. אָבער מיר דאַרפן אויך זוכן און עקספּערעמענטירן מיט באַנייען אַלטע מנהגים און צערעמאָניעס און אַריינבלאָזן אין זיי אַ נייעם מיין און אַ נייעם אינהאַלט. אוודאי וועלן מיר זיך אָפט נאַריש מאַכן. אָבער אויב עס וועט אונדז ניט געלינגען אינגאַנצן, וועט עס מער געלינגען דעם צווייטן דור. און נאָכדעם, איז קלאָר — דער צערעמאָניאַל מיטן נייעם אינהאַלט און נייעם גייסט וועט נאָך דורות און דורות אויך פאַרגליווערט ווערן און ווערן שימלדיק, הייליק. אונדזערע אור־אור־אייניקלעך וועלן יעמאָלט צעברעכן די צאַמען און פאַנאַנדערוואַרפן די אַלט געוואָרענע פלויטן און וועלן, איך האָף, אויפבויען אַ נייעם צערעמאָניאַל. אַזוי איז עס געווען און אַזוי וועט אייביק זיין. „עס איז געווען אָוונט און עס איז געווען פרימאָרגן — איין טאָג". די וועקסלונג גייט אָן פון אייביק, אייביק אָן.

מיט דרך ארץ, אייער שלמה סיימאָן.





# קנאה־שנאה

פון

## מ. צוקער

ווען איינער האָט אַ שוואַכקייט צו קנאה איז ער שוין ניט ווייט פון שנאה. קנאה האָט אין זיך אי מעלות אי חסרונות.

ביזטו מקנא יענעמס מעלות מאַכט עס דיך שוין דערמיט פאַר אַ בעסערן מענטשן, ביזטו מקנא שלעכטסקייט, שטאַרקייט, רייכטום איז עס אַ חסרון.

קנאה מיט גאווה זיינען אויך ניט קיין פאַר צום גוטן.

ווען אַפילו ביזט אַמאָל מקנא אַ גוטע זאַך, ווערט דיך די גאווה אַראָפּפירן פונעם וועג.

קנאה פאַר גוטסקייט, מיט ערלעכקייט אין האַרצן, איז זיכער אַ גרויסע מעלה.

שנאה איז שוין אַזאַ זאַך, וואָס ברענגט דיר אַליין ניט קיין נוצן: א שנאה צו יענעם ברענגט גריזאָטע פאַר זיך.

אַן איינגעגעסענע שנאה איז נאָענט צו משוגעת.

האָסטו יענעם פיינט, קאָנסטו שוין אים ניט דן־זיין לכף זכות, אַפילו ביי אַ גוטער טאָט.

אַ געגנזייטיקע שנאה אויסצוגלייכן מוז מען געגנזייטיק האָבן דעם ווילן דערצו.

ביי אַ שנאת־חינם שפּילן פּלאָטקע־מאַכער די הויפּט־ראָלע.

עס זיינען דאָ קרענקלעכע פּלאָטקע־מאַכערס וואָס באַקומען זייער וויכטיקייט ביים פאַרשפּרייטן שנאה.

מ׳דאַרף זיין פאָרזיכטיק מיט אַזעלכע מענטשן וואָס זוכן אויפצובלאָזן אַ שנאה.

אַן אינטריגאַנטישע טבע פאַרשפּרייט שנאה אַמאָל פאַר אייגענעם צוועק און אַמאָל אַזוי זיך פאַר פאַרגעניגן וועגן.

עס איז זייער לייכט צו פאַרשפּרייטן שנאה אָבער עס איז שווער עס איינצו־שטילן.

מ׳דאַרף אָנווענדן אַלע מעגלעכקייטן, אַז אַ שנאה זאָל ניט ברענגען צו אַן אָפּענעם קריג.

ביי אַ קריג דורך שנאה נוצט אַמאָל אַפילו אַן ערלעכער מענטש, אומערלעכע מעטאָדן.

שנאה שאַפט שטענדיק פאַלשע אילוזיעס, זי פאַראורטיילט אַפילו אומשול־דיקע טאָטן פונעם שונא.

מ׳קען טאַקע דענקען אַז דער שונא איז אומגערעכט, אָבער עס שאַדט ניט זיך אַליין צו געבן אַ חשבון־הנפש בנוגע זיך און דעם שונא.

ס׳איז בעסער צו האָבן אַ שווערן מאָראַלישן זיג מיט אַ שונא איידער אַ לייכטן זיג דורך פיזישן און אומערלעכן קאַמף.

אַפילו צו געווינען ביי אַ שונא איז בעסער אים צו דערקלערן די גערעכטע און מאָראַלישע זייט.

געווינען דורך שנאה מיינט אַז די שנאה איז נאָך ניט פאַרשוואונדן פוןביידע צדדים.

דאָס געווינען דורך מאָראַלישע מיטלען שוואַכט אָפּ די שנאה.
דער רעזולטאַט פון שנאה איז צעשטערונג.
אַ בנין מיט שנאה האָט אַ שוואַכן פונדאַמענט.
ניט אַלע מאָל קען מען פאַרדעקן שנאה מיט פאַלשע פראַזן.
שנאה מאַכט דעם מענטשן פאַרביטערט און שאַדט זיך אַליין.
מיט שנאה קען מען ניט אַיינגיין אויף אַ פשרה.
וויל מען שלום, מוז מען פריער פון זיך אַליין אַרויסרייסן די שנאה.

---

# כעס

כעס בחיק כסילים ינוח. (קהלת ז׳, ט׳.)
לפי שהיה בכלל כעס בא לכלל טעות (ספרי מטות קי)

כעס איז איינע פון די ערגסטע מידות.

אַפילו ווען דו דענקסט אַז דו ביזט גערעכט און דער אַנדערער איז אומגערעכט לגבי דיר איז אויך בעסער אויסצומיידן כעס.

שוין מיט דעם אַליין וואָס דו ווערסט אין כעס, ביזטו שוין ניט אינגאַנצן גערעכט.

אַז דו מוזט אָנקומען צו כעס, באַווייזט עס, אַז ביי דיר אַליין איז ניט אַלץ אין אָרדנונג.

אַפילו ווען יענעמס גראָבע האַנדלונג באַרעכטיקט דיין כעס אויף דעמאָלט פּרוביר ווירקן אויף אים מיט איידלקייט, אפשר וועט עס העלפן.

ווען דו ווערסט אין כעס באַווייזט עס אַז דו ביזט ניט פּעאיק צו אורטיילן קאַלט־בלוטיק.

אַמאָל קען מען דיר געבן אַ שכל׳דיקן ענטפער אויף אַ אומ׳שכל׳דיקער האַנד־לונג, און דיר פאַרשפּאָרן צו ווערן אין כעס.

פון אַ קינד קענסטו ניט דערוואַרטן אַ גאָר לאָגישע דערקלערונג פאַר זיינע טאָטן און ביי אַ דערוואַקסענעם דאַרף מען צוערשט אויספאָרשן זיינע מאָטיוון — און ווער ניט אין כעס ווען עס שטימט ניט מיט דיין אויפפאַסונג.

ווען אַפילו אַ רויבער באַפאַלט דיך, פאַרליר ניט דיין גלייכגעוויכט ווייל דיין כעס וועט דאָך דיר סיי ווי סיי גאָרניט העלפן.

ווען מען פּרובירט אָנווענדן שכל־הישר, מיידט מען אַ סך מאָל אויס כעס.

ווען מ׳ווערט ניט צו אָפּט אין כעס, באַרואיקן זיך די נערוון און מען קען דענ־קען קלאָר.

אַ שטענדיקער כעסן איז גענייגט צו האַנדלען ניט ריכטיק.

דו וועסט תמיד אַרויסרופן אַ קעגנווירקונג, ווען דו וועסט דיינע מעשים דורכפירן מיט כעס.

דיינע אייגענע רואיקע האַנדלונגען באַרואיקן אויך יענעמס כעס.

ווען צוויי מענטשן האָבן אַ סכסוך און זיי ווערן קעגנזייטיק אין כעס מוזן זיי אָנקומען צו אַ דריטן אויסצוגלייכן דעם סכסוך.

כעס איז אַ שלעכטער בעל יועץ.

כעס מאַכט אַ קלוגן מענטשן צום נאַר.

צו פאַרלירן דורך יענעמס רואיקע אַרגומענטן איז בעסער ווי צו געווינען דורך אייגענעם כעס.

ווען יענער זעט אַז דו מיידסט אויס כעס, וועט ער אויך מוזן האַנדלען אינעם זעלבן גייסט.

אַ גרויסע צאָל שלעכטע האַנדלונגען ווערן געבוירן בשעת כעס.

אַ בעל־כעסן מיינט טאַקע באמת אַז ער איז תמיד גערעכט.

אַז מ׳געווינט אַ זאַך מיט כעס בלייבט אַ שלעכטער נאָך־טעם, אַז מ׳געווינט מיט מיושב׳דיקער האַנדלונג איז עס אַ באַרואיקונג.

דעם כעס פון מענטשן דאַרף מען מער צושרייבן צו זייער נערוועזנצושטאַנד ווי צו זייער שלעכטסקייט.

אַ גוטע טאַט קען מען בעסער טאָן אָן כעס ווי מיט כעס, און אַ שלעכטע טאַט דאַרף מען בכלל ניט טאָן, ניט מיט כעס, ניט אָן כעס.

אין מאָראַלישן זינען איז כעס תמיד אַ דורכפאַל.

אַ כעס׳דיקער עקשן האָט אַלעמאָל ווייניקער אויסזיכטן צו געווינען.

ניט שטענדיק קען מען טאַקע מיט רואיקייט אויסמיידן כעס אָבער מיט אומ־באַרעכטיקטען כעס קען מען קיינמאָל ניט שאַפן קיין אמתע רואיקייט.

קינדער דערציען מיט כעס האָט אַ פאַרקערטע ווירקונג אויף זיי.

ס׳איז בעסער אַ סך מאָל איבערצוזאָגן דיזעלבע זאַך רואיק איידער איינמאָל מיט כעס.

איינמאָל געזאָגט מיט רואיקייט ווירקט מער ווי צוויימאָל געזאָגט מיט כעס.

אַפילו אַ גערעכטן כעס דאַרף מען פאַרמיידן.

ווען אַפילו מ׳וויל איבעררייסן מיט יענעם איז אויך בעסער אָן כעס.

יעדע האַנדלונג בשעת כעס איז ניט צופרידנשטעלנדיק.

ס׳איז אָבער זיכער ניט עטיש מיט דיין רואיקער האַנדלונג אַבזיכטלעך צו וועלן יענעם אַריינברענגען אין כעס.

ווען איינער טוט דיר אַפילו גוטס מיט כעס איז עס ניט קיין גאַנצע גוטסקייט.

ווען דו נעמסט אָן יענעמס גוטסקייט מיט כעס, באַקומט דיר ניט די גוטסקייט.





# משה

(אַ פראַגמענט פון אַ גרעסערער אַרבעט)

פון

## ע. פערשלייסער

ויגדל משה ויצא אל
אחיו וירא בסבלתם...

ס'איז נאָך פרי אָבער ס'איז שוין שטאַרק הייס. דאָס אויג קאָן וואַנדערן איבערן פלאַכן לאַנד, איבער די אומענדלעכע, מיט קאַנאַלען דורכגעשניטענע פעלדער, פאַרגאָסן מיט זילבער און בלוי, און אָפּשטעלענדיק זיך ביים האָריזאָנט, מיט אַביסל אָנשטרענגונג, אַריינדרינגען ווייטער און ווייטער, ווי אַ פויגל, וואָס הויבט זיך העכער און העכער און אַלץ גרעסערע אויסשפרייטונגען שטרעקן זיך פאַר אים...

דער שטויביקער וועג וואָס לויפט פון מעמפיס, דער הויפּטשטאָט פון העכערן און נידעריקערן קיניגרייך פון מצרים, איז איצט פול מיט מענטשן — דאָס רוב פויערים, בעל־מלאכות און מאַרק־זיצערינס, וואָס האָבן געפירט זייערע סחורות אין שטאָט אַריין און גייען איצט צוריק אַהיים.

די מענער טראָגן אַ פלאַכטע אַרום די לענדען און אַ מיצל וואָס נעמט ענג אַרום דעם קאָפּ. זייערע לייבער האָבן דעם קאָליר פון איבערגעברענטע קוילן. זיי זיינען דאַר און אָפּגעהאָרעוועט. אויף די ווייבער זעט זיך די שווערע האָרעוואַניע נאָך שטאַרקער. זייער אנטועכץ: אַ לענגערע פלאַכטע וואָס פאַרדעקט זייערע לייבער פון די ברוסטן ביז צו די קנעכלען. זיי טראָגן גרויסע פּעק אויף די קעפּ, אַ סך גייען נאָך קליינע וועגעלעך געשלעפּט פון מאָגערע עגיפּטישע אייזלען. אינגלעך און מיידלעך גייען נאָך טאַטע־מאַמע. זיי זיינען אינגאַנצן נאַקעט. זיי טראָגן קייטעלעך

אַרום די העלזלעך מיט מעדאַליאָנען פאַר אַ סגולה און די מיידלעך בראַנזועלעט־לעך אויף די הענט.

באַקענטע באַגריסן זיך. פרעגן זיך איינס ס׳אַנדערע, ווי די געשעפטן זיינען געגאַנגען. מען הערט זיך צו צו נייעס פון ווייטע מלחמות. מען רעדט וועגן סמנים פון שלעכטן אויסגוס פון נילוס, וועגן הויכע פרייזן פאַר אַלץ, וואָס מען קויפט אין שטאָט און די קליינע פרייזן פאַר דער תבואה און גרינסן, אין וועלכער זיי האָבן אַריינגעלייגט זייער שווייס און בלוט. עס פאַרט פאַרביי אַ רייטוואָגן פון אַן עלע־גאַנטן און שיין פאַרקעמטן בירגער, אָדער באַאַמטען, אָדער פון אַ פריסטער אין אַ ווייס קלייד, מיט אַ געגאָלטען קאָפּ. די פּוסגייער מוזן איילִיק אָפּטרעטן דעם וועג. אַ שטיקל צייט הוסט מען און מען שפּייט דעם שטויב, וואָס האָט זיך אריינגעאַכפּט אין מויל אַריין. אַז דער שטויב וואָלקן האָט זיך שוין געלייגט און מען קען שוין אָן סכנה עפענען ס׳מויל, מאַכן זיך די אָרעמע פוסגייער לייכטער ס׳האַרץ דורך זידלערייען. מען דערציילט פון די גנבות און שווינדלען פון די באַאַמטע. מען טרייסט זיך מיט דער האָפענונג אַז צו תחית־המתים וועט זייער קאַ (אָפּבילד) קיינמאָל ניט געפינען זייערע קערפּערס ווייל די שאַקאַלען וועלן זיי אויפעסן. די וואָס ווילן זיך ניט טרייסטן מיט אַזאַ האָפענונג זאָגן אַז ס׳וועט ניט שטענדיק אַנגיין אַזוי, אַז דער גאָט פרעה וועט זיך סוף כל סוף דערוויסן ווי מען באַגנב׳עט דאָס פאָלק און געבן די שולדיקע זייער פאַרדינטע שטראָף.

קעגן די פריסטער זיינען די טענות מילדער, הכנעה׳דיקער. מען האָט מורא פאַר די געטער מיט וועמען די פריסטער ריידן ווי איין מענטש צום אַנדערן. אַן אַלטער קרומער באַנדאַר, וואָס טראָגט אויפן קאָפּ אַ גרויס פּאַס טענה׳ט אַז ס׳איז אים אַ וואונדער וואָס די געטער לאָזן זיך באַגנבענען און נאָך אַ טיפן ישוב הדעת זאָגט ער:

— אפשר פאַרשאַפט עס שפּאַס די געטער וואָס מען באַ׳גנב׳עט זיי. אַביסל שפּאַס מוזן די געטער אויך אַמאָל האָבן.

חברה טשמאַטשקען מיט די ליפּן. אַ יונגע פויערטע צעלאַכט זיך אויפן קול. אַ יונגער מויערער פּלאַצט אַרויס:

— אַלטער נאַר. דערטראַכט זיך. ניט נאָר קיין זאַפט אין די ביינער נאָר אין קאָפּ אויך ניט. די יונגע פויערטע צעלאַכט זיך ווידער.

פלוצים ווערט אַ טומעל, סחורות פאַלן פון די קעפּ, מען שרייט און שלאָגט די איינגעשפּאַרטע אייזלען זיי זאָלן אָפּטרעטן דעם וועג.

— אַ גרויסער פאַרשוין אוודאי, זאָגט דער יונגער מויערער און שפּייט אויס.

פון ריזיקן שטויב־וואָלקן שיילט זיך אַרויס אַ גרויסע מחנה וועגענער און רייטער. אינמיטן אַ צוויי רעדערדיקער מיט גאָלד באַצירטער וואָגן. ס׳זיצן אין אים אַן עלטערער מאַן אין רייכע פּריסטערישע קליידער און הויכן היטל מיט שפּיצן פון אויבער־פּריסטער. ער איז דער אויבער־פּריסטער פון גאָט אַמען־ראַ. און ביי זיין זייט זיצט אַ פּרינץ פון פּרעה׳ס הויזגעזינט. ער שטאַמט פון די עברים — דער־ציילט איינער פאַר די אַרומיקע — פּרעה׳ס טאָכטער האָט אים אַרויסגעראַטעוועט פון די וואַסערן פון נילוס און ער איז אויסגעוואַקסן אין פּרעה׳ס הויף ווי איר׳ס אַ זון. זי האָט אים אַ נאָמען געגעבן משה.

---

די וועגענער זיינען אָנגעקומען אין טאָל וואו ס׳איז אָנגעגאַנגען אַ פיבערישע אַרבעט. די עברים האָבן דאָ געבויט אַ נייע שטאָט. דער ריזיקער, פלאַכער שטח איז געווען אָנגעהויפט מיט קופּעס שטיינער און ליים און צעשניטן מיט וואַסער לוזשעס און שווערע וועגענער האָבן געפירט גרויסע משאות פון איין אָרט צום אַנדערן און איבעראַל האָט געשוויבלט מיט די האַוועדיקע שקלאַפן, די עברים. זייערע נאַקעטע, מיט שוויס באַגאָסענע לייבער, האָבן זיך געשטרעקט און גע־בראָכן אין די אַלערליי אַרבעטן: מישן זאַמד, טראָגן ציגל, גראָבן קאַנאַוועס, שוטרים מיט אויפגעהויבענע בייטשן האָבן געוואַכט איבער דער אַרבעט און עס האָבן זיך גע־הערט געשרייען און זידלערייען און דאָס סווישטשען פון די בייטשן. איצט אַז די אויגן פון אַזוינע הויך געשטעלטע פאַרשוינען האָבן געקוקט אויף דער אַרבעט האָבן די געשרייען פון די שוטרים און דאָס סווישטשען פון זייערע בייטשן באַקומען ניי לעבן.

דער אויבער־פּריסטער מיט משה׳ן זיינען אַראָפּגעגאַנגען פון די וועגענער, גע־מאַכט אַ פּאָר שריט כדי נענטער צו באַקוקן די אַרבעט. דער הויפּט־אויפזעער איבער דער אַרבעט איז געגאַנגען אַ געבויגענער אַ פּאָר טריט הינטער זיי.

דער פּריסטער האָט גערעדט צו משה׳ן אין אַ צוגעלאָזענעם פאַרטרויענדיקן טאָן:

— מען זאָגט אַז זיי שטאַמען פון כשדים. זיי רופן זיך די קינדער פון אברהם, יצחק און יעקב און זיי זאָגן, אַז זייער גאָט האָט זיי צוגעזאָגט אַ לאַנד פון מילך און האָניק, וואו זיי וועלן גאָרניט דאַרפן טאָן. מיט וואָס שקלאַפן פאַרזיסן זיך דעם שווערן גורל.

משה׳ס פּנים איז פאַרצערט פון כעס.

— פאַרוואָס אַרבעטן זיי אין היץ פון טאָג ?

— ווייל זיי זיינען שקלאַפן, האָט דער אויבער־פּריסטער רואיק געענטפערט.

— און ווער האָט זיי געמאַכט פאַר שקלאַפן ?

— אונדזערע געטער.

— און ווען זיי וואַרפֿן אַוועק די אַרבעט און זאָגן: מיר ווילן ניט זיין קיין קיין שקלאַפֿן מער. פֿרייע מענטשן זיינען מיר געקומען...

דער פּריסטער האָט אַ קורצן לאַך געטאָן ווי ער וואָלט זיך פֿאַרכלינעט.

נאָך אַ ווייל פֿרעגט ער, איינקוקנדיק זיך אין משה׳ן מיט זיינע כיטרע, בייז־שטעכיקע אויגן:

— דו ביסט זייער פֿריינטלעך צו די עברים. פֿאַרוואָס איז דאָס?

— און וואָס ווילסטו מיט הינטער־טירלעך אַריין אין מיין האַרץ, דו שותּף פֿון די געטער? משה האָט זיך מיט׳ן פּנים אויסגעדרייט צום פּריסטער און גע־רעדט מיט פֿלאַמענדיקע אויגן. איך האָב פֿיינט געדרייטע וועגן. ווילסט אויסגע־פֿינען צי איך ווייס פֿון מיין אָפּשטאַם, און רייצסט מיך, ווי אַ מוקל שטעכסטו מיך, פֿון אַלע זייטן זשומעסטו מיר אין די אויערן...

— פֿאַר אַ כבֿוד פּה אַזאַ דרשה. דער פּריסטער האָט דינטשיק געשמייכלט, אָבער אונטער דער לעדערנער הויט פֿון זיין פּנים האָט זיך געוויזן אַ רויטקייט פֿון צאָרן.

— אָפֿען רעד איך. מיין האַרץ האָט ניט קיין פֿאַרבאַהאַלטענע געדאַנקען. איך ווייס: דאָס בלוט פֿון די עברים פֿליסט אין מיינע אָדערן, האָט משה געזאָגט מיט צאָרן.

— ווער האָט עס געזאָגט? דעם פּריסטער׳ס טאָן איז כלומרשט פֿאַרוואונ־דערט, אָבער אַ בייזוויליק פֿייערל שפּילט אין זיינע אויגן.

— לאָז מיך אַליין, הויכער פּריסטער. איך וויל זיך צוקוקן צו די שקלאַפֿן וועמענס בלוט עס פֿליסט אין מיינע אָדערן.

משה איז אַוועק צווישן די אַרבעטער. ער האָט זיך אַיינגעקוקט אין זייערע פּנים׳ער, אין די געפּייניקטע, אומרואיקע פּנים׳ער פֿון שקלאַפֿן, געפֿילט זייער צער און דערשלאָגענקייט. איך האָב זיי ביז היינט ניט געקענט, האָט ער געטראַכט. דאָס זיינען מיינע ברידער.

אויף אַמאָל האָט ער דערזען ווי אַ מצרי׳שער אויפֿזעער שלאָגט אַן עברי.

דער מצרי האָט דעם עברי אַ וואָרף געטאָן צו דער ערד און אים אָנגעהויבן בריקן מיט די פֿיס מיט מערדערישער רציחה.

פֿייער האָט אַ שלאָג געטאָן אין משה׳ס קאָפּ. ער האָט אַ הויב געטאָן אַ גראָב־אַייזן, וואָס איז געלעגן אויף דער ערד און מיט זיין גאַנצן כּוח אַ זעץ געטאָן דעם מצרי׳שן אויפֿזעער. דער מצרי איז געפֿאַלן צו זיינע פֿיס און בלוט האָט זיך געגאָסן אין שטראָמען פֿון זיין נאָז און מויל.

דער עברי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני, אַרויפגעלייגט זיין פּאַרליימיקטע, שוואַרצע באָרד אויפן מצרי'ס האַרץ און זיך אויפגעהויבן אַ באַפלעקטער מיט נאַסע רויטע פלעקן.

— ער איז טויט.

משה האָט אויסגעווישט די אויגן, אַרומגעקוקט זיך אויף דעם זון פּאַרגאָ־סענעם פעלד, אויף די צעקאָרטשעטע אַרומיאָגנדיקע מענטשן — ווי ער וואָלט זיי ס'ערשטע מאָל געזען.

— האַר, האָט זיך דער עברי אויפגעהויבן אויף די שפּיץ פינגער צו משה'ס אויער. איך וועל דיר העלפן אים באַגראָבן אין זאַמד און קיינער וועט ניט וויסן. ער האָט אָנגעהויבן גראָבן מיט דעם פאַרבלוטיקטן גראָב־אייזן אין גרויס איילעניש.

— שוין, האַר. קיין סימן ניט געבליבן. אַלע וואָלט מען זיי באַדאַרפט אַזוי טון. אַ מגפה זאָל אויף זיי קומען. אונדזער גאָט וועט זיי פאַרטיליקן. ער האָט דיך געשיקט. אַלע אונדזערע שונאים וועלן האָבן אַזאַ סוף, האָט דער עברי גע־זאָגט אין משה'ס אויער; אַזוי האָט אונדזער גאָט צוגעזאָגט: אַלע שונאים פון ישראל וועט ער פאַרשניידן, און זייער בלוט וועלן די ווילדע חיות לעקן, נאָר אונדז, זיינע קינדער, וועט ער גרויס מאַכן און וואַרפן אַלע פעלקער פון דער ערד אונדז צו די פיס. האָב ניט קיין מורא, קיין הונט וועט ניט קיין ביל טאָן. אַזאַ סוף זאָלן האָבן אַלע אונדזערע שונאים.

משה האָט זיך געלאָזט גיין.

דער עברי האָט אים אָנגעיאָגט.

— דו ביזט משה אונדזער אייגן בלוט. דו קענסט אונדז אַ סך העלפן מיט אַ גוט וואָרט ביים רשע, דער משוגענער וואָס מיינט אַז ער איז גאָט. טפו, טפו. מכות וועט אויף אים גאָט שיקן אַז ער וועט אַרומלויפן און וואָיען ווי אַ משוגענער הונט. פאַרגעס ניט אַז דו ביסט אונדזערער. יוכבד איז דיין מאַמע געווען. מיר האַלטן הייליק איר אָנדענק. זאָג אַ וואָרט. זאָל ער כאָטש לייכטער מאַכן דעם יאָך.

---

דעם צווייטן טאָג איז משה אַרומגעגאַנגען צווישן די ליימענע שטיבלעך וואו ס'האָבן געוואוינט די עברים. ער האָט געוואָלט זען ווי עס לעבן זיינע ברידער. ער האָט געשפּירט ווי אונטער דער הויט פון זיין פּנים גיסט זיך עפּעס אַ האַרט מאַסע און האַרטעוועט דאָס געזיכט. זיין גוף איז געווען ווי אָנגעגאָסן מיט בליי. ער איז צוגעקומען צו אַ ביידל פון אַ פלייש פאַרקויפער. אויף אַ גרויסן קלאָץ זיינען גע־לעגן אָנגעהויפט צעפּערטעלטע שטיקער פלייש און אַרום די ווענט פון ביידל זיינען געהאָנגען אָפּגעשוונדענע, גאַנצע שעפּסעלעך. אַ רעדל ווייבער מיט צעפּאַטלטע האָר

מיט נאַקעטע, אויסגעניאַרעטע קינדער ביי די זייטן האָט זיך געריסן איבער די שטיקער פלייש, געבאַברעט אין בלוטיקע געדערים.

צוויי יונגען מיט שוואַרצע קאַלטונעס האָר איבער די פאַרשוויצטע פּנים׳ער אין לעדערנע, פאַרבלוטיקטע פאַרטיכער, זיינען אַרומגעלאָפן מיט שאַרפע העק אין די הענט, געריסן די שטיקער פלייש פון די ווייבערס הענט, געהאַקט גאַנצע שעפּעלעך אויף פּערטלען, געכאַפּט די בראַנזענע מטבעות און געוואָרפן אין די קעשענעס פון פאַרטוך, געמיט זיך דורכשלאָגן אַ וועג צווישן די טומלענדיקע רעדלעך ווייבער.

משה האָט זיך צוגעקוקט מיט כעס און אָפּשטויס. מיט שפּאָט האָט ער אַ טראַכט געטאָן:

— די עברים האָבן ליב זייערע טעפּ מיט פלייש...

משה איז אוועק ווייטער, זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ שטוב וואָס איז געשטאַנען אין אַ זייט, וואו אַ קליין מיידעלע האָט זיך געשפּילט אין זאַמד פאַר דער טיר, און אַריין נאָך דעם דערשראָקענעם קינד אינעווייניק.

אַ יונגע פרוי מיט שוואַרצע, איינגעפאַלענע אויגן און פולע ברוסטען האָט זיך געפּאָרעט ביי אַן אָפענעם פייער־פלאַץ, איבער וועלכן ס׳איז געהאַנגען אַ טאָפּ געקעכץ, וואָס האָט צעשפּרייט אַ שאַרפן, געווירצטן ריח איבער דער גאַנצער שטוב. זי איז געפאַלן אויפן פּנים דערזעענדיק פאַר זיך דעם מאַן אין פרינצישע בגדים.

משה האָט איר געהייסן זיך אויפהויבן.

— באַפעל, האַר, האָט די פרוי געזאָגט מיט אַ געבויגענעם קאָפּ—געבענטשט זאָל זיין די שעה וואָס דו האָסט באַוויזן דיין חסד און איבערגעטראָטן די אָרעמע שטוב פון דיין דינסט דינה.

— וואָס טוסטו? — האָט משה געפרעגט.

— איך קאָך נאַכט־מאָל פאַר מיין מאַן, דיין קנעכט.

— וואָס איז זיין נאָמען?

— דתן, דיין קנעכט, מיין האַר.

— וואו איז ער?

— ער אַרבעט, האַר, אויפ׳ן באַפעל פון געטלעכן פּרעה. ער דינט געטריי. ער מאַכט תמיד זיין באַשטימטע צאָל ציגל. ער איז אַ געטרייער קנעכט.

— אַן עברי איז ער? האָט משה געפרעגט.

— יאָ, מיר זיינען עברים, דיינע שקלאַפן, האַר.

נאָך אַ רגע שטילשווייגן האָט משה געזאָגט:

— איך בין ניט קיין מצרי. איך בין פון די עברים. איך בין משה.

די פרוי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און פון אירע אויגן האָבן זיך געגאָסן טרערן. זי האָט זיך אויפסנייַ געוואָרפן צו משה׳ס פיס און זיי באַדעקט מיט קושן.

— האַר, פּרינץ אונדזערער, אונדזער אויסלייזער!

אויף דער פרוי איז געקומען אַן אומבייט. אַ ווילד פייער האָט געברענט אין אירע אויגן. פון איר מויל איז איצט געקומען אַ שטראָם מיט רייד.

— דו ביסט משה. דו ביסט דער אויסדערוויילטער. ביסט דער זון פון עמרם און יוכבד. פון לוי׳ס שטאַם. דו ביסט דער באַשערטער. אַלע סימנים ווייזן אויף דיר. ווען די שעה וועט קומען וועסטו אונדז אַרויספירן אין דעם לאַנד פון צוזאָג.

משה האָט אָפּגעטראָטן אַ פּאָר טריט און מיט גרויס שטוינען געקוקט אויף דעם אומבייט וואָס איז אַזוי פּלוצים געקומען אויף דער פּשוט׳ער פרוי. אַ שיין פון עקסטאַז האָט איר פּנים צעלויכטן. אירע אויגן האָבן געקוקט ערגעץ אין דער ווייטקייט. זי האָט גערעדט — געבענטשט זאָל זיין די מוטער־טראַכט וואָס האָט דיך אויף דער וועלט געבראַכט. געבענטשט זאָל זיין מיין שטוב, וואָס דו האָסט איר שוועל באַטראָטן. בענטש מיין קינד, געטלעכער מאַן, הימל־באַשערטער אויסלייזער אונד־זערער. פאַרוואָס האָסטו אַזוי געשפּאָסט פון דער אָרימער דינה? דו האָסט אים אָנגעלערנט דעם מצרי. פוילען זאָל ער דאָרט, דער כלב. געבענטשט זאָלן זיין די הענט דיינע. אַלע ווייסן שוין ביי אונדז. דאָס איז דער ערשטער סימן.

משה איז געשטאַנען אַ דערשראָקענער, אַ ניט פאַרשטייענדיקער.

— שווייג שטיל! האָט ער אַ געשריי געטאָן.

— וואָס איז דיר, האַר? אפשר זאָל איך דיר געבן וואַסער, אפשר ווילסטו דיר אונטערלענען ס׳האַרץ. טו אָן דעם כבוד דער אָרימער דינה...

שטיל, שווייג שטיל! — האָט משה איבערגע׳חזר׳ט.

די פרוי איז אָפּגעטראָטן אין ווייטן ווינקל.

— אַז איך האָב דערהרגעט דעם מצרי, איז דאָס דער ערשטער סימן און איך בין דער צוגעזאָגטער אויסלייזער פון די עברים? און איך? איך? האָט משה גע־שטאַמעלט.

— יאָ, האָט די פרוי, באַהערשט אינגאַנצן פון נביאישן כוח פון זעאונג, איבערגע׳חזר׳ט ווי זינגענדיק צו זיך אַלץ העכער און העכער:

— יאָ, יאָ, ווי אַ פייער זייל וועסטו גיין פאָראויס און דאָס פאָלק וועט דיר נאָכגיין... און דעם ים וועסטו שפּאַלטן און זיינע וואַסערן וועלן שטיין ווי אַ מויער פון ביידע זייטן... און דערטרינקען וועסטו אונדזערע שונאים... און פירן וועסטו אונדז אין לאַנד פון מילך און האָניק.

— און איך וועל עס טאָן?

— יאָ, דו, גאָט געבענטשטער, פון האַר צבאות אויסדערוויילטער.

— וואָרט, ווער, זאָגסטו, האָט עס מיך אויסדערוויילט אייך אַרויסצופירן אין צו־געזאָגטען לאַנד?

— אונדזער גאָט. דער גאָט פון אונדזערע אבות, אברהם יצחק און יעקב. פאַר־וואָס מאַכסטו דיר חוזק פון דער אָרעמער דינה? האָט דען אונדזער גאָט צו דיר ניט גערעדט, ווען דו ביסט נאָך געווען אַ קינד און ווען דו האָסט זיך אין טראָסטענעם קיישל אויפ'ן טייך נילוס געטראָגן, האָט ער דיך ניט אָפּגעהיט פון אַלעם בייזן? ער רעדט צו דיר נאָכט נאָך נאַכט. דו וועסט פאָלגען אונדזער גאָט. דו וועסט ניט אַנטלויפן פון אים. דו וועסט זיך ניט אויסבאַהאַלטן פון אים.

משה איז אַרויס פון שטוב. אַ גרוילעכע שווערקייט האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף זיין האַרץ.

— ווער בין איך, האָט ער געטראַכט, וואָס איך זאָל גיין צו פרעה'ן? ווי אַזוי קען איך אויסלייזן? ווער בין איך? גאָט האָט מיך אויסדערוויילט. איך קען ניט זיין נאָמען. איך קען ניט זייער גאָט.

און נאָך האָט ער געטראַכט:

אַלע ווייסן שוין אַז איך האָב דער'הרג'עט דעם מצרי. איך וועל מוזן אַנטלויפן פון פרעה'ס צאָרן...

---

משה איז ווידער אַרויסגעקומען צו די עברים. צוגעקוקט זיך צו זייער שווערער אַרבעט; געזען די געפּייניקטע, אומרואיקע אויגן פון די שקלאַפן. ער איז אַרומגע־גאַנגען צווישן זיי. ער האָט געזען ווי דער שווייס רינט פון זייערע לייבער און זיי קוקן מיט פאַר'גנב'עטע בליקן אויף די שוטרים, צי זיי קענען זיך אָפּרוען אַ רגע.

עטלעכע עברים האָבן משה'ן דערקענט. זיי האָבן אויפגעהויבן די אויגן צו אים מיט אַ קוק פון מענטשן, וואָס האָבן צווישן זיך אַ סוד.

משה איז געגאַנגען ווייטער. ווי אַ מענטש וואָס גייט אַרום אין אַ חלום.

מיט אַמאָל האָט ער דערזען עפּעס וואָס האָט אים אָפּגעשטעלט. צוויי עברים האָבן זיך געשלאָגן, איינער פון די עברים איז שוין געווען אינגאַנצן צעבלוטיקט.

משה האָט געזאָגט מיט כעס:

— עברי, וואָס שלאָגסטו דיין חבר?

— ווער האָט דיך געמאַכט פאַר אַ שופט איבער אונדז? ווילסטו מיך דער־הרג'ענען ווי דו האָסט דער'הרג'עט דעם מצרי? האָט געענטפערט דער שלעגער.

משה איז אַוועקגעגאַנגען אָן אַ וואָרט.

— באמת ווייסן שוין אַלע אַז איך האָב דער׳הרג׳עט דעם מצרי, האָט משה גע־טראַכט. איך וועל אַוועק אין מדבר איידער פרעה וועט מיך דער׳הרג׳ענען.

„און פרעה האָט געהערט פון דערדאָזיקער זאַך און האָט געוואָלט הרג׳ענען משה׳ן — איז משה אַנטלאָפן פאַר פרעה׳ן.

# מיניאַטורן

## פון חיים פעט

—1—

### האַרבסט

דער הימל אַ פאַרוואָלגערטער מיט וואָלקנס. בייטאָג אָן זון. ביינאַכט אָן לבנה. חוץ אַ נאַרישער פראָזשעקטאָר קלעטערט און נישטערט אין רוים.

די גאַסן קערער קומען מיט זייערע צוויי־רעדערדיקע וועגעלעך און שטאָפן אָן פול די גרינע פעסלעך מיט געלע בלעטער.

עלנטע, היימלאָזע מענטשן, טוליען זיך ביי די מויערנע ווענט אין אויסגעריי־בענע, אָפגעקראָכענע מאַנטלען מיט אָנגעשטעלט קאָלנערס. — — —

וויפל שטומקייט, ווייטאָג, אין זייערע רויטע הונגעריקע אויגן...

—2—

### שנעער

שיין איז דער טייך ווען די וואַסערן שפּילן אין ווינט מיט נגונים. אָבער שנעער איז דער באַרג לעבן טייך אין זיינע ווילדע פאַרמען! —

פיל שנעער זיינען די מירמלשטיינערנע קאָלאָנעס אויפן שפּיץ באַרג מיטן מעטאַ־לענעם גלאָק. — ניין, שנעער זיינען די קלאַנגען... זיי רופן אַרויס ווידער־קולות אין די פעלדער. —

אַ סך שנעער זיינען די סטייעס פויגל וואָס הויבן זיך פון די קלאַנגען; פויגל קולות, ווינט פון פליגל...

נאָך שנעער זיינען די שאָטנס וואָס שפּרייטן זיך איבער די גראָזן פון די שוועבנדיקע פויגל. — פון די שאָטנס כאַפּן זיך אויף די פליגעלעך אין די גראָזן, די מוראַשקעס.

און די דינע גראָז־איינוואוינער פון פעלד ציטערן ווי אין תפילה...



# אַרויס פון גן־עדן

(אַ מיסטעריע אין בילדער און דיאַלאָגן)

בילד זיבן:

## אַ טאָג אין גן־עדן

פון

## פ. מעלער

אַכציק טויזנט מינים בוימער. אויף יעדן בוים זיין פרוכט. און יעדע פרי פון יעדן מין פרוכט האָט איר אייגנאַרטיקן געשמאַק און איר אייגענעם אינ־דיווידועלן גערוך. צווישן די אַלייעס פון די בוימער פליסן טייכן, פּיעשטשען זיך סאַזעלקעס פון ווייַן, פון מילך, פון האָניק, פון פּאַרפיומירטן בוימאויל, וואָס הייסט אפרסמון.

דער גן־עדן איז אויסגעלייגט אויף פינף בערג, ווי אויף פינף טעראַסעס. איין באַרג איז איבער דעם צווייטן. יעדער באַרג האָט זיין מדרגה און זיין עובדה. דער ערשטער באַרג הייסט „יום שכולו שבת". דער צווייטער באַרג הייסט „שלום". דער דריטער באַרג — „אהבה רבה"; דער פערטער באַרג — „גדול שימוש יותר מלימוד"; דער פינפטער באַרג — „ואני־זאת־בריתי".

אויף דעם ערשטן באַרג שטייט אַ גיגאַנטישע סטאַטוע וואָס שטעלט פאָר מיט זיך דעם הולך תמים ופועל צדק. די פיגור איז אויסגעהאַקט פון מירמל־שטיין. דער פועל האַלט אין האַנט אַ האַמער, וועלכן ער לאָזט אַראָפּ אויף אַ קאַלאָסאַלער קאָוואַדלע אויף וועלכער עס איז אָנגעשריבן: 'סדנא דארעא'. דער האמער שמידט אַן אויפשריפט „הכל־לכל". די פונקען צעפליען זיך אין אַלע זייטן און זיי צייכענען רויט־פלאַמיקע אותיות אויף אַ שוואַרץ־פלאַמיקן פאָן.

אויפֿן צווייטן באַרג שטייט אַ גיגאַנטישע סטאַטוע אויסגעהאַקט פֿון ווייסן מירמלשטיין. זי שטעלט פֿאָר מיט זיך צוויי פֿיגורן, אַ ייד און אַ העלענער. ביידע פּנים צו פּנים, זיי פֿאַראייניקט אַ האַנטדרוק פֿון אַ „שלום־עליכם" אָפּגעבן. ביי זייערע פֿיס ליגט פֿאַרשיידענעס געווער, עס שטייען אויך תּליות, עס געפֿינען זיך דאָרטן אויך געצייג פֿאַר פּייניקונג. די כּלי־זין און כּלי־משחית זיינען צעעסן פֿון ראָסט און צוגעדעקט מיט אַ דיקן שיכט פֿון שטויב. איבער זייערע קעפּ פֿלאַטערט אַ ווייסע פֿאָן. ביי דעם פּיעדעסטאַל פֿון דער סטאַטוע געפֿינען זיך צוויי באַסיינען, אין ערשטן פֿאַרגליווערטע טרערן, אין צווייטן — בלוט. פֿון פֿאָרנט פֿאַר די פֿיגורן שטייט אַ הייכער סטענדער, אויף אים ליגט אַן אָפֿענער בוך, דער בוך פֿון געשיכטע, וואָס וועט אַמאָל געשען. אַ ווייסע האַנט, אין וועלכער עס בלאַנקט אַ קליינע זילבערנע האַק פֿאַרמעסט זיך אויפֿן בוך, ווי עס וואָלט וועלן אויסהאַקן דאָס וואָס איז אָנגעשריבן מיט דער פֿעדער פֿון דער ווייטער צוקונפֿטיקער „געשיכטע".

אויף דעם דריטן באַרג שטייט אַ גרויסע סטאַטויע. זי איז אויסגעהאַקט פֿון פֿאַרנאַכטיקער בענקעניש. זי שטעלט פֿאָר אַ פֿרוי. אַרום איר וואַקסן קלומבעס פֿון רויזן. די האָר זיינען ביי איר שוואַרצע. צווישן די האָר צינדן זיך ליכטיקע שטערן. איבערן קאָפּ שטייט אַ בוים. דער בוים איז באַדעקט מיט גרינע בלעטער און מיט שניי־ווייסע בליטן; און פֿון צווישן די בליטן קוקן אַרויס רויטינקע צייטיקע עפּעלעך. אַ שטילער ווינטל בלאָזט און דער בוים שאָקלט זיך, און צו אירע פֿיס פֿאַלן בלומען און פֿרוכטן.

אויף דעם פֿערטן באַרג שטייט אַ סטאַטויע. זי איז אינגאַנצן בלוי ווי דער תּכלת פֿון הימל. די סטאַטויע שטעלט פֿאָר מיט זיך אַ קינד. אויף זיינע ליפּן שפּילט אַן אייביקער שטראַלנדיקער שמייכל. דאָס קעפּעלע איז באַקרוינט מיט לאָקעלעך. זיי פֿלעכטן זיך אין רינגעלעך. אַרום קעפּל צינדט זיך און לעשט זיך אַן אָרעאָל. ביי זיינע פֿיס ליגט און לאַשטשעט זיך אַ שטילע אידעלע שיין. אין דער רעכטער האַנט האַלט ער אַ פּילקע, אַ מיניאַטור ערד־קוגל, וועלכן ער וואַרפֿט מיט דער רעכטער האַנט און כאַפּט מיט דער לינקער.

אויפֿן פֿינפֿטן באַרג שטייט אַ גיגאַנטישע סטאַטויע. זי שטעלט פֿאָר עמיצן אינגאַנצן פֿאַרפֿלייצט מיט פֿאַרבלענדעדיקן ליכט און אונטער זיינע פֿיס אַ פּיעדעסטאַל פֿון סאַפּירשטיין. אויפֿן קאָפּ טראָגט ער אַ קרוין פֿון גאָלד און אויפֿן שטערן איז אויסגעקריצט זיין הייליקער נאָמען. אין דער רעכטער האַנט האַלט ער די ווייסע טויב פֿון חסד. זי פֿליט אַוועק און קומט צוריק. ביי זיינע פֿיס ליגט אַ שוואַרצער לייב, וואָס לעקט זיי. אַרום די פֿיס דרייט זיך אַ שלאַנג אין וועלכן

ער שיסט אַ פייל פון אַ בויגן, וואָס ער האַלט אין דער לינקער האַנט. די שלאַנג שיפּעט, קאָרטשעט זיך, שיער־שיער פּגר׳ט אָוועק.

פינף ימ׳ען באַוואַשן דאָס וואונדער־לאַנד. דאָס וואַסער פון די ימ׳ען איז העל־בלוילעך. עס שפּיגלט אָפּ דעם ריינעם תכלת פון הימל.

אנוכי, מטרוניתא, ששת ימים תעבוד, נער־בוכה, גוי־קדוש (רופן אויס אין איין קול): אַ פּלאַי־פּלאַים׳דיקעס לאַנד, אַ וואונדערבאַרער גאָרטן.

אין דעם מאָמענט איז צוגעגאַנגען צו זיי אדם, דער איינוואוינער פון דעם גאָרטן, אַ תושב פון דעם לאַנד, און האָט זיי אָפּגעגעבן אַ האַרציקן שלום־עליכם.

דערזעענדיק זיין הויך און משער־זייענדיק אַז זיין גבורה מוז זיין פּראָפּאָר־ציאָנעל צו זיין גרויס, האָבן זיי זיך מער ווי אַביסל דערשראָקן. זיין זאַנפטע שטימע האָט זיי גלייך באַרואיקט.

אדם: פון וואַנענט קומט איר?

אַלע פינף: פון ווייטע מקומות.

אדם: וואָלט איר וועלן אויסזען דאָס לאַנד?

ששת ימים תעבוד, גוי קדוש און נער בוכה: מיר וואָלטן וועלן אויס־פאָרשן דעם וואונדערבאַרן גאָרטן.

(דער אנוכי שמייכלט צו דער מטרוניתא, ווי איינער זאָגט איך וועל ניט אָפּשטיין פון דער קאָמפּאַניע).

אדם: דאָס איז זייער לייכט אויסצופירן. איר קענט באַטראַכטן אונדזער לאַנד און גאָרטן אין פינף טעג. אונדזער לאַנד, ווי אויך דער גאָרטן, איז איינ־געטיילט אין פינף חלקים. ריכטיקער, דאָ זיינען פאַרווירקלעכט פינף האַרמאָ־ניעס. דער סדר האַלט זיך דאָ אויף פינף יסודות.

ששת ימים תעבוד און גוי קדוש: מיר האָבן אַרומגעזוכט אָט־דאָס לאַנד שוין וויפל יאָרן. איז דערלויבט זיך צו באַזעצן אין אָט־דעם לאַנד? לאָזט איר אַריין פרעמדע וואָס קומען פון ווייטע מקומות און נאָך ווייטערע צייטן?

אדם: ביי אונדז זיינען קיין פרעמדע ניט פאַראַן. ביי אונדז זיינען אַלע איי־גענע. אַלע גלייכע באַלעבאַטים. קיינער איז דאָ ניט קיין גאַסט. יעדער פינפלינג וואָס באַוויזט זיך ווערט אויפגענומען מיט פרייד.

ששת ימים תעבוד: אָבער מיר זיינען דאָך אַזוינע קליינינקע...

אדם: דאָ וועט איר אויסוואַקסן.

גוי קדוש: פאַרוואָס דווקא אַ פינפלינג?

אדם: ווייל איינער אָדער צוויי אָדער אַפילו דריי וועלן קיינמאָל דאָס לאַנד ניט געפינען. דער סימבאָל פון לאַנד איז פינף. ווי נאָר פינף קומען זיך צוזאַ־

מען, פאַראייניקן זיך און לאָזן זיך אין וועג אַריין, אַזוי נעמען אַלע וועגן, אַלע שטעגן, פירן גלייך אין אָט־דעם וואונדערלאַנד, אין ארץ־ החיים. איינער וועט אַלע מאָל פאַרבלאָנדזשען. ער וועט זיך דרייען אַהין אַהער און אין צוגעזאָגטן לאַנד וועט ער ניט אָנקומען. דאָס לאַנד ציינט זיך פאַר די בליקן פון פינף, פון פינף־בונד.

גוי קדוש: דערפאַר טאַקע, ווי נאָר מיר זיינען געוואָרן פינף, איז דאָס לאַנד אונדז אַנטקעגן געקומען. אַ מין נס פון קפיצת־דרך האָט געשען.

אדם: עס איז מער ווי אַ קפיצת־הדרך... איך שטיי דאָ אויף דער סאַמע גרענעץ און דערוואַרט די אָנקומער צו זאָגן זיי „ברוכים הבאים".

שר״ת: אַזוי גאָר! איר שטייט דאָ ניט צופעליק?

אדם: מיינע פריינט, אין אונדזער לאַנד זיינען ניט פאַראַן קיינע צופאַלן. אויף אַלץ איז פאַראַן השגחה. איך שטיי דאָ תמיד און דערוואַרט דעם אָנקום. איך שטיי און בין מתפלל אַז מע זאָל אָנקומען אַהער וואָס מערער פון די פאַרצייטיק־צוקונפטיקע צייטן און פינצטער־אומגליקלעכע לענדער.

נער בוכה: קומען אָן פילע?

אדם: היפשע ראַטעווען זיך אַרויס. די צרה איז נאָר וואָס ניט אַלע ווייסן אַז אַהער קען מען אַריינקומען בלויז זאלבעפינפט. און פילע בלייבן אין וועג, גייען אַראָפּ פון דרך הישר, פאַרבלאָנדזשען. פאַרן פינף בונד אַליין שטייט אָפן דאָס לאַנד.

גוי קדוש: און אַז איינער געפינט דאָס לאַנד, קען ער עס שוין מער ניט פאַרלירן?

אדם: עס איז שווער אויף דעם צו ענטפערן. איך האָף, אַז ניט, ווייטער, וואָס קען מען וויסן!

גוי קדוש: קענען מיר בלייבן דאָ אין לאַנד?

אדם: זיכער. אָבער איר דאַרפט זיך באַקענען מיט די פינף אָרדענונגען וואָס הערשן דאָ ביי אונדז אין לאַנד.

שי״ת: זייער גוט.

אדם: אויב אַזוי, קומט מיט מיר. איר קענט מיך פרעגן וויפל פראַגן איר ווילט נאָר אַליין, און איך וועל אייך געבן מיינע דערקלערונגען. אָבער איידער פרעגן און קריגן ענטפערס איז בעסער אַליין זען מיט די אייגענע אויגן. און אַז איר וועט זיך גוט צוקוקן צום לאַנד וועט איר אַליין זיך פאַרענטפערן אַלע פראַגן.

.דער נער־בוכה האָט אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און האָט באַמערקט, אַז אין הימל זיינען דאָ פינף זונען, איין זון גרעסער פון דער צווייטער, און די שיין איז אַזאַ אָנגענעמע. ער האָט זיך פאַרוואונדערט.

נער־בוכה: **זעט נאָר, פריינט, זעט! גאָר פינף זונען. אַלע האָבן גענומען קוקן אויפן הימל.**

שי״ת: **איך בין געווען אַזוי איבעראַשט פון די וואונדער אויף דער ערד, וואָס האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן אַז דעם הימל האָב איך גאָרניט באַמערקט.**

גוי קדוש: **צום הימל קוקן די וואָס האָבן ניט קיין ערד, אָדער וואָס האָבן ניט וואָס צו זען אויף דער ערד... מאָדנע! גאָר פינף זונען!**

שי״ת: **די פינף צאָל איז דאָ אַזוי באַליבט ווי אין חומש די זיבעטע צאָל.**

אדם (שמייכלט): **וואָס איז דער חידוש?! איר דאַרפט וויסן אַז עס איז איצטער גאָר נאַכט.**

שי״ת און גוי קדוש (פאַרוואונדערט): **וואָס? נאַכט? וואָס מיינט איר מיט דעם?**

אדם: **ביי אונדז איז ביי דער נאַכט אַזוי ליכטיק, ווי בייטאָג. ביי אונדז הענגען אין הימל פינף זונען. אַ זון אויף אונדזער לשון מיינט אַ מקויים־געוואָרענער צוזאָג־פאָראויסזאָג פון אַ נביא. און אין דער פורעמונג פון אונדזער לאַנד און זיינע איינריכטונגען האָבן די וויט־צוקונפטיקע פּראָפעצייאונגען פון נביא ישעיה אַ גאַנץ שיינעם חלק.**

גוי־קדוש: **וועלכע פּראָפעצייאונג האָט איר אין זינען?**

אדם: **ער האָט געזאָגט ד״ה ער וועט אין דער ווייטער צוקונפט זאָגן 'און דו וועסט ניט האָבן די זון צו שיינען בייטאָג און די לבנה — ביי דער נאַכט, יהוה וועט זיין פאַר דיר אַן אייביק ליכט'. מיט אַנדערע ווערטער, דער אור הגנוז אין וועלכן יהוה האָט זיך איינגעוויקלט, אָט דאָס איז די שיין וואָס באַלייכט אונדזער לאַנד.**

**די ערשטע זון הייסט ביי אונדז „שבת וינפש". דאָס איז די ערשטע און קלענסטע זון** (אדם ציינט אָן די זון מיטן פינגער).

שי״ת, גוי־קדוש און נער־בוכה: **מיר זעען** (ענטפערן ווי מיט אַ כאָר).

אדם: **אָט־די זון איז די נעענטסטע צו דער ערד. זי איז דער סימבאָל פון יושר־דיקן צעטייל פון אַלע גיטער. און ווען עס פּאַסירט אַז עמיצער באַגייט אַן אומיושר אין דעם תחום פון צעטיילונג אָדער געברויך פון גייסטיקע נכסים, אַזוי קומט גלייך פאַר אַ פאַרטונקעלונג, אַ ליקוי־חמה פון דער ערשטער זון; און די איבעריקע זונען טוען איר נאָך אויס סימפּאַטיע און עס ווערט פינצטערלעך**

אין לאַנד. דעמאָלט קלייבן מיר זיך צונויף און זיינען חוקר ודורש, געפינען אויס דאָס אומרעכט און באַזייטיקן עס, און די זון צעהעלט זיך גלייך איבעראַנייס.

שי״ת: זייער טשיקאַווע.

אדם: דאָס איז גאַנץ איינפאַך: מענטשן וואָס פירן זיך ניט אויף, ווי גע־העריק זיינען ניט ראוי צו געניסן פון דער שיין פון דער זון און אונדזערע זונען זיינען זייער סענסיטיוו.

גוי־קדוש: ביי אונדז פלעגט עפּעס ענלעכעס פאָרקומען. ווען אַ מאַן האָט ניט געפאָלגט בית־דין, פלעגט מען „מעכבֿ־הקריאה״־זיין, ד״ה ניט לאָזן פאָרלייענען די תורה שבת ביים דאַווענען. דער געדאַנק פון דעם: וויבאַלד מע טוט ניט וואָס די תורה הייסט, צו וואָס זאָל מען זי לייענען.

אדם (זעצט פאָרט): ווי נאָר עפּעס איז ווי ניט באַדאַרף צו זיין, אַזוי ווירקט עס אויף דער זון און זי דערקלערט גלייך: „איך קען דאָ ביי אייך ניט שיינען״. און אירע ווערטער צעטראָגן זיך איבערן גאַנצן גאָרטן. זיי צעטראָגט אַ טונקעלער שטורעם. דער שטורעם ברענגט די שלעכטע בשורה צום ים, צום ערשטן ים. ווי נאָר די כוואַליעס דערהערן די רייד פון זייער זון, איז ווי איין איינד שפּרינגען זיי אויף, קומען אַרויף אויפן ברעג און זיי פאַרמעסטן זיך צו פאַרטרינקען אַ פינפטן טייל פון גאָרטן. און דער ערשטער באַרג, וואָס הייסט „יום שכולו שבת״, נעמט ציטערן און אַלץ וואָס עס שטייט אויף אים נעמט זיך וואַקלען און טרייסלען, אָט־אָט פאַלט עס אום, מחמת עס איז אָנגערירט געוואָרן דאָס גלייכ־געוויכט פון לאַנד, די האַרמאָניע איז צעשטערט און עס נעמען זיך הערן ווילדע קולות, אַ יאָמער און אַ התראה, און די סטאַטויע גייט אַראָפּ פון באַרג און דער האַמער גיט זיך אַ הויב אויף איבערן לאַנד, ווי עס וואָלט גרייט געווען און געהאַט בדעה עס צו צעשמעטערן. אין אָט־דער דראָענדיקער פּאָזע גייט די ערשטע סטאַטויע פון איין סטאַטויע צו דער צווייטער אָנזאָגן די שלעכטע נאַכריכט.

שי״ת: פּאַסירט עס אָפט ביי אייך?

אדם: דערווייל האָט עס נאָך קיינמאָל ניט פּאַסירט... דאָס וואָלט דאָך מיינען אַז דאָס לאַנד האַלט ביים אונטערגיין. נאָר עס האָט פּאַסירט שוין עטלעכע מאָל, אַז די ערשטע זון איז אַ האַרעלע טונקעלער געוואָרן. דעמאָלט האָבן זיך צעטראָגן די וואָרנונג־ווערטער איבערן גאַנצן לאַנד און איבערן גאַנצן גאָרטן. אַ פּחד האָט אָנגעכאַפּט דאָס גאַנצע לאַנד און אַלע האָבן זיך באַמיט גלייך איבער־צובעטן די זון וואָס הייסט „שבת וינפש״, בכדי צו באַרויקן דעם ים און צוריק אָוועקשטעלן דאָס לאַנד אויף פעסטע יסודות.

גוי־קדוש: און ווי איז די צווייטע זון?

נער־בוכה: און וואָס מכוח דער פערטער זון?

אדם: די צווייטע, ווי די דריטע, פערטע און פינפטע זון, באַזיצט די אייגענע דינע הרגשה. די צווייטע זון הייסט „שר־השלום". די דריטע זון הייסט „עולמתא" (יונג פרוי) אַנדערע רופן זי אויך „אשת־חיל". די פערטע זון הייסט „מפי עוללים ויונקים". די פינפטע זון הייסט „אני־והוא"...

נער־בוכה: און וואָס פּאַסירט, אַז מע באַליידיקט אַ קינד?

אדם: אויב עס פּאַסירט אַז מע באַ'עוולה'ט אַ קינד און עס וויינט זיך פאַנאַנדער אַזוי גלייך לעשט זיך אויס די פערטע זון און נאָך איר אַלע אי־בעריקע זונען, און די ים'ען גייען אַרויס פון זייערע טיפע ברעגעס, און די בערג נעמען ציטערן און די סטאַטויעס גייען אַראָפּ פון די בערג און עס קומט פאַר אַ ערד־ציטערניש, און עס האַלט דערביי אַז אַלע זיילן פון באַשטאַנד זאָלן איינפאַלן און אַלץ זאָל זיך אומקערן צום תהו־ובהו, צום אייביקן חושך, חורבן, ד"ה הערשאַפט פון שטן.

גוי קדוש: (שרייט אויס דערשראָקן): אַזוי גאָר? אויך דאָ איז מען איז מען מיטן לעבן ניט זיכער!

אדם (צום גוי־קדוש): פאַלט ניט אַריין אין אַ פּאַניק. דאָס האָט נאָך קיינמאָל ניט פּאַסירט, און מיר האָפן אַז עס וועט קיינמאָל ניט פּאַסירן. דאָס לאַנד הענגט אויף פינף האַרמאָניעס, שלום־בית'ן, און יעדער צעש־טער פון שלום־בית איז אַ סכנה פאַרן גאַנצן לאַנד און, ממילא, אויך פאַרן גאָרטן. מיר האָפן, אָבער, אַז דער האַרמאָנישער סדר וועט ניט צעשטערט ווערן און דער שטן מיט זיין כאַאָס וועלן אַהער ניט אַריינקומען.

שי"ת, גוי־קדוש און נער־בוכה: לאָמיר האָפן... וואָס איז דער וואונדער, וואָס מיר שרעקן זיך, מיר קומען דאָך פון אַזעלכע ווייטע צייטן... און עס איז לייכט צו פאַרגעסן אַ פאַרגאַנגענהייט, ס'איז אָבער אומגעהויער שווער אַרויס־צושלאָגן פון קאָפּ אַ צוקונפט. דאָס געדענקט זיך...

אדם: קומט מיט מיר אויסזען דאָס לאַנד. (ער ציינט אָן אויף אַ פּלאַט־פאָרם).

די פּלאַטפאָרם איז געהאַנגען אינדערלופטן. אונטער איר איז ניט געווען צו זען קיין אונטערלענונג. מע קען, באמת, ניט זאָגן אַז זי הענגט, מחמת עס זיינען ניט געווען קיין קייטן, קיין שטריק אויף וואָס זי וואָלט געקאָנט הענגען. זי האָט זיך געהאַלטן, אויף אַ וואונדערלעכן אופן, אויף דעם „בלימה" (אָן־וואָס־עס־איז). די פּלאַטפאָרם האָט זיך אַרומגעוויגט, ווי זי וואָלט שווימען אויף איין פּלאַץ.

קיינער פון דער חברותא האָט ניט געוואָלט פרעגן אדמ'ען אויף וואָס די

פלאַטפאָרם האַלט זיך. זיי האָבן גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אַז אונטער די זונען, וואָס שעפּן זייער שיין פון דעם שם־המפורש יהוה מוזן זיך געפינען פילע בייע זאַכן, וואָס מוזן אויסזען אומפאַרשטענדלעך צו דעם געוויינטלעכן פאַרשטאַנד. זיי האָבן זיך געשטעלט אויף דער פלאַטפאָרם. אָדם איז אויך אַרויף אויף דער פלאַט־פאָרם. זי האָט זיך געגעבן אַ שאָקל. אַ בויג אויף איין זייט, ווי כלומרשט פון געוויכט פון די זעקס פאַרשוינען וואָס אויף איר. זי האָט זיך אָבער אויגנבליקלעך אויסגעגלייכט, ווי קיינמאָל גאָרניט.

אדם: מיר ווילן זיך אַרויפהויבן אויפן ערשטן באַרג. דער באַרג איז אַ מקום קדוש, ער איז אַ „הר־השם"... איך וועל פירזאָגן און איר זאָגט נאָך: 'ווער קען אַרויפגיין אויף דעם באַרג פון יהוה? און ווער קען שטיין אין זיין הייליקן אָרט? דער וואָס האָט ריינע הענט און אַ לויטער האַרץ, וואָס האָט מיך ניט דערמאָנט צום פאַלשן, און ניט געשוואָרן מיט באַטרוג'... (זיי זאָגן אַלע נאָך בציבור). איך ווייס איר זייט אַלע ריין, אָבער בכדי ניט צו ברעכן דעם מנהג, וואָס איז שטאַרקער פון אַ דין, וועל איך דורכמאַכן אָט־די פראָצעדור. איר זאָלט עס אָבער ניט נעמען פאַר אומגוט אָדער, חס־ושלום, פאַר אַ פגיעה בכבוד. איך וויל בלויז ניט מאַכן קיין אויסנאַם און ניט שאַפן קיין פרעצעדענט.

אַלע האָבן אויסגעשטרעקט צו אים זייערע הענט. ער האָט, ווי להבדיל אַ כיראָמאַנט, גוט באַטראַכט זייערע דלאָניעס, געלייענט די אויפשריפטן פון די ליניעס. אַז ער איז געקומען צו דער צאַרטער האַנט פון דער מטרוניתא איז ער אַזש פאַרציטערט געוואָרן און די האַנט פון אנוכי האָט ער זיך אַנטזאָגט צו אונטערזוכן.

אדם: איך דאַנק אייך און בעט אייך מיר נאָכזאָגן וואָרט ביי וואָרט: 'יהוה, ווער קען וואוינען אין דיין געצעלט? ווער קען רוען אויף דיין הייליקן באַרג? דער וואָס גייט ערלעך און טוט גערעכטיקייט און רעדט אמת אין זיין האַרצן. ניט געטראָגן קיין רכילות אויף זיין צונג, ניט געטאָן זיין חבר קיין רעה'.

אַלע האָבן נאָכגעזאָגט. אדם האָט איצטער אַריינגעקוקט אין די הערצער. ער האָט זיך צופרידנגעשטעלט מיט די צוויי קאַרדיאָגראַפס, נעמלעך מיט דעם פון „ששת ימים תעבוד" און "נער־בוכה".

אין דעם מאָמענט, ווי ער האָט געענדיקט די אונטערזוכונג האָט זיך גענומען אַראָפּלאָזן זייער שטיל, הגם זייער שנעל, אַ פויגל, די מצווה פון שילוח־הקן אָנ־געטאָן אין פלייש און פעדערן פון פליגלען. זיי וואָלטן אים ניט באַמערקט, ווען ניט זיין שאָטן, וואָס איז געפאַלן צאַפלדיק־ציטערדיק צו זייערע פיס אויף דער פלאַטפאָרם. כהרף־עין איז דאָס פויגל שוין געווען אונטן. עס האָט צונויפגעלייגט

די פליגלען. צו די פיס איז געווען צוגעבונדן אַ גאַנדאלע מיט זעקס זיצפלעצער. די גאַנדאָלע איז געווען געפּאַרבט אין אַ העל־ליכטיקן קאָליר וועלכער האָט אַזוי שי־מערהירט, אַז עס האָט זיך אויסגעדוכט אַז דאָס שיפל איז געווען צוגעדעקט מיט גלאַנציקע שופן.

אדם : **איצט, רבותי, מיט אייער רשות וועלן מיר זיך זעצן אין אָט־דעם שי־פעלע, און אַרויספליען אויף דעם ערשטן באַרג.**

דער ששת ימים תעבוד, גוי־קדוש און דער נער־בוכה האָבן שטאַרק פחד געהאַט זיך צו זעצן. אָבער זיי האָבן זיך געשעמט אַרויסצואווייזן זייער פחדנות. זיי האָבן זיך איבערגעקוקט אין פאַרלעגנהייט און אָפּגעטראָטן דעם וועג, כלומרשט אויס דרך־ארץ, דער מטרוניתא, וועלכע איז אַריין און פאַרנומען אַ פּלאַץ די ערשטע, נאָך איר איז אַריין דער אנוכי און פאַרנומען זיין פּלאַץ אַנטקעגן איר. די איבעריקע דריי האָט שוין ניט געפּאַסט אָפּצושטיין : דער נער־בוכה איז אַריין זיך אַרומקוקנ־דיק אויף אַלע זייטן, נאָך אים דער גוי־קדוש און צום סוף דער ששת ימים תעבוד.

ווען אַלע זיינען שוין געזעסן אויף זייער פּלעצער איז אַריין אדם און האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי דער רעכטער זייט פון גוי־קדוש.

**כהרף עין האָט דאָס פויגל אויסגעשפּרייט אירע פליגלען און זיך אויפגעהויבן און שטיל אָן רויש און רעש אַוועקגעפלויגן. די לופט, ווייזט אויס, האָט ניט אַרויס־געצייגט קיין ווידערשטאַנד. זי האָט זיך ניט, ווי איר שטייגער איז, געבייזערט, ניט געפייפט ,ניט געקרעכצט, ניט געזיפצט. פאַרקערט, עס האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט געהאַט שטאַרק הנאה פון דעם וואָס דאָס פויגל פליט און גלעט און מאַסאַזשירט זי מיט די פליגלען און רירט זי אָן מיטן גאַנצן קערפּער.**

**ווען זיי האָבן זיך אויפגעהויבן גאַנץ הויך האָט זיך פאַר זייערע אויגן אַנט־פּלעקט אַ באַצויבערנדיקס בילד.**

**אַ ים, אַ בלויער, אַ ריינער. ער לאַסטשעט זיך אין אַ מירמלנעם שויס. זיין קלאָרער שפּיגל רעפלעקטירט פינף זונען. עס קוקט אויס ווי די זונען וואָלטן זיך טונקען אין ים, באָדן זיך און טובל'ען זיך. דער ים פון וואַסער געבוירט אַ ים פון ליכט. אַ הימל שלאָפט, אַ גיגאַנטן־קינד אין אַ גיגאַנטיש וויגעלע. אָט גיט אַ בלאָז אַ ווינטל און דאָס וויגעלע נעמט זיך שאָקלען און עס הערט זיך ווי דער ניגון פון אַ וויגליד. מע פאַרנעמט די ווערטער : „דער ים האָט געזען — איז ער אַנטלאָפן, דער ירדן — האָט זיך אַ קער געטאָן אויף הינטערווייילעכטס.״***

פון־דערווייטנס האָבן זיך באַוויזן די פיר איבעריקע ים'ען. די ים'ען

---

* תהלים קי״ד, ג׳.

שפּיגלען אָפּ דעם תכלית פון הימל און זיי וואַרפן צוריק זייער שיין אויף דעם תכלת המיל, אזוי אַז אין הימל איבער די ימים צייגן זיך שוין דרייסיק זונען, וועלכע שפּיגלען זיך צוריק אָפּ אין די ים׳ען, אין יעדן ים באַזונדער, און די ים׳ען וואַרפן צוריק אָט־די אָפּשפּיגלונגען אין דעם הימל, אַזוי אַז אין הימל שיינען הונדערט פינף און פופציק זונען, און די הונדערט פינף און פופציק זונען פאַלן ווידער צוריק אין די שפּיגלען פון די ים׳ען און ווערן פאַר־כפל׳ט אויף פינף און ווערן צוריקגעשליידערט אין שפּיגל פון בלויען הימל, אַזוי אַז אין דעם הימל ווי אין ים׳ען ווידמען זיך זונען אָן אַ שיעור און אָן אַ צאָל.

און דאָס פויגל מיט די פּאַסאַזשירן אין דער גאנדאלע זיינען געפלויגן צווישן זונען־ים׳ען.

דאָס פייגעלע איז געווען שטיל די גאַנצע צייט. איצט האָט עס אָנגעפאַנגען צו זינגען אַ ליד. עס הערן זיך דייטלעך די ווערטער: „און אַז פאַר דיר וועט זיך טרעפן אין וועג אַ נעסט פון אַ פויגל אויף ערגעץ אַ בוים, אָדער אויף דער ערד, מיט פייגעלעך אָדער אייער, זאָלסטו ניט נעמען די מוטער אינאיינעם מיט די קינדער. אוועקלאָזן זאָלסטו אַוועקלאָזן די מוטער”... ווען עס ענדיקט הויבט עס אָן פונדאָסניי.

די פּאַסאַזשירן זשמורקען מיט די אויגן. זיי זיינען דערשטוינט פון דער פּאַ־נאָראַמע, פון דעם שפּיגלען שפּיל פון דעם הימל, זונען און ים׳ען.

אדם מאַכט אַ קוים מערקעוודיקע באַוועגונג מיט די ליפּן. דאָס פייגעלע מיט דער גאנדאלע נעמט זיך אַראָפּלאָזן אויף אַ פּלאַטפאָרם, וואָס פונקט ווי די ערשטע פּלאַטפאָרמע הענגט זי אויף דעם בלימה.

אדם גייט אַרויס דער ערשטער פון שיפעלע, דערלאַנגט די האַנט דער מטרוניתא און העלפט זי אַרויסגיין. נאָך איר קומט אַרויס דער אנוכי און די אי־בעריקע דריי פּאַסאַזשירן.

ווי נאָר דאָס שיפל איז געבליבן ליידיק, אַזוי האָט דאָס פויגל זיך אויפ־געהויבן און אַוועקגעפלויגן, פאַרשוואונדן געוואָרן אין די ווייטע טיפע הייכן.

אדם. מיר געפינען זיך אַצונד אויף דעם ערשטן באַרג דעם „יום שכלו שבת“. איך זאָג אייך נאָך אַמאָל: „ברוכים הבאים!“ (ער האָט זיך פאַרנויגט).

אנוכי: איך וועל מאַכן אַ פאָרשלאַג, אַזוי ווי מיר זיינען פינף און עס זיי־נען פאַראַן פינף בערג זאָל זיך יעדער פון אונדז אויסקלייבן צו באַקוקן דעם באַרג וועלכער איז אים מער צום האַרצן. און אויף מאָרגן וועלן מיר זיך באַגעגענען און זיך טיילן מיט אונדזערע איינדרוקן.

אדם: איך בין מסכים. עס איז אַ גוטער פאָרשלאַג.

שי״ת: איך בלייב דאָ.

נער־בוכה: איך וויל גיין זען דעם פערטן באַרג.

מטרוניתא: איך גיי זען דעם דריטן.

גוי־קדוש: איך וועל גיין זען דעם צווייטן באַרג.

אנוכי: איך וועל זיך לאָזן גיין זען דעם פינפטן באַרג.

מטרוניתא (צו אנוכי): איך וועל גיין מיט דיר זען „דיין" באַרג און דער־נאָך וועסטו גיין מיט מיר זען „מיין" באַרג.

אנוכי (צו מטרוניתא): איך בין איינשטימיק.

אדם: איך וועל אַרויסרופן פיר באַגלייטער און זיי וועלן אַרויסרופן פיר פייגעלעך מיט שיפעלעך און זיי וועלן אייך אָפּפירן אַהין וואוהין אירווילט גיין.

אנוכי (צו אדם׳ען): דריי באַגלייטערס וועט זיין גענוג. מטרוניתא גייט מיט מיר זען דעם באַרג פון „ואני זאת בריתי" און נאָך מיטאָג וועל איך גיין מיט איר באַזוכן דעם באַרג פון „אהבה רבה".

זיי האָבן זיך גענומען געזעגענען. זיי האָבן באַשטימט זיך צו טרעפן מאָרגן גאַנץ פריביים אַריינגאַנג פון גן־עדן, וואו זיי האָבן היינט באַגעגנט אדם׳ען.

די באַגלייטערס זיינען אָנגעקומען. די שיפלעך שטייען אויף די פּלאַטפאָרמעס. זיי צעזעצן זיך און צעפאָרן זיך.

עס בלייבט אדם דער ערשטער און דער ששת ימים תעבוד.

אדם: אַצונד אז מיר זיינען געבליבן זאַלבעצווייט וועלן מיר אָנהויבן צו באַקוקן דעם „עולם העשייה", וועלכער איז ביי אונדז דער אייגענער וואָס דער „עולם היצירה".

שי״ת (קוקט זיך אַרום, אַ פאַרוואונדערטער און מיט פאַרדרוס וואָס מע מאַכט חוזק פון אים שרייט ער אויס). איך זע דאָ קיינע פאַבריקן, קיינע וואַרשטאַטן. וואו זיינען די הויכע רויכערנדיקע קוימענס?

אדם: ביי אונדז זיינען אַזעלכע געביידעס ניט בנמצא.

שי״ת. און יענע מענטשן וואָס גייען דאָרטן אַרום, ווער זיינען זיי? און אָט־די וואָס זיצן דאָ אין שאָטן פון די בוימער, און ווי עס זעט אויס גיבן אַכטונג אויף עפּעס, זיינען זיי אייערע האַרעפאַשניקעס? איך וועל דיר זאָגן דעם אמת אַז מיר פאַרדריסט וואָס דער געבאָט פון „זעקס טעג אַרבעט" ווערט ניט אָפּגעהיט.

אדם: ביי אונדז זיינען קיין אַרבעטער ניטאָ. מיר האָבן ניט קיין אַרבעט־טעג. איך האָב דאָך דיר געזאָגט אַז דער באַרג הייסט „יום שכלו שבת". דעם פלאַץ פון אַרבעט פאַרנעמט פאַרווילונג, אָנגענעמער צייט־פאַרטרייב, אונטערהאַל־טונג, מיט איין וואָרט שאַפונג, קונסט.

שי״ת: ווי איז עס מעגלעך? (ער צוקט מיט די אַקסלען).

אדם: דו וועסט זען מיט דיינע אויגן, וועסטו זיך דערקונדיקן אַז אַזוי איז עס ווי איך זאָג. דעם גאַנצן טאָג וועלן מיר שענקען אויף באַזוכן דעם „טעמפּל פון שאַפן".

שי״ת: וואו איז דער טעמפּל? איך זע קיין שום טעמפּל, אַזוי ווייט ווי מיין בליק דערגרייכט. איך זע אַרום און אַרום בלויז סעדער, גערטנער און מער קיין זאַך ניט, סיידן דער טעמפּל איז ערגעץ פאַרהוילן צווישן די בוימער צום ניט אַרויסזען.

אדם: קיין אַנדערע טעמפּלען אויסער סעדער זיינען ביי אונדז ניטאָ. אַלץ ווערט ביי אונדז געטאָן אין דרויסן אונטערן בלויען הימל אויף דער פרייער לופט, אין שאָטן פון בוימער. אָט־די געגנט וואָס אַרום דעם באַרג „יום שכּלו שבת" הייסט טעמפּל 'היכל', און אָט־דער היכל איז אַן אָפּטיילונג, אַ פינפטער טייל, פון גן־עדן.

שי״ת: זיינען ביי אייך קיין רעליגיעזע טעמפּלען אויך ניט פאַראַן? דו האָסט דאָך אונדז פריער געזאָגט אַז דער אַרכיטעקט ישעיה האָט מיטגעהאָלפן אין דעם אויפריכט פון דעמדאָזיקן לאַנד, און ישעיה האָט געזאָגט „מיין הויז וועט זיין אַ געבעט הויז פאַר אַלע פעלקער". *

אדם (שמייכלט): בשעת דער אַרכיטעקט ישעיה האָט ביי אונדז געאַרבעט האָט ער אונדז געזאָגט: אַזוי זאָגט דער זיכער (יהוה): 'דער הימל איז מיין שטול און די ערד — מיין פוסבענקל, איז וואָס פאַר אַ הויז וועט איר מיר בויען און וואָס פאַר אַ רו־פּלאַץ?!' **

מיר האָבן ניט קיין ספּעציעלע רעליגיעזע טעמפּלען, מחמת דעם וואָס דאָס גאַנצע לאַנד איז איין בית־המקדש, איין קדשי־קדשים. איין טעמפּל פאַרמאָגן מיר און ער איז ,אין האַרץ פון מענטשן' מיר דינען דאָ ניט צו קיין געטער אָדער צו אַ גאָט־געץ. אויפן פינפטן באַרג וועסטו זען די מעשה מרכּבה און דעם דמות אדם. צו קיין געץ בוקן מיר זיך ניט. מיר דינען צו דעם „אני־והו"...

שי״ת. און וואָס איז מכוח טעמפּלען פון דער וויסנשאַפט?

אדם: דאָס איז ביי אונדז אויך ניט פאַראַן.

שי״ת: היתכן?

אדם: מיר אַנערקענען ניט די ניט־וויסנדיקע וויסנשאַפט מיט אירע אויסגע־

---

* ישעיה נ״ו, ז'

** דאָרט ס״ו, א'.

טראַכטע געזעצן פון דער געטשקע נאַטור, דער ערגסטער „עבודה זרה״. די וויסנ־שאַפט איז אַ געצנדינערישע רעליגיע, נאַר אַביסל אַ יינגערע און אַ גרעבערע, אַ מער מגושם׳דיקע. מיר דאָ אין גן־עדן זיינען אויטאָ־רעליגיעזע מענטשן. מיר גלויבן אין אנוכי און מיר אַנערקענען יצירה און דערפונדשאַפט. מיר האָבן אַ טעמפל פון תפארת שבתפארת. ער געפינט זיך אויף דעם „אהבה רבה״ באַרג. דאָ איז דער „היכל היצירה״ וואָס איז כמעט דאָס אייגענע וואָס דער „היכל האצילות״.

שי״ת: וואָס געפינט זיך אין היכל היצירה, ווי איר רופט אָט־די אָפּטיילונג פון גן־עדן?

אדם: דאָ געפינען זיך אַלע אַנטדעקונגען, אויפטואונגען, דערפינדונגען, וואָס ווערן געמאַכט און ווערן פאַררעכנט פאַר בוצלעכע. — איידער זיך צו אַמפּערן וואָלט זיין אַ סך בעסער צו אונטערזוכן אָט־דעם טעמפל.

שי״ת: זייער גוט.

זיי זיינען אַריין אין גן־עדן.

אדם: מיר זיינען שוין אַריין אין „טעמפל״.

שי״ת: דאָ איז מער בוימער ווי מענטשן.

אדם: דערפאַר הייסט דאָך עס „גאָרטן״. אָבער מיר פאַרמאָגן מער מענטשן ווי דו ביסט משער.

שי״ת: וואו זיינען זיי? פאַרוואָס זעט מען זיי ניט?

אדם: אַנדערע געפינען זיך איבער דער ערד, אין דערלופטן, אַנדערע אונטער דער ערד, אַנדערע אין דער ערד. אַזוי אַז דו זעסט זיי ניט. הגם מיר זעען זיי און זיי זעען אונדז. אונדזערע אויגן זעען פון איין עק וועלט צו צווייטן עק וועלט. מיר זעען אויך אַדורך סאָלידע קעגנשטאַנדן.

שי״ת: וואָס טוען דאָ די מענטשן? איר זאָגט דאָך אַז מע אַרבעט דאָ ניט, איז מיט וואָס פאַרנעמען זיי זיך, מיט וואָס פילן זיי אויס זייער צייט?

אדם: וואָס טוען די מענטשן? אַלץ.

שי״ת: וואָס מיינט „אַלץ״?

אדם: אַלץ וואָס דו זעסט מיט דיינע אויגן, אַלץ וואָס דו הערסט מיט דיינע אויערן, אַלץ וואָס דו טאַפּסט אָן מיט דיינע הענט, אַלץ וואָס דו פאַרזוכסט מיט דיין גומען, אַלץ וואָס דו שמעקסט מיט דיין גערוך, אַלץ, אַלץ איז געשאַפן פון מענטשן. דאָס איז דאָס קיניגרייך פון באַשאַפונג, פון דערפינדונג, די מלכות האדם און „מלכות שדי״. קיין שום נאַטירלעכע זאַך, פּראָצעס אָדער דערשיינונג איז דאָ ניט בנמצא.

שי״ת: וואָס? וואָס מיינסטו? און די בוימער, דער הימל, די ערד?

אדם: אַלץ איז דאָ באַשאַפן אָדער דערפונדן, אָט־די גן־עדן־וועלט איז אונדזער טאַט, אונדזער אויפטו.

שי״ת: און די מענטשן גופא, זיינען זיי אויך דערפונדענע?

אדם: זיי זיינען געבוירענע,ווירקלעכע מענטשן, אויסער די אויטאָמאַטן, די גולם׳ס, וואָס מיר פאַרמאָגן אין גאַר היפשע צאָלן.

שי״ת: וואו געפינען זיך די אויטאָמאַטן?

אדם: זיי געפינען זיך אונטער דער ערד. זיי אַרבעטן דאָרט. זיי באַאַרבעטן דעם רויען שטאָף. אונדזערע מענטשן פאַרנעמען זיך מיט עסטעטיזירן, אינדיווידואַליזירן די פּראָדוקטן.

שי״ת: ווער גיט אַכטונג אויף די אויטאָמאַטן?

אדם: לעבעדיקע מענטשן, דערפינדער און פסיכאָ־אינזשענערן. זיי טראַכטן אַריין, זיי זיינען מכוון זייערע באַפעלן אין אַזעלכע חלל׳ס און זייערע געדאַנקען אָדער כוונות מאַכן טויזנטער אויטאָמאַטן זיך באַוועגן און דורכפירן געוויסע אַרבעטן.

שי״ת: און וואָס קומט דאָ פאַר ווינטער, ווען עס איז קאַלט?

אדם: דאָ איז קיינמאָל ניט קאַלט און ניט הייס. מיר קאָנטראָלירן דעם קלימאַט און וועטער.

שי״ת: ווי אַזוי?

אדם: דאָס איז אַזוי פשוט אַז עס איז ניטאָ וואָס צו ריידן וועגן דעם. מיר קענען געגענערירן אַזאַ היץ אַז אַלץ וואָס דו זעסט זאָל צעשמאָלצן ווערן און פאַרוואַנדלט ווערן אין דאַמף, און, פאַרקערט, אַזאַ קעלט אַז אַלץ זאָל תיכף־ומיד פאַרגליווערט ווערן. און מיר באַשטימען די טעמפּעראַטורן אינפאָראויס אַזוי אַז עס זאָל ניט זיין קיין מאָנאָטאָנישקייט, און דער וועטער זאָל ניט דערעסן ווערן. מיר מאַכן שטורעמס, זאַווערוכעס, האָגל־שלאַקסן, דאָס אַלץ לשם פאַרוויילונג. דאָ ווערט אַלץ דערפונדן. דאָ איז דער פּלאַץ פון „אדם השלם״.

שי״ת: איך הייב אָן צו טראַכטן... (האַקט זיך אָפּ).

אדם: וואָס?

שי״ת: (רויטלט זיך) אַז דו אַליין ביסט אַ דערפונדענער...

אדם (שמייכלט): איך האָב דערוואַרט עפּעס מער, כ׳האָב געמיינט אַז דו וועסט זאָגן, אַז דו נעמסט טראַכטן, אַז דו אַליין ביסט אַ דערפונדענער, אַן אויסגעטראַכטער־צוגעטראַכטער.

שי״ת (לאַכט): אַ טשיקאַוו לאַנד, סי פּלאַי־פּלאַים.

אדם: דאָ זיינען אַפּילו קיין וואונדערס ניטאָ, עס איז גאָר קיין פּלאי־פּלאים. דאָס וואונדערבאַרע איז דאָס סאַמע געוויינטלאַכע. מיר האָבן אָפּגעוואָרפן אַלע גע־זעצן, היפּאָטעזן און לערן פון עבודה זרה וואָס הייסט נאַטור. מיר שאַפן, מיר דער־פינדן. מיר גלויבן אין דער אַלמעכטיקייט פון יצירה און אויפן יסוד פון קרעאַציע דערציען מיר אונדזער יוגנט אויף דעם פערטן באַרג. אַלץ קענען דאָס איז דער הויפּט־אַרטיקל פון אונדזער זעלבסט־גלויבן. מיר האָבן באַפרייט דעם מענטשלעכן זשעני, די קרעאַטיווע כוחות וואָס געפינען זיך אין אים. מיר שאַפן וואונדער. יע־דערער פון אונדז איז אַ בעל־מופת. מיר גלויבן אין נסים. מיר זיינען אַרומגערינגלט מיט נסים ונפלאות אַזוי אַז זיי הערן אויף צו זיין נסים ונפלאות און ווערן עפּעס פּשוט׳עס טאָג־טעגלעכעס. ווער עס קען ניט צייגן קיין וואונדער איז ניט ראוי צו טראָגן דעם נאָמען „אדם", איז ניט ווערט צו לעבן אונטער אונדזערע פינף זונען אויף אונדזערע פינף בערג און פינף ים׳ען. פּונקט ווי אַ מענטש קען פילן, טראַכטן, ריידן, גיין, שטיין, אָטעמען, פּונקט אַזוי איז ער בכוח צו שאַפן וואונדער. מיר שאַפן ניט בלויז ווערטער, געדאַנקען, נייערט שטיקער ממשות׳דיקייט, וועזנטלעכע זאַכן, רעאַליטעט.

שי״ת: און וואָס טוט איר מיט די יעניקע, וועלכע באַזיצן ניט אָט־דעם גע־ניאַלן כוח־היצירה?

אדם: ביי אונדז זיינען ניטאָ אַזעלכע קאַליקעס, פּונקט ווי מיר האָבן ניט קיין מענטשן אָן קעפּ, אָן הויט און ביינער.

שי״ת: זיינען ביי אייך אַלע זשעני׳ס?

אדם: יע, אַלע גאונים, אָבער ביי אונדז זיינען זיי געוויינטלעכע מענטשן.

שי״ת: עס איז אומגלויבלעך. איך קען אין דעם בשום־אופן ניט גלויבן סיידן דו וועסט עס מיר באַווייזן באַשיינפּערלעך.

אדם: וועלכע באַווייזע דאַרפסטו האָבן? זעסט דאָך אָט־דעם גאָרטן און איך ענטפער דיר אויף אַלע דיינע פראַגן, און וואָס נאָך קען איך טאָן און איך. טו ניט דיך צו איבערצייגן.

שי״ת: זאָג מיר, כ׳בעט דיך, וויפל טעג אין וואָך און וויפל שעה אַ טאָג דאַרפט איר אַרבעטן בכדי אויפצוהאַלטן אייער עקזיסטענץ און זיין אימשטאַנד צו באַפרי־דיקן אייערע באַדערפענישן?

אדם: דאָס איז אַ מאָדנע פראַגע. וואָס מיינסטו ביי „אויפהאַלטן אונדזער עק־זיסטענץ"? ווען מיר טוען, בפועל ממש, גאָרניט אין אַ משך פון אַ הונדערט טויזנט יאָר וואָלטן מיר נאָך אַלץ געקענט לעבן אין גרעסטן לוקסוס. מיר האָבן זאַפּאַסן אָנ־געגרייט, וואָס קענען אונדז קלעקן אויף דורות און דורות. ווען דאָס

וואָלט ניט געווען דער פאַל, וואָלטן מיר זיך קיינמאָל ניט דערלויבט צו האָבן קינ־דער. וואָס פאַר אַ זינען האָט עס צו געבוירן אַ נייעם דור און ניט פאַרזאָרגן אים איינ־פאַראויס מיט אַלץ וואָס ער, און פילע־פילע דורות וואָס וועלן אַרויסקומען פון אים, וועט דאַרפן און וועלן האָבן. ביי אונדז זיינען די צוקונפטיקע גענעראַציעס באַזאָרגט מיט אַלדאָס גוטס אַזוי אַז זיי זאָלן ניט דאַרפן טראַכטן וועגן קומענדיקן טאָג ניט פאַר זיך, ניט פאַר די נאָכפאָלגנדיקע דורות.

און ווי אַזוי וואָלטן מיר גאָר געקאָנט לעבן פריי, ווען אונדז וואָלט געפּייניקט דער באַוואוסטזיין, אַז אונדזער אַרבעט איז נויטווענדיק פאַר אונדזער אויפהאַלט. אָט־דער פאַר׳חושכ׳טער באַוואוסטזיין וואָלט שוין געמאַכט פון אונדזער פרייער פאַרוויי־לונג־באַשעפטיקונג אַ לאַנגווייליקע צוואַנג־אַרבעט און עס וואָלט אונדז פאַרפינצ־טערט און פאַרביטערט די טעג און די יאָרן.

שי״ת: אויב דאָס איז די לאַגע, איז צוליב וואָס אַרבעט איר, בכלל?

אדם: צוליב דעם פאַרגעניגן פון זיין פאַרטאָן, פאַר׳עסק׳ט. ביי אונדז איז פאַרוויילונג־אַרבעט אַ זעלבסט־צוועק. מיר דינען צום זעלבסט. ביי אונדז איז אַלץ זעלבסטיק, אויטיק, אָדער זעלבסטלעך. יעדע זאַך ווערט געטאָן צוליב דער זאַך אַליין, לשמה, פאַר דעם אייגענעם תכלית, ניט אום צו דערגרייכן, קריגן עפּעס אַנדערש. ביי אונדז פאַרנעמט דאָס וואָרט זעלבסטיק דעם געצנדינערישן וואָרט „נאַטירלעך״ און „געטלעך״.

שי״ת: ווי איז עס מעגלעך? אויב אַזוי פאַרמאָגט איר ניט קיינע מיטלען, נייערט דורכאויס צוועקן.

אדם: ניט קיין צוועקן, נייערט זעלבסט־צוועקן

שי״ת: ווי קען עס געמאָלט זיין?

אדם: זעסט דאָך...

שי״ת: איך זע גאָרניט. איך הער בלויז וואָס דו זאָגסט מיר. איך בין ניט מחוייב צו גלויבן אין אַזעלכע סיפּור־נפלאות אויפן וואָרט. עס קלינגט ווי מופתים פון אַ מיליאָן און איין נאַכט אָדער ווי מעשיות פון רבה בר־בר־חנא, וועלכע וועלן אַמאָל דערציילט ווערן.

אדם: בין איך שולדיק אין דעם וואָס דו זעסט ניט, כאָטש דו האָסט אַ פּאָר אויגן און, אין פלוג, האָסטו יע געדאַרפט זען. דו ביסט אין דער בחינה פון „זיי האָבן אויגן און זעען ניט...״ וועגן וועלכע דער תהלים־זינגער זינגט...

שי״ת: מעג מען, קען מען זיך אַרונטערלאָזן אונטן און זען ווי די אויטאָ־מאָטן, די „מלאכי־השרת״ ווי דו רופסט זיי, אַרבעטן?

אדם: פאַרוואָס ניט? ביי אונדז זיינען קיינע אוממעגלעכקייטן ניט פאַראַן. ווי נאָר עס באַווייזט זיך אַ פאַרלאַנג, אַזוי איז שוין פונפאַרדעם צוגעגרייט די מעג־לעכקייט אים צו באַפרידיקן.

שי״ת: איך וואָלט גריילעך וועלן זען די אויטאָמאַטן ווי זיי אַרבעטן אונטן, ווייל דאָ אויבן זע איך דאָך גלאַט גאָרניט. די זונען שיינען, — אָבער ווער מאַכט זיי שיינען. די בוימער וואַקסן, בליען, הויכן אַרויס אָן אַ שיעור אנגענעמע גערוכן פון בשמים, — אָבער ווער, ווען און ווי אַזוי, פלאַנצט זיי, פלעגט זיי, באַשפּריצט זיי, שניידט זיי אַרום?

אדם: דאָס וועל איך דיר באַלד צייגן.

אדם איז צוגעגאַנגען צו אַ בוים, גענומען אין האַנט אַ צווייגל און האָט זיך שטאַרק פאַרטראַכט, און אפשר, האָט געמורמלט די ווערטער „און עס וועט פאַנאַנ־דערעפענען די ערד איר מויל,* און צו זייערע פיס האָט זיך געגעבן אַ פראַל אויף אַ טיפע גרוב. ששת ימים תעבוד איז אָפּגעשפּרונגען אַ דערשראָקענער.

אדם (לאַכט גוטמוטיק): האָב קיין מורא ניט. די ערד וועט אונדז ניט איינ־שלינגען. דו, אפנים, קענסט גוט דעם חומש און די מעשה־קרח האָט דיר געגעבן אַ מיניע פאַר די אויגן... מיר וועלן זיך גלייך אַרונטערלאָזן.

שי״ת: ווי אַזוי?

אדם: וואָס מיינט אַרונטערלאָזן זיך? דאָס מיינט פליען, אַרויף צי אַראָפּ איז בלויז אַ פראַגע פון ריכטונג, אין אַזאַ ריכטונג אָדער אין אַ קעגנגעזעצטער ריכ־טונג. אין תוך איז עס פליען און מער קיין זאַך ניט.

אַ פייגל האָט זיך באַוויזן און צו אירע פיסלעך איז געווען צוגעבונדן אַ גאָנ־דאָלע. אדם און ששת־ימים תעבוד האָבן זיך אַריינגעזעצט, און דער פייגל האָט זיך גענומען און תיכף ומיד אַראָפּגעלאָזן.

שי״ת (דערשראָקן): מיר פליען אין אַן אָפּגרונט אַריין?

אדם (מיט אַ באַרואיקענדיקן טאָן): אָן שרעק. דו זעסט דאָך אַז דאָס פייגעלע פליט זיך גלייך און שטיל און עס קימערט אים גאָרניט דער „אָפּגרונט", ביסטו שוואַ־כער, שרעקעדיקער פון אַ פייגעלע.

ס'איז געוואָרן ליכטיק.

שי״ת: פון וואַנענט קומט די ליכטיקייט?

אדם: איז זי אנגענעם?

שי״ת: יע, ווי די שיין פון טאָג.

---

* במדבר ט״ז, ל׳

אדם: וואָס נאָך זעסטו?

שי"ת: אַזאַ רחבות, בערג, טאָלן אויך פלאַכלאַנד, און דאָרטן ציגט זיך אַפילו אַ וועלדל.

אדם: איז דאָך גוט.

חער פייגל האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ פלאַטפאָרם וואָס איז געהאנגען אויף פיר קייטן פון בלימה.

זיי זיינען אַרויס.

אדם: אַצונד געפינען מיר זיך אונטער דער ערד.

שי"ת: וואָס מיינסטו? איך זע דאָך איבערן קאָפּ איז אויסגעשפרייט דער הימל און אין הימל איז אַ זון פאַראַן. שיינט די זון אויך אונטער דער ערד?

אדם: דאָס איז דער עולם התחתון. די ערד איז אויך אַ דערפונדענע, אַ באַ־שאַפענע, נאָר זי איז פון אַ מער נידעריקער מדרגה און אַ מער פשוט'ער קוואַליטעט.

שי"ת: דאָס איז פאַנטאַסטיש.

אדם: אויב דו ווילסט דווקא, זאָג אַז עס איז פאַנטאַסטיש. איך זע אין דעם קיין פאַנטאַסטישקייט ניט. איך האָב דאָך דיר געזאָגט גלייך פונאַנהויב, אַז מיר האָבן זעלבסט־באַשאַפן אונדזער זעלבסט־וועלט, אונדזער זעלבסט־געזעלשאַפט. אַלץ וואָס דו זעסט אין אונדזער זעלבסט־וועלט, אַלץ וואָס דאָ געפינט זיך, אַלץ וואָס רינגלט אונדז אַרום פון אַלע זעקס טיילן, זאָגט צום מענטשן: דו ביסט אַלמעכטיק, דו ביסט דער באַשאַפער פון אַלץ. דאָס אַלצמיטאַנאַנדער איז די טואונג פון דיינע הענט: סיי די ערד, סיי דעם הימל, סיי דעם ים האָסטו געמאַכט מיט דיינע צען פינגער, מיט דיין שעפערישן גייסט.

שי"ת: דאָ קען מען זיך אַפילו ניט וואונדערן. דאָס איז טאַקע דער גרעסטער וואונדער פון דעמדאָזיקן לאַנד. אָבער נאָך אַ גרעסערער וואונדער וואָלט זיין, ווען איר איינוואוינער פון דעם וואונדערלאַנד וואָלט נאָך דערצו אויך קענען זיך וואונדערן.

אדם: איך וואונדער זיך שוין: דו האָסט דאָך דערוויילן נאָך גאָרניט געזען און דו ביסט שוין אַזוי נתפעל געוואָרן. וואָס איז דער מער מיט דיר? דיין וואונ־דערן זיך איז פאַר מיר דער גרעסטער וואונדער.

שי"ת: איך קוק, איך זע מיט די אויגן, און זע גאָרניט, ווייל, משמעות, זען אַליין איז ניט גענוג. מע דאַרף באַגרייפן, פאַרשטיין וואָס מ'זעט, אַניט איז דאָס זען אַן טעם און איז ערגער פון געוויינטלעכער בלינדקייט. (בייט דעם טאָן) אָבער וואו זיינען די אויטאָמאַטן וואָס דו האָסט מיר צוגעזאָגט צו ציגן?

אדם: קום, איך וועל זיי דיר ציגן.

שי"ת: איך בין אין דיין רשות, גרייט צו טאָן אַלץ וואָס דו וועסט מיר הייסן,

**און גיין וואוהין דו וועסט מיך פירן.**

זיי זיינען אַוועק. זיך אויפגעהויבן אויף אַ בערגל, דערנאָך זיך אַראָפּגעלאָזט אין טאָל.

אדם : **זעסט ?** (ער ווייזט מיט דער האַנט צו מזרח־זייט) **דאָרט שטייען שרענגעס מענטשן און אַרבעטן. פונווייטן זעען זיי אויס צו זיין מענטשן, פוננאָענטן וועסטו זיך איבערצייגן אַז זיי זיינען אויטאָמאַטן.**

שי״ת : **לאָמיר צוקומען נעענטער.**

אדם : **קום.**

(גייען צו).

שי״ת : **יע, איך זע. פון וואָס זיינען זיי געמאַכט ?**

אדם : **פון אַ נייעם מין מעטאַל, וועלכן מיר רופן „תרשיש״.**

שי״ת : **וואָס פאַר אַ מעטאַל איז „תרשיש״ ?**

אדם : **אַ נייער מעטאַל געמאַכט לויט אַ נייער פאָרמול. עס איז אַ געמיש פון מעש, גאָלד און שטאָל. עס איז זייער אַ שטאַרקער מעטאַל. ער ראָצט ניט, ער רייבט זיך ניט אויס, נוצט זיך ניט אָפּ. ער ברעכט זיך ניט און בויגט זיך ניט. ער האָט קיין מורא ניט פאַרן רעגן און ווינט. כאָטש זיי שטייען אונטער דעם אָפענעם הימל, אַרבעטן זיי אין אַ שיינעם וועטער אַזוי גוט ווי אין אַ שלעכטער פאַגאָדע.**

שי״ת : **וואָס טוען זיי ?**

אדם : **זיי טוען אַלץ, אַלע מלאכות און אַלע אַרבעטן.**

שי״ת : **ווי טוען זיי עס ?**

אדם : **קוק זיך צו, וועסטו זען.**

שי״ת : **ווער גיט זיי ענערגיע זיך צו באַוועגן ?**

אדם : **דאָ דאַרף מען ניט קיין ענערגיע אום זיך צו באַוועגן. באַוועגונג איז דער נאַטירלעכער צושטאַנד. „נאַטירלעך״ אַזוי צו זאָגן, איך געברויך אַ געצנדינערישן אויסדרוק. מיר האָבן דערפונדן דעם פערפעטום מאָביל, די אייביקע אורשפּרינגלעכע באַוועגונג. ביי אונדז פאָדערט זיך אַ קראַפט בכדי אָפּצושטעלן די באַוועגונג פון אַ קערפּער און האַלטן אים אין אַ צושטאַנד פון רואיקייט.**

שי״ת : **איך פאַרשטיי ניט וואָס דו זאָגסט.**

אדם : **סי איינפאַך, מיר זוכן ניט קיין באַוועגער. וואָס מיר דאַרפן האָבן איז באַרוערס, באַרואיקערס, זיי זאָלן צוהאַלטן דעם קערפּער און אים ניט לאָזן זיך אַוועקבאַוועגן. דערפאַר זיינען אַלע אונדזערע איינריכטונגען אינגאַנצן אַנדערש, ווי דו שטעלסט זיך פאָר.**

שי״ת : **וואו זיינען אייערע איינריכטונגען ? איך זע קיין זאַך ניט.**

אדם: עס איז ניטאָ וואָס צו זען. דאָ ווערט אַלץ געטאָן עפּעס ווי פון זיך אַליין, לויט דעם פּרינציפּ פון זעלבסט־טואיקייט.

שי״ת: איך זע דאָ ניט קיינע מאַשינען אויסער די פּאָר מענטשעלעך, וואָס דו רופסט אויטאָמאַטן.

אדם: מיר דאַרפן ניט האָבן קיינע האמעטנע מאַשינען אויך קיינע געווערק־צייג. אין דער ערד געפינט זיך אַ באַטערייע — דאָס איז אַלץ.

שי״ת: דערקלער מיר ווי אַזוי עס אַרבעט ביי אייך.

אדם: דו זעסט דאָך אַז מיר האָבן דאָ פון כל טוב. דאָרט (צייגט מיט דער האַנט צו מערב) הויכט זיך אַ באַרג פון גאָלד, און דאָ צו צפון איז דער באַרג פון זילבער.

שי״ת: אָבער דערקלער מיר, פונוואַנענט קריגט איר עס? וואו נעמט איר עס? ווי אַזוי פּראָדוצירט איר עס?

אדם: דו בעטסט פון מיר דערקלערונגען פאַר יעדער זאַך, בעת מיר האַלטן ניט פון דער נאַאיווער וויסנשאַפטלעכער דיסציפּלין, וועלכע דערקלערט מיקלאָמ־פּערשט אַלע דערשיינונגען אָדער פּלייסט זיך צו דערקלערן. צו וואָס טויגן דיר די דערקלערונגען און טעאָריעס, דער עיקר איז וואָס אַלץ איז ביי אונדז ווי עס באַ־דאַרף צו זיין, על צד היותר טוב. איך קען, אויב דו ווילסט, באַשרייבן פאַר דיר אונדזערע מעכאַניזמען. אָבער איך האַלט אַז עס איז איבעריק. וואָס איז דאָ פאַראַן צו באַשרייבן? אַ שרייפעל — אַהער, אַ שרייפל — אַהין, און יוצא. עס אַרבעט אין דער אונטער שורה בלויז דערפאַר, וואָס מיר גלויבן אַז עס אַרבעט. יענער באַרג איז פון גאָלד, ווייל מיר גלויבן און זאָגן אַז ער איז פון גאָלד; אַזוי איז מיט יעדער זאַך.

שי״ת: ווי איז עס מעגלעך?

אדם: זעסט דאָך, פון דער אַנדער זייט, עס איז דען פאַראַן אַזאַ זאַך וואָס איז אוממעגלעך. אַלץ איז מעגלעך, און וואָס עס איז באמת אוממעגלעך איז דאָך עס בכלל ניט בנמצא און עס איז גאָר ניט שייך צו זאָגן וועגן דעם אַז עס איז אוממעגלעך. מיר גלויבן אין נסים, און נסים פּאַסירן, ניט יעדן טאָג, ניט יעדע שעה, נאָר יעדע סעקונדע. זיי פּאַסירן, מחמת מיר גלויבן אין דער מעגלעכקייט פון דער פּאַסירונג.

שי״ת: ווי לאַנג אַרבעטן די אויטאָמאַטן?

אדם: פינף שעה אַ טאָג, פינף טאָג אין דער וואָך.

שי״ת: און ווען ציט מען זיי אָן?

אדם: איין מאָל אין פינף טויזנט יאָר.

שי״ת: אַזוי גאָר! וויפל טעג האָט איר אין דער וואָך?

אדם: פינף.

שי״ת: **וויפל וואָכן אין חדש?**

אדם: **פינף.**

שי״ת: **וויפל חדשים אין יאָר?**

אדם: **פינף. ביי אונדז איז פינף דער באַליבסטער ציפער.**

שי״ת: **דאָס האָב איך גלייך אויפגענומען, מיר זיינען דאָך אָהער אויך גע־קומען זאלבעפינפט.** (נאָך אַ קורצער פויזע) **וויפל אויטאמאַטן באַזיצט איר?**

אדם: **בערך אַ צוויי ביליאָן. זיי אַרבעטן טאָג און נאַכט, נאָר זיי בייטן זיך אַלע פינף שעה.**

שי״ת: **און וויפל מענטשן פון אייעריקע גיבן אויף זיי אַכטונג?**

אדם: **פינף.**

שי״ת: **און דאָס איז גענוג?**

(המשך קומט)





# אברהם לאַכט פון קאַלד־אויוון אַרויס

פון
בצלאל פאַרגמאַן

„פרעג דעם אַנטלאָפענעם און אַנטרונענעם,
זאָג: וואָס איז געשען?
צושאַנד געוואָרן איז דייטשלאַנד
וואָרים זי איז צעבראָכן געוואָרן;
יאָמערט און שרייט,
זאָגט אָן אין לאָנדאָן
אַז פאַרוויסט געוואָרן איז דייטשלאַנד
און אַ משפט איז געקומען אויף דעם לאַנד פון פלוין;
אויף האַמבורג, און אויף דאַנציק, און אויף יענע;
און אויף מינכען, דאַכאו, נירנבערג, בערכטנסגאַרדן,
און אויף בערלין, און אויף אַלע שטעט פון לאַנד — דייטשלאַנד —
די ווייטע און די נאָנטע.
פאַרשניטן געוואָרן איז דער האָרן פון דייטש
און זיין אָרעם איז צעבראָכן געוואָרן,
זאָגט גאָט.
פאַרשיכורט אים,
וואָרים קעגן גאָט האָט ער זיך געגרויסט;
און דייטשלאַנד וועט זיך אָנשטאָפּן מיט איר מייקעניש,
און דער דייטש וועט אויך צום געלעכטער ווערן.
וואָרים איז ניט אַ געלעכטער געווען ישראל?

צי איז ער צווישן גנבים געפונען געוואָרן,
וואָס ווען נאָר דו האָסט גערעדט פון אים,
פלעגסטו זיך אויפטרייסלען?
פאַרלאָזט די שטעט, און רוט אין פעלז,
באַוואוינער פון דייטשלאַנד,
און זייט ווי אַ טויב וואָס טוט נעסטן
ביי די ראַנדן פון דעם מויל פון אַ גרוב.

— — — — — — — — — — — — — — —

און דער דייטש וועט ווערן צו געלעכטער און צו שרעק
פאַר אַלע זיינע אַרומיקע". — (לויט ירמיה מ"ח).

און וואָרום האָבן די מענטשן פון מואב־דייטשלאַנד נישט געזען און נישט געהערט דאָס וואַקכאַנאַליע שפּיל פונעם בייזן־כיטרען מעפיסטאָפל, וואָס האָט מיט זיין אָפּשיילעך צינישן געלעכטער זיי גערייצט און גערעגט אויסצופאָלגן אַלע גרויל־טאַטן, און דורך דעם זיי געשליידערט אינעם טיפן אָפּגרונט פון כף־הקלע.

וואָרום האָט יענער ציטער פון דעם שוואַכן, קראַנקן קינד, ווען ס'איז אָפּ־געריסן געוואָרן פון מוטערס ברוסט, און אכזריות'דיק לעבעדיקערייט אין ברענ־ענדיקן קאַלך־אויוון געוואָרפן געוואָרן; אָט יענער גסיסה געשריי פון צאַפּלדיקער מאַמע און קינד, וואָס האָט בערג צעטרייסלט, הימלען געשפּאָלטן, וואָרום האָבן זיי דאָס נישט געזען, נישט געהערט?

פאַרוואָס האָט דאָס ניט די בלוטן אין זייערע אָדערן פאַרגליווערט?

זיינען זיי געשטאַנען אין קאַלט־בלוטיקן געלעכטער, פונקט אַזוי ווי דעמאָלט, ווען די שוואַרצע ערד האָט זיך כוואַליעדיק געהויבן איבער די בערג הרוגים, וועלכע זיינען נאָך לעבעדיקע דאָרטן געלעגן אײדער זיי האָבן זייער לעצטן אָטעם־צוג אויסגעהויכט.

— איז ער, דער מאָדערנער אורוואַלד־מענטש, געשטאַנען און סאַדיסטיש זיך געקוויקט מיט דעם דאָזיקן בייזן שפּיל; אָבער זיי האָבן נישט געזען ווי מעפיס־טאָפל שטייט אין קראַמפּן געבויגן, און ציניש צישעט ער, ווי אַ גיפטיקע שלאַנג אַרויס דורך זיינע געל פאַרזשאַווערטע ציין אָט דעם דאָזיקן ביטערן גאַלגאַנישן געלעכטער, און כאָרכלט דאָס קאָנוואולסנדיק אַריין גלייך צו זיי אין זייערע בעס־טיאַלישע געזיכטער...

דאָ איז מאַידאַנעק! שרייט ער אויס אין זיין באַפעל; און דאָ איז טרעב־לינקע!! שטורמט ער ווי אַן אויפברויזנדיקער וואולקאַן; טויטע! — לעבעדיקע!

— אַלע! אַלע! — ברענט! — ברענט! — זאָל ברענען דער מענטש!! כאַ־כאַ־כאַ... זאָל ברענען דער מענטש!!! — — — —

— — — ברענט!! — — — ברענט!!! — — — — — — — — — — —

און זיי, די, וועלכע האָבן געלערנט אין שולן, אין אוניווערסיטעטן, — גע־שאַפן ציוויליזאַציע און קולטורעלע ווערטן; זיי, די געלערנטע און וויסנשאַפט־לער, פּראָפעסאָרן און דענקער; זיי, די גערייניקטע און די געקליבענע ראַסע, זיי, די איבער־מענטשן; זיי, וועלכע זיינען געקומען מיט אַ נייער מיסיע, מיט אַ נייער אָרדנונג פאַר דער צוקונפטיקער מענטשהייט; זיי האָבן מיט פלייס און אייפער אויסגעפאָלגט דעם באַפעל פונעם אשמדאי און — נישט געזען זייער אייגענע דער־נידערונג, אייגענע געפאַלנקייט, אייגענע פאַרשעמונג, און נישט געהערט ווי דער טייוול לאַכט...

שטייט ער, דער אשמדאי און קייכט אין זיין ספּאַזמירנדיקן געלעכטער: — איר ווילט דאָס באַווייזן דער וועלט אַז איר זיינט דער בחיר היצורים, די אויס־דערוויילטע פון אַלע באַשעפענישן — פון אַלע פעלקער?...

— איר?! — פרעגט ער מיט סאַרקאַסטישן שפּאָט, און — קייכט; לאַכט...

און דער ייד, דער, וואָס איז דער הויפּט מחותן אין דער דאָזיקער וועלט דראַמע... אין דער ווילדער וואַקכאַנאַליע, אין דעם בייזן ספּעקטאַקל, אויך ער לאַכט; לאַכט און וויינט; וויינט און לאַכט.

ער וויינט אויף וועלטס בראָך; אויף דער אייביקער קללה, וואָס האָט זיך גע־לעגט ווי אַ שווערע האַנט אויף דעם בן אדם נישט צו לאָזן אים פאַרמיידן די פאַר־טיליקונג פון זיין אייגענעם ברודער...

ער וויינט מיט דעם געיאָמער פון יענער הילפלאָזער מוטער מיט איר אומ־גליקלעך קינד; ער וויינט אויף יענע קברים בערג פון יענע לעבעדיקע־טויטע...; און ער לאַכט אויף דער פאַרשעמונג פון זיינע פאַרשעמער; אויף דער פאַרווירונג און פאַרפירונג פון די געלערנטע, די איבער־מענטשן, פון זייער נאַרישן שכל נישט צו וויסן און נישט צו פאַרשטיין, אַז דער רשע פאַלט תמיד אין זיינע זינד, און מיט זיין פאַרשעמונג פון צווייטן — דערנידעריקט ער זיך זעלבסט.

אַ געלע לאַטע, זאָגט דער ייד, האָסטו מיר אָנגעטאָן בכדי מיך צו פאַרשע־מען, ווי איז דיר! ווינד און ווי צו דיר, בן אדם!...

קוק זיך אַיין אין שפּיגל און דו וועסט דערזען יענעם אַלטן קין־צייכן, ווי ער איז היינט נאָך אַזויפיל טויזנטער יאָר נאָך שאַרפער, בולט'ער אויסגעקריצט אויף דיין מערדער־שטערן!...

קין! ברודער קין! דאָס בלוט פון דיין ברודער, פון דעם ערשטן ברודער דיינעם, הבל האָט ער זיך גערופן, נאָך היינט שרייט אַלץ נאָך זיין פאַרגאָסן בלוט: מערדער! האָסט גע׳הרג׳עט דיין ברודער!

און אַלע, די אַלע אין מאַסן אויסגעקוילעטע, שוין מיט פאַרשיידענע נעמען, און פאַרשיידענע צייטן... זיי אַלע שרייען אויך באַזאַמען ווי אין איין כאָר: מערדער! מערדער! מערדער! דאָס איז דאָס בלוט פון דיינע ברידער וואָס שרייט צו דיר... ברודער־מערדער!!

טאָ ווער איז דער פאַרשעמטער?!... — — —

און אָט דער קין צייכן, דער שאַנד־פלעק אויף דיין שטערן, וועט שטענדיק מיט פאַרשעמונג דיך פאַרפאָלגן ביז די חיה וועט אַרויס פון דיר, דערוויל פאַרשאָלטן און פאַרשפּאָט זאָלסטו זיין!

קין! איך לאַך פון דיר און פון דיין פאַרשעמונג.

אַזוי שטייט דער ייד אַ צעוויטיקטער, אַ צעפּייניקטער, אַ געבויגענער, אַ צע־בראָכענער, אַ פאַרווייניטער און — לאַכט...

היתכן? פרעגט זיך מיט שטוינען. איז אַזעלכעס מעגלעך? קאָן אַזעלכעס פּאַסירן?

זיי קאָנען עס זיך מיט זייער גראָדן פאַרשטאַנד גאָרנישט משיג זיין: ווי קאָן אַ מענטש לאַכן אין אייגענע יסורים, געפינענדיק זיך אין אַזאַ גרוילהאַפטיקן צושטאַנד ווי מיר יידן לעבן?; אויף פרעמדן פּיין זיך אויסלאַכן, מיט יענעמס מאַטערניש זיך קוויקן — יאָ, אָבער נישט אויף אייגענעם אומגליק, אויף אייגענער דערשלאָגנקייט, אויף אייגענער פאַרשעמונג...

זיי קאָנען עס נישט פאַרשטיין, נישט דער קריגער אויף דעם שלאַכטפעלד, נישט דער אַרבעטער ביי זיין ווערקשטאַט, נישט דער דיפּלאָמאַט אין זיין קאַבינעט צימער און נישט דער שרייבער מיט דעם פעדער ביים שרייב־טיש... דער איד — יאָ.

דער ערשטער ייד אברהם, וואָס איז שוין מיט אַזויפיל הונדערטער דורות צו־ריק געשליידערט געוואָרן אינעם ברענענדיקן קאַלך־אויוון, זאָל זיך עס געוועזן רופן „דער שייטערהויפן פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע" צי מיט דעם מאָדערנעם נאָ־מען פון אונדזער צייט, אָדער — מיט אַן אַנדער שוואַרצן־וויסטן נאָמען, אַלץ איינס, פון דעם ערשטן טאָג ווי נאָר ער האָט פאַרקונדיקט פאַר זיך און פאַר דער וועלט זיין נייע אָנגעצייכנטע ליניע, די נייע שיטה: „יידישקייט" — ביז היינטיקן טאָג ליגט ער נאָך אַלץ כסדר, אין קאַלך־אויוון פון אור־כשדים ברענט און בראָט זיך און ווערט ניט פאַרברענט.

דעם ייד וועמען ס׳איז אויסגעקומען שוין טויזנטער יאָר צו וואַנדערן איבער אַלע גרענעצן, איבער אַלע עקן פון דער גאָרער וועלט; ישראל סבא, וואָס האָט מיט עקשנות׳דיקן כוח אויסגעפּאָלגט יענע מיסטעריעזע שטימע, וואָס האָט אים באַפוילן צו נעמען דעם וואַנדער-שטאָק און: „לך-לך!״ — — — גיי און וואַנדער! וואו דו וועסט טאָגן, דאָרט וועסטו נישט געפינען דיין געלעגער; און דיין געבוירן אָרט וועט קיינמאָל נישט זיין דער געזיכערטער פּלאַץ פאַר דיינע קינדער... ער, דער ייד קאָן יאָ פאַרשטיין דאָס דאָזיקע בייזע געלעכטער, ער אַליין אַפילו קאָן לאַכן... ער ווייסט ווי, וואו און ווען צו לאַכן.

און ישראל סבא האָט טעג און נעכט, אין בראַנד און אין קעלט, דורכן פאַרלויף פון טויזנטער יאָרן געבראָדזשעט איבער וויסטע מדבריות, אין ווילדע וועלדער אויסגעשטעלט צו אַלע לעבנס-געפאַרן פון בייזער חיה רעה און גיפטיקער שלאַנג; האָט ער געשפּאַנט און געטאָפּטשעט אין טיפע מיט האָס אָנגעשפּיגענע זומפּן... איבער בלוט-פאַרגאָסענע פעלדער נאָכן אויפבראָיז פון מענטשנס רציחה... און זיין אָנגעשפּיצט געשליפענער אויער האָט אויפגעוואַכטערהייט דערהערט דאָס קנאַלן פון בייזן געלעכטער אין דעם קאָשמאַר פון מענטשלעכער פאַרדאָרבנקייט.

מיט שווערע טריט האָבן זיינע מידע, צעוויטיקטע און צעביילטע פיס זיך געשלעפּט און געשליאָנדערט איבער די גליענדיקע זאַמדן פון ברענענדיקן מדבר; און ווידער האָט ער דערהערט ווי דער ביטערער ספינקס לאַכט זיין גאַליק סאַרקאַסטישן געלעכטער.

שווער איז אים געווען איבערצושפּאַנען און דורכצושפּרייזן אָט דעם דאָזיקן לאַנגן, וויסטן גלות-לאַנד; און נאָך שווערער איז געווען פאַר זיין אויער צו פאַרנעמען דאָס ווילדע ברומען פון דער בייזער חיה, דאָס וואָיען פון די וועלף און דאָס טרויעריקע געיאָמער פון שאַקאַל אין דער פינצטערער נאַכט.

דער צאָרנדיקער בליק פון דער גיפטיקער שלאַנג האָט אים געשראָקן און געוואָרנט: דאָ שטיי ניט! דאָ גיי ניט!

און ישראל סבא, דער אַלטער גרייז מיטן פּאַק אויף דער פּלייצע, מיטן שטאָק אין האַנט איז געגאַנגען און געגאַנגען, געטראַמפּלט טאָג ווי נאַכט, אין היץ און אין קעלט, אָן רו, אָן אָפּשטעל; און ס׳איז נישט געווען ווער ס׳זאָל אים אויסשטרעקן אַ וואַרעמע האַנט, ווער ס׳זאָל אַראָפּנעמען די שווערע משא פון זיינע מידע פּלייצעס.

האָט ער מיט באַדויערן געשאָקלט זיין אַלטן קאָפּ פאַר דער שאַנד און געפאַלנקייט — זייער שאַנד!... זייער געפאַלנקייט!...

און איידער ער האָט צייט געהאַט אָפּצואָטעמען איז ער שוין געצוואונגען גע־ווען ווייטער צו וואָגלען און ווידער צו וואַנדערן אָן אַ ציל און אָן אַ צוועק... נישט זעענדיק פאַר זיך קיין ברעג וואו צו קענען זיך אָפּשטעלן, וואו צו געפינען רו פאַר זיין מידן קערפּער.

האָט ער אַלץ ווייטער און ווייטער געוואַנדערט און — געלאַכט... אַ דער־שלאָגענער פון זייער דערשלאָגנקייט! — געוואַנדערט און געלאַכט... אַ געפּאַלע־נער פון זייער געפאַלנקייט!

געלאַכט, כאָטש זיין גאַנצער וועזן איז אַרומגענומען געווען מיט פּיין און יסורים, מיט טרויער און אומעט.

וואָרים נישט זייער בליק איז זיין בליק אויפן לעבן, און נישט זייער ציל — זיין ציל.

ישראל׳ס בליק איז תמיד געווענדט צום מאָרגן, צום „לעתיד לבוא״, צום אחרית הימים... זיין שטרעבונג איז תמיד: די דערגרייכונג צום ענד־ציל, צום ליכטיקן ברעג, צום תכלית השלימות.

איז אים דאַריבער נישט אַזוי שווער איבערצוטראָגן זיינע יסורים פון זיין נע־ונד לעבן; עס האָט אים נישט אָפּגעהאַלטן, און עס שרעקט אים נאָך עד היום נישט אָפּ דאָס ווייטער וואַנדערן ביז ער וועט קומען און דאָך דערגרייכן צו יענעם פרייען, ליכטיקן ברעג, „אל הארץ אשר אראך״ . . .

אָט דאָס איז דער אייביקער כוח פון אייביקן ייד! אויסצולאַכן מיט ביטול און באַטערערטן געלעכטער דעם חושכ׳דיקן שוואַרצן הייגט, וואָס כהרף עין ווערט ער פאַרשוואונדן; און צו קוקן מיט שפּאַנענדיקער דערוואַרטונג אין גאַר דער ווייטער צוקונפט, ווען אַ נייע ליכט וועט אויפגיין און זי וועט באַלייכטן און באַשיינען די וועלט, די גאַנצע מענטשהייט אין דער אייביקער אייביקייט אַריין...

15טער יוני, 1945.





# מיין שטעטל טאַווריג

פון

## זאב באַראַקס

טיפּ נומער איינס:

## יויזל דמש״ק

סוף זומער. איך בין געזעסן אין שטוב און אריינגעקוקט אין אַ בוך פון פרץ סמאָלענסקי. יויזל, אַ נאָענטער קרוב אונדזערער וועגן וועמען איך האָב פיל גע־הערט אָבער וויניק געקענט פערזענלעך, האָט אונדז איבערראַשט מיט אַ וויזיט. איך האָב געזען פאַר זיך אַ הויכן מיטליעריקן יידן מיט שטאַרק אויסגעדריקטע געזיכטצוגן, מיט גרויסע דורכדרינגענדיקע אויגן און אַ שוואַרץ־גרוילעכן בערדל. ער האָט געטראָגן אַ ניט צו לאַנגן סערדוט און אַ פעלט־היטל פון אַן אָוואַלן פאַסאָן, ווי עס טראָגן די דייטשישע פויערים. ער האָט מיר שווייגענדיק באַטראַכט מיט אַ אונטערדריקטן שמייכל.

עס איז אַריין אין צימער מיין פאָטער. ער האָט זיך געוואונדערט וואָס אַזאַ טרוד ווי ר׳ יויזל זאָל זיך פאַרגינען מאַכן וויזיטן אין אַ מיטן מיטוואָך, און האָט אים געגעבן אַ וואַרימען שלום עליכם. יויזל האָט געענטפערט אַז דאָס איז ער אַריינגעקומען צו געבן שלום דעם גאַסט, מיינענדיק מיך (איך בין ערשט נישט לאַנג געקומען פון אַן אַנדער שטאָט), און וועט אַגב שוין וואָס איינקויפן אויפן מאַרק. איך האָב פאַרמאַכט דעם בוך „התועה בדרכי החיים״, אָפּגערוקט עס אַן אַ זייט און גענומען געגענען צו אים. ר׳ יויזל האָט מיר געגעבן שלום באַמערקנדיק ווי גיך די נעכטיקע יינגלעך ווערן דערוואַקסענע יידן — טאַקע גלוחים אָבער קיין גלחים, חלילה, האָט ער זיך געוויצלט. מיין פאָטער האָט באַמערקט אַז דערווייל דאַרף איך זיך נאָך ניט גאָלן און אַז איך וועל שוין דאַרפן וועל איך שוין געוויס אויסגעפינען די כשר׳ע זייף־פודרע. „די היינטיקע ווייסן אַ סך״, האָט יויזל זיך ווי־דער געוויצלט. צילנדיק זיין בליק אין בוך וואָס ווערט באַטראַכט פון די פרומע ווי אַ טריף־פסול, מיט זיינע שאַרפע אויגן האָט ער איבערגעלייענט דעם בוך׳ס טיטול און געזאָגט גוטמוטיק: „אויב דו מיט דיין רוסיש ריידן געפינסט נאָך אַן

אינטערעס אין אַ יידישן ספר ביסטו ביי מיר אַ תקיף." ער האָט דערקלערט מיין פאָטער אַז דער מחבר פון בוך, פּרץ סמאָלענסקי, איז אַ גוטער ייד אויף זיין דרך, ניט קיין פרומער, אָבער אַ גרויסער אוהב האומה. אַרומפאָרנדיק אין די מרחקים דורך די ווינטער מאַנאַטן אום אָפּצודרוקן און אויסצופאַרקויפן זיינע אייגענע היברימלעך אָדער פּירושים אויף די חמש מגילות, האָט ר' יויזל דערציילט, האָט ער פיל גוטעס געהערט וועגן פּרץ סמאָלענסקין, דעם נייעם סאָרט משכיל וואָס האָט אַזוי פיל בייגעטראָגן צו דער וויכטיקער באַוועגונג מיטן נאָמען חבת ציון. ער האָט געהאָט אַ גרויס יידישע האַרץ און „רחמנא ליבא בעי". פרומקייט קומט גע־ווינטעלעך מיט עלטער אָבער גוטסקייט, דער געבאָט צו אברהם'ן „והיה ברכה", וועגט אַלץ אַריבער.

די שפּעטערדיקע משכילים האָבן געזוכט אַוועקצושטעלן דעם לעבן פון אונד־זערע פאָראָרימטע מאַסן אויף אַ בעסערן, געזינטערן יסוד. דער אָפּהיט פון די מצוות בין אדם לחבירו איז מכפר אויף דעם פאַרזען פון די מצוות בין אדם למקום.

נאָך דער טיראַדע האָב איך זיך גענומען פילן אַ ביסל היימלעכער. מיין שרעק פאַר דער דערוואַרטעטער פאַרציע מוסר פאַרן מיין זיין אַ פורץ גדר (ווי שכנים האָבן אויף מיר געקוקט) איז אינגאַנצן פאַרשוואונדן.

מיין פאָטער האָט געבראַכט משקה מיט צובייסן און האָט איינגעלאַדן ר' יויזלען אַביסל צו פאַרברענגען. אַז איך האָב אָנגעטאָן די הוט און געמאַכט אַ ברכה האָט יויזל באַמערקט, אַז צווישן אמתע יידן וואָלט נאָך פון מיר געוואָרן אַ לייט, איך האָב אָבער שלעכטע חברים. ר' יויזל האָט גענומען נאָך אַ טרונק און האָט זיך לעבע־דיק צערעדט, זיך ווענדנדיק מייסטנס צו מיין פאָטער. זיינע רייד האָבן מיר געלאָזט הערן אַז אויך דער פרומער ייד האָט גוט געוואוסט אַז אין פאַרלויף פון די גאָר לאַנ־גע תקופות פון דער היסטאָריע פון אונדזער אומה האָבן זיך מנהגים געביטן און אפילו דינים האָבן זיך געענדערט; אָבער די עיקרים פון אונדזער תורה, האָט ר' יויזל שטאַרק באַטאָנט, וועלן בלייבן שטיין לעולם ועד, דער עץ החיים וועט אייביק בליען, האָט פאַרזיכערט דער פרומער ר' יויזל.

איך האָב געוואוסט אַז יויזל וואוינט ערגעץ וואו עק שטאָט אין אַ הויז אַרומ־גערינגלט מיט אַ צאָל קליינע געביידעס באַזעצט מיט אָרימע פויערים. זיינע שכנים לצים האָבן דאָס גערופן „קאָלאָניע דמשק". מיר איז געווען אינטערעסאַנט אים צו פרעגן וועגן זיין באַציאונג צו זיינע שכנים און צו גויים בכלל. אויסהערנדיק זיין ברייטערן קוק אויף דעם עצם ענין יידישקייט, האָב איך אים אויך געפרעגט צי האָט ער עפּעס געגאָסן פון די ספרים חיצונים.

„ואהבתם את הגר", האָט ר' יויזל אויסגעטייטשט, נעמט אַריין אַלע גויים

בכלל. „שוין זייער לאַנג צוריק", האָט ער צוגעלייגט, „האָבן די פעלקער זיך אָנגעשטויסן אָן דער יידישער תורה, אָבער די דיקע וואַנט פון היידנטום האָבן זיי ניט געקענט דורכברעכן; דאָס ליכט פון דער תורה שיינט צו זיי אַביסל אַריין דורך אייניקע שפּאַרונעס. עס קומט אויס, האָט ער זיך געוויצלט, „ווי פאַרבלאָנדזשעטע יידן האָבן זיי געלערנט אָנצורירן דעם לינקן אויער מיט דער רעכטער האַנט". האָט ער געלאַכט. וואָס אָנבאַלאַנגט צו ספרים חיצונים — ער ציט זיין יניקה פון יידישע קוואַלן אַריינרעכענדיק נאַטירלעך אויך דעם חובת הלבבות. ער האָט אַ רעכט ביסל געהערט וועגן היינטיקע וועלטלעכע שרייבער, עס איז אים אויך ניט אינגאַנצן פרעמד די מאָדערנע אויפטואונגען אויפן פעלד פון ידיעת הטבע; ספרים וועגן דעם האָט ער, צום באַדויערן, ניט געלייענט. אָבער עס איז נויטווענדיק צו וויסן וועגן דעם איבער פיקוח נפש, האָט ער זיך ווידער געווענדעט צו מיין פאָטער, ניט לאַנג צוריק האָבן דריי שטאָטישע יידן, איינער נאָך דעם אַנדערן, אַריינגעאָטעמט סם המות־גאַז אַראָפּלאָזנדיק זיך אין אַ ברונעם עס אויסצורייניקן. אַפילו אונדזערע גמרא לערנער האָבן ניט געוואוסט אַז מען מוז פריער אויספּרובירן אַ ברונים אָדער אַ גרוב מיט אַ ברענענדיק ליכט; אויב די ליכט ברענט ניט, דאַרף מען דאָרטן אַראָפּלאָזן עטלעכע עמער מיט האַלץ־קוילן, וואָס האָט די טבע איינצוזאַפּן יענעם שווערערן ווי די לופט, שעדלעכן גאַז, וואָס קלייבט זיך אָן אין אַזעלכע פלעצער.

ר' יויזל האָט זיך אויפגעשטעלט צום גיין. ער האָט מיר איינגעלאַדן צו קומען צו אים אויף אַ באַזוך צו זיין „נחלה". ער וועט מיט מיר ריידן וועגן זיינע פירושים אויף די חמש מגילות. שטייענדיקביים טיר, באַגלייט פון מיין פאָטער, האָט ער נאָך אַמאָל אויסגעדריקט זיין צופרידנקייט וואָס ער האָט מיך געטראָפן אַריינקוקנדיק אין אַ יידישן ספר. ער האָט אויך דערציילט אַ קאָמישן אנעקדאָט פון זיינער אַ פאַר־זענלעכער איבערלעבונג אין וואַרשע. ער איז אַמאָל אַריינגעקומען צו זיינעם אַ קונה, אַ רייכן שניט־קרעמער, מיט זיין חיבור אויף מגילת רות. ער האָט אָבער אין געשעפט געטראָפן דעם בעל־הבית' זון, אַ געוועזענעם סטודענטל, איינער פון די איבערגע־שפּיצטע. אַז ער האָט אים אָנגעבאָטן צו קויפן דעם ספר'ל פאַר זיין פאָטער פאַרן פּרייז פון דרייסיק ביז פופציק קאָפּיקעס — כל אשר ידבנו ליבו — האָט זיך דער גרויסער געלערנטער יונגערמאַן שטאַרק צעלאַכט. „אויב דאָס וואָס אַ ייד האָט אָנ־געמאַכט", האָט ער געהירזשעט, „אין אַזאַ קליינעם ביכל איז ווערט דרייסיק קאָ־פּיקעס, טאָ וויפיל איז שוין ווערט מיין האָז, וואָס האָט מיר אָנגעמאַכט אויף גאַנץ ש"ס, אויף דעם דרשה־געשאַנק וואָס מיין פאָטער האָט מיר געגעבן „אויסצופוצן מיין אייגענע היים". — אין די גרעסערע שטעט, האָט ער געענדיקט, באַגעגנט מען

היינטיקע צייטן אַזעלכע פאַרשווינגען; זיי האָבן זיך פאַרמערט ווי קראָפּעווע. אָבער די סכנה איז ניט אַזוי גרויס, מיר וועלן זיי איבערלעבן, האָט ר׳ יויזל זיך געטרייסט, און איז אַוועק.

פאַרוואָס האָט דער טשיקאַווער ייד, ר׳ יויזל, וועלכן מען קען האַלטן פאַר אַן אָריגינעלן פּיאָנער, געקראָגן דעם צונאָמען „דמשק״? דעם נאָמען פּיאָנער האָט ער כשר פאַרדינט אַדאַנק זיין טיילווייזער באַשעפטיקונג מיט ערד־אַרבעט, ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס ער איז געווען אַ שטאָט איינוואוינער. די ריכטשנור פון זיין דרך החיים איז געווען אויסצופאָלגן דעם אָנזאָג פון פסוק „לעבדה ולשמרה״. דאָס האָט זיך, אגב, אויך געפונען אין פולן איינקלאַנג מיט זיין אַקטיווער נאַטור און נייגונג צו פעלד־אַרבעט. ער האָט דאָס דורכגעפירט ביז צו אַ געוויסן גראַד ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער האָט ניט פאַרמאָגט קיין פּולווארעק. זיין צונאָמען „דמשק״ האָט געהאַט אַ באַזונדערע און ספּעציעלע באַדייטונג.

זייענדיק אַ בחור אַ וואויל־לערנער איז יויזל געוואָרן אַן אײדים אויף קעסט ביי אַ פאַרמעגלעכן בעל־הבית. דער שווער זיינער האָט איינגעהאַנדלט אין שטאָט אַ צאָל הילצערנע הייזער, פאַרשפּרייט אין פאַרשידענע קוואַרטאַלן. מיט דער אַבזיכט אַוועקצוגעבן עס פאַר נדן צו זיינע צוקונפטיקע איידימס, געוועזענע ישיבה בחורים, נאָכדעם ווי די צייט פון קעסט וועט אַריבערגיין, זאָלן זיי האָבן אַ היים און קענען פאַרדינען צום לעבן דורך אַ נחלה וואָס ער וועט אויפריכטן פאַר זיי. דער יונגערמאַן, יויזל, זיין ערשטער אײדים, האָט זיך ניט לאַנג געהאַלטן אויף די קעסט; ער האָט זיך אויסגעקליבן אַ הויז ביים עק שטאָט אין דעם שינדל־מאַכער קוואַרטאַל. צו יענעם הויז האָט אויך באַלאַנגט אַ רעכט שטיקל פעלד. אין פרילינג האָט ער זיך אַהין אַריינגעצויגן מיט זיין ווייבל און האָט באַלד פאַראַקערט און פאַרזייט דאָס שטיקל לאַנד מיט קאַרטאָפל. ער האָט געקויפט אַ קו און גענומען פאַרדינען אַביסל פון מילך וואָס ער האָט פאַרקויפט צו די שכנים. נאָך אַביסל געלט אויף דער הוצאה האָט ער פאַר די ערשטע צייט געקראָגן פון זיין שווער, איבערגעבליבענע קעסט, ביז די קאַרטאָפל איז געוואָרן גרייט צו גראָבן. ענדע זומער האָט דער יונגערמאַן יויזל איינגעקויפט קלעצער און ברעטער; ער האָט זיך באַלד גענומען צו דער אַרבעט פון זעגן, טשעשענען און הובלן דעם בוי־מאַטעריאַל און אויפשטעלן אַ געביידע. „דאָס בוי איך אַ גרויסע סוכה פאַר זיך מיט די אושפיזין״, האָט ער זיך געוויצלט. באַלד נאָך סוכות האָט ער אַליין אויפגעאַרבעט שינדלען פאַר אַ דאַך פאַר דעם בנין; האָט דאָרטן אַריינגעמויערט פון ציגל אַן אויוון, צוגעשטעלט אַ שטעלכל און דאָס פאַרדונגען צו איינעם פון די אָרימע גויים וועלכע אַרבעטן אַרום שטאָט. דאָס שטעלכל איז געווען פאַר דעם שכן צו האַלטן עטלעכע חזירים

און הינער. ער האָט אויך אָפּגעצאַמט אַ שטיקל גאָרטן פאַר גרינצייג. אין די פריי־ערע ווינטער מאָנאַטן האָט ער צוזאַמענגעשטעלט אַ חיבור׳ל, אַ פירוש אויף מגילת רות, איז אַוועקגעפאָרן אין וואַרשע דאָס אָפּצודרוקן און אויספאַרקויפן צו איינצלנע קונדן.

דעם צווייטן זומער האָט ער שוין פאַרזייט מער קאַרטאָפל צודינגענדיק אַ דערבייאיקע שטיק פעלד פון די אַרומיקע פּריצישע פעלדער. ער האָט זיך ווידער אויפגעבויט נאָך אַזאַ סוכה־געביידע און דאָס אויך פאַרדונגען צו נאָך אַ גוישן שכן. אין משך פון מערערע יאָרן האָט ר׳ יויזל אויף אַזאַ אַרט אויפגעבויט אַ היבשע צאָל אַזעלכע סוכה־הייזקעס וועלכע האָבן פאַרדעקט די גאַנצע שטיק לאַנד זיינע, און עס האָט זיך דאָרטן געשאַפן אַ גאַנצע קאָלאָניע פון גויישע האָלץ־זעגער, באַד־אַרבעטער און דערגלייכן. קאַרטאָפל האָט ער שוין געזייט אויף ווייטערע געדונגענע פעלדער. די שכנים זיינע פאַר אַביסל געצאָלט פלעגן אים אַרויסהעלפן אין זיין פעלד־אַרבעט, ווייל ער איז געוואָרן זייער פאַרנומען מיט זיין ווירטשאַפט. ער האָט אַליין געמאַכט די שינדלען צו דעקן און פאַרריכטן די לעכער וואָס האָבן זיך באַ־וויזן אין די דעכלעך, איבערגעמאַכט די אָפּגענוצטע אויוונס, וואָס ער פלעגט אַליין אויסקערן שטייענדיק אויפן דאַך. ר׳ יויזל האָט זיך דורך דעם דערוואָרבן דעם צו־נאָמען „דמשק״ פון די אַרומיקע יידישע שינדל־מאַכער און דאַך־דעקער וועלכע האָבן געוואוינט אין מאַסן אין יענעם געגנט, אַרבייטנדיק פאַר דעם געברויך פון דער דערבייאיקער דייטשלאַנד. „דמ״שק״ איז געווען די ראשי תיבות פון דאַך־דעקער, מויערער, שינדל־מאַכער און קוימענקערער, ר׳ יויזלס מלאכות.

שכנים פלעגן אים אָפט זען זיצנדיק אויף אַ „באָק״, אַזאַ וואַרשטאַט־באַנק, אָנגעטאָן אין אַ יאַרמעלקע און טלית קטן שניצנדיק שינדלען און אָפט, איבעררייסנ־דיק די אַרבעט, אַראָפּגיין פון „באָק״ אום צו פאַרשרייבן אַ געדאַנק וואָס איז אים איינגעפאַלן פאַר זיינע מגילות־פירושים מיט אַ גענזענער פעדער וועלכע האָט אימער געשטעקט הינטער זיין אויער. ער האָט דיזעלבע זאַך געטאָן זיצנדיק אויף אַ דאַך ביים דעקן, באַנוצנדיק אַ בליישטיפט. ר׳ יויזל האָט דורך די פעריאָדע וואָס ער האָט אויפגעבויט זיין „קאָלאָניע״ געפונען גענוג צייט אָנצושרייבן חבורים׳לעך אויף די חמש מגילות מיט זיינע אָריגינעלע פירושים און נאָך צוגעלייגט אַן אָפּהאַנדלונג וועגן יוסף הצדיק, וועמען ער האָט זייער פאַרערט פאַר זיין אַרויפשטייג: פון אַ פאַרקויפטן שקלאַף איז ער געוואָרן אַזאַ גרויסער מושל און וויכטיקער ווירטשאַפט־לעכער אויפטוער און פירער אין דעם לאַנד פון די חרטומים.

קיין לאַנגער דאַוונער איז ר׳ יויזל ניט געווען. ער פלעגט אַריינלויפן דריי מאָל אַ טאָג פאַר עבודת הבורא אין דעם דערבייאיקן שינדלער־קלויז; אָבער ביים „בלאַט״ פלעגט ער שוין ניט בלייבן זיצן. ער האָט איבערהויפּט זיך וויניק גע׳עסק׳ט

אין דעם פעלד פון הלכה, משנה און גמרא. אים האָט ווייניק געקימערט וואָס די גמרא־לערנער האָבן אויף אים געקוקט מיט ביטול, און וואָס די גרויסע צאָל שכנישע חזירים מיט וועלכע זיין הויז איז געווען אַרומגערינגלט האָט זיי ניט געשמעקט. די אַנדערע יידישע פאַרדייטשטע עלעמענטן פון אָט־דער שטאָט האָבן געקוקט אויף אים ווי אַ „זאַנדערלינג" און האָבן געשמייכלט. דערפאַר אָבער האָבן פון אים שטאַרק געהאַלטן און הויך רעספעקטירט די שינדל־מאַכער פון זיין געגנט. דער אָנגעבלאָזענער יחוס און פוסטע גאווה פון די שטיקלעך למדנים איז אים געווען פרעמד און דערווידער. די פראָסטע אַרבעטער האָבן אין ר' יויזלען געפונען אַן אמתן פריינט און עצה געבער. די גויישע שכנים זיינע, אויסער דעם וואָס זיי האָבן אַביסל ביי אים פאַרדינט, האָבן נאָך פיל געוואונען פון זיין קרובה'שאַפט; זיי האָבן גוט געפילט די נאָנטקייט צו זיי פון דעם „געלערנטן יידן", פון וועלכן זיי האָבן אַ סך גענאָסן סיי מאַטעריעל סיי גייסטיק, פיל מער ווי פון זייער אייגענעם אָבער וויטן גלח.

מאַכנדיק אַ וויזיט צו ר' יויזלען אין זיין נחלה האָב איך אים געטראָפן זיצנדיק אויפן „באָק"; ער איז געזעסן און געשניצט שינדלען צו פאַרריכטן די דעכלעך פון זיינע הייזקעס צום אָנקומענדיקן האַרבסט. אויף מיין פאַרלאַנג איז ער געבליבן אין זיין פּאָזיציע ביי דער אַרבעט. דאָס האָט אים אָבער גאָרניט געשטערט אָנצוגיין מיט זיין לענגערן געשפּרעך מיט מיר וועגן תורה, עבודה און גמילת חסדים. איך האָב דורכגעבלעטערט זיינע חיבורים'לעך אויף די מגילות, געשריבן אין רש"י כתב פול מיט ציטאַטן פון אגדתא און ספרים אחרונים. אין די מגילה אחשורוש האָט ער זיך באריכות אָפּגעשטעלט אויף דעם גרויסן פלעק ביי אַ סך יידן, מייסטנס אויפגעקומענע, וואָס פאַרנאַכלעסיקן אינגאַנצן דעם געבאָט פון „ושננת לבניך", מרדכי'ס אַ פלימעניצע, אַ האַדוואַנקע פון אַ יידן וואָס האָט פאַרנומען אַ הויכן פּאָסטן אין דעם פערסישן הויף, האָט פאַרבאַהאַלטן איר יידישע אָפּשטאַמונג צו־ליב אַ קאַריערע. אויף דעם, האָט ר' יויזל באַמערקט, באַציט זיך ישעיה'ס אויסגע־שריי: „הוי גוי חוטא, עם כבד עון!" די יעניקע שעמען זיך מיט דעם נאָמען ייד, וועלכע ווייסן נעבעך ניט די באַדייטונג און ווירדע פון יידישקייט. מגילת אסתר איז אַ טיפּישע יידישע גלות געשיכטע, האָט ער צוגעלייגט.

ר' יויזל האָט מיר דערציילט אַז צוליב דעם האָט ער זיך פאַרנומען מיט אַ חבור'ל אויף יוסף הצדיק. דער יוסף, יעקב'ס זון, ווערנדיק אַ מושל אין מצרים, איז ניט געוואָרן ווי דער שפּעטערדיקער מרדכי אַ הויף־פּאָליטיקער ביי די מאַכט־האָבנדיקע הערשער. יוסף איז באַלד געוואָרן אַ בויער און פאַרזאָרגער פאַר די נאָ־ענטע און צוקונפטיקע באַדערפענישן פון די מענטשן מאַסן פון יענעם לאַנד. מיט זיין ראַט און טאַט האָט ער זיי פאַרהיט פון אַ שרעקלעכן הונגער אין די יאָרן פון

אַ טריקעניש, ווי דאָס פלעגט אָפּט פּאַסירן אין דעם לאַנד פון דעם טייך נילוס. נאָך זייענדיק אַ יינגל אָנגעטאָן אין אַ זיידענע העמדל האָט ער, יוסף, אַרויסגעצייגט שפּורן פון אַ בן פורת, פון אַ „ברעקלדיקן" אָדער אומצופרידענעם, ווי ר' יויזל האָט דאָס אויסגעטייטשט. דאָס האָט אים פאַראורזאַכט צו ווערן פאַרקויפט פאַר אַ שקלאַף, אָבער פאַרמאָגנדיק די ירושה פון זיין עלטער־זיידן, אברהם'ן, דעם „והיה ברכה", האָט ער ביי דער ערשטער געלעגנהייט אויסגענוצט זיין אומצופרידנקייט פאַר מעשים טובים. זיין געשיקטקייט, בעת ער איז נאָך געווען אין געפענגעניש (צוליב זיין אמת־יידישן טהרת המשפחה געפיל, האָט דער פרומער ר' יויזל באַטאָנט) אין פותר חלומות זיין, ווי זיין שפּעטערדיקע טיכטיקייט אַלס אַדמיניסטראַטאָר האָט געצייגט זיין פּאַטערס קלוגקייט. אַזוי ריידנדיק וועגן יוסף הצדיק איז דער שטענדיק געלאַסענער ר' יויזל געוואָרן ענטוזיאַסטיש, און אַרויסגעזאָגט אַ מערקווירדיק אָריגינעלן געדאַנק. נאָך זיין מיינונג קומט אויס, אַז אין דער מעשה פון יוסף'ן ליגט אַ משל און נמשל פון דער אומה הישראלית, אָדער אַ סימבאָל, ווי מיר רופן דאָס — פאַר דעם יידישן פאָלק. ער האָט אָנגעדייט אַז אויך מיר, אַלע יידן פאַרמאָגן אברהם'ס ירושה פון „והיה ברכה", אָבער מיר ליגן נאָך אין די פינצטערע גלות לענדער, ווי יוסף אין תפיסה, און זיינען דערווייל בלויז פותר חלומות (וואָס קענען מיר מער אויפטאָן?) אָבער אברהם'ס שורש מוז קומען צו זיין תיקון און ליכטיק מאַכן די וועלט, זאָלן נאָר אונדזערע יידן לערנען די תורה מיט אַ אָפענעם מוח און געניסן פון דעם עץ חיים, — אמת מארץ תצמח, האָט ער פאַרענדיקט זיין רעיון. ר' יויזל איז געווען אַ גרויסער בעל בטחון, אַן אמתער ייד. ר' יויזל האָט זיך פאַרגונען אָפּצושטעלן זיין אַרבעט. ער האָט מיר באַגלייט צום טיר און זיך פאַרנומען אין קורצן צו דערקלערן מיר זיין פּירוש אויף מגילת רות, זיין ליבלינגס־טעמע.

ער האָט שטאַרק אונטערגעשטראָכן דעם פאַקט אַז די תורה איז בכלל קאָנצענטרירט אויף אַ לעבן פון יידן וואָס דאַרף זיין אויפגעריכט אויף אַן עבודת אדמה יסוד, פון וואָס דער גלות האָט אונדז איבערגעוואַלט אָפּגעריסן. ציטירנדיק ישעיה'ס: „הוי מגיעי בית בבית" — האָט ער באַהויפּט אַז אויך אין דעם היינטיקן פאַבריקאַציע לעבן דאַרפן די אַרבעטער מאַסן וואוינען, און וווּ מעגלעך אויך ארבעטן אין גאָרטן קוואַרטאַלן, פול מיט ליכט און לופט, איינגעטונקט אין פלאַנצן — אַ געדאַנק, וואָס איז נאָענט צו די אולטראַ־מאָדערנע שטרעבונגען אין שטעט־פּלאַנירונג.

ר' יויזל „דמשק", אָדער יוסף ראטנער, איז געווען א תושב פון אַ זאַמוט־ליטע שטעטל ביים דייטשישן גרעניץ — מיין יוגנט היים. ער איז געווען אַן אייגנאַרטיקער און, פאַר מיר, אַן אומפאַרגעסלעכער טיפּ פון דעם אַלטן דור.



# בחינות עולם*

פון

## ידעיה הפניני

יידיש פון ש. לעווין

### פרק ה׳

א זע, דאָס איז אַ קראַנקהאַפטע וואונד, ניט אויסגעפּרעסט,
ניט באַנדאַזשירט, —
ווען עס שטאַרקט זיך דער חשק פון בעל־שכל
צום אומנוצלעכן צוועק,
ביים זוכן ענערגישע פּלענער, פאַרשיידענע געדאַנקען,
ווי צו באַזיצן מער האָב און ברייטע געשאַנקען,
וואָס ווערן צעשפּרייט אויף דער ערד ביי זיין אומקום,
פאַרלאָזן גלייך נאָך זיין פאַלן.

ב ווייל וואָס פאַר אַ חלק באַקומט ער אין הויז פון זיין האַרעוואַניע,
וואָס ער׳ט זיך געמיט פאַר זיין קערפּער אין ערד,
אויסער זיין שטענדיקן מאַלצייט פון ברויט ?
די אַנדערע רייכטימער, זיינע געווירץ־הייזער,
וואָס ער האָט זיי איינגעטיילט פאַר זיך אַלס אַ לוקסוס,
וואָס נוצן זיי אים ? — ניט מער ווי אַ זע מיטן אויג.

ג און ווען נאָך זיי דינען פאַר אים אַלס אַ שטרויכל,
דערהייבן זיינע קנעכטישע טיילן,
און פאַרשקלאַפן דעם פרייסטן פון זיי, דעם וויכטיקסטן.
אַלץ וואָס די חברה פון זיינע נידעריקע כוחות פאַרלאַנגט,
ווערט איר געגעבן,
און אַלץ וואָס זיי גלוסטן — באַקומען זיי.

ד נאָר בלויז זיין נשמה, די איינציקע,
דרעמלט ווי אַ הונט אין אַ ווינקעלע,

---

* זע יידישע שריפטן, העפט 14—13, זז. 82—178.

פאַראײנזאַמט איז זי און פאַרפרעמדט.
פאַרלאַנגט מען פון זיין מויל עטוואָס פאַרשטאַנדיקעס —
שטומט ער, זיין עצה איז נאַריש.
צעפליקט ווערט זיין האַרצנס־געדאַנק,
ווי אַ שטענגל פון פלאַקס, פאַרברענטער אין פייער,
אין שרעק און ציטער.

ה איז עס א חכמ׳ס אָן אויפטו?
קען זיין באַ׳טעמ׳ט א לינזן־געקעכץ,
פאַר וועלכן עס ווערט אַ בכורה פאַרקויפט?
אָדער וואָס פאַר אַ ווערט האָט אַ לעפעלע שוואַך נחת,
דערגרייכטער דורך פולע שיסלס לייד און פיין?
איז רעכט אַז געדערים זאָלן זיך פרייען,
און מיין נשמה פאַרטרויערט זאָל זיין?
מיין ערד — דאָס געביין פון פעטקייט זיך רויטלען,
און מיין נשמה זאָל בלייבן פאַרוויסט?

ו וואָס איז די מעלה פון יענעם וואָס קעניגט אין נאַכטיקער זעאונג,
און ווי ער ווערט שטאַרק און דערהייבן, כאַפט ער זיך אויף,
און זעט: ס׳איז אַ חלום!
אָדער אין וויזיע זעט ער זיך קלוג,
אַרום אים פאַרזאַמלען זיך מחנות געלערטע,
און ווי ער דערוואַכט — פילט ער זיך לער!

ז ווי צום שטאַרקן וואָס פאַלט און זיין אָרים צעברעכט זיך,
ווי צום מאַכט־מענטש, וואָס ערד טוט אים אַרבן,
ווייל ניט פאַר יענעם, וואָס ירש׳נט די ערד,
וועט זיין דאָס געזיי...

**פרק ו׳**

א נאָך ערגער פון דעם איז דעם שטאַרקן באַגער פון איגנאָראַנט,
דערלעבן די טעג און דערגרייכן זיינע פאַרלאַנגען,
און אפשר דערביי אויך זיין אומגליק.
ס׳גאַרט זיין נשמה דאָס יאָר זאָל זיך ענדיקן,
און זיינע קולות זאָלן ווערן אַנטפלעקט.

ב צוליב וואָס זאָל ער דערוואַרטן די נאַכט —
אַז אויב דורך נאַכט ווערט ער פאַרלוירן!
אָדער וואָס איז זיין זאָגן: ווען קומט שוין דער אָוונט? —
אין וועלכן ער וועלקט און פאַרטרינקט!
ווי שלינגט ער דעם שאָטן —
אַז אויב מיטן אָפּווייך פון שאָטן, אַנטלויפט אויך זיין זאַפט,
און רויבער פאַרשלינגען זיין קראַפט!
איז ער דען זיכער מיטן באַהעפט פון קערפּער און זעל —
אויב מיט זונאויפגאַנג — קומט צייט פון איר אונטערגאַנג!

ג ער האָפט אויף אַ טאָג,
וואָס פירט אים צום קלאָג.
קוקט צו דעם ענד
פון שרעקלעך פאַרלענד,
צו יענע סעזאָנען —
ער׳ט גיין שוין ניט קאָנען,
צו יאָרן — פון ווערן פאַרלאָרן,
צו שמיטות מיט שחיטות,
יובילייען מיט ווייען.

ד זיין נפש באַגערט צו באַקומען אַ פּנים,
מיט שמאַך זיך באַזעטיקן,
און ווערן געשלאָגן, אָן מיטלייד, מיט פּלאָגן!

ה האָסטו קיינמאָל וועגן דעם ניט געדענקט,
וועלנדיק שפּרינגען אין געאַייל אויגנבליק,
פון אָנהייב דעם יאָר ביזן ענד!

ו און אויב דיר גלוסט זיך דינען דער ערד,
מיט ליבע אַזוי ווי דער גאָטהייט —
וואָרום זאָלסטו גלוסטן דעם טאָג,
וואָס דו׳סט אים פאַרלאָזן? —
איז עס דען ניט אַ שלעכט האַרץ?



# סאָציאָלאָגישע עקאָנאָמיע*

פון

## אבא גאָרדין

בוך דריי:

### אָרגאַניזאַטאָרישע אַרבעט און ווערט

1

### עקאָנאָמיש בילד אין באַציאָלאָגיש ראַם

ט

### יעראַרכיזאַציע פון אַרבעט

ריקאַרדאָ שרייבט:

„אויב דער טאָג־אַרבעט פון אַ יואוועליר איז מער ווערטפול ווי דער טאָג־אַרבעט פון אַן איינפאַכן פועל... איז ער אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין זיין ריכטיקן פלאַץ אין דער סקאַלאַ פון ווערט". (7)

עס איז אָבער פאַראַן מער ווי בלויז „פאַרשיידענע קוואַליטעטן פון אַרבעט". וואו זיינען די סאָציאָלאָגיש פאַרשיידענע קוואַליטעטן פון אַרבעט? אָט־די האָט ריקאַרדא אינגאַנצן איגנאָרירט. אויך סמיט האָט זיי ניט באַמערקט. דעריבער האָבן זיי אַוועקגעלייגט דעם יסוד פאַר אַ „פּאָליטישער עקאָנאָמיע", וועלכע איז געווען פונדאַמענטאַל אַפּאָליטיש. ווי אַזוי האָט זי גאָר געקענט זיין פּאָליטיש, ווען זי איז ניט געווען סאָציאָלאָגיש. זייער פּאָליטישע עקאָנאָמיע איז ענטוועדער אויסגעשפּראָכן אינדיווידואַליסטיש אָדער פאַרשוויגן־אינטעראינדיווידואַליסטיש, זי איז אָבער קיינמאָל ניט סאָציאָלאָגיש. זיי האָבן פאַרזען די אינטערקלאַסן־פאַר־

* זע יידישע שריפטן העפט 18 II. 50—238.

העלטענישן, די סטראַטיפיקאַציעס פון די אַרבעטער און, היוצא, פון אַרבעט. אַלץ וואָס זיי האָבן באַאָבאַכט און אָנגעצייגט איז דער פאַקט, אַז עס איז פאַראַן קוואַליפיצירטע קאָמפּליצירטע אַרבעט און פשוטע אַרבעט. אָבער דאָס שעפּט דאָך ניט אויס די דיפערענציאַציעס. עס איז פאַראַן פיזיאָלאָגיש־טעכנישע אַרבעט און פסיכאָלאָגיש סאָציאָלאָגישע ארבעט. צווישן אָט־די צוויי מינים ארבעט עקזיסטירט אַ געוויסע פאַרהעלטעניש. און בנוגע דידאָזיקע צוויי סאָרטן ארבעט קען מען ניט אָנווענדן דעם איינפאַכן מעטאָד פון מעסטן, און זאָגן, אַז אַ שעה סאָציאָלאָגישע אַרבעט איז ווערט צוויי שעה פיזיאָלאָגישע אַרבעט. מחמת דאָ האָבן מיר פאַר אונדז צווייערליי ארבעטן, וועלכע זיינען ניט אומאָפּהענגיק איינע פון דער אַנדערער. זיי פאָרמירן אַ באַציאונג פון אָרדינאַציע און סובאָרדינאַציע.

סאָציאָלאָגישע אַרבעט באַציט זיך ניט צו דער אַרבעט, לאָמיר זאָגן, פון יוּאוועליר, ווי די אַרבעט פון יוּאוועליר צו דער אַרבעט פון אַ פשוט'ן אַרבעטסמאַן. סאָציאָלאָגישע אַרבעט באַצווינגט די פשוט'ע אַרבעט, באַגוועלטיקט זי, באַאַרבעט זי, שאַפט זי איבער, סאָציאָלאָגיזירט זי.

מאַרקס שרייבט:

„קוואַליפיצירטע אַרבעט רעכנט זיך ווי פשוט'ע אַרבעט בלויז אינטענסיפּיצירט, אָדער, ריכטיקער, ווי פאַרמערטע פשוט'ע אַרבעט, אַ געגעבענע קוואַנטיטעט פון קוואַליפיצירטער אַרבעט ווערט פאַררעכנט ווי גלייך צו אַ גרעסערער קוואַנטיטעט פון איינפאַכער אַרבעט". (8)

סאָציאָלאָגישער אָנשטרענג צעגלידערט די פילאָזאָפישע אַרבעט און דערנאָך נעמט ער זי צונויף און בויט אויף אַ פּראָדוצירנדיקן אָרגאַניזם פון אָט־די אברים מדולדלים. אויף אַזאַ שטייגער וואַרפט ער אַראָפּ, דערנידערט, דעמאָטירט, פון איין זייט, די פיזיאָלאָגישע ארבעט און הויבט זי אויך, פּראָמאָטירט זי, פון דער צווייטער זייט. ווען ער נעמט זי פאַנאַנדער און שטעלט זי צוריק צונויף, שאַפט ער אַ נייע זאַך, אַ נייעם מהות.

אַדאַם סמיט שרייבט:

„עס קען זיך געפינען מער פּראַצע אין אַ שעה שווערע אַרבעט ווי אין צוויי שעה פון אַ לייכטער באַשעפטיקונג; אָדער אין אַ שעה אָנווענדונג פון אַ פאַך וואָס עס האָט גענומען צען יאָר זיך אויסצולערנען ווי אין אַ חודש באַמיאונג ביי אַ געוויינטלעכער און איבערפלעכלעכער התעסקות". (9)

סמיט פאַרגלייכט פאַרשיידענע קוואַנטיטעטן פון אַרבעט, וואָס ווערן געטאָן פון אַן אַרבעטער אין דעם ענגן פשט פון וואָרט, וואָס באַלאַנגען צו דעם אייגענעם עקאָנאָמאָ־סאָציאָלאָגישן סטראַטום. אין איין און דעם זעלביקן קרייז

מוז זיך געפינען עפּעס אַ מין „רויע גלייכהייט", ווי סמיט דריקט זיך אויס. מע קען אָבער ניט אַנטדעקן קיין שפּור פון גלייכהייט אין די אינטערעלאַציעס, וואָס ווערן מאַטעריאַליזירט צווישן פאַרשיידענע פאָרמען פון ארבעט, ווען זי ווערט פאַרקערפּערט אין סחורות אָדער, אין באַדינגונגען, אקטן וועלכע עס פירן אויס אַרבעטער, וואָס זיינען אַליין לחלוטין ניט גלייך. דער טערמין „אַרבעטער" דאַרף דאָ געגומען ווערן אין ברייטסטן טייטש. אַרבעטער רופן מיר אַלע די, וואָס איבן אויס וועלכן עס איז אָנשטרענגונג מיט דעם צוועק צו דערגרייכן אַ מאַטעריעלן אָדער מענטאַלן רעזולטאַט פון אַן אינטעראינדיווידועלן און אינטערקלאַסלעכן מאָמענט. ווען אָט־די אַרבעטער זיינען סיטואירט אויף פאַרשיידענע ניוואָס פון דער סאָציאָלאָגישער טעראַסע דעמאָלט איז ניט פאַראַן קיין גלייכהייט צווישן זייערע פאַרשיידענע פאָרמען פון אַרבעט. מחמת זיי זיינען ניט פאַרשיידן אין פּשוט׳ן פּשט פון וואָרט, נייערט איין פאָרם איז די באַהערשנדיקע, די צווייטע די באַהערשטע, איינע באַצווינגט, די צווייטע איז באַצוואונגען. אָט־די צוויי פאָרמען אָדער צושטאַנדן, פון סובאָרדינירן און ווערן סובאָרדינירט, קענען דאָך ניט זיין גלייך. זייער עצם מהות שליסט אויס די אידייע פון גלייכהייט.

י׳

## מאַרקסעס נאַטירלעכער ווערט

פ. ענגעלס שרייבט:

„מאַרקס דיסקוטירט... בלויז דעם ווערט פון סחורות... און עס איז ניט פאַראַן דער לייכסטער אָנדייט... אַז מאַרקס באַטראַכט זיין ווערטן־טעאָריע פון סחורות אַלס אָנווענדבאַר צו אַנדערע פאָרמען פון געזעלשאַפט". (10)

מיר זעען ניט ווי אַזוי מ׳קען אָנווענדן מאַרקסעס ווערטן־טעאָריע צו אונדזער היינטצייטיקער ווירטשאַפט. לויט אונדזער פאַרשטיין קען מאַרקסעס ווערטן־דאָקטרינע, וואָס איז באַגרינדעט אויף דעם גלייכהייט־פּרינציפּ האָבן איר אָנווענדונג אָדער אין דער לעתיד־לבוא׳דיקער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט אָדער אין דעם פּראָווערביאַלן „נאַטור־צושטאַנד", אין דעם פאַנטאַסטישן גאָלדענעם יאָרהונדערט, ווען מענטשן וועלן זיין, אָדער זיינען געווען, פריי און גלייך און עס וועלן ניט, אָדער האָבן ניט, עקזיסטירן קיינע געזעלשאַפטלעכע דיפערענציאַציעס.

פּרודאָן שרייבט:

„אַזוי אַז די פּאָליטישע עקאָנאָמיע באַהויפּט ביי איר סאַמע געבורט... וואָס ניט פּלאַטאָן, ניט רוססאָ, און ניט וועלכער עס איז אַלטערטימלעכער אָדער היינט־

צייטיקער פובליציסט האָט געהאַלטן פאַר מעגלעך, — גלייכהייט פון באַדינגונגען און פאַרמעגנס". (11)

די לערע וועגן נאַטורעכט איז שוין לאַנג עקספּלאָדירט. עס איז ניט פאַראַן אַזאַ רעכט וואָס זאָל זיין גילטיק פאַר אַלע צייטן און אַלע פעלקער. עס קומט פאַר אַ געפעכט, אַ געפעכט פאַר רעכט. אַ גערשאַנגל קומט פאַר צווישן פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע גרופּירונגען פאַר דער באַשטימונג, וואָס איז רעכט און וואָס איז אומרעכט, גערעכטיקייט איז אַ סאָלאָמאַנדרע. זי ווערט געבוירן אין פייער פון קאָנפליקטן. זי געפינט זיך אין די פלאַמען פון געזעלשאַפטלעכעליידנשאַפטן. די אידילישע שלווה, וואו רעכט האָט עס באַדאַרפט וואוינען אָפּגעזונדערט פון דער וועלט און אָפּגעשיידט פון דעם האַרמידער פון אונדזערע אַקטואַליטעטן, איז צע־שטערט געוואָרן פון דעם הו־האַ פון ברידערלעכן קאַמף.

ווייטער, עס איז ניט בנמצא אַזאַ מהות ווי נאַטירלעכע ווערטן אין דער ספער פון ווירטשאַפט. וואָס איז מאַרקסעס אויפפאַסונג פון ווערט אויב ניט דאָס אַלטע מילד־ישובניקישע קאָנצעפּציע פון נאַטור־רעכט, וואָס ווערט אַנגעווענדט אין פעלד פון אויסטויש! רוססאָ און די איבעריקע יוריסטן־פילאָזאָפן האָבן אַרויפגעצויבערט נאַטירלעכע יורידישע ווערטן פון דעם אונטערערדישן לאַנד פון אונדזער ציבור־צוזאַמענלעבן, מאַרקס האָט געטאָן דאָס אייגענע. ער האָט פּאָסטולאַטירט די עקזיסטענץ פון נאַטירלעכע ווערטן אין דעם תחום פון אויס־טויש און פאַרקויף. די לערע מכוח ווערט וואָס מאַרקס האָט אויסגעאַרבעט גיי־ענדיק אין די פוסטריט פון ריקאַרדאָ, איז ניט מער און ניט ווייניקער ווי אַ לערע מכוח דעם נאַטירלעכן אויסטויש־ווערט; דאָס איז אַ דאָקטרינע וואָס איז גוט פאַר אַלע סביבות און אלע עפּאָכעס, עס איז א פאַל וואו נאַטור־יוריספּרודענץ האָט געבוירן א „נאַטירלעכע פּאָליטישע עקאָנאָמיע". ווערט איז אַ געזעלשאַפט־לעכער פענאָמען אָבער מאַרקס האָט אים רעדוצירט צו זיינע פיזישע קוואַלי־טעטן, צו בלויזער פאַרשווענדונג פון מענטשלעכער ענערגיע אַלס אַזעלכער, ד"ה שיער ניט צו פיזיאָלאָגיע, פּראָסט און פשוט.

די צווייפאַכיקע פּראָבלעם, די פעסטשטעלונג פון די סטאַנדאַרדס פון ווערט פאַר די פאַרשיידענע סאָציאָלאָגישע גרופּירונגען און דער אויסוואַל פון פּערסאָ־נאַל, וועלכן מע טרויט אָן דעם העכסט פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן פון אָפּשאַ־צערס, ווערט ניט געלייזט פרידלעך ספּעקולאַטיוו אין דעם קאַבינעט פון אַ דענ־קער, אַ פּרוש, נייערט אויף דעם שלאַכטפעלד אין דעם טומל און געפילדער פון גערשאַנגל. עס זיינען ניט בנמצא קיינע נאַטירלעכע רעכט און עס זיינען ניט פאַראַן קיינע נאַטירלעכע ווערטן. לכן קען ניט זיין קיין נאַטירלעך־ווערטפולע אַרבעט,

נייערט געזעלשאַפטלעך נויטווענדיקע ניצלעכע פּראַצע. די שווועריקייט באַשטייט דאָ אין אויסגעפינען און פינקטלעך אָפּמעסטן און גענוי רעגיסטרירן די נויט־ווענדיקייט פון דער געגעבענער אַרבעט, פעסטשטעלן די מאָס פון דער געזעל־שאַפטלעכער נוצלעכקייט, וואָס געפינט זיך אין דעם באַטרעפנדיקן פּראָדוקט. דאָס אַלץ ווענדט זיך אין דעם געזעלשאַפטלעכן געוויכט פון דעם באַשטימטן קלאַס, ווע־מענס פאַרדינסטן פאַר דער געזעלשאַפט עס ווערן איצט אונטערזוכט און אָפּגע־שאַצט. מאַרקסיזם אַלס אַ וואולגאַר־אוטאָפּיסטישע שולע פון פּאָליטישער עקאָ־נאָמיע געהערט צו דעם הערעאישן פעריאָד פון די אָרגאַניזאַטאָרן און, פּונקט ווי די נאַטור־רעכט שולע אין יוריספּרודענץ האָט געדינט די צוועקן פון דעם מיטלקלאַס אין דראַנג און שטורם עפּאָכע אַזוי דינט ער די צוועקן, און געפינט זיך אין איינקלאַנג מיט די שטימונגען און געדאַנקען, פון דעם נייעם פּראָספּעק־טיוון הערשער־קלאַס.

מאַרקס שרייבט:

„אלס ווערט זיינען זיי אידענטיש, זיי זיינען די אינקאַרנאַציע פון דער זעל־ביקער אַרבעט, אָדער די אייגענע אינקאַרנאַציע פון אַרבעט ,נעמלעך, גאָלד. אַלס איינפאָרמדיקע פאַרקערפּערונגען פון דער זעלביקער אַרבעט צייגן זיי אַרויס אין אונטערשייד, אַ קוואַנטיטאַטיוון חילוק". (12)

יע, זיכער! בנוגע אויסטויש־ווערטן געפינען מיר זיך (אַדאַנק מאַרקסן וואָס האָט פאַרריכט אויף אַ זייער קונציקן שטייגער דעם חטא פון אדם הראשון אין סאָציאָלאָגיע *) און באַשאַפן אין זיינע ספּעקולאַציעס אַ גלייכהייט־סיסטעם) אין גן־עדן התחתון! מחמת אַרבעט איז אויסגעגליכן אין אַלע הינזיכטן חוץ איי־נער, און דאָס איז קוואַנטיטעט. דאָס אַלץ האָט מאַרקס באַוויזן אויפצוטאָן און האָט אַפילו זיך ניט באַדאַרפט מטריח־זיין און אונדז אומקערן צו דער פּרעהיס־טאָרישער פּרימיטיוועער געמיינדע, אָדער מאַכן מיט אונדז אַ שפּרונג פאָרויס גלייך אין אלף־הששי אַריין, אין אַ פּאָסט־קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם. אַזעלכע וויסנשאַפטלעכע באַהויפּטונגען וועלכע מאַרקס מאַכט בנוגע אַרבעט־גלייכהייט זיי־נען אַ גרויסער בייטראַג צו דער אַפּאָליטישער אַסאָציאָלאָגישער מעטאַ־עקאָנאָמיע.

ה. מ. הינדמאַן ניט זייענדיק צופיל איבערגעשפּיצט, לאָזט אַרויס, שרייבנדיק וועגן דעם ענין, אַלע ווערטן־קעץ פון זיין טעאָריע־זאַק. אָט־וואָס ער זאָגט אונדז בפירוש:

„אַלע סחורות, וואָס ווייזן זיך אויפן מאַרק פון דער וועלט פאַר אויסטויש ווערן

---

*) אבא גאָרדין, די פרוי און די ביבל, ז״ז 60—129.

אָפּגעשאַצט רעלאַטיוו איינע צו דער אַנדערער ווי פּאָרציעס פון דעם סכום פון נויטווענדיקער סאָציאַלער אַרבעט אויסגעאיבט פון מענטשלעכע ווענס אום זיי צו פּראָדוצירן. אַלע אויסטוישונגען ווערן דורכשניטלעך געמאכט אויף דעם גלייכ־הייט־פּרינציפּ״. (13)

הינדמאַן רעדט שוין וועגן אַלוועלטלעכן מאַרק אויף וועלכן עס הערשט דער פּרינציפּ פון גלייכהייט! וואָס זאָל ער זשאַלעווען, אויב געגרייזט, זאָל זיין גע־גרייזט ווי געהעריק, צו וואָס זיין קאַרג אין אַ טעות! הינדמאַן דער סאָציאַליסט, מאַרקסיסט, זעט בלויז יחידים, אַרבעטער. ער זעט ניט קיין קלאַסן, ער זעט ניט קיין פעלקער, די הערשנדיקע אימפּעריאַליסטן און אונטערדריקטע נאַציאָנען. ער באַגרייפט ניט אַז סיי די קלאַסן און סיי די פעלקער זיינען אַריינגעפּאַסט אין באַ־שטימטע סאָציאָלאָגישע ראַמען, אין אַ באַשטימטער סביבה. די אַרבעט פון אַ זון פון אַן אונטערדריקטן פאָלק וועט בדרך כלל תמיד זיין וועלוועלער ווי די אַר־בעט פון אַ זון פון אַ הערשנדיקן פאָלק וועןביידע געהערן צו דעם זעלביקן קלאַס, פּשוט דערפאַר וואָס דאָס לעבן פון באַדרענגטן פאָלק ווערט קוואַטירט נידעריקער אויף דער וועלטלעכער בירזשע, ווי מ׳זעט עס בשעת אַ מלחמה. הינדמאַנס טעות נעמט זיך פון דעם וואָס ער אַקצעפּטירט דעם בורזשואַזן ליבעראַליסטישן פּרינ־ציפּ פון גלייכהייט, וועלכער באַהויפּט זיך כלומר׳שט אין דער אַלמענטשהייטלעכער ווירטשאַפט, אויף דעם אַלוועלטלעכן מאַרק, בשעת באמת איז פון אים ניטאָ דאָרטן אַפילו אַ שפּור.

רבי לא שנה, רבי חייא מניין ליה. מיר טאַדלען ניט הינדמאַנען. ער איז אַ קליינער תלמיד פון אַ גרויסן רבי׳ן, און ער האָט ניט „געטאָרט״ זען דאָס וואָס זיין רבי, מאַרקס, האָט פאַרזען. מאַרקס האָט געמאַכט חוזק פון די בירגערלעכע עקאָנאָמיסטן, וועלכע האָבן אויסגעפאַנטאַזירט אַן „עקאָנאָמישן מאַן״. ער האָט אָבער ניט באַמערקט, ווי ער אַליין, אָפּלאַכנדיק פון זיי, האָט געמאַכט דעם אייגע־נעם טעות: אנשטאָט אַן „עקאָנאָמישן מאַן״ האָט ער אויסגעטראַכט אַן „עקאָ־נאָמישן אַרבעטסמאַן״, אַן האָרעפּאַשנעם ראָבינזאָן קרוזאָ, וועלכער אַרבעט אין אַ סתם געזעלשאַפטלעכער סביבה, וועלכע באַשטייט פון סתם סאָציאַלע פאַרהעל־טענישן און וועמענס ענערגיע־פאַרשווענדונגען, באַמיאונגען־באַדינונגען זיינען „גע־זעלשאַפטלעך נוצלעכע אַרבעט״, ניט קלאַס־נוצלעך, ניט קלאַסירט, ניט דיפע־רענציאירט. די אינדיווידואַליסטיש־וואולגאַרע עקאָנאָמיסטן האָבן אים פאַרפירט. ער איז זיי נאָכגעגאַנגען, הגם ער האָט זיי קריטיקירט און איז פאַרקראָכן אין דעם אייגענעם זומפּ פון פאַלש־עקאָנאָמישן אַטאָמיזם.

אין קאָמוניסטישן מאַניפעסט שטייט געשריבן אַזוי צו זאָגן:

דער מענטש בכלל, וועלכער געהערט ניט צו קיין קלאַס, האָט ניט קיין רעאַ־ליטעט. ער עקזיסטירט בלויז אין דעם נעפּלהאַפטן קיניגרייך פון פילאָזאָפישער פאַנטאַזיע". (14)

אָט־די בפירושע און קלאָרע באַהויפּטונג האָט מאַרקסן ניט אָפּגעשטעלט, אים ניט געשטערט אויסצו׳דמיונ׳ען אַן אַרבעטסמאַן בכלל, וועלכער געהערט ניט צו קיין שום קלאַס, איז ניט אונטערגעוואָרפן דעם שעבוד און רעסטריקציעס פון קלאַס, האָט ניט קיין שום ממשות, ניט קיין קעגנוואַרט און ניט קיין געשיכטע, און וועלכער עקזיסטירט בלויז אין דער פילאָזאָפישער פאַנטאַזיע פון בטלנים־נזירים, אָדער אין די ריין־אינדיווידואַליסטישע חקירות פון די אַפּאָליטישע אומגעשיכטלע־כע אַסאָציאַלאָגישע עקאָנאָמיסטן. „די אַרבעט־טעאָריע פון מאַרקסן הויבט אָן ווי אַלע טעאָריעס פון נאַטור־רעכט, מיט אַן אינדיווידואַליסטישער אויפפאַסונג. זי וויל באַגרינדן רעכט אויף באַציאונגען צווישן מענטשן וועלכע זיינען קוים געזעל־שאַפטלעך". (15)

מאַרקס, דער קריטיקער, איז ניט אַוועק געגנוג ווייט פון די, וועמען ער האָט אַזוי שאַרף־בייסיק קריטיקירט. ער האָט פאַרגעוואָרפן די בורזשואַזע עקאָנאָ־מיסטן פאַר זייער פאַרזען די סאָציאַלע סביבה אין וועלכער די ווירטשאַפטלעכע טעטיקייט קומט פאָר. מאַרקס אַליין האָט שוין יע דערזען די סביבה, די "סתם סאָציאַלע" סביבה, ער האָט, אָבער, פאַרזען די אינטער־קלאַסן סביבה. ער האָט באַהאַנדלט די עקאָנאָמישע התעסקות ווי אַ סתם סאָציאַלע דערשיינונג, בשעת די ווירטשאַפט איז אַן אינטעראינדיווידועלער פענאָמען וועלכער איז דורכגעפלאָכטן מיט אינטער־קלאַסן פאַרהעלטענישן.

„ווערט איז די מאָס פון ווידערשטאַנד וואָס מע דאַרף בייקומען, אום צו קריגן יענע סחורות אָדער אַרטיקלען וועלכע פאָדערן זיך פאַר אונדזער צוועק, — פון דער מאַכט פון נאַטור איבערן מענטשן." (16)

מיט אַ קאָרעקציע וואָלטן מיר געקענט אָננעמען אָט־די דעפיניציע. די ענ־דערונג וואָלט ווערטערלעך באַשטיין אין דעם צושטעל פון אַן אַדיעקטיוו צו דעם וואָרט „נאַטור". דעמאָלט וואָלט די דעפיניציע זיך לייענען אַזוי:

ווערט איז די מאָס פון ווידערשטאַנד, וואָס מע דאַרף בייקומען, אום צו קריגן יענע סחורות אָדער אַרטיקלען וואָס פאָדערן זיך פאַר אונדזער צוועק, — פון דער מאַכט פון דער סאָציאָלאָגישער (אינטעראינדיווידועלער און אינטער־קלאַסלעכער) נאַטור איבער דעם מענטשן. מחמת אין אַ קלאַסן־סטראַטיפיצירטער סביבה איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט פאַר די מיטגלידער פון אַ העכערן קלאַס צו באַקומען סחורות אָדער אַרטיקלען, ד"ה אַ סכום באַדינונגען אָן דער טרחה פון

פּראָדוצירן זיי אָדער צאָלן פאַר זיי מיט אַנדערע סחורות אָדער אַרטיקלען (ד"ה באַדינונגען) וואָס זיי אַליין האָבן פּראָדוצירט. עס איז ניט אויסגעשלאָסן די מעג־לעכקייט פון אַפּראָפּריאירן זיי אינגאַנצן אָדער טיילווייז אויף אַן עקסטראַ־עקאָנאָמישן אופן, אָדער דורך פיזיש־פּאָליטישע מיטלען, ווי דער מיליטאַריסטישער סעקטאָר פון איידלשטאַנד פלעגט זיך נוהג זיין צו טאָן אָדער דורך פּסיכאָלאָגיש פּאָליטישע מיטלען, ווי דער פּריסטערטום פלעגט טאָן.

ווערט, מיינענדיק אויסטויש־ווערט ,אין אַ איין־סטראַטום געזעלשאַפט, אין אַ געמיינדע פון גלייכע, וואָלט זיך מעסטן דורך דער קוואַנטיטעט פון דער דורכ־שניטלעכער אַרבעט וואָס ווערט אַריינגעלייגט אין דער פּראָדוקציע פון די סחורות. אָבער אין אַ סטראַטיפיצירטער געזעלשאַפט איז ווערט אַן אינטעראינדיווידועלע פאַרהעלטעניש, וואָס איז פאַרוועבט אין אַן אינטערקלאַסן באַציאונג. דער עצם אינדיווידועלער כאַראַקטער פון אַרבעט קריגט ממשות, אונטער די באַטרעפנדי־קע אומשטענדן, בלויז אַדאַנק צו דעם פאַקט, וואָס איינער, אַ יחיד, האַנדלענדיק אַלס אַ מיטגליד פון אַן אַנפירנדיקן קלאַס, דערפילט אַן אינטעראינדיווידואַליזאַטאָ־רישע פונקציע און, בזה האופן, שטעלט זיך אַוועק אַלס אַ רעפּרעזענטאַנט פון אַ העכערן קלאַס, אַ מיטגליד פון וועלכן ער ווערט טאָקע דורך אַט־דעם עצם אַקט, — איבער דעם ניוואָ און געוויינטלעכן מעמד אויף וועלכן עס געפינען זיך די דירעקטע פּשוט'ע פּראָדוצירער.

מאַרקס שרייבט:

„קאָאָפּעראַציע גופא, ווען קאָנטראַסירט מיט דעם פּראָדוקציע־פּראָצעס וואָס ווערט דורכגעפירט פון איזאָלירטע אומאָפּהענגיקע אַרבעטער, אָדער אַפילו קליינע באַלעבאַטימלעך, שיינט צו זיין אַ ספּעציפישע פאָרם פון דעם קאַפּיטאַליסטישן פּראָדוקציע־פּראָצעס. דאָס איז די ערשטע שטופּע וואָס עס מאַכט אַדורך דער ווירקלעכער אַרבעט־פּראָצעס, ווען ער איז משועבד צו קאַפּיטאַל." (17)

על כן אין אַ סטראַטיפיצירטער ווירטשאַפט איז דער באַשאַפער פון ווערט דער, וועך, אַזוי זיך אויסצודריקן, עס „פּראָדוצירט די פּראָדוצירער", אָרגאַניזירט זיי, אינטעראינדיווידואַליזירט זיי, דער יעניקער וועלכער נעמט ברעקלעך פון סעפּאַראַטע אַקציעס פון אַ פּראָדוקטיוון כאַראַקטער און קנעט זיי צוזאַמען און מאַכט פון זיי עפּעס גאַנצעס, אַ קאָמפּליצירטן אָפּעראַטיוון איינס פון אַ הע־כערער עפיציענט. דער פּלאַץ פון פּראָדוצירער, וואָס איז געוועזן טעטיק אין דער פאַרגלייכנישמעסיק פּרימיטיווער ווירטשאַפט, ווערט איצט פאַרנומען, אין דער הייך־אַנטוויקלטער ווירטשאַפט, פון איבער־פּראָדוצירער, פון אים וואָס „פּראָדו־צירט די פּראָדוצירער", וועלכע ווערן דורך אַט־דעם אַקט פון „סופּערפּראָדוקציע"

רעדוצירט ווירטשאַפטלעך צו דעם סטאַטוס פון רויען מאַטעריאַל אָדער געצייג. נאָך מער וואָס, אונטער די מאָדערנע באַדינגונגען פון דער הייך־קאָמפּליצירטער אינדוסטריע, די אַרבעט־צעטיילונג איז געבראַכט געוואָרן צו אַזאַ מדרגה פון אַר־בעט־פּולווערייזאַציע, פון פּאַך־אַטאָמיסטיק, אַז יעדער פּראָדוצירער גענומען באַ־זונדער, מחוץ פון דעם אינטעראינדיווידועלן צוזאַמענעם, פּירט אויס בלויז אַ מיקראָסקאָפּישן טייל פון דעם גאַנצן נויטיקן פּראָדוקציע־פּראָצעס און, אויף אַזאַ שטייגער, איז ער ווירקלעך ניט קיין פּראָדוצירער אין דעם אַלטן פּשט פון וואָרט.

מאַרקס שרייבט:

„די סחורה וואָס איז געווען דער אינדיווידועלער פּראָדוקט פון אַן אומאָפּ־הענגיקן האַנטוואַרקער, ווערט אַ געזעלשאַפטלעכער פּראָדוקט פון אַ פּאַראיין פון האַנטווערקער, יעדערער פון זיי פּערפאָרמירט איינע און בלויז איינע פון די קאָנ־סטיטואירנדיקע טיילווייזע אָפּעראַציעס.״ (18)

ענגעלס שרייבט:

„דער גאַרן, דער געוואַנט און די מעטאַל־אַרטיקלען וואָס קומען איצט פון דער פאַבריק, זיינען דער אַלגעמיינער פּראָדוקט פון פילע אַרבעטער דורך וועמענס הענט ער מוז אַדורכגיין איינס־נאָך־דאָס־אַנדערע איידער ער ווערט פאַר־טיק. קיין יחיד קען ניט זאָגן וועגן אַזעלכע פּראָדוקטן: איך האָב עס געמאַכט, דאָס איז מיין פּראָדוקט.״ (19)

דעם יחידישן אַרבעטערס אינפיניטעסימאַל טייל אין דעם פּראָדוקציע־פּראָצעס, ווען ער ווערט גענומען איזאָלירט איז הן נוצלאָז און הן אוממערקעוודיק. זיין אַרבעט, ווען גענומען פּאַרטיקולאַריסטיש, קען באַין־אופן ניט באַטראַכט ווערן ווי „געזעלשאַפטלעך נויטיק און נוצלעך״. דער אַרבעטער, וואָס ווערט באַשעפטיקט אין דער מאָדערנער הייך־ספּעציאַליזירטער אינדוסטריע איז, לחלוטין, אינקאַפּאַ־ציטירט, פּאַראומפּעאיקט. ער, גענומען פאַר זיך גופא, קען האָבן קיינע פּרעטענ־זיעס. זיינע באַמיאונגען, באַדינונגען מחוץ פון דאָס קאָמפּליצירטע גאַנצע, זיינען צוועקלאָז, זינלאָז. זיין צייט און טרחה זיינען אַרויסגעוואָרפן. די קאָאָרדינאַציע מאַכט פון אָט־די „ווערטלאָזע״ מאַניפּולאַציעס, פראַגמענטן פון ענערגיע־פאַר־שווענדונג, אַ ווערטפולע „כלי״, זי הויבט אויף אָט־די שטיקלעך־ברעקלעך פון אַרבעט צו דער חשיבות פון פּראָדוקטיווער אַקטיוויטעט, און שענקט זיי די אייגנשאַפט פון נוצלעכקייט. אָבער אָט־די קאָאָרדינאַציע מאַטעריאַליזירט זיך ניט אָן אַ קאָאָרדינאַטאָר אָדער אַ קלאַס פון קאָאָרדינאַטאָרן. אָט־דער קאָאָרדינאַטאָר, דער „שאַפער״ פון אָט־דעם מולטי־אינדיווידועלן פּראָדוקטיוון מעכאַניזם, איז דער

ריכטיקער, סאָציאָלאָגיש באַטראַכט, „פּראָדוצירער". לכן איז ער דער „שאַפער" פון די ווערטן וועלכע ווערן פּראָדוצירט דורך אַט־דער איבער־פערזענלעכער מאַשין.

„קיינער פון זיי קען גאָרניט פּראָדוצירן איינער אַליין. דער אַרבעט־איינס איז שוין מער ניט דער יחיד, נייערט די גרופּע." (20)

וואָס איז דער פּועל־יוצא פון דעם? אַז דער וועלכער שאַפט אַט־דעם קאָמפּליצירטן אַרבעט־איינס איז דער גאַנצער „אויפטוער" פון פּראָדוקציע־פּראָצעס און ער ווערט עס דער סאָציאָלאָגישער פּראָדוצירער פון דעם ווערט און היוצא, דער אייגנטימער פון דעם גאַנצן פּראָדוקט, די באַשטאַנדטיילן פון וועלכן, סיי די אַרבעטאַרישע און סיי רוי־מאַטעריעלע, ער האָט זיך איינגעשאַפט.

מאַרקסעס טעאָריע פון ווערט, טראָגט די פאַרזיכערונגען וואָס ענגעלס גיט אונדז אין זיין ווערק אַנטי־דיוהרינג (ז' 226), איז אין בעסטן פאַל אַ לערע וואָס וואָלט זיך געפּאַסט פאַר דער קודם־־לקאַפּיטאַליזם פּרימיטיווערווירט־שאַפט. זי איז גאָרניט „אָנגעמאָסטן" פאַר די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע־באַדינגונגען. מע וואָלט זי געקענט, מיט גרויס אָנשטרענג, ברענגען אין אַ הייך־היפּאָטעטישן און גאַנץ־וייטן הסכם מיט אַן עקאָנאָמישן רעזשים, וואָס דאַטירט צוריק אַזוי ווייט ווי דער האַנטווערקער פּעריאָד, ווען די בעלי־מלאכות זיינען געווען דיווירקלעכע פּראָדוצירער און „פריי", מער ווייניק, פון סאָציאָלאָגישע פאַרפּלאָנטערנישן אין עצם אַקט פון פּראָדוקציע. ענ־געלס האָט עס סוף כל סוף געמוזט צוגעבן, כאָטש אין אַנטי־דיוהרינג האָט ער באַהויפּט עפּעס גאָר אַנדערש. אָט וואָס ער שרייבט:

„מאַרקסעס געזעץ פון ווערט איז געווען דעריבער עקאָנאָמיש גילטיק פון דעם אָנהויב פון דעם פּעריאָד, וועלכער האָט דורך אויסטויש פאַרוואַנדלט פּראָדוקטן אין סחורות, ביז צו דעם פּופּצענטן יאָרהונדערט פון אונזער ערא — דער אויסטויש פון סחורות, אָבער, גייט אָן פון אַ צייט, וואָס איז עלטער פון אַלע געשריבענע באַריכטן, ציט זיך צוריק אין עגיפּטן צו אַ פּעריאָד פון לכל־הפּחות צוויי טויזנט פינף הונדערט יאָר און אין בבל פיר טויזנט אָדער אפשר זעקס טויזנט פאַר אונדזער יאָרציילונג: דער געזעץ פון ווערט, לכן, איז געווען אין קראַפט פאַר אַ פּעריאָד פון פינף ביז זיבן טויזנט יאָר." (21)

אָט־די דערקלערונג איז פאַטעטיש. מאַרקסעס אַפּוס טראָגט דאָך דעם שטאָלצן נאָמען „קאַפּיטאַל", זיין נאָמען לאָזט אונדז הערן אַז מאַרקס פאַר־נעמט זיך מיט דעם אַנאַליז פון דעם קאַפּיטאַליסטישן פּראָדוקציע־מאָדוס,

לכן דאַרף זיין ווערטן־טעאָריע זיין צוגעפּאַסט, וואָליד פאַר די קאַפּיטאַליסטישע באַדינגונגען פון דער אינדוסטריע, און ניט פאַר יענע פאָרמען פון עקאָנאָמיק וואָס האָבן עקזיסטירט פון גרויען אַלטערטום ביז צום פופצענטן יאָרהונ־דערט און ניט ווייטער. דער ערשטער באַנד פון „קאַפּיטאַל" טראָגט דעם אונטערקעפּל: „דער פּראָצעס פון קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע"; דער צווייטער באַנד — „דער פּראָצעס פון צירקולאַציע פון קאַפּיטאַל"; דער דריטער — „דער פּראָצעס פון קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע אַלס אַ גאַנ־צעס". און נאָך דעם אַלעם אַרויסקומען מיט דער הנחה, אַז מאַרקסעס ווערטן־לערע טויג זיך אויס פאַר די פּאַרצייטישע פּראָדוקציע־מאָדוסן און ניט פאַר די היינטצייטישע מיינט מודה צו זיין אַז מאַרקסעס ווערטן־טעאָריע איז אינגאַנצן ווערטלאָז. (22) אָבער ענגעלס מאַכט זיך קוראַזש: די טעאָריע איז אָנווענדבאַר פאַר אַ פּעריאָד פון בערך זיבן טויזנט יאָר. אָבער דאָך ניט פאַר דעם פּעריאָד פאַר וועלכן מאַרקס האָט געמיינט אַז זי איז גילטיק און פאַר וועלכן ער האָט זי געשאַפן. דער אמת איז פאַר די גאָר אַלטערטימלעכע צייטן איז מאַרקסעס טעאָריע זיכער ניט גילטיק. ווי קען מען ריידן וועגן גלייכווערטיקער אַרבעט אין אַ געזעלשאַפט פון אויגן־אויפרייסנדיקע אומגלייכ־הייטן. ענגעלס פירט אונדז צוריק קיין מצרים, קיין בבל אום מיר זאָלן אין דער אַנטיקער ווירטשאַפט געפינען אַ גילטיקע אָנווענדונג פון מאַרקסעס טע־אָריע. אַט יענע לענדער און יענע צייטן זיינען זיכער אַ פאַלשער אַדרעס. די פּיראַמידן זיינען ניט געבויט געוואָרן מיט אַרבעט פון פועלים וואָס האָבן געלעבט אין אַ פרייער געמיינדע וואָס האָט זיך געפירט לויט די פּרינציפּן פון גלייכהייט. דאָרטן האָט געהערשט שקלאַפעריי, און שקלאַפעריי מיט גליי־כער אַרבעט זיינען ניט קיין פּאַסיקע חבר'טעס. מאַרקסעס ווערטן־טעאָריע טויג אויך ניט פאַר דעם פּעריאָד פון האַנטווערקעריי פון פופצענטן יאָרהונדערט. ווייל דער האַנטווערקער איז געווען דעמאָלט אַריינגעפּאַסט אין אַ פעאָדאַליסטי־שער סיסטעם. און פעאָדאַליזם מיט זיינע שטאַנדן און אָרדענס, מיט זיין לייב־אייגנטום רעכט איז געווען זייער ווייט פון דער עלדאָראַדאָ פון גלייכהייט.

די איראָניע פון דעם! מאַרקסעס טעאָריע פון ווערטן פּאַסט זיך בלויז פאַר יענע צייטן ווען קיין ווערטן קענען בכלל ניט זיין בנמצא, ענטוועדער פאַר דער גאָר פּרימיטיווער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט, אָדער פאַר דער לעתיד־לבוא געזעלשאַפט פון מאַרקסיסטישן אחרית־הימים.

מיר קענען ניט ריידן וועגן גלייכווערטיקער אַרבעט, ווען דער אַרבעטער לעבט און איז טעטיק אין אַ קלאַסן־צעטיילטער געזעלשאַפט, ווען איבער אים

שטייט דער „סאָציאָלאָגישער טוער״. מע טאָר ניט פאַרקוקן דעם פאַקט פון יעראַרכיזאַציע אין אַרבעט. סאָציאָלאָגישע אַרבעט טורעמט איבער דער פיזיאָלאָגיש טעכנישער אַרבעט. אַרבעט קאָלעקטיוויזירט זיך ניט פון זיך אַליין דורך דער אייגענער איניציאַטיוו פון די דירעקטע פּראָדוצירער. קאָלעקטיווע אַרבעט, עבודה בציבור, שיקט פאָרויס די עקזיסטענץ און די פונקציאָנירונג פון „קאָלעקטיוויזאַטאָרן״, פון אַ קלאַס וואָס ווערט ספּעציעל סעגרעגירט פאַר אָט־דעם צוועק. אָט־דער קלאַס פון אָרגאַניזאַטאָרן־קאָלעקטיוויזאַטאָרן איז, אונטער די געגעבענע אומשטענדן פון היינטיקער אינדוסטריע, דער שאַפער פון דער אַרבעט און פון די ארבעטער אין זייער נייער אינקאַרנאַציע. אָט־דער קלאַס סטראַטיפיצירט און אינטעראינדיווידואַליזירט, ד״ה דיפערענציאירט און אינטעגרירט די אינדוסטריעלע אַרבעט און מאַכט זי פּראָדוקטיוו און אַלס אַזעלכער, אַלס שאַפער פון פּראָדוקטיוויטעט, „שאַפט״ ער די אויסטויש־ווערטן, וועלכע ליגן פאַרהוילן אין די סחורות, וואָס געפינען זיך אויפן מאַרק.

## מראה מקומות


7. David Ricardo, Principles of Political Economy, p. 15, III, ed. 1852, London.

8. Karl Marx, I, p. 51.

9. Adam Smith, The Wealth of Nations, Vol. I, p. 33. V ed. 1930, London.

10. F. Engels, Anti-Duehring, p. 226, N. Y.

11. P. J. Prondon, System of Economic Contradictions, p. 122, Boston.

12. Karl Marx, Contribution to the Critique of Political Economy, tr. by N. J. Stone, pp. 74-75, Chicago, 1904.

13. H. M. Hyndman, The Economics of Socialism, pp. 68-69, Boston, 1921.

14. Marx and Engels, Communist Manifesto, p. 58, Essentials of Marx, 1926, N. Y.

15. A. D. Lindsay, Marx's Capital, An Introductory Essay, p. 116, Oxford, 1931.

16. H. C. Carey, Principles of Social Science, Vol. I, p. 158, Philadelphia, 1867.

17. Karl Marx, Capital, I, p. 367.

18. Ibid., pp. 370, 371, 372.

19. F. Engels, Anti-Duehring, p. 302.

20. W. Morris, E. B. Bax, Socialism, pp. 185-86, Kerr Pub.

21. F. Engels, Letzte Arbeit: Ergenzung und Nachtrag zum dritten Buch des "Kapital," Die Neue Zeit, Jahrg. XIV, Vol. I, p. 38, 1896.

22. V. G. Simkowitch, Marxism vers. Socialism, p. 273, New York, Henry Hott.

# אין דער ליטעראַרישער וועלט



ביבליאָגראַפיש־קריטישע פאַרצייכענונגען איבער ביכער און שרייבער

פון

**אב. שאָולזאָן**

75 יאָר יידישע פרעסע אין אמעריקע. ארויס־געגעבן פון י. ל. פרץ שרייבער פאראיין, אונטער דער רעדאקציע פון י. גלאטשטיין, ש. ניגער און ה. ראגאף. ניו־יאָרק, 1945—תש״ה.

דאָס בוך, דאָס ערשטע פון דעם סאָרט אין דער יידישער ליטעראטור, שפיגלט אָפּ דאָס פאַרבנרייכע יידישע לעבן אין אמעריקע פאַר די לעצטע 75 יאָר — די יאָרן פון יידישער אימיגראציע, פון געראַנגל זיך ארייננצופאסן אין דער נייער וועלט, פון פאַרשידענע עטאַפּן אין דער אַנטוויקלונג פון דעם גרעסטן און רייכסטן יידישן קיבוץ אויף דער וועלט. דאָס בוך דערציילט וועגן דער גרויסער ראָלע פון דער יידישער פרעסע אויף אלע געביטן פון יידישן לעבן אין אמעריקע.

אינהאַלט: רעדאקציע — 75 יאָר יידישע פרעסע אין אמעריקע (לייט־ארטיקל); משה שטאַרקמאַן — וויכטיקסטע מאָמענטן אין דער געשיכטע פון דער יידישער פרעסע אין אמע־ריקע; מ. אָשעראָוויטש — דער „פאָרווערטס״; י. פישמאן — 44 יאָר „מאָרגן זשורנאל״; וויליאם עדלין — דער „טאָג״; משה שטארק־מאן — די „מאָרגן־פרייהייט״; גדילה בובליק — דאָס „טאַגעבלאט״ און אָרטאָדאָקסישע יידנ־טום אין אמעריקע; ד. קאפלאן — די „ווארהייט״; א. גלאַץ־לעיעלעס — די יידישע ליטעראטור און די יידישע פרעסע; באָריס סמאָליאר — די יידישע טעלעגראפן אגענטור („איטא״) און די אמעריקאנער יידישער פרעסע; י. ל. טעלער — „פאָלקאר״; חנא גאטעספעלד — די הומאָריסטישע זשורנאלן — דער „קי־בעצער״ און „גרויסער קונדס״; א. ר. מלאכי — א קורצע געשיכטע פון דער העברעאישער פרעסע אין אמעריקע; ש. ניגער — וועגן יצחק לייבוש פרצעס ירושה; רעדאקציע — 30 יאָר י. ל. פרץ שרייבער פאראיין. אין דעם בוך זיינען אויך דאָ זעלטענע בילדער פון די ערשטע צייטונגען און פון די פיאָנערן פון אונדזער פרעסע.

---

## צוויי ביכער פון י. י. טרונק

טביה און מנחם מענדל אין יידישן וועלט־גורל. פון י. י. טרונק. ציקא ביכער פאַרלאַג, ניו יאָרק, 1944. 302 זייטן.

דאָס דאָזיקע בוך איז דער צווייטער טייל פון י. י. טרונקס ווערק וועגן שלום עליכם, זיין וועזן אין זיינע ווערק. אין דעם ערשטן בוך, וואָס איז דערשינען אין פוילן, ווערן אָנגעצייכנט די גרונט־עלעמענטן פון שלום עליכמס שאַפן. דער נייער בוך, וואָס איז איצט דערשינען, איז אי א המשך פון פריער־דיקן בוך, אי א זעלבסטשטענדיק ווערק, וואו דער מחבר באהאנדלט שלום עליכמס צוויי הויפט העלדן טביה דעם מילכיקן („שיקזאל און בטחון״) און מנחם מענדלען („שיקזאל און שפיל״). אינעם דאָזיקן ווערק האָט זיך דער מחבר באזונדערס באַמיט צו שילדערן די דיאַלעקטישע אַנטוויקלונג פון די יידישע דורות אויפן פאָן פון שלום עליכמס א ווערק. אויך דאָ, האָט שלום עליכם מיט פיל מייסטערשאפט און מיט א וואונדערלעך טיף מענטשלעך געפיל

אויפגעדעקט די דיאלעקטיק פונעם יידישן לעבן
אין דער לעצטער תקופה. א יידישע תקופה
אין איר שיידוועג, אין איר טראַגיק, אין
אירע אויסבליקן — און אין איר העראָאיזם.

---

בלעטער אויפן ווינט. פון י. י. טרונק.
ארויסגעגעבן פון יהואש ברענטש ארבע־
טער רינג, ניו־יאָרק, 1944. 176 זייטן.
(אָקטאַוויע פאָרמאַט).

אינהאלט: געזאַנג צו די מוזעס, ליבע־
לידער, וועלט־לידער, איינזאַמקייט־לידער. לי־
דער וועגן טויט, וועלט־סוף, אָט־וואָס דער
דיכטער זאָגט וועגן זיינע לידער אין דער
קורצער הקדמה.

„איטלעכעס ליד וואָס כ'האָב אָנגעשריבן,
האָב איך געמיינט אז עס איז דאָס לעצטע.
לידער טויכן אויף ווי ווייטע ליכטער וואָס
ווינקען אין דער פינצטערניש און מיר ווייסן
ניט פון וואנען זיי קומען, און ווען זיי קומען
און וואָס זיי זיינען מיט אונדז אויסן. לידער
זיינען ווי די בשורה־טויבן פון דערקענטענישן
פאר וועלכע מיר האָבן די וויניקסטע ווער־
טער".

און וועגן זיך זאָגט ער:

„איך האלט לידער שרייבן ניט פאר מיין
אייגנטלעכן שריפטשטעלערישן בארוף און איך
פיל מיר נאָר ווי א גאַסט אין די געמעכער
פון דער מוזע".

„פון טויט און דערקענונג האָב איך גע־
מישט דאָס געטראנק, וואָס כ'גיס פאר אייך
אויס פון מיין בעכער".

י. י. טרונק ראַטעוועט זיך ארויס פון
מבול פון בלוט, פון וועלט־סוף, פון חורבן,
און חלומט אויס פאר זיך אן אנדער וועלט.
„דערקענען איז אויך א וועלט"... און דמיונע־
ווען איז אוודאי א וועלט. און טרונק האָט זיך
זיין אייגן וועלט. און אין זיין אייגן וועלט
הערשט און געוועלטיקט דער באשאפער, י. י.
טרונק דער דיכטער און דענקער־טרוימער.

---

געלעבט און געחלומט אין אויסטראליע פון
י. נ. שטיינבערג. פאַרלאַג „פריילאנד
ליגע". ניו יאָרק, 1945, 403 זייטן.

די עסייען וועגן אויסטראליע, וואָס גייען
אריין אין דעם דאָזיקן בוך, זיינען לכתחילה
ניט געשריבן געוואָרן לויט אן איינהייטלעכן
פּלאַן. זיי זיינען אויסגעוואַקסן פון פארשיידענע
דערפאַרונגען אין געמיט־צושטאַנדן, ווי דער
מחבר האָט זיי איבערגעלעבט אין די גורלדיקע
יאָרן 1940־1943, ווייט פון די געשעענישן אין
אייראָפּע. אויב ס'איז דאָ אן איינהייטלעכער
מאָטיוו, וואָס פאַרבינדט די עסייען צווישנ־
אַנאַנד, איז עס דער גלויבן פון דעם מחבר
אין דער מענטשלעכער צוקונפט און אין דעם
אייביקן קיום פון אונדזער פאָלק.

צווישן אנדערש זאָגט דער מחבר אין דעם
פאָרוואָרט צו דעם בוך:

„איך קען נאָר זיין דאַנקבאַר דעם מזל,
וואָס האָט מיר געגעבן די מעגלעכקייט דורכ־
צופירן אין רו און זיכערקייט אַזאַ מין ארבעט
פון פאָרשונג און צוגרייטונג. בעת די יידישע
וועלט איז געשטאַנען אין פלאַמען, בעת דאָס
יידישע הויז אין גאַנץ אייראָפּע האָט זיך
אלץ מער פאַרוואַנדלט אין אין דורכאויסיקן
חורבן, האָב איך זוכה געווען צו זיין א שליח,
א מרגל, כדי צו זוכן פאר אונדזערע היימ־
לאָזע מאַסן אן ארץ־מקלט אין א נייעם לאַנד.
אין די עסייען פון דעם בוך האָב איך זיך
באַמיט איבערצוגעבן מיינע איינדרוקן פון
מענטשן אין געשעענישן אזוי פינקטלעך ווי
נאָר מעגלעך, און זאָלן די לעזער אורטיילן.
צי עס האָט זיך באקומען אן אָפּטימיסטיש
אָדער פעסימיסטיש בילד".

---

PEACE FOR THE JEWS. By Dr. Joseph Tenenbaum. American Federation For Polish Jews. 1945. 182 pp.

עס איז לעצטנס דערשינען א ניי בוך פון
דר. יוסף טענענבוים, פרעזידענט פון דער פעדע־
ראַציע פון פוילישע יידן אין אמעריקע, וועגן
די יידישע נאָך־מלחמה פראָבלעמען, אונטערן
נאָמען „שלום פאר יידן" (אין ענגליש). דר.
טענענבוים, וועלכער האָט זיך באַטייליקט אין
דעם קאָמיטעט פון די יידישע דעלעגאַטן ביי
דעם שלום קאָנפערענץ אין ווערסייל, אלס פאָר־
שטייער פון די יידן אין פוילן, באהאנדלט אין
זיין ניי בוך, אויף א ברייטן פארנעם, די איצ־
טיקע יידישע פאָדערונגען וועגן פאָליטישן,
עקאָנאָמישן און קולטורעלן ווידער־אויפבוי פון
יידישן פאָלק נאָך דעם מוראדיקן חורבן אין
דעם נאָר־וואָס פארענדיקטן קריג אין אייראָפּע.

## דער נייער סידור און אלטער חרם

**סדר תפלות לשבת.** עם תוספת תפלות, אמירות ושירים. הוצאת המוסד להתחדשותה של היהדות. ניו־יאָרק תש״ה.

דאָס איז דער סידור וואָס די רעקאָנסטרוקציאָניסטן מיט הרב מרדכי קאַפּלאַן בראש האָבן ארויסגעגעבן. אָט־דער „סידור״ האָט עס ארויסגערופן דעם גרימצאָרן פון א צאָל רבנים און רב׳לעך און „ערב־רב״ פון דער פאַרגליווערטער אָרטאָדאָקסיע. זיי האָבן ניט געשוויגן און האָבן זיך צעגוואַלדעוועט און ארויס מיט קללות און חרמות... הכלל, דער סידור איז, רחמנא ליצלן, „בנדו״ מ׳טאָר אים אין א יידישער שטוב ניט אריינלאָזן, מ׳טאָר אין אים ניט אריינקוקן, מ׳טאָר זיך צו אים מיטן אויג ניט צורירן, מ׳טאָר אין זיינע תפלה׳דיקע ד׳ אמות ניט שטיין.

דער גאנצער ענין קלינגט אין אונדזער טראַגישער צייט זייער קאָמיש. וואָס „חרם״, ווען „חרם״ — אין אן עפּאָכע ווען מע שפּאלט ניט דעם ים, בכדי צו פירן יידן אין טריקעניש, נאָר דעם אַטאָם בכדי צו דערטרינקען פעלקער אין א ים פון בלוט...

ווען די קירך איז געווען יונג האָט זי זייער א סך געזינדיקט, שווער און גראָב געזינדיקט. און די סינאַגאָגע? מישטיינס געזאָגט, האָט אויך צייטנווייז אונטערגעזינדיקט, געפּאָכעט מיט איר צעבראָכענעם הייל׳צערנעם שווערדל. איצט באגרייפט די קירך גאנץ גוט אז זי איז אַלט און קאַלט און שוואַך און האָט קיין כוח ניט צו זינדיקן, „ניטאָ די מיידלשע כוחות״, איז וואָס טוט זי? מאַכט פון איר פאַרטעך א „פּרוכת״ ווי עס זיינען זיך נוהג הפקר־פּרויען, וואָס ווערן פרום און גוט אויף דער עלטער. די סינאַגאָגע, אין דער פּערזאָן פון די עטלעכע קנאים רבנים׳לעך, ווייסט, ווייזט אויס, ניט אז זי האָט שוין לאַנג ניט קיין איין צאָן אין מויל... און זי פּרובירט בייסן מיט די ליליקע יאַסלעס . . . זי איז אַזוי פּאַטעטיש אין איר אומבאהאָלפענעם כעס און אימפּאָטענטער רוגזא.

די „עשרה בטלנים״ פארשטייען אפילו ניט אז אלץ וואָס זיי האָבן אויפגעטאָן מיט זייער חרם איז דאָס וואָס הרב מרדכי קאַפּלאַן האָט געקראָגן פרסום, „פּובליסיטי״ בלע״ז, וואָס איז ווערט צו באצאָלן דערפאר א מיליאָן דאָלער. און דאָס וואָלט זיין א ווילדע מציאה...

„אם יהיו חטאיכם כשני״, מע דארף זינדיקן לויט די יאָרן נאָך... נעמט זיך אַראָפּ אַ מוסר פון דער קירך: אָט־דער טיגער, אָט־דער דורס, איז געוואָרן כלומרשט א שטיל קעצעלע... וואָס ליגט צונויפגעדרייט ווי א בויגעלע אין שויס, און מורמלט תפילות ותשבחות... באלעקט מיטן צינגל די לאפּקעס און וואַשט זיך דאָס אייגענע פעלכל... און איר, רבנים, האָט זיך גאָר „צעטיגרעוועט״... אין אַזאַ צייט, אין אַזאַ עלטער... וואָס זייט איר זקני עם־הארץ... וואָס דעתם מטורפת בנוגע דעם גוף הענין.

מיר דוכט אז א סידור איז אזא זאך וואָס אָדער מע געברויכט עס, אדער מע לייגט עס אוועק אויף „גניזה״, אין א היסטאָרישן מוזיי. „רעפאָרמירן״, אויסבעסערן איז ניטאָ דאָרטן וואָס. מע מוז דען מתפּלל זיין לויט א באַשטימטן נוסח?! אויב מע וויל זיך באַהעפטן מיט אַן אויבערשטן כוח, מוז עס דען געטאָן ווערן לויט א פּעדאַנטיש טראַדיציאָנעלן טעקסט? אָט דער נייער סידור מאַכט א מאָדנעם איינדרוק. די הקדמה איז פול מיט, אזוי צו זאָגן, „אפּיקורסישע״ געדאנקען. נו, אויב אזוי, גיט מען ארויס און מע שטעלט צוזאמען א קאָלעקציע פון הימנס — און יוצא, אזוי ווי עס טוען די „רעפאָרמאַטאָרן״ ביי די אומות העולם. ניין, איז עס פּאָרט „טראַדיציאָנעל״, מסורה׳דיק. און עס באקומט זיך א „ויתרוצצו״. דאָס נייע קריגט זיך מיט דאָס אַלטע.

מיר האָבן מחזורים וואָס זיינען אָנגעפּיקעוועט מיט תפילות וואָס האָבן צוזאַמענגעשטעלט פארשיידענע פייטנים, און עס איז שווער צו זאָגן געניי פארוואָס און פארוועןאון ווער און ווען האָט זיי קאַנאָניזירט און זיי אריינגעשלאָסן אין יום־טוב׳דיקן נוסח התפילה. מיר האָבן געהאט „תחינות״, וואָס אנאָנימע מחברים, מענער און פרויען, האָבן צוזאַמענגעשטעלט, און אונדזערע פרומע מאַמעס פלעגן זיי זאָגן מיט גרויס כוונה און פאַרגיסן בשעת מעשה א היפּש ביסל טרערן... הייסע, זודיקע טרערן פון אמת׳ער געבעט־שטימונג און עכטער דביקות. און פארוואָס האָט דער גייסטיקער פירער פון די רעקאָנסטרוקציאָניזם

ניט געטאָרט טאָן וואָס עפּעס א „שרה בת־טובים“ האָט יע געמעגט טאָן, פאַרוואָס האָט הרב מרדכי קאַפּלאַן ניט פאַרפאַסט זיינע אייגענע תחינות און פּיוטים און זיי ארויסגעגעבן? עס זיינען באמת פאַראַן אין אָט־דעם סידור אייניקע תפילות וואָס האָבן די אונטערשריפט פון היינטצייטיקע מחברים, ווי דהיינו, חיים נחמן ביאַליק, נפתלי אימבער, א. ד. גאָרדאָן, הלל צייטלין, מרדכי מ. קאַפּלאַן און אנד. און דאָס איז זייער שיין און גוט. הלוואי וואָלטן אריינגענומען געוואָרן מער דיכטער און דענקער פון אונדזער צייט.

וואָס עס מאַכט א שלעכטן איינדרוק איז דאָס וואָס עס געפינען זיך אין סידור אלטע נוסחאות פון אלע תפילות נאָר איבערגעניצוועטע, איבערגענייטע לויט די באַגריפן און אויפפאַסונגען פון די „רעדאַקטאָרן“. דאָס איז אזוי געשמאַקלאָז און טאַקטלאָז ווי נעמען אן אַלטע גריכישע סטאַטוע און זי פאַרריכטן, לויט א נייער מאָדע אדער פאַסאָן אדער מאָדערניסטישער שולע אין סקולפּטור. אזא האַנדלונג באַליידיקט דעם דרך־ארץ געפיל וואָס מע האָט צו היסטאָרישע ווערטן, צום אלטערטום.

וואָס פאַר א זינען האָט עס צו לאָזן דעם אלטן „קידוש“ און אין מיטן אריינשטעלן א נייעם אויסדרוק ווי „כי אותנו קרבת לעבודתך“ און ארויסוואַרפן דעם זאַץ וואָס זאָגט בפירוש וועגן יידישער אויסדערוויילטקייט און געהייליקטקייט. מה־נפשך, האַלט מען אז „בחירת האומה“ איז רחמנא ליצלן אזא „זינד“ אזא שענד אז מע טאָר עס ניט געברויכן, איז באַזייטיקט מען די גאַנצע תפילה. אויב מע קען ריידן „על נגתקה“ אין דער הקדמה און זיך ארויסזאָגן קעגן דעם גלויבן אין א פּערזענלעכן משיח, קעגן „אתה בחרתנו“, קעגן תורה מן השמים, אויב מע איז שוין אזוי „עזותדיק“, דאַרף מען באַזיצן גענוג דרייסטקייט און זיך באַגיין אָן דעם „טראַדיציאָנעלן נוסח פון קידוש. וואָס איז דער „קידוש“, הלכה למשה מסיני?! נוצן דעם אַלטן נוסח און בייטן אין נוסח אויסדרוקן, (וואָס אגב העלפן זיי ווינציק, מחמת „קרבנו לעבודתו“ איז פאַרבאַהאַלטענער „אתה בחרתנו“, ווייל עס פרעגט זיך: פאַרוואָס האָט דער רבונו של עולם דווקא אונדז דערנענטערט צו זיין עבודה און ניט איוואַנען און סטעפאַנען?) שמעקט כמעט מיט וואַנדאַליזם. און דאָס פּאַסט גאָר ניט פאַר אַזאַ ערנסטן און חשוב׳ן רעליגיעזן לערער ווי מרדכי קאַפּלאַן.

אין דער הקדמה צום סידור זאָגט זיך, אַז אינטערפּרעטירן די אלטע טעקסטן און אריינלייגן אין זיי נייע טייטשן ווילן די רעדאַקטאָרן ניט, ווייל דאָס מיינט אוועקגיין פון היסטאָרישן אמת.

אָט דער געדאַנק איז אינגאַנצן ניט קיין ריכטיקער. אָט־די פּראַקטיק פון אינטערפּרעטאַציע איז אָנגענומען און פאַרהייליקט. דאָס איז דער דרך פון די חכמי התלמוד. מע איז ניט מבטל דעם פּסוק, „עין תחת עין“ ווערט ניט קאָרעגירט אין חומש, דער טעקסט אין חומש ווערט ניט געענדערט, נאָר מע פאַרטייטשט עס „ממון“. מע וואַרפט ניט ארויס די פּאָר ווערטער „למען יאריכון ימיך“, נאָר מע אינטערפּרעטירט עס: מע שטעלט צו „לעולם שכלו ארוך“. מע מעקט ניט אָפּ דעם „למען ייטב לך“, נאָר מע שטעלט צו אלס אינטערפּרעטאַציע „לעולם שכלו טוב“...

קלאַסישע ווערק זיינען אומבאַרירבאַר, אומרעדאַקטירבאַר, נאָך דעם ווי זיי זיינען שוין מיט הונדערטער יאָרן צוריק קאַנאָניזירט געוואָרן. אגב ווערט אָט־דער מעטאָד אָנגעווענדט אויך אין יוריספּרודענץ. מרדכי קאַפּלאַן האָט, אבער, ניט געוואָלט גיין אויף דעם אנגענומענעם וועג, און ער איז שטאַרק נכשל געוואָרן: ער וויל פאַרריכטן דאָס וואָס מע דאַרף ניט און מען טאָר ניט פאַרריכטן. מע קען ניט זיין קליגער פון דער געשיכטע פון אלע רעליגיעס. אלע אויפקלערער און לייטערער פון גלויבן האָבן געברויכט דעם מעטאָד פון אריינטייטשן און אויסטייטשן.

וואָס איז שייך די „אָפּנויגונגען“, וואָלט איך זאָגן, אז די אלטע מסורה׳דיקע גלויבערייען זיינען מאָדערנער ווי די נייע ווי זיי קומען צום אויסדרוק אין דער „הקדמה“.

קודם כל, זע איך ניט איין די נויטיקייט זיך צו דינגען ווען עס האַנדלט זיך וועגן א „גלויבנס־ארטיקל“. צו וואָס די קאַרגשאַפט? צוליב וואָס עפּעס אָפּדינגען? אמונה נעמט אָן די הנחה פון מעגלעכקייט. און אויב אלץ איז בגדר היכולת אין דער ווייטער, גאָר ווייטער

טער, גאָר ווייטער צוקונפט, אין „אחרית
הימים”, איז „תחיית המתים” אויך „מעגלעך”,
ד. ה. עס איז ווינטשנסווערט, עס איז א ריין
אידעאַליסטישער באגער. און צוליב וואָס זאָל
מען עס אַפּלייקענען ? אין אָנגענומענעם נוסח
פון דעם „אני־מאמין” שטייט בנוגע „תחיית
המתים” „כשיעלה רצון מאת הבורא יתברך”,
מיינט דאָך עס ניט, אז מאָרגן אָדער איבער־
מאָרגן דערוואַרט מען, אז די טויטע זאָלן,
ניט מיר, ניט דיר, אויפשטיין. אלא וואָס ?
עס איז אן אידעאל, א לעכצן פון דער מענטש־
לעכער רעליגיעזער זעל — איז צוליב וואָס
זיך אַמפּערן מיט א פּסיכאָלאָגיש און אקסיאָ־
לאָגיש־לעגיטימען פאַרלאַנג און וואונטש !

דאָס אייגענע וואָלט איך זאָגן וועגן א
„פּערזענלעכן משיח”. אויב עס וועט זיין א
גאולה וועט זיין א גואל, ווייל יעדע גרויסע
באַוועגונג, יעדער גרויסער אויפטו ווערט אלע־
מאָל אסאָציאירט מיט א באשטימטער פּערזענ־
לעכקייט. די „אָקטאָבער רעוואָלוציע” אין רוס־
לאַנד האָט זיכער ניט געמאכט איין לענין.
אבער אין פאָלקס פאָרשטעלונג און בכלל אין
פאָרשטעלונג אפילו פון היסטאָריקער, ווערט
אָט־די געשעעניש צונויפגעקניפּט מיט א באַ־
שטימטער פּערזאָן, וואָס האָט געשפּילט די
וויכטיקסטע ראָל. א דראמע האָט א הויפּט־
העלד. אין דעם ארבעט אויך די עקאָנאָמיע פון
זכרון. עס איז שווער צו געדענקען אלע פּער־
זאָנען, וואָס זיינען געווען אויפטועריש אין
א געוויסער גרויסער געשעעניש, דעריבער קאָנ־
צענטרירט מען זיך אויף איין פּערזאָן. און
אויב מע גלויבט אין „משיחיות” מוז מען
קומען צו א פּערזענלעכן משיח. דאָס אייגענע
מיטן גלויבן אין „גאָט”. אין דעם באַוואוסט־
זיין פון יעדן רעליגיעזן מענטשן, ווי פילאָ־
זאָפיש ער זאָל ניט זיין געשולט, נעמט „גאָט”
אָן די פאָרם פון א „פּערזאָן”. ער מוז האָבן
א „דמות הגוף און משיגי־הגוף”. ד. ה.
ער איז מער „פּערזאָן” און גיכער „פּערזאָן”
ווי „גאָט”. ווייל עס איז מער ווי „דברה תורה
בלשון בני־אדם”, עס איז ניט קיין פראגע
פון ווערבאלן אויסדרוק, נייערט פון גע־
דאַנקלעכן אויסדרוק. עס איז „לית בי תפיסה
כלל” און מע מוז דאָך אים אָפּמאָלן, דראַמאַ־
טיזירן, פּערזאָניפיצירן. דאָס איז א מענטשלעך־
פּסיכאָלאָגישער „מוז”, קעגן וועלכן פילאָזאָ־
פיע איז קראַפטלאָז. און די מקובלים ווי אויך
דער חומש און די גמרא אין אגדתא האָבן עס
גוט פאַרשטאַנען און זיי האָבן „געשילדערט”
דעם השם יתברך... אבער איין גרויסן שבח
מוזן מיר געבן דעם סידור און זיינע „רעדאק־
טאָרן” : זיי נעמען די תפילות, ווי עס איז צו
זען פון די ענדערונגען וואָס זיי באמיען זיך
אריינצוברענגען, ווערטערלעך ערנסט. אבער
אויב אזוי פרעגט זיך : פארוואָס האָבן זיי גע־
לאָזן אומבאַרירט דעם טעזיס, אז אין זעקס
טעג האָט דער רבונו של עולם באַשאַפן די
וועלט, און האָט גערוט אויפן זיבעטן טאָג...
דער וואָס קען שאפן א וועלט אין זעקס טעג,
קען מאכן לעבעדיק טויטע... קען אראָפּ־
דונערן „צען געבאָטן”, געבן א תורה מן
השמים, אויסקלייבן זיך א פאָלק וכדומה זאכן.
אלא וואָס ? דאָס רוען אויף דעם זיבעטן טאָג
וועט דער חשוב׳ער מרדכי קאַפּלאַן „אינטער־
פּרעטירן”; און אויב ער קען זיך ניט באגיין
אָן „אינטערפּרעטאציע” האָט ער שוין געמעגט
אָנווענדן דעם מעטאָד אויף דער גאַנצער לי־
ניע, און דאָס וואָלט פאַרשפּאָרט א סך „חילול
הקודש”, ד. ה. ער וואָלט ניט געדארפט אזוי
אומברחמנות׳דיק אָפּערירן די „פּאַציענטן”, די
טעקסטן. ניט אומעטום איז כירורגיע גוט און
און ניט אלע מאָל מאכט זי דעם חולה געזונט.

דער סידור איז ארויסגעגעבן געוואָרן מיט
גרויס געשמאק בנוגע זיין חיצוניות, ער אנט־
האלט אויך א סך נייע פּיוטים וואָס מעגן
באשיינען דעם שענסטן געבעט־בוך. מע דאַרף
אבער ניט פארגעסן, אז די בעסטע תפילה איז
די וואָס דער מתפּלל אליין פארפאסט בשעת
געבעט. דער בעסטער סידור איז בלויז א
בריוונשטעלער. און שרייבן דאַרף מען פון איי־
גענעם קאָפּ און אייגענעם געפיל, דאָס גייט
אויך אויף תפילה.

רחמנא ליבא בעי, און ניט קיין קאנאני־
זירטע „סידורים”.

מחברים וואָס ווילן אז זייערע ביכער זאָלן פאַרצייכנט ווערן אין דער דאָזיקער אָפּטיילונג, ווערן
געבעטן צוצושיקן אין רעדאַקציע צוויי עקזעמפּלארן פון זייערע ווערק. אדרעסירט :

A. Shoulson, 78 Corbin Place, Brooklyn 29, N. Y.



# אַן אָפגעקילטער קולט

(אַן ענטפער שלמה סיימאָן אויף זיין אָפענעם בריוו „פרומקייט און גוטסקייט״ [1])

פון

## אבא גאָרדין

**1.**

צוליב צוויי טעמים ווילט זיך מיר ניט ענטפערן אויף אָט־דעם בריוו.

טעם נומער איינס:

איך האַלט ניט, אַז מיינע אויפפאַסונגען מכוח דעם פאַרפלאָנטערטן ענין „מצוות מעשיות״ פליסן דירעקט אַרויס פון מיינע חקירהשע באַנעמונגען פון יידיש־קייט. מע קען, לויט מיין השגה נאָך, אָננעמען בשלימות אַלע מיינע אויסטייטשונגען פון דער ביבל אין גייסט פון עגאָסאָפיע און בלייבן דערביי אַ הונדערט פראָצענטיקער אָרטאָדאָקס, אָדער זיין אַ קאָנסערוואַטאָר, אָדער אַפילו אַן עקסטרע־מער רעפאָרמאַטאָר.

עס איז בכלל אוממעגלעך, לויט מיין פאַרשטיין נאָך, צו רעדוצירן פילאָזאָפיש־רעליגיעזע גרונטפרינציפן צו קולט־פראַקטיקעס. די לעצטע האָבן תמיד אַלס זייער יסוד אַזעלכע זייטיקע הנחות, וואָס האָבן מיט די „עיקרים״ אַ קנאַפּע שייכות.

פון דעם גלויבן, אַז עס איז פאַראַן אַ גאָט אויף דער וועלט ביז דעם אָנזאָג צו שאָקלען אַ לולב, האַלטן אַן אתרוג, אַ מהודר, זיצן אין אַ סוכה, עסן מצה און מרור וכדומה טועכצן, איז גאָר אַ ווייטער מהלך.

און אָט די פאַרבינדונג צווישן דערדאָזיקער גלויבעריי אין אַ בורא־עולם און די אויבנאויסגערעכנטע אַקציעס ווערט געמאַכט מיט דער הילף פון פילע באַהויפטונגען, וואָס האָבן גאָר אַ ווייטע קרובהשאַפט אָדער מחותנשאַפט מיט דעם הויפּט־פּאָסטולאַנט.

טעם נומער צוויי:

איך רעכן, אַז עס איז פּריצייטיק אַרויסצוקומען מיט „הלכות פסוקות". די צוגרייטונגס־אַרבעט איז נאָך ניט פאַרענדיקט.

חוץ דעם בין איך טיף איבערצייגט, אַז אַ־דער טייל פון הלכה דאַרף ניט באַאַרבעט אָדער געשאַפן ווערן פון יחידים. הנהגות און מנהגים ווערן איינגעפירט און איינגעפונדעוועט פון די מאַסן און ניט פון איינצלנע טעאָרעטיקער. דאָס איז דער געביט וואו „עמך" האָט אַ גרויסע און, אפשר, אויסשליסלעכע דעה. און „עמך" טוט עס אין זיין גייסט און גוסט, און רעכנט זיך דערביי ווינציק מיט די רעליגיעז־פילאָזאָפישע אַריינטראַכטונגען און פאַרטיפונגען פון די חוקרים און לומדים. די מאַסן, בנוגע אַט־די דעטאַלן, פירן זיך אויף לויט געוויסע אימאַנענטע געזעצן, וואָס זיינען דערווייל אַ ספר החתום פאַר די אויפגעקלערטע רעליגיעזע דענקער.

ווער קען געוויי דערקלערן פאַרוואָס דער גרויסער עולם לויפט מיט אַזאַ אימפּעט און ברען צו „כל־נדרי", ווי אַט־די זאָגעכץ און אַט־דער צערעמאָניאַל, ווי אויך דערדאָזיקער תענית, וואָלט געווען דער מיטלסטער זייל אויף וואָס דער גאַנצער בנין פון יידישקייט האַלט זיך.

לויט דעם ביבלישן און תלמודישן אויפפאַס איז שבת אַ סך אַ וויכטיקערע אינסטיטוציע. דער אָנזאָג אָפּצוהיטן שבת שטייט אין דעם סאַמע אויבנאָן, אין די צען געבאָטן, דער וויכטיקסטער יידיש־רעליגיעזער דאָקומענט. דאָך געפינט מען טויזנטער און הונדערט־טויזנטער יידן, וואָס שבת איז ביי זיי אַ וואָכעדיקער טאָג, און זיי פאַרטראַכטן זיך ניט פיל וועגן מחלל־שבת־זיין, אַרבעטן אום שבת, האַלטן אָפּן די געשעפטן, אָבער יום־כיפור היטן זיי אָפּ, פאַר יום־כיפור האָבן זיי גרויס דרך־ארץ.

דער „עולם־גולם" האָט זיך זיין אייגענעם באַנעם וועגן רעליגיעזע אָנגע־לעגנהייטן. איך קען יידן, וואָס זיינען שוין אַזוי ווייט פאַרפאָרן פון טראַדיציאָ־נעלער יידישקייט, אַז זיי עסן אום יום־כיפור, אָבער דאָך האַלטן זיי אָנגעצונדן אַ יאָרצייט־ליכט נאָך זייער טאַטן און מאַמען. הגם פאַסטן יום־כיפור איז מדאורייתא און ברענען יאָרצייט־ליכט איז קיין מדרבנן אויך ניט.

אַט אַזוי פירן זיך „יידן פון אַ גאַנץ יאָר". און זיי זיינען, אין אַ געוויסער מאָס, גערעכט. ווייל די דעטאַלן־אויסאַרבעטונג פון שטייגער געפינט זיך אין זייער רשות, און קיינער קען זיי וועגן דעם גאָרניט זאָגן. און אויב עמעצער, אַ בר־סמכא, וועט זיי יאָ זאָגן, וועלן זיי אים סיי ווי סיי ניט האָרכן.

איך בין זיכער, אַז ערגעץ וואו וועבט זיך שוין דאָס געוואַנט פון דעם נייעם יידישן שטייגער. אָבער מיט די „לומדים", געהער זיך עס ניט אָן. עס ווערט

ביסלעכווייז אומבאַמערקטערהייט אויסגעאַרבעט אַ נייער נוסח פון יידישקייטלע־כער הלכה־למעשה צווישן די יידישע מאַסן, וואָס פילן זיך עכט־יידיש און ווילן זיך אויסלעבן יידיש. די „טעאָרעטיקער", די „פּוסקים" וועלן קומען פיל שפּע־טער און פאַרפיקסירן אָט־די „פאָלקס־דרכים" און זיי פאָרמולירן אַלס געבאָטן, דינים און חוקים.

.2

אייגנטלעך וואָלט איך געמעגט זיך דאָ אָפּשטעלן און זאָגן, אַז מיין ענטפער איז געענדיקט. אָבער איך האָב אַ חשש און אַ חשד, אַז מע וועט זאָגן, אַז איך מאַך זיך אַרויס פון אַ בפּרטיותדיקער תשובה אויף די פראַגעס, וואָס זיינען גע־שטעלט געוואָרן פון שלמה סיימאָן אין זיין אויבנדערמאָנטן בריוו און איך בין „מדחה אים מיט אַ שטרוי", לכן וועל איך זיך אָפּשטעלן אַ ביסל מער באריכות אויף די אַרגומענטן און געדאַנקען, וואָס ווערן אַרויסגעבראַכט אין „פרומקייט און גוטסקייט".

שלמה סיימאָן שרייבט:

„איך וועל אייך ענטפערן מיט אַ משל אויף אייער משל. די שטאָט איז אַוועק מיטן פייער. עס וואַלגערן זיך אין גאַס מענער, פרויען און קינדער . . . די מענטשן זיינען אין אַ סכנה קראַנק צו ווערן חלילה און אויסשטאַרבן. זיי קומען צו זייערע מנהיגים און בעטן זיך: מיר ווילן אַ דאַך איבערן קאָפּ. זאָגט דער הויפּט־מנהיג: לאָזט מיך צורו. איך מאַך פלענער פאַר בויען סאָלידע גע־ביידעס און איר מאָנט גאָר סוכות. מע דאַרף האָבן געדולד און ס'מוז נעמען צייט. די מענטשן וואָס פרירן וועלן אייך ענטפערן: דערווייל מוזט איר עפּעס טאָן. דאָס שליסט ניט אויס, אַז איר זאָלט נאָכדעם מאַכן פלענער פאַר סאָלידע בנינים. אויב איר קענט גאָרניט טאָן, וועלן זיך געפינען אַנדערע, וואָס וועלן אונדז צוזאָגן הילף. און איר ווייסט דאָך, ר' אבא גאָרדין, אַז עס פעלן ניט קיין פאַרזאָרגער ביי יידן".

אויף דעם וואָלט איך בלויז זאָגן, אַז דער משל פּאַסט זיך ניט צום נמשל. מענטשן גייען ניט אויס, שטאַרבן ניט אַוועק פון דעם וואָס עס פעלט זיי אויס אַ דעפיניטיווער נייער שטייגער. די אַלטע פאָרמעס פון הנהגה זיינען ניט אָפּגע־ברענט. די שולן — אָרטאָדאָקסישע, קאָנסערוואַטאָרישע און רעפאָרמאַטאָרישע — פונקציאָנירן. די מנהגים זיינען נאָך אויך ניט פאַרגעסן. און אויסער די שולן זיינען דאָך פאַראַן אויך נייע אַנשטאַלטן אויף דער יידישער גאַס. אפילו אַ זכר פון דעם טראַדיציאָנעלן יום־כיפּור־באַל קען מען נאָך אויך געפינען אין

בראָנקס אין די קאָאָפּעראַטיווע הייזער. אַזוי אַז „לא אלמן ישראל״. דאָס בילד וואָס שלמה סיימאָן מאָלט אונדז איז צו שוואַרץ פאַר אונדזער ווירקלעכקייט.

ווייטער, איך האַלט זיך ניט פאַר קיין „מנהיג״ און קיינער, ברוך השם, נעמט מיך ניט אָן פאַר אַזעלכן. איך בין דורכגעפאָרן אַמעריקע עטלעכע מאָל פון ברעג צו ברעג געערעדט אַ היפּשע פאַר מאָל אין אַ היפּשער צאָל שטעט, און זייער ווייניק מענטשן האָבן זיך צו מיר געווענדט מיט דער פאָדערונג: גיב אונדז אַ פּאַרטיקן שלחן-ערוכל, אַניט שטאַרבן מיר. און דער סטראַשונעק אַז אַנדערע וועלן עס יאָ טאָן, האָט אויף מיר אַ קליינע ווירקונג. איך שרעק זיך ניט. הלואי טוען עס אַנדערע, אויב זיי וויסן ווי אַזוי עס צו טאָן. איך וואָלט ניט זיין פון די לעצטע זיי צו ווינטשן הצלחה אין זייער פאַרזוך.

.3

איך האָב שוין אייניקע מאָל אַרויסגעזאָגט דעם געדאַנק אַז, לויט מיין באַנעם, לערנען איז איינער פון די יסודות אויף וואָס דער יידישקייט-קולט האַלט זיך. אָבער אָט-די פאָדערונג, אַז יידן זאָלן נעמען לערנען געפינט ניט קיין היל-כיקן אָפּקלאַנג אין די הערצער פון ברייטערן עולם. אונדזערע היינטצייטיקע יידן ווילן גיכער קויפן צען ביכער איידער איינעם איבערלייענען. „קולטור-טועריי״ איז געוואָרן אַ מין פּאָליטישע אַקציע, וואָס האָט אין זינען תמיד יענעם, נאָר ניט זיך. אויב איר וועט צושטיין צו יידן אַז זיי זאָלן אייך געבן געלט אויף אַרויס-צוגעבן ביכער, וועלן זיי דערפילן אייער בקשה, אין פאַל זיי זיינען פאַרמעגלעך און ניט איבעריקס קאַרג; אָבער אַז איר וועט זיי אויפפאָדערן צו לייענען, צו לערנען, וועלן זיי אייך געבן כל-ערליי תירוצים; און זייער הויפּט-תירוץ וועט זיין דאָס, וואָס זיי האָבן צייט אויף אַלץ, אויף קהלן זיך, אויף פּאַרטייעוען, אַרבע-טעררינגעוען, פאַרבאַנדעווען, אויף קריגערייען, רייסעררייען אוודאי און אוודאי, אָבער ניט אויף לערנען בציבור. פרויען לייען-קרייזן זיינען נאָך ערגעץ פאַראַן, אָבער אַז מענער זאָלן נעמען אַ יידיש וואָרט אין מויל בציבור, זאָלן גרינדן געזעלשאַפטן צו שטודירן, צו לערנען אַ יידיש ווערק בחברותא, ווי אונדזערע טאַטעס פלעגן טאָן אין יעדן שטעטל און שטאָט, וועגן דעם קען גאָר קיין רייד ניט זיין.

איך קען בשום אופן ניט משיג זיין, פאַרוואָס שאָקלען אַ לולב, שמייסן אַ הושענא איז יאָ פאַררעכנט פאַר אַ מעשה, און לערנען — ניט. פאַרוואָס? ווייל דאַרטן אַרבעטן די הענט, און דאָ דער קאָפּ? מיט וואָס איז דער קאָפּ ערגער פון די הענט? צו וואָס דאַרף מען האָבן דעם פאַרענטפער: התלמוד גדול שמביא

לידי מעשה[3], און ניט באַגרייפן אַז דער תּלמוד, דאָס לערנען גופא איז אַ מעשה, ניט קיין ערגערע פון יעדער אַנדערער אַקציע.

אין דער ביטול־באַציאונג צום לערנען און אין דער חשיבות־באַציאונג צו די „מצוות המעשיות" ליגט פאַרבאַהאַלטן אַן אָפּגעלעבטער גראָבער „מאַטעריאַליזם", וואָס אָנערקענט פיזיק און מעכאַניק און ניט פּסיכיק און אינטעלעקטואַליסטיק. דער אויבערשטער האָט פאַרגעבן די יידן די שווערסטע זינד, אָבער ניט דאָס פאַר־נאַכלעסיקן דאָס לערנען[4].

שלמה סיימאָן שרייבט:

„די קללה פון ליטעראַטורעווען (אַן גענדזן־פּיסלעך) האָט זיך איינגעגעסן אין אונדזער לייב ווי אַ מכה אונטערן הויט. ביי אונדז איז ניט איינגעפירט געוואָרן צו פרעגן דעם שרייבער: וואָס זיינען דיינע מעשים? ליטעראַטור איז געוואָרן די עבודה זרה פון דור".

אונטער ליטעראַטור איז ביי אונדז פאַרשטאַנען געוואָרן „שיינע ליטעראַטור". „מען באַקומט דאָך דעם איינדרוק, — האָט געשריבן ד"ר קאַראַלניק, — אַז די יידישע ליטעראַטור איז בלויז בעלעטריסטיק, נאָר ליריק, אַז יידן האָבן ניט קיין אַנדער באַשעפטיקונג ווי בלויז שרייבן לידער אָדער סקיצן — אָדער, וואָס איז נאָך ערגער — וועגן לידער און סקיצן. עס ווייזט זיך כמעט אויס, ווי דער אַלטער קוואַל איז אינגאַנצן פאַרשטאָפּט געוואָרן, און אַז עס האָט זיך געעפנט עפּעס אַ זייטיק רערעלע פון וואַנענט עס שפּריצט אַרויס 'קונסט'"[5] און „שיינע ליטעראַטור" איז ביי אונדז, ווי ביי פילע אייראָפּעאישע פעלקער, געשאַפן געוואָרן לויט די העלעניסטישע מוסטערן. „די העלעניזאַציע טענדענצן האָבן, זינט דער משכילים עפּאָכע אויפגעהויבן זייער קאָפּ אויף דער יידישער גאַס און איבערהויפּט אין דער יידישער ליטעראַטור. די העלעניזירונג פון דער יידישער קונסט־עקס־פּרעסיע איז שעדלעך, איז געפערלעך, איז דעגענעראַטיוו אין אַ קולטורעל־ציווי־ליזאַציאָנעלן זינען.

די העלענער אַלס קיבוץ האָבן פאַר זייער אומגעזונטן פּעסימיסטיש־פאַטאַליס־טישן קונסט־נוסח באַצאָלט מיט זייער עקזיסטענץ, און די העלעניזירונג פון דער יידישער קולטור־סביבה און געמיט־ספערע איז . . . כרת־פאַרשאַפנדיק. זי פאַרסמט די יידישע נשמה, פאַרגיפטיקט דעם יידישן אָרגאַניזם, הן פון יחיד און הן פון כלל און רופט אַרויס . . . אַן אָפּשוואַכונג פון די ווידערשטאַנדס־כוחות פון דער יידישער קאָלעקטיווער קערפּערשאַפט"[6].

די „עבודה־זרה" באַשטייט דאָ ניט אין דעם וואָס ליטעראַטור ווערט אַ זעלבסט־צוועק, תורה לשמה ווי אויך ליטעראַטור לשמה איז גאָר אַ וויכטיקער

ענין, נייערט אין דעם וואָס מען האָט אַוועקגעשטעלט אַ צלם אין היכל פון יידישן שאַפן, מען האָט איינגעפירט אַ פוסט-פעסימיסטיש פאַטאַליסטיש „עסטעטעוועכץ״.

4

די נביאים האָבן געהאַט, אין אַ געוויסער בחינה, אַ נעגאַטיווע באַציאונג צום רעליגיעזן צערעמאָניאַל. אָבער לגמרי זיך באַגיין אָן אַ קולט איז אוממעגלעך. דער נביא האָט באַקעמפט דעם קאָלטן פון קולט, ד״ה, דעם קולט וואָס פאַרמעסט זיך צו פאַרבייטן מיט זיך די עטישע הנהגה.

יעדער נאָרמאַלער ציבור שטרעבט זיך אָן אויפצוהאַלטן זיין קיום. מיט אָט־דעם צוועק פורעמט ער אויס זיין אידענטיטעט און פירט זי אַדורך דורך די דריי צייטן, פאַרגאַנגענהייט, קעגנוואַרט און צוקונפט. דאָס מיינט דער קאָלעקטיוו האַלט אָן באַציאונגען מיט דעם אַוועקגעגאַנגענעם דור, מיט דעם בייזייענדיקן דור און מיט דער אָנקומענדיקער גענעראַציע. עס איז אָבער קלאָר, אַז מיר קענען פּראַקטיצירן עטיק בנוגע די מיטצייטלערס, די מענטשן וואָס לעבן אין אונדזער צייט און אויך בנוגע די מענטשן וואָס וועלן קומען נאָך אונדז. מיר זיינען אָבער ניט ביכולת אָנצואווענדן אָן עטישן מאָדוס אין דער רעגולירונג פון אונדזערע שייכותן מיט די פאַרדעמדיקע דורות. מיט זיי קענען מיר זיך פאַר־בינדן בלויז דורך סימבאָלן און צערעמאָניעס וואָס באַצוועקן צו האַלטן פריש אונדזערע זכרונות וועגן זיי ווי אויך אויפצוהאַלטן רעשטלעך פון זייער אויפפיר.

ווען דער נביא זאָגט אונדז, אַז אָן עכטער תענית באַדייט נעמען די הונגע־ריקע און זיי געבן עסן צו זאַט, געפינען די באָרוועסע און זיי באַשוכן, אויסזוכן די הוילע נאַקעטע און זיי באַקליידן, קענען מיר אים פאָלגן, ווען מיר זיינען באמת גוטע מענטשן, בלויז בנוגע די אומגליקלעכע וואָס געפינען זיך מיט אונדז אין איין צייטאָפּשניט, מיר קענען, אָבער, ניט טאָן אָט־די מעשים טובים צו די פאַר־חלשטע־פאַרשמאַכטע, אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע, וואָס האָבן געלעבט אין די פריערדיקע צייטן. אונדזערע טאַטן האָבן ניט קיין רעטראָגראַדישע ווירקונג. מיט אונדזערע זיידעס און עלטער־זיידעס קענען מיר ניט אָנהאַלטן קיין עטישן קאָנטאַקט. מיר קענען זיך מיט זיי פאַרקניפּן בלויז מיט דער הילף פון סימבאָלן און זכרס, דורך נאָכטאָן, אין אַ מינימאַלער מאָס, זייער אויפפיר, און אַזוי אַרום שמידן די איינהייט פון דער קייט, פערפעטואירן די אידענטיטעט פון דער סאָציאַלער קערפּערשאַפט, וואָס מוז, לויט איר מהות נאָך, פאַרמאָגן געשיכטע, האָבן אַן עבר.

אָבער מיר דאַרפֿן גוט געדענקען אַז דער נביא איז פֿולשטענדיק גערעכט אין דעם וואָס ער שטעלט דעם טראָפּ אויף דער עטישער אַקציע און ניט אויף דער ריטואַליסטיש סימבאָלישער טועכץ.

5

שלמה סיימאָן דערציילט אונדז, אַז אַ ייד האָט אים געפֿרעגט, וואָס זאָל ער טאָן אום יום־כּיפּור: עס ציט אים אין שול אַריין און עס שטויסט אים אָפּ פֿון דער אַלטמאָדישער שול, און ער געפֿינט זיך ניט קיין אָרט.

איך פֿערזענלעך פֿיל אַ געוויסע אַנטיפּאַטיע צום יום־כּיפּורים. אַט־דער תענית איז אומגעהויער אַלט. מסתמא אַן איבערבלייבעכץ פֿון יענער צייט ווען די צאָל „זיבן" איז געווען עפּעס שרעקלעכעס און דער זיבעטער חודש איז געווען אַ געעפֿערלעכער מאָנאַט, און „עזאזל" איז געווען אַ וויכטיקער פּערסאָנאַזש אין „פּאַנטעאָן". איך וואָג צו טראַכטן טעאָרעטיש, אַז עס וואָלט גאָרניט געשאַדט, ווען מען זאָל דעם תענית אינגאַנצן אָפּשאַפֿן. אפֿילו אין חומש איז ער אַן אַנאַכראָניזם, ער האָט צו טאָן מיט אַ מדבר־שד מיט וועלכן יהוה, נעבעך, מוז טיילן איין טאָג אין יאָר זיין קולט־מאָנאָפּאָל.

אָבער ווי אויבן שוין אָנגעמערקט, דער ברייטער עולם האָט זיך זיין אייגענעם צוגאַנג צו אַט־די פּראָבלעמען פֿון שטייגער און רעכנט זיך ניט מיט טעאָלאָגישע אָדער פֿילאָזאָפֿישע פֿאַרטיפֿונגען און באַלייכטונגען.

מיר איז אויך ניט שטאַרק צום האַרצן דער ענין פֿון דער כּתיבה וחתימה טובה. עס שטעקט אין דעם, לויט ווי איך זע עס, צופֿיל הענדלערישע, בוכהאַל־טערישע פּסיכאָלאָגיע. מען טאָר דעם אויבערשטן ניט טרויען אויפֿן וואָרט. מען מוז פֿון אים אַרויסקריגן אַ צעטל, אַ קוויטל, שוואַרץ אויף ווייס, און דווקא מיט זיין אונטערשריפֿט, אַזוי אַז ער זאָל ניט קענען חרטה האָבן אין מיטן יאָר.

מען זעט דאָ באַשיינפּערלעך אַז מען האָט צו טאָן מיט אַ פֿאָלק וואָס איז בקי אין הלכות מקח וממכר און האָט, אפֿשר, דערפֿונדן דעם שטר, די שריפֿטלעכע פֿאַרפּליכטונג. און וויבאַלד דאָס פֿאָלק האָט זיך אַריינגעלעבט טאָג־טעגלעך אין אָט דער פּראַקטיק, האָט עס שוין ממילא געשאַפֿן זיך אַ בילד פֿון הימלישן אויפֿפֿיר לויט דעם ערדישן מוסטער. ווייל דער „שטאָט" אויף דער ערד איז ענלעך צום „שטאָט" אויפֿן הימל[7]. אויב מען קען אַ בשר ודם ניט טרויען אויפֿן וואָרט, נאָר מען דאַרף זיין התחייבות פֿאַרצייכענען אויפֿן פּאַפּיר לשם פֿאַרזיכערונג, ער זאָל עס ניט קענען אָפּלייקענען, דאַרף מען אויך בנוגע דעם רבונו של עולם זיך

פאַרזיכערן מיט אַ כתיבה וחתימה טובה, און ניט פאַרלאָזן זיך אויף זיין גוטן ווילן און בלויזן צוזאָג בעל־פה.

אָבער דוקא אָט די יום־טובים, ראש השנה און יום־כיפור זיינען ביים פאָלק די אָנגעננומענסטע, עס איז אַ צייט פון תשובה טאָן, פון פאַרבעסערן דעם אויפיר און אויסגלייכן דעם גייסטיקן בודזשעט. און ווי זאָגט די גמרא, „הנח להם לישראל"...[8] — לאָז דעם געמאַך...

איך וואָלט ראָטן אַזאַ יידן וואָס יום־כיפור פילט ער זיך ווי ער וואָלט אַרויס פון געלענק, אַז ער זאָל זיך צונויפקלייבן מיט יידן פון זיין גלייכן און בציבור שטודירן דעם ענין יום־כיפור, זיין אויפקום, געשיכטע, באַדייט, עבודה, זיך באַמיען צו פאַרשטיין אָט דעם פאַרצייטישן יום־טוב און תענית.

מען קען מיר זאָגן אַז אַזאַ האַנדלונג, ווי מאַכן אַ שטודיום פון יום־כיפור, אָנשטאָט עס צו באַצייכענען מיט אַ תענית ווי ס'רוב יידן טוען, וואָלט איבער־לאָזן די צונויפגעזאַמלטע שטודירער עמאָציאָנעל קאַלט, הגם אפשר דורכגעלויכטן אינטעלעקטועל. אויף דעם וואָלט איך ענטפערן, אַז די אויסזעצונג איז אַ ריכטיקע. עס איז טאַקע אַזוי. אָבער, מיר דוכט, אַז אַזוי דאַרף עס זיין. אין דעם, אין אָפּקיל, באַשטייט דער פאַרשריט בנוגע רעליגיעזן קולט.

די אַלטע יידישקייט־פאָרמען האָבן בשום אופן ניט געקענט אויסהאַלטן די קאָנקורענץ פון די פאַגאַניסטישע קולטן, וואָס אָנבאַלאַנגט צו עמאָציאָנעלע התלהבות, אויפברויז און אויפּציטער. וועלכע יידישע עבודה, אפילו אין די גאָר אַלטע גוטע צייטן, ווען דער בית המקדש איז געשטאַנען פעסט אויף זיין געשטעל און די כהנים האָבן געשאָכטן די לעמער און געשפריצט זייער בלוט און לוויים האָבן געשפּילט און געזונגען, האָט זיך געקענט פאַרגלייכן אין עמאָציאָנעלער רעגונג און צערייצונג מיט די עבודה זרה קולטן, וואָס זיינען באַשטאַנען אין פראַווען אָרגיעס פון שיכרות און זנות?

די גאַנצע לאַנגע אַנטוויקלונג פון רעליגיעזן קולט שטעלט פאָר מיט זיך אַ גאַנג אַראָפּצו בנוגע עמאָציאָנאַליזם און אַ גאַנג אַרויפצו בנוגע אינטע־לעקטואַליזם[9].

6

שלמה סיימאָן שרייבט:

„דאָס איז זייער אַ סכנותדיקער וועג אויף וועלכן איר גייט, רבי אבא גאָרדין, איר וועט מיר מוחל זיין, יעזוס האָט געניצט די זעלביקע אַרגומענטן."

דער אמת איז, אַז מיר ווייסן זייער ווייניק וועגן דעם וואָס ישו האָט געלערנט

זיינע תלמידים, וואָס ער האָט געאַסרט און וואָס ער האָט מתּיר געמאַכט. מען ציטירט דעם יעוואַנגעליום בלית ברירה, ווייל עס איז ניט פאַראַן קיין אַנדער ווערק וואָס זאָל וואַרפן ליכט אויף יענער עפּאָכע פון אַנטשטייאונג פון קריסטנטום, אויף יענע ערשטע טריט פון ערשטן לערער־באַגרינדער פון אָט דעם אָפּנויג פון טראַדיציאָנעלן פּרושימישן יידנטום. אָבער צופיל בויען אויף דעם יעוואַנגעליע קען מען ניט. די זאַך איז אַזוי. די פיר „בשורות טובות״, פון מתיא, לוקאַס מאַרקוס און יוחנן, זיינען געפעלשט און פול מיט ווידערשפּרוכן.

אַמשווערסטן קשה איז דאָס, וואָס אַ באַוועגונג, וועלכע איז לכתחילה אַנט־שטאַנען צווישן יידן, האָט ניט צו באַוויזן קיין אַראַמעאישע אָדער העברעאישע אָריגינאַלן פון איר לערע, פון איר „בשורה״. וואָלט מען זיך געקענט סומך זיין אויף אַ „שבחי הבעש״ט״, ווען עס וואָלטן זיך אויפגעהיט בלויז פרעמד־שפּראַכיקע איבעראַרבעטונגען לויט די ערשטע מחברים און ניט קיין יידישע און ניט קיין העברעאישע מקורות־ביכלעך? אפילו אויף אָריגינאַלן קען מען זיך צופיל ניט פאַרלאָזן אין אַזעלכע פאַלן, אַפּשיטא שוין אויף פרייע איבערגעזעצטע עלאַבאָראַציעס. ישו האָט זיכער ניט גערעדט קיין גריכיש צו די פישערס און בעל־מלאכות אין גליל. ער האָט גערעדט ווי דאָס פאָלק האָט גערעדט — אַראַמייאיש, ווי מען קען זיך לייכט דערקונדיקן פון די עטלעכע ווענדונגען וואָס זיינען פאַרבליבן אין יעוואַנגעליום אין זייער אָריגינעלער פאָרם, ווי „עולמתא קומי״ און ענלעכע אויסדרוקן. ישו האָט, נאַטירלעך, גערעדט דאָס פאָלקס־לשון, געברויכט אַלעגאָריעס, משלים פאַרווירצט מיט יידישן וויץ און שאַרפזין. וואו איז אָט די תורה שבבעל־פּה? פאַרלאָרן געגאַנגען.

לכן אַז מען סטראַשעט מיך אַז מיין וועג איז כלומרשט געפערלעך, ווייל ער איז ענלעך צום וועג פון אָנפאַנגלעכן קריסטנטום, שרעק איך זיך ניט, מחמת דער סטראַשונעק איז אַזוי גרונטלאָז אַז ער איז אַזש קאָמיש.

יענע עפּאָכע איז איינגעוויקלט אין אַ געדיכטן נעפּל פון אַ מיסטעריע. מיר וויסן זייער ווייניק וועגן ישון און וועגן זיין דרך. אורטיילנדיק לויט די טעקסטן וואָס שילדערן אים אין יעוואַנגעליום, זעט ער אויס צו זיין עפּעס אַ מין קאָמבי־נאַציע פון אַ בעל־שם, אַ היילער, אַ רפואות־געבער און אַ שבתי צבי וואָס האָט ניט „אויסגעביטן דעם רענדל״, נייערט געגאַנגען אויף קידוש־השם, געלאָזט זיך קרייציקן פאַר זיין לערע. מיט אַנדערע ווערטער, ער איז געווען גרייט צו באַצאָלן דעם פּרייז, בשעת די פאַלשע משיחים, וואָס זיינען געקומען פילע יאָרן שפּעטער נאָך אים, האָבן בעסער פאַרראַטן זיך, אויפגעאָפּפערט די זעל, איידער דעם קערפּער.

די טראַגעדיע פון קריסטנטום אין זיין ווייטערער אַנטוויקלונג באַשטייט, לויט מיין פאַרשטיין נאָך, אין דעם:

„דעם עוואַנגעליע האָט זיך געוואָלט אַנהויבן דאָרטן, וואו די ביבל האָט געענדיקט. דער קריסטנטום האָט געמאַכט אַ פאַרזוך אָנצוהייבן פון סוף, פון ישעיהס אַלמענטשלעכן אוניווערסאַליזם... לכתחילה האָט אויסגעזען, אַז אַלץ גייט כשורה. מ'האָט ניט באַמערקט — אַז באמת ריידן ישעיה און דער באַרבאַר אויף צוויי פאַרשיידענע שפּראַכן. בשעת ישעיהס אוניווערסאַליזם איז אַן אוניווער־סאַליזם, וואָס האָט אַריבערגעוואָקסן דעם נאַציאָנאַליזם, איז אָט דער פּסעוודאָ־אוניווערסאַליזם פון באַרבאַר אַן אוניווערסאַליזם, וואָס איז אפילו צום נאַציאָנאַליזם ניט דערוואָקסן... עקסטרעמען באַגעגענען זיך, דערפאַר האָט עס אויסגעזען, אַז זיי זיינען איין און די זעלביקע זאַך. דער באַרבאַרישער קריסט איז ניט נאָר ניט דערגאַנגען צו ישעיהס אַלמענטשהייט, אפילו צום פשוטן נאַציאָנאַליזם האָט ער זיך נאָך ניט דערשלעפּט" [10].

די שווערסטע זינד פון קריסטנטום באַשטייט אין דעם, וואָס ער „האָט נאָכגעגעבן דעם פּאַגאַניזם. ער האָט אַנטליען אַ רעכט ביסל לעגענדעס פון דעם לעצטן, גענומען ביי אים אַ גרויסע צאָל בילדער. בכלל האָט דער קריסטנטום צופיל פאַרוואולגאַריזירט די פאַרהעלטענישן צווישן מענטש און גאָט. ער האָט אַראָפּגעשלעפּט דעם ביבלישן יהוה צו נידעריק. ער האָט די דאָזיקע דערהויבענע השגה פאַרגרעבט בכדי זי זאָל קענען אַפּעלירן צום גראָבן געשמאַק פון די געצנדינער, צווישן וועלכע דער קריסטנטום האָט זיך פאַרשפּרייט . . . גאָט איז געוואָרן אַ שטיק פלייש און בלוט, אַ בשר ודם . . . אָט די זינד איז אומפאַר־געבלעך, זי פירט אין אַ דירעקטן וועג צו „עבודה זרה"" [11].

דער געדאַנק, אָבער, אַז דער הויפּט־חסרון פון קריסטנטום באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט כלומרשט אָפּגעשאַפט די הלכה פון די פּרושים, איז צו אויבערפלעכלעך און, ממילא, ניט ריכטיק. דער פאַלשער געדאַנק נעמט זיך פון אַן אילוזיע, וואָס שאַפט זיך פון דעם, וואָס דער אויפהויב פון עטישן ניוואָ דעקט צו, ווי עס דאַרף זיין, ברייטע שטחים פון הנהגה, פאַרפלייצט גאַנצע אינדזלען פון דעטאַליזירטער הלכה.

די גמרא זאָגט: „לא דברה תורה אלא כנגד יצר הרע" [12], די תורה האָט ניט גערעדט ווי בלויז פאַרן יצר הרע. אין אָט דעם פּלאַץ אין דער גמרא האַנדלט זיך וועגן די דינים פון אַ געפאַנגענער יפת־תואר. אָבער דער דאָזיקער כלל, אַז די תורה איז געשריבן געוואָרן, אין אירע מערסטע טיילן, פאַרן יצר־הרע איז אַנווענדבאַר כמעט אומעטום.

עס איז געזאָגט געוואָרן אין די צען געבאָטן, אַז מ'זאָל ניט גנבענען, הרגענען קיין מענטשן אאַז"וו. נו, שטעלן מיר זיך פאָר אַז אָט די עלעמענטאַרע געבאָטן וועלן זיכער אָפּגעהיט ווערן אויף דער האָר. אויב אַזוי, טאָ אויף וואָס דאַרף מען האָבן דעם „ואלה המשפטים"? צו וואָס די פאַראָרדענונגען מכוח דעם, אַז אויב מען גנבעט און מען כאַפּט דעם גנב דאַרף ער באַצאָלן, אין איינציקע פאַלן, צוויי מאָל אַזויפיל וויפיל די גנבה באַטרעפט, אין אַנדערע פאַלן, פיר און פינף מאָל אַזויפיל. אַז מען גנבעט אַ מענטשן און מען פאַרקויפט אים איז די שטראָף טויט. צו וואָס דאַרף מען עס? עס איז דאָך שטרענג פאַרבאָטן געוואָרן צו גנבענען, וועט דאָך קיינער קעגן לאו ניט פאַרברעכן, און אַז קיינער וועט ניט באַגיין דעם פאַרברעכן פון גנבה, וועט דאָך ניט זיין וועמען צו קנסענען. איז צו וואָס מאריך זיין וועגן זאַכן וואָס מען דאַרף ניט?! אלא וואָס? די תורה, די געזעצגעבערס, רעדט פאַרן יצר הרע. די לעגיסלאַטאָרן ווייסן גאַנץ גוט, אַז מען וועט די געבאָטן ניט פאָלגן. און אויף דעם פאַל פון פאַרלעצונג פון פאַרבאָט האַלטן זיי צוגעגרייט די ריטער און די שמיץ, וואָס וועלן באַלד פאַלן אויפן לייב פון פושע, דעם שקלאַף פון יצר־הרע.

אַ באמת פרומער ייד, וואָס זיין פשוטער וואָרט, צוזאָג, איז שטאַרקער און שטאַנדהאַפטיקער פון אַ נדר און אַ שבועה פון אַן אַנדער יידן, אַ קל, וואָלט ניט שווערן אפילו אויף אַן אמת. און ניט בלויז אַ שבועה וואָלט ער ניט געבן, אפילו פון אַ „הן צדק" וואָלט ער זיך צוריקגעהאַלטן. ווען אַלע יידן וואָלטן זיין ווי ער, אויף וואָס וואָלטן זיי געדאַרפט האָבן די דינים און כללים וועגן שבועות און נדרים?! און זיי וואָלטן אָט די דינים ניט דאַרפן ניט מחמת דעם וואָס זיי ווילן ניט טראָגן אויף זיך דעם דאָזיקן יאָך, נייערט, פונקט פאַרקערט, ווייל זיי האָבן גענומען אויף זיך אַ שווערערן עול, ממילא קענען זיי ניט טראָגן דעם גרינגערן.

אַ מאַן וואָס עסט ניט קיין פלייש און טרינקט ניט קיין וויין, נייטיקט זיך ניט אין די דינים, וואָס האָבן צו טאָן מיט בשר כשר, מיט שחיטה, מליחה, מיט אַראָפּ־נעמען סירכאות, מיט יין־נסך און כדומה. אָבער דאָס איז ניט דערפאַר וואָס ביי אים איז דער ענין דיעטע „הפקר פיעטרושקע", נייערט, להפך, ווייל ער איז שטרענג אָפּגעהיט. אורטיילנדיק פון שטאַנדפונקט פון קוואַנטיטעט פון די דינים, איז האָט דער „נזיר" אַן אָפּוואַרפער פון געזעצן און פאַרשריפטן, מחמת ער דאַרף ניט האָבן דעם גרעסטן און חשובסטן טייל פון יורה דעה. אָבער פון שטאַנדפונקט פון קוואַליטעט קומט אויס, אַז זיין איין דין, וואָס אסרט צו עסן פלייש און טרינקען וויין, אַנטהאַלט אין זיך מער פאַרבאָטלעכעס ווי דער אַנגע־פראָפּטער „יורה דעה". ניט דער האָט מער געלט ביי וועמען די קעשענעס רייסן

זיך אָפּ פון דער משא פון די קופּערנע מטבעות, וואָס ער שלעפּט מיט זיך אַרום, נייערט דער וואָס האַלט אין קעשענע איין שטיקל פּאַפּיר, אָבער דאָס איז אַן אַסיגנאַציע וואָס האָט דעם ווערט פון אַ טויזנט רובל.

דאָס אייגענע בנוגע הלכה. איר הייך און ברייט ווערן ניט געמאָסטן דורך דער צאָל סעיפים אין געזעצבוך, נייערט דורך דעם איכות פון געזעץ.

ווען ישו גיט זיך אַ זאָג: לאָד זיך ניט. אַז מע נעמט דיר אַראָפּ דיין אויבער־ראָק גיב אויך אַוועק דיין אונטער־רעקל, פּאַלט גלייך, נאָטירלעך, אַראָפּ מיט אַ טראַסק דער גאַנצער סדר נזיקין, אַלע דיני ממונות. זיי ווערן איבעריק. אַז קיינער ווענדט זיך ניט צום געריכט, דאַרף מען ניט קיין יוריספּרודענטן, קיין ריכטער, און קיינע געזעצלעכע פאַרשריפטן. אָבער דאָס פּאַסירט ניט מחמת דעם, וואָס ישו איז אַ מקיל, נאָר, דווקא פאַרקערט, ווייל ער איז אַ מחמיר. דער איין אָנזאָג: משפּט זיך ניט, קלאָג קיינעם ניט אָן אין געריכט, רוף קיינעם ניט צו בית־דין אונטער קיינע אומשטענדן, אַנטהאַלט אין זיך קוואַליטאַטיוו מער געזעצן ווי אַ פולער חושן־משפּט וואָס גיסט זיך אַזש אַריבער איבער זיינע מאַרגינאַלע ברעגעס מיט די מפרשים, פּוסקים־אחרונים.

הער איין לאָוו וואָס אסרט צו פירן מלחמות מאַכט איבעריק, איז מבטל אַלע קאָנווענציעס פון זשענעווע, אַלע כללים פון תכסיסי־מלחמה, אַלע רעגלען פון לאָגיסטיק, אַלע דינים וועגן מיליטער־דינסט, וועגן רעקרוטעריי, טרענירונג און דיסציפּלינירונג פון זעלנער, אַלע חוקים ומשפּטים וועגן די פאַרהעלטענישן פון די נידעריקע צו די העכערע און גאָר הויכע ראַנגען פון דער מיליטערישער יעראַרכיע. אָבער אָט־דער איין איינציק געבאָט וועגט אַריבער מיט זיין ווערט־פולקייט אַלע אָט־די מינדערווערטיקע אַנזאָגענישן און דעטאַליזירטע אימפּעראַ־טיוון און דיקטאַטן.

מע דאַרף באַגרייפן, אַז דאָס שטעלן דעם טראָפּ אין רעליגיעזן אויפפיר אויף גוטסקייט כנגד פרומקייט, מאַכט ניט דעם „עול־מלכות שמים" לייכטער, נייערט פונקט פאַרקער. ווען מע באַהויפּט אַז ר׳ „ישראל ואורייתא וקב״ה חד הוא" ווערט דער יחיד מענטש נתעלה אַזוי, אַז יעדער קער און ווענד, יעדעס וואָרט און יעדע טאָט זיינע ווערט אַ טייל פון אַן עבודה, וואָס דויערט אַ לעבן־לאַנג. זיין טיש ווערט אַ מזבח, זיין עסן ווערט אַ קרבן. זיין יעדע נאַכט ווערט יום־כיפּור מיט איבערלעכע ווידויים און חשבון־הנפש.

געמאַכטע „פרומקייט" איז דאָך בלויז אַ פּאַרטל, וואָס גיט מענטשן, קליין־גלויביקע, אַ מעגלעכקייט זיך אַרויסצומאַכן פון די גרויסע פאָדערונגען פון שטרענ־גער אַלזייטיקער אמונהשער הנהגה, וואָס גייט אונטערן פּשוטן עניוותדיקן נאָמען

„גוטסקייט". דורכפירן אַ תענית אין ישעיהס אינטערפּרעטאַציע און אַנדייט ווי אַ תענית דאַרף זיין איז טויזנט מאָל שווערער ווי אָפּצופאַסטן אַ טאָג, און פּטור אַן עסק, אָפּגעצאָלט כלומרשט דעם חוב דעם רעליגיעזן באַוואוסטזיין און געוויסן. די פרומקייט צאָלונגען און חשבונות זיינען אָפּצאָלונגען און אָפּרעכענונגען פון אַן אַנזעצער, וואָס ליקווידירט זיינע שולדן אויף דעם לייכטן וועג פון געבן איין קאָפּיקע פון רובל.

פאַרוואָס האָבן די יידן, אין דורכשניט, די אַזוי גערופענע פרומע, ניט געפאָלגט דעם נביא, וואָס האָט, אויבערפלעכלעך געאורטיילט, געפאָדערט זייער ווייניק, בלויז גערעכטיקייט? ווייל דעם נביאס איין פאָדערונג איז שווערער אָפּצוהיטן ווי אַלע „פרומאַצקע" דינים און פאַרשריפטן. עמוס האָט אַוועקגעשטעלט די גאַנצע תורה אויף איין זאַך: „פאַרשט מיך און לעבט"[13], אָבער אָט־דאָס „פאַרשן און לעבן" איז שקול קעגן אַלע דינים, חוקים ומשפּטים. אַ „לפנים משורת הדין" וואַרפט ניט אָפּ דעם דין, נייערט מאַכט אים איבעריק, מחמת ער איז צו נידעריק פאַרן מאָראַליסט וואָס הייבט זיך אויף העכער פון צוים פון געזעץ.

7.

## תפילה[14]

וועגן דעם ענין תפילה בציבור שרייבט שלמה סיימאָן:

„אָט־די קורצע תפילה האָט ער (משה) געזאָגט אין אהל־מועד, אין אַ שול, אין אַן אָרט, וואו מען קומט זיך צונויף צו דינען גאָט און מתפּלל זיין צו אים. מיר, וועלטלעכע יידן, האָבן ניט קיין זאַמל־אָרט, קיין בית־הכנסת, קיין צענטער. מיר וואוינען אין דרויסן. ס'איז שווער צו שטעלן זיך אויף „טיימס סקוועדר און תפילה טאָן צו גאָט".

איך קען מיט די געדאַנקען ניט איינשטימען. מע דאַרף האָבן, נויטיק ווי לעבן, אַ בית־המדרש, אָבער ניט קיין ספּעציעל געבעט־הויז.

פאַר תפילה דאַרף מען ניט האָבן קיין באַשטימטע צייט און ניט קיין באַשטימטן אָרט, ווי בלויז שטימונג, אַ באַשטימונג פון געמיט. תפילה פאָדערט אַ געוויסן זעלנצושטאַנד. דווקא לערנען פאָדערט באַשטימטקייט. „עשה תורתך קבע"[15]. פאַר תורה לערנען דאַרף מען האָבן „קביעות עתים,"[16], אַ באַשטימטע צייט. וועגן תפילה האַלט איך מיט אונדזערע חכמים וואָס האָבן אָנגעזאָגט, „אל תעש תפילתך קבע, אלא רחמים ותחנונים"[17]. ווען דאָס האַרץ ווערט אָנגעפילט מיט יאוש, שמערץ, אָדער, להפך, האָפענונג, ווען עס נאָגט אַ חרטה־געפיל, ווען עס

פילט זיך אַ באַדערפעניש אין אויסדריקן דאַנקבאַרקייט, ווען מע ווערט באַגייס־טערט, אָנגעצונדן און באַליכטן פון אינעווייניק, דעמאָלט איז די צייט פון געבעט.

„רחמנא ליבא בעי"[18].

מיר איז שווער זיך פאָרצושטעלן ווי אַזוי אַן עולם קען קומען אין איין און זעלביקן מאָמענט צו אַ צושטאַנד פון התלהבות און השתפכות־הנפש, סיידן עפּעס פּאַסירט, וואָס רירט אָן די סטרונעס פון אַלע הערצער. געוויינטלעך, אין תפילה בציבור, קומט פאַר אַזוי, אַ פּאָר יחידים פּילן טאַקע אַ באַדערפעניש מתפּלל צו זיין, די איבעריקע אָנוועזנדיקע, וואָס מע איז „מצרף צום מנין", בלייבן קאַלט־גלייכגילטיק. די פּאָר צעשטורעמטע זעליש דאַרפן שלעפּן די מתפּללים פון יוצא־וועגן ווי אַ שווערע לאַסט אויף די לירישע פליגלען פון עקסטאַטישן געבעט. און דאָס קומט זיי אָן ניט לייכט. זיי ווענדן אָן דערצו קינסטלעכע מיטלען, ווי זינגען דערהויבנדיקע, אויפוועקנדיקע ניגונים.

„אין שעה פון תפילה זכה, רחמים און געבעט,
פאַרטרוי זיך דיין באַגער ביחידות, ניט בציבור . . .
ווען דאַוונען מיט כוונה ווילסט, פון אַלעמען זיך פאַרבאַהאַלט,
ווי פּערל, שנירל און, ווי רענדלעך, צייל די ווערטער פון בקשה.
זיי זאָלן קומען פון דעם איבערפלוס פון האַרצן אָן געוואַלט
זיין עכט, זיין היימיש־חבריש, ניט אויסגעלערנט, ווי אַ דרשה"[19].

מען קען דאַוונען גאַנץ געשמאַק אויף „טיימס סקווער", ווען מען געפינט זיך אין אַ צושטאַנד פון „כל עצמותי תאמרנה". פאַרוואָס איז „טיימס סקווער" ניט ראוי צו זיין אַ „מקום קדוש"?!

צו וואָס דאַרף מען האָבן געבעט־הייזער?! מתפּלל־זיין דאַרף יעדערער פאַר זיך, ביחידות, בחדרי־חדרים, ניט אין אַן עפנטלעכן פּלאַץ און אַלע אינאיינעם לויט אַ באַשטימטן רעגלאַמענט, ווי עס מאַרשירן אַרעסטאַנטן אָדער רעגימענטן פון סאָלדאַטן מיט די „גאַנדזן־טריט", מיט אַ מושטרע, באַגלייט מיט די באַטויבנדיקע בראַזגערייען פון פּויקן. יעדער פאַר זיך שטילערהייט קען אויסגיסן זיין אָנגע־ווייטיקט האַרץ. דער יחיד־בעטער ווייסט וואָס עס טוט אים וויי. ער ווייסט אויף וואָס ער דאַרף זיך מתוודה זיין, אויף וואָס חרטה צו האָבן, פאַרוואָס צו בעטן פאַרגעבונג. ער ווייסט וואָס ער האָט געקראַנקט, פאַר וועלכן געשאַנק און גאָב צו באַדאַנקען, ער ווייסט וואָס אים פעלט און וואָס ער פאַרלאַנגט און האָפט און דערוואַרט צו באַקומען.

וואָס קען זיין מער חילול־הקודשדיק ווי אַ קאַנאָניזירטער זעלבאויסגוס! מתפּלל־זיין פון אַ געבעט־בוך אַרויס, לויט אַ באַשטימטן נוסח און סדר, באַשטימט

איינמאָל פאַר אַלע מאָל, באַשטימט פאַר אַלעמען אָן אויסנאַם, איז גלייך ווי צו שרייבן בריוו צו אַ פריינט, צו אַ ליבן פאָטער, צו אַ לייבלעכער מוטער, צו אַ געליבט ווייב, צו אַן אייגן טייער קינד — פון אַ בריוונשטעלער אַרויס. וואָס קען וויסן דער טראַפאַרעט, דער קלישע פון בריוונשטעלער וואָס דאָס אינדיווידועל קינד פילט צו זיין פאָטער, מוטער אין דעם געגעבנעם מאָמענט! פאַרגעשריבענע לאַנג־צוריק פאַרפאַסטע תפילות, וואָס מע חזרט איבער טאָג־איין, טאָג־אויס, יאָר־איין, יאָר־אויס איז גלייך ווי קאָפּירן בריוו און אַלע מאָל די אייגענע בריוו און זיי אָפּשיקן צום אייגענעם אַדרעסאַט — שטענדיק די אייגענע קאָפּיעס, אַ וואָרט ניט צוגעגעבן, אַ וואָרט ניט אָפּגענומען. דאָס מיינט דאָך פאַרשאַבלאָניזירן, חוזק מאַכן פון דעם גאַנצן ענין תפילה, וואָס איז און דאַרף זיין אַן „עבודה שבלב״[20], אָדער עס האָט ניט קיין שום ווערט און זינען.

פאַרצייטנס, אין די געצנדינערישע טעמפּלען, האָט מען פּראַקטיציִרט קערפּערלעכע פּראָסטיטוציע, קדשים, קדשות, וועסטאַלקעס זיינען געזעסן אין די הייזער פון גאָט־געץ; און זנות, משכב־בהמה, משכב־זכר און געוויינטלעך נאַרמאַלע הורעריי איז געווען דער חשובסטער טייל פון דער „עבודה זרה״. אין עגיפּטן, אין כנען, אין צור, אין צידון, אין אשור, אין בבל, אין פּרס, אין אור־כשדים האָט מען פּראַקטיצירט אומצוכט אונטער דעם צודעק פון גאָטעס־דינסט אין די „הייליקע טעמפּלען״. דער קולט פון איזיס, פון מלך, פון בעל, פון עשתרות, פון מיליטטא און אַנדערע גאָטיכעס מיט פאַרשיידענע נעמען איז באַשטאַנען פון די העכסט אָפּשוילעכע געשלעכטלעכע אָרגיעס. זייערע טעמפּלען זיינען געווען צענטערס פון הפקרות, פון אויסגעלאַסנקייט און צעלאַזנקייט. אין בבל האָט עקזיסטירט אַ קירכלעכע צוואַנג־פּראָסטיטוציע. יעדע פרוי איז לכל־הפחות איינמאָל אין איר לעבן געווען מחויב זיך אָפּצוגעבן אַ פרעמדן מאַן און אַזוי דינען די געטין מיליטטא. אין אינדיען האָט מען געפּראַוועט אַ ריטואַל פון אַ משכב בהמה. אין ביבלוס פלעגן די מיידלעך זיך פּראָסטיטואירן און דעם לוין אַוועקגעבן אין טעמפּל פון דער געטין בעלתית. דערפאַר האָט דאָך דער חומש אָנגעזאָגט „לא תביא אתנן זונה״[21]. היינט צו טאָג פּראַקטיצירט מען שוין מער ניט אין טעמפּלען קערפּערלעכע פּראָסטיטוציע, אָבער די גייסטיקע איז פאַרבליבן, און זעלנפּראָסטיטוציע איז ערגער און שעדלעכער פון קערפּערלעכער. די טעמפּלען זיינען אַ שטרויכלונג־שטיין אויף דעם וועג צו אמתער דביקות, אמתן גלויבן. כל־זמן עס עקזיסטירן אָט־די פאַלשע קירכעס, וועלן מענטשן ניט וויסן וואָס מיינט אמתע אהבת־הבורא, אמתע קדושה. אין די פיר ווענט פון די טעמפּלען ווערן געפּראַוועט פּסיכישע אָרגיעס. ס׳איז אַ חרפּה און אַ שאַנד.

דער „בית מדרש״ איז באמת געווען דאָס, וואָס זיין נאָמען זאָגט, אַ הויז פון לערנען און שטודירן. אונטער זיין דאַך האָבן זיך געפונען שטודיר־קלאַסן, זעלבסט־בילדונג פּאַראייניגן פאַר דערוואַקסענע, ווי חברה ש״ס, וואָס האָבן גע־לערנט אַ בלאַט גמרא מיט תוספות, חברה משניות, עין יעקב. עס האָבן אין אים געקראָגן אַ מקום־מנוחה אַפילו חברות צו לערנען חובת־הלבבות, כוזרי, מורה נבוכים. בחורים זיינען געזעסן און געלערנט סיי ביי טאָג און סיי אין די אָוונטן, אַנדערע — שפּעט ביי דער נאַכט און דורך דער נאַכט, געהאַט משמורס. עס זיינען אויך געווען פּרושים, וואָס האָבן געלערנט אויף „סמיכה״. אַזוי איז דער בית־המדרש געווען מער אַן אַקאַדעמיע, אַ סעמינאַר, ווי אַ פּאַרמאַלעס געבעט־הויז. אַפילו דאָס דאַוונען אין בית־מדרש האָט מען געקענט באַטראַכטן מער אַלס לערנען, ווי תפילה אין פולן פשט פון וואָרט. די „תפילות״ אין סידור זיינען אַזוי צוזאַ־מענגעשטעלט, אַז זיי אַנטהאַלטן אַ פּרשה חומש, „קריאת־שמע״ וואָס איז דער רוקנביין פון גאַנצן סדר־התפילה, קאַפּיטלעך תהלים, פסוקי דזמרא, אַ שטיקל משנה, אַ שטעל פון גמרא און אַפילו טעאָלאָגיש־פילאָזאָפישע אָפּהאַנדלונגען, אַזוי אַז דאָס זאָגן עס איז ניט קיין געבעט אין שטרענגען טייטש פון וואָרט, נייערט אַן אַקט פון לערנען תורה. לויט דער יידישקייט־אויפפאַסונג פון די פּרושים איז יעדער ייד מחויב צו לערנען, ער דאַרף מקיים זיין דעם „והגית בו יומם ולילה״ [22]. יעדער ר׳ ישראל איז פאַרפליכטעט צו לערנען יעדן טאָג און יעדן אָוונט, און יעדער טראַדיציאָנעלער ייד קומט נאָך אַט־דער וויכטיקער פאָדערונג און בשעת ער „דאַוונט״, לערנט ער [23], באמת.

דעם היינטצייטיקן יידן פעלט דער בית־מדרש, וואָס איז געווען די צענט־ראַלע אינסטיטוציע, אַרום וועלכער עס האָט זיך געטוליעט די כנסת ישראל אין משך פון די פאַר טויזנט יאָר פון גלות־עקזיסטענץ און שאַפונג.

„אַ רעליגיעז־עטישער דענקער האָט דאָס רעכט צו באַהויפּטן, אַז די כנסת־ישראל איז ניט אונטערגעגאַנגען, אפשר, אַ דאַנק דעם, וואָס די יידן האָבן גע־בויט זייער געמיידע־לעבן אויף דעם יסוד פון אַ בית־המדרש [24].

:: :: ::

מיר׳ן אַרויסברענגען בקיצור דעם סאַמע תמצית פון דעם אויבנגעזאָגטן:

אַ בייער שטייגער וועט געשאַפן ווערן אויפן סמך פון דעם אַלטן. אָבער אַט־די שאַפונג איז ניט קיין אַרבעט פאַר אַ יחיד, נייערט פאַר דעם רבים. און דאָס וועט געטאָן ווערן אויף אַן עוואָלוציאָנערן דרך. דאָס איז ניט קיין טעאָרעטישע פּראָבלעם פאַר אַ תלמיד חכם צו לייזן. דאָס איז אַ „פאָלקס־וועג״ וואָס דאָס

**פאָלק טרעט אויס, יחידים געלערנטע קענען בלויז געבן אָנווייזונגען, אָנצייכענען די ריכטונג, מער צו טאָן האָבן זיי קיין מעגלעכקייט ניט און קיין רשות ניט. דאָס איז ניט זייער באַרוף. יעדנפאַלס פיל איך זיך ניט בכוח מער צו טאָן.**

4טן אָקטאָבער, 1945.

---

## מ ר א ה ־ מ ק ו מ ו ת


1) יידישע שריפטן, העפט 19, ז״ז 17־308.
2) דאָרט, העפט 1, ז״ז 17־16.
3) מגילה כ״ו. — קידושין מ׳ :
4) ירושלמי חגיגה, פ״א, ז׳.
5) ד״ר א. קאַראַלניק, „געשטאַלטן און געדאַנקען״, אין „טאָג״, יולי 3, 1937.
6) אבא גאָרדין, פּרינציפּן און צוועקן־דערקלערונג, ז׳ 6.
7) ברכות נ״ח.
8) שבת קמ״ח : — פּסחים סו.
9) יידישע שריפטן, באַנד 3, ז״ז 274־279.
10) אבא גאָרדין, מאָראַל, ז״ז 121־122.
11) יידישע שריפטן, באַנד 3, ז״ז 152־153.
12) קידושין, כ״א:
13) מכות כ״ד.
14) אבא גאָרדין, יידישקייט, ז״ז 240־264.
15) אָבות, א׳.
16) עירובין נ״ד :
17) אָבות, ב׳.
18) סנהדרין, ק״ו :
19) מאיר אסתרס, „צו מיין מויל״, „יידישע שריפטן״, באַנד 2, ז׳ 16.
20) תענית ב׳.
21) דברים, כ״ג, י״ט.
22) יהושע א׳, ח׳.
23) „יידישע שריפטן״, באַנד איינס, ז״ז 17־18.
24) אבא גאָרדין, מאָראַל, ז׳ 177.



# אברהמס נסיון

פון

## מאיר אסתרס

טו

## אברהמעלע נעמט לערנען תורה

און נאָך אַ שמיץ, און נאָך אַ פּאָר.
דאָס פערדל, צייט, ווי מיט אַ בייטש, ווערט שנעל געטריבן.
אברהמל טרעט אַריבער שוועל פון נייעם יאָר, —
פון זעקס אָט־ווערט ער באַלד שוין זיבן.

זיין פאָטער גיט אים צו פאַרשטיין
די חשיבות פון דער צאָל, וואָס צייגט זיין ציל אין לעבן:
אַן אָפּגעקאָלכטער שבתדיקער מיילנשטיין
אין וועג צו תורה און צום רבין.

דער ערשטער רבי — גאָט; דער צווייטער — משה, דאָס איז דאָך באַקאַנט.
אין יעדן רבין דאַרף מען ערשטן רבין, גאָט, דערשפּירן.
ר' שמואל נעמט זיין זון, אברהמלען, צערטלעך ביי דער רעכטער האַנט,
כלחוך השור, פאַרטאָג, אין מרחץ, פּשט, אין מקווה, טוט אים פירן.

האָט אָפּגעטונקט אברהמלען צוויי און צוואַנציק מאָל,
אַ טונק פאַר יעדן אות, אין טרערן אויסגענעצטן.
אברהמעלע זאָגט נאָך אויף קלינגענדיקן קול
פון ערשטן בוכשטאַב, אַלף, ביז צום תיו, דעם לעצטן.

דער פּאָטער ברענגט זיין זון אין איילעניש אַהיים,
אין אַ ירושהדיקן טלית איינגעוויקלט.
אַ בלייכער עכאָ שטיל פּאַרטאַיעט, אין געהיים,
אין קינדס זכרון האָט די קלאַנגען נאָכגעציקלט.

— בן יקיר, דו וועסט נעמען לערנען היינט צוטאָג,
דאָס מיינט ביי דיר איז מעמד סיני, מתן תורה.
צו יעדן, וואָס הייבט אָן צו לערנען, קומט דער זאָג,
געבאָט, דער פּריסטער, פון דעם אויבערשטן בעל־קורא.

דעם „כתר תורה" גיי איך לייענען פאַר דיר,
מיט טיף כוונה שעפּטשע נאָך די ווערטער און די זאַצן.
דיין עלטער־עלטער־זיידע האָט פאַרפאַסט דעם שיר
בקדושה . . . און זיין ווערט איז גאַרניט אָפּצושאַצן.

פון דאָס געלייענטע דעם פּשט און טיפן דרוש
דו וועסט פאַרשטיין ערשט שפּעטער, ווען שוין גאַר אַ גרויסער.
דערווייל נעם אויף די ווערטער, ווי אַ מאַמעס קוש,
ווי ערדבשווים די זריעה... דאָס איז די ויותר.

---

# כתר תורה

## א.

## די תורה

אין מיטן „סאָד פון שטרעבן", אויפן „בוים פון לעבן" וואַקסט די תורה,
און כאָטש זי איז אַליין אי סאָד אי בוים, איז זי אַ פרישע פּרי,
וואָס זאַפטיק רייפט אַ קיילעכדיקן יאָר.
איר טעם ליגט אין מויל פון יעדן דור.
אין בליענדיקן פרילינג, וועלקנדיקן האַרבסט,
אַפילו אין דעם קאַלטן ווינטער, ווען דו שטאַרבסט,

אויך שפּעטערצו, ווען דו ביסט טויט, צופרי,
דיך לערנט תורה הקדושה קונסט פון אייביק לעבן.
און כאָטש זי לערנט דיך, דו לערנסט זי,
ווערט גערן דייַן תלמידה, מאַכט דיך פאַר איר רבין.
דער תורהס גרויסעס וואָרט
איז מזווג און פאַרפאָרט
דאָס אינעווייניקסטע מיט אויסווייניקן חוץ
און געצנדינערישן בלענדנדיקן פוץ.
ווי מאַן מיט ווייב, באַהעפט די אויסערלעכע מיט די אינערלעכע וועלטן,
ש"י עולמות מיט די מה־טובודיק גראַמע ידישע געצעלטן.
איר יעדער קלאַנג אין וואָרט
הן סאַלאָ'ט, הן ער באָר'ט.
ער זינגט אַליין
מיט אייגן חן,
און ניגונט אויך צוזאַמען מיט די פרומע ווערטער,
וואָס שירהנען פאַרשיידן אין חומשים־ערטער
פון אַלע פרעמדע שבטים,
אָן הפסק, מיט איין אָטעם.
איר יעדער קלאַנג אין וואָרט,
הגם ער שטייט אין אָרט
פון צייט, אין פרשהס פסוק איינגעכתיבעט, ווי גראַווירט,
באמת רייזט ער, פאָרט,
מיט דעם יצירה־וועג דורך אַלע דורות.
ער לייכט פיל ליכטיקער פון די מנורות,
מיט וועלכע דער געוועלבן־תכלת גאווהדיק שטאַלצירט.
און אויב מיר זעען ניט דער תורהס שיין,
און מוזן אָנקומען, פאַר בויט,
בייטאָג צו דער ליכט־קעניגין, די זון, בייַנאַכט צו שטערן און לבנה,
איז דאָס דערפאַר: מיר קענען ניט מקבל־זיין בשלימות איר מתנה,
ווייל אונדזער ראייה איז ניט גרייט,
פאַרמאָגט נאָך ניט קיין גומען פאַר דעם ווייַן,
וואָס פינקלט אין דעם דורכזיכטיקן כוס,
און ווערט סערווירט פון זיכטומס בעל־הבית.

און אויב מיר קענען זיך ניט ווארעמען ביים אש־דת, תורהס פייער־זשאר
און מוזן אויסבעטלען אַ ביסל חמימות פון דעם פריפעטשעק און אויוון,
פון שטיינקויל, האָלץ און טאָרף, געברויכן חומרדיקע הייצונג לתיאבון,
ניט להכעיס, איז עס גאָר אויף אונדז קיין חידוש... קענען ניט אַריין „בשער
המלך", אין דעם מלכות טויער פון דער תורהס קייזערלעכן הויף,
בעת נשמה אונדזערע איז אָנגעטאָן אין דעם לבוש־שק, אין זאַק
פון גוף, וואָס האָט פאַר כמה יאָרן ניט גענוצט קיין רוחניותדיקע זייף.
אויף דעם האָרבאַטן רוקן שלעפּן מיר פון זינד אַ זאַמדיק־שווערן פּאַק.
פאַרשעמטע בלייבן שטיין אויף יענער זייט, מחוץ פון סתרי־תורהס צוים ;
מיר זיינען עוור־דורכגעאָלטע שקלאַפן הן פון צייט און הן פון רוים.

ב.

## דער שם המפורש

אַן רירן זיך פון אָרט,
דער ספר נעמט דאָס וואָרט
פון ראש המדברים פון געקלאַנג,
דערפילט באַרעכטיקטן פאַרלאַנג,
ווייל ספר איז דער פאַרזאָגער און פאַרשווייגער פון וואָרט,
איז מוטער פון דוראַציעס דור און פאָטער פון דאָ'ס דאָרט.
וואָרט איז זיין אייגנטום, ווי אויך דער קלאַנג.
ער האָט אים ניט געקראָגן אַלס געשאַנק.
און קיינער האָט דאָס וואָרט אים ניט געשדכנט.
ער האָט דאָס וואָרט ביי קיינעם נישט געלאַטכנט.
ער האָלט עס ניט בגניבה, ניט בגזילה.
ער האָט עס ניט אַרויפגעשעפּט פון טיפעניש פון ים
מיט ווענדקע, נעץ, צי מיט אַן אַנדער כלי,
ניט אויסגעגנאַרט פון הימלס חכם, רשע אָדער תם.
ער האָט עס ניט געכאַפּט אין דעם געדיכטן באָר,
וואָס וואַקסט הויך אויף די ברעגעס פון דעם טייך „אַלגאָר".
ער האָט עס ניט געפאַנגען
אין פאַסטקעס פון געזאַנגען
צווישן פויגל אויף די ביימער,

אין הייכן פון די בערג און היגלען,
וואוהין עס ציען דרייסטע פליגלען
פון אַלע מיסטיקער און טרוימער.
ס'פאַרמאָגט אײן אײנציק הייליק וואָרט דאָס גאַנצע בוך,
און כסדר איז דאָס וואָרט ביי אים אויף אַ באַזוך.
און ווען בן־יחיד, וואָרט, וואָלט ניט געווען,
די מעשי־בראשית וואָלטן ניט געשען.
דער גאַנצער קאָסמישער פאַרנעם
איז בלויז איין וואָרט, דאָס איז דער שם.
פון ערשטער שעה פון בראשית וועקן,
ווען ס'איז געלייגט געוואָרן וועלטן־יסוד,
ביז לעצטער רגע פון אַנטפּלעקן
דעם קץ־הימים, דעם דערלייזונג־סוד,
האָט אוניווערס געהאַרכט דעם ספרס שם־המפורש,
וואָס איז פון אַלע נעמען, זאַכן — שטאָם און שורש.
פון ערשטער עפענונג פון מימראס אויג
ביז זיין פאַרמאַך, דעם „זיי־געזונט" פאַרנויג,
לקבר־ישראל קומען אונטער שאָטן פון דעם ציפּאַריסן־ברעם,
איז רק געווען איין וואָרט, בן־יחיד, און דאָס איז דער בפירושדיקער שם.
אָן וואָרט ווערט וועלט אינגאַנצן בטל, עפר ואפר.
די בת־יחידהלע, די מימרא, קען דעם ספר.
די תורה ליבט די מימרא, ווי אַ גוטע מאַמע ליבט איר קינד.
עס וועט ביי זיי קיינמאָל ניט קומען צו פאַרגעסונג, שכחה־זינד.
דו פרעגסט: ווער איז די טאָכטער, ווער די מוטער?
דער ענטפער איז: אַ פרעגער ביסט אַ גוטער.
עס איז צו קיין בן־אָדם ניט געגעבן דאָס צו וויסן.
פאַרוואָר, דיביידע פון איין אורקוואַל ערשטן, פריסטן־פרישן פליסן.
זיי בייטן צושטאַנדן, פּאָזיציעס, ווען זיי ווילן.
דער צווילינג טוט די מוטער־טאָכטער ראָלעס שפּילן.
פון איין עגאַלן עלטער, ציילן זעלבע טעג און בעכט דורך יאָרן,
ווי פולע קערנער פון דעם אייגן זאַנג אין פעלד פון רייפן קאָרן.
זיי זיינען דעמאָלט שוין געווען, ווען ס'ניט געווען נאָך דער באַשאַף.
און איידער ס'האָט זיך אָפּגעטיילט די מצוות עשה פון דעם לאַו.

זיי האָבן שוין געטאַמעוועט דעם אויפברויז פון דעם גרויען אָקעאַן,
דעם אויפקום פון הדרכה, עטיש־קאָסמישער, געזען בנבואה
און אים פאַראויס פאַרקינדיקט, איידער פערד פון אָיפפיר איז געגאַן אין שפּאַן
מיט לייצעס און מיט צאַם באַצוואונגען, שווער באַיאָכט מיט כאַמעט־דוהע.
נאָך איידער
דער סדר־
הזמנים איז געווען באַזאָטלט און באַגלעקלט,
באַלאָדן מיט געשעעבישן־זאָרגן,
באַשוכט מיט פּאַדקאָוועס, באַרעקלט־
באַקליידט מיט דער געשטרייפּט פּאַפּאָנע,
וואָס שוואַרצט ביינאַכט און העלט אין דעם פרימאָרגן, —
זיי האָבן גראַציעז אויף אים געריטן,
לויט דינע דינים, קילע כללים, זיטן,
ווי אויף די וואָלקנס — די לבנה.
זיי האָבן פערד געהאַלטן פאַר דעם ווידל־זנב,
און זמן איז דעמאָלט נאָך געווען אַ גרויסער עניו:
צום גוטן מזל, גרויסן גליק,
האָט ער געלאָזט זיך פירן
דורך טויערן און טירן
אַראָפּ, אַרויף, פאַראויס, צוריק.
וואו איז געשטאַנען זייער וויגעלע,
און וועלכע שיינע ווייסע ציגעלע
געשטאַנען אונטערן פיין וויגעלע?
און וואו איז זי געגאַנגען מסחרן און האַנדלען
מיט שכל־ראָזשינקעס און מוסר־השכל מאַנדלען?
דאָס איז אַ סוד
פאַר אום און גראָד.
דער אמת איז, אַז אָט די ביידע,
ווי זייער טאַטע, זון און זיידע,
לויט גאָר אַ נייעם שטייגער,
אַנטפּלעקן זיך, דערשיינען מיט דעם בליק
פון יעדן אומרו־וואַקל, טאַק און טיק

פון דעם דערוואַרטונג־זייגער;
און מיטן וואונק און פינטל
פון בלינדן אויג און בעלעם, —
פון אייביקייט געזינטל
זיי ווערן פלוצלונג געלם.
דער ספר גייט אַראָפּ אין גאָרטן צווישן „בלימה״־בלומען,
וואו „בינה״־בינען עסן נעקטאַר־שטויב — און ברכות זומען.
פון אותיות פלאַנצן
ער פלעכט זיך קראַנצן.
מיט זיי זיין יונגן קאָפּ באַקרוינט,
מיט תגין־קרייזעלעך באַשיינט.
אָן ספרס וואָרט קיין זאַך
הויבט זיך ניט אָן:
דער לשון רעדט קיין שפּראַך;
אין מויל די צונג
ליגט אָן אַ קלונג;
קלאַנג שטומט אָן טאָן.
דעם ספר האַלט די גאַנצע וועלט,
דעם הימל, ערד, קיין שטריך פאַרפעלט.
אנוכי־איך
איז פאָטערס דיך
און מוטערס טראַכט און שויס,
פון אים אַלץ קומט אַרויס.
יוד־היא־וואָוו־היא
האָט טייטשן צוויי:
דער „זיכער״;
דער „איך־ער״.

ג.

# אָנוכי...

אין נאָענטן מזרח, מדבר־לאַנד, גייט אויף די העלע זונשיין פון געוויסן לויט חומש „שמות״, קאַפּיטל כ׳, אויף דעם באַרג סיני, קליין־געוויקסיק בערגל.

אין געאָגראַפיע־בוך באַשרייבונג־שורות טוט ער ווייניק וואָס געניסן ;
ער ווערט דערמאָנט כלאחר־יד מיט אַ פּאָר ווערטער, ווי פון בלויזן הירגל.

דער באַרג איז, אָבער, גרויס
אין גרויסן חומש „שמות".

פון פילע דיספּוטאַציעס וואָלקנס ציִען איבער אים, ווי קאַראַוואַנען,
אַמאָל מיט שווערע דונער־כמאַרעס און אַמאָל מיט לויטערע געמיטער.
פאַרבערענגען שטיל די נעכט אין זיינע שפּאַלטן, ווי, להבדיל, אויף דיוואַנען,
פאַרטאָג זיי וואָגלען ווייטער מיט בטחון־מוט אַנטקעגן דעם געוויטער.

באַשטימט איז זייער וועג, ס'גייט בלויער הימלדיקער טראָט אַ גאַנג, אַ פעסטן.
דער פייערדיקער אָדלער פון ישראלס עטיש־שעפעריש זשעני
האָט אויף זיין שפּיץ אַ דירת־קבע, זיין לעולם־ועדיקע נעסטן.
דאָרט יונגוואַרג האָדעוועט, פון נעסט אַרויס זיי מאַכן זייער דרייסטן פלי.

אויף אָט־דעם שפּיץ פון באַרג (איז מלך ביי די בערג. זיי דינען אים פון יראה.)
אַ דיאַדעמע פינקלט, ווי פינף זונען שיינט די כתר־תורה־קרוין.
דער אָדלער האָט געבראַכט די קרוין צום באַרג, דעם אייגנטימער פון
זיין דירה.
ער האָט זי אים געשאָנקען במתנה גמורה, ניט געצאָלט פאַר וואוין.

די קרוין איז ניט קיין כתר פון אַ מלכות, ס'איז די קרוין פון מידות טובות.
פון סאַמע טיף געפּיל אַרויסגעגראָבן, אויסגעשמידט פון אויפּפּיר־גאָלד.
איר שמיד איז דער, וואָס גיט מתנות, ווי זיי וואָלטן זיין געמאָנטע חובות.
איר שמיד איז דער, וואָס קיינעם איז ניט שולדיק, דאָך כסדר ווילִיק צאָלט.

מע רופט די קרוין געוויסנשאַפט, איינאיכיקייט, ישראלס אחדות תורה.
אין מיטן פון דער דיאַדעמע אַ בריליאַנט העל־ליכטיקט, וואַרעמט, בלאַנקט,
ווי פון דער זון וואָלט ער פאַרמאָגט דעם שבת־קודש מיט דער נשמה יתרה :
ווי אין אַ רינג פון יישר־כוחס איינגעפלאַסטערט דימענט פון אַ דאַנק.

ווער ס'האָט געזען דעם איידלשטיין פון כתר־תורה, גליקלעך ט'זיין אויף תמיד,
פאַרשיכורט איז, אָן אויפוואַכונג פאַר חולין־וואָר, פון טרוימען־וויין.
פאַר גייסט־באַטרונקענע ער'ט זיין דער שליח־צבור, דאַווענען פאַרן עמוד.
דאָך ניכטער איז ער, ווי דאָס צדקה־געבן בסתר אָן דער פירסום־שיין . . .

ווער ס'האָט דעם איידלשטיין געגעסן מיט די אויגן, אומשולדיק וועט בלייבן.
קיין אומגליק וועט אין זיין געצעלט, אכסניא פון זיין זעל, קיינמאָל געשען.
אין סעדער פון נבואה זאַפּטיקע ברכה־פּירות טוט ער קלייבן,
אין פּראָפּעצייאונגען פון פלוך און תוכחה קיין אות פון קלאַנג דערזען.

דער נאָמען פון דעם דימענט איז אנוכי, איכהייטס האָפענונגען־פריידן.
ער איז דער דימענט פון די דימענטן פון ריינעם זויבערן געדאַנק;
אנוכי איז דער האַר פון שפּירונגען, דער פאָטער פון דאָס שפּרעכן־ריידן.
פאַר אַלע שעצער פון ממשות־ווירקלעכקייט איז ער דער סייף און שראַנק.

ער איז אין יעדן גרעזעלע אויף דעם געמייזעכץ,
אין יעדן בלאַט פון יעדן בוים אין סאָד;
אין יעדן ווינטן בלאָז, סיי לינדעכץ און סיי בייזעכץ;
אין יעדן גאַנג און ריר, אין אַקס און ראָד.

אין יעדער שווערער כמאַרע,
אין יעדן קראַך;
אין אויסגעשרייען: „שערי
שמים פּתח!"

אין יעדן חשבון־הנפש אויף געלעגער,
געמאַכט אין שטילקייט פון דער שפּעטער נאַכט;
אין יעדן שופר־שאַל פון בראַוון יעגער,
ווען ער אין וואַלד פון תאווה גייט אויף יאַכט.

דער פליט דעם אָנוכי הערט אין שלאָף. ער רעדט צו אים, צו „יעקב־וואָרים".
אין איבערנעכטיקן האָט ער געזען דעם הימל־לייטער פון חלומות.
עס זיינען אויפגעגאַנגען פון די פעלקער פון דער גאָרער וועלט די שרים,
און ניט געזאַמט, אַראָפּגעזונקען אין דעם חושך פון די טויטע תהומות.

אנוכי יהוה ווערט גלייך יעקבס היים, וואָס הויזט דעם אייביק לעבנס־קיום.
דאָ שטעלט ישראל זיין געצעלט פון חכמה, און פון תורה בויגט זיין אוהל.
קינד, יעקב, שעפּטשעט דעם „אנוכי", לערנט איכהייט־תורה אָן אַ סיום.
מיט יעדן פליסטער ווערט געשאַפן די נשמה פון ישראל גואל.

אין דעם אנוכי האָט די צאַרטע שכינה, ווי אַ מוטערס שטים, אַ ווייכע
געזונגען שטיל דאָס ליד פון אייביק משמורן דורך שרעק פון „ליל־שימורים״,
דערביי געוויגט ישראלס וויגעלעך, וואָס העגנען פון די ביימער הייכע,
פון מאַסטן אויף די וואַגל־שיפן, וועלכע שווימען דורך דעם בייזן שטורעם.

אין דעם אנוכי האָבן יעקבס עופעלעך די שכינה־ברוסט געזויגן,
געלערנט אַלף־בית פון טאַמעוון דעם מענטשן, חיה־רעה צוימען,
אין יצר־הרעס אויגן שיסן, טרעפן מיטן פייל פון תורהס בויגן,
צו ברענען, ווי אַ בראַנד, מיט קדושה, טומאה־רויך צו יאָגן דורכן קוימען.

ד.

# אָנוכי יהוה...

וואו זאָל איך נעמען שטילע טענער כדי אַרויסצופליסטערן דיין ריינקייט?
וואו קריגן אינסטרומענטן אויסצוהללויהנען אויף זיי דיין שיינקייט,
אַ שטאַרקע שטים אַריינצושרייען אין די טויבע עווערן פון ד'וועלטן:
זייט עולה־לרגל צום אָנוכי, צו זיין בית־המדרש אין געצעלטן?

וואו זאָל איך נעמען ליפּן כשר־ריינע: פון אַ קינד נאָר וואָס געבאָרן,
פון שטומען, וואָס זיין מויל קיינמאָל פאַרשמוצט מיט רייד פון ליגן
אָדער צאָרן,

אַזוי אַז איך זאָל קענען ביי זיך פועלן צו קושן, כאָטש, דיין שאָטן,
אנוכי... איכער־זיכער, יהוה, ערשטער פון די צען געבאָטן?

וואו זאָל איך נעמען צונג, מיט אימפעט פון די ברויז־שוים כוואַליעס,
דיך צו לויבן,

און איבער אַלע געטער, אַספּיראַציעס, אידעאַלן, איבערהויבן?
וואו זאָל איך נעמען אַן אַרטיקולירטן לשון, קלאָרע, שאַרפע שפּראַך,
דיך צו פאַרקאַרצערן אין נאָמען דיין, ווי אין אַ הויז מיט ווענט און דאַך?

וואו קען איך געפינען סאַזעלקע פון קלאָרער, לויטערער מחשבה,
אַן אָזערע פון שמחת־מצווה איינגעבערעגט אין נסתר פון התגלות,
אַ טייך פון דביקות און הזדווגות פון דער שכינה מיט דעם יונגן סבא,
וואָס איז באַצירט מיט תפילין, איינגעהילט אין נעפּל־זייד ווי אין אַ טלית?

און גאַנצע שמיטות, האַלבע יובלען,
אין יענעם וואַסער וואָלט זיך טובלען,
אַרויפקומען געוואַשן, ראוי,
און מוכן ומזומן כדבעי

דיך אויפצונעמען אין דיין פּראַכט
אין מיין באַוואוּסטזיין פון פאַרטראַכט.
וואו זאָל איך נעמען בעכער אָדער כּוס
צו טרינקען פון דיין נאָמען יעדן אות?

און ווען ס'וועט מיר, באמת, זיין באַשערט
צו קריגן כּשר מויל, וואָס זאָל זיין ווערט
צו עסן פרישע זיסע פּירות פון דיין בוים,
און זיצן אין דעם סאָד פון שם, ווי אינדערהיים.

אַוואו געפינען וואלסן, רקידהלעך, קאַדרילן
אַרומצוקרייזן דיך מיט דביקותדיק געפילן,
אַרום דיר צייכענען עיגולים, רונדיק קאַראַהאָדעווען,
מיט דיר אינאיינעם און צוזאַמען וואַקסן און זיך האָדעווען.

און ווערן אין דיין גרויסן זכות נתעלה
און שטייגן, אויפגיין, ווי פון הייוון חלה,
דער אייניקל פון גזע לחם הפּנים,
וואָס אַלע ברויטן יידישע דערמאָנען.

און פון דעם גבורה־דיבור, פון באַפעל,
וואָס איז אַרויס מיט דונער פון דיין קעל,
פון טיפן, איבערהייכן נשמה־שפּרוך
טראָג איך אַרום דעם ריח און גערוך

אין די זיך־יאָגנדיקע כוואַליעס פון מיין וויציק ווייץ אין פעלד פון חריפות,
אין קאַרבן פון מיין שטערן, וואו מחשבות־קנייטשן האָבן די אסיפות.
איך פיל, ווי דיין געשמאַק טעמט אויף מיין גומען,
וואָס דורך נבואה איז צו מיר געקומען.

פון דיר אַליין מיט מילך און האָניק פליסן אַלע אינטואיציע־שטראָמען.
ביי דיר עס וואוינט דער למד־וואָווניק פון די חושים, זעלבסט־
באַגלויבטזיין־אמן:
ער קושט און גלעט מיט זיינע הייליקע פוספלאַכן — פון דער ערד דעם שטערן.
געפינט זיך תמיד צווישן פאָלק אויף היימיש־פריינדלעך אופן פון פאַרקערן.

ער חברט זיך מיט יעדן מיטגליד פון געמיינדע; קאָסמאָס איז איין קהילה.
מיט יעדן קעגנשטאַנד פון דעם אַרום זיך אייניקט מיט יחודים שטילע.
ער פליט מיט יעדן פליגל אין־דער־לופטן,
וואָס אויסגעשפרייטער מרחק צו זיך רופט אים.

ער שיפלט זיך מיט יעדן שופן, פלוספעדער אין וואַסער,
וואָס דורך „ויקרא" בשורות טובות איז מבשר.
ער רויזלט זיך מיט יעדן שטעכל אין דעם גאָרטן,
ער ימט און טיפט מיט אוקינוס פריי פון פאָרטן.

אין מחייהדיקן שאָטנדל פון דיינע אותיות־בוימער כ׳בין געזעסן.
זיי שאָרכן מיט די בלעטער אויף דעם צווייג טראַדיציע מיט צעשפריצטע טיתן.
זכרונות זייערע איך האָב מיט זיך אין אומעטום אַרומגעטראָגן,
זיי שעפּטשען, סודען־זיך גלאַט־ווייך, ווי זיידנס פון די בלוילעכע פאַרטאָגן.

כ׳האָב זיי געבראַכט אין אָט־די לענדער גראָבע, שאָרסטקע, האַרטע און צעקאַרבטע,
און אויסגעבעט מיט זייערע וואָלן — וועגן דאָרנדיק פאַרהאַרבטע,
וואו פעלקער ווי יחידים, הונגעריקע, דאַרשטיקע, פאַרחלשט־מידע,
אָן לייב און לעבן, אויסגעשעפּט אויף־לער, ווי פאָרן טויט געזאָגטער ווידוי,
אָן תכלית שלעפּן זיך און וואָגלען, וואַגאַבונדעווען, אָן האָפנונג וואַנדערן . . .
צעקריגט מיט זיך אַליין אין בדידות ווי אויך בציבור, איינער קעגן אַנדערן,
מיט ליפּן האַלב־צעשפּאָלטענע, מיט פּנימער, ווי קופער־בראָנז, פאַרברענטע,
דיך האָבן זיי געבענטשט מיט אויגן־בענקעניש צו מזרח־זייט געווענדטע.

ניט וויסנדיק דיין נאָמענס לאַנד,
דיין בונד פון הייליקן פאַרבאַנד.
ניט האָבנדיק פאַרזוכט דאָס ליכט,
וואָס שטראַלט אַרויס פון דיין געזיכט —

און זייערע געפילן צאַרטע האָבן דיר געשיקט דאָס הערצער־קלאַפּן.
פאַרשטויבטע פּיס אין שטרויכלונג האָבן דיך דערטאַפּט אויף די עטאַפּן.
און זייערע צעשויבערטע מחשבות האָבן דיר געשיקט — געדאַנקען
און מיט דיין באַלזאַם האָבן זיי געשמירט דעם גייסט צעבראָכענעם און קראַנקן.

דו ביסט דאָס ליכט פאַר מיינע וויזיעס־אויגן.
דיין „אור הגנוז" טוען תמיד זויגן,
און בעטן שיין ווי אַ נדבה, ווי אַ חוב עס פאָדערן.
דו ביסט דער צירקולירנדיקער פלאַם אין מיינע אָדערן.
דו ביסט דאָס עמערל,
וואָס שעפּט געדאַנק־געטראַנק
אין תהומות־טיפן ברונעם פון מיין מוח.
דו ביסט דאָס העמערל,
וואָס קלאַפּט אין קוזנע פון מיין האַרץ מיט כוח
אויף דער קאָוואַדלע פון געפיל.
דערביי זינגסט זמרל.
דיין אַרבעט איז געזאַנג
פון ריינער קונסט אין שיינקייט־שפּיל.
ביסט די מרכבה,
פון מיין מחשבה
און די אופנים־רעדער אין מיין רייטוואַגן־געהירן.
פאַר דיר כ'האַלט אָפן מיינן פאָרן, טויערן און טירן.
דו ביסט מיין זאַלץ פון אַלץ, געווירץ פון גאָר.
דו ביסט מיין ערשטער שטענדיקער „יהי אור!"
און אין דיין נאָמען, וועלכער איז אַ גאַנצע תורה,
געפין איך פרייען ווילן און אַ פרייע ברירה,
הנהגהשע דינאַמיק, פלאַטער־צאַפּל, זיד און קאָך.
מיר וואָלט ניט נמאס־ווערן בליקן דיך אַ פולע וואָך
און יום־טוב, שבת־קודש,
אין צולייג אויך ראש־חודש.
ביסט ניט מיין האָר, מיין געץ, אַן אָנגעבלאָזענע און פוסטע דודע.
מיר זיינען אויסגעבונדן, אויסגעקניפּט. מיט דיר איך דיך פאַרטרינק און עס.
איך מאַך פון דיר פאַר מיר און דיר, צוגלייך פאַר אַלעמען, אַ סעודה,
און די מאכלים איך דערלאַנג אין דיין געשיר, אין הייליקן געפעס.

אין האַרצן טיף, ווי אויפן אָרעם, כ׳טראָג דיין חותם.
פון אײלבערטן, פון אויסגעפּרעסטע פרישע זיתים,
דו גיסט פּזרנותדיק דעם בוימל אויף מיין גרויען קאָפּ.
דער שמן זית זך טריפט אויף מיין לאַנגער באָרד און פּאות;
ווי חכמה פון די ווייטע דורות, ריזלט באַרג אַראָפּ
און פילטערט זיך אַדורך די מוסר־השכלדיקע דעות.
איך בין פון דיר געזאַלבט, באַגאַנצט און ניט פאַרהאַלבט.

אָנוכי־איך! אין דיר עס וואוינען אַלע צייטעלטערס, די אַלטע שיווע,
די אָבות־אבותינו פון דער גרויער העט־פאַרצייטישער עפּאָכע.
אין דיר עס לעבן שמעיא און אבטליון, הלל, שמאי און עקיבא.
אין מוחות זייערע עס צייטיקן די קאָרן פעלדער פון הלכה.

אין בוזעמס שפּרודלט קילער קלאָרער קוואַל פון דער אגדה.
דער קוואַל טרינקט אָן דעם סודותפולן סאָד פון מידות, גמילות חסדים.
תנאים שפּרייזן טריט ביי טריט, און יעדער טראָט צום בורא זינגט אָן אָדע.
פון זיי צו אונדז עס ציט זיך חוט־המשולש, תורה, חכמה, מוסר־פאָדעם.

גרויס אָפּשיי מאָנען בערד און פּאות זייערע, געקרייזלט אין ספּיראַלן,
ווי ווייסע יונגינקע בעריאָזקעלעך אין פרישן ווינט צעפלאָשעט.
האַלב צוגעמאַכט די אויגן, ווילן שפּרייז און גאַנג ניט הויבן זיך, ניט פאַלן,
בלויז גלעטן שליאַך. זיי זוכן און געפינען שטעגן, שטיל און פּשוט.

זיי קומען נאָענט צו די אָפּגרונטן און תהומות.
זיי שאָרן זיך ביים סאַמע זוים, ביים עצם ראַנד זיי שוועבן.
אויף זיי פון אונטן לוקן טיפקייטן מיט אימות.
זיי שרעקן זיך ניט, זייער טראָט ווייסט גוט דאָס לאַנד פון לעבן.

אַרום עס לויערן און טשאַטעווען די ארבע מיתות.
און אומגעהויערס פלוצלונג צייגן זיך מיט מיילער אויפגעפּראַלטע נאַסטיזש.
עס כאָרכלען שבעים אומות, פעלקער אין אַגאָניע־גסיסות, —
ישראלס זקנים לערנען מיט דעם טויט די פּרשה „בלק״ גאָר אין פּשטות.

פון וואַסער־פאַלן טויבנדיק־פאַרטומלדיק עס הערן זיך גערוישן.
ציוויליזאַציעס ברעכן איין, פון שכחה־צאַן זיי ווערן אויפגעפרעסן.
די זיידעס, טאַטעס מיט די קינדער גייען לעבעדיק אַרום אין דרויסן:
„ישראל חי!״ צעשפּריצט, מיט פולער יוגנט־גבורה, כופלט זיינע חיתן.

אין זייער צוג זיי צייכענען אַ ליניע קורצע, גראַדע,
פון דורות יידן לאַנגע ענדלאָזע שערענגע.
דעם „חי אָנוכי לעולם״ זינגען טריט, ווי אַ באַלאַדע.
זיי טאַפּען אויס דעם מעטער אין כאַרייען שטרענגע.

און ניט מיט בלוט און בליי, מיט בליט און בלום ישראל מאָלט זיין גרויסקייט־חלום.
די קנאָספּן גיסן זיך אָן מיט דעם זאַפט פון שפּראָצנדיקן פרילינגס כוח.
אויף יעדן בוים אין זיין געשיכטע־גאָרטן וואַקסט און צייטיקט פרוכט פון שלום.
אין האַרבסט גייט בלאַט אויף קידוש־השם פון שטאַם, פאַלט, זינגט „עלינו לשבח״.

צו דיר געקומען בין אויף אַ באַזוך.
מיין וועג כ׳פאַרזיי מיט גוטע מידות, „רחום־חנון״־זיטן.
אין מיין נשמה אָטעמט דיין אַראָמאַ און גערוך.
די שטעכלעך האָבן זיך אויף רויזן, גלעטנדיק, פאַרביטן.
און טאָג ווי נאַכט אין דיינע אויגן זיך איך שפּיגל.
זיי זיינען פריי פון צודעקלעך, פון ברעמען, וויעס.
די טייכן ליגן אָפענע, אָן שליוזעס־ריגל.
אין פלוס, אין שטראָם אויף זיי צו קוקן איז מיין חיות!
וואָס פאַר אָן עמקות ליגט אין זייער אויבערפלאַך.
די שטערן באָדן זיך אין ריטשקעלע און באַך.
אין דיינע אויגן ווייסלעך האָב איך זיך געבאָדן,
און אָפּגעוואַשן ריין מיין בשוגג און בזדון
פון שווערע זינד און לייכטע קליינינקע עבירות,
וואָס וואַקסן אין מיין סאָד צווישן מצוות־פּירות.
אין דיינע ברייטע אָזערעס און לאַנגע טייכן
האָב איך געוואַשן ריין מיין פלעקן־פעל פון חיה רעה,

דערטרונקען דאָרט מיין שוטה מיט די שטותים רייכן.
אַרויס פון וואַסער, און געוואָרן ערשט צו טבילה ראוי,
דאָס מיינט צו קוקן גלייך דיר אין די אויגן.
איך האָב געטובלט זיך אין דיינע וואַסערן און שטראָמען.
מיט האַנט געשפּאַנט זכרון, ווי אַ בויגן;
און פייל און צילברעט איז געווען פאַר מיר דיין מפורש־נאָמען.
אין פינטל „איך" וועל, זיכער, טרעפן, ס'איז ניטאָ דערביי קיין ריסק.
מיין בוזעם איז געוואָרן רונדיק־קיילעכדיק, ווי זונענדיסק,
און, אפשר גאָר, ווי די לבנה, ווען אין מיטן חודש קומט אַ פולע.
אין וויזיעס וויטע וואָרע האָבן זיך געצונדן פייערלעך פון גאולה.
מיט יעדער פרומער, פריער טבילה איז מיין פנים יונג און פריש געוואָרן,
הן ליכטיק דורכזיכטיק און הן פרימאָרגן־נעפּלדיק און ראָז,
הן שעמעוודיק־באַשיידן, ווי דער בלויער בלימל צווישן רייפן קאָרן,
הן חוצפּהדיק פאַרריסן, ווי דער שטראַלן־גאַנג אויף שויב פון גלאָז.

אין דיינע וואַסערן זיך אויסגעבאָדן.
זיי האָבן מיך געהאַלדזט, געקושט.
גענורקעט, צוגעפאַלן צו דעם באָדן,
פון עקזאַלטאַציע בין פאַרחושט.

זיי האָבן מיך געלערנט תורה, אהבה רבה: „ליב לשם ליבע",
ווי זונען ליבן הימלען, שטערן ליבן לבנות.
צו ימען — טייכן שיקן וואַסערן, הן קלאָרע און הן טריבע,
און אַלץ ווערט אויפגענומען, — טייערע מתנות.

אויב עמעץ זוכט דעם וועג פון לעבן, יעקבס דרך,
וואָס איז פאַרפלאַנצט מיט רויזן, כאָטש מיט דערנער דיק באַשאָטן,
און וויל זיין גליקלעך אויף אַן אמת, ניט בערך, —
געשווינד זאָל גיין צו דעם געבאָט, דעם פאָטער פון געבאָטן.

אָנוכי איז דער „מקום אבני שיש טהורדיקער" קוואַל פון גליק.
אני אל־שדי איז דער קאָסמאָס־בוזעם כוואַליענדיק אין הויב און פאַל.
אָנוכי איז דער פּשט די אייביקייט געלעבט אין יעדן אויגנבליק.
אָנוכי איז פאַר אַלץ וואָס לעבט און שטרעבט דערפרישנדיק, ווי טוי און טל.

איר געצנמאַכערס, געצנדינערס, כומרים קרומע־פרומע פון דעם גוף,
אַנשטאָט צו קומען צו די בני־ישראל לערנען זייער אייביק גאַנג,
איר „פאָרשט צו טויטע״ פגרים, וואָס צו תחיית־המתים שטייען קיינמאָל אויף,
איר גייט צו ווילדע שבטים, לערנען הלכות דזשאַנגל, תורה פון דער שלאַנג.

אין גניבה, גזילה, מאָרד, רציחה,
אין פרעמדנס אומגליק זוכט איר אייער גליק.
געפינט אַ מיתה גאָר אַ גיכע,
און טאַקע נאָכן פייערלעכן זיג.

איר האָט באַזיגט מיקלאָמפּערשט אייער שונא.
זייט וויסן: וויטן שכן קען ניט שמייסן אייער רוט,
בעפאָר איר מאַכט פון אייער זעל אַ זונה.
אין אייגענער הריגה טוט פאַרזידן אייגן בלוט.

זיך גופא טוט איר, קאַניבאַלן, הורגן און פרעסן.
פון תאוות, גראָבע דינסטן, ווערט איר דינער, קנעכט, —
און ערשט דערנאָך זייט איר אימשטאַנד אָנוכין צו פאַרגעסן.
איר זוכט פערזענלעך גליק אין פינצטערניש פון נעכט.

אין שוואַרצן חושך אויף די ווייסע בעטן,
ווען ס׳פינטלט אויג פון קויל אין דעם קאַמין,
פאַרזשמורעט אונטער אַש פון פייער־געטין,
ווען שיכור־ווייַן אין פלעשל פינקלט גרין.

איר וועט קיין גליק, קיין סאַטיספאַקציע קיינמאָל ניט געפינען.
איר מאַכט פון אייער גוף אַן אָפּגאָט און צו אים טוט דינען.
איר מאַכט פון זיך און זעלבסט אַ תל בכיוון.
לאָזט איבער פון דעם „איך״ באַגריף נאַאיוון.

אין טירוף־דעת פון זעלבסט־אַנטאיכונג, אין אַ ביטול־מאַניע,
דעם גאַסט הייסט ווערן גאַסטהויז פאַר דער אייגענער אכסניא.
הייסט אורח לייגן זיך, ווי דאָך, אַריבער דער געביידע, זי באַשיצן
פון שנייען־זאַווערוכעס, קעלטן־פרעסט, פון רעגנס, דונערן און בליצן.

פון קערפּערס אייגענע, פאַר זיך אַליין, טוט געצן מאַכן,
צו דער „עבודה זרה" פון דעם „גוי", דעם גוף, טוט דינען.
די זיכן ריינע פּסיכישע פאַרוואַנדלט איר אין זאַכן.
פון אינסיסטענץ באַשאַפט אַ סובסיסטענץ אָן קיין שום זינען.

ווי אַ באַזיגער איינקוואַרטירט די אָקופּאַנטן זעלנער, קאָמאַנדיר,
איר נעמט דעם ליימענעם גוף־גולם און אים זעצט אַריין צו זיך אין זעל.
צו דער מפונקת פּרוי זאָגט גראָבער חומר־חם: „אַקאָמאַדיר!"
מוז אויסשטיין אַלע זיינע ווילדע שטיק, באַדינען יעדן גליד און צעל.

אין אייער טיפּשות קערט איר איבער און פאַרווירט די יוצרות פון באַשאַף:
דעם גראַף פאַרכישופט איר, פאַרליימט, פאַרציגלט און פאַרמויערט אים
אין שלאָס;
דעם שלאָס דערקלערט איר פאַרן „גרויסן פּריץ", פאַרן „פּאַן", אַלמעכטיק
גראַף.
שאַמפּאַניער, שוימענדיקער, ווערט אַ בית־הקיבול פאַרן קובעל, כוס...

אַנשטאָט אויף פערד געזאָטלטע זיך זעצן רייטן,
עס רייטן פערד אויף אייערע פאַרהויקערטע פּלייצעס.
די ראָלעס טוט איר, משוגענע העוויות, בייטן:
עס האַלטן פערד ביי אייך אין מויל דעם צוים און לייצעס.

איר זייט פון שרעק פאַרקראָכן, ווי די מייז, פאַרהוילן זיך אין
קערפּער־נאָרעס,
ווילט ניט אַרויס פון ברענענדיקן שטעלכל, עלעהיי אַ קו אַ דולע.
אַנוכי וועט אייך אויסשיילן און אויסלושטשען פון שאָלעכצן און קאָרעס,
און געבן אייך אין גאָלן־הוילן תוך אָן איינוויקל און אַ פאַרטוליע.

אַנוכי־איך ציט אייך, און זיך, אַרויס פון לאַנד מצרים,
פון ענגער שמאָלער קנעכטשאַפט־שלעכטשאַפט.
אַנוכי־איך פירט אייך, און זיך, אַריין אין „ארץ־חיים",
אין רחבותדיקער עכטשאַפט־רעכטשאַפט.



# חשבון הנפש

פון

## י. באבינסקי

### 1

די מלחמה אין איראָפּע איז געענדיקט. עס איז שוין מעגלעך צו שאַצן די גרויסע פאַרלוסטן וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט געליטן. הספדים אויף די מיליאָנען, וואָס זיינען אומגעקומען דורך די בעסטיאַלע מערדער, זיינען שוין געמאַכט געוואָרן, אונדזערע צענטראַלע קערפּערשאַפטן, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט העלפן יידן אין איראָפּע, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון שונא׳ס הענט, טוען וואָס עס לאָזט זיך צו פאַרלייכטערן זייער טרויעריקע לאַגע, דורך באַלדיקער הילף. אונדזערע פאַר־טייען האָבן שוין אָפּגעהאַלטן גרויסע אסיפות אויף וועלכע מען האָט אַרומגערעדט דעם יידישן חורבן און זיי האָבן לויט זייערע השקפות פאָרגעשלאָגן זייערע עצות ווי אַזוי אָמבעסטן צו פאַרזאָרגן דעם צוקונפטיקן קיום פון די פאַרבליבענע יידן אין איראָפּע, און מסתמא וועלן זיי פּרובירן פאַרווירקלעכן זייערע פּלענער. די דאָזיקע אַלע זאַכן וואָס זיינען שוין געטאָן געוואָרן און די פּלענער וואָס דאַרפן נאָך פאַרווירקלעכט ווערן זיינען בלי ספק זייער וויכטיק, עס איז אָבער דערביי כמעט אינגאַנצן פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן דאָס סאַמע וויכטיקסטע — זיך אָפּגעבן אַ חשבון הנפש וועגן די דאָזיקע טרויעריקע געשעענישן.

עס איז ניט גענוג בלויז צו זאַמלען די אויסערלעכע פאַקטן, ווי, למשל, צוזאַמענצורעכענען די צאָל פון די אומגעקומענע, באַשרייבן די שרעקלעכעליידן וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט, פאַרצייכענען דעם ווערט פון די יידישע פאַרמעגנס וואָס זיינען צעשטערט און אויסגעראַבירט געוואָרן אאז״וו. דאָס סאַמע וויכטיקסטע דערביי איז צו פאַרשטיין דעם אינערלעכן זין און באַדייט פון די דאָזיקע פּאַסירונגען. עס וואָלט זיכער געווען אַ גרויסער פאַרלוסט ווען מיר זאָלן זיך צופרידנשטעלן בלויז מיט רעקאָרדירן דעם חורבן איראָפּע, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען אַ פיזישע

דערשיינונג איבער וועלכער מיר האָבן ניט קיין שום קאָנטראָל, ווי למשל אַן ערדציטערניש. מיר מוזן האַלטן אין זינען, אַז אין פאַסירונגען פון אַ געזעל־שאַפטלעכן כאַראַקטער זיינען מיר די לעבעדיקע מענטשן, אַמווייניקסטן טיילווייז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם וואָס קומט פאָר, סיי צום גוטן סיי צום שלעכטן. לכן זיינען מיר, די פאַרבליבענע יידן, וואָס זיינען ניצול געוואָרן — ניט צוליב אונדזער אייגענער קלוגשאַפט — פון דעם חורבן וואָס האָט געטראָפן די יידן אין אייראָפּע, מחויב זיך אַריינצוטראַכטן אין די אינערלעך־גייסטיקע און אויסערלעך־פיזישע סיבות וואָס האָבן געפירט צו די צוויי וועלט־מלחמות מיט אַזויפיל ליידן פאַר דער מענטשהייט בכלל און פאַרן יידישן פאָלק בפרט. נאָר דורך אַזאַ מין חשבון־הנפש איז מעגלעך צו לערנען פון דער פאַרגאַנגענהייט ווי אַזוי צו שאַפן אַ בעסערע צוקונפט.

2

עס איז קיין ספק ניט, אַז ליידן איז אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין דער דער־האַלטונג און אַנטוויקלונג פון אַנימאַלן און מענטשלעכן לעבן. דער מענטש און די חיה לערנען זיך אויס ווי אַזוי אויסצומיידן דאָס וואָס איז שעדלעך פאַר זייער עקזיסטענץ דורך ליידן. דהיינו, הגם עס איז פאַראַן אַ גרויסער אונטערשייד צווישן די ליידן פון מענטשן און דער חיה, הן אין דער אינטענסיוויטעט פון דער איבער־לעבונג, הן אין דעם אופן ווי אַזוי זיי רעאַגירן אויף דעם ; בלייבט פונדעסטוועגן דער פאַקט, אַז די עלעמענטאַרע ידיעות ווי אַזוי זיך צו באַשיצן פון די געפאַרן וואָס לויערן אויף זיי אין דער אַרומיקער אומגעבונג באַקומען זיי דורך יסורים. אָבער ניט פון אַלץ פון וואָס חיות ליידן ציען זיי וועלכן עס איז נוצן.

דאָס אייגענע איז טיילווייז ריכטיק בנוגע דעם מענטשנס ליידן. צוליב אונדזער באַגרענעצטן וויסן איז אונדז ניט אַלעמאָל פאַרשטענדלעך דער זין פון מענטשנס ליידן. דאָס ענדערט אָבער ניט דעם פאַקט, אַז ליידן איז דעם מענטשנס בעסטער לערער.

ווען אַ מענטש ליידט ווייל אים פעלט עפּעס, אָדער ווייל ער האָט עפּעס פון וואָס ער וויל פּטור ווערן, ווי קראַנקהייט וכדומה, איז ער געצוואונגען צו זוכן, עקספּערימענטירן, און אַזוי אַרום דערוועַרבט ער זיך נייעם וויסן, ווי אַזוי ביי־צוקומען אַלטע איבלען. די גרויסע אויפטואונגען אין דער וויסנשאַפט, אין פיזיק, כעמיע, אין דער מעדיצין וכדומה, וועלכע האָבן געגעבן דעם מענטשן די מעגלעכ־קייט, אין אַ גרעסערער מאָס, צו באַהערשן די אַרומיקע סביבה, איז צו אַ געוויסן גראַד דער דירעקטער רעזולטאַט פון מענטשלעכע ליידן. דאָס אייגענע איז מיטן

מענטשנס גייסטיקן פֿאַרשריט. אַ דאַנק זיינע גייסטיקע אייגנשאַפֿטן איז דער מענטש בכּוח (ווי מיר וועלן אָנווייזן שפּעטער) דורך תשובה צו פֿאַרוואַנדלען דאָס רוב פֿון זיינע ליידן אין אַ סיבה פֿאַר גייסטיקער דערהויבונג און אין אַ טרייבקראַפֿט פֿאַר ווייטערדיקן גייסטיקן שאַפֿן.

ליידן בכלל קאָן איינגעטיילט ווערן אין צוויי הויפּט־קאַטעגאָריעס — פֿיזישע און גייסטיקע ליידן. ביי אַנימאַלן איז בכלל ניט שייך צו ריידן וועגן גייסטיקע ליידן, ביים מענטשן, מחמת בטבע באַזיצט ער חיהשע און איבערחיהשע, אָדער געטלעכע אייגנשאַפֿטן, וועלכע ווירקן איינע אויף די אַנדערע, איז שייך צו ריידן וועגן ביידע סאָרטן ליידן. אין געוויסע פֿאַלן איז עס אָבער אָפֿט שווער צו געפֿינען די פֿאַנאַנדערטייל־ליניע צווישן גייסטיקע און פֿיזישע ליידן.

בנוגע דעם מענטשנס ליידן זאָגט די גמרא (ברכות ה.), ווען אויף אַ מענטשן קומען יסורים „יפשפש במעשיו", זאָל ער נאָכזוכן זיינע אייגענע מעשים, ד"ה, ער איז מחויב זיך אָפּצוגעבן אַ חשבון ווי אַזוי ער פֿירט זיך אויף, כּדי דורך דעם אויסצוגעפֿינען אויף ווי ווייט ער איז אַליין פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר די יסורים וואָס ער ליידט. ביי נאָרמאַלע באַדינגונגען פֿירט אַזאַ סאָרט חשבון־הנפש צו חרטה און תשובה. דאָס הייסט, נאָך דעם ווי איינער געפֿינט אויס, אַז ער אַליין איז טיילווייז אָדער אינגאַנצן פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר די יסורים וואָס אים איז אויסגעקומען צו ליידן, האָט ער די מעגלעכקייט אויף ווייטער זיך אָנצושטרענגען בכדי אויסצומיידן די מעשים וואָס האָבן פֿאַראורזאַכט זיינע ליידן אין דער פֿאַרגאַנגענהייט, מיט אַנדערע ווערטער, ווען דעם מענטשנס פֿיזישע אָדער גייסטיקע ליידן גייען צוזאַמען מיטן געפֿיל פֿון חרטה וואָס פֿירט צו אמתער תשובה, דערגרייכט ער דורכדעם אַ העכערע מדרגה פֿון פֿיזיש־גייסטיקן וואוילזיין.

דאָס געפֿיל פֿון חרטה, ד"ה, דער אינערלעכער צער און געוויסנסביסע וואָס איינער לעבט אַדורך מחמת דעם וואָס ער האָט במזיד, באַוואוסטזיניק מיטן בייזן ווילן, אָדער אפֿילו בשוגג, אומשולדיקערהייט, פֿאַראורזאַכט ליידן צום צווייטן, איז דער סאַמע יסוד פֿון מאָראַלישן באַוואוסטזיין. דאָס איז איינע פֿון די אייגנשאַפֿטן מיט וואָס דער מענטש טיילט זיך אויס פֿון אַלע אַנדערע ברואים, און זי מאַכט עס אים פֿאַר אַ מאָראַליש וועזן. אַזאַ מין איבערלעבעניש איז בלויז מעגלעך נאָר ביי אַ וועזן וואָס איז ניט נאָר בכוח צו מאַכן אַ נפקא־מינה צווישן גוטס און שלעכטס, נאָר ער איז אויך אַ פֿרייער אַגענט אויסצוקלייבן צו טאָן גוטס אָדער שלעכטס, אָן דעם וואָלט ניט מעגלעך געווען דער געפֿיל פֿון פּערזענלעכער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט, און אויך ניט דער אויפֿקום פֿון דעם געפֿיל פֿון חרטה, ווען ער גליטשט זיך אויס און טוט דאָס שלעכטע, און פֿון דעם געפֿיל פֿון גליקזעליקייט ווען ער טוט

דאָס גוטע. די דאָזיקע איבערלעבעניש קאָן באַצייכנט ווערן אַלס דער שמערצלעכער אינערלעכער קאָנפליקט צווישן דעם אידעאַלן זעלבסט, דער זעלבסט ווי ער וואָלט געדאַרפט זיין, מיטן אַקטועלן זעלבסט, דער זעלבסט אַזוי ווי ער איז, אָדער, מיט אַנדערע ווערטער, אין דעם געפיל פון חרטה דריקט זיך אויס דער שטענדיקער קאָנפליקט צווישן דאָס חיהשע און דאָס געטלעכע אין דעם מענטשן. אין דער יידישער טעאָלאָגיע ווערט עס באַשריבן אַלס אַ קאָנפליקט צווישן דעם יצר טוב און דעם יצר הרע.

דאָס געפיל פון חרטה מאַכט מעגלעך דעם פּראָצעס פון תשובה, וואָס באַשטייט:

א) פון אַ חשבון־הנפש, ד"ה, משפטן זיך אַליין פאַר די אייגענע זינדיקע מעשים;

ב) פון אַ פעסטן באַשלוס איבערצוריסן מיט דער פאַרגאַנגענהייט און אויף ווייטער אויסצומיידן די זינד אויף וועלכער מען האָט חרטה;

ג) פון אַ שטאַרקן ווילן צו פאַרווירקלעכן דעם דאָזיקן באַשלוס אין אַקטועלן לעבן.

אַלע מענטשן לעבן דורך דעם געפיל פון חרטה, אָבער ווייניק מענטשן טוען תשובה, הגם זיי פאַרשטייען, אַז זיי וואָלטן דאָס יאָ געדאַרפט טאָן. דאָס דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס ביים תשובה טאָן האַנדלט עס זיך דער עיקר וועגן פאַרווירקלעכן אין טאָג־טעגלעכן לעבן געדאַנקלעכע באַגריפן בנוגע גוטע און שלעכטע מעשים, און דאָס איז בדרך כלל אַ סך אַ שווערערע אויפגאַבע ווי בלויז משיג זיין דעם ענין. כידוע דערגרייכן דעם מענטשנס השגות אַלע מאָל אַ סך ווייטער און העכער ווי זיין כוח זיי צו פאַרווירקלעכן אין דער פּראַקטיק. למשל, אַלע מענטשן באַגרייפן די נפקא־מינה צווישן גוטס און שלעכטס. אַלע מענטשן פאַרשטייען, אַז מען דאַרף טאָן דאָס גוטע, דאָך זינדיקט דער מענטש זייער אָפט, מחמת עס איז אים שווער גובר צו זיין איך זיך די נייגונג צו טאָן שלעכטס. חרטה איז אין אַלגעמיין אַ מענטשלעכע איבערלעבונג פון אַן עמאָציאָנעל געדאַנקלעכן כאַראַקטער פאַר וועלכן עס פאָדערט זיך ניט קיין באַזונדערע אָנשטרענגונג. בעת תשובה פאָדערט ניט נאָר באַזונדערע געדאַנקלעכע אָנשטרענגונג, וואָס איז פאַרבונדן מיטן חשבון־הנפש; נאָר עס פאָדערט זיך אויך אַ שטאַרקער ווילן מקיים צו זיין אין אַקטועלן לעבן דעם פסק־דין וואָס דער חשבון הנפש טראָגט אַרויס, אָבער ניט אַלע מענטשן האָבן אַ שטאַרקן ווילן. כידוע זיינען זינדיקע מעשים דאָס רוב פאַרבונדן מיט קערפּערלעכע פאַרגעניגנס און גשמיותדיקן וואוילזיין. ווייניק מענטשן באַזיצן גענוג ווילנסקראַפט בייצושטיין דעם ניסיון פון אָפּזאָגן זיך פון באַלדיקע קערפּערלעכע הנאות צוליב מאָראַלישע צוועקן, אפילו ווען זיי פאַרשטייען, אַז זיי

וואָלטן עס געדאַרפט טאָן. במחשבה ווילן אַלע מענטשן תשובה טאָן, נאָר ניט אַלעמאָל זיינען זיי בכוח דאָס דורכצופירן הלכה למעשה, ווייל זיי פעלט דער מאָראַלישער כוח גובר צו זיין אין זיך די גלוסטונג צו נידעריקערע הנאות וואָס דער מענטש באַקומט דורך זינד. די רפואה צו דעם באַשטייט אין אַנטוויקלען און שטאַרקן די מאָראַלישע כוחות אין מענטשן, כדי ער זאָל זוכה זיין זיך צו דערהייבן צו דער מדרגה פון אמתער תשובה.

דער וועג צו תשובה איז שווער אויך צוליב אַ צווייטן טעם: דעם מענטשנס באַגרענעצט וויסן. אפילו אין אַזעלכע פאַלן, ווען דער מענטש פאַרמאָגט דעם מאָראַלישן כוח תשובה צו טאָן, קאָן ער דאָס ניט דורכפירן אין דער פּראַקטיק צוליב דעם וואָס אים פעלט דאָס נייטיקע וויסן און דער פאַרשטאַנד ריכטיק צו באַשטימען אין וואָס די זינד באַשטייט, הגם ער פילט זיך זינדיק. מיט אַנדערע ווערטער, ער וויל און קאָן תשובה טאָן, נאָר דער חיסרון איז אין דעם — וואָס אים איז שווער צו מאַכן דעם ריכטיקן חשבון־הנפש. ווען אַ יחיד אָדער אַ כלל קומט אויס צו ליידן און אַ דאַנק דעם גיבן זיי זיך אָפּ אַ חשבון וועגן זייער אויפפיר, איז עס אָפט שווער צו באַשטימען אין וואָס די זינד באַשטייט, מחמת עס פעלט וויסן און פאַרשטאַנד געננוי צו באַשטימען די סיבות וואָס האָבן פאַר־אורזאַכט דאָס ליידן, בלייבט דעריבער ניט קלאָר וועלכע ענדערונגען עס דאַרפן געמאַכט ווערן אין זייער אויפפיר. אפילו ווען עס האַנדלט זיך וועגן ריין פיזישע שמערצן, וואָס איז ניט אין ערך אַן איינפאַכערע דערשיינונג ווי גייסטיקע ליידן — צוליב דעם וואָס דער חיהשער אינסטינקט פון זעלבסט־דערהאַלטונג טרייבט אונדז צו זוכן מיטלען אויסצומיידן די שמערצן און קיין חשבון־הנפש איז דערביי ניט נייטיק — ווייסן מיר אָפט ניט ווי אַזוי צו ענדערן אונדזער אויפפיר, ווייל מיר ווייסן ניט וואָס עס האָט פאַראורזאַכט די שמערצן, — ווי דאָס איז דער פאַל מיט די קראַנקהייטן פון וואָס מענטשן ליידן זייער פיל איידער די מעדיצינישע וויסנשאַפט געפינט אויס ווי אַזוי צו היילן. שוין אָפּגערעדט ווען עס האַנדלט זיך וועגן גייסטיקע ליידן, און נאָך מער בנוגע די ליידן פון אַ גאַנצן כלל, ווי דאָס איז דער פאַל מיט דער לאַגע פון יידישן פאָלק נאָכן חורבן אייראָפּע; וואו מען דאַרף זיך רעכענען מיט פּסיכאָלאָגישע עלעמענטן וואָס זיינען פאַרוויקלט אין דעם, איבער וועלכע מיר האָבן וויניק וויסן, איז עס שווער זיך צו פאַנאַנדערקלייבן ווי עס באַדאַרף צו זיין אין די קאָמפּליצירטע געשעענישן. לכן איז ביים בעסטן ווילן, אין אַזאַ פאַל, ניט גרינג צו מאַכן דעם ריכטיקן חשבון־הנפש. די איינציקע תרופה צו דעם איז לערנען. יעדער מענטש, לויט זיינע כוחות, איז מחוייב צו שטודירן און אַנאַליזירן די פאַרוויקלטע פּאַסירונגען כדי זיך צו דערגרונטעווען

צו מער קלאָרקייט. עס איז בלי ספק כדאי צו מאַכן אַזאַ אָנשטרענגונג אפילו ווען דאָס קומט אָן שווער, ווייל בלויז דורך אַ לפי־ערך קלאָרן חשבון־הנפש איז עס פאַרן מענטשן מעגלעך צו פאַרוואַנדלען שלעכטס אין גוטס, העסלעכע ברוטאַלע לײדן אין יסורים של אהבה.

3

אַצינד ווילן מיר אָנווייזן פאַרוואָס דער כוח פון תשובה איז אַזוי גרויס, אַז דורך דעם זאָל דער מענטש, לויט די בעלי התלמוד, זיך קענען דערהייבן צו די העכסטע גייסטיקע מדרגות, העכער אפילו פון דעם צדיק גמור, וואָס האָט לכתחילה ניט געזינדיקט. במקום שבעלי־תשובה עומדים אין צדיקים גמורים יכולין לעמוד.

דער ענין תשובה איז ענג פאַרבונדן מיטן שווערן פּראָבלעם, מיט וואָס דענקער פון אַלע צייטן האָבן זיך באַשעפטיקט: — פאַרוואָס איז פאַראַן שלעכטס אויף דער וועלט. אין פלוג פרעגט זיך, אויב די עובדה פון מענטשן איז צו טאָן גוטס און אויסמיידן שלעכטס, צו וואָס האָט דער רבונו־של־עולם, וועלכער איז אַ כול יכול, באַשאַפן אַ וועלט אַוואו שלעכטס שפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָלע. ער האָט דאָך געקענט שאַפן אַ וועלט פון כולו טוב אַוואו עס זאָל בכלל ניט זיין קיין שלעכטס, וואָלט מען דאַן פאַרשפּאָרט צו ליידן און זינדיקן, און ממילא וואָלט מען ניט געדאַרפט קיין חשבון הנפש און קיין תשובה. טראַכט מען זיך אַריין טיפער אין דעם ענין, ווערט עס קלאָר, אַז די שאלה האָט קיין זין ניט, מחמת אַוואו עס איז ניטאָ קיין שלעכטס, איז אויך ניט מעגלעך קיין גוטס. מיר ווילן דעם דאָזיקן ענין מסביר זיין.

דער מענטשלעכער געדאַנק איז אַזוי געבויט, אַז ער איז ניט בכוח משיג צו זיין דעם באַגריף גוטס, נאָר אין קעגנזאַץ צום באַגריף שלעכטס. דאָס אייגענע פאַרקערט, דער באַגריף שלעכטס האָט אַ זין און באַדייט בלויז אין פאַרבינדונג מיט דער השגה גוטס. מיט אַנדערע ווערטער, ווען מיר האָבן פאַר זיך אַ וועזן וואָס האָט בכלל ניט קיין באַגריף פון שלעכטס, אָדער אַזוינער וואָס איז לפי זיין טבע ניט בכוח צו טאָן קיין שלעכטס, קאָנען מיר זיין אויפפיר ניט באַצייכענען אַלס גוט, למשל, לאָמיר נעמען דאָס שעפעלע, וואָס עסט בלויז גראָז, גיט דעם מענטשן זיין וואָל און טוט קיינעם קיין שלעכטס ניט; קענען מיר פונדעסטוועגן ניט זאָגן וועגן דאָס שעפעלע אַז עס האַנדלט גוט. דאָס אייגענע פאַרקערט, קאָן מען ניט זאָגן אויפן טיגער, וואָס פאַרטיליקט אַנדערע לעבעדיקע ברואים, אַז ער האַנדלט שלעכט. ווען ביים באַשרייבן די נאַטור פון אַנימאַלן רעדט זיך אָפטמאָל וועגן זייער גוטסקייט אָדער שלעכטסקייט, איז דאָס בלויז לויט דעם מענטשלעכן

באַנעם וואָס באַגרייפט די נפקא מינה צווישן גוטס און שלעכטס און האָט גלייכ־צייטיק די ברירה צו טאָן גוטס אָדער שלעכטס. פון שטאַנדפונקט פון די אַנימאַלן גופא, איז ניט שייך צו ריידן וועגן זייער אויפפיר אַלס גוט אָדער שלעכט, זיי האָבן אפילו ניט די מינדסטע אַנונג וועגן דער מעגלעכקייט פון ענדערן זייער לעבנס־שטייגער. אין דעם פּרט איז קיין חילוק ניט צווישן קערפּערלעכע און ריין־גייסטיקע וועזנס. למשל, ווען מיר שטעלן זיך פאָר אין דער פאַנטאַזיע ריין גייסטיקע וועזנס ווי מלאכים, וועלכע זיינען באַשטימט בלויז צו זינגען שירה פאַרן בורא־עולם, אויב זיי האָבן קיין ברירה ניט צו טאָן עפּעס אַנדערש, געפינט זיך זייער הנהגה אין דער זעלביקער קאַטעגאָריע ווי דער אויפפיר פון אַנימאַלן, ניט גוט ניט שלעכט. בלויז וועגן דעם אויפפיר פון אַזעלכע ברואים ווי דער מענטש וועלכער האָט פאַרזוכט דעם טעם פון זינד, ווייל ער האָט גענאָסן פון עץ הדעת און האָט דעריבער וויסן וועגן גוטס און שלעכטס, איז שייך צו ריידן וועגן זיינע גוטע און שלעכטע מעשים. נעמט צו דעם זינדיקן מענטשן פון דער וועלט, פאַרשווינדט מיט אים צוזאַמען אויך דער טוגנטהאַפטער מענטש.

פון דעם איז געדרונגען, ערשטנס, אַז גוטע און שלעכטע מעשים זיינען זיכער ניט קיין באַזונדערע באַגריפן, אָדער אייגנשאַפטן וועלכע שליסן לגמרי אויס איינער דעם אַנדערן, מען מוז אָננעמען די סברה, אַז אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער אופן איז פאַראַן אַ פאַרבינדונגס־פונקט צווישן זיי. אַז טראָץ זייער קעגנערשאַפט איז מסתמא פאַראַן אַ מעגלעכקייט זיי צו סינטעזירן אין אַן איינהייט. צווייטנס, קאָן מען פון דעם דרינגען, אַז היות ווי בלויז דער זינדיקער מענטש קאָן טאָן גוטס, איז ער מסתמא דער אַקטיווער אַגענט אין וועמענס רשות עס ליגט די מעגלעכקייט דורכצופירן דעם פאַרבינדונגס־פּראָצעס צווישן גוטע און שלעכטע מעשים, און טאַקע אין דעם ליגט דער גרויסער כוח פון תשובה. מיר וועלן דעם דאָזיקן געדאַנק קלערער מאַכן:

דער זינדיקער וואָס איז בכוח דורך דער אָנשטרענגונג פון זיין ווילן גובר צו זיין די גלוסטונג צו די נידעריקע הנאות וואָס דער מענטש באַקומט דורך זינד, דערהויבט זיך דורך דעם צו אַ העכערן שטאַפּל אויפן לייטער פון שלימות, איידער דער צדיק גמור. פרעגט זיך פאַרוואָס זאָל דאָס זיין אַזוי? אמת טאַקע, אַז צוליב זיין תשובה זינדיקט ער מער ניט, אָנשטאָט שלעכטס טוט ער איצט גוטס. איז ער איצט טאַקע אַ בעסערער מענטש ווי פריער, אָבער ניט בעסער פאַרן צדיק גמור, וועלכער האָט לכתחילה ניט געזינדיקט. חוץ דעם פרעגט זיך, וואָס איז געוואָרן מיט די באַגאַנגענע זינד איידער ער האָט תשובה געטאָן? זיי בלייבן דאָך פאַקטישע פאַסירונגען אויך נאָכן תשובה טאָן, אין דעם פּרט שטייט ער דאָך הפנים

נידעריקער ווי דער צדיק גמור ? דער תירוץ איז — דורך אמתער תשובה ווערן די פריערדיקע זינד אינגאַנצן בטל. אין ליכט פון אונדזער אַנאַליז איז די זאַך אַזוי: היות ווי בלויז דער זינדיקער מענטש, וועלכער איז בכוח גובר צו זיין אין זיך דאָס שלעכטס, קאָן טאָן גוטס, און היות ווי די גוטע מעשים, וואָס דער מענטש טוט נאָכן תשובה טאָן זיינען גוט, בלויז צוליב דעם באַזיגטן עלעמענט פון שלעכטס וואָס געפינט זיך אין די דאָזיקע גוטע מעשים. ווערן אַזוי אַרום די פריערדיקע זינד פאַרוואַנדלט דורך דעם תשובה־אַקט אין אַן אינטעגראַלן טייל פון דאָס גוטס, וואָס דער מענטש טוט נאָכן תשובה טאָן. און אַ דאַנק דעם וואָס דער צדיק גמור איז בטבע גענייגט צו טאָן גוטס, און איז ניט געצוואונגען דורכצומאַכן דעם אינערלעכן שווערן קאַמף צו באַזיגן דאָס שלעכטס, געפינען זיך זיינע מעשים מער אין דער בחינה פון אומשולד איידער אין דער קאַטעגאָריע פון אמתער גוטסקייט. די מדרגה פון אמתער גוטסקייט ווערט דערגרייכט ביי דעם יעניקן וואָס האָט הנאה געהאַט פון זינד, ביי וועמען דער יצר־הרע איז שטאַרק, און דאָך האָט ער דורך זיין אייגענער אָנשטרענגונג גובר געווען אין זיך דאָס שלעכטס, דערגרייכט ער דורכדעם אַ סך העכערע מדרגה ווי דער צדיק גמור.

אויפן מענטשנס ליידן האָט דער תשובה אַקט אַן ענלעכע ווירקונג ווי אויף זיינע זינד. מיר האָבן פריער געזאָגט, אַז ווען יסורים קומען אויפן מענטשן, איז ער מחוייב נאָכצוטראַכטן וועגן זיינע מעשים און מאַכן מיט זיך אַ חשבון הנפש, צי ער אַליין איז ניט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די יסורים וואָס אים קומט אויס צו ליידן. אויב דער חשבון איז אַ געלונגענער, ד״ה, ער געפינט אויס אין וואָס זיין שולד איז באַשטאַנען, און אַדאַנק דעם טוט ער תשובה, ווערן זיינע ליידן דורכן תשובה־אַקט דערהייבן צו דער מדרגה פון יסורים של אהבה. ד״ה, זיי ווערן דערהייבן צו דעם סאָרט ליידן וואָס מען דאַרף אויפנעמען מיט ליבע, ווייל דורך דעם באַקומט דער מענטש דעם גייטיקן וויסן און פאַרשטאַנד, ווי אַזוי אויסצומיידן אויף ווייטער די שלעכטע מעשים פון דער פאַרגאַנגענהייט, און אַזוי אַרום ווערט עס מעגלעך פאַרן מענטשן צו שטייגן העכער אין זיין שטענדיקן שטרעבן צו שלימות. ווען דאָס ליידן פירט ניט צו קיין תשובה, בלייבן דעם מענטשנס ליידן אין דער זעלביקער קאַטעגאָריע ווי דאָס רוב ליידן פון אַנימאַלן — אַ העסלעכער ברוטאַלער פאַקט, אַן וועלכן עס איז זין אָדער מיין פאַרן מענטשלעכן פאַרשטאַנד. אַזוי אַרום געפינען מיר, אַז דורך תשובה ווערט דער מענטש געלייטערט פון זינד, און זיינע ליידן ווערן פאַרוואַנדלט אין אַ שטענדיקן פאַקטאָר פאַרן מענטשלעכן פראָגרעס.

4

מיר וועלן זיך איצט אומקערן צום הויפט־ענין פון דער איצטיקער אַרבעט. — דעם חשבון הנפש וואָס יעדער ייד, אַלס מיטגליד פון יידישן כלל, דאַרף מאַכן מיט זיך, וועגן די אויסערגעוויינלעכע יסורים וואָס דאָס יידישע פאָלק איז אויס־געקומען צו ליידן דורך דער נאָר וואָס פאַרענדיקטער מלחמה. חשבון הנפש און תשובה איז אַ חוב ניט נאָר פאַרן יחיד בנוגע זיינע פערזענלעכע אַנגעלעגנהייטן. יעדער יחיד איז פאַרבונדן מיט טויזנטער פעדים מיטן כלל, טראָגט ער דעריבער אויף זיך די אחריות פון דער גאַנצער גרופּע פון וועלכע ער איז אַ טייל. לכן איז יעדער איינער מחוייב צו טראַכטן וועגן געזעלשאַפטלעכע פּאַסירונגען און באַטייליקן זיך אין אַ בשותפותדיקן אָדער געזעלשאַפטלעכן חשבון הנפש.

עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז בעת מיר ריידן וועגן אַ יידיש־געזעל־שאַפטלעכן חשבון הנפש, מוזן מיר עס באַטראַכטן אין פאַרבינדונג מיט די אַלגעמיין־וועלטלעכע פּאַסירונגען וואָס האָבן פאַראורזאַכט די וועלט־מלחמה מיט אַזויפיל ליידן פאַר אַלע פעלקער. די שייכות פון יידישן פאָלק איז אין דער זעלביקער בחינה, ווי די שייכות פון יחיד צו זיין אייגענער גרופּע, הגם דער גורל פון יחיד איז ענג פאַרבונדן מיטן גורל פון גאַנצן כלל פון וועלכן ער איז אַ טייל, זיינען דאָך פאַראַן פּראָבלעמען וואָס זיינען נוגע בלויז דעם יחיד. דאָס אייגענע איז מיטן יידישן פאָלק לגבי אַנדערע פעלקער. הגם דער גורל פון יידישן פאָלק איז אין אַ סך פּרטים פאַרבונדן מיטן גורל פון אַלע פעלקער, זיינען גלייכצייטיק פאַראַן געוויסע פּרטים מיט וואָס דער יידישער גורל איז אַנדערש, אייגנאַרטיק יידיש.

אונדזער געזעלשאַפטלעכער חשבון־הנפש פירט צום שלוס, אַז די הויפּט זינד פון דער מאָדערנער צייט, באַשטייט אין דעם וואָס די וועלט האָט פאַרלאָזן גאָט, דאָס הייסט, אַז זייט דעם אויפקום פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט האָט אַ באַדייטנדע איינפלוסרייכע מינאָריטעט זיך אינגאַנצן אָפגעזאָגט פון דער גאָט־אידעע, און ביי אַ גאָר גרויסן טייל פון דער מאָדערנער מענטשהייט איז די אמונה אין גאָט שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן. מחמת דעם איז די רעליגיעזע השפעה אויפן מענטשלעכן לעבן שטאַרק געפאַלן, נאָר אַנטירעליגיעזע אידעען האָבן באַאיינפלוסט די געשעענישן פון דער דאָזיקער עפּאָכע, וועלכע האָבן דערפירט די וועלט צו איר איצטיקן טרויעריקן מצב. און אויב די מענטשן וועלן ניט תשובה טאָן און זיך אומקערן צו גאָט, און וועלן ניט גיין אין גאָטס וועגן, ד"ה, אויב זיי וועלן זיך ניט באַנוצן מיט די פּרינציפּן פון יושר, צדק ומשפט ביים לייזן געזעלשאַפטלעכע סיכסוכים, איז ביי איצטיקן מצב פון דער טעכנאָלאָגיע (די דערפינדונג פון דער

אַטאָם־באָמבע) פאַראַן די אַקטועלע געפאַר, אַז די דריטע וועלט־מלחמה וועט פירן צום אונטערגאַנג פון דער גאַנצער מענטשהייט מיט איר איצטיקער ציוויליזאַציע.

איידער מיר וועלן צוטרעטן דירעקט צו דער יידישער לאַגע, ווען מיר צוערשט באַטראַכטן די אַלוועלטלעכע געשעענישן פון דער איצטיקער עפּאָכע אין ליכט פון אונדזער גרונט־הנחה. אין דער מענטשלעכער געשיכטע זיינען פאַראַן צייטן ווען דער איינפלוס פון רעליגיע איז גאַר שטאַרק און אַמאָל שוואַכער. דער שנעלער וואוקס פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט פון איין זייט, און די צו קאָנסער־וואַטיווע האַלטונג פון די פאָרשטייערס פון די איינגעפונדעוועטע אַלטע רעליגיעזע אינסטיטוציעס פון דער אַנדער זייט, זיינען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אָפּגע־שוואַכטער השפעה פון רעליגיע אין דער איצטיקער עפּאָכע.

די גרויסע אויפטואונגען וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן די לעצטע פאַר הונדערט יאָר אויפן געביט פון דער וויסנשאַפט און טעכניק, האָבן געבראַכט מיט זיך אַ צאָל אידעען, וועלכע שטימען ניט אין געוויסע פּרטים מיט די אָנגענומענע אָבער שוין לאַנג פאַרעלטערטע און אָפּגעלעבטע טעאָלאָגישע באַגריפן וועגן באַשאַף, אַנטפּלעקונג וכדומה. אָנשטאָט צו רעווידירן די אייגענע אויפפאַסונגען אין ליכט פון די נייע אַנטדעקונגען און דערביי זוכן און געפינען אַ וועג ווי אַזוי צו אַדאַפּטירן דעם טייל פון די נייע אידעען, וואָס זיינען גוט באַגרינדעט, און בשעת מעשה איינהאַלטן דעם תמצית פון רעליגיעזן וועלט־באַנעם, ווי דאָס איז לעצטנס געטאָן געוואָרן פון אַ סך רעליגיעזע און וויסנשאַפטלעכע דענקער; האָבן די צו־קאָנסערוואַטיווע רעליגיעזע פאָרשטייער פאַרפירט אַ קריג אויף לעבן און טויט מיט דער וויסנשאַפט בכלל. דאָס האָט געפירט צו דעם, אַז אַ גרויסער טייל פון די וויסנשאַפטלער האָבן זיך אינגאַנצן אָפּגעזאָגט פון רעליגיעזן וועלט־באַנעם, און האָבן זיך גענומען שאַפן מאַטעריאַליסטיש־פילאָסאָפישע טעאָריעס צו דערקלערן אויף אַ מעכאַנישן באַזיס אַלע נאַטור־דערשיינונגען, דעם מענטשנס האַנדלונגען אַריינגערעכנט. באַצויבערט פון דעם שנעלן פאָרשריט וואָס די וויסנשאַפט האָט געמאַכט אין זייער צייט, האָבן די וויסנשאַפטלער פון אָנפאַנג נייינצנטן יאָרהונדערט געמיינט, אַז מיט דער צייט וועט מען אַלץ קאָנען דערקלערן דורך מעכאַנישע געזעצן. זיי זיינען דאָס געווען די יעניקע וואָס האָבן געשאַפן די פאָרשטעלונג פון אַ קאָסמאָס אַלס אַ גרויסער מאַשין און אַ מענטשן וואָס איז אַ באַוואוסטזיניקער אויטאָמאַט. די דאָזיקע געדאַנקען און פאָרשטעלונגען האָבן ביסלעכווייז אַלץ מער באַאיינפלוסט דעם אָרט דענקען פון דעם אינטעליגענטן און האַלב־אינטעליגענטן טייל פון דער באַפעלקערונג. אַזוי אַרום איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן דער איינפלוס פון רעליגיעזן וועלט־באַנעם. הגם

דאָס קריטיש וויסנשאַפטלעכע פאָרשן פון דער לעצטער צייט האָט קלאָר באַוויזן, אַז די מעכאַניש דעטערמיניסטישע השקפה, האָט ניט קיין שום וויסנשאַפטלעכע באַרעכטיקונג, איז דאָס נאָך דערוויילע ניט דערגאַנגען צום אַלגעמיין אינטעליגענטן עולם.

אַדאַנק דעם אויפבלי פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט איז אין דער זעכציקער תקופה פאָרגעקומען אַ שנעלער וואוקס אין דער טעכנאָלאָגיע, וואָס האָט מעגלעך געמאַכט די אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער מאַשין־אינדוסטריע. דאָס האָט פאַר־אורזאַכט אַ רעוואָלוציע אין דער פאָליטישער און עקאָנאָמישער סטרוקטור פון דער געזעלשאַפט. גרויסע פאַבריקן מיט ריזיקע מאַשינען האָבן פאַרנומען דעם אָרט פון די קליינע ווערקשטאַטן מיט איינפאַכע געצייג, און דעמאָקראַטישע רעגירונגס־פאָרמען האָבן פאַרנומען דעם אָרט פון דער אָפּגעלעבטער מאָנאַרכיש־פעאָדאַלער רעגירונגס־אָרדנונג.

דער גרויסער ווערטפולער אויפטו פון דער מאָדערנער אינדוסטריע באַשטייט אין דעם, וואָס זי האָט פאַרגרעסערט די פּראָדוקטיוויטעט פון מענטשלעכער אַרבעט. מיט די נייע פּראָדוציר־מיטלען איז דער מענטש בכוח צו פּראָדוצירן ניט אין ערך מער פּראָדוקטן ווי ווען עס איז אין דער פריערדיקער צייט. פון אַ ריין טעכנאָלאָגישן שטאַנדפּונקט וואָלטן מענטשן מער ניט געדאַרפט ליידן קיין דחקות; און מיר וואָלטן היינטיקע צייטן מער זיך ניט געדאַרפט פאַרנעמען מיט אַזעלכע פּראָבלעמען ווי אַרבעטסלאָזיקייט, אָרעמקייט, עקאָנאָמישע קריזיסן וכדומה. אַזוי וואָלט דאָס טאַקע געווען ווען די מענטשן וואָלטן גלייכצייטיק מיט די נייע טעכנישע ידיעות דערוואָרבן דעם נייטיקן פאַרשטאַנד און ווילן, ווי אַזוי איינצואָרדנען די נײַ־געשאַפענע געזעלשאַפטלעכע שייכותן אויף אַ יושרדיקן אופן. דאָס האָט ליידער ניט פּאַסירט. פאַקטיש האָט דאָס געפירט צו דער אַנטשטייאונג פון נייע קלאַסן מיט נייע קאָנפליקטן און נייע פּראָבלעמען.

אַדאַנק דעם נייעם אופן פון פּראָדוצירן די נייטיקע פּראָדוקטן פאַרן לעבנס־געברויך, האָט זיך די היינטיקע געזעלשאַפט איינגעטיילט אין נייע קלאַסן: אַ קלאַס קאַפּיטאַליסטן וועלכע באַזיצן, אַלס זייער אייגנטום, די פאַבריקן און מכשירים, וואָס מען מוז האָבן כדי צו פּראָדוצירן די פּראָדוקטן פאַרן לעבנס־געברויך. מחמת דעם פאַרנעמען זיי פּריווילעגירטע פּאָזיציעס פּאָליטיש און עקאָנאָמיש. אַ קלאַס אַרבעטער, וואָס באַזיצן בלויז זייער כוח צו אַרבעטן, זיינען זיי דעריבער געצוואונגען זיך צו פאַרדינגען צו די פאַבריק־אייגנטימער פאַר אַ געוויסן לוין, כדי צו האָבן חיונה. צווישן די דאָזיקע הויפּט־קלאַסן געפינט זיך אַ מיטלקלאַס. דער קאַפּיטאַ־ליסטישער קלאַס באַשטייט פון אַ לפי ערך קליינער צאָל גאָר רייכע, וועלכע לעבן

אין ווילדן לוקסוס, און אַ גרעסערע צאָל פון קלענערע פאַבריקאַנטן, געשעפטסלייט און רייכע פּראָפעסיאָנאַלן וועלכע לעבן עקאָנאָמיש זייער גוט. דער מיטלקלאַס באַשטייט פון די גאַר קליינע געשעפטסלייט, פאַרמערס, בעלי־מלאכות און דאָס רוב פּראָפעסיאָנאַלן. דער אַרבעטער־קלאַס באַשטייט פון אַ קלענערער צאָל בעסער באַצאָלטע אַרבעטער און גאַר אַ גרויסע צאָל שטאַק אָרעמע, ווען עס פעלט דאָס סאַמע נייטיקסטע צו באַפרידיקן זייערע עלעמענטאַרע באַדערפענישן. צווישן די רייכע און די אָרעמע גייט אָן אַ שטענדיקער קאַמף. די רייכע זוכן כסדר מיטלען ווי אַזוי צו באַפעסטיקן זייערע פּריווילעגירטע פּאָזיציעס, די אָרעמע באַמיען זיך צו פאַרבעסערן זייער לאַגע דורך ענדערן דעם סטאַטוס קוואָ.

און היות דער מענטש איז בטבע אַ גייסטיק וועזן, האָט דער דאָזיקער קאַמף געמוזט אָננעמען אידייאישע פאָרמען. לפי דעם האָבן זיך אין פּראָצעס פון די רייסערייען צווישן די קלאַסן ביסלעכווייז אויסגעקריסטאַליזירט פאַרשיידענע אידעאָלאָגיעס און פּראָגראַמען, וואָס אַנטשפּרעכן די גייסטיקע און פּאָליטיש־עקאָנאָמישע אינטערעסן פון די פאַרשיידענע גרופּעס. אַמאָל דריקט זיך אויס דער דאָזיקער פּאָליטיש־עקאָנאָמישער קאַמף אין קלענערע אויסברוכן, ווי סטרייקס פאַר העכערן לוין און בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען. און אַמאָל אין גרויסע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע איבערקערענישן, ווי די צוויי וועלט־מלחמות, די רוסישע רעוואָלוציע און די אַנטשטייאונג פון פאַשיזם־נאַציזם. די דאָזיקע עפּאָכע־מאַכנדיקע פּאַסירונגען, וועלכע האָבן פאַראורזאַכט אַזויפיל פּיין און צער דער מענטשהייט בכלל און די יידן בפרט, זיינען ענג פאַרבונדן מיטן אַנטירעליגיעזן וועלטלעכן אַרט דענקען, וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען מיטן אויפקום פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט.

קוקן מיר זיך צו נעענטער צו די געשיכטלעכע פּאַסירונגען פון אונדזער עפּאָכע, געפינען מיר, אַז די צוויי דאָמינירנדיקע געזעלשאַפטלעכע אידעאָלאָגיעס, וועלכע האָבן באַאיינפלוסט די אייראָפּעאישע געזעלשאַפטלעכע געשעענישן זינט דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע פון יאָר 1789, נעמלעך דער מאָדערנער נאַציאָנאַליזם און דער וויסנשאַפטלעך־מאַרקסיסטישער סאָציאַליזם — זיינען געשאַפן געוואָרן און האָבן זיך אַנטוויקלט אונטער דער השפּעה פון די אַנטירעליגיעזע אידעען, וועלכע האָבן זיך איינגעפונדעוועט אין דער ערשטער תקופה פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט. כידוע איז דער מאַרקסיסטישער סאָציאַליזם באַזירט אויף אַ מאַטע־ריאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג. און מיט ווייניק אויסנאַמען זיינען די פירער און וואָרטזאָגער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג נאָך עד היום אַנטירעליגיעז אין זייער דענקען. דאָס אייגענע איז געשען מיטן מאָדערנעם נאַציאָנאַליזם. ווי מיר האָבן דאָס אָנגעוויזן אין אונדזער אַרבעט „מאָדערנער נאַציאָנאַליזם" (זע „יידישע

שריפטן", באַנד 5, העפט 2). דער מאָדערנער נאַציאָנאַליזם איז געשאַפן געוואָרן פון די זעלביקע אידעאָלאָגן, וואָס האָבן געגרינדעט דעם מאָדערנעם דעמאָקראַטישן שטאַט אין פראַנקרייך. ביים גרינדן דעם דאָזיקן שטאַט האָבן די אידעאָלאָגן פון מאָדערנעם נאַציאָנאַליזם זיך ניט באַנוצט מיטן רעליגיעזן באַזיס פאַר אַ דעמאָ־קראַטישער רעגירונגס־אָרדענונג, ווי דאָס איז געטאָן געוואָרן פון די שאַפער און באַגרינדער פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע, ווייל זיי זיינען געווען אַנטי־רעליגיעז געשטימט אין זייער דענקען, האָבן זיי דעריבער געמוזט צוטראַכטן אַ סעקולאַרן אָדער וועלטלעכן טעאָרעטישן באַזיס פאַר זייער דעמאָקראַטישער רע־גירונגס־אָרדענונג.

די אידעאָלאָגן פון מאָדערנעם נאַציאָנאַליזם האָבן דאָס געשאַפן די מאָדערנע עבודה־זרה — דעם אַבסאָלוטן שטאַט, דורך דעם וואָס זיי האָבן פּראָקלאַמירט די לערע, אַז די ערשטע און העכסטע פליכט זיינען די בירגער שולדיק דעם נאַציאָ־נאַלן שטאַט. דאָס איז שפּעטער אויסגענוצט געוואָרן פון די נאַצים אַלס אַ טעאָרעטישע באַרעכטיקונג פאַר זייער איבערטריבענעם נאַציאָנאַליזם. דער מאָ־דערנער נאַציאָנאַליזם איז נאָך עד היום די פּאָליטיש־דאָמינירנדיקע אידייע פון אונדזער צייט. כמעט אַלע רעגירונגס־פאָרמען פון אונדזער עפּאָכע, די דעמאָ־קראַטישע אַזוי ווי די טאָטאַליטאַריסטישע רעגירונגען, צי זיי זיינען פון אַ סאָציאַ־ליסטישן אָדער פאַשיסטישן כאַראַקטער, זיינען אַלע באַאיינפלוסט פון סעקולאַרן מאָדערנעם נאַציאָנאַליזם.

דאָס אייגענע איז אמת בנוגע עקאָנאָמישע טעאָריעס. די קאַפּיטאַליסטישע אַזוי ווי די סאָציאַליסטישע עקאָנאָמישע לערעס זיינען באַאיינפלוסט פון אַנטי־רעליגיעזע אידעען. כידוע איז די קאַפּיטאַליסטישע עקאָנאָמיק געבויט אויף דער „לעסע־פער טעאָריע". די דאָזיקע טעאָריע איז באַזירט אויף דער הנחה, אַז אין דעם פּראָצעס פון פּראָדוצירן און פאַרטיילן די פּראָדוקטן, וואָס זיינען נייטיק צום לעבן, ווירקן עקאָנאָמישע געזעצן (ענלעך צו נאַטור־געזעצן) און וואָס ווייניקער אַ רעגירונג מישט זיך אין דעם נאַטירלעכן פּראָצעס פון די דאָזיקע געזעצן, אַלץ בעסער איז דאָס פאַרן גאַנצן כלל. זיי מיינען, אַז די עקאָנאָמישע אינטערעסן פון דער געזעלשאַפט קאָנען אַמבעסטן באַפרידיקט ווערן דורך דעם וואָס מען וועט איבערלאָזן דעם גאַנצן עקאָנאָמישן פּראָצעס צו דער איניציאַטיווע פון פּריוואַטע אייגנטימער, וועלכע קאָנקורירן איינער מיטן אַנדערן.

די סאָציאַליסטישע עקאָנאָמיסטן נעמען אויך אָן די טעאָריע פון געזעצן. זיי צעגייען זיך מיט די קאַפּיטאַליסטישע אין דער פראַגע אין וואָס די געזעצן באַשטייען און אין דעם אופן ווי אַזוי זיי אַרבעטן. לויט זייער נוסח פירן די אייזערנע געזעצן

צום סאָציאַליזם. ביידע אויפפאַסונגען פון דער געזעצן־טעאָריע זיינען באַאיינפלוסט פון דעם אַנטי־רעליגיעזן מאַטעריאַליסטיש־מעכאַנישן וועלט־באַנעם. ביידע מאַכן דעם זעלביקן טעות פון אָנווענדן מעטאָדן וואָס פּאַסן זיך פאַר פיזיק און כעמיע, אויף געזעלשאַפטלעכע פּאַסירונגען. געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען זיינען אין זייער תוך פון אַ רעליגיעז־עטישן כאַראַקטער, מוזן זיי זיך דעריבער שטיצן אויף עטישע פּרינציפּן. לכן דאַרף מען זיך ביי זייער לייזונג באַנוצן מיט גאָר אַנדערע מיטלען. אויב מען וויל אַ בעסערע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג, מוז מען זיך באַמיען צו שטאַרקן דעם מענטשנס נייגונגען צום גוטן, אַנטוויקלען און קרעפטיקן זיינע געפילן פון יושר, צדק ומשפט.

הגם עס איז שוין לאַנג באַוויזן געוואָרן, אַז די אַזוי גערופענע געזעצן זיינען בלויז אַ פיקציע, זיינען נאָך די דאָזיקע טעאָריעס פונדעסטוועגן וויכטיקע פאַקטאָרן אין דעם עקאָנאָמישן דענקען פון אונדזער צייט.

5

די יידישע ישובים וועלכע האָבן זיך געפונען אין די מערב־איראָפּעאישע לענדער, זיינען באַאיינפלוסט געוואָרן פון די אַנטירעליגיעזע שטרעמונגען אין דער איראָפּעאישער קולטור, אומגעפער אין דער זעלביקער צייט און אין דער זעלביקער מאָס, ווי די פעלקער צווישן וועמען זיי האָבן געלעבט. אין די מזרח־איראָפּעאישע לענדער, וואו עס האָבן זיך געפונען דער גרעסטער טייל פון יידישן פאָלק, איז די אַנטי־רעליגיעזע השפעה אָדער וועלטלעכקייט געקומען אַ ביסל שפּעטער, — אין דער „השכלה" פּעריאָדע. דער אַנטוויקלונגס־פּראָצעס איז געווען ענלעך צו דעם וואָס איז פאָרגעקומען ביי די אומות העולם. די טעאָרעטיקער פון דער השכלה־באַוועגונג איז אויסגעקומען צו פירן אַ קאַמף מיט די פאַרשטייער פון די איינגעפונדעוועטע רעליגיעזע אינסטיטוציעס, און ביידע צדדים האָבן געמאַכט די זעלביקע טעותים וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן ביי די אומות העולם. די רעליגיעזע מנהיגים מיט אַן איבערטריבענעם קאָנסערוואַטיזם האָבן ניט געוואָלט, און אפשר ניט געקענט, איינגיין אויף דערלאָזבאַרע קאָמפּראָמיסן. די השכלה אידעאָלאָגן ווידער האָבן אין היץ פון קאַמף זיך ניט אָפּגעגעבן קיין קלאָרן חשבון וועגן די עיקרים פון יידישן רעליגיעזן וועלט־באַנעם און זיין באַדייטונג פאַרן יידישן קיום. אַנשטאַט צו רייניקן דעם יידישן רעליגיעזן וועלט־באַנעם פון איניקע פאַר־עלטערטע טעאָלאָגישע באַגריפן און פון געוויסע חומרות און סייגים וועלכע האָבן מיט דער צייט פאַרלאָרן זייער פּאַקטישן באַדייט, האָבן זיי אין איילעניש בכלל זיך

אָפּגעזאָגט פון דער יידישער רעליגיע. דאָס האָט מיט דער צייט געפירט צו דער אַנטשטייאונג אין יידישן לעבן פון אַן אַנטירעליגיעזן אָדער וועלטלעכן סעקטאָר, וועלכע זיינען געגאַנגען אין די פוסטריט פון די אַנטירעליגיעזע עלעמענטן ביי די ניט־יידן. גאָר אַ גרויסער טייל פון דער פאַרמעגלעכער אינטעליגענץ, וועלכע האָבן געשטודירט אין די גויאישע לערנאַנשטאַלטן האָבן זיך אינגאַנצן אָפּגעזאָגט פון דער יידישער רעליגיע. דאָס איגענע איז פאָרגעקומען מיט אַ באַדייטנדיקן טייל פון דער אַרבעטערשאַפט, וועלכע זיינען אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפעה פון מאַטעריאַליזם און האָבן אַקטיוו אָנגעפירט אַנטי־רעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע. ביס־לעכווייז האָט דאָס אָפּגעשוואַכט דעם רעליגיעזן איינפלוס אויפן ברייטן פשוטן עולם. און סוף כל סוף האָט דאָס אויך געהאַט אַ שעדלעכע ווירקונג אויף די רעליגיעזע עלעמענטן גופא. אויך זיי זיינען בכשל געוואָרן אין דער אַנטירעליגיעזער וועלטלעכקייט וואָס זיי האָבן אַזוי שטאַרק באַקעמפט.

בעת די פרום־רבנישע יידן האָבן שטאַרק מקפיד געווען, אַז מען זאָל ניט עובר זיין אויף די מצוות שבין אדם למקום, ווי אָפּהיטן לויטן שולחן ערוך די דינים פון כשרות, שבתים און יום־טובים, טהרת המשפחה וכדומה, זיינען זיי אין פּאָליטישע ענינים געגאַנגען צוזאַמען מיטן וועלטלעכן סעקטאָר. ביי זיי איז רעכט געווען, אַז פרומע יידן זאָלן זיך פּאָליטיש און עקאָנאָמיש אידענטיפיצירן מיט דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. זיי האָבן עס פאַררעכנט פאַר אַ גרויסן אויפטו אַליין צו ווערן רייכע קאַפּיטאַליסטן. און זיי האָבן ניט געהאַלטן פאַר קיין זינד צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון די רייכע פּריווילעגירטע קלאַסן קעגן די אונ־טערדריקטע אָרעמע אַרבעטער און פויערים. די פרומע יידן האָבן קלאָר געזען, אַז דאָס וועלטלעכע אַרט דענקען איז דער היפוך פון יידישן וועלט־באַנעם און זיי האָבן אינסטינקטיוו דערפילט די געפאַר וואָס ליגט אין דעם פאַרן יידישן קיום, כדי זיך צו שיצן קעגן דער דאָזיקער געפאַר, האָבן זיי אָנגעווענט זייערע גאַנצע כוחות אָנצוהאַלטן די פרומקייט ביי יידן, ד״ה, דאָס אָפּהיטן די מיצוות שבין אדם למקום. זיי האָבן אָבער צום באַדויערן אינגאַנצן פאַרנאַכלעסיקט דעם צווייטן גרונט־געדאַנק פון יידישן רעליגיעזן וועלט־באַנעם — די גוטסקייט, ד״ה, די מיצוות שבין אדם לחבירו, די פּרינציפּן פון יושר, צדק ומשפט אויפן געזעלשאַפט־לעכן געביט, און עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אַן דער גוטסקייט פאַרלירט די פרומקייט איר זין און באַדייט אין פּראַקטישן לעבן און קאָן דעריבער לאַנג ניט געדייען.

די פרומע יידן זיינען בכשל געוואָרן אין דעם דאָזיקן שווערן חטא טיילווייז צוליב דעם וואָס זיי האָבן ניט איינגעזען, אַז די מאָדערנע פּאָליטישע און עקאָנאָ־

מישע אָרדענונג איז ענג פאַרבונדן מיטן וועלטלעכן אַרט דענקען, און טיילוויז צוליב דעם וואָס עס האָבן זיי געפעלט די גייסטיקע כוחות בייצושטיין דעם ניסיון פון זיך אָפּזאָגן פון דעם מאַטעריעלן נוצן וואָס עס האָט זיך געלאָזט באַקומען פון דער ניי־אויפגעקומענער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. אין דעם זין האָבן אויך די פרומע יידן פון אונדזער עפּאָכע פאַרלאָרן גאָט.

בדרך כלל האָט די וועלטלעכקייט ביי יידן געפירט צו די זעלביקע רעזול־טאַטן ווי ביי די אומות העולם. אָבער אין איין וויכטיקן פּרט איז די לאַגע אַנדערש. די גויים און די יידן האָבן אין דער מאָדערנער וועלטלעכער עפּאָכע ביידע גלייך פאַרלאָרן אַ גרויסן טייל פון זייער גייסטיקן מהות. די רעזולטאַטן זיינען אָבער אַנדערש בנוגע זייער מאַטעריעלער לאַגע. דערמיט מיינען מיר, די טעריטאָריע און מלוכה מאַכט אויף וואָס די אומות העולם באַזירן זייער נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ. הגם די גויים זיינען מחמת דער וועלטלעכקייט אָפּגעשוואַכט געוואָרן גייסטיק, זיינען זיי אָבער פאַרבליבן ביי זייער מלוכה־מאַכט. און אין אַ סך פּרטים איז זייער מלוכה־מאַכט פאַרשטאַרקט געוואָרן דורך דעם מאָדערנעם נאַציאָנאַליזם, וואָס איז אַ פּראָדוקט פון דעם אַנטי־רעליגיעזן אַרט דענקען. ביי יידן אָבער וועלכע האָבן ניט קיין אייגענע נאַציאָנאַלע מלוכה־מאַכט האָט די וועלטלעכקייט אַנדערש ניט געקענט זיין ווי בלויז אַן אידעע אָן אַ ממשותדיקן מאַטעריעלן באָדן. אין די ערשטע יאָרן פון דער מאָדערנער עפּאָכע, ווען עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דער ליבע־ראַליזם וועט מיט דער צייט באַהערשן דעם פּאָליטישן דענקען פון דער גאַנצער וועלט, האָבן אונדזערע וועלטלעכע יידן געמיינט, אַז דורך דער עמאַנציפּאַציע וועלן יידן פטור ווערן פון שנאה און פאַרפאָלגונגען. די צייט האָט באַוויזן, אַז דאָס איז געווען אַ טעות גמור. דער אַנטי־רעליגיעזער וועלטלעכער אַרט דענקען האָט גראָד דערפירט צום נאַציזם מיט אַ פאַרשאַרפטער שנאה און די שרעקלעכסטע פאַרפאָלגונגען וואָס יידן האָבן דורכגעמאַכט אין זייער לאַנגער מאַרטירער־גע שיכטע. אונדזערע וועלטלעכע יידן, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון זייער רעליגיעזער גייסטיקער ירושה, וואָס האָט אויפגעהאַלטן דעם יידישן קיום פאַר טויזנטער יאָרן, זיינען אין איצטיקן וועלט־קריזיס געבליבן אינגאַנצן אָן אַנהאַלט סיי גייסטיק, סיי מאַטעריעל.

6

די בעסטע דענקער פון אונדזער צייט, צי זיי זיינען רעליגיעז געשטימט אָדער ניט, ווייזן אָן אויפן מאַטעריעלן אָדער גשמיותדיקן כאַראַקטער פון דער היינטיקער ציוויליזאַציע. זיי באַקלאָגן זיך זייער שטאַרק אויף דעם, וואָס די מענטשן פון

אונדזער צייט זיינען כסדר פאַרטאָן מיט זייער קערפּערלעכן וואוילזיין און אינ־טערעסירן זיך זייער ווייניק מיט זייערע גייסטיקע אָדער נשמה־באַדערפעני־שן. היינטיקע מענטשן, מיט זייער ווייניק אויסנאַמען, אינטערעסירן זיך דער עיקר מיט די טעכנאָלאָגישע אויפטואונגען פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט. מיטן ריין טעאָרע־טישן אַספּעקט פון דער וויסנשאַפט און איר ווירקונג אויפן קולטורעל גייסטיקן מצב פון דער עפּאָכע אינטערעסירן זיך בלויז געציילטע יחידים. אַלע צווייגן פון מסחר און אינדוסטריע זיינען כמעט אינגאַנצן פאַרנומען מיט פּראָדוצירן זאַכן וואָס באַפרידיקן דעם מענטשנס פאַרלאַנג פאַר וואָס מער באַקוועמלעכקייט און פאַרגעניגנס, דאָס אייגענע איז מיט די בילדונג־אינסטיטוציעס. בדרך כלל פאַר־נעמען זיי זיך מיט צוגרייטן דעם אינטעלעקטועלן מענטשן מאַטעריעל, וואָס די אינדוסטריע און געשעפטס וועלט פאָדערט. אַלע שיכטן פון דער היינטיקער געזעל־שאַפט פאַרשווענדן זייער גאַנצע ענערגיע אויף זאַמלען וואָס מער מאַטעריעלע גיטער, כדי צו געניסן וואָס מער באַקוועמלעכקייטן און אַלץ מער קערפּערלעכע פאַר־געניגנס. מיטן גייסטיקן קולטורעלן מצב פון אונדזער צייט פאַרנעמען זיך בלויז אַ קליינע צאָל בעסערע דענקער און שרייבער. דורך וואָרט און שריפט ציען זיי אונדזער אויפמערקזאַמקייט צום איצטיקן טרויעריקן מצב און די געפאַר וואָס ליגט אין דעם פאַר דער צוקונפט. יעדער איינער לויט זיין וועלט־באַנעם שלאָגט פאָר מיטלען ווי אַזוי צו פאַרבעסערן די לאַגע, אָבער זיי האָבן ווייניק צוהערער. צוליב דעם וואָס דאָס רוב מענטשן זיינען פאַרטאָן אין זייערע קערפּערלעכע פאַרגעניגנס, איז ביי זיי אָפּגעטעמפּט געוואָרן זייער אינטערעס פאַר עפּעס העכערעס וואָס איז פון אַ גייסטיקן כאַראַקטער. אַזוי איז די לאַגע אין דער וועלט בכלל און ביי יידן איז עס ניט בעסער.

אין פאַרגלייך מיט די יידן וואָס האָבן געלעבט אין מזרח־איראָפּע מיט עטלעכע דורות פריער, שטייט דער היינטיקער יונגער דור אין אַמעריקע זייער נידעריק אין דעם אַלגעמיינעם קולטורעלן זין, הגם אין פּרט פון אַלגעמיין וועלטלעכער בילדונג שטייען די אַמעריקאַנער יונגע יידן ניט אין ערך העכער פון אַלטן דור. אַלע האָבן דורכגעמאַכט די עלעמענטאַרע פּובליק סקול, גאָר אַ גרויסער טייל האָבן באַזוכט די מיטלשולן און אַ גרעסערע צאָל ווי ווען עס איז פריער האָבן געענדיקט הויכשולן. היינטיקע יידן לייענען מער צייטשריפטן און ביכער, און זיינען בעסער באַהאַוונט אין אַלגעמיין וועלטלעכע ענינים ווי די יידן פון אַלטן דור. דאָך שטייען זיי גייסטיק אַ סך נידעריקער ווי אונדזערע טאַטעס און זיידעס. דער אַמאָליקער ייד האָט זיך אויסגעלעבט גייסטיק אין דער צענטראַלער אידעע פון זיין רעליגיע: — די אמונה, אַז עס איז פאַראַן אַ גאָט אויף דער וועלט, וועלכן ער האָט געדינט

לויט די פאַרשריפטן פון שולחן־ערוך. בעת ער האָט שווער געהאָרעוועט פאַר זיין חיונה און איז פאַרפּאַלגט געוואָרן פון די אַרומיקע פעלקער, איז ער פונדעסטוועגן, אינערלעך, ביי זיך ניט אַרונטערגעפאַלן. מחמת אַלץ איז סובלימירט געוואָרן אין זיין זיכערן גלויבן, אַז די וועלט ווערט געפירט פון אַ גערעכטן גאָט, אַ וועזן וואָס איז כולו טוב און טוט קיין עוולות ניט. אויב אים איז אויסגעקומען צו ליידן האָט ער עס באַטראַכט אַלס אַן אָפּקומעניש פאַר זינד, דעריבער איז עס געווען ביי אים אַ קלייניקייט לגבי דעם אייביקן לעבן אויף יענער וועלט, וואָס ער וועט דורך דעם באַקומען. און אויב ער האָט ניט געפונען קיין צופרידנשטעלנדיקע דערקלערונג אויף אַלץ וואָס עס קומט פאָר אויף דער וועלט, האָט ער דאָס צוגעשריבן צו דער באַגרענעצטקייט פון מענטשלעכן פאַרשטאַנד וועלכער איז ניט בכוח משיג צו זיין גאָטס דרכים. לפי זיין וועלט־באַנעם האָט ער געמאַכט אַ נפקא־מינה צווישן הייליקייט און וואָכעדיקייט, צווישן די פּראָסטע באַדערפענישן פון טאָג־טעגלעכן לעבן און די מאָמענטן פון עלית־הנשמה און קדושה, בעת ער האָט מקיים געווען גאָטס מצוות, ער האָט געהאַט זיינע הייליקע טעג, זיינע שבתים און יום־טובים וועלכע האָבן אַריינגעבראַכט ליכט און פייערלעכקייט אפילו אין זיין וואָכעדיקן לעבן.

דער יונגער דור יידן אין אַמעריקע, מיט ווייניק אויסנאַמען, איז אינגאַנצן אַריבערגעגאַנגען צום וועלטלעכן אַנטי־רעליגיעזן אַרט דענקען. לכן קאָנען זיי זיך ניט אויסלעבן גייסטיק, אויף דעם זעלביקן אופן ווי די אַמאָליקע פרומע יידן. און היות ווי קיין אַנדער סאָרט גייסטיקן אינהאַלט, וואָס זאָל פאַרנעמען דעם אָרט פון רעליגיעזן מאָמענט, האָבן זיי ניט, איז זייער לעבן געבליבן פוסט, אָן קדושה, אָן עלית הנשמה. קורץ, אין גייסטיקן זין זיינען זיי אַרונטערגעפאַלן נעענטער צום אַנימאַלן אָרט לעבן. לגבי דעם מאָדערנעם יידן האָט דער אַמאָליקער ייד געלעבט אַ סך גליקלעכער און בלי ספק גייסטיק דערהויבענער ווי דער מאָדערנער ייד, טראָץ דעם וואָס אין אַמעריקע לעבט דער ייד איצט אין אַ סך בעסערע מאַטעריעלע אומשטענדן.

מען קאָן אָנווייזן אויף אַ סך סימפּטאָמען פון אונדזער גייסטיקער געפאַלנקייט. מיר וועלן זיך אָפּשטעלן בלויז אויף עטלעכע וועלכע זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר אונדזער היינטיקן לעבן.

די מנהיגים פון אונדזער דור, צי זיי זיינען רעליגיעז געשטימט אָדער ניט, באַקלאָגן זיך כסדר אויף דעם, וואָס דער גרעסטער טייל פון היינטיקע יידן אינטע־רעסירן זיך מער ניט מיט יידישע ענינים. זיי באַלאַנגען ניט צו קיין יידישע חברות, גיבן ניט זייערע קינדער קיין שום יידישע דערציאונג. בעת פאַר דעם אַמאָליקן יידן וואָלט אַזאַ פירונג געווען אינגאַנצן אומפאַרשטענדלעך. אַמאָל

האָט דער אָרעמסטער ייִד געשיקט זיינע קינדער אין חדר, און ווי וואָלט עס מעגלעך געווען פאַר אַ פרומען יידן זיך איינגאַנצן ניט אינטערעסירן מיט קהלשע יידישע ענינים.

אויך אין די ראַדיקאַלע קרייזן געפינען מיר די זעלביקע גייסטיקע אָרעמקייט. אונדזערע אַלטע ראַדיקאַלן ביי וועמען דער סאָציאַליזם איז געווען אַ במקום רעליגיע, באַקלאָגן זיך זייער שטאַרק אויפן יונגן דור, פאַרוואָס זיי זיינען גלייכגילטיק צו זייערע אידעאַלן. אונדזערע אַמאָליקע יוגנט, וואָס האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אין רעליגיעזע היימען, ווען זיי זיינען אַריבער צום סאָציאַליזם, זיינען זיי געווען גרייט זיך מקריב צו זיין פאַר זייערע אידעאַלן. אונדזער היינטיקע יוגנט, מיט ווייניק אויסנאַמען, אינטערעסירט אין זאַך, הנאה האָבן פון לעבן, פון קיין אידעאַלן ווילן זיי ניט וויסן.

אייניקע שרייבער האָבן קאָמענטירט וועגן דעם, וואָס די יידן אין דייטשלאַנד, אונגאַרן און רומעניע האָבן ניט אַרויסגעוויזן קיין ווירדיקן ווידערשטאַנד קעגן די פאַרפאָלגונגען פון די נאַציס, מען האָט אָנגעוויזן, אַז אויך אין פוילן האָט דער ווידערשטאַנד געקאָנט זיין אַ סך שטאַרקער, ווען עס וואָלט ניט געפעלט די זיכערע אמונה אין אַ וועלכן עס איז אידעאַל, און דער נייטיקער ווילן זיך מקריב צו זיין פאַר דעם. דער העלדישער ווידערשטאַנד אין וואַרשע און אַנדערע שטעט אין די לעצטע טעג פון חורבן, מיט וועלכע מיר שטאָלצירן אַזוי שטאַרק, איז דאָך געווען אַן אין ברירה קאַמף. עס פרעגט זיך, ווען די יידן אין אייראָפּע וואָלטן, אַזוי ווי די יידן אין מיטלאַלטער, געהאַט די ברירה צו ראַטעווען זייער לעבן און פאַרמעגן דורך שמד, וויפיל יידן וואָלטן געהאַט די גייסטיקע כוחות באמת זיך מקריב צו זיין על קידוש השם, ווי דאָס האָט פּאַסירט אין די אַלטע צייטן? עס ווילט זיך ניט טראַכטן וועגן דעם מחמת דער ענטפער איז שרעקלעך. צווישן די גאָר פרומע וואָלטן זיך מסתמא געפונען אייניקע וואָס וואָלטן געהאַט די גייסטיקע כוחות ביי צושטיין דעם דאָזיקן ניסיון, צווישן די וועלטלעכע יידן כמעט קיינער ניט.

פרעגט זיך, וואָס איז געוואָרן מיט אונדז? פאַרוואָס זיינען מיר מיטאַמאָל געוואָרן גלייכגילטיק צו די גרונט־פּרינציפּן פון יידישן רעליגיעזן באַנעם? וואו איז היינגעקומען דער יידישער אידעאַליזם מיט וועלכן מיר האָבן אַזוי שטאָלצירט? מען קאָן פרעגן נאָך און נאָך שאלות פון דעם מין. עס איז דאָ אויף דעם איין דערקלערונג. ווען די יידן האָבן פאַרלאָרן זייער אמונה אין גאָט, האָבן זיי גלייכצייטיק מיט דעם פאַרלוירן דעם באַזיס פאַר אַ וועלכן עס איז גייסטיקן אינהאַלט אין לעבן. אויב קיין גאָט איז ניטאָ, און דאָס גאַנצע לעבן איז בלויז אַ צופעליקע דערשיינונג אויפן פּלאַנעט וואו מיר געפינען זיך, וואָס וועט מיט דער צייט, —

לויטן צווייטן געזעץ פון טערמאָ דינאַמיק — אויך אויפהערן צו עקזיסטירן, בלייבט ניט קיין רעאַלער גרונט פאַר וועלכע עס איז גייסטיקע פרינציפּן פאַרוואָס מען איז מחוייב מקריב צו זיין מיט די באַלדיקע קערפּערלעכע פאַרגעניגנס. עס בלייבט דאַן בלויז דאָס ביסל פאַרגעניגן וואָס לאָזט זיך געניסן אין דער קורצער צייט וואָס מיר געפינען זיך אין לעבעדיקן צושטאַנד. גיבן זיי אַוועק אויף דעם זייער גאַנצע ענערגיע.

אַלס אַ גייסטיק וועזן קאָן דער מענטש ניט אויסקומען אָן דער גאָט־אידייע. דער שכל דערביי באַשטייט אָט אין דעם. — גלויבן מיר באמונה שלמה, אַז עס איז פאַראַן אַ גאָט אויף דער וועלט, ד"ה, אַז איבער דעם מענטשן איז פאַראַן אַן אַבסאָלוט אָדער פּערפעקט וועזן, דאַן איז פאַרשטענדלעך פאַרוואָס דער מענטש איז קיינמאָל ניט צופרידן מיט זיין באַגרענעצטן מצב. היות ווי ער איז זיכער, אַז אַ שלימותדיקער וועזן איז פאַראַן, שטרעבט ער דעריבער אין אַלץ וואָס ער טוט און טראַכט צו דערגרייכן אַ מער פּערפעקטן צושטאַנד. לויטן רעליגיעזן נוסח הייסט דער דאָזיקער פּראָצעס זיך דערנעענטערן צו גאָט. און טאַקע אין דעם ליגט די חשיבות פון מענטשן און דער זין און באַדייט פון זיין עקזיסטענץ אויף דער וועלט. אין דעם פּראָצעס פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג איז די גאָט־אידייע אויפגעפאַסט געוואָרן אויף פאַרשיידענע אופנים. דער גרונט־געדאַנק אָבער האָט זיך ניט געביטן, די גרעסטע גייסטער פון אַלע צייטן האָבן באַצירט זייערע אויפטואונגען אויף דעם דאָזיקן גרונט־געדאַנק. די וויזיעס פון די נביאים פאַר אַ שענערער און בעסערער וועלט, די שאַפונגען פון די גרויסע דענקער אויפן געביט פון טעאָלאָגיע, פילאָזאָפיע און עטיק, דער באַזיס פאַר אַלע אַנדערע גייסטיקע אויפטואונגען, וואָלטן ניט מעגלעך געווען אָן דעם זיכערן גלויבן, אַז אין קאָסמאָס הערשט אַ גייסטיקער כוח, און דעם מענטשנס באַמיאונגען זיינען אויף אַ וועלכן עס איז אופן אַריינגעוועבט אין דער קאָסמישער גייסטיקייט.

נעמען מיר אָבער אָן די סברה, אַז עס איז ניטאָ קיין גאָט אויף דער וועלט, ד"ה, אַז שלימות איז בכלל ניט בנמצא, בלייבט ניט קיין אַנדער ברירה ווי צו באַהויפּטן, ערשטנס, אַז דער פיזיש שוואַכער זינדיקער מענטש, מיט זיין פראַג־מענטאַרן וויסן און באַגרענעצטן פאַרשטאַנד איז דער העכסטער גייסטיקער כוח אויף דער וועלט; צווייטנס, אַז דעם דאָזיקן מענטשנס השגות וועגן שלימות, אַבסאָלוטעס וועזן, גייסטיקן כוח וכדומה, זיינען בלויז פוסטע ספּעקולאַטיווע חלומות. און דאָס מוז פירן צו אַ גייסטיקער ירידה, אַן אַרונטערזינקען צום אַנימאַלן צושטאַנד. דעריבער באַהויפּטן מיר, אַז דאָס פאַרלאָזן דעם רעליגיעזן הויפּט־פּרינציפּ, די גאָט־

אידייע איז אַ שווערע זינד פאַר דער מענטשהייט בכלל און פאַר דעם יידישן פאָלק בפרט. און אויב אַנטי־רעליגיעזקייט איז אַ געפאַר פאַר דעם פראָגרעס פון דער מענטשהייט, פאַר דעם אויפהאַלט פון דער ציוויליזאַציע — איז עס פאַר דעם יידישן פאָלק — סם המות. אומגלויבן פירט אים דירעקט צום פולן אונטערגאַנג, צו פולשטענדיקער אויפלייזונג אַלס אַ זעלבסטשטענדיקע קערפערשאַפט.

---

# ביינאַכט

פון

## מענדל נייגרעשל

וואָס קלאַפסטו אַזוי אין דער פינצטערער נאַכט, אַ פרעמדער, אין מיינע טויערן?
איך האָב געהערט, אַז דו לעבסט אין צער און ד׳האָסט דעם בטחון פאַרלוירן.

די פיין איז גרויס און די נאַכט איז לאַנג. און וואָס ברענגט מיר דיין פלוצימדיק קומען?
— אַ ליימענעם טאָפּ אַש און זאַמד, אַז ס׳זאָל אייביק שמאַכטן דיין גומען.

צו וואָס די שטראָף, אַז מיין אומה פאַרגייט, אַן עדה פאַרלוירענע ווײנער?
— איך ברענג דיר אַ טרייסט: פון פינצטערן וואַלד אַ קופּע פאַרטריקנטע ביינער.

ווען די נאַכט וועט פאַרגיין, ווען ס׳וועט קלינגען אויף טאָג, וואָס וועט דערזעען מיין וויע?
— אַ מאַן, וואָס שטייט מיטן פנים צום וואַנט און אַ תליון וואָס גרייט אים די תליה.

אַ פרעמדער, פאַרגיי! ניט וועק מיך פון שלאָף, כ׳פיל מידקייט אין איטלעכן אבר.
— דיין האַנט, דיין האַנט איז שטאַרק נאָך גענוג, זאָלסט דיר גראָבן דיין אייגענעם קבר.

די נאַכט האָט געשטומט — און געגליווערט אויף מיר מיט אויגן פון טונקעלע קראָען,
און איך האָב געבוקט זיך צום פרעמדן ביים שוועל מיט קנעכטישער שרעק און שיגעון.



# אַלטער און נייער ברית

פון

## מ. צוקער

אַ היימיש־יידישע מאַמע און אַלע אַרום איר האָבן אין אַ קינד, אַ יינגל, באַלד פון אָנפאַנג געזען, אין זייער פאַרשטעלונג, דעם סוף: אַ שטול אין גן־עדן. מ׳האָט זיך אינעם געדאַנק שוין אָפּגעמאָלן דעם גאַנצן לעבנסגאַנג.

אָן וואַקלונג האָבן זיך די געדאַנקען פון אַ יידישן מענטשן אויף אַ נאָרמאַלן אופן געפעדעמט פון סאַמע אָנפאַנג ביזן סאַמע ענד. — און דער אָנפאַנג הייבט זיך אָן פון דעם, וואָס אונדזער זיידע אברהם האָט געשלאָסן דעם בונד מיטן רבונו של עולם.

מ׳קען זאָגן, אַז אינסטינקטיוו, אָן ספּעציעלע פילאָסאָפישע פאַרטיפונגען האָט אַ יעדע פשוטע מאַמע און אַלע אַרום געשפּירט אַ געוויסע אחריות צו דעם „בונד" וועלכן מיר האַלטן שוין אָן פיר טויזנט יאָר.

צוערשט האָט מען ביי אַזאַ קימפּעטאָרין אַריינגעשטעלט אַ שפּאַניש ווענטל און אויפגעהאָנגען שיר־המעלותלעך, אין וועלכע ס׳זיינען געווען אויסגעשריבן לשון־קודשדיקע און תרגום־לשונדיקע שפּרוכן קעגן ניט־גוטע. דאַן האָבן חדר־יינגלעך געהאַט יעדן טאָג זייער אַרבעט צו גיין לייענען קריאת־שמע מיט זייער באַהעלפער — אויך אַ סגולה קעגן דער סטרא־אחרא. — בשכר זה האָבן די יינגלעך געקראָגן ניסלעך און דאָס האָט זיי געגעבן חשק דעם צווייטן טאָג ווידער צו קומען, און אַזוי ביז צום ברית.

און שבת נאַכט, בעפאָר דעם ברית, זיינען זיך שכנים און נאָענטע צוזאַמענ־געקומען צום בעל־הברית אין הויז וואו מ׳האָט געגעסן אַרבעס און צוגעטרונקען אַ ביסל ביר. — דאָס האָט געהייסן: שלום־זכר.

קיין עלייה פאַרן בעל־הברית צו קריגן דעם זעלביקן שבת איז ניט געווען נייטיק ווייל דאָס נייע נפשל האָט נאָך ניט געהאַט קיין נאָמען, און אַזוי זיך צו מאַכן דער קינפּערטאָרין אַ „מי־שברך" איז געווען איבעריק.

די מוהלים זיינען מייסטענס געווען די שטאָטישע שוחטים — דערפאַרענע פאַכלייט. אויך מציצה איז געווען זייער אַרבעט. דאַן זיינען איינגעטיילט געוואָרן ביי אַזאַ געלעגנהייט פאַרשידענע כבודים: סאַנדיק, קוואַטערס, ברכה זאָגן, געבן אַ נאָמען אאַז״וו.

אַז מ׳אַז פאַרטיק געוואָרן מיט דער רעליגיעז־צערעמאָניאַלער זייט, האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ מזל־טוב ווינטשן דאָס קינד זאָל דערלעבן לתורה, לחופה און מעשים־טובים, און באַלד איז געוואָרן פריילעך, און עס האָבן זיך באַוויזן לעקאַך און בראָנפן.

און נאָכדעם, אויב דער בעל־הברית איז געווען פאַרמעגלעך האָט מען געפּראַוועט אַן אמתע סעודה און דער עולם האָט געשמאַק געגעסן און זיך לוסטיק געמאַכט. מ׳האָט געזונגען זמירות און ווידער געגעסן.

ניט איין אָרעמאַן, ביי וועמען אַ שטיקל פלייש איז געווען אַ יקר־המציאות אַ גאַנץ יאָר, האָט זיך ביי אַזאַ שמחה גוט אָנגעקאָרמעט און מ׳קאָן זאָגן אַז אַזעלכע אָרעמע־לייט האָבן טאָקע צוגעוואונשן דעם בעל־הברית אַ מזל־טוב מיטן גאַנצן האַרצן.

און בשעת חדווה האָט מען געגעבן נדבות צו נויטבאַדערפטיקע און אַלע האָבן זיך געפילט אמת יום־טובדיק.

II

## האַלב מאָדערנער ברית

ווען אַ יונג פּאָר האָבן איינגעשטימט צו ווערן מאַן און ווייב, ווייסן זיי זייער לאַגע און אַלץ איז אויסגערעכנט.

איז מען בכוח און מ׳וויל האָבן אַ קינד ווערט מען געוואויר באַלד פון אָנפאַנג וועלכער דאָקטאָר איז גוט אין דעם פאַך און ער, אָט דער דאָקטאָר, ווערט שוין דער גאַנצער דעה־זאָגער: וויפל עסן, וויפל שלאָפן, וויפל רוען, אאַז״וו. ביז עס קומט די צייט ווען ער דאַרף טאָן זיין אַרבעט. — און נאָכדעם אפילו, איז ער דאָך ספּעציאַליזירט אין הלכות־האָדעווען, פרעגט מען ווידער דעם אייגענעם דאָקטאָר: וויפל מילך, וויפל סיריעל, וויפל דאָס, וויפל יענעס. הכלל — אַלץ גייט צו וויסנשאַפטלעך.

דער מענטש איז דאָך אָבער ניט מער ווי אַ מענטש מיט אַלע זיינע שוואַכקייטן, סיי אין מעלות סיי אין חסרונות. — נו, אַז עס קומט צו איינער אַ מיט־

גליד אין דער משפחה ווערט אַ פרייד אין הויז און עס ווילט זיך טיילן די שמחה מיט אַנדערע פון דער משפחה און פריינט, און דאָס מוז מען אויף וועלכן עס איז אופן אויסדריקן.

איז אַנשטאַט שיר־המעלותלעך מיט קריאת־שמע לייענען ווערט אַן אָפּ־רופעניש אויפן טעלעפאָן אין שפּיטאָל און אין דער היים, עס ווערט לעבעדיק, און אַלע פריינט פרייען זיך.

אַנדערע ווייבער קומען באַלד צו לויפן אין שפּיטאָל און מ׳צעקושט זיך אויפן ווייבערשן שטייגער, און אַמאָל פּאַר פרייד ווײנט מען אַביסל צו, — און אַנדערע ווייטער לאָזן עס אויף שפּעטער. די ווייבער שמועסן וועגן אַלע איינצלהייטן ווי אַזוי איז עס דורכגעגאַנגען פון אָנהייב ביז ענד: וואָס פאַר אַ גוטן דאָקטאָר זי האָט געהאַט און וואָס פאַר אַ קונץ ער האָט באַוויזן, ווי די קינפּעטאָרין פילט זיך און וואָס פאַר אַ קינד דאָס איז? אַ שטילס אָדער אַ וויינערל? אַ שיינס? און וויפל פונט עס וועגט? און ווי האָבן עס טאַטע מאַמע און אַלע באַענטסטע פון דער משפחה אויפגענומען אַאַז״ו, אַאַז״ו.

דעם קליינעם חתן־בחור האָט מען ניט די מעגלעכקייט צו זען ווען מ׳וויל נאָר ווען ס׳מאַכט זיך אַ שעת־הכושר. דהיינו: אַז די נוירס ברענגט דעם קליינעם צו דער יניקה האָט מען דעמאָלט די זכייה צו זען דעם אָנגעקומענעם אורח. — און דאָס אויך נאָר דאַן ווען מ׳טוט אָן אַ מאַסקע אויפן פּנים און מ׳קוקט אויס ווי אַ פּורים־שפּילער. בזה האופן שאַפט זיך אַ געוויסער דרך־ארץ, אויף אַ מאָדערנעם שטייגער, צום נייעם אָנקומענדיקן דור.

פון אָנרירן עס מיט דער האַנט איז אָפּגערעדט. מ׳דאַרף זיך זייפן און וואַשן און ווישן מיט אַן אמתדיק „ריינעם־האַנטעך״ אַז מ׳זאָל האָבן די זכיה עס אָנצורירן. — דאָס איז, מיט אַנדערע ווערטער געזאָגט: דרך ארץ פאַרן נייעם דור! . . . .

מאַכט איינער אַ ברית־מילה אין שפּיטאָל מיט אַן אייגענעם מוהל און איבעריקע כלי־קודש, איז כאָטש עס קוקט פון אָנפאַנג אויס מער ענלעך אויף אַ טעאַטער־שטיק ווי אויף אַ היימישער ברית־מילה, ווייל די נוירס זעט אויס צו זיין דער סאַנדיק און דער קוואַטער און אַלץ מיט אַנאַנדער און דער עולם האָט בלויז אַ געלעגנהייט צו זען עס פון דערווייטנס פון אַן אָפּגעטיילטן צימער מיט אַ גלאָז, און דער אייגענער טאַטע און אַלע וואָס באַשעפטיקן זיך דערמיט זעען גיכער אויס ווי פאַרשטעלטע, דאָך האָט מען נאָך אַ מעגלעכקייט צו פאַראָוועז אייניקע היימישע מנהגים ווי שלום־זכר און אַ סעודה. — אָבער קריאת־שמע לייענען מיט די שיר־המעלותלעך האָבן שוין דאָ געפעלט.

ביי אַנדערע ווידער, ווען זיי פּטרן עס אָפּ אין שפּיטאָל מיט לעקאַך און בראָנפן און אַ לייכטן ביס, טראָגט עס מער אַ פאַמיליען/ כאַראַקטער ווי אַ רעליגיעזע סעודה.

III

# אַ מאָדערנער ברית

אַ יונג פּאָר־פאָלק, דער מאַן, למשל, אַ פידל־קינסטלער און די פרוי אַ ייִדיש אַמעריקאַנערין. ביידע האָבן זייערע יוגנטלעכע פרייע צייט אָוועקגעגעבן און געבן אויך ווייטער אָוועק פאַר צוועקן וואָס זיינען ניט דווקא ספּעציעל ייִדישע. מען איז „קאָסמאָפּאָליטיש", און דאָך ווען זיי זיינען געוואָרן עלטערן פון אַ ניי־געבוירן ייִנגל, האָבן זיי דעם אַלטן בונד אינגאַנצן ניט צעריסן.

ווען די פאַרצווייגטע משפּחה און פריינט זיינען געוואויר געוואָרן אַז די יונגע פּאָר האָבן זוכה געווען צו האָבן אַ קדישל האָט ממש די לופט געטאַנצט פון שמחה. — די טעלעפאָנען האָבן איבערגעגעבן פון איינעם צום צווייטן די נייע געשעעניש און מ'האָט זיך געווינטשעוועט און געפרייט. יעדער איינער און יעדע איינע האָבן געוואוסט יעדע איינצלהייט ווי אַזוי דער גאַנצער גאַנג פון די ניין חדשים ביז צום „האָבן" איז דורכגעגאַנגען, וואָס פאַר אַ לעצטע מעטאָדן מ'האָט אָנגע־ווענדעט. אַז זי האָט ניט געהאַט קיין חבלי־לידה איז אויך געווען אַ טעמע פאַר די וויכטיקסטע געשפּרעכן, און כאָטש עס איז געוואָרן אַ שמחה ביי יעדן איינעם ביחידות, דאָך, קען מען זאָגן, אַז איינעם געדאַנק איז עס געווען אַ פרייד בציבור.

וועל, ווי, ווען „ברית" האָט מען זיך ניט פאַראינטערעסירט. מ'האָט גע־וואוסט, אַז אויף וועלכן עס איז אופן וועט עס קומען צום אויסדרוק. — די פאַר־גאַנגענהייט וועט זיך באַהויפּטן אויף איר אייגענעם אופן. דער יונגער דור איז נאָך אַלץ פאַרבונדן מיט דעם אַלטן דור.

דעם ברית־מילה האָט טאַקע דער דאָקטאָר, דער הונדערט־פּראָצענטיקער פאַכמאַן, געמאַכט אָן אַ מנין און אָן ברכות. אַז דער טאַטע האָט אַ ביסל פאַר־שפּעטיקט, איז אויך געווען רעכט ניט צו וואַרטן אויף אים. — אין דער פאַראויס־באַשטימטער צייט איז די מלאכה אויסגעפירט געוואָרן פּינקטלעך.

איצט, ווען דאָס ווייבל איז שוין געווען ראוי אַהיימצוקומען מיט איר ניי געבוירן קינד, איז אָנשטאָט די היימישע ווייבערשע עצות ווי אַזוי אומצוגיין דערמיט, איז איצט געוואָרן דער טעלעפאָן צום דאָקטאָר דער הויפּט עצה־געבער.

אַ ביסעלע נעמט מען טאַקע צו דער הילף דער אייגענער מאַמעס דערפאַרונג, אָבער דאָך טוט מען אַלץ אויף אַ וויסנשאַפטלעכן וועג. — מען ווערט איינפאַך אַ מאַמע מיט אַלע פיטשקעווקעס, רופט עס מאַדערן און רופט עס ווי איר ווילט, אָבער ס'איז אַ מאַמע מיט אַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט צו דערציִען אַ גוטן דור.

נאָר מיט דעם אַלעם האָט מען נאָך ניט אָפּגעפּטרט אַלץ בנוגע דער משפּחה און פריינט. מ'פילט, אַז מ'האָט נאָך ניט יוצא געווען אַנטקעגן אַלעמען.

נו, ווערט געפּלאַנעוועט עפּעס אַ שמחהלע, אָבער אַנשטאָט די ביזאַיצטיקע ברית־מילה־שמחה, מאַכט מען אַ ברית־מילה־„פּאַרטי"...

און עס מוז ניט גראָד זיין צו אַכט טאָג, ווען די אָפיציעלע „איינוויי‏אונג" ווערט געפּראַוועט. מען אַראַנזשירט אַ „פּאַרטי" אַן איילעניש אין אַ פּאָר וואָכן שפּעטער, און מ'קלייבט זיך אויס אַ שבת צו נאַכט, ווען אַלע, אַן אויסנאַם, וועלכע פילן זיך פאַרפליכטעט צו באַטייליקן זיך דאַרין, זאָלן קענען קומען.

מיט דער הילף פון גאָט אהורא־מאַזדא און זיין כהן גדול עדיסאָן האָט מען איינגעאָרדנט אַז אינעם גאָרטן פונעם הינטערן מקום מנוחה זאָל זיין ליכטיק אין אַלע ווינקעלעך, טישן און בענקלעך האָט מען צוזאַמענגעבראַכט לרוב און אויס־געשטעלט אין אַלע זייטן מיט אַ געוויסער סימעטריע. דאָס גראָז מיט די בלומען האָבן זיך אויסגעשפּרייט ווי אַ פיינער טעפּעך אונטער די פיס.

עס האָבן זיך פאָרמירט סעפּעראַטע גרופּירונגען, אייניקע דאָ, אַנדערע דאָרטן און דאָך איז פון דעם אַלעם געוואָרן איין שמחה.

מ'האָט אָנגעגרייט פון אַלעם גוטן: אי צום עסן, אי צום טרינקען, אי צום פאַרבייסן.

קיין זמירות האָט מען טאַקע ניט געזונגען, אָבער איעדער האָט זיך געפונען אַן אינטערעס אין זיין קרייזל. אייניקע האָבן געשמועסט וועגן פּאָליטיק און אַנדערע האָבן געהאַט עפּעס אינטימעס איבערצורײדן צווישן זיך. די פריינט פונעם בעל־הבית, די פאַך־קינסטלער, האָבן זיך געהאַט זייער ווינקל און זיי זיינען געווען אַזוי עולם־הזהדיק ווי אַלע אַנדערע.

ביר און אַנדערע געטראַנקען האָט מען צוגעשטעלט פון דעם פריש־אויפגע־שטעלטן באַר אינעם גאַראַזש, וועלכער געפינט זיך הינטערן הויז. דער ראַבי פון דער געגנט, אַ נאָענטער פריינט פון דער משפּחה, האָט זיך גראָד אויסגע־קליבן זיין פּלאַץ לעבן דעם פּראָוויזאָרישן סאַלון, און ער האָט וואָרשיינלעך אַליין געוואָלט אין זיך אַריינזאַפּן דעם גייסט פון אַזאַ שמחהלע, וועלכעס האָט נאָך ניט קיין באַשטימטן אויסגעאַרבעטן סדר.

פון צייט צו צייט האָט ער געכאַפּט אַ שמועס מיטן זיידן פונעם קינד.

דער ציידע, אַ געוועזענער ישיבה־בחור און אַן אויסגעשטודירטער אינזשע־נער, האָט שוין זיכער אין זיין לעבן דורכגעמאַכט פאַרשיידענע עטאַפּן — נו, ווילט זיך מיט אַזאַ יידן זיך דורכוואָרפן מיט אַ פּאָר ווערטער.

קיין ספּעציעלע רעדעס האָט קיינער ניט געהאַלטן און דאָך האָט זיך געפילט אַ מין שמחה־של־מצוה — מיט התלהבות און אַ ביסל דביקות, פון אַ באַזונדערן סאָרט.

אינצווישן האָט דער ציידע פונעם קינד אַרומגעפירט אַ וועגעלע אויף דריי רעדער, אויף וועלכן ס'זיינען געווען אַרויפגעלייגט פאַרשיידענע אַנלאַקנדיקע נאַ־שערייען, — מיט איין וואָרט: פון כל טוב.

ער האָט אויך גענומען באַשטעלונגען ווען ס'האָט זיך עמעצן פאַרשמעקט אַ פּאָרציע פון די מאכלים, וואָס זיינען אויפן וועגעלע ניט געווען.

אייניקע גויאישע שכנים האָבן דאָרט אויך ניט געפעלט. וואַרשיינלעך שטי־מען זיי אויך איין מיט דער מצווה פון פרו ורבו.

און ווען ס'האָט זיך די פרייד פון דעם צוזאַמענקום אויסגעשעפּט, ווען דער עולם האָט שוין געהאַט באַשלאָסן צו גיין אַהיים, האָבן זיך די יונגע טאַטע־מאַמע אַוועקגעשטעלט ביים אַרויסגאַנג פונעם גאָרטן און האָבן יעדן איינעם באַ־זונדער באַדאַנקט וואָס מ'איז געקומען זיי אָפּגעבן דעם כבוד און טיילן זיך מיט זייער שמחה.

און מיט דעם האָט זיך געענדיקט די „ברית־מילה־פּאַרטי".

קיין נדבות האָט מען, ווי אויפן אַלטן שטייגער, ניט געטיילט. דאָס וועלן טאָן די יונגע פּאָר אויף זייער אייגענעם שטייגער: זיי וועלן אָרגאַנזשירן קאָנצערטן וואו דער בעל־הבית וועט זיין דער איניציאַטאָר און טאָקע דער הויפּט־קינסטלער דאָרט, און די ווייבל וועט געבן פאַרשטעלונגען, וועלכע זי אַליין שרייבט אָן — און שפּילט מיט. און דאָס געלט וועט מען אַוועקגעבן פאַר אַ גוטן צוועק.

און אַזוי פלעכטן זיך אַריין נייע רינגעלעך אין דער אַלטער גאָלדענער קייט...





# דער לעצטער אויסגעשריי

פון

## ירמיה העשעלעס

### א.

פון פעלדער יאָמערט נאַקעטקייט פון שניט,
און קנוילן דאַרשטערוי מיט פּאַרטריקנט היי
כאַפּט אָן דער ווינט און קרייזלט אין געדריי,
און קערט אַרויס דעם זומערס לעצטע טריט.

מיר שפּרייזן איבער סטעזשקעס זאַלבעדריט:
מיין אומעט, האַרבסט, און איך באַגלייט פון זיי;
און איבער אונדז, דורך וואָלקנס גרויען בליי,
אַ סטאַיע ווילדע גענדז צום דרום פליט.

אַרום איז וויסט. אין האַלדז שטיקט מיך געוויין,
ווען איך דערמאָן זיך, אַז אָט ערשט נישט לאַנג
האָב איך געפּיקט דאָ זערנעס פון אַ זאַנג.
געגלויבט, מיין זון וועט קיינמאָל ניט פאַרגיין,
איצט בלאָנק איך צווישן ווידערוויקס און זוך
מיין גליק, וואָס האָט צעבלאָזן זיך ווי פּוך.

## ב.

פון זייגער קריכט אַרויס אַ בלינדער חצות,
און וואַנדלט אום מיט אויסגעשטרעקטע הענט.
ביים ריר פון זיינע נעגל זינקען ווענט.
ווי שפינוועבס רייסט זיך ריגל, ברעכט זיך שלאָס.

אויף אָטעם פאַלט זיין הויך, ווי לאַווע־גאָס,
און ווערגט מיין העלן חלום, און פאַרבלענדט
מיין דמיון מיט קאָשמאַר פון גיכן ענד;
און לעשט מיין דרימל אויס מיט קאַלטן בלאָז.

מיט גרויל וואַכט אויף מיין האַרץ אין מיר, און וואַרפט
זיך אין מיין ברוסט, ווי צונג אין גלאָקנבאַק.
איך זע, ווי טויט ביים שלייפראַד שטייט און שאַרפט
מיט טעמפן גלייכגילט זיין צעבלאַנקטע האַק,
און גרייכט אין האַלדז פון וועלט... איך פיל דעם וויי
און הער פון בלוט דעם לעצטן אויסגעשריי...





# פה נטמן איש תם וישר

(אַן אָנדענק מיין טאַטן — אַ מתנה מיינע זין)

פון

## א. ד. פלעשלער

די ערשטע זכרונות וועגן מיין טאַטן, פון מיין גאָר פריער קינדהייט, זיינען פאַרבונדן מיט ווינטערדיקע פאַרטאָגן. דורך אויג און אויער האָבן זיך די דאָזיקע פאַרטאָגן איינגעקריצט אין מיין זכרון. איך געדענק, אַז ווי נאָך האַלב אין שלאָף, דערטראָגן זיך צו מיר די טרויעריק־האַרציקע טענער פונעם גמרא־ניגון, באַגלייט מיטן טיק־טאַק פונעם האַמער. ביסלעכווייז עפן איך די אויגן און דערזע מיין טאַטן ביים וואַרשטאַט. ער קלאַפּט פלעקלעך אין אַ פויערשן שטיוול, און אין דערזעלביקער צייט כאַפּט ער אַ קוק אין אַ ספר (מסתמא אַ גמרא) און ברומט אונטער אַ ניגון. די שיין פון אַ קליין לעמפּל פאַלט אויף זיין גוט־מילד פנים; אָבער איך בין אַזוי פאַרכישופט פון דער סצענע, אַז ס'איז מיר שווער צו וויסן, צי דאָס ליכט שיינט פונעם לעמפּל, צי ס'שלאָגט אָפּ פון זיין אייגן געזיכט. מיט יאָרן שפּעטער, שוין נאָך מיין טאַטנס טויט, ווען איך פלעג לייענען וואונדער־מעשיות פון צדיקים, וואָס זייער פנים לייכט מיט דער ליכט פון דער תורה, פלעג איך באַלד דערזען מיין טאַטנס פנים אין יענע ווינטערדיקע פאַרטאָגן.

דערציילט האָט מיר מיין מאַמע. מיט יאָרן פאַר מיין געבוירן איז דער טאַטע געווען אַ גמרא־מלמד ערגעץ אין אַ ישיבה אין דער אוקראַינע. ווען ער איז אַלט געווען אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק אָדער דרייסיק, האָט ער פּלוצלונג באַשלאָסן, אַז מע טאָר ניט מאַכן פון דער תורה קיין „קרדום לחפור בה". איז ער אַוועק און זיך אויסגעלערנט שוסטעריי. פאַרשטייט זיך, אַז קיין גרויסער מייסטער איז ער ניט געוואָרן; ער איז געווען מער לאַטוניק ווי שוסטער. ער האָט זיך דערנאָך באַזעצט אין אָרהיעוו, בעסאַראַביע, וואו ער האָט מיט גרויס דחקות געצויגן „פּרנסה" פון זיין מלאכה. אין דער זעלביקער צייט האָט ער באַלד אָנגעהויבן מרביץ תורה לרבים זיין.

די יונגעלייט פון שטעטל, באַלעבאַטישע בחורים, וואָס זיינען געווען וואויל־לערנער, אָבער שוין אַ ביסל אויפגעקלערט, פלעגן זיך אָפט אַריינכאַפּן צו אים צו האָבן אַ שמועס וועגן דברי תורה. ניט איין פויערשע פאַר שטיוול זיינען ניט פאַרטיק געוואָרן אין צייט, און ניט איין שבת איז ביי אונדז געווען אַ מאָגערער צוליב די דאָזיקע דיבורי תורה. פונקט ווי די ווינטערדיקע פאַרטאָגן, זיינען ביי מיר איינגעקריצט אין זכרון אָט די דאָזיקע שמועסן אין די כמורנע ווינטערדיקע טעג. דער טאַטע זיצט ביים וואַרשטאַט, קלאַפּט מיטן האַמער אָדער ציט אַ דראַטווע, און אַרום אים זיצן עטלעכע יונגעלייט און מע האַמפּערט זיך איבער עפּעס אַ שווערער שטעלע אין אַ ספר. די מאַמע דרייט זיך אַרום אַ היפּש ביסל אין כעס, און דערמאָנט אים אַלע מאָל: „בערל, וואָס וועט זיין? אויב דו מאַכסט ניט פאַרטיק די שטיוול, וועלן מיר ניט האָבן אויף שבת". לסוף גייט איר אָבער דער כעס אָפּ; איר האַרץ ווערט אָנגעפילט פון אַ שטילער פרייד, און אין אַזוינע מאָמענטן ווערט זי מערקווירדיק גוט און ווייך צו אונדז קינדער.

פאַרשטייט זיך, אַז אַ היפּשער טייל פונעם טאָג איז ביי אים אַוועקגעגאַנגען אויף ריינער עבודת הבורא (אין דער באַגלייטונג פונעם האַמער־קלאַפּ). יאָר־איין, יאָר־אויס; נאַכט־איין, נאַכט אויס; אין רעגן, שניי, בלאָטע, זאַווערוכע; פלעגט ער אַלע אויפדערנאַכט אַוועקגיין אין דער גרויסער קלויז לערנען אַ פּרק מיט דער חברה משניות. אויך אין די דאָזיקע אויפדערנאַכטן דערמאָן איך זיך מיט גרויס ליבשאַפט און נאָגנדיקער בענקשאַפט. די ישיבה, וואו איך האָב געלערנט האָט זיך געפונען אין זעלבן הויף מיט דער קלויז. ווינטער, ווען מיר פלעגן לערנען שפּעט אין דער נאַכט אַריין, האָב איך אַ ביסל פּחד געהאַט צו גיין אַליין אַהיים אין דעם אַנדערן עק שטאָט, פלעג איך, געוויינטלעך, אַריינגיין צו דער חברה משניות, זיך אַוועקזעצן ביים טאַטן אויף די קני און וואַרטן, ביז ער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן לערנען. איך מוז צוגעבן, אַז נאָך אַ טאָג לערנען אין דער ישיבה, איז מיר די תורה ניט געקראָכן אין קאָפּ אַריין. אָבער, אָט דאָס בילד, ווי אַ פּאָר מנינים יידן קוקן דעם טאַטן אין מויל אַריין, ווי ער זאָגט און פאַרטייטשט, און ברענגט אַריין פון אַנדערע ספרים, וואָס האָבן אַ שייכות צום ענין; אָט דאָס דאָזיקע בילד האָט מיר פאַרשאַפן אַזאַ קינדערשן נחת־רוח, וואָס קיינמאָל וועל איך שוין אַזאַ פאַרגעניגן ניט דורכלעבן. אפשר האָט אָט דאָס געפיל פון טיפן גליק אויך געהאַט צו טאָן מיט דעם, וואָס אין די פינצטערע, קאַלטע אויפדערנאַכטן, פלעגט ער מיך נאָכן לערנען אַריינגעמען אין זיין פעלץ, און מיט גרויס צערטלעכקייט מיך טראָגן אַהיים.

זיין טראָגן מיך אַהיים (און ס'איז געווען אַ היפּשע משא צו טראָגן), האָט

אָפּגעשפּיגלט זיין גוטסקייט, מיט וועלכער ער האָט זיך באַנומען ניט נאָר צו אונדז קינדער; אויך צו פרעמדע קינדער און צו דערוואַקסענע האָט ער זיך באַ־צויגן מיט אַ זעלטענער ליבשאַפט און בנעימותדיקייט. איך געדענק ניט, אַז פון זיין מויל זאָלן ווען געווען אַרויסגיין כעסדיקע אָדער אַפילו הויכע רייד.

עס דערמאָנט זיך מיר אַ בילד, שוין ניט פון קלויז, נאָר, להבדיל, פון מרחץ. איך בין דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר זעקס. אַלע פרייטיק בייטאָג פלעגט מיך דער טאַטע מיטנעמען אין מרחץ אַריין. געדענק איך ווי איינמאָל האָבן זיך עט־לעכע וואוילע יונגען פאַרנומען חוזק צו מאַכן פון זיין באָרד און פיאות. דאָס איז געווען אַ צייט־פאַרטרייב אַזאַ ביי די דאָזיקע „חברהלייט״, ווייל געוויינטלעך, פלעגט אַזאַ אָפּגעחוזקטער ייד זיך לאָזן פּראָוואַצירן און אָנהייבן צו שרייען און שעלטן מיט טויטע קללות, ס׳איז געוואָרן פריילעך און די יונגאַטשעס האָבן זיך אַמוזירט. נו, די קונדוסים האָבן, ווייזט אויס, קיינמאָל ניט געהערט די מעשה מיט הללן, ווי מע האָט אים געוואָלט אַריינברענגען אין כעס. וואָס מיין טאַטע האָט זיי געזאָגט, געדענק איך, פאַרשטייט זיך, ניט. ס׳זיינען מיר פאַרבליבן אין זכרון אָפּגעריסענע ווערטער: מענטשן, חיות, וואַלד. אָבער איין זאַך געדענק איך, ווייל דער איינדרוק איז מיר פאַרבליבן ביז אויף היינטיקן טאָג. די ווייסע חברהניקעס האָבן זיך אָפּגעקערט פאַרשעמט, און יענעם פרייטיק האָט מען אין מרחץ מער ניט חוזק געמאַכט פון קיין יידן מיט באָרד־און־פיאות.

נאָך אַ פאַל דערמאָנט זיך מיר, אַ פאַל, וואָס האָט איבערגעלאָזט טיפע שפּורן אין מיין קינדערשער נשמה; אַזוי, אַז נאָך ביי היינטיקן טאָג, ווען איך דערמאָן זיך אין דעם, פילן זיך מיר די אויגן אָן מיט טרערן. אַלע שבת, ווען מיר זיינען געגאַנגען פון דער שול, פלעג איך, פאַרשטייט זיך, טראָגן דעם טאַטנס טלית, דעם סידור, און אויך זיינע לייען־ברילן. איין מאָל, געדענק איך, האָב איך זיך איינגעעקשנט און ניט געוואָלט טראָגן די ברילן. על פי אַלע כללים האָט ער זיך באַדאַרפט גוט אויסשרייען אויף מיר און מיר נאָך דערלאַנגען פיינע עטלעכע פעטש פאַר אַזאַ אומזיסטיקער עקשנות. ניט מיין טאַטע. ער האָט אַריינ־געלייגט די ברילן אין אַ שטענדער און מיר האָבן זיך פאַרנומען אַהיים. אויפן וועג האָט ער בלויז עטלעכע מאָל איבערגערעדט, אַז אָן די ברילן וועט ער שוין היינט ניט קאָנען אַריינקוקן אין קיין ספר. דער סוף איז געווען, אַז איך האָב זיך צעוויינט מיט ביטערע טרערן. ער האָט צוליב מיר זיך געמוזט אומקערן אין שול אַריין איך זאָל אים נעמען די ברילן.

קאָן זיין ס׳איז דאָ אַן אמת אין דער טעאָריע, אַז ווען מיר דערמאָנען זיך אין די קינדערשע יאָרן, האָבן מיר אַ טענדענץ צו פאַרגעסן די טראַגישע מאָ־

מענטן און צו געדענקען בלויז די פריידיקע איבערלעבונגען. פון מיין טאַטנס קאָמבינאַציע פון תורה און מלאכה האָט אונדז אָפּט אויסגעפּעלט פונעם גוטיקסטן; דאָך זיינען מיר פאַרבליבן פון דעם טאַטן בלויז זכרונות פון ליבשאַפט און פרייד. איך געדענק דאָס קינדערשע פאַרגעניגן, וואָס איך האָט געהאַט, ווען דער טאַטע פלעגט ברענגען אַן אורח אין הויז אַריין. יאָ, די מאָגערע וועטשערע, פלעגט ער פון צייט צו צייט טיילן מיט אַ פרעמדן אָרעמאַן. אונדזער חלק האָט ער טאָקע ניט אַוועקגעגעבן, אָבער ער אַליין האָט עפּעס דעם אויפדערנאַכט קיין אַפּעטיט ניט געהאַט. דערצו האָט דער טאַטע געהאַט אַ מנהג, אַז ער האָט ניט אַרויסגע־לאָזט קיין אורח פון הויז ביז ער האָט ניט געזען ער זאָל אַרויס מיט גאַנצע שטיוול.

יאָ, זיין תורה און זיין מלאכה האָט ער ניט געהאַלטן פאַר זיך. אויף זיין אָרעמאַנסקן אופן האָט ער אין צרכי ציבור אויך ניט פאַרגעסן. איין שטיקל כלל־אַרבעט איז ביי אים געווען פאַרבונדן מיט אַ טראַגיש קאַפּיטל אין זיין לעבן.

מע דערציילט מיר, אַז אין זיין יוגנט האָט ער קיין חשק ניט געהאַט צו גיין דינען פאָניען, — וואָס פאַר אַ פרומער ייד האָט עס יאָ חשק געהאַט? קיין פּרטים ווייס איך ניט, אָבער, ווי ס'וויַזט אויס, האָט ער שפּעטער מיט יאָרן געמוזט גיין אָפּזיצן עטלעכע חדשים פאַר זיין גרויסן חטא. מע האָט אים אַריינגעזעצט צווישן גנבים, קעשעניקעס, וכדומה פיינע מענטשן. ער איז אָבער באַשטאַנען אויף זיינס: ער מוז דאַווענען אין טלית און דווקא מיט צוויי פּאָר תפילין. נו, קאָן מען זיך פאָרשטעלן, וואָס ער האָט זיך פאַר דעם אָנגעליטן. צום סוף, פאַר־שטייט זיך, האָט ער גובר געווען, מע האָט אים געלאָזט דאַווענען אין צוויי פּאָר תפילין, און די עלטערע אַרעסטאַנטן האָבן געהאַלטן וואַך, אַז די בייע אָנגעקומענע זאָלן אים ניט טשעפּען.

פון דעמאָלט אָן איז ביי אים פאַרבליבן אַ מנהג, אַלע ימים טובים צו גיין אין אָסטראָג דאַווענען פאַר די יידישע אַרעסטאַנטן.

בלויז תשעה באָב צו די קינות פלעג איך זען מיין טאַטן וויינען, און דאָס איז ביי מיר געווען אַ גרויס חידוש.

נאָך אַ פאַל, ווען מיין טאַטע האָט געוויינט. דאָס איז געווען באַלד נאָכן קעשינעווער פאָגראָם. אין שטאָט זיינען אָנגעקומען ידיעות, אַז די יידן זיינען געבליבן אָן ברויט אויף שבת. געדענק איך, ווי מיין טאַטע איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס צו זאַמלען חלות, און האָט בשעת מעשה געגאָסן מיט ביטערע טרערן.

פאַרשיידענע לעגענדעס זיינען וועגן מיין טאַטן געשאַפן געוואָרן. אייניקע

האָבן גאָר געהאַלטן, אַז ער איז געווען איינער פון די ל״ו־ניקעס, און אַלע האָבן איינגעשטימט, אַז ער איז איינער פון די צדיקי הדור. איין לעגענדע איז כדאי איבערצודערציילן.

נאָך מיר איז ביי אונדז געבוירן געוואָרן נאָך אַ יינגל, דער פערטער זון. דערציילט מען, אַז עס איז אַריינגעקומען אַ שכן און אַ זאָג געטאָן צום טאַטן, וויצלענדיק זיך: „ר׳ בערל, ביי אייך איז דאָך שוין פונקט ווי עס שטייט אין דער הגדה, כנגד ארבעה בנים דברה תורה״. רופט זיך אָן דער טאַטע: „קיין רשע דאַרף איך ניט״. אויפן צווייטן טאָג איז דאָס קינד געשטאָרבן. איך אַליין גלויב ניט אין דער מעשה, ווייל מיין טאַטע וואָלט אַפילו קיין „רשע״ ניט פאַר־שאָלטן.

מיין טאַטע האָט שיין געלעבט און איז שיין געשטאָרבן. ווי היינט געדענק איך, ווי דער טאַטע איז געלעגן אַ גוססער. אונדז, קינדער, האָט מען געטריבן פון שטוב, אָבער איך האָב זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און האָב זיך פון צייט צו צייט פאַרגנבעט אין שטוב אַריין. אַרום טאַטן זיינען געווען פאַרזאַמלט אייניקע מקורבים. פלוצלונג הייבט מיין מאַמע אָן צו ברעכן די הענט און יאָמערן אויפן קול. איינער פון די יידן, יאַנקל סטאָליער, הייבט מיין טאַטן אָן צו וועקן און צו טענהען: „ר׳ בערל, לאָזט זיך ניט אָפּ״. מיין טאַטע עפנט די אויגן, טוט אַ שמייכל, און זאָגט: „אַי ר׳ יאַנקל, אויף אייך איז מיר אַ חידוש. מילא זי איז אַ יידענע, ווייבט זי; אָבער איר ווייסט דאָך, אַז איך גיי אַהיים״. מיט די ווערטער „איך גיי אַהיים״, איז ער אויסגעגאַנגען.

צו דער לוויה האָט מען מערסטע קראָמען פאַרשלאָסן, און קינד־און־קייט זיינען געגאַנגען באַגלייטן בערעלע שוסטער „אַהיים״. ווען מען האָט אים מקבר געווען, האָט אַלטער מנשהס, דער גבאי פון דער חברה משניות, אַרויפגעשטעלט זיין פוס אויפן שטיקל ערד לעבן טאַטנס קבר, און האָט אויסגערופן: „יידן, זייט עדות, אַז אויף דעם שטיקל ערד האָב איך אַ חזקה, אַט דאָ זאָל מען מיך מקבר זיין״. און טאַקע אויפן אָרט איז באַשלאָסן געוואָרן דער נוסח פון דער מצבה:

פ״נ איש תם וישר ר׳ דוב הסנדלר.





## א. י. קריזאָווסקי

# אַן אָפּגעפּונענע שוועסטער

... האָט איינמאָל זיך פּאַרלאָפן אָט אַזאַ מין זאַך:
אַ בויד איז אָנגעלאָפן מיטן ווילנער שליאַך,
אין שקיעה־רויט, ווי מיט אַ ראָד אָט־אָט אין שבת;
מיר גרייטן זיך אין שול, עס דאַוונען שוין די זשאַבעס.

גרויס, גרויס דאָס רעטעניש, מיט סודות־פול־באַדייט.
עס לאָזן זיך פון בויד אַזעלכע שיינע לייט,
מיט שטילע קוואַלן שעמעוודיקע חלום־אויגן —
וואָס בלאָנדזשען דורך אַן אומעט־וואָלקנדל פאַרצויגן.

און קעפּלעך שוואַרץ־געכוואַליעט, שוועבן קינדער צוויי,
איך גאַף, איך קאָן מיין בליק ניט אָנזעטן מיט זיי,
דאָס יינגל — שוועבט אין אַ „מאַטראָסקע". און דאָס מיידל —
זי שוועבט אין רויט־בלאָ־גרין־געקעסטלט־סקאָוטסקן קליידל.

און באַלד אַנטפּלעקט זיך דאָ דער תהום, דער גרויסער סוד,
אַז קומען קומען זיי פון ווייט־ווייט, אַזש פון בראָד!
איר נאָמען, אויב דער זיידע געדענקט, איז: „שרה אסתר",
און זי, שרה־אסתר, איז דעם זיידעלעס אַ שוועסטער.

דער זיידעלע האָט שיער געחלשט! ער געדענקט...
אַ שוועסטער... יאָ, אַ שוועסטער... ער'ט נאָך איר געבענקט,
יאָ, ער געדענקט... ווי אין די עולמות עליונים,
געבליבן קינדער, קיילעכדיקע דריי יתומים.

דעם עלטסטן, האָט מען צוגעכאַפּט פאַר אַ סאָלדאַט.
און אים, דעם זיידן, — באַשטאַט ביים שוסטערשן וואַרשטאַט,
ווען מ'האָט געקוילעט, ביי דער מיל זיין טאַטן־מאַמען,
אַן עלטערע שוועסטער, מיטן מאַן און קינד צוזאַמען.

מען איז געזעסן נאָך דער װעטשערע, גערעדט,
גערעדט, גערעדט, מיט אויגן פּייכט, פּאַר לבנה שפּעט,
מ׳האָט אַלץ דערציילט זיך װאָס דורך יאָרן איז פאַרלאָפן,
און װאָס ס׳האָט איינעם און דעם אַנדערן געטראָפן.

דער שבת הייליק איז אין הייליקייט אַװעק,
קומט װאָכעדיקע װאָך מיט װאָכעדיקן װעג,
איז שוין קינאָרע דאָ אַ היפּשינקע משפחה:
אויפן זיידנס שטערן אַקערט־קאַרבט דער אָקס אין סאָכע.

מ׳איז אָפּגעװוען אַ װאָך און — טעג אָן אונטערשייד.
שוין — אויסגעלאָזט זיך אַלע מעשות, גאָר די רייד;
און װי דער דאָרשט פון זון־לבנה־שטערן־שטראַלן
װאָלט אויסגעטרונקען אַלע טיפע בענקשאַפט־קװאַלן.

דער זיידע האָט דער שװעסטערס טואַכץ זיך דערװאוסט,
און אָט דאָס טואַכץ איז דעם זיידן ניט צום גוסט:
זיי פאָרן „איבער דער װעלט״ אין אַלע עקן, קאַנטן,
און מ׳שפּילט קאַפּעליע — „מוזיקאַנטן״ — קאָמעדיאַנטן.

און מיטאַמאָל, אָט שוין, זיי קלײבן זיך אין װעג,
דאָס הויז איז פול מיט סאַקאָװיאַזשן, קאָלדרעס, פּעק.
און שפּראָץ אויף טאָג, די נאַכט האָט אָנגעהויבן טאָגן,
האָט אין דער װעלט אַראָפּגעקייקלט זיך דער װאָגן.

איך הער די בויד, איר לעצטן דונער איבערן בריק,
אָט קליין, אַ פליג . . . און אָט פאַרפליט . . . שוין — אויסן בליק .
מיין האַרץ פּלאַצט אויס פון אונטער שװערע בענקשאַפט־ריגלען
מיין האַרץ אַנטלויפט אויף שאָרף פונעם מיידל־אַנבליק־פליגלען.

און אויך דער זיידע שטיל געבליבן פּוסט און שטיל,
װי יענע רעדער פון זיין פּוסט פאַרלאָזטער מיל.
און ס׳האָט דער זיידע לאַנג אין שװייגן טיף געליטן,
און װי די מיל — מיט פליגל־בראָך, זיך שטאַרק געביטן — — — —



# ר' יעקב עמדין

(היסטאָרישע דערציילונג)

פון

## אברהם ביק

### א

### די איסיים

די לעצטע עטלעכע טעג זינט ר' יהונתן אייבשיצער איז געוואָרן דער רב פון די דריי הייליקע קהילות — אַלטונאַ, האַמבורג, וואַנדזבעק — האָט ר' יעקב אשכנזי פאַרהאַקט טיר און פענצטער, ווי אין דרויסן וואָלט געוועזן אַ מגיפה. ער האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעזונדערט פון קהל, זיך פאַרקליבן אין זיין שרייב־צימער אויפן אויבערשטן גאָרן פון זיין הויז אויף ברייטערשטראַסע.

אַ גוואַלדיקער חשק האָט אים אָנגעכאַפּט צו שרייבן. פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט איז ער געזעסן און געשריבן, פלעגט מפסיק זיין בלויז פאַר מנחה און מעריב און פאַר מאָלצייט.

אַ קילער האַרבסטיקער ווינט, וואָס האָט דורכגענומען מענטש, בוים און גאַס,

---

*) צוויי קאַפּיטלעך פון דער היסטאָרישער דערציילונג, ר' יעקב עמדין, דעם העלד פון אַ היסטאָרישער מחלוקת, וואָס האָט, אין דער צווייטער העלפט פון 18טן יאָרהונדערט, צעטיילט דאָס רעליגיעזע יידנטום אויף צוויי פיינטלעכע לאַגערן. „איסיים"—שילדערט די שטימונג פון ר' יעקבן, בעת זיין קעגנער, דער גאון ר' יהונתן אייבשיץ, ווערט דער רב פון די דריי קהילות אלטונא, האַמבורג און וואַנדזבעק. די געדאַנקען וועגן פריוואַט־אייגנטום און בשותפותדיק לעבן פון די „איסיים" דינען אויך ר' יעקב עמדינס. „ליקוי חמה" — גיט איבער די שטימונג פון ר' יעקבן נאָך גזירות גאַנטאַ און בלוט־בלבול פון יעקב פראַנק אין 18טן י"ה.

דאָס קאַפּיטל אַז געבויט אויף דער הנחה, אַז דער יידישער גאולה־געדאַנק איז קעגן דערנעענטערן די אויסלייזונג מיט גוואַלד, קעגן פאַלשן פאָרסירטן משיחיזם.

האָט זיך געטראָגן פון טייך עלבע, פון ים, זיך אַרומגעדרייט אין הויף און אָנגע־קלאַפּט אויף די לאָדן פון דעם צוויי־גאָרנדיקן הויז וואָס ר׳ יעקב האָט באַוואוינט.

עס איז שוין מער ווי אַ צוויי שעה אין דער נאַכט. אין אויבערשטן חדר איז קיינער ניט געווען. בלויז דער באַלעבאָס אַליין איז געזעסן ביים טיש פול און הויך אָנגעלייגטן מיט ספרים און פּאַפּירן. ר׳ יעקב האָט זיך געוויגט איבער אַן אָפענעם משניות, יעדעס מאָל זיך אויפגעכאַפּט, אַוועקגעריסן די אויגן פון ספר און גענומען שרייבן. ער האָט געשריבן זיין פּירוש אויף פּרקי אָבות „לחם שמים״. פון זיינע גרויסע ברוינע אויגן, פון די דיקע ברעמען, האָבן זיך געשאַרט שאָטנס, זיך צעלייגט איבערן לענגלעכן אָנגעשטרענגטן פּנים, עס נערוועזער און אומעטיקער געמאַכט. ס׳האָט אים ווי געטאָן וואָס אַזאַ גרויסער עולם איז לעצטן זונטיק געקומען צו דער דרשה פון אייבשיצערן, געלעקט די פינגער און געלויבט זיין חכמה און חריפות. איצט האָט דער שטערן, די אומעטיקע אויגן איינגעזאַפּט די תרעומות און די האַנט האָט געשריבן מיט אַ פאַרכמורעטער רוגזה.

פון יענער זייט טיר האָבן זיך דערהערט טריט. דאָס איז דוד גאַנדז, זיין געטרייער תלמיד, געקומען אים איבערגעבן די דרשה פון דעם נייעם רב, דעם רושם וואָס האָט געמאַכט אויף די צוהערער.

ווען גאַנדז איז אַריינגעקומען אין חדר, האָט ר׳ יעקב צומאָל דעם קאָפּ נישט אויפגעהויבן. באַלד האָט ער זיך אָבער אויפגעשטעלט, אַוועקגעשאַרט די כתבים, זיך אַוועקגעשטעלט הינטער דעם הויכן אָנלען פון זיין פאָטעל, זיך אין אים אָנגעשפּאַרט מיטביידע עלנבויגנס און געשוויגן.

גאַנדז האָט אויסוואַרטנדיק געקוקט ר׳ יעקב זאָל עפּעס זאָגן. ער האָט וואויל געדענקט, אַז ווען ר׳ יהונתן אייבשיץ האָט זיך ר׳ יעקב נאָך מיט צוויי יאָר צוריק געשפּאַרט מיט זיין שוואָגער ר׳ לייב אַמסטערדאַמער. ער האָט געטענהעט אַז אייבשיצער איז אַ פאַרשטעלטער שבתי צביניק, פון די וואָס באַהאַלטן אויס זייער אמונה אין פאַלשן משיח און דעקן עס צו מיט די פּילפּולדיקע רייד. ר׳ לייב אַמסטער־דאַמער האָט אָבער געהאַלטן אין איין פאַרטיידיקן אייבשיצערן, דערציילט אַז ער האָט אַריינגעקוקט אין זיין ספר „כרתי ופלתי״ און אין אים געפונען גרויסע חידושים.

דוד גאַנדזן האָט זיך געוואָלט, שטאַרק געוואָלט, אַז ר׳ יעקבס שלעכטע מיי־נונג וועגן יהונתן אייבשיצער זאָל זיין אמת. האָט ער דאָך געהאָפט, אַז זיין רבי וועט ווערן דער רב פון די אשכנזישע קהלות אין האַמבורג, אַלטונא און וואַנדז־בעק, וואָס מען האָט גערופן „ירושלים ביי דער עלבע״. עטלעכע פּרנסים האָבן אים אַפילו צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן שטיצן ר׳ יעקבס קאַנדידאַטור ביי דער אַסיפה

פון די בחירות און האָבן אָפּגענאַרט, מיאוס אָפּגענאַרט, קיין איין גוט וואָרט ניט געזאָגט וועגן ר׳ יעקבן.

איצט איז דער רבי געשטאַנען פאַר אים אַ טרויעריקער מיט שאָטנס אויפן מאַטן פנים, געזשמורעט מיט די אויגן, ווי זיי וואָלטן זיך אים שטייענדיקערהייט אָנגעהויבן קלעפּן אויף אַ דרימל. האָט גאַנדז אָן חשק געשוויגן.

ר׳ יעקב האָט מיטאַמאָל אַרויפגעצויגן די גראָוולעכע ברעמען, האָט אויף אים אַ קוק געגעבן און אַ פרעג געטאָן:

— האָסט געהערט, דוד, די גאַנצע דרשה?

— געהערט, רבי.

— געוועזן דאָרט אַלע פרנסים?

— געוועזן רבי, מענדל שפּייער, יעקב ראָטשילד, יוזפא האַלבעדער, משה קובעס, יחיאלכי וואָלף, יעקב שלעזינגער, הירץ שטאָק. אייבשיצער האָט זיי אַלע־מען דערמאָנט, געלויבט זייער עשירות. רבי מכבד עשירים האָט ער געזאָגט.

גאַנדז האָט דערציילט, איבערגעגעבן אַלע פּרטים ווי די פרנסים האָבן גע־נומען ספרי תורות אין די הענט און ווי געטרייע דינער, נאָכגעגאַנגען דעם נייעם רב, אים אַרויסבאַגלייט פון שול און זיך געלאָזט מיט געזאַנג איבער די גאַסן, אַראָפּצו צו דער עלבע.

ר׳ יעקב האָט אויסגעהערט מיט געצוימטן פאַרדרוס. אומגעדולדיק איבער־געריסן אין דערמיט און זיך צערעדט:

— אייבשיצער פלעגט נאָך אין פּראָג געבן פרומע און חניפהדיקע אָנצוהע־רענישן די פרנסים וועגן זייער עשירות, קיינמאָל ניט דערמאָנט זייערע עוולות קעגן די אָרעמעלייט.

ער איז אַוועק פון פּאָטעל, געטומען שפּאַנען איבערן חדר, געבליבן שטיין ביי אַ שאַפע און אָנגעהויבן טענהן:

— זיי זיינען פון שטענדיק אָן געוועזן די פאַלשע כוהנים... איז דען זייער כהונה קיין כהונה ניט געוועזן? נאָר וואָס איז דער חילוק? היוצא מזה, אַז די שכינה איז אין גלות, גאָט איז אין תפיסה ביי די שטאַרקע, ביי די רייכע, ביי די חונפים!... און די חונפים — כי מאת נביאי ירושלים יצאה חניפה לכל הארץ... איך זאָג דיר, דוד, — האָט איצט שוין ר׳ יעקב געברומט, — אייבשיצער, דער כיטרער שבתי צביניק, וועט נאָך ברענגען אומגליק אויף די פרנסים מיט זייערע קהלות.

גאַנדז האָט זיך פון גרויס יראת־הכבוד אַזש צוריקגערוקט צו דער טיר. די אויגן, ס׳בערדל האָבן זיך ביי אים געצונדן. ער האָט געוואָלט אונטערגעבן חשק

ר׳ יעקבן, דערזען אָבער ווי ר׳ יעקב קוקט קרומלעך און בייז האָט ער געשוויגן, מורא געהאַט ער זאָל ניט אויסלאָזן דעם כעס צו אים...

ר׳ יעקב האָט זיך ווידער אַריינגעזעצט אין דעם שטול, פאַנאַנדערגעוויקלט אַן אַלטן כתב־יד, וואו עס ווערט דערציילט וועגן אַ כיתה פּרושים, זיך פאַרטיפט און מער גאָרניט געזען, ניט געהערט אפילו ווי גאַנדז האָט אַ זאָג געטאָן „אַ גוטע נאַכט" און איז ניט געוואָרן. — — — — — — — — — — — — — — —

איבערן וועג צווישן די יהודה בערג וואָס פירט פון יריחו צום ים המלח האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ מידער וואַנדערער. נאָך אים האָט זיך אויף אַ לאַנגן לעדער־נעם ציימל נאָכגעשלעפּט אַן אייזעלע, באַלאָדן מיט צוויי שטריק־זעקלעך. דער מענטש האָט געהאַט אַ שוואַרצע געקרייזלטע באָרד און נייגעריקע אַרויסשטאַרצנ־דיקע אויגן. זיין קאָפּ איז געווען אַרומגעבונדן מיט אַ ווייס טיכל און ער האָט געטראָגן אַ פאַרשטויבטן כאַלאַט.

די זון האָט שוין געהאַלטן ביים פאַרגיין און עס איז נאָך געווען הייס. די ערד איז דאָ געווען איינגאַנצן דורכגעטריקנט, דורכגעברענט און איז האַרט גע־וואָרן אונטערן שטויב. דער מענטש איז געגאַנגען צווישן די בערג, וואו דער וועג האָט זיך אַראָפּגעלאָזן פון מדבר יהודה צום ים המלח. דער שליאַך האָט זיך געשלענגלט צווישן פעלזן און דאַרע קוסטעס. אין טאָל האָבן זיך שוין געהויבן שאָטנס, זיך געטראָגן צום מדבר און זיך געיאָגט נאָכן לעצטן ליכט וואָס איז געבליבן ווי אַ פייער־קרוין אויפן נאָענטן באַרג.

אָנגעמענדיק די בהמה ביים צוים, איז ער אַוועק אין דער ריכטונג פון אַ פעלז, וואו עס האָט אויסגעוויזן אַז פון יענער זייט מוז זיין אַ ישוב.

אונטערן פעלז האָט זיך געפונען אַ טיפע און שמאָלע מערה. איין זייט פון דער מערה האָט געפירט צו אַ באַרג־שפּאַלט, דער צווייטער איז געווען אַ פאַר־צוימטער. אונטערן גראָבן, אויפן זאַמד האָט מען געזען אַן עפענונג פון נאָך אַ הייל. אַ דרייסיק טריט פון הייל, האָבן זיך געוואַלגערט בויגעוודיקע דערנער־צווייגלעך.

ביי דער הייל האָבן זיך באַוויזן צוויי מענטשן אין ווייסע קיטלען. דער וואַנדערער איז געגאַנגען פאַמעלעך, האָט זיך באַמיט ניט צו מאַכן קיין גערויש און נישט צו קלאַפּן איבער די דערנער־צווייגלעך. דער פרעמדער האָט זיך דער־נענטערט צו די צוויי מענטשן מיט די ווייסע קיטלען און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ : זייט באַגריסט.

— דאָ געפינען זיך די „ערשטע חסידים״, די „טובלי שחרית״[1]?

די צוויי אין די ווייסע קיטלען האָבן זיך איבערגעקוקט מיט די בליקן און געשוויגן, ווי אַן ענטפער וואָלט זיי געווען דערווידער. זיי האָבן אים מיט דער האַנט געוויזן ער זאָל זיי נאָכגיין.

אויפן גרענעץ צווישן מדבר יהודה, ביים שפוע פון אַ באַרג, וואו עס זיינען געוואַקסן שיטערע פּאַלמען, איז געלעגן די מחנה פון די איסיים, אָדער ווי מען האָט זיי גערופן, די „טובלי שחרית״, ווייל זיי האָבן זיך געטובלט יעדן באַגינען און געדאַוונט מיטן זון־שפּראַץ.

אין מיטן פון שטיינערנעם צאַם פון דער מחנה איז געווען אַ הילצערנער טויער. איינער פון די צוויי מיט די ווייסע קיטלען האָט אַריבערגעשריגן:

— זיי מוחל, לאָז וויסן די עלטערע ברידער, אַז אַן אורח איז געקומען. ווערט דאָ נעכטיקן.

באַלד האָט זיך דער טויער געעפנט. דער עלטסטער איז אַרויס. ער האָט באַגריסט דעם גאַסט און הכנעהדיק אַ פרעג געטאָן:

— פונוואַנען קומט דער גאַסט? וואוהין איז דער ציל פון זיינע טריט?

— מיין נאָמען איז נחום הזגג — האָט ער געענטפערט. — שטאַמען שטאַם איך פון דאָרף תקוע אין די טיפענישן פון מדבר יהודה און קומען קום איך איצט פון ירושלים. איך בין אַ לוי און בין אַ צייט געשטאַנען ביים דוכן אין בית־המקדש בשעת מ׳איז מקריב קרבנות פאַרן צבור.

זיי זיינען אַריין אין הויף און איינער אַ נידעריקער מיט אַ פעך־שוואַרצער באָרד האָט אים אָנגעוויזן זיין געצעלט.

באַלד איז איינער פון די צוויי מיט די ווייסע קיטלען געקומען מיט אַ היל־צערנעם עמער וואַסער און אַ בינטל גראָז פאַרן אייזעלע, האָט אים געהאָלפן אויס־לאָדן דאָס אייזעלע און עס אָוועקגעפירט. שפּעטער צו איז ער געקומען מיטן מאָלצייט — אַ האַלב ריפטל גערשטן־ברויט, דריי היישעריקן און אַ שיסעלע האָניק, אַ געדיכטן פירות־געטראַנק און צוויי דאַרע פייגן.

ווען דער גאַסט האָט זיך געזעצט עסן, איז אָנגעקומען אַ יינגערער חבר פון דער מחנה און העפלעך געזאָגט:

— שלום, אורח. מיין נאָמען איז שמעון עציוני. געבענטשט איז דיין קומען.

— שלום, — האָט דער גאַסט געענטפערט און מען האָט זיך באַלד צערעדט.

— דו לעבסט אין דער מחנה, ביסט איינער פון די חסידים?

---

1. די וואָס באָדן זיך אין פרימאָרגן.

— יאָ, חסידים רופן אונדז די פּרושים. מיר זיינען אָבער ניט קיין חסידים. מיר לעבן בלויז בשותפות און היטן זיך אָפּ פון יעדער טומאה.

— ווי אַזוי לעבט איר?

— דאָס וועסטו זען מאָרגן. איצט ביסטו אודאי מיד פון וועג, רו זיך אָפּ. מאָרגן וועסטו קאָנען אָנטייל נעמען אין אונדזער מסיבה.

די נאַכט איז צוגעפאַלן. דורכן אָפענעם געצעלט האָט ער געזען די ברי־דער אַרויסקומען פון זייערע געצעלטן אין זייערע ווייסע זויבערע קיטלען. זיי האָבן זיך פאַרזאַמלט ביי אַ בוים אין מיטן לאַגער, וואו עס זיינען געשטאַנען פיר טישן צונויפגעשטעלט ווי אַ מעם.

צום לעצטן איז אָנגעקומען דער נידעריקער מיט דער פעך־שוואַרצער באָרד, דער עלטסטער פון דער מחנה. די ברידער האָבן זיך אויסגעזעצט ביי די טישן און אין דער וואַרעמער טונקלקייט האָט זיך דערהערט דאָס קול פון דעם סגן. ער האָט אָנגעהויבן אַ געזאַנג און באַלד האָבן דעם ניגון אויפגעכאַפּט די שטילע, פאַרחלומטע ברידער. זיי האָבן געזונגען מזמורים וואָס האָבן זיך געטראָגן פון לאַגער אין טאָל, איבער די בערג.

„גאָט, ווער קאָן וואוינען אין דיין געצעלט?
ווער קען רוען אויף דיין הייליקן באַרג?
דער וואָס גייט ערלעך און טוט גערעכטיקייט.
זיין געלט האָט ער ניט געגעבן אויף צינזן,
און שוחד קעגן אַן אומשולדיקן ניט גענומען — —

ווען דער גרויער באַגינען האָט זיך אַרויסגעשאַרט פון די בערג, האָט שמעון צציוני אויפגעוועקט דעם גאַסט:

— אורח, די ברידער טובלען זיך און זיי וועלן באַלד לייענען שמע בצבור. נאָכן שמע וועלן מיר עסן בחברותא.

נחום הזגג האָט זיך אויף שנעל אָנגעטאָן און איז אַרויס אין הויף, זיך אומ־געקוקט, געזען ווי דער הויף איז אינגאַנצן אַרומגערינגלט מיט שטיינער, אַלע פון איין הייך און גרעב. פון דער אַנדערער זייט ים המלח האָבן זיך שוין גע־שאַרט ליכט־פאַסן. שיטערע גראָזן האָבן אויסגעזען פייכט, געשימערט געוואַשן פון טוי. באַלד האָט די זון אויפגעשיינט אין דער מחנה פון די איסיים.

ביי אַ זעכציק מענער און אַ צוואַנציק פרויען האָבן זיך אויסגעזעצט ביי די טישן. לויט זייער באַנעמונג און לויט זייער שטימונג האָט זיך דער אורח גע־קענט שאַפן אַ גאַנץ בילד פון זייערע באַציאונגען. עס איז אים קלאָר געוואָרן,

אַז די לייט זיינען צוגעוואוינט איינער צום צווייטן און אַז דאָס עסן בצבור איז ביי זיי אַזוי הייליק ווי די עבודה אין בית המקדש.

די סעודה, וואָס האָט זיך אויך גערופן מסיבה, האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ תפילה. דער עלטסטער, ווען מענס נאָמען עס איז געווען אלחנן בן קדר, האָט געזונגען אַ לאַנג געבעט. די זיצנדיקע האָבן זיך צוגעהערט צו זיין תפילה און די זקנים האָבן מיט צופרידנקייט צוגעשאָקלט די קעפּ.

נאָכדעם האָט מען דערלאַנגט די סעודה: גערשטן־ברויט, בינען־האָניק, גרויסע טאַצן מיט היישעריק און שיטערן הייסן זופּ.

נאָך דער סעודה האָבן זיך אָנגעהויבן די וויכוחים. קיין באַשטימטער סדר איז נישט געווען. עס איז נישט געווען קיין ראש המדברים, אָבער עס האָט געהערשט אַ נאַטירלעכע געהאָרכזאַמקייט. עס איז געווען פאַרשטענדלעך, אַז די אסיפה וויל אויסהערן בלויז די עלטסטע.

דער ערשטער איז אַרויסגעטראָטן אלחנן בן קדר. ער האָט גערעדט לאַנג וועגן די תקנות פון די איסיים און דערציילט אַז אַ צענדליק פּרושים איז נמאס געוואָרן דער שטענדיקער קאַמף מיט די צדוקים, מאַכט־האָבער אויפן הר הבית, און האָבן געלאָזט וויסן, אַז זיי ווילן זיך אָנשליסן אין דער מחנה. זיי ווילן זיך אָבער ניט שיידן פון זייערע נכסים, פאַרמעגן. מאַנכע פון זיי האָבן אויך גיטער אין נחלת־אשר און מסתמא אויך קנעכט. טייל האָבן פאַרמשכונט זייערע פעלדער צו די רייכע פון יהודה. ווען אַפילו זיי וועלן זיך אָפּזאָגן פון די פעלדער איז אָבער די טבע, אַז דער וואָס האָט אַ שטר, זאָל אויפמאָנען פון לוה וואָס האָט ניט באַצאָלט דעם חוב. עס וועלן זיין באַשולדיקונגען. פּונקט ווי אַן אַקער־אייזן קלאַפּט זיך אָן אין אַ שטיין, אַזוי קאָן קומען אַ צוזאַמענשטויס פון לוה און מלוה און עס קאָן חלילה קומען צו בלוט־פאַרגיסונג.

דער צווייטער רעדנער איז געווען אַ מאַן פון אַ יאָר זעכציק. ער האָט גערעדט אָנגעבויגן איבערן טיש און זיך באַקלאָגט אויף דער באַרימערישקייט פון טייל פּרושים, וואָס כאָטש זיי זיינען מחולק מיט די צדוקים, גרויסן זיי זיך אָבער מיט זייער פאַרמעגן און זייערע טענטער שטאָלצירן מיט די קלינגענדיקע רינגען אין זייערע אויערן, מיט די בראַסלעטן אויף זייערע הענט און פיס. — —

דאָס מאָל האָט צאָרנדיק אַ ברום געטאָן איינער פון די יינגערע, וואָס זיינען געזעסן אין מיטן.

— מען דאַרף זיין געוואָרנט מיט די פּרושים, ווייל מערסטע פון זיי זיינען סוחרים, און כנען האָט אין די הענט פאַלשע וואָגשאָלן, האָט ליב רויב.

פון פאַרשיידענע זייטן האָט דער עולם אָפּגעענטפערט מיט הסכמה־אויס־

רופן. נאָך עטלעכע זיינען אַרויסגעטראָטן. זיי האָבן אָבער געזאָגט דאָס זעלבע. דער אורח האָט זיך שווייגנדיק געוואונדערט וואָס זיי חזרן איבער איינער דעם צווייטנס רייד און קיינער שטעלט זיי ניט אָפּ.

דער עלטסטער מיט דער פעך־שוואַרצער באָרד האָט ווידער גענומען אַ וואָרט.

— מיר האָבן שטענדיק געהאַלטן, אַז כאָטש די פּרושים זיינען געהיט אין טומאה וטהרה, מוזן מיר זיך פונדעסטוועגן אָפּטיילן פון זיי, ווייל זיי טיילן איין זייער פאַרמעגן, זייערע פעלדער און ווייגערטנער און סטאַדעס שאָף, אויף מיינע און דיינע. דאָרט וואו עס זיינען פאַראַן „מיינע און דיינע״, דאָרט איז שטענדיק ענג. מיר, גאָטס קינדער, וואוינען אין טאָל פון ים־המלח, דערפאַר איז אונדז ניט ענג. מיר טיילן זיך מיט יעדן הויפן ווילדן האָניג. דערפאַר פעלט אונדז גאָר־נישט. זיי זאָגן, אַז זיי קאָנען זיך ניט אָפּזאָגן פון זייערע בגדים פון פיין־געוועב און טייערן וואָל, אָבער מיר זיינען אָנגעטאָן אין ווייסע כאַלאַטן. פאַר אונדז איז גאָלד און רייכקייט ניט פאַראַן ווי עס איז נישט פאַראַן דער נעכטיקער טאָג. דער־פאַר איז אונדז געראָטן. מיר זאָגן צו די פּרושים, וואָס ווילן ווערן אונדזערע ברי־דער, לערנט זיך אויס צו לעבן אויף אונדזער שטייגער און עס וועט אייך אויך זיין געראָטן. דער עולם האָט אים אויסגעהערט מיט יראת־הכבוד.

אַ מיטל־יאָריקער מאַן מיט אַ קליין שיטער בערדל, אַ טונקל פּנים און טיפע קויל־שוואַרצע אויגן האָט זיך אָנגערופן: — איך בין אייגנטלעך נישט לאַנג מיט די ברידער, אָבער איך האָב זיך אָנגעהערט דרשות פון די תלמידים פון רבן גמליאל. מעג איך דערציילן אַ משל, פון וועלכן עס איז אַרויסגעדרונגען, אַז אַלץ נעמט זיך פון די מחיצות אויף מיינס און דיינס?

— דערצייל, חנינה בן אבטליון. אַ וואָרט פון בית רבן גמליאל איז שטענ־דיק גוט צו הערן.

חנינה האָט זיך אָנגעהויבן שאָקלען און מיט טיפער כוונה דערציילט וועגן דעם, ווי אַזוי די צוויי ברידער קין, דער ערד־אַרבעטער און הבל, דער פּאַסטעך, האָבן זיך איינגעטיילט מיט דער וועלט. קין האָט גענומען די ערד און הבל די מטלטלין וואָס אויף דער ערד. און נאָך דער חלוקה האָט קין געזאָגט הבלען: וואָס טוט דיין פאַרמעגן אויף מיין ערד? נעם דיינע מטלטלין און פלי אין הימל . . .

דער עולם האָט הארציק געלאַכט. די פאַרזאַמלטע האָבן זיך אויפגעהויבן, זיך אויסגעמישט, פאַנאַנדערגעפאַלן אויף קליינע גרופּעס — — — —

ר׳ יעקב האָט זיך אויפגעכאַפּט, אויפגעהויבן די אויגן פון פאַרמעט, זיך מיטאַמאָל דערמאָנט אין אייבשיצערס דרשה, אין וועלכער ער האָט געלויבט די

בעלי נכסים, די האַמבורגער און אלטונער פרנסים. דערזען דעם אָפענעם משניות, האָט ער גענומען די פעדער אין האַנט און געשריבן מיט געדיכטן כתב:

„שלי שלך ושלך שלי — מיינס איז דיינס און דיינס איז מיינס — אָן שום ספק וואָלט עס געווען אַ גרויסער תיקון פאַר קיבוץ המדיני, ווען אַלע וואָלטן געהאַט איין בייטל. דעמאָלט וואָלטן בטל געוואָרן קנאה און שנאה פון די מענטשן־קינדער. דערפאַר האָבן זיך אין די דורות פון די קדמונים געפונען ביי יידן כתות פון די פרושים, וואָס זייער גאַנץ פאַרמעגן איז געווען אַ בשותפותדיקע. קיינער האָט ניט געהאַט מער זכות, אין וועלכן עס איז קנין ווי זיין חבר, נאָר אַלע האָבן זיך געשפייזט פון דער מיטן, ווי עס ווערט דערציילט אין ספר יוסיפון".

ער האָט געקוקט אויפן אָנגעשריבענעם בלאַט, געכאַפּט התפעלות פון זיין אייגענעם איינפאַל. זיך דערמאָנט אַז עס מוז שוין זיין שפעט נאָך חצות און האָט זיך אויפגעהויבן, צוגעגאַנגען צום פענצטער, אים אויפגעריסן און האָט אַרויסגערוקט זיין הייסן שטערן אַנטקעגן ווינט. אינדרויסן האָט געשמעקט מיט נאָענטקייט פון ווינטער.

## ב
# ליקוי חמה

ניינצן טעג אין תמוז שנת תקט"ו (1) איז די זון אויפגעגאַנגען אַ רויטע ווי אַ קויל אין אַ קופע אַש און געוואָרפן אַ רויטקייט, ווי אַ בלוטיקע צונג. ר' יעקב, וואָס איז נאָכן דאַווענען אַרויס פון מנין אין גאַס, האָט אַ ציטער געטאָן:

— עס וועט זיין אַ ליקוי חמה. ער איז אַרויף אין שרייב־צימער און זיך גענומען שרייבן דעם סדר וועגן קדוש־החמה. ער האָט איינגעטונקען די פען און געשריבן:

„ואף על פי שלקויות המאורות דבר מוכרח הוא במהלך המאורות ונודע בחשבון. מכל מקום השעה ההיא אינה טובה, והדברים אמורים בלקיות הנראה לנו ולא באקלים אחר ונסתר מעינינו. 2

---

1. 1755.

2. כאָטש דאָס וואָס די ליכטער ווערן געשלאָגן איז אַ נויטווענדיקייט אין זונען־סיסטעם און מען קען עס אויסחשבונען; פונדעסטוועגן איז עס אַ שלעכטע שעה. דאָס איז גערעדט, ווען מיר זעען אָט־די פאַרטונקלונג, און ניט ווען זי קומט פאָר ערגעץ אַנדערשוואו, פאַרהוילן פון אונדזערע אויגן.

די גרינלעך בלאַסע בתיה צביה איז אַריינגעקומען מיט אַ גלאָז טיי און אַ שטיק קוכן.

— נעם אַוועק, בתיה. היינט איז אַ תענית. אַ ליקוי חמה.

— איך דאַרף אויך פאַסטן? עפּעס שלאָגט מיר יעדע מינוט קאַפּויר אַן איבלעניש, און אין רוקן שטעכט.

— מעוברתע דאַרפן ניט, — ענטפערט ר׳ יעקב.

— עס איז דאָ אַ בריוו פון מאירלען.

זי האָט אים אַריינגעבראַכט דעם בריוו פון זיין עלטסטן זון ר׳ מאירל, דעם רב פון אַלט־קאָנסטאַנטין אין רוסיש־פּוילן.

ר׳ יעקב איז געווען שטאָלץ אויף זיין בכור, וועלכער איז געווען אַ צווייען־דיקער יחסן סיי דורך זיין טאַטן און סיי דורך זיין מאַמען רחלע, ר׳ יעקבס ערשט ווייב, אַן אור־אייניקל פון מהר״ל פון פּראַג, וועמענס יחוס ציט זיך פון עזרא הסופר.

ניט לאַנג צוריק האָט אים ר׳ מאירל געשריבן, אַז ער האָט געטאָן אַ שידוך מיט זיין טאָכטער רחלע (אַ נאָמען נאָך זיין מאַמען) מיט אַן אייניקעל פון לעמ־בערגער גאון ר׳ חיים הכהן ראַפּאָפּאָרט, דער מיוחסדיקסטער כהן, האָט זיך ר׳ יעקב געפרייט וואָס עס איז צוגעקומען אַ נייער יחוס אין דער משפחה. אַ קליי־ניקייט ר׳ חיים כהן, וואָס פאַרנעמט דעם פּלאַץ פון זיין טאַטן, דעם חכם צבי, און איז פונקט אַזאַ שאַרפער באַקעמפער פון שבתי צבי...

מיט ציטערדיקע פינגער האָט ער געלייענט דעם בריוו. אין אָנהייב איז ער געווען פריילעך וואָס זיין זון, דער אב״ד פון אַלט־קאָנסטאַנטין, שרייבט אים, אַז ר׳ חיים כהן פון לעמבערג איז אים דאַנקבאַר פאַר זיין מלחמה קעגן די פאַר־שאָלטענע פראַנקיסטן און אַז אַלע גאוני פּוילן האָבן שטאַרק הנאה פון זיין ספר „תורת הקנאות״. באַלד איז אָבער די פריילעכקייט פאַרשוואונדן. ער האָט געלייענט וואָס דער זון שרייבט אים וועגן די מעשים תעתועים פון דער פאַר־שאָלטענער כיתה, וואָס כידוע האָבן זיי אין די לעצטע יאָרן אָפּגעטאָן זאַכן וואָס מען קאָן אַפילו אויפן כתב ניט אַרויסברענגען.

„בעתן יאַריד אין לאַנצקוריניע — שרייבט ער אים — וואוהין עס זיינען זיך צוזאַמענגעפאָרן די גאונים צום ועד ד׳ ארצות, האָט זיך די כיתה פאַרשלאָסן אין אַ שטוב מיט אַ נאַקעטער נקבה, איר אָנגעטאָן אַ קרוין פון אַ ספר תורה, גע־טאַנצט אַרום איר, זי געקושט און גערופן „מטרוניתא קדישא״.

„ביטל־נאַכט פון דעם יאָר האָבן זיך די צוויי הונדערט פון דער כת געשמדט אין קאַמענעצער יוונ׳יש־קאַטויילישן קלויסטער. פאַר דעם האָט דער בישאָף ביקאָ־לאַי דאַמבאָווסקי באַפוילן מען זאָל פאַרברענען ש״ס. אין קאַמענעץ אַליין האָט

מען פאַרברענט טויזנט גמרות. אויף זיין עלטער שווער ר׳ חיים הכהן זאָגן זיי, אַז ער איז איינער פון די גרויסע רבנים אויף וועמען עס פאַלט דער גורל צו קוילן אַ קריסטלעך קינד און צושיקן זיין בלוט אין אַלע קהלות, מען זאָל עס נוצן אויף מצות. — —

„אין דער עיר רבתי־עם פון מדינת אוקראַינע, אין אומאַן, האָט דער פירער פון די היידאַמאַקעס, דער צורר היהודים גאָנטאַ, אויסגעשאָכטן דריי הונדערט יידן.

„אין דער קהלה קדישא טעטיעוו האָבן זיך אין פרימאָרגן פון ראש חודש איר שכורע קאָזאַקן, אייניקלעך פון חמיל הרשע, אַריינגעריסן מיט העק און לאָמען, האָבן געהרגעט טף ונשים, אַריינגעשטעלט פערד אין שול און פאַר־ברענט לעבעדיקערהייט דעם אַלטן מורה הוראה ר׳ חנינא יאסל. די צוררים גאנטא און זעלעזניאַק האָבן חרוב געמאַכט נאָך קהלות. ביז קאָנסטאַנטין זיינען זיי דערגאַנגען. נאָר דער זכות פון זיינע אָבות און פון זיין טאַטן דעם אר״י החי, יעב״ץ, האָט גורם געווען דעם נס.

„ווי איז אונדז וואָס אַזוינס איז פאַרלאָפן אין אונדזערע טעג, און דאָס אַלץ צוליב ניט אויסראָמען דאָס שלעכטס פון ישראל, דעם מומר פראנק מיט זיינע תלמידים. — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

אַ ווייסער קרייז האָט זיך געטוקט אין צערודערטן ים פון אויסגעבלייכטן רויך, וואָס ווייטער אַלץ בלאַסער איז דער קרייז געוואָרן. די זון האָט אויסגעזען געדיכט און שוואַרץ, אַז ס׳האָט זיך געדאַכט: די גאַנצע וועלט איז אַריין צווישן טאָג און נאַכט.

ר׳ יעקב האָט זיך אָוועקגעזעצט ביים פענצטער, מיטביידע אויגן זיך אַריינ־געזויגן אין דער שויב און געשפּירט דעם זון־פאַרגאַנג אין מיטן טאָג אין זיינע אברים, אין זיינע גלידער. עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז די זון וועט קיינמאָל מער שוין ניט אַרויס פון איר שייד, ניט וועלן זען די מעשים תעתועים, די נאַקעטע ערווה פון דעם פאַרשאָלטענעם שבט, די פראַנקיסטן, און ניט באַלייכטן די הרוגים פון גאָנטאַ און די היידאַמאַקעס. אַנשטאָט גאולה — חורבן. „והבאתי השמש בצהרים״ — ווען די זון גייט אונטער אין העלן טאָג איז עס אַ סימן פון חורבן. דער ווייטיק אויף די הרוגים און די שנאה־געדאַנקען קעגן די פראַנקיסטן און אַלע פאַלשע משיחים האָבן אָנגעהויבן קעגנזייטיק אַרומקרייזן. „דעריבער טוט ציון ביטער וויינען און ירושלים לאָזט הערן איר קול. מיין האַרץ, מיין האַרץ אויף

3. לעבעדיקער לייב.

זייערע חללים ; מיין אינגעווייד, מיין אינגעווייד אויף זייערע חללים." — — —
— — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — —

ווי אַ שטורעם האָבן זיך די משיחישע באַוועגונגען דורכגעטראָגן דורכן יידישן גלות. אונטערגעשוועקט פעלזן, מיטגעריסן מיט זיך מאַסן אָנגעצונדענע אין פלאַמען און זיך איינגעלייגט.

אַט האָט זיך אויף די בערג פון יהודה דער משיחישער פלאַם אָנגעצונדן. דער גבור בר כוזיבא, וואָס האָט מיט דער ברכה פון ר' עקיבאן אָנגעטאָן משיחס קרוין, האָט רייטנדיק אויף זיינע פערד צעדערן אויסגעריסן. ר' אליעזר המודעי האָט זיך אָבער איינגעקשנט : ער איז ניט משיח !

ר' עקיבא האָט אויף אים געדרשנט : אַ שטערן איז אַרויסגעטראָטן פון יעקבן. אליעזר המודעי דער קנאי פאַר גאָטס וואָרט האָט שטיל געשעפּטשעט : עקיבא, גראָזן וועלן אויפגיין אויף דיינע באַקן און משיח איז נאָך אַלץ ניט געקומען...

נאָך עטלעכע בלוטיקע יאָרן איז ירושלים געלעגן אין רויכערדיקע חורבות. די פעסטונג ביתר איז דערטרונקען געוואָרן אין איר אייגן בלוט און די מתים זיינען אַפילו צו קיין קבורה ניט געבראַכט געוואָרן...

אויף די נאַקעטע פעלזן פון ירושלים האָבן די שומרים געשריבן מיט שטעקנס, ווי פון אַ מגילה אַרויס, ישעיה הנביאס ווערטער „בצל סלע כבד בארץ עיפה", — מיד און פאַרשמאַכט איז געלעגן די גאולה.

און אַט האָט זיך דער משיח־טרוים אָנגעקליידט אין אַ לבוש פון מלכות. פּרינץ ראובני האָט געוואָלט מלכות ישראל אויפשטעלן און וואָס האָט זיך אויס־געלאָזן ?... און אַז דער מקובל און מאַראַן שלמה מולכו איז ביי די טויערן פון רוים געזעסן, און ביים טייך טיבער פאַרברענט געוואָרן, אויסגעגאַנגען ווי אַ קרבן עולה אין די פלאַמען אויף טמאהדיקער ערד.

אין אַ הייל האָט זיך פאַרזעצט דער מקובל יוסף דילה־ריינה, וואָס האָט מער ניט געוואָלט וואַרטן, משיחן מיט געוואַלד געוואָלט ברענגען, אָבער ער איז גע־פאַלן אַ דערשלאָגענער און איז בלויז געבליבן לעבן אין דער לעגענדע פון זיידע צו אייניקל.

און אַט האָט זיך שוין געדאַכט אַז די גאולה גייט אויף פאַר אונדזערע אויגן. נאָך גזירות ת"ח ות"ט איז עס געווען, ווען די ערד איז געשוואָלן געוואָרן פון פאַר־גאָסן יידיש בלוט. אַט אַט, האָט זיך געדאַכט און דער חלום ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ ממשות. גאַנצע קהלות האָבן זיך אַוועקגעלאָזן קיין סמירנע, קיין סטאַמבול, מקבל פנים זיין דעם האַר שבתי צבי, משיח פון גאָט פון יעקב, אונדזער קעניג

און אונדזער אויסלייזער. אויס פייניקן זיך, אויס שבעה עשר בתמוז, אויס תשעה באָב. דער גאולה־פּלאַם האָט אַרומגעכאַפּט די וועלט און יעדער טאָג — כולו יום־טוב.

אָבער דער „גואל" אַליין האָט זיך געבאָדן אין זנות און איז נאָכדעם אין תפיסה־טויער פון טערקיי געזעסן מיט אַ טערקיש מיצל און אַ גרינער לענטע, געשריגן: אללא איז גאָט און מוהאַמעד איז זיין נביא... בלויז איין טראָט פירט פון קדושה צו טומאה...

ווידער אַ ים פון שנאה, און קאַרגע הונדערט יאָר איז די חכמים פונעם דור באַשערט געווען צו לעבן אין מיטן דעם ברודער־קריג, אין שיין פון חרם ליכט און הערן דאָס קול פון שוואַרצן שופר.

דאָס איז דער פּרייז פון די וואָס זיינען דוחק דעם קץ.

און וויבאַלד משיח מעג זינדיקן, מעג זינקען אין דער טומאה, איז אַלץ הפקר. איז איצט געקומען אַ מענטש, איינער אַליין די גאַנצע טומאה. פון מלכות פון נחש איז ער אַרויס און האָט אויפגעבונדן די טונקלסטע באַגערן פון הפקר־מענטשן. זנות איז די גרעסטע עבודה און ער לויפט פון נוצרי צום ישמעאל. פייניקן ווי דעם תלוי וואָלט מען אים געדאַרפט, אים, וואָס וויל דעם טערקישן גן־עדן אויף דער וועלט... יעקב פראַנק דער געשוויר אויפן צעוויטיקטן גוף פון דער אומה. — — — איך יעקב, דער קנאי בן קנאי, זאָג עדות: דער גיהנום וועט זיך אויסלאָזן און די וואָס ווילן דוחק זיין דעם קץ, וועלן זיך ניט אויסלאָזן. ניטאָ די עינוים מיט וועלכע מען וואָלט געדאַרפט פייניקן די וואָס ווילן דוחק דעם קץ זיין, מקרב זיין די גאולה מיט גוואַלד — — —

דער הימל איז שוואַרץ געוואָרן. אין חדר איז געלעגן אַ געדיכטע טונקלקייט. אין טונקעלן פלאַך פון חלל זיינען אויפגעשוואומען בילדער און געשטאַלטן פון אַ פריער תקופה און זיך געקייטלט. — — — — — — — — — — — —

אין דעם אויבערשטיבל ביים שפּוע פון דרום באַרג אין ירושלים, וואו די תלמידים מיטן רבין האָבן געוואַרט אויפן אָוונט־ברויט, איז געלעגן אַ טריבע שטילקייט. דאָס שטיבל יום־טובדיק צוגעראַמט, מיט אַ ווייס־באַדעקטן טיש, וואָס האָט פאַרנומען אַ האַלבן חדר, האָט זיך געוויקלט אין שווערן געמיט און יעדעו' איינער פון די תלמידים האָט זיך געפילט ווי מיט עפּעס שווערס באַלאָדן.

דער הויכער, ברייט־בייניקער און זון־פאַרברוינטער גלילער פישער שמעון האָט זיך אַרומגעשאַרט צווישן די אַרומיקע, געווענדט די אויגן צו דעם און יענעם, זיי געוואָלט אויפהייטערן, אָלע אויגן צעפלאַמט פון ניט־שלאָפן האָבן גע־קוקט מיט רוגז.

די ברידער יעקב און יוחנן, זין פון זבדי, האָבן געקוקט מיט געטרייע אויגן אויפן רבין, וואָס איז שוין געזעסן אין מיטן טיש און געוואָלט וויסן וואָס ער טראַכט. דערזען ווי פון זיינע אויגן פלייצט מיט שטילן טרויער און מיט סוד, זיינען זיי נאָך שטילער געוואָרן, פאַרגעסן אין דעם שטרייט וואָס זיי האָבן נאָר וואָס געפירט צווישן זיך, ווער עס וועט זיצן אין קעניגרייך פון הימל ביי דער רעכטער זייט פון רבין, און ווער ביי דער לינקער.

דער געלער יהודה איש קריות איז געזעסן צווישן דעם ברייטן שמעון־פעטרוס און צווישן יעקב בן חלפי און אים האָט געעקלט פון זייער אָטעם. ס'האָט אים עפּעס געשטיקט אין האַרץ, אין האַלדז. ער האָט געצויגן די שיטערע האָר פון זיין געלע בערדל און אין מוח האָט געעגבערט דער געדאַנק וואָס איז אים נעכטן באַפאַלן אין בית־עניא. אַ פריש אָטעמדיקע פרוי, מיט אַ סך יוגנט־חלומות און גלוסטונג אין אירע אויגן, שלאַנק און שיין ווי די מרים פון מגדל, איז צוגעגאַנגען צום רבין. אין איר האַנט האָט זי געהאַלטן אַן אַלבאַסטער פלאַש. זי האָט צעבראָכן דאָס העלדזל פון פלאַש, עס אויפגעהויבן איבערן רבינס קאָפּ און דעם גאַנצן קאָסטבאַרן זאַלב, וואָס מ'באַנוצט נאָר טראָפּנווייז, אויסגעגאָסן אויף זיינע האָר, געגאָסן ביז זיין קאָפּ איז נאַס געוואָרן.

ער, יהודה, וואָס האָט פאַרלאָזן אַ רייך הויז אין יהודה, זיך אָפּגעזאָגט פון זיין סביבה און מיט צוויי יאָר צוריק, צווישן פרידלעכע שאָף אויף אַ ברייטער לאָנקע ביים כנרת, געפונען דעם פאַרחלומטן גלילער סטאָליער, האָט איצט געטראַכט, אַז דער רבי האָט אָפּגענאַרט, מיאוס אָפּגענאַרט.

שפּעטער, צווישן די ביימער פון דאָרף, וואו דער חצופהשער פלאַפּל פון דער פרוי, מיט איינעם פון די תלמידים, האָט אָנגעפילט די ווייך־אַנגעוואַרעמטע לופט, איז אים עפּעס לײדיק געוואָרן אין זיין מוח און אויפן אָרט פון לײדיקן איז באַלד אָנגעפלויגן אַ מחשבה: גאוה און גרויסקייט. פאַרוואָס האָט מען בעסער נישט פאַרקויפט דעם זאַלב און דאָס געלט צעטיילט די אָרעמע — — — אַ משיח וואָס האָט צו טאָן מיט זונות, מיט זאַלבן. — — די ספקות האָבן אים שוין נאָכדעם גענאָגט אַ גאַנצן מעת־לעת.

די נאָגנדיקע אומעטיקייט אין די פאַרחלומטע אויגן און אויפן שטאַרק אויסגעבלייכטן פּנים פון רבין, וואָס איז געזעסן ביי דער אָוונט־סעודה, האָט זיך באַהעפטן מיטן אומעט פון יהודהן. ער האָט געקוקט פינצטער אַרום זיך און אין געדאַנק געחזרט די ווערטער פון משה רבנו:

אויב אַ נביא רעדט אין נאָמען פון גאָט און ס'ווערט גאַרנישט מקוים פון

דעם, וואָס ער האָט גערעדט, זאָלסטו וויסן, אַז דאָס איז אַ וואָרט וואָס גאָט האָט ניט גערעדט.

דער רבי האָט גענומען דעם ברויט, אַ צעבראָכענער געבראָכן שטיקער און געטיילט יעדן איינעם:

— נעמט און עסט, דאָס איז מיין לייב!

זיין שטיל קול האָט אויפגעטרייסלט דאָס לייב פון יהודהן. ס'איז אים געוואָרן ענג און הייס. דער הונגער, וואָס האָט אים פריער געמאָכט צו מיינען, אַז ער וועט איינער אַליין פאַרשלינגען ס'גאַנצע מאָלצייט, האָט אים איצט פאַרלאָזן. ס'האָט זיך אים שוין גאָרניט געגלוסט צום עסן. און באַלד האָט דער וואָס זיצט אויבנאָן גענומען דעם בעכער רויטן וויין אין האַנט און ווידער געזאָגט מיט אַ ניט־דאָאיק קול:

— נעמט טרינקט. דאָס איז מיין בלוט פון נייעם בונד, וואָס פאַרגיסט זיך פאַר אַ סך מענטשן. יהודה האָט געקוקט אויף דער ציטערנדיקער רויטקייט אין דער פלאַש און אַן עקל איז אויפגעגאַנגען אין זיין אינגעווייד.

שפּעטער, ווען אַלע האָבן אָנגעהויבן, לויטן מזרח־שטייגער, צו טונקען זייערע ביסנס אין דער שיסל, האָט ער זיך געמיאוסט צו טונקען. אין מוח האָט זיך געצונדן: — וואָס רעדט ער, דער פאַלשער משיח? דאָס ערב־פּסחדיק ברויט איז זיין פלייש? דער וויין — זיין בלוט? קאָן מען רעדן מיט אַזאַ גאוה וועגן זיך? וואָס וועט שפּעטער זיין? ער זייט איצט גאוה, אַנדערע וועלן שניידן רציחה.

נאָכן עסן איז דאָס ביסל מענטשן אַרויסגעגאַנגען צו גת־שמנא צו פאַר־ברענגען די נאַכט אין שיין פון דער לבנה.

די טיף־בלויע נאַכט איז געלעגן איבערן הר הזיתים. אַ קיל סאַמעטן ווינטל האָט געגלעט די איילבירטביימער, וואָס האָבן געטריפט מיט טראָפּנס זאַפט. די שטערן האָבן געשימערט מיט גאָלד אין שוואַרצן בלוי פון הימל. יהודה האָט געזען ווי יעדער איינער פון דער חברה לייגט זיך אַוועק אונטער אַ בוים, זינקט אין שלאָף. בלויז ער, דער רבי, גייט אום אַ פאַרטראַכטער. יהודה האָט געזען ווי ער איז אַרויף אויף אַ בערגל, זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטיין, און זיך פאַר־קוקט אויף דער לבנה — אַ פאַרקילט שטיקל זילבער. אין אַרום האָט געאָטעמט מיט ערב־פּסח און פרילינג. אַנטקעגן איבער אויפן הר־הבית האָט זיך אַ ליכטיקייט געגאָסן איבער די בנינים פון בית המקדש. דאָ איז אויף אַלץ געלעגן דער חותם פון פאַלשן שלום. יהודה האָט זיך דערמאָנט אין אַ וואָרט וואָס ער האָט געהערט פון אַ דרשן אין ירושלים. די לבנה איז אַנדערש פון דער זון. זי לייכט

און וואַרעמט ניט. פאַרשלייערט זיך. זון איז זיכערקייט, זון איז אמת. די לבנה איז קאַלט, שטענדיק געוויקלט אין אומגעזונטן סוד. אָבער לעתיד לבוא, ווען די צייט וועט קומען, וועט דאָס ליכט פון דער לבנה זיין ווי דאָס ליכט פון דער זון און די זון וועט לייכטן זיבן מאָל אַזויפיל. דאָס וועט זיין ווען די צייט וועט קומען, לעתיד לבוא. אָבער ניט איצט. אַ משיח וואָס שפּייזט דעם מענטשן מיט זיין לייב און מיט זיין בלוט וועט ניט מקרב זיין די גאולה, וועט דוחק זיין דעם קץ...

— — — — — — — — — — — — — —

קרומע שטראַלן פון דער זון האָבן אָנגעהויבן אַריינשיינען אין פענצטער. ר׳ יעקב האָט זיך אויפגעהויבן, דערזען אַז די ליקוי חמה איז פאַראיבער. ער איז צוגעגאַנגען צום טיש, זיך אַוועקגעזעצט און גענומען שרייבן אַ בריוו צום זון:

— — זיי וויסן, מאירל, מיין זון, אַז דער שורש פונוואַנען זיי שטאַמען — פראַנק און אייבשיצער — איז שור — פּורה ראש ולענה — גיפט און ביטער גאַל. סיי תלוי, סיי שץ און פראַנק. ווער עס איז באַקאַנט אין דברי הימים ווייסט, אַז מען האָט די ערשטע נוצרים באַשולדיקט אין נוצן מענטשלעך בלוט, ווייל דער תלוי האָט פאַרן טויט געזאָגט אַז וויין און בלוט איז היינו הך[4]. שפּעטער האָבן זיי גענומען באַשולדיקן אין דעם יידן. וואָס זשע זעען מיר פון דעם אַז ניט אומזיסט האָט זיך פראַנק הרשע געשמדט און מאַכט בלבולים וועגן בלוט. — — און גאָט זאָל אונדז ברענגען צו דעם טאָג ווען די זון פון גערעכטיקייט מיט היילונג אין אירע פליגלען וועט אויפגיין און וועט דריקן די רשעים, וואָרעם זיי וועלן זיין אַש אונטער אייערע פוסטריט. — —

4. איין זאַך.





# עס האָט דער טויט זיך אויפגעלייזט

פון

## ס. מאַכלין

כ'האָב צו „שלושים" נאָך מיין חברס קבורה,
מיט מיין קאָפּ געבויגן, ווי אַן אָבל,
זיך געקליבן קניען מיט אַ יאָמער
פאַר זיין קבר, זיין מצבה־טאָוול.

און אַז כ'האָב דערגרייכט דעם שוכן־עפר,
בין איך ניט געפאַלן גלייך דערשלאָגן
צו דער ערד, צופוסנס פון מיין חבר,
ווי אַ יתום, מיט אַ ווילדן קלאָגן.

כ'ליג ניט פאַר דעם קבר פון מיין חבר
מיט אַ יאָמער, מיט מיין האַרץ צעבראָכן:
כ'בענטש דעם אָנדענק פון מיין יוגנט־חבר
מיט אַ האַרץ פול ליבע און ניצחון!

כ'שטיי פאַר דער מצבה פון מיין חבר
און איך זע נאָר... לעבן... זונשיין, בלומען!
כ'זע נאָר — וואָס די ערד האָט אויסגעכישופט,
כ'זע ניט — וואָס זי האָט אָוועקגענומען!

כ'זע אויף דער מצבה פון מיין חבר
בליען אַ גירליאַנדע בלומען, זאַנגען —
ס'האָט דער שוכן־עפר די גירליאַנדע
צוליב מיר — דעם אָבל — אויפגעהאַנגען!

כ'האָב אַזאַ מין קראַנץ פון רויזן, זאַנגען,
ניט געזען נאָך אין קיין גאָרטן בליען;
און די זון — די קעניגין פון הימל —
טוט דאָ אויך פיל בראשיתדיקער גליען.

ס'האָט דער טויט אויף מיר דאָ ניט קיין שליטה;
ס'האָט דער טויט זיך אויפגעלייזט אין קבר,
ווייל אויך ער, דער מענטש — דער שוכן־עפר —
האָט געליבט, ווי איך, מיט יעדן אבר:

מיט אַ יעדן פונק פון לעבן און פון מענטשן —
און כ'דערפיל זיין הייליקסטן באַגערן,
ווען איך בענטש זיין אָנדענק נאָר מיט רויזן,
זונשיין — און ניט מיט קבורה־טרערן!

כ'האָב געשפרייזט צום קבר פון מיין חבר,
ווי אַן אָבל נאָך אַ שוואַרצן אָרון,
און אַז כ'האָב דערגרייכט דעם שוכן־עפר
איז מיין וועלט און צייט באַנייט געוואָרן!





# אַרויס פון גן עדן

(מיסטעריע אין בילדער און דיאַלאָגן)

פון

## פ. מעלער

בילד זיבן:

## אַ טאָג אין גן־עדן

(המשך)

אָדם. איבערגענוג. איין מענטש וואָלט זיך געקענט ספּראַווען מיט דער אַכטונג־געבונג. די אויטאָמאַטן זיינען אָנגעשטעלט און זיי טוען אַלע אַרבעטן, זיי גיבן היץ, זיי מאַכן רעגנס, שטורעמס, דונערן, בליצן, שאַפן ליכט, האַלטן אויף די ערד און די הימלען, מאַכן שפּראָצן גראָז, ביימער; הכלל, זיי טוען אַלץ אַליין. אָבער זייער אַרבעט דאַרפן מיר ניט, וויל מיר האָבן שוין אַלץ לאַנג צוגעגרייט, און ביי אונדז ווערט קיין זאַך ניט אויסגעשעפּט, געמינערט; פאַרקערט, וואָס מער מע געברויכט, אַלץ מער קומט צו. קיין זאַך גייט ניט אונטער, נאָר אַלץ קומט כסדר אויף און מערט זיך, פאַרגרעסערט זיך.

ש״ית. וויפל מענטשן זיינען באַשעפטיקט מיט אַכטונג־געבן, און וואָס טוען די איבעריקע מיטגלידער פון אייער געזעלשאַפט?

אָדם. איך האָב דאָך דיר געזאָגט, זיי באַשעפטיקן זיך מיט דערפינדונג לשם דערפינדונג. ביי אונדז איז דערפינדונג אַ זעלבסטדערפינדונג.

ש״ת. וויבאַלד אַלץ וואָס איר דאַרפט האָבן איז שוין לאַנג געשאַפן געוואָרן, איז אויף וואָס דאַרפט איר אינגאַנצן האָבן די אויטאָמאַטן מיט זייער אַרבעט, מיט זייער פּראָדוקציע?

אָדם. מיר דאַרפן זיי טאַקע ניט. זיי זיינען ביי אונדז בלויז אַלס אַ זכר פון אַן אַלטער (אין פאַרקערטן מיין) וועלט. זיי אַרבעטן ביי אונדז בכדי לעבעדיק

צו האַלטן אַן אַלטע כמעט שוין פאַרגעסענע טראַדיציע, וועלכע דערציילט, אַז מענטשן האָבן אַמאָל, (אין דער איבערגעקערטער פאַרגאַנגענהייט, וואָס מיינט צוקונפט), אַזוי געאַרבעט, געפּראַצעוועט. בכדי קיין זאַך זאָל ניט פאַרפאַלן ווערן, האָבן מיר געשאַפן אַן אַנטיציפּירטן אָנדענק פון אָט־דעם מין עבודת פּרך, פון דער „מצרים שקלאַפעריי".

די אויטאָמאַטן אַקערן, זייען, שניידן. זיי טוען אַזעלכע מיני אַרבעטן, וועלכע זיינען ביי אונדז איבערגעקערטע אַנאַכראָניזמען, ד"ה נעגאַטיווע פוטוריזמען. און דאָס בלויז פאַר זיכרון־צוועקן און אַלס אַן אָביעקטיווע לעקציע און וואָרנונג וואָס עס וועט פון אונדז ווערן, ווען מיר וועלן אַראָפּ פון דרך־הישר, פון דעם וועג פון אני־והו הושיעה נא.

שי"ת. איך קען קוים באַגרייפן וואָס עס מיינט אַ פוטור־טראַדיציע, דאָס מוז דאָך זיין אַזאַ מין סאָרט פּראָפעצייאונג.

אָדם. איך וועל עס דיר געבן צו פאַרשטיין, אָבער ניט דאָ, נאָר אויבן. דער פּלאַץ איז ניט פאַר אַזעלכע שמועסן. דערווייל וועל איך דיר בלויז זאָגן (אַ פּויזע, אין משך פון וועלכער זיי זיינען צוריק אַרויפגעפלויגן), אַז ביי אונדז קען די צייט פליסן אי פאָראויס, פונפאָרנט, אי אויף צוריק, פונהינטן. לכן איז ביי אונדז אַ ווייטע צוקונפט דאָס אייגענע וואָס אַ ווייטע פאַרגאַנגענהייט; אַן איבערגעקערטע צוקונפט איז אַ פאַרגאַנגענהייט, אַן „עתיד המהופך". דו ביסט דאָך דער ששת ימים תעבוד פון דער תורה, דאַרפסטו דאָך קענען „פּסוק". וואָס מיינט אין חומש „וידבר", „ויאמר", ער האָט גערעדט, ער האָט געזאָגט, אָבער „ידבר" מיינט דאָך, ער וועט רעדן, „יאמר" — ער וועט זאָגן, נאָר אַז מ'קערט עס איבער, ווערט עס אַ פאַרגאַנגענהייט. ווייל אַן איבערגעקערטע צוקונפט איז אַ פאַרגאַנגענהייט און אַן איבערגעקערטע פאַרגאַנגענהייט איז אַ צוקונפט. דאָ אין דער פינף־אָרדענונג האַלטן מיר פון דעם חומשס אויפפאַסונג פון צייט.

שי"ת. דו האָסט מיר געזאָגט אַז אַ יאָר ביי אייך באַשטייט פון פינף חדשים, אויב אַזוי פרעגט זיך ווען האָבן די אויטאָמאַטן צייט צו אַקערן, זייען און שניידן?

אָדם. זיי אַקערן, זייען און שניידן די תבואה אין דער זעלביקער וואָך. און ווי נאָר אַראָפּגענומען די תבואה אַזוי דרעשן זיי, מאָלן, באַקן און עסן דאָס ברויט. אָבער האָב אין זינען, אַז דאָס ברויט עסן די אויטאָמאַטן. אין אונדזער וועלטל, וואָס איז איינגעטיילט אין פינף טיילן, וועלכע באַשטייען פון פינף בערג, האָט יעדער באַרג אַ הר התחתון, אַן אונטערשטן באַרג, וואו עס האַלטן זיך אויף די אויטאָמאַטן און זיי פירן אָן אַן אייגנאַרטיקן שטייגער פון לעבן, וועלכער דינט פאַר אונדז ווי אַ מין התראה: אויב איר וועט זיך אויפפירן ווי געהעריק, איז גוט.

אויב חלילה ניט, וועט איר אַרויסגעטריבן ווערן, אַראָפּגעטריבן ווערן אין דער „אונטערוועלט”, און דאָרטן וועט איר לעבן ווי די אויטאָמאַטן, „עסן ברויט אין שוויס פון אייער געזיכט”.

שי״ת. וועלכע ענערגיע געברויכט איר פאַר אייערע מאָטאָרן?

אָדם. פאַר די מאָטאָרן, ד״ה באַוועגערס, געברויכן מיר קיין שום ענערגיע, ווי איך האָב דיר שוין איינמאָל בפירוש געזאָגט, נאָר פאַר די רעסטאָרן געברויכן מיר דעם „אין” און דעם „עתידים”. אָט־די צוויי זיינען אונדזערע הויפּט־דער־פינדונגען. אָבער זיי ווערן געברויכט בלויז אויבן, אין אונדזער „של מעלה”, אונטן אין דעם „של־מטה”, געברויכן מיר עלעקטריציטעט.

שי״ת. וואָס איז אַזוינס דער „אין”? איך האָב קיינמאָל ניט געהערט פון אַזאַ ענערגיע.

אָדם. „אין” באַדייט אויף פּראָסט־לשון „גאָרניט”, אָבער אָט־דער „אין” אַנטהאַלט אין זיך די אותיות פון „אַני” און אָט־דער „אַני” איז דער כוח, וועלכער שאַפט אַלץ. „אַני” איז דאָס אייגענע וואָס „זעלבסט” און אין דעם זעלבסט געפינט זיך דער סוד פון דעם גאַנצן באַשאַף און אָפּשאַף, באַשטאַנד און באַגאַנג. אָט־דער זעלבסט איז דער אַלצטום און גאָרטום אין אונדזער לעבן און שטערבן.

שי״ת. זאָג מיר, ווי לאַנג לעבט מען ביי אייך? איך מיין צו פרעגן, וואָס איז דער דורכשניטלעכער אריכות־ימים ביי אייערע מענטשן?

אָדם. ביי אונדז לעבט אַ מענטש אַזוי לאַנג ווי ער וויל לעבן. ביי אונדז לעבן איז ניט קיין „בעל־כרחך אתה חי”. אין דעם מאָמענט ווען דער מענטש וויל מער ניט לעבן, גייט ער אויס.

שי״ת. דאָס הייסט, אַז איר זייט ניט אומשטערבלעך.

אָדם. מיר זיינען ניט אומשטערבלעך. אונדזערע חכמים האָבן געשאַפן אַ ווערטל: ווען עס וואָלט ניט געווען קיין „מלאך המות”, וואָלט מען אים באַ־דאַרפט באַשאַפן. מיר זאָגן: „טוב מאד — זע המות.” מען טאָר ניט און מע דאַרף ניט זיין געצוואונגען צו לעבן. ווען מע וויל, גייט מען אַרויס פון הויז פון לעבן.

שי״ת. און אַז מע גייט אַרויס, ווי דו רופסט עס, פּראָסט, נאָך דעם ווי מע שטאַרבט, קען מען צוריקקומען?

אָדם. חרטה איז ניט מעשה־סוחר, אָבער עס איז מעשה מענטש. אַז מע וויל שטאַרק, קען מען עפענען די טיר און מ׳קומט אַריין צוריק אין הויז פון לעבן. אָבער דעמאָלט מוז מען אָנהייבן דאָס לעבן פון סאַמע אָנפאַנג, ד״ה פון קינדהייט.

שי״ת. אויב אַזוי גייען מסתמא פיל אַרויס מיט דער כוונה אַריינצוקומען אַלס קינדער.

אָדם. ניין. ווער עס וויל דורכלעבן זיין קינדהייט אַ צווייטן אָדער דריטן מאָל, מוז ניט צוליב דעם „שטאַרבן״ בכדי געבוירן צו ווערן אַלס עופעלע. יעדער מענטש קען וואַקסן און „עלטערן זיך״ איןביידע ריכטונגען, אָדער ווערן עלטער, אָדער ווערן יינגער. ער קען וואַקסן אויף צוריקוועגס. איך האָב דיר שוין געזאָגט, אַז ביי אונדז קענען די צייט פליסן אויף צוריק. און דאָס איז אַן אינדיווידועלער פאַל, ווי איינער וויל, אַזוי אַז ביי אונדז קענען לעבן מענטשן וואָס געהערן צו אַ ווייטער צוקונפט, און אַזעלכע, וואָס געהערן צו אַ גאָר ווייטער פאַרגאַנגענהייט. יעדן ניי־יאָר דאַרף יעדער איינצלנער ביי אונדז באַשליסן צי ער וויל ווערן מיט אַ יאָר עלטער, צי מיט אַ יאָר יינגער. און עס איז לאו־דווקא אויף אַ יאָר; ער קען לויפן אויף צוריק אויף צען, צוואַנציק יאָר, ביזן סאַמע אָנפאַנג פון זיין לעבנס־קורס, ביזן געבוירן ווערן און הונדערטער יאָרן, טויזנטער יאָרן פאַר זיין געבורט. ער קען זיך אויך אַוועקלאָזן פאָראויס אויף אַ באַשטימטן שטח פון צייט. דוראַציע האָבן מיר גובר געווען און זי איז אין אונדזער רשות. ביי אונדז מוז מען כסדר פרעגן יעדן איינעם, אַפילו אַ גוט באַקאַנטן, ווי אַלט ער איז. און מיר פירן תמיד דעם חשבון פון אונדזערע טעג און יאָרן. מיר ציילן זיי און פאַרשרייבן זיי בכדי מיר זאָלן וויסן וואו מיר האַלטן (למנות ימינו כן אדע). אויף ניי־יאָר, ד״ה אַלע פינף חדשים, שיקן מיר זיך איינער דעם אַנדערן שנה־טובהעס און ניי־יאָר באַגריסונגען, ד״ה מיר זאָגן אָן ווי אַלט מיר זיינען.

שי״ת. זייער טשיקאַווע. אין חומש זעט מען ניט אָט־די דערשיינונג פון קענען לעבן פאָראויס און אויף צוריק. אין חומש ווערט מען אַלט, אָבער צוריק יונג, דאַכט מיר, קיינמאָל ניט. מע ווערט אויך נאָכן טויט צוריק ניט לעבעדיק.

אָדם. ניט אַלץ ווערט געזאָגט אין חומש דייטלעך. עס איז פאַראַן פיל סתרי־תורה, וועגן וואָס אין טעקסט פון חומש געפינט זיך בלויז אַ לייכטער אָנוואונק, אַ זכר לדבר. אָבער וועגן דעם וועל איך נאָך רעדן מיט דיר.

ניט בלויז צייט האָבן מיר בייגעקומען, נאָר אויך די פאָרם, דעם מאָדעל פון אונדזער קערפּער. באמת וואָלט דאָך עס געווען פּראָסטע, ווילדע, גראָבע טיראַניי, ווען אַ מענטש, אַן אייגנטימער פון אַן אָרגאַניזם, אַ בעל־גוף זאָל ניט האָבן קיין דעה איבער זיין אייגענעם גוף. אויב אַזוי וואָלט דאָך אויסגעקומען, אַז ניט ער האָט אַ גוף, נייערט דער גוף האָט אים. ביי אונדז איז דער יחיד דער בעל־דעה איבער זיין גוף. יעדער בר־דעת ווען עס קומט ניי־יאָר באַשטימט וועלכע פאָרם ער וויל אָננעמען אויף דעם קומענדיקן יאָר, אָדער עטלעכע יאָר. די

קינסטלער סקולפּטאָרן ווי אויך מאָלערס זיינען פאַרנומען מיט אויסטראַכטן פאַר־שיידענע סטאַטורן און קאָמבינאַציעס פון פאָרמעס, פון קערפּערס, פון אָנבליקן, פון צורות, פנימער. די מענטשן שטודירן די מאָדעלן און קלייבן זיך אויס וואָס עס אַפּעלירט צו זייער געשמאַק. די געשמאַקן און גוסטן זיינען פאַרשיידן סיי ביי די קינסטלער און סיי ביי די בעלי־גופים. יעדער קלייבט זיך אויס וואָס ער וויל, אָדער ער נעמט אַ פאַרטיקן מאָדעל, אָדער ער קאָמבינירט אַליין: נעמט די פיגור פון איין סקולפּטאָרס מאָדעל און דעם פנים פון אַן אַנדערנס. ס'רוב איז דער אויס־קלייבער זיך מיישב מיט זיינע נאָענטע, מיט זיינע ידידים, אָדער בני הבית, ער פרעגט זיך אָן צי דער נייער מאָדעל וואָלט זיי געפעלן. אין אַזעלכע פאַלן רעכנט מען זיך שטאַרק מיט דער מיינונג פון אַנדערן געשלעכט: ווי וואָלט ער אָדער זי וועלן אַז איר פריינט אָדער פריינדין זאָל אויסקוקן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס לעצטע וואָרט געהערט צום בעל־דבר אַליין, אָבער עצות און סוגעסטיעס זיינען אַם־פּלאַץ און טאַקע אָנגעלייגט אויך.

שי"ת. עס איז גאָר טשיקאַווע. דערציייל מיר וועגן דעם.

אָדם. אַמאָל קלייבט מען צונויף דעם גאַנצן קרייז פון בני־בית און פריינט און מע רעדט זיך צוזאַמען ווי אַזוי צו שאַפן אַ „קאָלעקטיוון אַנסאַמבל", אַ „גרופּן געשטאַלט", אַ גאַלעריע פון פאָרטרעטן, אַ מין לעבעדיקע מיניאַטור־אויסשטעלונג. פריינטשאַפט, גוט־ברודערשאַפט ווערט ביי אונדז פאַרפיקסירט, מיטן הסכם פוןביידע צדדים, אין אַפיניטעט, קרובהשאַפט פון געשטאַלטיקונג און געזיכטונג. עס ווערט געשאַפן עפּעס האַרמאָנישעס אין אויסזען. מיט איין וואָרט, קיינער איז ניט געצוואונגען זיך אַרומצוטראָגן אַלע מאָל מיט זיין אייגענער צורה, און איז אויך ניט מחוייב אָנצוקוקן די זעלביקע פנימער פון זיינע פריינט און בני־בית. אַלע מאָל דאָס אייגענע מוז דאָך דערעסן ווערן. דאָס געווירץ פון לעבן איז ענדע־רונג; אַ שינוי איז אַ גרויסע זאַך.

שי"ת. איך קען קוים נאָכפאָלגן וואָס דו זאָגסט. איך פאַרשטיי ניט ווי אַזוי אַ מענטש פאַרוואַרפט זיין אייגענע געשטאַלט, זיין אייגענעם גוף. צוליב וואָס זאָל ער עס טאָן? האָט ער דען זיך אַליין פיינט?

אדם. און מיר קענען זיך גאָר ניט פאָרשטעלן ווי אַזוי אַ מענטשן ווערט ניט דערעסן זיך צו געפינען כסדר אין איין און דעמזעלביקן גוף, אייגנטלעך די ענגסטע און ערגסטע תפיסה, פון וועלכער עס באַפרייט דער מלאך־המות, וועלכער איז אַ מלאך־הגואל. אַלע טעג פון דעם יאָר, יאָר איין יאָר אויס דורך גאַנצן לעבן די זעלביקע צורה, די זעלביקע הענט און פיס, און אויגן, און בויך, און אויערן — מען בייט זיי ניט אפילו אויף יום־טוב, אויף שבת קודש; עס איז דאָך אַ גרויל. ווי

אַזוי ווערט מען זיך אַליין ניט מיאוס און מאוס. עס איז נאָך ערגער ווי עסן כסדר די אייגענע שפּייז. איבערהויפּט דאַרף אַזאַ אַרט לעבן זיין אומדערטרעגלעך אין דעם צוזאַמענזיין פון מאַן און פרוי. אַלע מאָל אַ זכר און אַלע מאָל, תמיד, אַ נקבה. מע דאַרף דאָך באַזיצן אַן אייזערנע געדולד אויסצוהאַלטן פון אַט־דער מאָנאָטאָנישקייט.

ביי אונדז רעדן זיך אַ פּאָר פאַלק צוזאַמען וועגן אַלע איינצלהייטן, די קלער־סטע דעטאַלן פון אויסזען, פון דער אנגענעמלעכקייט פון דער שטים, דער קלאָר־קייט פון די טענער אא״וו. און ווען אַ באַשטימטע פּערזענלעכע קאָנסטיטוציע ווערט צוגעגעסן, בייט מען זי מיט דעם הסכם פון פאַמיליע־שותף. אויך די געשלעכט־ראָלעס ווערן געביטן לויט אַ קעגנזייטיקן אָפּרייד: די ווייב ווערט מאַן, און דער מאַן ווייב. עס איז רייצנדיק צו פאַרזוכן דעם טעם פון ווייבלעכקייט און מוטער־שאַפט, און טאַקע געבוירן אַ קינד און זיך באַקענען מיט דעם געשמאַק פון די געבויר־ווייען, חבלי־לדה דורכצופילן איז פאַרגעניגן־פאַרשאַפנדיק, כאָטש מ׳ליידט בשעת מעשה ווייטאָקן.

אָבער אייגנטלעך, האָב איך זיך צערעדט וועגן עפּעס, וואָס האָט אַ שייכות צום דריטן באַרג. די געשלעכט טראַנספאָרמאַציעס, ווי בכלל אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט סעקסועלן פאַרקער, קומען פאָר ניט אין טעמפּל פון יצירה, נייערט אין טעמפּל פון שיינקייט, אין היכל „תפארת" וואָס שטייט אויפן באַרג פון „אהבה רבה".

שי״ת. און וואָס טוט איר בנוגע דעם אויסזען פון יונגע קינדער. לאָזט איר זיי אַליין אויסקלייבן זייערע פיגורן און אָנבליקן, אויב אַזוי וואָלטן דאָך טאַטע און מאַמע זיי ניט געקענט דערקענען.

אָדם. וואָס איז שייך עופעלעך אָדער מינדעריעריקע קינדער, יינגלעך ביז בר־מצוה און מיידלעך ביז צוועלף, ווענדט זיך זייער געשטאַלטיקונג און פּנים־געשטריך אינגאַנצן אָן דעם וואונטש פון דער מאַמען. די מוטער האָט די הויפּט דעה, אָבער דער פאָטער האָט אויך עפּעס וואָס צו זאָגן מכוח דעם. די באַשטימט־קייט פון געבוי און אויסזען איז גילטיק בלויז אויף פינף חדשים. יעדן ניי־יאָר קען מען זיך אויסקלייבן אַ נייע געשטאַלט. ווער עס קלייבט ניט אויס קיין ניי געשטאַלט אום ראש־השנה, בלייבט ער אויטאָמאַטיש ביי זיין אַלט געשטאַלט און אַלטן געבוי פון קערפּער.

איצט קען איך דיר ענטפערן אויף דער פראַגע וואָס דו האָסט מיך פאַר־דעם געפרעגט: וואָס טוען ביי אונדז די מענטשן? זיי זיינען זייער פלייסיק באַשעפטיקט מיט דעם משנה־זיין זייערע פּנימ׳ער, געבוי פון קערפּער, און אויך

געשלעכטער. אָבער דאָס געשלעכט קען מען בייטן בלויז איין מאָל אין פופצן יאָר, ד״ה פינף און זיבעציק חדשים. אָבער וואָס איז שייך צורות, געבוי פון קערפּער, דימענזיעס, זיינען ניט פאַראַן קיין באַגרענעצונגען. מ׳מעג אויך אָנ־נעמען געשטאַלטן פון בהמות, חיות, פייגלען, פישן, פלאַנצן און אומבאַזעלטע קעגנשטאַנדן. די מענטשן וואָס פאַרוואַנדלען זיך פרייוויליק אין פאַרשיידענע באַ־שעפענישן אָדער זאַכן רופן מיר „גלגולים״. עס פאָדערט זיך בלויז זיי זאָלן לאָזן וויסן אינפאָראויס וועגן דעם און זיי ווערן רעגיסטרירט און קריגן אַרויס אַ נומער, אַזוי אַז קיין מיספאַרשטענדענישן זאָלן ניט פאָרקומען. ביי אונדז איז דאָס לעבן אינטערעסאַנט און אונדזערע באַגעגענישן האָבן אומדערוואַרטקייטן, קוריאָזן. איך גייט און באַגעגנט אַ לייב, אַ טיגער, און אַז איר רעדט זיך מיט אים צונויף, שטעלט זיך אַרויס, אַז ער איז אייערער אַן אַלטער באַקאַנטער, וואָס האָט אייך געוואָלט מאַכן אַ סורפּריז און האָט אייך בכיוון ניט אַנטפּלעקט דעם סוד פון זיין „גלגול״. אונדזערע „דערפינדער״ אַרבעטן אויף דעם אַז די איבערגעשטאַלטי־קונגען זאָלן פאַרלייכטערט און פאַרשנעלערט ווערן אַזוי אַז מ׳זאָל קענען „מגולגל״ ווערן יעדן פרימאָרגן, פאַרווירקלעכן דעם שפּרוך „חדשים לבקרים״, ווערן אַ „נייער״ יעדן מאָרגן. דאָס איז אַ פּראָבלעם וואָס שטייט אויפן טאָג־אָרדענונג, און מיר וועלן עס גאָר אינגיכן לייזן אויף אַ מאַסן־מאַסשטאַב, יחידים קענען עס שוין באַווייזן.

ווי איך האָב דיר געזאָגט: מיר קענען אָננעמען וועלכע געשטאַלט מיר ווילן נאָר אַליין, אין דעם פּרט זיינען קיינע לימיטאַציעס ניט פאַראַן. אָבער ס׳רוב מענטשן ווילן זיך ניט שיידן, אַפילו אויף אַ באַשטימטן פּעריאָד פון צייט, מיט דער מענטשלעכער געשטאַלט הגם זיי פלייסן זיך זי אויסצופיינערן, עסטעטיזירן זי ווי וויט נאָר מעגלעך. אַ מיעוט מענטשן נעמען אָן די געשטאַלטן פון בעלי־חיים, זעלטענער פון פלאַנצן, צווישן די פלאַנצן פּרעפערירן זיי בלומען. נאָר אַ מיעוט נעמט אָן די „געשטאַלטן״ פון אומבאַזעלטע קעגנשטאַנדן. מ׳קען ביי אונדז באַגעגענען אַ שטול וואָס אַרגומענטירט, אַ סטאַוו וואָס שפּאַצירט, אַ שטיין וואָס רעדט אויף אונדזער לשון. דאַרפסט אָבער וויסן אַז ריידן קענען אַלע קעגנשטאַנדן.

שי״ת. וואָס מיינסטו? דו זאָגסט מיר עפּעס גאָר מאָדנע זאַכן.

אדם. איך מיין, זיי גיבן אַרויס געוויסע קלאַנגען, וועלכע מע דאַרף בלויז איבערזעצן אויף אַ מענטשן־שפּראַך און דערצו נאָך איבערטאַשן זייערע אויפ־פאַסונגען, טראַנספערירן זיי פון זייער פלאַך אין דער מענטשלעכער. מחמת זיי „טראַכטן״ און „פילן״, פאַסן־אויף, נעמען־אויף זאַכן גאַנץ אַנדערש ווי מיר טוען עס.

שי"ת. און מענטשן ביי אייך ווילן זיך דערנידערן צו דעם צושטאַנד פון פּראָסטע קעגנשטאַנדן אָדער פּלאַנצן?

אָדם. דאָס אָננעמען די פאָרמעס און עצם־מהות פון קעגנשטאַנדן, פּלאַנצן און חיות ווערט ביי אונדז געטאָן ניט צוליב פּאַרוויילונג־צוועקן אַליין, נייערט, הויפּטזעכלעך, פון נייגעריקייט. דאָס טוען ביי אונדז די אַזוי גערופענע „פאָרשער". זיי ווילן זיך „אריינלעבן" אין דער „פּסיכאָלאָגיע" פון די שטיינער, טייכן אאַ"וו. „דו זאָלסט ניט משפּטן דיין חבר סיידן דו געפינסט זיך אין זיין לאַגע", איז זייער אַ פיינער, עטישער שפּרוך. דער אמת איז אָבער אַז מיר זיינען אַלע חברים, און מ'קען ניט אורטיילן וועגן אַ שטיין, אַ שטערן, אַ כוואַליע, אַ פּלאַנץ, אַ באַשעפעניש, סיידן מען געפינט זיך אין זיין לאַגע, ד"ה, מ'ווערט מגולגל אין יענעם קעגנשטאַנד וועלכן מ'וויל אויספאָרשן און באַשרייבן.

אַ סך אינטערעסאַנטע דערציילונגען און ראָמאַנען זיינען ביי אונדז אָנגעשריבן געוואָרן פון פערזענלעכער דערפאַרונג וועלכע האָט איר יסוד אין געשלעכט־טוישונגען. איין פּאָר, למשל, לעבט אַזוי, אַ געוויסע צאָל חדשים איז ער מאַן און זי פרוי און דערנאָך בייטן זיי זיך מיט די ראָלעס און ער ווערט פרוי און זי מאַן. דאָס שאַפט וואַריאַיטעט אין דער פאַמיליע, און דאָס צוזאַמענלעבן ווערט אינטערעסאַנטער. ביי אונדז לעבט מען סעקסועל אויך מיט חיות, בהמות, עופות, שלאַנגען...

שי"ת. וואָס? איר פּראַקטיצירט משכב בהמה, ווי אין סדום? אַ קלאָג צו מיר וואו איך בין אריינגעפאַלן. דער חומש פאַרבאָט דאָך עס אַזוי שטרענג.

אָדם. שרעקט זיך ניט, ניט מיט פּראָסטע בהמות, נייערט מיט די „גלגולים" ד"ה מע לעבט מיט געליבטע וואָס פאַרוואַנדלען זיך אין חיות, בהמות, עופות. בחורים ווערן אָקסן, מיידלעך קי, אָדער קאָבילקעס. ס'רוב, אָבער, ווערן זיי מגולגל אין שוואַנען, אָדער גאָר אין שלאַנגען.

שי"ת. איך הער דיר אויף צו גלויבן. דו דערציילסט מיר פאָלקס־לעגענדעס, אויסטראַכטונגען וואָס פּאַסירן קיינמאָל ניט אין דערווירקלעכקייט; עס איז פאַנטאַזיע־שטאָף.

אָדם. פאַנטאַזיע, דאַרפסטו וויסן, איז ניט קיין פּוסטע זאַך, ווי דו מיינסט. אַן אויסטראַכט איז אַן עפּעס וואָס איז שוין געווען און איז ערגעץ־וואו פאַראַן. אַלץ וואָס איז געווען — איז, און אַלץ וואָס וועט אַמאָל זיין, איז שוין געווען אין די אומענדלעכקייטן פון די צייטן און אין דעם שלל פון מאָדוסן פון די עקזיסטירנדיקע און אינעקסיסטירנדיקע באַשטאַנדן, כאַאָסן און קאָסמאָסן. פאַנטאַזיע קלערט ניט אויס קיין זאַך. זי גיט בלויז אַן אָפּשפּיגלונג פון זאַכן און [illegible].

פּאַסירונגען, וואָס זיינען געווען און וואָס וועלן זיין, ווייל וואָס וועט זיין איז שוין לאַנג געווען. געווען און וועט זיין איז איין און די זעלביקע זאַך; עס ווענדט זיך בלויז אין דער פּאָזיציע וועלכע דער באַאָבאַכטער פאַרנעמט בנוגע דער פּאַסירונג, פּונקט אַזוי ווי הויך און נידער, אויבן און אונטן, נאָענט און ווייט, רעכטס, לינקס. אויב מע שטעלט זיך איבער דער צוקונפט, ווערט זי דעמאָלט אַ פאַרגאַנגענהייט, און די פאַרגאַנגענהייט, אויב מע שטעלט זיך הינטער איר, ווערט אַ צוקונפט; און אויב מע שטעלט זיך זייט־ביי־זייט מיט איר, ווערט זי אַ קעגנוואַרט. און יעדע פאַנטאַזיע איז אַ שטיקווירקלעכקייט. ווייל אויב אַזאַ בילד, אָדער סומע בילדער, זעאונג שווימט אַרויף אין פאַרשטעלונג, איז עס אַ באַווייז, אַז ערגעץ־וואו געפינט זיך שוין דאָס בילד אין ממשות׳דיקייט. ווירקלעך אין אונדזער פינף־בונד־וועלטל איז אַלץ וואָס מ׳קען זיך פאַרשטעלן און עס דעפינירן, באַשרייבן מיטן וואָרט.

מיר האַלטן שטאַרק פון שפּרוך. „אין כל חדש תחת השמש״. עס זיינען ניט פאַראַן קיין נייעסן, וועלכע זיינען ניט קיין „אַלטסן״. אַלע חדש׳ן זיינען באמת ישן־נושנ׳ס, אַנטיקן. ווען דער באַשטאַנד פאַרענדיקט אַלע זיינע מעגלעכע אומענדלעכע קאָמבינאַציעס, הייבט ער אָן פונדאָסניי; ער וויקלט צונויף און וויקלט פאַנאַנדער די זעלביקע פּאַנאָראַמעס.

מיר האָבן אין אונדזער גן עדן וועלטל אָפּגעשאָפט דעם תהום, וואָס געניצט צווישן איינבילדונג און איינווירקונג, צווישן דמיון און מציאות. וואָס אַ פאַנטאַזיע קען זיך נאָר פאַרשטעלן, ווערט ביי אונדז גלייך אויגנבליקלעך פאַרוואַנדלט אין רעאַלקייט.

און ווען איך האָב געזאָגט, אַז אַ יחיד קען אָננעמען אַ געוויסע געשטאַלט פון אַ באַשעפעניש אָדער די פאָרם און עצם מהות פון אַ באַשטימטן קעגנשטאַנד, האָב איך ניט געמיינט אַז ער מוז אָננעמען די פולע פאָרם, דעם גאַנצן קלסתר־פנים; ער האָט אַ ברירה אויסצוקלייבן פאַרשיידענע טיילן און זיי אַליין קאָמבינירן. ער קען זיין חצי בוים און חצי מענטש. מ׳קען ביי אונדז באַגעגענען אַ בוים וואָס גייט אַרום אויף פיס פון אַ הירש און האָט אַ קאָפּ פון אַ מענטשן, אָבער אנשטאָט האָר וואַקסט אים אויפן קאָפּ וואָל פון אַ שעפּס, אָדער גאָר מאָך. דאָס אייגענע בנוגע דעם פּנים. עס ווערן דערלאָזט אַלע סאָרטן קאָמבינאַציעס פון שטריכן און טיילן, אַ נאָז פון אַ מענטשן און אויגן פון אַ פיש און ליפּן פון אַן אָקס און אַ מויל פון אַ קראָקאָדיל. אַז עס זאָלן זיך ניט באַקומען קיין העסלעכע פאַרזעענישן, גיבן אַכטונג די עסטעטן, די סקולפּטאָרן, מאָלערס, דעקאָראַטאָרס. מיר טיילן אויס יעדן יאָר פּרייזן פאַר די געלונגענסטע קאָמבינאַציעס

פון גלידער צונויפשטעל. די קאָמבינאַציעס ווערן רעגיסטרירט און אַנדערע פון זיי פּאַטענטירט. מיר דערלויבן ניט קיין דופּליקאַטן און ביי אונדז זיינען די יחידים אַזוי אינדיווידואַליסטיש, אַז זיי וואָלטן גאָר ניט וועלן געברויכן אַ פרעמדע שוין גענוצטע קאָמבינאַציע.

שי״ת. דו רעדסט עס ערנסט צי דו לאַכסט אָפּ פון מיר און ווילסט אויס־געפינען די גרענעץ פון מיין קרעדוליטעט, ווי ווייט קען גיין מיין פּתי יאמין לכל דבר?

אדם. וואָס איך אַנטדעק דיר איז ווי אַ הונט וואָס לאַקטשעט פון ים לגבי דעם וואָס ביי אונדז איז דערגרייכט געוואָרן. איך וויל דיר בלויז עפענען אַ לעכל די גרויס פון אַ שפּילקענע קעפּל דו זאָלסט אַריינקוקן אין אונדזער לעבנס־פיר.

אייגנטלעך וואָס איך גיי דיר זאָגן געהער ניט צו אָט־דעם ערשטן באַרג, נייערט צום פינפטן, וועלכער האָט צו טאָן מיט דער פּערזענלעכקייט אַלס אַזעל־כער, מיט דעם איך, אָבער אַז מיר ריידן שוין וועגן מענטשן און זיינע גע־שטאַלטן, וועל איך פאַראיינס פאַר דיר ברייטער פאַנאַנדערוויקלען דאָס בילד.

די טואונגען פון מענטשן, זיינע טראַכטונגען און שפּירונגען, זיינע איבער־לעבונגען און אינערלעכע געשפּרעכן, סיי די קלאָרע סיי די טונקעלע, מטושטש־דיקע, אפילו די פינצטערע רופונגען פון אומדייטלעכן אינסטינקט, די אַנונגען פאַראַנונגען פון אונטערבאַוואוסטזיין, איבערבאַוואוסטזיין און מיטל־באַוואוסטזיין — דאָס אַלץ ווערט רעקאָרדירט אויף אַ מיקראָ־פּסיכישער פילם. און ווען דער איינצלנער וויל נאָר, קען ער מיט דער הילף פון אָט־דער פילם אין קאָמבינאַציע מיט אַ פּסיכאָ־מנעמא אַפּאַראַט איבערלעבן אַן אומענדלעכע צאָל מאָל די אייגענע איבערלעבונג. דער כּלל איז: וואָס איינמאָל איבערגעלעבט, איז איבערגע־לעבט אין דער גאַנצער לאַנגער אומענדלעכער אייביקייט. דורך אָט־דעם פּסיכאָ־מנעמא־מולטיפּליקאַציע אַפּאַראַט ווערט דער איבערגעלעבטער מאָמענט איבער־גע׳חזר׳ט אין דער אומענדלעכקייט אַריין, און מיט יעדער רעפּעטיציע ווערט ער ניט אָפּגעשוואַכט, נייערט, פונקט פאַרקערט, פאַרשטאַרקט. און די איבערלע־בונג האַלט אויף, פאַרזעררווירט איר פרישקייט.

דאָס גאַנצע לעבן פון מענטשן ווערט ניט פּראָסט רעגיסטרירט, ווערט אויך ניט פאָטאָגראַפירט, נייערט אידענטאָגראַפירט. אַזוי אַז דאָס איבערגעלעבטע ווערט קיינמאָל ניט קיין אָפּגעלעבטע; מיט איין וואָרט, קיין זאַך גייט ניט פאַרלאָרן. אַזוי אַרום פאַרמאָגט יעדער יחיד זיין אויטאָביאָגראַפיע, זיין אויטאָביאָ־מוזיי. און די אידענטאָגראַפיע האַלט אויף ניט בלויז דעם אָפּגעגאַנגענעם מאָמענט,

נאָר דעם יחיד גופא, די פערזענלעכקייט אין איר גאַנצער אינטעגריטעט און טאָטאַלקייט פון איבערלעבונגען און דערפאַרונגען. אַזוי אַז יעדער יחיד, אין משך פון זיינע פילע יאָרן און אַן אַ שיעור טעג, שאַפט זיך איין אַן אומגעהויער רייכע קאָלעקציע פון זיינע איכן און זיכן, פון זיינע זעלבסטן, וועלכע גייען ניט אַוועק מיטן אָנקום פון פרישע איבערלעבונגען און נייע סיטואַציעס, נאָר בלייבן עקזיסטירן. ווערן עלטער מיינט ניט ביי אונדז זיך ענדערן, ווערן אַן אַנדערער ביז צו אַ געוויסן גראַד, און פאַרלירן דעם נעכטיקן איך, די פערזענלעכקייט, וואָס האָט געלעבט און עקזיסטירט, געפרייט זיך אָדער געטרויערט נעכטן, נאָר ווערן רייכער און רייפער, אָבער איינהאַלטנדיק די ערשטע פרישקייט און רויקייט פון פאַרצייטיק־ווערן. דער מאָרגן פאַרנעמט ניט ביי אונדז דעם פּלאַץ פון נעכטן, אָדער פון היינט. נעכטן, היינט, מאָרגן עקזיסטירן ניט אין ס ו ק ס ע ס י ע נייערט אין ס י מ ו ל ט א נ ט. אין צייט־מאָמענט שטויסט ניט אַרויס, שטופּט אַפילו ניט אָפּ דעם אַנדערן צייט־מאָמענט, דעם פריערדיקן. זיי עקזיסטירן אַלע זייט ביי זייט, צוזאַמען, אין דער ריי. דער שטראָם פון לעבן ווערט ניט אַוועקגעטראָגן, אַוועקגעפלאָסן. עס קומען נייע וואַסערן, אָבער די אַלטע בלייבן, טרעטן ניט אָפּ. דאָס לעבן ביי אונדז איז אַ סימולטאַנטישע סוקסעסיע און אַ צוזאַמענגייענדיקער פּאַראַלעלער נאָכפאָלג. עס איז פאַראַן געוויס גערעמיקייט פאַר אַלעמען. דער „שפּעטער" פאַרכאַפּט ניט דעם שטאַנד־פּלאַץ פון דעם „פריער", נייערט פליסט זיך אַריין דורך אַן אַנדער רער, אַן אַנדער צינור. דאָס איז אונדזער אויפפאַסונג מכוח די צינורות, וועגן וועלכע עס שרייבן ביי אונדז די מקובלים.

שי"ת. דערקלער מיר עס קאָנקרעטער. סי מיר שווער צו באַגרייפן וואָס דו זאָגסט. דאָס איז אַלץ פיל אַנדערש ווי דער לעבן ווערט געשילדערט אין חומש, דערהויפּט אין ספר בראשית.

אדם. אַ מענטש אַז ער וויל בלייבט ער נאָך אַלץ קינד אין זיינע איבערלעבונגען. כאָטש ער איז שוין אַ זקן מופלג, האָט אוראייניקלעך, קען ער נאָך אַלץ האָבן די פרישע צאַפּלדיקע השגות און שפּירונגען פון אַן עופ'על. דער עלטער ניט נאָר פאַרשעמט ניט די יוגנט, נאָר איז אַפילו ניט מסיג איר גבול. ער קומט בלויז צוצוגעבן, ניט אָפּצונעמען, צו ממלא־זיין, דערפילן די מאָס, ניט וויניקער מאַכן, צונעמען דאָס פאַרדעם געגעבענע. וואָס איז איינמאָל געווען, געשען, אַדורכגעמאַכט, בלייבט אויף תמיד. סיידן דער מענטש וויל עס אָפּמעקן, דעמאָלט קען ער פאַרניכטן גרויסע טיילן און אַפילו דאָס גאַנצע פון זיין עבר ווי אויך פון זיין עתיד. אָבער אָט דאָס וועלן דאַרף ניט זיין קיין מאָמענטאַנעס, קאַפּריציעזעס, מחמת דער ווילן פון איין מאָמענט קען ניט באַוועלטיקן אַלע ווילנס פון דער פאַר־

גאַנגענהייט און פון דער צוקונפט. אין אַזאַ פאַל פאָדערן זיך דריי פערטל שטימען. ד"ה דער יחיד דאַרף אָנפרעגן ביי אַלע מאָמענטן פון זיין שוין איבערגעלעבטן לעבן אַזוי גוט ווי ביי דעם נאָך־ניט־איבערגעלעבטן טייל פון זיין לעבן, אָבער וועלכן ער וועט איבערלעבן, און אויב זיי זיינען אַלע אָדער דריי פערטל פון זיי מסכים אָפּצומעקן אַ טייל פון זיינע איכן (פאַרשטייט זיך אַז דאָס קען ניט געטאָן ווערן קעגן דעם ווילן פון יענע איכן, וועלכע זיינען די ריכטיקע נוגע־בדבר׳ס), מעג ער עס טאָן און קען עס לייכט באַווייזן. אַזוי אַז יעדער יחיד פירט זיין אייגענעם פרייען פּ אַ ר ל אַ מ ע נ ט, אָדער אַן אייגענע יחידישע פרייע געזעלשאַפט. ווייל יעדער איינער פאַרמאָגט אין זיך ביליאָנען איכן: נאָך־איכן, פאַר־איכן, מיט־איכן, די איצטיקע איכן, די קומענדיקע און פאַרגאַנגענע איכן. אַזוי אַרום איז דער יחיד ביי אונדז אַ גאַנצע מענטשהייט, ניט אַלס שפּרוך, נייערט בפועל ממש, אויף אַ פּסיכיש קאָנקרעטן אופן.

די איכן ווערן קאָנקרעטיזירט מיט דער הילף פון דער אידענטאָגראַפיע, וועלכע פּרעזערווירט זיי און אָביעקטיוויזירט זיי אין זייערע לעבעדיקע קאָלירן און פולע דימענזיעס. בכדי זיך צו שאַפן אַ בערכדיק ריכטיקע השגה וועגן דער סכיקייט פון די פערזענלעכקייטן, פון די איכן, וואָס דער יחיד באַזיצט, דאַרף מען נעמען אין אָנבאַטראַכט דעם פאַקט, וואָס ביי אונדז באַזיצט אַ זעלבסט־באַוואוסט־זיין ניט יעדער יחיד אַלס אַ גאַנצער, נייערט יעדער איבר; און ניט בלויז יעדער איבר, יעדער גליד, נייערט יעדע צעלע, יעדער אטאָם פון זיין גוף איז אַ גוף פאַר זיך, און זיי, די צעלן, די טיילכעלעך פון קערפּער, פאַרבינדן זיך באַוואוסטזיניק און עטאַבלירן אַ פעדעראַציע. דאָס אייגענע איז ריכטיק בנוגע דער פּסיכיק. יעדער געדאַנק איז אַ גאַנצקייט, איז אַ גאַנצע „זעל". ער אַנטהאַלט אין זיך גאַנצע סיסטעמען, אַזוי אַז אונדזער נשמה איז אַ סך־הכל פון אַן אַ שיעור זעלן. יעדער פּסיכישער אַקט איז פריי און אומאָפּהענגיק. ער פאַראייניקט זיך מיט זיין שכן אויפן סמך פון זעלבסט־באַוואוסטזיין, וואָס מיינט פון דייטלעכן, דורכגעקלערטן באַזיינט־זיין. מיר באַזיצן אַ זעלבסט־באַזיינטזיין און אַן איבערבאַזיינטזיין און אויך אַן אונטערבאַזיינט זיין. און אויף אָט־דעם באַזיינטזיין ריכט זיך אויף אַ זעלבסט־באַגלויבטזיין.

ווי געזאָגט איז ביי אונדז ניט פאַראַן אַזאַ צושטאַנד ווי געוועזנהייט, סיידן איינער שאַפט אים דורך אַ ספּעציעלן אַקט פון ווילן, ווי איך האָב אַביסל פריער דערמאָנט עס. מיר פאַרזיינען זיך און אנשטאָט אַ פאַרגאַנגענהייט האָבן מיר אַ פאַר־זיינטקייט, וועלכע איז נאָך אַלץ אין זיין, אין עצם שטראָם פון עקזיסטענץ, וועלכע איז תמיד אַן אינסיסטענץ. מיט פּראָסטע ווערטער, מיר האָבן דעם זיכרון אויס־געבעסערט, געבראַכט כמעט צו שלימות און עלימינירט דאָס וואָס הייסט פאַרגעסנ־

קייט. עס איז ניט פֿאַראַן ביי אונדז קיין שכחה. סיידן מיר ווענדן זי אָן פֿאַר באַ־שטימטע צוועקן מיט אַן אויסגעשפּראָכענער כוונה.

שי״ת. מאָדנע, מאָדנע! אומגלויבלעך.

אָדם. ס'איז גאָרניט מאָדנע. איך וויל דיר איבערגעבן איין כלל גדול: מיר האַלטן ניט פֿון דער פֿאַלשער וויסנשאַפֿט און ניט מער האַלטן מיר פֿון דער פֿאַלשער קונסט. בכדי צו קענען באַשרייבן אַ וואַלד, דאַרף דער קינסטלער פֿאַרדעם מגולגל ווערן אין אַ ווערלדל, ניט בלויז לעבן אין וואַלד און זיך צוקוקן באַאָב־אַכטן, נייערט לעבן ווי אַ וואַלד און ערשט דערנאָך אַרויסקומען פֿון וואַלד־צושטאַנד אונדזערן און עס אונדז אָפּמאָלן מיטן וואָרט, ניט מיט פֿאַרב. ווייל די פֿאַרב און פּענדזל קענען דאָך בלויז צייגן דעם למראית עין פֿון וואַלד, ניט דעם עצם מהות פֿון דעם וואַלדטום. דאָס אייגענע זאָגן מיר בנוגע דעם וויסנשאַפֿטלער. מיר אָנערקענען ניט קיין וויסנשאַפֿט — אונדזער דיסציפּלין איז די זײַ ב־ש אַ פֿ ט. אונדזער מעטאָד איז ניט דער עקספּערימענטאַלער, נייערט דער עסענ־ציאַלער. מע קען וועגן קיין זאַך גאָרניט זאָגן, גאָר ניט באַהויפּטן, סיידן מע איז עס אַ געוויסע צייט און דערנאָך גייט מען פֿון דעם אַרויס און מע גיט איבער די איבערלעבונגען, די זיין־צושטאַנדן. אָבער דאָס איז אַ פֿילאָזאָפֿישער ענין, וואָס פֿאַ־דערט אַ סך אויפֿקלערונג. ניט דאָס וויסן איז דער עיקר, נייערט דאָס זײַ ן, און דאָס זיין דאַרף ווערן אַ דאָס „מ י י ן", אַ פּראָצעס פֿון זעלבסט שאַפֿן. (ביים דעם טאָן) איך האָב זיך אַזוי פֿאַררעדט, אַז איך האָב פֿאַרגעסן אַז אַן אורח דאַרף מען געבן עסן. דו מוזט דאָך שוין זיין הונגעריק.

שי״ת. יאָ, דער ווערימל טאָטשעט שוין אַ ביסל, אָבער עס איז נאָך צום פֿאַרליידן. דער אמת איז, אַז איך האָב זיך געשעמט אויסצוזאָגן.

אָדם. בכדי דיר צו געבן עסן, וועל איך דאַרפֿן דיך אַרונטערנעמען אין עולם התחתון. ווייל דאָרטן געפֿינען זיך די אויטאָמאַטן, וואָס דו האָסט געזען, אָט־יענע וואָס אַרבעטן ביי אונדז און האָבן אַליין ניט קיין פֿרייען ווילן. זיי לעבן כלומרשט אין אַ נאַטירלעכער סביבה. זיי זיינען געצנדינער. זיי דינען צו די דערשיינונגען און אָביעקטן פֿון דער אויסערלעכער וועלט. זיי פֿאַרגעטערן אַ געץ. זיי זיינען מקריב קרבנות, ניט קיין מענטשלעכע, אָבער פֿון אַ געוויסער קאַטעגאָריע בהמות און פֿלאַנצונגען, שאר ירקות. זיי גלויבן אַז זייער איך, זייער יש מוז עסן, פֿאַר־צערן שטיקער פֿון דער פֿיזישער נאַטור, אום זיך מיט איר צו באַהעפֿטן.

לכן אַזוי ווי דו ווילסט עסן, וועל איך דיך אַרונטערנעמען אַהין און דאָרט וועל איך קריגן פֿאַר דיר וואָס צו עסן. זיי האָבן קיכן, רעסטאָראַנען.

שי"ת. וואָס רעדסטו? דו לאַכסט אָפּ פון מיר? די "אויטאָמאַטן" עסן און איר, מענטשן, עסט ניט?!

אָדם. מיר עסן ניט. מיר זיינען יוצא מיט דער מצווה פון עסן דורך דעם וואָס מיר קלייבן זיך צונויף און לייענען איבער די פרשה פון די קרבנות. דאָס הייסט אַנשטאָט צו עסן דערציילן מיר זיך מעשיות וועגן די עסערס, ווי אַזוי אין עולם התחתון, אין "עלמא דשקרא" עסט מען און פון דעם ווערן מיר זאַט.

שי"ת. פון רעדן וועגן עסן ווערט איר זאַט? דו חוזקסט אָפּ פון מיר.

אָדם. יאָ. מיר וויזואַליזירן די שפייזן וועלכע די געצנדינער, די געצנמאַכערס, מיר רופן זיי אויטאָמאַטן, עסן. זיי האָבן פון זיך געמאַכט געצן. זיי דינען ניט צו זייער איכהייט, נייערט צו זייער גוף, צו זייער געץ. זיי האַלטן שטאַרק פון דער עבודה און פון תורת כהנים. זיי גלויבן אַז אָן עסן קען מען ניט עקזיסטירן. און זיי זיינען גערעכט. זיי, אַלס אויטאָמאַטן, אַלס געצנדינער, קענען ניט עקזיסטירן אָן דער אַכילה. זיי זיינען פּסיכאָלאָגיש רוי. מיר עסן מעניוס, ריכטיקער, די ברכות און דעם ברכת־המזון. מיר עסן די "המוציא", די ברכה און פון דער ברכה ווערן מיר זאַט.

שי"ת. דאָס איז דאָך אָבער ניט ווי אין פּסוק שטייט.

אָדם. ווי שטייט אין פּסוק?

שי"ת. עס שטייט: ואכלת ושבעת וברכת, דו וועסט עסן און זאַט ווערן און בענטשן, מיינט דאָך אַז מע דאַרף פאַרדעם אָפּעסן, און זאַט ווערן, און ערשט דערנאָך בענטשן.

אָדם. מיר טייטשן דעם פּסוק אַ ביסל אַנדערש: דו וועסט עסן און זאַט ווערן פון דעם וברכת, פון דעם בענטשן. אויסער דעם שפּייזן מיר זיך ניט דורך דעם מויל, נייערט דורך די פּאָרן, מיר נעמען אַריין די שפּייז פון דער לופט.

שי"ת. דו האָסט מיר צעשלאָגן דעם אַפּעטיט. איך וויל בעסער זען ווי איר עסט איידער אַליין גיין עסן אויף דעם פּשוטן, ווי דו רופט עס, געצנדינערישן שטייגער.

אָדם. סי דיין ברירה, אָדער איך וועל דיך אַרונטערפירן צו די אויטאָמאַטן און אין זייער רעסטאָראַן וועסטו אָפּעסן אויף אַן עולם־התחתונדיקן, ד"ה געצנדינערישן שטייגער, אָדער איך וועל דיך אַרויפנעמען אויבן אין אונדזער ברכת־המזון זאַל. זאָג, וואוהין דו ווילסט, וואוהין אַ מענטש וויל, אַהין פירט מען אים...

שי"ת. איך וויל זען ווי איר עסט. עס איז טשיקאַווע, אַז מ'זאָל גאָר עסן ברכות און ברכת־המזונס, דאָס הער איך צום ערשטן מאָל. איך קען עס זיך

קוים פאַרשטעלן. עס פּאַסט ניט צו זאָגן. אָבער איך הער אויף דיר צו גלויבן, הגם איך ווייס אַז דו זאָגסט דעם אמת. אָבער אַזוי ווי איך פאַרשטיי ניט וואָס דו זאָגסט, קען איך עס ניט אויפנעמען.

אָדם. דאָס איז דאָך פּשוט. אין עולם התחתון זיינען פאַראַן פאַרשיידענע אָפּטיילונגען לויט די עולם־התחתונדיקע באַגריפן וועגן עפּאָכעס און צייטן און וועלט־אויפפאַסונגען. און דאָרט ווערסטו קענען געפינען מענטשן אָדער, ריכטיקער, גאַנצע שטאַמען וואָס זיינען געצנדינער און זיינען מקריב קרבנות צו זייערע געטער, און אַזעלכע שטאַמען וואָס האָבן אויפגעהערט אויפצואָפּפערן קרבנות צו זייערע געטער און זיי האָבן זיך באַנוגנט מיטן רעדן וועגן די קרבנות. זיי האָבן באַגריפן, אַז זייער גאָט קען זיך צופרידנשטעלן מיט אַ געבעט, אַ ווידוי, אַז ער דאַרף ניט דאָס עסן, נייערט דאָס רעדן מכוח עסן. מ'קען זיך אויסדריקן פאָלקס־טימלעך, גאָט וויל ניט די קנײדלעך, ער וויל די אגדה, בשעת זיי, די אגדה־זאָגערס, זיינען אויסן געווען די קניידלעך. ווען דו מאַכסט נאָך אַ טריט, — ווי זאָל איך זאָגן? — אויף צוריק אָדער פאָראויס, ווערסטו זען שטאַמען וואָס זיינען מקריב מענטשלעכע קרבנות צו זייערע געטער. און ווען דו מאַכסט אַן אַנדער טריט פאָראויס, זעסטו זיי זיינען שוין מער ניט מקריב קיין מענטשלעכן קרבן בפועל ממש, פיזיש, נייערט בלויז פּסיכאָלאָגיש, ד"ה זיי לייענען די פרשה פון עקידת יצחק און זיינען יוצא פאַר זייער גאָט מיטן מענטשלעכן קרבן. ווען דו פאַרלאָזט אָט־די עולם־התחתוניקעס און הייבסט זיך אויף צום עולם העליון זעסטו שוין, אַז ניט נאָר דאַרף גאָט ניט האָבן קיין מענטשלעכן, און אויך ניט קיין אַנימאַלן, קרבן, נאָר אַפילו דער מענטש, דער קרבן־ברענגער דאַרף עס שוין אויך ניט. ער ברענגט ניט קיין מענטשלעכן קרבן ד"ה ער פאַרצערט זיך אַליין ניט, אָפּפערט זיך ניט אויף דעם מזבח פון איינגערעדטע, איינגעגלויבטע נאַטור־געזעצן. ער איז אויך ניט מקריב קיין בהמות אָדער געוויקסן. אַזוי ווי גאָט אין דער מענטשלעכער פאַרשטעלונג האָט געקענט אויפהערן צו עסן און יוצא זיין מיט דער ברכה, מיט דער דערמאָנעניש פון דעם אָמאָליקן, פאַרצייטיקן עסן, אַזוי קען אויך דער מענטש אויפהערן צו עסן. ווען דער מענטש וואָלט עס קיינמאָל ניט געקענט פאַרווירקלעכן, וואָלט ער זיך ניט געקענט פאַרשטעלן אַז זיין גאָט דאַרף עס מער ניט.

שי"ת. איך פאַרשטיי ניט וואָס דו רעדסט. גאָט האָט דאָך ניט קיין גוף, דאַרף ער ניט עסן. אָבער איר האָט דאָך קערפּערס, טאָ ווי אַזוי קענט איר זיך באַגיין אָן עסן?

אָדם. איך וועל דיר געבן צו פאַרשטיין. וואָס מיינט עסן? דאָס מיינט אָנהאַלטן אַ פאַרבינדונג מיט דער אַרומיקער סביבה, זיך ניט אָפּרייסן, מקיים זיין

דעם „ואתם הדבקים", זיך באַהעפטן מיט דער „נאַטור". ביי אונדז ווערט אָט־די פאַרבינדונג רעאַליזירט אויפן יסוד פון פסיכאָלאָגיע, ד"ה ברכה.

שי"ת. דאָס וואָלט אַלץ רעכט געווען ווען איר וואָלט ניט האָבן קיינע קערפּערס, דעמאָלט וואָלט אַ פסיכישע „פאַרבינדונג", ווי דו רופסט עס, אפשר זיין גענוג. איר האָט דאָך אָבער קערפּערס!

אָדם. יאָ, אָבער אונדזערע קערפּערס זיינען לאַוו־דווקא. אַז מיר ווילן, קענען מיר זיך שיידן, זיי אויסטאָן און בלייבן נאַקעט, ד"ה ריין פסיכאָלאָגיש: מיר מוזן ניט זיין פיזיאָלאָגיש. אונדזערע גופים הערשן ניט איבער אונדז נאָר, פאַרקערט, מיר באַהערשן זיי. זיי זיינען אין אונדזער רשות, ניט מיר אין זייער רשות.

שי"ת. דאָס איז מיר ניט קלאָר. בכלל גערעדט, קלאָר איז מיר דאָ קיין זאַך ניט. אָבער דער ענין „אויסטאָן די גופים", דאָס איז מיר שוין אינגאַנצן אומפאַרשטענדלעך. איך וועל מיך, לאָמיר האָפן, צוגעוואוינען אויך צו דעם. — אָבער זאָג זשע מיר, צייג מיר, אייער „עס־צימער", אָדער ברכה־צימער. אגב, וויבאַלד איר האָט אַן עס־צימער האָט איר דאָך, מסתמא, אויך אַ שלאָף־צימער, אָדער אַזוי ווי איר עסט, וואָס מיינט ביי אייך „ויאכלו" מיט פינטעלעך אַזוי שלאָפט איר „ויישנו" מיט פינטעלעך...

אָדם. דאָ ביסטו גערעכט, מיר שלאָפן טאַקע ניט.

שי"ת. קיינמאָל ניט? אַ פּאָר שעה אין מעת־לעת אויך ניט?

אָדם. איך זאָג דאָך דיר, אַז דאָ שלאָפט מען ניט, מע לייענט „קריאת־שמע", מער ניט. ווי נאָר אַ מענטש ווערט אַנטשלאָפן, אַזוי הערט ער גלייך אויף צו זיין מענטש.

שי"ת. אייך ווילט זיך גאָר קיינמאָל ניט אַנטשלאָפן ווערן?

אָדם. קיינמאָל ניט. אונדזער שפּייז איז ניט אַזאַ וואָס זאָל מאַכן אַ מענטשן שלעפעריק. אין אַלגעמיין דאַרפן מיר ניט האָבן דעם שלאָף אַלס אַ באַנייער פון אונדזערע אויסגעשעפטע כוחות, ווייל מיר שעפּן זיך קיינמאָל ניט אויס. זעלבסטפאַרשטענדלעך ווייסן מיר וואָס שלאָפן איז, און ווען איינער וויל, קען ער אַנטשלאָפן ווערן און זען חלומות. דעמאָלט באַשטימט ער אין פאָראויס דעם סאָרט חלום, וועלכן ער וואָלט וועלן האָבן. ביי אונדז זיינען דאָ ספּעציעלע וואָרטקינסטלער, דערציילער, ראָמאַניסטן, סקיצן־שרייבערס, דיכטערס און חלומיסטן. זיי שטעלן צו חלומות, טראַכטן אויס טשיקאַווע סיטואַציעס פאַר די וואָס ווילן אַנטשלאָפן ווערן און זען, ריכטיקער, דורכלעבן אָט־די טרוימערייען. אַנשטאָט צו לייענען דערציילונגען אָדער ראָמאַנען, חלומען זיי אַדורך אָט־די ראָמאַנען. זיי קענען האָבן חלומות אין סעריעס, אין פאָרזעצונגען; לאַנגע חלומות ציען זיך

**חדשים, אַמאָל אַ גאַנצן יאָר מיט הפסקהס, פאַרשטייט זיך. אָבער דאָס אַלץ ווערט געטאָן פרייוויליק, ווען דער מענטש וויל עס, קיינער איז אָבער פיזיאָלאָגיש ניט מחוייב צו שלאָפן אָדער דרעמלען.**

**שי"ת.** **מילא, מיר וועלן שוין דאָס שלאָפן איבערלאָזן פאַר די שלעפערס... איך וויל נאָך אַלץ זען ווי איר עסט.**

**אָדם.** **לאָמיר זיך זעצן** (צייגט אָן מיט דער האַנט אויף אַ בערגל, וואָס איז געווען באַוואַקסן מיט גראָז און בלומען. ער האָט זיך צעשמייכלט מיט די אויגן און ליפן) **איצט וועל איך עסן מיין מיטאָג־מאָלצייט.**

ששת ימים תעבוד קוקט זיך אום אויף אַלע זייטן, ער דערוואַרט אַ קעלנער זאָל קומען און ברענגען אַ מאָלצייט אויף אַ טאַץ. אַ וואָס אָדם האָט אים פאַרזיכערט, אַז זיי עסן ברכות און ברכות־המזונס ? מאַלע וואָס ער רעדט !

אָדם האָט זיך געוואַשן צום עסן, אָפּגעגאָסן די הענט לויט דעם שטרענגן יידישן מנהג מיט אַ קוואָרט וואַסער, זיי אָפּגעווישט מיט אַ האַנטעך, געמאַכט אַ ברכה, אַרויסגענומען פון קעשענע אַ מעניו און האָט אים גענומען לייענען גאַנץ שטיל, אָבער מיט טיפער כוונה, קאָנצענטרירט זיין אויפמערקזאַמקייט אויף יעדן וואָרט. בשעת ער האָט געלייענט, האָבן זיך געצייגט די שפּייזן, די נעמען פון וועלכע ער האָט איבערגעלייענט. און ניט בלויז די שפּייזן, נאָר די פּראָצעסן פון זייער צוגרייטונג און די קוועלן פון וואַנענט די שפּייזן ווי רוי־מאַטעריאַלן ווערן גענומען. דהיינו, ווען ער האָט געלייענט וועגן פליישן אָדער פיש, האָבן זיך געצייגט די לעבעדיקע בעלי־חיים אין די פעלדער און די פיש אין די סטאַוון, ווען ער האָט געלייענט וועגן די געריכטן וואָס ווערן געמאַכט פון קרייטעכער, האָבן זיך באַוויזן פאַר די אויגן שטיקעלעך גערטנער, וואו די שאַר־ירקות וואַקסן. ווען ער איז דערגאַנגען צום דעזערט, האָט זיך באַוויזן אַ סאָד מיט כל־ערליי פרוכטן — אַלץ לויט דעם מעניו. אָפּגעלייענט, פאַרטיק געוואָרן, האָט ער ווידער געוואַשן די הענט מיט „מים־אחרונים־וואַסער" און האָט גאַנץ פרום, כאָטש קורץ געבענטשט. די ברכה און דאָס בענטשן איז באַשטאַנען פון אַט־די עטלעכע ווערטער : „זעלבסט־אין־זעלבסט, בענטש די שפּייז, פאַרוואַנדלט עס אין בלוט, געוועב און ענערגיע צו דינען זיך. אָמן". אָדם האָט עס אַרויסגערעדט אַזוי שטיל, אַז מ'קען זאָגן, אַז ער האָט די ווערטער בלויז פאַרטראַכט מיט גרויס כוונה.

ששת־ימים־תעבוד איז געווען אויסער זיך ניט אַזוי פון אָדמס טשיקאַווע עסן און זאַט ווערן, ווי פון דעם, וואָס פון לייענען דעם מעניו זיינען אַרויסגעקומען וויזועל און אפשר אויך אַקטועל דריי־דימענזיאָנעל און אַנטפּלעקט די שפּייזן און די פּראָדוקטן פון וועלכע די שפּייזן זיינען צוגעגרייט געוואָרן.

שי״ת. ווי אַזוי טוסטו עס? ביסטו אפשר גאָר אַ כישוף־מאַכער, אָדער אַ האָקוס־פּאָקוסניק?

אָדם. דאָס איז ביי אונז אַ געוויינטלעכע זאַך. איך האָב געלייענט דעם מעניו און אַלץ איז פאַרגעקומען לויט דעם געשריבענעם און אַרויסגערעדטן וואָרט. ווען איך וואָלט ניט מורא געהאַט דיך איבערצושרעקן און אינגאַנצן צעטומלען, וואָלט איך לאָזן דעם מעניו זיך אַליין לייענען. ביי אונדז זיינען אַלע ביכער אַזוי פאַבריצירט אַז זיי לייענען זיך אַליין, ווי פלאַסטינקעס מיט פאַרשיידענע שטימעס פון געוויסע דעקלאַמאַטאָרס און פאַרלייענער, און בשעת זיי לייענען זיך ווערט דאָס געלייענטע „געשפּילט״, פאַרגעשטעלט און פאַרווירקלעכט. דאָס מיינט, אַז דער בוך לייענט זיך און שפּילט זיך אַליין מיט אַלע פּערזאָנען. מיט אַנדערע ווערטער, ביי אונדז זיינען די ביכער, אַזוי צו זאָגן, מעין לעבעדיקע דראַמעס. אַ בוך איז אַ טעאַטער־שפּיל מיט אַן אַנסאַמבל... די ביכער לייענען זיך אַליין, פּערסאָניפיצירן זיך. ווי איך האָב דיר שוין איינמאָל געזאָגט: ביי אונדז פיקציע איז אַ שטיק און טייל פון דער ממשותדיקער ווירקלעכקייט.

שי״ת. ווי אַזוי איז עס מעגלעך?

אָדם. פאַרוואָס זאָל עס ניט זיין מעגלעך? דאָס איז דאָך אַזוי איינפאַך. וואָס איז אייגנטלעך ווירקלעכקייט? דאָס איז אַ סומע פון סאָציאַל־אַנערקענטע סוגעסטיעס, ד״ה פיקציעס געשאַפענע דורך דעם וואָרט. פון וואַנענט נעמט זיך די שיין? פון דעם „יהי אור!״, פון דעם שפּרוך. פון אַ פאַרצייטיקער „מימרא״ איז אַרויסגעקומען די שיין. אַזוי איז אַלדאָס עקזיסטירנדיקע, וואָס איז אין תוך סוגעסטירטע. די וועלט איז אונדזער סוגעסטיע.

שי״ת. דו מיינסט צו זאָגן, אַז די וועלט איז אַן אילוזיע?

אָדם. ניין, וואָס איך מיין איז כמעט דאָס פאַרקערטע: אַן אילוזיע איז אַ שטיק פּאָטענציעלע ווירקלעכקייט, אַ רויע, ניט־רייפע ווירקלעכקייט.

שי״ת. טאָ ווי אַזוי ווערט עס רייף?

אָדם. ווען זי ווערט סאָציאַל אַנערקענט, ד״ה, ווען זי ווערט ניט באַגעגנט פון טויזנטער קאָנטער־סוגעסטיעס פון אַנדערע מענטשן; סוגעסטיעס, וועלכע פאַרניכטן זי, באַקעמפן זי, לאָזן זי ניט קומען צו זיך און ווערן אַ שטיק ווירקלעכקייט, דעמאָלט איז זי זוכה אַריינגעפלאָכטן צו ווערן אין דעם צרורא דלעילא, אין דעם סכום סוגעסטיעס וואָס רופן זיך ווירקלעכקייט. פּראָסט גערעדט, עס זיינען פאַראַן „אַפּערצעפּטיווע מאַסן״, אויפנעם־מאַסן פון דער סוגעסטיע־סביבה, און זיי זיינען בוחן־ובודק די נייע סוגעסטיע. זיי געפינען אויס צי זי פּאַסט זיך אַריין, ד״ה, צי זי אַנערקענט די פריערדיקע, די ביזאיצטיקע סוגעסטיעס, צי זי רעכנט

זיך מיט זיי, צי זי וואַרפט זיך אונטער אונטער זייער אויטאָריטעט און יוריסדיק־ציע. ווען יאָ, ווערט זי אויפגעגומען און ווערט אַ שטיקווירקלעכקייט. גאָר אַמאָל, ווען די סוגעסטיעס־סביבה איז געווען אַ שיטערע און ניט קיין באַגרענעצטע, איז געווען פיל לייכטער פאַר אַ ניי־געבוירענער סוגעסטיע אַריינצוקומען און זיך באַהויפטן ווי אַ סאָלידע שטיק פון עכטער ווירקלעכקייט. וואָס ווייטער ווערט אַלץ ענגער און שווערער זיך אַריינצושטופּן, אַריינצודרינגען. די סוגעסטיעס־סביבה ווערט אַלץ מער און מער פאַרהאַרטעוועט און קאָנסערוואַטיוו. די אָנגעגעקליבענע מאַסע סוגעסטיעס ווערט גרעסער, אַזוי אַז עס איז פאַראַן אַ סכנה, אַז די נאָוואָטאָרישע שעפערישע סוגעסטיע־ענערגיע זאָל ניט קענען גובר־זיין די מאַסע און זי צווינגען אַריינצונעמען נייע מיטגלידער. ווען אַזאַ צושטאַנד וואָלט דער־גרייכט געוואָרן, וואָלט עס זיין דער גרעסטער אומגליק, דער סוף פון „באַשטאַנד", ווייל די „ווירקלעכקייט" וואָלט אויפהערן צו „ווירקן", צו זיין ווירקלעך, פּעולה־דיק, און לסוף וואָלט זי אונטערגייין, חרוב ווערן. אָבער מיט דער אַקומולאַציע פון די סוגעסטיעס און דער פאַרהאַרטעוואונג פון זייער סביבה, ווערט די סוגעס־טיווע ענערגיע אויך שטאַרקער, דרייסטער. די נייע סוגעסטיעס ווערן ביי זיך פאַרדריסענער, זיכערער, אַזוי צו זאָגן, חוצפּהדיקער. זיי רייסן זיך אַריין מיט כּוח, כּמעט ווי איבערגעוואַלד און מאַכן גרויסע שינויים אין דער ווירקלעכקייט און לאָזן זי ניט פאַרגליווערט ווערן, זיך אויסגעבוירן.

שי"ת. איך פאַרשטיי ניט וואָס דו רעדסט, אָבער אויב איך פאַרשטיי יאָ וואָס דו זאָגסט, דאַכט זיך מיר אַז אַלץ וואָס דו זאָגסט צילט אין איין פּונקט...

אָדם. וואָס איז דער פּונקט?

שי"ת. דאָס איז באַגרינדן די פאַרצייטיקע מאַגיק.

אָדם. פאַרשטייסטו דאָך יאָ וואָס איך פלייס זיך דיר צו געבן צו פאַרשטיין. מיר זיינען „מאַגיקער". מאַגיק האָט געווירקט דעמאָלט, ווען די סוגעסטיעס־סביבה איז געווען אַ שיטערע. היינט פאָדערט זיך עפּעס שטאַרקערעס ווי פּראָסטע מאַגיק. היינט־צו־טאָג מוז די נייע סוגעסטיע זיך אַריינפּאַסן, זיך אונטערוואַרפן באַשטימטע „געזעצן פון דער נאַטור". איך געברויך אַ לשון, וועלכן דיר וועט לייכטער זיין צו באַנעמען. אָבער דו דאַרפסט געדענקען, אַז ביי אונדז „נאַטור" ווערט פאַררעכנט פאַר „עבודה זרה". „נאַטור" איז ווי „גאָט", ד"ה אַ געץ, אַ געצקע. עס איז ניט פאַראַן קיין „נאַטור", נייערט אַ סומע זעלבסט־סוגעסטיעס, וואָס ווען זיי ווערן אָנערקענט, ווען זיי ווערן אָנגענומען, „ווירקן" זיי, ד"ה פאָרמירן די ווירקלעכקייט, האַלטן אויף דעם באַשטאַנד, דעם קאָסמאָס, די אומ־ענדלעכע צאָל וועלטן, רוף עס ווי דו ווילסט. אָבער דער ריינער אמת איז, „לעולם

יהוה דברך נצב בשמים״...* אַ שפּרוך, אַ סוגעסטיע, האַלט אויף דעם גאַנצן קיים.

שי״ת. אויב אַזוי קען דאָך אַ שפּרוך אַלץ מיטאַמאָל חרוב מאַכן?

אָדם. זיכער. אָבער דער שפּרוך דאַרף זיין אַזאַ, וואָס זאָל ניט האָבן קיין ווידערשפּרוך, קיין כנגד־שפּרוך, אָדער וועלכער זאָל זיין אַזוי מעכטיק אַז ער זאָל קענען „אַריבערשרייען״ אַלע אַנדערע שפּרוכן. דאָס הייסט בלויז אַזאַ סוגעסטיע וואָלט קענען אומברענגען דעם באַשטאַנד, וואָס וואָלט געווען פון אַזאַ קאַלאָ־סאַלער קראַפט, אַז זי זאָל אימשטאַנד זיין אַריבערצואוועגן אַלע פאַרדעמדיקע שעפּעריש פּאָזיטיווע סוגעסטיעס, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן אין משך פון דער אומענדלעכער צייט. זי וואָלט דאַרפן קענען בייקומען דעם גאַנצן סך־הכל פון אָנגעקליבענע סוגעסטיעס און אויך די אין אותו־רגע־געגעבענע סוגעסטיעס פון אַן אויפהאַלטנדיקן און אויפריכטנדיקן כאַראַקטער. איינס אָוועק. צווייטנס, דאַרפסטו וויסן, אַז אַן אוניווערסאַל צעשטערנדיקע סוגעסטיע קען קיין ווירקונג ניט האָבן, ווייל אַזאַ צעשטערנדיקע סוגעסטיע, וואָס נעמט אַריין אַלצמיטאַנאַנדער, נעמט דאָך זיך אַריין אין איר נעגירונגס־קרייז, לכן ווערט זי זעלבסט־צעשטערנדיק, ד״ה זי צעשטערט זיך אַליין אין דער ערשטער ריי, און ווי נאָר זי ווערט צעשטערט קען זי דאָך שוין קיין פּעולה ניט אויסאיבן. דאָס איז דער כוח פון דעם פּאָזיטיוו, ווייל קיין נעגאַטיוו אין פולן פּשט פון וואָרט איז גאָרניט פאַראַן. דאָס זיין איז אַ פּאָזיטיוו, און זיין אין אַ ניט־זייענדיקן צושטאַנד איז אַ קאָנטראַדיקציע אין טער־מינען, און אַן אַלץ־פאַרניכטנדיקע סוגעסטיע טראָגט אין זיך איר אייגענע קאָנטער־סוגעסטיע, און זי מוז בהכרח בלייבן אָן קיין פּעולה. נייע סוגעסטיעס, בכדי זיי זאָלן האָבן אַ ווירקונג, דאַרפן זיין איבערשאַפנדיקע, טראַנספאָרמירנדיקע.

שי״ת. סי מיר נאָך אַלץ שווער צו באַגרייפן וואָס דו זאָגסט. (ער האָט זיך שטאַרק פאַרטראַכט.)

אָדם. מיר חידושט אויף דיר! דיר זאָל זיין שווער צו פאַרשטיין וואָס איך זאָג! נאָך אַלעמען קומסטו דאָך פון חומש אַרויס, פון ספר שמות; שמות איז אַ שכן פון בראשית. די גאַנצע מעשה־בראשית איז געבויט אויף „ויאמרס״, אויף די צען שפּרוכן־סוגעסטיעס, דורך וואָס די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן. און צו דערגאַנצן אָט־די קאָסמאָס־שאַפנדיקע שפּרוכן קומען די עשרת־הדיברות, וועלכע זיינען געזעלשאַפט־שאַפנדיקע צען שפּרוכן, און דו ביסט איינער פון זיי, דאַרפסטו

---

* תהלים קי״ט, פּ״ט.

דאָך זיין היימיש מיט אַזעלכע געדאַנקען ווי די וואָס איך האָב נאָר וואָס אַנטוויקלט.

שי״ת. געדעכט ביסטו טאַקע, אָבער איך האָב זיך קיין איין מאָל ניט פאַר־טראַכט וועגן דעם... דער אמת איז, איך האָב קיינמאָל קיין צייט ניט געהאַט צו טראַכטן; איך האָב כסדר געאַרבעט און טראַכטעניש פאַדערט, אַלס אַ פאַרבאַדינג, פרייע צייט. אָבער אַזוי ווי דו צייגסט מיר אָן, אַז די וואָרצלען פון דיין שיטה געפינען זיך אין חומש, נעם איך עס אַ ביסל יאָ באַגרייפן.

אָדם. צו מאַכן די זאַך פינקטלעכער. איך האָב פאַרדעם געזאָגט, אַז מיר האָבן „דערפינדער״, אַז ביי אונדז איז אַלץ „דערפונדן״ ניט „נאַטירלעך״. דער אמת איז, אַז מיר האָבן „סוגעסטירער״, ביי אונדז איז אַלץ „סוגעסטירט״. יעדער „דערפינדער״, לויט אונדזער השגה נאָך, איז אַ „סוגעסטירער״. אַ גמרא (אין תענית כ״ה) ווערט זאָגן: „ווער עס האָט אָנגעזאָגט דעם בוימאויל אַז ער זאָל ברענען, וועט אָנזאָגן דעם עסיק און ער וועט ברענען״. דאָס איז אין תוך געבומען ריכטיק. בנוגע עסיק פאַרמאָגן מיר אַנדערע סוגעסטיעס, אָבער ווען מ׳שאַפט אָפּ די אַלטע סוגעסטיעס, דעם אָנזאָג, קען מען איינפירן נייע סוגעסטיעס. ווייל יעדער „סו־געסטירער״, אויף פראָסט־לשון „דערפינדער״, איז באמת אַ באַשאַפער, אַ שותף צו דעם מעשה־בראשית. ער גייט אָן מיט זיין שעפערישער טעטיקייט אויף דעם זעלביקן אופן, אויף וועלכן דער מעשה־בראשית איז פאַרגעקומען. דאָס הייסט, ער געברויכט אַ מימרא, אַ „סוגעסטיע״ — ער „זאָגט״ און עס ווערט.



# סאָציאָלאָגישע עקאָנאָמיע

## פון אבא גאָרדין

בוך דריי:

## אָרגאַניזאַטאָרישע אַרבעט און ווערט*)

2.

## סאָציאָלאָגישער ווערט

א.

### געדונגען מיינט ניט געקויפט

מאַרקס שרייבט:

„וואָס דער אַרבעטער פאַרקויפט איז ניט זיין אַרבעט, נייערט זיין אַרבעט־קראַפט". (1)

„די פאָרזעצונג פון אָט־דער פאַרהעלטעניש פאָדערט אַז דער אייגנטימער פון אַרבעטקראַפט זאָל זי פאַרקויפן פאַר אַ באַשטימטן פעריאָד... מחמת ווען ער פאַרקויפט זי איינמאָל פאַר אַלעמאָל וואָלט ער ווערן פאַרוואַנדלט פון אַ פרייען מענטש אין אַ שקלאַף, פון אַן אייגנטימער פון אַ סחורה — אין אַ סחורה". (2)

„עס איז ניט אַרבעט וועלכע ווערט פאַרקויפט און געקויפט אַלס אַ סחורה, נייערט אַרבעט־קראַפט. (3)

די באַהויפטונגען וואָס מאַרקס מאַכט, בנוגע דעם פאַרקויף ניט פון אַרבעט, נייערט פון אַרבעט־קראַפט, זיינען ניט ריכטיק. ער באַמיט זיך צו מאָלן דעם בילד פון געדונגענשאַפט אַזוי שוואַרץ ווי נאָר מעגלעך, און אים קימערט ווינציק, וואָס בזה האופן טוט ער שאַדן דער פאָליטישער עקאָנאָמיע. ער מאַכט זי פאַר אויס וויסנשאַפט, לאָזט זי אַראָפּ צו דעם ניוואָ פון וואָלוועלער פראָפּאַגאַנדע. דער חילוק צווישן געדונגענשאַפט און שקלאַפעריי שעפּט זיך ניט

*) זע „יידישע שריפטן", העפט 19, ז"ז 368־378.

אויס מיט דער צייט־באַשרענקונג פון דער ערשטער. געדונגענשאַפט פאַר אַ לעבן־לאַנג, ווען אַזאַ זאַך וואָלט עקזיסטירן אונטער דער געגעבענער ווירטשאַפטלעכער סיסטעם, וואָלט ניט ווערן קיין שקלאַפעריי, ניט פּאָליטיש און ניט עקאָנאָמיש. אַ פונקציע־באַשרענקונג איז פאַרבונדן מיט אינדוסטריעלער געדונגענשאַפט. אָט־די לימיטאַציע איז ניט געווען בנמצא אין דער שקלאַפעריי־סיסטעם. דער באַלעבאָס דינגט דעם אַרבעטער צו טאָן געוויסע אַרבעט, צו דערפילן אַ געוויסע עובדא. דער אינדוסטריעלער אַרבעטער איז ניט מחויב צו טאָן פאַרן פאַבריקאַנט קיין אַרבעט וועלכע געפינט זיך מחוץ פון אַ באַשטימטן פאַך־קרייז. ער דאַרף ניט גיין פאַר אים אַ גאַנג, אויספאָלגן אַ שליחות. ער איז בכלל ניט פאַרפליכטעט אים צו גע־האָרכן. אויסערהאַלב פון דער ספּעציפישער באַשעפטיקונג שטייט דער געדונגע־נער כנגד דעם „דינגער” ווי אַ פרייער מאַן, ווי אַן אומאָפּהענגיקער עקאָנאָמישער סוביעקט. נאָך מער וואָס דער געדונגענשאַפט־אײַנשטעל שליסט ניט אויס אַ גע־וויסע סומע פון פּאָליטישע און ציווילע רעכט פון וועלכע עס געניסט דער פאַר־דונגענער אַרבעטער. דער יורידישער סטאַטוס פון פועל אין דער מאָדערנער דע־מאָקראַטישער געזעלשאַפט איז גלייך צום מעמד פון באַלעבאָס (4). דאָס איז ניט געווען און דאָס האָט ניט געקענט זיין דער פאַל אונטער דער שקלאַפעריי־סיסטעם.

אָבער ווען מיר זאָלן אַפילו פאַרקוקן אָט־דעם אַספּעקט פון דער צייט־באַ־גרענעצונג, פונקציע־באַשרענקונג און יורידישער גלייכהייט, איז נאָך אַלץ געדונ־גענשאַפט ניט גלייך צו שקלאַפעריי. מחמת שקלאַפעריי איז פאַרקויפט מיט דער פּערזאָן פון שקלאַף, וועלכער ווערט אַליין אַ שטיק פּריוואַט אייגנטום פון זיין באַ־לעבאָס, בשעת געדונגענשאַפט איז אָפּגעזונדערט פון דער אַרבעטער־פּערזאָן. די זאַך איז די: דער פאַרדונגענער אינדוסטריעלער אַרבעטער פאַרקויפט ניט צום באַלעבאָס זיין אַרבעטס־קראַפט, ווי מאַרקס באַהויפּט, וואָס ער פאַרקויפט איז אַ באַשטימטע קוואַנטיטעט פון אַרבעט־עפעקטן, פון פעולות, וועלכע זיינען אָפּגע־זונדערט פון זיין פּערזענלעכקייט. ער פאַרקויפט טראַנספאָרמאַטיווע אַקטן, מאַני־פּולאַציעס וואָס זיינען אַריינגעלייגט אין אַ באַשטימטער קוואַנטיטעט פון רויען מאַטעריאַל, וועלכער אַדאַנק אָט־די אַקטן האָט זיך געענדערט און איז געוואָרן אַן אַרטיקל, וואָס איז מסוגל צו באַפרידיקן מענטשלעכע באַדערפענישן אויף אַ מער אָדער ווייניקער אָנגענומענעם שטייגער.

אויף וואָס דאַרף דער קאַפּיטאַליסט האָבן אָט־די „קאַפּאַציטעט־פאַר־אַר־בעט” (5) גענומען אַבסטראַקט? וואָס קען ער טאָן מיט דעם? ווי קען ער עס געברויכן. די בלויזע „קאַפּאַציטעט פאַר אַרבעט” איז ווערטלאָז. זי קען אַפילו

זיין שאָדן־פאַראורזאַכנדיק. אַלץ ווענדט זיך אויף וואָס מע געברויכט די קאַפּאַ־ציטעט. מע קען די אייגענע פעאיקייט נוצן אויף אַרונטעררייסונג ווי אויף אויפ־ריכטונג. די אַרבעט־פעאיקייט קען ברעכן מאַשינען, ברעכן פענצטער, אויסהאַקן שויבן אין דער פאַבריק אאז״וו. דידאָזיקע „קאַפּאַציטעט פאַר אַרבעט״ קען לייכט אַנגעווענדט ווערן אַזוי אַז זי זאָל ניט דערלאָזן אַז אַרבעט זאָל אויסאיבן איר קאַפּאַציטעט אויף אַ פּאָזיטיוון שטייגער: סטרייקס, סאַבאָטאַזש, אויפרייסונגען ווערן דורכגעזעצט פון דער אייגענער קאַפּאַציטעט.

ווען דער קאַפּיטאַליסט קויפט אַ סחורה און באַצאָלט פאַר איר ווער ער, גאַנץ באַטירלעך, זען אויסצוגעפינען געוויס דעם כאַראַקטער פון דער סחורה, וואָס ער האָט איינגעהאַנדלט. די הוילע קאַפּאַציטעט פאַר אַרבעט קען ווערן אַנגעווענדט אויף אַזויפיל פאַרשיידענע אופנים, וועלכע וועלן זיך לחלוטין ניט געפינען אין איינקלאַנג מיט די דערוואַרטונגען, צוועקן און תכליתים פון דעם קאַפּיטאַליסט. אַ קאַפּיטאַליסט איז אַ פּראַקטישער געשעפטסמאַן און ער וועט ניט איינשטעלן גלאַט אַזוי זיך, ער וועט ניט וואַרפן קיין געלט אין בלאָטע. ער וועט ניט איינהאַנדלען אַ קאַפּאַציטעט, וואָס איז פול מיט זיך־ווידערשפּרעכנדיקע מעגלעכקייטן. ווייטער, ווי קען ער איינהאַנדלען אַזאַ מיסטעריעזע פעאיקייט? פון וואַנענט קען ער וויסן, אַז די פעאיקייט געפינט זיך ניט אויפן סאַמע ראַנד פון אומפעאיקייט, אינקאָמפּעטענץ. אין פאַל דער קאַפּיטאַליסט קויפט די אַרבעט־קאַפּאַציטעט און עס שטעלט זיך גאָר אַרויס נאָך דער קנייה, און נאָך דעם אויספּרוביר אויף אַ פּראַק־טישן שטייגער, אַז אָט־די קאַפּאַציטעט געפינט זיך אונטער דעם דורכשניט פון פעולה'דיקייט, אינטענסיווקייט און קאַפּאַבלקייט. וואָס וועט ער, דער „קאַפּיטאַליסט מיטן 'קעצישן מוחל' " טאָן מכוח דעם? ער האָט דאָך עס געקויפט און עס איז פאַרפאַלן, חרטה איז ניט מעשה־סוחר. ער קען ניט צוריקגעבן די סחורה. דער קונה האָט געדאַרפט זיין פאָרזיכטיק, האָט געדאַרפט זען וואָס ער האָט געקויפט. ער האָט פאַרזען איז עס זיין שולד און זיין פאַרלוסט.

מאַרקס שרייבט:

„פאַר אַרבעט־קראַפט, הגם זי ווערט פאַרדעם פאַרקויפט, צאָלט מען ערשט נאָך דעם ווי זי איז געברויכט געוואָרן״. (6)

„דאָס געלט וואָס דער אַרבעטער קריגט פון קאַפּיטאַליסט גיט ער אים ערשט נאָך דעם ווי ער (דער אַרבעטער) האָט געגעבן דעם קאַפּיטאַליסט דעם גע־ברויך פון זיין אַרבעט־קראַפט, נאָך דעם ווי זי האָט זיך שוין רעאַליזירט אין דעם ווערט פון דעם אַרבעט־פּראָדוקט.״ (7)

די מעשה איז אַנדערש. די אַרבעט־קראַפט ווערט קיינמאָל ניט, אונטער קיינע

אומשטענדן, קיין סחורה. ס'איז ניט קיין פאַל פון ווערן פאַרקויפט פאַרדעם און רעאַליזירט נאָכדעם. זי ווערט לחלוטין ניט פאַרקויפט. זי קען ניט פאַרקויפט ווערן, ניט מחמת דעם וואָס זי איז ניט ביכולת איבערצוגיין „אין רשות פון קויפער גלייך אויפן אָרט", (8) נייערט מחמת דעם וואָס זי קען אין דער ווירקלעכקייט קיינמאָל ניט אַריבערגיין פון רשות פון אייגנטימער אין רשות פון קויפער. וואָס דער קאַפּיטאַליסט קען באַקומען, אַפּראָפּריאירן איז אַ באַשטימטע קוואַנטיטעט פון עפעקטן, ענדערונגען פון איין סאָרט אָדער אַ צווייטן, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אין רויען מאַטעריאַל.

ווען ראובן קויפט אַ פּאָר פונט עפּל, מיינט עס ניט אַז ער קויפט דעם בוים, אויף וועלכן די באַטרעפנדיקע עפּל זיינען געוואַקסן איידער מע האָט זיי אַראָפּגעריסן און געבראַכט אויפן מאַרק. ער האָט אַפילו ניט איינגעהאַנדלט די פּרודוקטיפיקאַציע־קראַפט פון אָט־דעם געגעבענעם עפּל־בוים פון וועלכן מע האָט אַראָפּגענומען די עפּל, וואָס ער האָט געקויפט אין מאַרק. וואָס ער האָט געקויפט איז אַ באַשטימטע קוואַנטיטעט פון עפּל, און פאַר אָט־די עפּל האָט ער באַצאָלט, און בלויז דידאָזיקע עפּל געהערן צו אים און ער קען טאָן מיט זיי וואָס ער וויל און אַזוי ווי ער וויל; ער מעג זיי עסן אָדער גאָר אַרויסוואַרפן, לאָזן זיי ליגן זיי זאָלן פאַרפוילט ווערן, אָדער גאָר מאַכן פון זיי אַן עפּל־קוואַס. ער איז זייער „האַר". זיי זיינען זיינע „שקלאַפן". אייגנטום־רעכט איבער זאַכן מיינט שקלאַפעריי פאַר די זאַכן. ווען אָבער ראובן קויפט די פּרודוקטונג־קראַפט פון אַ באַשטימטן בוים, די קאַפּאַציטעט פאַר פּרודוקטיפיקאַציע, דעמאָלט נעמט ראובן אַ שאַנס. ער שטעלט איין, ער קען געווינען, ער קען אויך פאַרלירן. עס איז זיין גוטער מזל ווען דער בוים האָט אַ סך עפּל, עס איז זיין שלים־מזל, ווען דער בוים האָט ווייניק עפּל, צי גאָר קיין עפּל ניט.

בנוגע דעם פאַרהעלטעניש־מאָדוס, וואָס עקזיסטירט צווישן דעם קאַפּיטאַליסט און דעם אַרבעטער, מוזן מיר זאָגן בפירוש אַז ער איז ניט דער יעניקער וואָס שטעלט זיך איין צווישן דעם פאַרקויפער פון דער פּרודוקטונג־קראַפט פון בוים און דעם קויפער. דער קאַפּיטאַליסט ריזיקירט דאָ אַבסאָלוט גאָרניט, ער שטעלט גאָרניט איין, מחמת ער קויפט באַשטימטע רעזולטאַטן, וועלכע דער אַרבעטער דאַרף אים געבן, סיי ווען דער לעצטער אַרבעט פון שטיק אָדער פון צייט. דער קאַפּיטאַליסט קויפט ניט קיין פּאָטענציאַליטעטן, (9) דערוואַרטונגען. ער קויפט רייפע פּירות, שוין אַראָפּגענומענע פון אַרבעט בוים.

וואָס פאַרקויפט אַ בעל־מלאכה צו דעם קויפער־געברויכער, בעת ער גיט אים אָפּ זיין סחורה, דעם אַרטיקל וואָס ער האָט פּראָדוצירט? ער פאַרקויפט אַ פּראָ־

דוקט, אַ סחורה אין וועלכער ער האָט אַריינגעלייגט זיין אַרבעט, ער איבערפאַר־קויפט אים דעם רויען מאַטעריאַל, וועלכער געהערט צו אים אויפן סמך פון אַ פאַרדעם דורכגעפירטער קניה, ווי אויך דעם אָפּנוץ און אָפּרייב, וואָס זיינען פאַר־געקומען בשעת דער אַרבעט, פון דעם געצייג, וואָס ער האָט געברויכט אין פּראָ־דוקציע־פּראָצעס. ער איבערפאַרקויפט ניט צום קונה זיין געצייג, אויך ניט זייער קאַפּאַציטעט צו טאָן אַרבעט, ווי אויך ניט זיין אייגענע קאַפּאַציטעט פאַר אַרבעט, זיין געשיקטקייט , זיין פאַך־קענטעניש, הגם אָן דעם אַלעם וואָלט דער פאַרטיקער אַרטיקל קיינמאָל ניט פאַרטיק געוואָרן, קיינמאָל ניט פּראָדוצירט געוואָרן און פאַרגעלייגט געוואָרן פאַרן פאַרקויף. דער פּראָלעטאַריער־אַרבעטער אין אָט־דער הינזיכט איז ניט קיין סך פאַרשידן. ער איז אויף קיין פאַל ניט קיין שקלאַף. ער געפינט זיך ניט אין קיינעמס רשות אָדער באַזיץ. ער איז ניט קיין שטיקל וואַרע, ניט ער אינגאַנצן אין זיין טאָטאַליטעט, אין זיין קערפּערלעכן סך־הכל, ניט אַ טייל פון אים, ווי אַ צאָל אָרגאַנען אָדער אַ סכום פון אינטעגרירטע קאַפּאַציטעטן אָדער איין איינציקע קאַפּאַציטעט.

וואָס דער געדונגענער אַרבעטער פאַרקויפט אַלס אַ סחורה איז אַ פראַגמענט פון אָפּגעטאָנענער אַרבעט. וואָס איז אָנגעווענדט געוואָרן אויף אַ באַשטימטן אופן, רעאַליזירט געוואָרן אין אַ פאַרענדיקטן אַרטיקל, און אָט־די דערגרייכטע רעזול־טאַטן פון אַרבעט און געשיקטקייט גיט ער איבער פאַר אַ באַשטימטער קאָמפּענ־סאַציע צום קויפער־קאַפּיטאַליסט, צום פאַבריקאַנט.

דער אַרבעטער איז דער אייגנטימער פון זיינע קערפּערלעכע פּראָדוקציע מיטלען, פון דעם רויען מאַטעריאַל. זיין בלוט און פלייש איז אין זיין רשות און זיי בלייבן זיינס אויך נאָכן פאַרדינגען זיך. דאָס אייגענע איז ריכטיק בנוגע זיינע פּראָדוקציע־מיטלען, זיינע אָרגאַנען, זיינע פעאיקייטן, פּסיכאָלאָגישע און פיזיאָלאָ־גישע אייגנשאַפטן. דאָס אַלץ געהערט צו אים אַליין יורידיש, און צו קיינעם ניט אויסער אים. „אַ מענטשנס אייגענע גלידער דינען אים אַלס געצייג פון זיין אַרבעט", (9) און אָט־די געווערקצייג פאַרקויפט ער ניט, ער פאַרקויפט אויך ניט זיינע פונקציעס. אין דעמדאָזיקן פּרט פירט זיך דער פּראָלעטאַריער אויף פּונקט ווי דער האַנטווערקער. דער האַנטווערקער גיט איבער אַ פּראָדוקט וועלכן ער האָט פּראָדוצירט מיט דער הילף פון זיינע מכשירים, ער טראַנספאָרמירט אַ פאַרטיקן אַרטיקל. אַ צאָל קאָנקרעטיזירטע פּראָצעסן אָפּגעמאָסטן, אויסגערעכנט אויף דער שטונדע גיט איבער דער אינדוסטריעלער פּראָלעטאַריער צום קאַפּיטאַליסט אינ־דוסטריאַליסט.

מאַרקסן ווילט זיך גרייכלעך, צוליב פּראָפּאַגאַנדע־צוועקן, צו מאַכן פון איינ־

דוסטריעלן אַרבעטער, וואָס איז פאַרדונגען צום אינדוסטריאַליסט, אַ צייטלעך־טיילווייזן שקלאַף׳, און אַזוי אַרום אַוועקשטעלן זיין טעאָריע פון עקספּלואַטאַציע אויף אַ מער אָדער ווייניקער וויסנשאַפטלעכן יסוד. אָבער וואָס זאָל מען טאָן, ווען די אינדוסטריעלע ווירקלעכקייט וויל זיך ניט געפינען אין הסכם מיט די מאַרקסיסטישע ספּעקולאַציעס?

מאַרקס שרייבט:

„די אָפּפרעמדונג פון אַרבעטער־קראַפט און איר ווירקלעכע אַנאייגענונג מצד פון קויפער, זיין נוצן זי אַלס אַ געברויך־ווערט, זיינען אָפּגעטיילט דורך אַן אינטערוואַל פון צייט.״ (10)

עס איז ניט קיין ענין פון אינטערוואַל פון צייט, די גאַנצע באַהויפּטונג אַז עס קומט דאָ פאָר אַן אַקט פון אָפּפרעמדונג מצד פון אינדוסטריעלן פועל און אַנאייגענונג מצד פון קאַפּיטאַליסט־אינדוסטריאַליסט איז ניט ריכטיק. עס איז ניט מעגלעך אָפּצופרעמדן די אַרבעט־קראַפט פון אַרבעטער און בשעת מעשה ניט אָפּפרעמדן דעם אַרבעטער גופא, ד״ה ניט פאַרוואַנדלען אים אין אַ שקלאַף. און דער כלומר׳שטער קויפער וועלכער איז באמת בלויז אַ „דינגער״, אַן אַנשטעלער פון אַנגעשטעלטע, ניט קיין האַר, קען בשום אופן ניט אַפּראָפּריאירן די אַרבעט־קראַפט אָן דעם אַז דער אַרבעטער זאָל ניט אָפּראָפּריאירט ווערן אויף־אַמאָל. און דאָס קען ניט געטאָן ווערן, מחמת עס איז כנגד אַלע יורידישע באַגריפן מכוח דינגען אַרבעטער, באַשעפטיקן, אַנשטעלן מענטשן. ניט די אַרבעט־קראַפט דירעקט ווערט פאַרקויפט, נייערט די אַרבעט־עפעקטן, די פעולה פון דער אַרבעט לאחר־המעשה. דער קאַפּיטאַליסט קען ניט צאָלן פאַר דער אַרבעט־קראַפט, מחמת ער קויפט זי ניט. ער איז אַזוי ביכולת יורידיש זי צו קויפן, ווי ער קען אַרויס אויפן מאַרק און זיך איינהאַנדלען אַ מאָגן, אַ פּוס. אַרבעט־קראַפט איז ניט קיין סחורה.

עס איז ריכטיק, אַז דער געדונגענער אַרבעטער גיט אויף־באַרג דעם קאַפּיטאַליסט, (11) אָבער וואָס ער גיט אים איז ניט זיין אַרבעט־קראַפט, נייערט אַ באַשטימטן סכום פון באַדינונגען־באַמיאונגען. דער קאַפּיטאַליסט־אינדוסטריאַליסט „געברויכט״ די אַרבעט־קראַפט פון דעם געדונגענעם לוין־אַרבעטער ניט מער, אפשר נאָך ווייניקער, ווי דער וואָס טראָגט אַ פּאָר שיך אויף זיינע פיס „געברויכט״ דורך אַט־דעם אַקט פון טראָגן שיך די אַרבעט־קראַפט פון דעם שוסטער, פון וועמען ער האָט איינגעהאַנדלט די שיך.

בנוגע דעם ענין פון אַוואַנסגעבונג מצד פון אַרבעטער צו זיין באַלעבאָס, איז די סיטואַציע בערך אַזאַ:

דער פּראָדוצירער־געברויכער פון דעם שטאַנדפּונקט פון אינטראַ־אינדיווי־דועלע באַציאונגען „אוואַנסירט" זיינע אַרבעט־הוצאות, וועלכע ער לייגט אַריין אין פּראָדוקציע־פּראָצעס, צו דעם געברויכער, וואָס געפינט זיך אין אים. הגם ביידע, הן דער פּראָדוצענט און הן דער קאָנסומענט זיינען די זעלבע פּערזענלעכקייט, באַלאַנגען זיי, אָבער, צו צוויי פאַרשיידענע באוואוסטזיין־צושטאַנדן, צו צוויי צייט־מאָמענטן, און, דעריבער, קענען זיי באַטראַכט ווערן, אין אַ געוויסער הינזיכט, ווי צוויי פרעמדע פּערזאָנען. אַט־די אוואַנס־געבונג און דאָס פאַרלאָזן זיך אויף דער צוקונפט, די אידענטיפיקאַציע פון אייגענעם זיך גופא, די קאָנסטרוקציע פון פּער־זענלעכן עגאָ, פּאָסטולאַטירט ניט בלויז אַ געוויסע מינימאַלע שטופע פון אינטער־נאַלער פּסיכאָלאָגישער קולטור, וועלכע עס באַזיצן אַפילו געוויסע בעלי־חיים, * נייערט שיקט פאָראויס אַ געוויסע מאָס פון זיכערקייט, פון אָנגעקליבענע פּראָדוקטן, כוחות וועלכע דערלויבן דעם פּראָדוצירער דורכצומאַכן דעם צייט־אינטערוואַל, וואָס טיילט אָפּ דעם פּראָדוקציע־אַקט פון דעם געברויך־אַקט.

אין דער גאָר פּאַרצייטיקער געמיינדע איז דער פּראָדוצירער און קאָנסו־מירער צוזאַמענגעפאַלן כמעט מיט אַלע זיינע פּונקטן. אַלץ וואָס ער האָט געקראָגן, אַלץ וואָס ער האָט אויפגעטאָן, געפאַנגען, געכאַפּט האָט ער פאַרצערט גלייך אויפן אָרט. שפּעטער צו, אַז דער מענטש האָט זיך אַביסל אַנטוויקלט, האָט זיך דער פּראָדוצירער אָפּגעטיילט פון קאָנסומירער, דער מענטש האָט זיך אינערלעך גע־שפּאָלטן, עקאָנאָמיש איז ער צעצווייט געוואָרן. און אויף אַט־דער סטאַדיע פון אַנט־וויקלונג גיט דער פּראָדוצירער דעם קאָנסומירער, וואָס געפינט זיך אין דער זעל־ביקער פּערזענלעכקייט, אַן אוואַנס, ער גיט אים זיין אַרבעט, אַ סומע פון פּעולות, אויך רויען מאַטעריאַל, אָפּטראָג און אָפּנוץ פון זיינע פּראָדוקציע־געצייג. די אַנט־וויקלונג בלייבט ניט שטיין פאַרגליווערט אויף אַט־דער שטופע. אַרבעט־צעטיילונג צווישן די מיטגלידער פון דער געמיינדע ווערט איינגעפירט. עס קומט אַ סוף צו דער פּרימיטיווער עקאָנאָמישער איינהייט, וואָס האָט ביזאַהער עקזיסטירט צווישן דעם פּראָדוצירער און קאָנסומירער. די קדמונים׳דיקע געמיינדע ווערט צעשפּאָלטן אויף אינטעראינדיווידועל פאַרבונדענע און סעפּאַראַטע עקאָנאָמישע סוביעקטן. אויף אַט־דער שטופע פון עוואָלוציע ציגט זיך דער פּראָדוצירער־אויסטוישער אָדער פּראָ־דוצירער־פאַרקויפער. ער אוואַנסירט זיין אַרבעט פּלוס אַ טייל פון רויען מאַטעריאַל, פּלוס טיילווייזן אָפּנוץ און אָפּרייב פון זיינע געצייג — צו דעם „אומבאַקאַנטן גע־

---

* זע אבא גאָרדין, אידישע עטיק ז״ז 67—166
יידישע שריפטן באַנד 2, ז״ז 295.

ברויכער״ * אָדער אומבאַקאַנטן קויפער, וועלכער, דער פּראָדוצירער איז משער, וועט זיך באַווייזן פריער אָדער שפּעטער.

מיט דעם אײַנפיר פון דער אינדוסטריעלער סיסטעם פּאַרטיפט זיך די שפּאַל־טונג צווישן דעם פּראָדוצירער און קאָנסומירער. אַ נייער פּירוד מאַניפעסטירט זיך אין דער פּערזאָן פון דעם דירעקטן פּראָדוצירער. עס בלייבט אין אים בלויז דער פּועל, בשעת די פונקציעס פון אײַנקויפן זיך רויען מאַטעריאַל, אײַנשאַפן זיך געצייג און פאַרקויפן דעם אויסגעאַרבעטן אַרטיקל ווערן פון אים אָפּגעטיילט, אַרויסגעשניטן פון זיין סיסטעם. מיט אַט־די אינגאָוואַציעס נעמט אָן אויך די אוואַנסירונג אַ געענדערטע פאָרם. איצט גיבן בײַדע, סיי דער לוין־אַרבעטער און סיי דער פאַבריקאַנט, וועלכער איז אַ וואַריאַנט פון דעם סוחר און בעל־מלאכה, אָן אוואַנס צום אומבאַוואוסטן קאָנסומענט, וואָס פאַרשטעקט זיך, פאַרבאַהאַלט זיך הינטערן רוקן פון דעם אומבאַוואוסטן קויפער־איבערפאַרקויפער.

אונטער אַט־די נייע אומשטענדן נעמט אָן דער אוואַנס, וואָס עס גיט דער לוין־אַרבעטער, דער היינטצייטיקער פּראָלעטאַריער, די פאָרם, אָדער דעם אויס־געדוכטן אויסזען, פון אַן אוואַנס וועלכן ער גיט צום אינדוסטריאַליסט־קאַפּיטאַליסט און וועלכער טראַנספערירט, דורך דעם אַקט פון אויסצאָלן אײַנפאָראויס שכירות, אַט־דעם באַקומענעם אוואַנס צו דעם אומבאַוואוסטן קאָנסומענט. די שכירות צו די פּועלים אין מערסטע פאַלן ווערן אויסגעצאָלט איידער די פאַרטיקע אַרטיקלען, וואָס די לוין־אַרבעטער פּראָדוצירן, דערגרייכן זייער באַשטימונג־פּלאַץ, איידער זיי ווערן איבערגעגעבן אין רשות פון סוחר פאַר מזומן אָדער אויף קרעדיט. אַזוי אַז מיר האָבן דאָ פאַר אונדז אַ צווייפאַכיקע אוואַנסירונג. דער אַרבעטער אוואַנסירט צום קאַפּיטאַליסט און דאַך אוואַנסירט דער קאַפּיטאַליסט, אין זיין ריי, הן דאָס געהאַלט און הן דעם רויען מאַטעריאַל, בקיצור, די פּראָדוקציע־הוצאות, אַ טייל פון וועלכע געפינט זיך אין דעם אויסגעצאָלטן לוין, די איבעריקע חלקים — אין רויען מאַ־טעריאַל, אין די געצייג און אַנדערע מכשירים.

דער פּרימיטיווער פּראָדוצירער־געברויכער האָט ניט אוואַנסירט צו דעם קאָנ־סומירער, וואָס געפינט זיך אין אים, זיין אַרבעט־קראַפט, נייערט אַ באַשטימטע קוואַנטיטעט פון קאָנקרעטע אַקציעס, אַזוי אויך דער בעל־מלאכה אוואַנסירט ניט זיין אַרבעט־קראַפט צו דעם אומבאַוואוסטן קאָנסומירער־קויפער, נייערט באַשטימטע פּעולות, וואָס ווערן מגושם אין דעפיניטיווע אָביעקטן. דאָס אייגענע זעען מיר ביי דעם היינטצייטיקן לוין־אַרבעטער. ער אוואַנסירט מאַטעריאַליזירטע אַקטן, פּראָ־

* זע, יידישע שריפטן באַנד צוויי ז״ז 51—450.

צעסן, באַדינונגען־באַמיאונגען, אָבער בשום אופן ניט קיין אַרבעט־קראַפט. מחמת אַרבעט־קראַפט קען ניט ווערן אויסגעאיבט סיידן פון דעם אייגנטימער פון אַט־דער אַרבעט־קראַפט. וואָס וואָלט אַ פרעמדער געקענט טאָן מיטן אַוואַנס ? גאָרניט.

מאַרקס אַליין באַגרייפט אַז מיט זיין טעאָריע מכוח אַרבעט־קראַפט פאַרקויף איז עפּעס ניט גלאַט און ער פּרובירט צו פאַרלויפן דעם וועג דעם אויסזעצער וועל־כער וואָלט זיך לייכט קענען שטיצן אויף דער דערשיינונג פון שטיק־אַרבעט אַלס אַ ראיה אַז ניט אַרבעט־קראַפט נייערט בפירוש אַרבעט־עפעקטן ווערן פאַר־קויפט. אַט־וואָס מאַרקס שרייבט:

„אין שטיק־לוין זעט אויס, אין פלוג, אַז דער געברויך־ווערט וואָס ווערט געקויפט פון אַרבעטער איז געווען ניט די פונקציע פון זיין אַרבעט־קראַפט, נייערט אַרבעט, וואָס איז שוין רעאַליזירט אין דעם פּראָדוקט, און אַפּנים אַז דער פּרייז פון זיין אַרבעט ווערט באַשטימט... דורך דעם פּראָדוצירערס קאַפּאַציטעט פאַר אַרבעט... די זיכערקייט וואָס טרויט אַט־דעם אויסזען דאַרף קריגן אַ שטאַרקע דערשיטערונג פון דעם פאַקט, וואָס ביידע פאָרמען פון שכירות עקזיסטירן זייט ביי זייט אויף־אַמאָל אין די זעלביקע צווייגן פון אינדוסטריע.” (12)

צייט־אַרבעט און שטיק־אַרבעט ביידע פאָרמען זיינען אין תוך איין און די זעלביקע זאַך. די צייט ווערט געמאָסטן דורך דעם שטיק און שטיק־אַרבעט קומט פאַר אין צייט. אָבער פונדעסטוועגן וואַרפט שטיק־אַרבעט אַ מער רעאַליסטיש ליכט אויף דעם ענין לוין־אַרבעט. זי באַווייזט קלאָר, אַז דער אַרבעטער קריגט באַצאָלט פאַר זיינע אַרבעט־עפעקטן, פאַר רעזולטאַטן שוין דערגרייכטע און אויף קיין פאַל ניט פאַר אבסטראַקטער אַרבעט־קראַפט, ווי מאַרקס וואָלט וועלן האָבן, בכדי זיין פּשט'ל מכוח מער־ווערט זאָל כאָטש האָבן עפּעס אויף וואָס זיך צו שטיצן. לאָמיר באַטראַכטן שטיק־אַרבעט. פאַרוואָס קריגט דער אַרבעטער באַצאָלט ? פאַר די טראַנספאָרמאַציע פון באַשטימטע קוואַנטיטעטן פון רויען מאַטעריאַל, וועלכע דער אַרבעטער פירט אַדורך. ער קריגט נאַטירלעך ניט באַצאָלט פאַר זיין אַרבעטס־קראַפט סתם אַזוי. איצטער וועלן מיר אַ קוק טאָן אויף וואָך־אַרבעט. ווען קריגט דער אַרבעטער באַצאָלט ? ווען באַקומט ער זיין באַלוינונג ? צום סוף וואָך אָדער צום ענד פון חודש. פאַרוואָס קריגט ער זיין לוין ? פאַר אַ געוויסן סכום פּעולות וואָס ער האָט שוין אַדורכגעזעצט, אָפּגעטאָן.

קויפט דער באַלעבאָס, דער קאַפּיטאַליסט־אינדוסטריאַליסט, וועלכער אגב דינגט בלויז דעם אַרבעטער און קויפט ביי אים בשעתן דינגען בפועל־ממש גאָר־ניט, די אַרבעט־קראַפט פון לוין־אַרבעטער ? אויב יע, צאָלט ער דערפאַר ? ווען צאָלט ער ? ער צאָלט נאָך דעם ווי די אַרבעט איז שוין אָפּגעטאָן געוואָרן, נאָך

דעם ווי די באַדינונג איז שוין דורכגעפירט געוואָרן, אַזוי אַז ער קאָמפּענסירט דעם אַרבעטער פאַר ווירקלעכער, קאָנקרעטער אַרבעט, ניט פאַר אַ פּאָטענציאַלקייט, פאַר אַ מעגלעכקייט, פאַר אַ פעאיקייט, פאַר אַן אייגנשאַפט. די אַרבעט־קראַפט פון לוין־אַרבעטער געפינט זיך קיינמאָל ניט אין רשות פון דעם באַלעבאָס מחמת ער איז ניט דער „באַלעבאָס" פון דעם אַרבעטער און זיינע פעאיקייטן. ער ווערט ניט, אויף איין רגע ניט, אויף קיין פאַל ניט, דער אייגנטימער פון דער אַרבעט־קראַפט פון דעם געדונגענעם פּראָדוצירער, פון דעם לוין־אַרבעטער. ער איז דער אייגנטימער פון געוויסע פּראָדוקטן, אַרטיקלען, וואָס דער לוין־אַרבעטער פּראָדוצירט אויף אַ דירעקטן שטייגער. ווי אַזוי אַפּראָפּריאירט ער דידאָזיקע אַרטיקלען? ער אַפּראָפּריאירט זיי ניט. מחמת זיי זיינען זיינע לכתחילה. ער האָט זיך איינגעשאַפט דעם רויען מאַטעריאַל, פון וועלכן אָט־יענע פּראָדוקטן ווערן געמאַכט, ער האָט אויך באַצאָלט פאַר די אַרבעט־עפעקטן, וואָס זיינען אין זיי פאַרקערפּערט. דער אינדוסטריאַליסט, דער דינגער פון אַרבעט איז ניט דער אייגנטימער פון דער אַרבעט. ער קען אויף איר קיינע אַנשפּרוכן ניט מאַכן. דהיינו, אין פאַל דער געדונגענער אַרבעטער וויזט זיך ניט צו דער אַרבעט, וויל ניט גיין אַרבעטן, אָדער סטרייקט אויף אַן אומבאַשטימטער צייט, האָט דען דער באַלעבאָס, דער אַרבעטגעבער אַ רעכט צו צווינגען יורידיש דעם אַרבעטער, אים נויטן דורכן געריכט ער זאָל אָפּגעבן דעם אינדוסטריאַליסטס שטיקל סחורה וואָס דער אינדוסטריאַליסט האָט כלומרשט געקויפט? אַלץ וואָס אַן אַרבעטגעבער קען טאָן און טוט אונטער אַזעלכע אומשטענדן איז דינגען אַן אַנדער אַרבעטער, אַנשטעלן אַן אַנדער מענטשן צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דעם אַרבעטער, וואָס האָט זיך צוליב וועלכער עס איז סיבה אָדער פערזענלעכן קאַפּריז ניט באַוויזן צו דער אַרבעט. אַ האַר האָט יוריסדיקציע־רעכט איבער זיינע שקלאַפן. ער האָט געהאַט די פּריווילעגיע זיי צו צווינגען צו דערפילן זייערע פונקציעס. אין פאַל זיי זיינען אַנטרונען געוואָרן, האָט ער געקענט פאָדערן געזעצלעך זייער צוריקקער, און אפילו באַשטראָפן זיי פאַר זייער דעזערטירעריי. וואָס פאַר אַן אייגנטום־רעכט באַזיצט דער אַרבעטגעבער איבער דער אַרבעט־קראַפט פון זיינע געדונגענע לוין־אַרבעטער? די באַהויפּטונג אַז בעת דינגען קומט פאַר אַן אַקט פון קנייה איז אַן אויסטראַכט פון מאַרקסן וועלכער האָט זיך מיט דער עקאָנאָמישער ווירקלעכקייט, מיט די פאַקטן פון געדונגענשאַפט, אַבסאָלוט ניט גערעכנט, ווען אים איז געגאַנגען אין לעבן אויסצופּשטלען עפּעס אַ ספּעקולאַטיווע טעזיס, וואָס, ווי אים האָט זיך געדוכט, לאָזט זיך אויסנוצן קעגן דעם קאַפּיטאַליסט־אינדוסטריאַליסט.

געדונגענשאַפט, דער סאַלאַריאַט, איז ניט קיין ענין פון באַזיץ, פון קויפעניש,

פון אַ טראַנספערענץ פון אייגנטום־רעכט. געדונגענשאַפט איז באַזירט אויף אַן אָפּמאַך, אַ צוזאָג פון ביידע צדדים בנוגע אַרבעט־געבונג און צו־אַרבעט־זיך־שטעלונג, וועלכער קען צייטנווייז זיין באַגלייט פון געוויסע גאַראַנטיעס. געדונגענשאַפט האַלט זיך אויף אַ תנאי זאַך, איז פאַקולטאַטיוו. דאָס איז אַ הבטחה וואָס ווערט געגעבן פון איין פּערזאָן צו אַ צווייטן אָדער צו עטלעכע פּערזאָנען פון איין פּערזאָן, אָדער פון עטלעכע פּערזאָנען, פון איין זייט, אויפצונעמען, פון דער צווייטער זייט, צו געבן באַשטימטע באַדינגונגען פון אַ גוט־דעפיניטיוון כאַראַקטער אין אַ באַשטימטן פּלאַץ אין משך פון אַ באַשטימטן פּעריאָד פאַר אַ באַשטימטער באַלוינונג פער צייט־איינס אָדער שטיק איינס. דער דינגער קויפט דאָ לחלוטין גאָרניט איין. דער פאַרדינגער, בשעתן פאַרדינגען, פאַרקויפט לחלוטין גאָרניט. ער זאָגט בלויז צו צו פאַרקויפן שפּעטער־צו געוויסע אַרבעט־עפעקטן פאַר אַ געוויסער קאָמפּענסאַציע. דער וואָס דינגט באַקומט אַ פאַרשפּרעכן אַז אַ געוויסע אַרבעט אין אַ באַשטימטער צייט וועט דערליידיקט ווערן. ווען דער צוזאָגער האַלט וואָרט און פירט אַדורך וואָס ער האָט צוגעזאָגט לויט די אָנגענומענע סטאַנדאַרדס פון פאַכמאַנישער אַרבעט־געשיקטקייט, קריגט ער דערפאַר זיין באַלוינונג. די באַלוינונג קומט ווי אַן אָפּצאָל פאַר אַ באַשטימטן סכום פון אַרבעט־עפעקטן, וועלכע דער אַרבעטער טוט אַריין אין אַ באַשטימטער קוואַנטיטעט פון רויען מאַטעריאַל און בזה־האופן מאָדיפּיצירט ער אים, ווי עס איז לכתחילה אָפּגערעדט געוואָרן צווישן דעם דינגער און געדונגענעם. ערשט איצט, לאחר המעשה, קומט פאָר דער אַקט פון קנייה. אָבער עס ווערן פאַרקויפט באַשטימטע טראַנספאָרמאַטאָרישע אַקטן, שינויים געמאַכטע, און ניט קיין אַרבעט־פּאָטענציאַלן.

אומגעאַכט די אַבסורדיטעט פון דער באַהויפּטונג וויל מאַרקס דווקא האָבן אַז דער אַרבעטער פאַרקויפט זיין אַרבעט־קראַפט (13) און דער קאַפּיטאַליסט־אינדוסטריאַליסט קויפט זי, אַזוי אַז אַרבעט־קראַפט איז אַ סחורה מיט סחורות צוגלייך. אויב אַזוי איז זעלבסטפאַרשטענדלעך אַז די סחורה ווערט ניט פאַרקויפט „בלינד“, אויף אַן אומבאַשטימטן שטייגער סיי קוואַליטאַטיוו סיי קוואַנטיטאַטיוו. וואָס איז שייך קוואַליטעט איז לייכט צו באַגרייפן אַז מע נעמט דעם דורכשניט־סטאַנדאַרד, די אַרבעט־קראַפט דאַרף ניט זיין נידעריקער פון דער מיטלמעסיקייט. אָבער וואָס הערט זיך מכוח קוואַנטיטעט ? אויב אַרבעט־קראַפט איז אַ סחורה קען מען זי דאָך, זיכער, ניט פאַרקויפן אַזוי, אַז דער פאַרקויפער זאָל ניט וויסן גענוי וויפל קוואַנטיטאַטיוו איז פאַרקויפט געוואָרן פון אָט־דער סחורה, פון זיין אַרבעט־קראַפט. עס וואָלט דאָך אויסזען באמת שוין גאָר אומגלויבלעך אַז אַזאַ משונה פּראַקטיקע זאָל אָנהאַלטן צווישן קויפער און פאַרקויפער: ער זאָל פאַרקויפן זיין

סחורה און קריגן אַ באַשטימטן פּרייז פאַר זיין אַרטיקל אָבער ער זאָל בעת מעשה ניט פעסטשטעלן געגנוי די מאָס, דעם פאַרנעם פון אַרטיקל, ער זאָל איבערלאָזן די פראַגע פון וויפל אָפן אַזוי אַז דער קויפער זאָל עס ענטפערן, אָדער, נאָך בעסער, לאָזן אים נעמען וויפל זיין האַרץ געלוסט. מאַרקסעס באַשרייבונג פון אַט־דער קנייה־מכירה טראַנסאַקציע פון אַרבעט־קראַפט איז פּראָסט פאַנטאַסטיש. עס קומט אויס אַז דער קאַפּיטאַליסט־אינדוסטריאַליסט קויפט אַרבעט־קראַפט פון דעם אַרבעטער און דער לעצטער געפינט ניט פאַר נויטיק צו קומען צו אַ באַשטימטער פאַרשטענדעניש בנוגע דער קוואַנטיטעט פון דער פאַרקויפטער סחורה, ער לאָזט עס איבער צום וואָלפישן אַפּעטיט פון קונה. פאַרשטייט זיך אַז דער קונה וואָלט וועלן קריגן וואָס מער פאַר דעם אייגענעם פּרייז. ס'איז מה־נפשך, איז דער פּרייז באַשטימט, דאַרף די קוואַנטיטעט פון דער סחורה זיין באַשטימט, איז די קוואַנטיטעט פון דער סחורה ניט באַשטימט, דאַרף דער פּרייז ניט זיין באַשטימט, דער קונה נעמט וויפל ער וויל און דערנאָך צאָלט ער וויפל דער פאַרקויפער, זעענדיק וויפל ער האָט גענומען, פאָדערט פון אים, אויב מע האַנדלט אויף פולקומען צוטרוי.

פון שטאַנדפּונקט פון קאָמערץ איז דאָך קאָמיש צוצולאָזן דעם געדאַנק אַז דער פאַרקויפער וועט זיך אויפפירן אַזוי אומפּראַקטיש ווי אָנצוגעבן דעם פּרייז און באַשטימען בשעת מעשה בלויז דעם אַרטיקל פאַר וועלכן דער פּרייז ווערט גע־פאָדערט אָבער ניט די קוואַנטיטעט פון דעם אַרטיקל וואָס דאַרף אָפּגעגעבן ווערן פאַר אַט־דעם פּרייז, פאַר אַט־דער באַשטימטער סומע געלט. אויב אַ פּרייז איז באַשטימט דאַרף ער זיין דעפיניטיוו פער שטיק. ווען איך קויף ברויט, קען איך ניט נעמען צוויי לעבלעך פאַר דעם פּרייז פון איינעם און אַזוי אַרום צאַפּן אַ „מער־ברויט". ווען איך קויף אַ הויז און באַצאָל דעם פּרייז פאַר אים, וועט מיר דער פאַרקויפער ניט דערלויבן צו פאַרנעמען צוויי הייזער, וועלכע באַלאַנגען צו דעם אייגענעם מוכר־רעאַלטאָר מיט וועמען איך טו געשעפט און אויף אַזאַ אופן זיך איינשאַפן אַ „מער־הויז" אויף דעם סמך פון מיין זייער „קלוגן" אַרגומענט, דהיינו, אַז פאַר דעם פּרייז, וואָס ער קריגט פון מיר, האָט מען געקענט אויפבויען צוויי הייזער, מחמת די סומע וואָס איך גיב אים דעקט די הוצאות וואָס עס קאָסט אויפ־צושטעלן צוויי הייזער פון דער זעלביקער גרויס. מאַרקסעס שילדערונג און דער־קלערונג פון די פאַרהעלטענישן, וואָס עקזיסטירן צווישן אַרבעט־געבער און לויך־אַרבעטער, זיינען אַזוי אומרעאַליסטיש, אַז זיי פאַסן זיך בשום אופן ניט צו דעםווירקלעכן מאָדוס פון באַציאונגען וואָס ווערט אָנגעווענדט צווישן אַ קויפער און אַ פאַרקויפער. די ערשטע פראַגע וואָס אַ קונה און מוכר באַהאַנדלען צווישן זיך איז וויפל פאַר וויפל, וויפל געלט פאַר וויפל סחורה, ווען די קוואַליטעט און דער אָביעקט זיינען באַשטימט.

מאַרקס שרייבט:

„דער קאַפּיטאַליסט האַלט אויף זיין רעכט אַלס אַ קויפער, ווען ער פּרובירט צו מאַכן דעם אַרבעטס־טאָג אַזוי לאַנג ווי נאָר מעגלעך און אַרויסצוקריגן, וואו נאָר מעגלעך, צוויי אַרבעט־טעג פון איינעם.״ (14)

קיין קויפער פון אַ סחורה קען ניט ווילקירלעך פאַרטאָפּלען די וויפלקייט, די קוואַנטיטעט, פון דער סחורה, וואָס ער האָט געקויפט אויב ער פאַרטאָפּלט ניט בערך די סומע וואָס ער האָט געצאָלט, מחמת אָט־די וויפלקייט פון דעם געלט געפינט זיך אין אַ באַשטימטער דירעקטער פּראָפּאָרציע צו דער קוואַנטיטעט פון דער סחורה. מע קען ניט, אונטער די נאָרמאַל פּרעוואַלירנדיקע אומשטענדן פון מסחר, קויפן אַן אַרטיקל און דערנאָך נעמען אַן אומגעקויפטן, אומבאַצאָלטן אַרטיקל, אַלס אַן אומזיסטן צוליייג. פּראָסט, מע קען ניט נעמען מער וויפל מע האָט געקויפט. דער קונה טאָר עס ניט טאָן. מע קען אויך ניט געבן ווייניקער, דער מוכר טאָר עס ניט טאָן. ווען אַזאַ פּראַקטיק וואָלט דערלאָזן געוואָרן, וואָלט דער גאַנצער קאָמערציעלער בנין איינגעפאַלן.

לויט מאַרקסן קומט אויס אַז דער קאַפּיטאַליסט קען קריגן מער אַרבעט דערפאַר וואָס ער צאָלט ניט דעם ווערט פון דער געטאָנענער אַרבעט און ער קויפט זי ניט, פאַר וואָס ער צאָלט איז גאָר דער ווערט פון דער פּראָדוצירונג פון דער אַרבעט־קראַפט, און ער קויפט די אַרבעט־קראַפט, ניט די אַרבעט. אויב אין קאָמערציעלע טראַנסאַקציעס זאָל מען זיך לאָזן אויף אַזעלכע הויך־פּראָבלעמאַטישע פּשטלעך האָט דאָך געקענט פּאַסירן עפּעס ענלעכעס אויך בנוגע דעם צווייטן צד: דער אַרבעטער האָט געקענט זאָגן אַז ער רעכנט אין זיין שכירות ניט דעם ווערט פון דעם געלט וואָס ער באַקומט, נייערט דעם ווערט פון דער „געלט־קראַפט״, ד״ה וויפל עס קאָסט צו פּראָדוצירן אָט יענע סומע געלט. דהיינו, ווען אַן אַרבעטער באַדינגט זיך צו אַרבעטן אַ וואָך פאַר פינף און צוואַנציק דאָלער, מיינט עס ניט די נאָמינאַלע פינף און צוואַנציק דאָלער, נייערט די סומע געלט, וואָס מען קען פּראָדוצירן ווען דער פּראָדוקציע־פּראָצעס קאָסט 25 דאָלער, און אַזוי אַרום וואָלט זיך באַקומען „מער־געלט״, מחמת ווען מ׳גיט אויס ‎$25 אין דער פּראָדוקציע פון געלט באַקומט מען אַלס רעזולטאַט אַ סומע געלט, וואָס שטייגט אַריבער די הוצאות. לכן אויב דער קאַפּיטאַליסט באַקומט אַ „מער־ווערט״, אויף דעם סמך פון דעם חילוק פון די הוצאות פון דער פּראָדוקציע פון אַרבעט־קראַפט און דעם ווערט פון דער רעאַליזירטער אַרבעט, דאַרף דער אַרבעטער קריגן אַ „מער־ווערט״, אַ מער־געלט אויף דעם אייגענעם סמך פון דעם אונטערשייד וואָס ליגט אין די הוצאות פון פּראָדוצירן די אָנגערופענע סומע און דעם ווערט וואָס זי באַזיצט אַלס אַן אוניווערסאַלער פּרעפערענציאַל, אַלס אַ מעדיום פון אויסטויש.

דער אַרבעטער, מיט דעם זעלביקן רעכט און דער אייגענער מאַרקסיסטיש־קאָ־מערציעלער לאָגיק, וועט זאָגן אַז וואָס ער קויפט איז ניט קיין געלט (לויט מאַרקסן קען יעדער מוכר באַטראַכט ווערן פאַר אַ קונה און פאַרקערט, יעדער קונה פאַר אַ מוכר, על־כן קען מען זאָגן אַז דער אַרבעטער קויפט געלט און דער קאַפּיטאַליסט פאַרקויפט געלט און קריגט פון אַרבעטער באַצאָלט מיט אַרבעט־קראַפט סחורה), נייערט אַ געלט־קראַפט, ד״ה די פּאָטענציאַליטעט וואָס ליגט אין פינף און צוואַנציק דאָלער, ווען זיי ווערן אַריינגעלייגט אין דער פּראָדוקציע פון גאָלד און זילבער אָדער פּאַפּיר־געלט. ווי אַזוי קען דער ליסטיקער מאַרקסיסטיש סאָפיסטיצירטער קאַפּיטאַ־ליסט רעאַליזירן אַ מער ווערט אַלס קויפער פון אַרבעט־קראַפט, ער וואָלט דאָך עס מוזן גלייך פאַרלירן אַלס פאַרקויפער פון געלט־קראַפט, פון קויף־קראַפט. לויט מאַרקסן קען דאָך ניט רעאַליזירט ווערן קיין פּראָפיט אין אַ מכירה־קניה־טראַנ־סאַקציע מחמת דעם, ווי ער דריקט זיך אויס, וואָס דער פאַרקויפער וואָלט פאַרדינען אַלס פאַרקויפער, וואָלט ער פאַרלירן אַלס קונה. — דאָ וואָלט דאָך געדאַרפט פאַ־סירן דאָס אייגענע, נייערט פאַרקערט, דאָס וואָס דער קאַפּיטאַליסט „פאַרדינט״ אַלס קונה דורך איינהאַנדלען אַן אַרבעט־קראַפט און צאַפּן פון איר אַ מער־ווערט, וואָלט ער פאַרלירן אַלס פאַרקויפער פון קויף־קראַפט פון געלט, מחמת דער צד שכנגד וואָלט האַנדלען פונקט ווי ער, ער וואָלט פאָדערן ניט די סומע געלט נייערט די „געלט־קראַפט״. אויב דער קאַפּיטאַליסט קויפט ניט קיין אַרבעט, נייערט אַרבעט־קראַפט און ער צאָלט פאַר איר דעם זעלבסט־קאָסט, ד״ה וואָס די אַרבעט קראַפט פּראָדוצירונג קאָסט דעם אַרבעטער, דאַרף דער אַרבעטער קויפן פון קאַפּיטאַליסט ניט דאָס געלט וואָס ער קריגט אין דער פאָרם פון שכירות, נייערט די סומע געלט וואָס פאַר אָט דער נאָמינאַלער סומע, וואָס ליגט אין זיין שכירות, קען דער קאַפּי־טאַליסט פּראָדוצירן און עס אָפּגעבן דעם אַרבעטער אויף די אייגענע באַדינגונגען פון זעלבסט־קאָסט, ד״ה פּראָדוציר־הוצאות.

אָבער אַזאַ פאָדערונג מצד פון אַרבעטער וואָלט זיין אַן אבסורדיטעט, ניט ווײ־ניקער אבסורדישע פּראַקטיק ליגט אויף דער צווייטער זייט. דער קאַפּיטאַליסט קען ניט קויפן איין אַרטיקל אין אַ באַשטימטער קוואַנטיטעט און דערנאָך נעמען דעם אייגענעם אַרטיקל אין אַ פאַרטאָפּלטער קוואַנטיטעט. דער פאַרקויפער קען פאַר־קויפן די אייגענע סחורה טייערער ווי ער האָט געצאָלט פאַר איר בשעת ער האָט אָט־די סחורה איינגעהאַנדלט, ער קען אָבער אויף קיין פאַל ניט, עקאָנאָמיש לעגיטים פאַרגרעסערן די קוואַנטיטעט פון דער סחורה וואָס ער האָט זיך איינגעשאַפט דורך אַ קניה־אַקט אָן אַ צוגאָב־קאָמפּענסאַציע, וואָס דאַרף געגעבן ווערן דעם פאַרקוי־פער, דעם אייגנטימער פון דער סחורה.

ווייטער, ווען מאַרקס וואָלט זיין גערעכט אין זיין באַהויפּטונג (15) אַז דער קאַפּיטאַליסט קויפט אַ סחורה וואָס הייסט אַרבעט־קראַפט ווי יעדער קויפער פון וועל־כער עס איז אַנדער סחורה, און ער געברויכט די סחורה דורך אַן אַקט פון קאָנ־סומציע, דעמאָלט אין פאַל דער אַרבעטער האָט זיך אַנגעדונגען, ד״ה פאַרקויפט, לויט מאַרקסן, זיין אַרבעט־קראַפט און זי געהערט שוין מער ניט צו אים, דעם פּראָדוצי־רער, נייערט צום קונה, צום קאַפּיטאַליסט, און ער ווערט פּלוצלונג קראַנק נאָך איי־דער ער האָט זיך געשטעלט צו דער אַרבעט, אָדער ער ווערט שוואַך אין מיטן דער אַרבעט, וואָלט ער דאַרפן קריגן באַצאָלט. מחמת די סחורה איז דאָך אַ פאַר־קויפטע, אלא וואָס זי איז מכולה געוואָרן, איז עס דער היזק פון קויפער, און ניט פונעם פאַרקויפער פון אַרבעט־קראַפט. ער האָט זי געקויפט און זי איז זיינע און ער איז מחוייב אויף איר אַכטונג צו געבן. דער קאַפּיטאַליסט, לויט מאַרקסן, האָט געקויפט אַ סחורה „ווי יעדער קונה״, און פּטור אַן עסק, די טראַנסאַקציע איז געשלאָסן. דעם שאָדן וועט דאַרפן ליידן דער קונה, ווי דער פאַל וואָלט געווען מיט אַן אַנדער קנייה און אַן אַנדער קויפער. לאָמיר זיך פאָרשטעלן אַז ער האָט געקויפט אַ פערד (מאַרקס געברויכט אָט־דאָס פאַרגלייכעניש צווישן אַן אַרבעטער און אַ פערד גאַנץ אָפט), און בשעת ער פירט דעם פערד אַהיים פּאַסירט אַן אומגליק און דער פערד צע־ברעכט זיך אַ פוס. וועט דען אין אַזאַ פאַל דער פאַרקויפער אומקערן דאָס געלט, וואָס ער האָט געקראָגן פאַרן פערד, אין פאַל ער האָט קיין האַנט ניט אין דעם אומ־גליקלעכן צופאַל, וועלכער איז געווען פולשטענדיק געזונט בשעת דעם אַקט פון מכירה, און דער מוכר האָט דעם קונה ניט אָפּגענאַרט. בנוגע דעם אַרבעטער האָט געדאַרפט זיין דאָס אייגענע. אויב דער אַרבעטער איז געווען געזונט בשעתן פאַרקויפן פון זיין סחורה, ד״ה זיין אַרבעט־קראַפט האָט זיך געפונען אין אַ נאָרמאַלן צושטאַנד, דאַרף דער קונה צאָלן און זיך האַלטן מיט זיין איינגעהאַנדלטער „מציאה״ מחמת ער איז אַצונד דער לעגיטימער אייגנטימער פון אָט־דער סחורה.

מאַרקס שרייבט:

„אַזוי ווי ער האָט פאַרקויפט זיין אַרבעט־קראַפט צום קאַפּיטאַליסט געהערט דער גאַנצער ווערט אָדער פּראָדוקט, וואָס עס ווערט געשאַפן פון אים, צום קאַפּיטאַ־ליסט, דעם אייגנטימער פון אַרבעט־קראַפט.״ (16)

אויב ער איז דער אייגנטימער און אַלץ וואָס די אַרבעט־קראַפט טוט אויף, „פּאָרדינט״, געהערט צו אים, צום קאַפּיטאַליסט, דאַרף ער אויך טיילן אירע פאַר־לוסטן. מ׳קען דאָך ניט זיין אַזאַ משונה׳ער, האַלבער, אייגנטימער. שטעלט זיך פאָר אַז דער קאַפּיטאַליסט האָט געקויפט אַ קו איז אויב זי קעלבט זיך, געהערן די קעל־בער צום אייגנטימער און אויב זי ווערט שוואַך, הערט אויף צו געבן מילך, אָדער

פגר'ט גאָר אַוועק, איז ווער וועט ליידן דעם שאָדן אויב ניט דער אייגנטימער. אַפילו מאַרקס בכבודו ובעצמו מיט זיין פּילפּוליסטיק קען ניט צוטראַכטען אַזאַ אויסטער־לישע פאָרם פון אייגנטום, אַ חצי־אייגנטום, אַן אייגנטימער צוצונעמען די פולע פאַר־דינסטן אָבער ניט צו ליידן די היזקות. אויב אַלץ וואָס די אַרבעט־קראַפט שאַפט געהערט צום אייגנטימער, צום קונה־קאַפּיטאַליסט, דאַרף אויך איר ביט־שאַפן, איר שאָדן אויך ליידן דער אייגענער אייגנטימער.

עס איז קלאָר אַז אין דער טאָג־טעגלעכער פּראַקטיק פון דער אינדוסטריע איז דער קאַפּיטאַליסט־אינדוסטריאַליסט קיין קויפער און קיין אייגנטימער פון דער אַרבעט־קראַפט פון דעם געדונגענעם לוין־אַרבעטער אָדער אָנגעשטעלטן. אינדוס־טריעלע געדונגענשאַפט איז אַ תנאים־אויסנעם, אַן אָבליגאַציע וואָס צוויי נעמען אויף זיך. איינער איז זיך מתחייב צו קויפן די באַשטימטע אַרבעט־עפעקטן פאַר אַ באַשטימטן פּרייז אין אַ באַשטימטער קוואַנטיטעט און צאָלן פאַר זיי נאָך דעם ווי זיי זיינען שוין רעאַליזירט געוואָרן; דער צווייטער פאַרפּליכט זיך צו פּראָדוצירן אָט־די באַשטימטע עפעקטן און פאַרקויפן זיי צו אַ באַשטימטער פּרייז אָדער פירמע נאָך דעם ווי די עפעקטן זיינען שוין אינקאָרפּאָרירט אין געוויסע פּראָדוקטן.

געדונגענשאַפט קען ווערן פאַרגליכן, מיט געוויסע רעזערוואַציעס, צו אַ פאַל וואו צוויי מאַכן אָפּ צווישן זיך: איינער זאָגט צו צו קויפן פון צווייטן די עפּל וואָס וועלן אויסוואַקסן אויף אַ באַשטימטן בוים אין זיין סאָד; נאָך דעם ווי די עפּל וועלן שוין זיין רייף, אַראָפּגענומען פון בוים און איינגעפּאַקט אין זיינע, דעם קונה'ס, קאַסטנס און אָפּגעמאָסטן ווי געהעריק, איז ער מחוייב צו צאָלן פאַר אַ באַשטימטער קוואַנטיטעט פון עפּל אַ באַשטימטן באַדונגענעם פּרייז. דער צווייטער זאָגט צו צו פאַרקויפן אָט־די עפּל צום ערשטן נאָך דעם ווי זיי זיינען שוין אויסגעוואַקסן, צייט־טיק געוואָרן אאז"וו. לכן אויב עס פּאַסירט אַ שטורעם, אַ שלאַגס־רעגן, אַ שטאַרקער האָגל וואָס רואינירט די בליעכץ פון יענעם באַשטימטן בוים, אָדער אַ היישעריק, אָדער אַן אַנדער מין ווערימל צעעסט די עפּל פון בוים, — ליידט דעם שאָדן דער אייגנטימער פון סאָד און פון בוים. מיטן קונה האָט עס ניט וואָס צו טאָן. מחמת ער האָט דאָך ניט געקויפט די פּרוכטבאַרקייט, די פּרוכטונג־פּאַטענץ פון בוים, נייערט ער האָט זיך פאַרבונדן צו קויפן די רייפע עפּל פון בוים, און אַזוי ווי דער בוים האָט ניט קיין עפּל, האָט דער קונה ניט וואָס צו קויפן. און ער איז באַפרייט פון זיין אָבליגאַציע. פּאַרקערט, פּאַסירט אַ גרויסע געראָטעניש, איז עס דער גליק פון אייגנ־טימער פון בוים. מחמת ער איז די גאַנצע צייט דער באַלעבאָס פון סאָד און פון באַשטימטן עפּל־בוים. בעת דער קונה ווערט דער אייגנטימער פון די עפּל ערשט נאָכדעם ווי זיי זיינען רייף געוואָרן און מע האָט זיי שוין אַראָפּגענומען פון בוים און ער האָט באַצאָלט פאַר זיי.

(המשך קומט)

# אין דער ליטעראַרישער וועלט



ביבליאָגראַפיש־קריטישע פּאַרצייכענונגען איבער ביכער און שרייבער

פון

## אב. שאָולזאָן

אַמאָל איז געווען א מעשה פון אלף כץ. ניו־יאָרק, 1944. זז. 96.

דאָס איז א בוך לידער.

„אַמאָל איז געווען א מעשה<br>
צום זינגען און צום זאָגן,<br>
און געזוכט האָט זי א קול,<br>
וואָס זאָל זי אויף דער וועלט צעטראָגן.“

אָט־די מעשה איז ארומגעגאנגען איבער דער וועלט, געזוכט איר פאַרקערפּערונג און האָט זי ניט געקענט געפינען. זי האָט זיך אָבער ניט מיאש געווען. זי איז אזוי לאַנג געגאנגען פון איינעם צום צווייטן ביז זי איז אָנגעקומען צום דיכטער. דער דיכטער האָט זיך דערפרייט מיט דער מעשה, און ער וואָלט זי גערן צעזונגען איבער דער גאָרער וועלט, אָבער די צייט איז ניט געווען ראוי דערצו, „ס'איז די וועלט אצינד אין חושך“...

„און מיר מוזן ווייטער וואַרטן<br>
ווייטער שווייגן ווי געשוויגן,<br>
ביז די וועלט וועט לויטער ווערן,<br>
וועלן הערן אונדזער ניגון“...

אָבער ווי זאָגט דער תנא אין פרק, לייג ניט אָפּ דאָס לערנען אויף יענער צייט ווען דו וועסט זיין א פרייער, ווייל טאָמער וועסטו קיינמאָל ניט פריי ווערן... און די מעשה איז געבליבן

„ניט געזאָגט און ניט געזונגען“...

דער ייד האָט א וואָרט, האָט א מעשה צו דערציילן דער וועלט, צו די אלע „אָנקו־מערס אין דער וועלט“, אָבער זיין צייט איז נאָך ניט געקומען... און איבערגוואלד שווייגט ער... אָבער ניט פארצווייפלט: גלייך נאָך דעם מינארן ליד קומען די פאָר דערקוויקנדיקע שורות:

„בטחון<br>
מיר שטייען ביי דער טיר פון נס,<br>
זי מוז זיך עפענען.<br>
אַניט — איז דאָך עק וועלט!“

אַ ייד ווייסט ניט פון יאוש, אפשיטא שוין אַ יידישער דיכטער. ער מוז זיין אָפּטימיסט שבאָפּטימיסט. אניט — איז דאָך עק וועלט! און די „יידישע וועלט“ וועט זיך קיינמאָל ניט עקן... זי האלט זיך אויף לויטער נסים...

„אַ נס צעפלאַקערט די מחשבות.<br>
געלעכטער רייסט מיין האַלדז און וואַרגט:<br>
עס ליגט דער שונא א בן־מות...“

דער שונא ישראל גייט אונטער און דער בן־ישראל ווערט ניצול... ווייל ער איז אייביק. די מערכה פון יידן איז די מערכה פון איוב'ן. צרות אָן א שיעור און אָן אַ מאָס, אָבער ער בלייבט לעבן און ער לעבט אריבער אלע זיינע אומגליקן און זיינע אומגליק־מאַכער.

„דורך קלאָגנדע קייבלס, אַלאַרם און דעפּעשן<br>
באַלייכט מיר ישעיה'ס אָקער<br>
העלף מיר דעם פּיין פון די ברידער צו לעשן<br>
מיט נצח ישראל לא ישקר...“

אין צייטן פון גרויסן אומגליק מוזן מיר זיך פאַרפּאַנצערן מיט גאָר־גרויסן גלויבן און נאָך גרעסערער האָפענונג.

„נאָר אונדזער געזאַנג — א ברענענדער דאָרן וועט וואַרטן און ברענען.

אוועק וועט דער שטורעם און ס'וועט אונדזער פאָלק אין דעם ליכט זיך דערקענען".

דער ברענענדיקער דאָרן, דער אייביקער סנה וואָס ברענט אין מדבר פון יידישן לעבן און ווערט קיינמאָל ניט פארצערט, ער איז אונדזער סימבאָל און אין אים און דורך אים דערקענען מיר זיך, אנטפלעקן מיר זיך, ביי זיין ליכט און שיין וואַנדערן מיר אייביק דורכן מדבר פון לעבן צו דעם פאַרשפּראָכן לאַנד...

## נייער נומער פון „הרופא העברי" צום אָנדענק פון הענריעטא סזאָלד — דערשינען

דער נישט לאַנג דערשינענער נומער פון דעם העברעאישן מעדיצינישן זשורנאַל אין אַמעריקע „הרופא העברי", אונטער דער רעדאַקציע פון דר. משה איינהאָרן, איז געווידמעט דעם אָנדענק פון דער גרויסער יידישער פרוי, הענריעטא סזאָלד.

אין א לייט־ארטיקל פון דר. משה איינהאָרן לכבוד דאָס אריינטרעטן פון דעם „הרופא העברי" אין זיין 19טן יאָרגאַנג, ווערט אָנגעוויזן אויף דער שטופנווייזער אנטוויקלונג פון דעם זשורנאַל ביז ער האָט דערגרייכט די איצטיקע מדרגה. ראוז דזשייקאָבס און תמר די סאלא פּול, „הדסה" פּירערינס, וועלכע זיינען געשטאַנען אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דער שעפערין פון דער ציוניסטישער פרויען אָרגאַניזאַציע, שרייבן וועגן הענריעטא סזאָלדס ביישטייערונגען צו אונדזער נאַציאָנאַלן רענעסאַנס און געזונט־צושטאַנד פון ישוב. די צוויי אויסשעפּנדע ארבעטן גיבן א קלאָר בילד פון סזאָלדס לעבן און שאפן.

דר. שלום כהן האָט אַן אינטערעסאַנטע און וויכטיקע ארבעט וועגן „יידישע מעדיקער" — פּיאָנערן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג".

אין דער אָפּטיילונג פאר נייע מעדיצינישע טערמינען קומען צוויי ארטיקלען געשריבן פון דר. אלכסנדר א. פריד און דר. ה. מ. ליאון.

אין דער „אישים" אָפּטיילונג קומט אַן אָפּהאנדלונג וועגן דער באַוואוסטער ציוניסטישער פּערזענלעכקייט און מעדיקער, העברי קעלער, פון דר. מ. פּעשקין. דר. א. א. גאָלדין גיט א המשך פון זיין מעדיצינישן דיקשאָנערי, אין וועלכן ער איז מחדש א רייע נייע מעדיצינישע טערמינען.

רייך איז די אָפּטיילונג פון „בקורת ספרים". א צאָל פון נייע און וויכטיקע דערשיינונגען אין דער מעדיצינישער וועלט ווערן רעצענזירט פון מומחים.

דער רייכער נומער פון „הרופא העברי" שליסט זיך מיט אן ענגלישער אָפּטיילונג, וועלכע מאכט מעגלעך פאר דעם ברייטערן עולם וואָס פארשטייט ניט קיין העברעאיש, צו באַקענען זיך מיט דעם רייכן און פארשיידנארטיקן אינהאלט פון זשורנאל.

**יידישע געשיכטע העפטן. פון י. מ. גודלמאַן.**
דריי העפטן. פארלאג „מתנות", ניו־יאָרק. צו 48 זייטן יעדער.

צוליב דעם וואָס די לערן־צייט אין די יידישע שולן און אין אנדערע חינוך אינסטיטוציעס איז באגרענעצט, איז דער לימוד יידישע געשיכטע שטענדיק געווען א פּראָבלעם. אונדזער געשיכטע קיין עין הרע איז לאנג און די צייט זי צו לערנען איז ליידער קורץ.

די דריי געשיכטע העפטן פון י. מ. גודלמאַן, — אַ באַקאַנטער און דערפאַרענער פּעדאַגאָג, — זיינען א געלונגענע פּראָבע צו פארענטפערן די הארבע שאלה.

אויף א קאָנדענסירטן אופן גיבן די דריי העפטן איבער אונדזער געשיכטע ביז צו אונדזערע טעג.

יעדער העפט האלט 48 זייטן איז פארזען מיט יידישע מאפּעס און בילדער פון באַרימטע פּערזענלעכקייטן.

די העפטן געדרוקט אין גרויסן פאָרמאט אויף גוט פּאַפּיר צוגעפּאַסט פאַר קינדער, איז ארויסגעגעבן פון באַקאַנטן פארלאג „מתנות" פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט, וואָס צייכנט זיך אלעמאָל אויס מיט זיינע שיינע אויסגאבעס.

מחברים וואָס ווילן אז זייערע ביכער זאָלן פאַרצייכנט ווערן אין דער דאָזיקער אָפּטיילונג, ווערן געבעטן צוצושיקן אין רעדאַקציע צוויי עקזעמפּלארן פון זייערע ווערק. אדרעסירט:
A. Shoulson, 78 Corbin Place, Brooklyn 29, N. Y.